# די געשיכטע פון בונד

## פערטער באַנד

רעדאקציע: ס. דובנאָוו־ערליך, י. ש. הערץ, ח. ש. קאַזדאַן,
ע. שערער

ניו־יאָרק, 1972

# אינהאַלט:

# פון דער רעדאַקציע

דער פערטער באַנד די געשיכטע פון בונד נעמט אַרום די תקופה צווישן ביידע וועלט־מלחמות אין אומאָפּהענגיקן פּוילן: די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג און די קולטור־טעטיקייט במשך דעם גאַנצן פּעריאָד 1918—1939, די פּאָליטישע געשיכטע בלויז פאַר די ערשטע יאָרן, 1918—1925. דער ווייטערדיקער פּאָליטישער טייל וועט זיין אין פינפטן באַנד, אַזוי אויך אַנדערע צווייגן פון דער בונדישער באַוועגונג אין פּוילן. די בונדישע אָרגאַניזאַציעס און זייער טעטיקייט אין אַנדערע לענדער וועלן אויך פאַרנעמען אַן אָרט אין אַ ווייטערדיקן באַנד.

צווישן דריטן און פערטן באַנד איז געווען אַ לענגערע הפסקה פון איבער 5 יאָר. דאָס אַליין זאָגט שוין וועגן די שוועריקייטן — ליטעראַרישע און מאַטעריעלע — וואָס מיר האָבן אָנגעטראָפן ביים צוגרייטן און אַרויסלאָזן דעם איצטיקן באַנד.

דעם פערטן באַנד האָבן מיר געקענט אַרויסגעבן אַדאַנק דער הילף־גרייטקייט פון אַ קליינער צאָל חברים און בעיקר — אַדאַנק דער הילף פון דער אַטראַן־פונדאַציע און אַ חלק פון דער ירושה, וואָס דער פאַרשטאָרבענער דוד מייער — אַ געטרייער, פאַרדינסטפולער טוער פון בונד במשך פון 65 יאָר און אויך אַדמיניסטראַציע־סעקרעטאַר פון דער בונד־געשיכטע — האָט אין זיין צוואה באַשטימט פאַר דעם צוועק.

ס'איז אונזער חוב אויך דאָ צו פאַרצייכענען, אַז נאָכן דערשיינען פון דריטן באַנד האָט דער טויט פון אונז צוגענומען צוויי רעדאַקציע־מיטגלידער פון אונזער געשיכטע: עמנואל נאָוואָגרודסקי — במשך פון איבער 40 יאָר סעקרעטאַר פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פּוילן, פון דער אַמעריקאַנער רעפּרעזענטאַנץ און וועלט־קאָאָרדינירן־קאָמיטעט פון בונד; גריגאָרי אַראָנסאָן — אָנגעזעענער טוער און פאָרשטייער פון בונד אין רוסלאַנד.

מיר דאַרפן איצט צוטרעטן צו שאַפן דעם פינפטן באַנד, וואָס זאָל אַרומנעמען דעם ווייטערדיקן פּעריאָד ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. מיר ווייסן, אַז אויך ווייטער וועט אונז נישט אָנקומען לייכט צו דערפילן די געשטעלטע אויפגאַבע. מיר וועלן דאָך זיך באַמיען צו רעאַליזירן אונזער פּלאַן פון זעקס בענדער, וואָס זאָל אַרומנעמען די געשיכטע פון בונד ביז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. בלויז מיט דער אַקטיווער מיטהילף פון דער מחנה געטרייע בונדיסטן וועלן אונזערע אָנשטרענגונגען האָבן די געהעריקע פּעולה.

# אינהאַלט:

# 1. די ווידערגעבורט פון דער פוילישער מלוכה

נאָך 125 יאָר איז פוילן ווידער געוואָרן אַן אומאָפּהענגיקע מלוכה. צעטיילט צווישן מעכטיקע שכנים אין מזרח, מערב און דרום, זיינען די פוילישע פּראָווינצן צוריק פאַראייניקט געוואָרן אין איין גאַנצקייט. געשען איז עס אין רעזולטאַט פון אַ זעלטענעם געשיכטלעכן קאַפּריז: הגם דייטשלאַנד און עסטרייך־אונגאַרן האָבן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה באַזיגט רוסלאַנד, האָבן זיי שפּעטער דעם קריג פאַרלוירן אויף די מערב־פראָנטן. און אַזוי האָבן אַלע דריי באַזיצער פון צעטיילטן פוילן געמוזט אַרויסלאָזן דאָס לאַנד פון זייער רשות.

מיטן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן די נייע תקופה. פריער טיילן פון דריי פאַרשיידענע עקאָנאָמישע און פּאָלי־טישע אָרגאַניזמען, האָט פון נאָוועמבער 1918 זיך אָנגעהויבן דער פּראָ־צעס פון צוזאַמענשמעלצונג און אויספאָרמירונג פון אַן איינהייטלעכן מלוכהשן קערפּער — דאָס אומאָפּהענגיקע פוילן. ס'איז געווען אַ שווע־רער פּראָצעס, פול מיט קריזיסן און אויפטרייסלונגען.

אין די גרענעצן פון דער נייער פוילישער מלוכה האָבן געלעבט בערך 3 מיליאָן יידן — אַרום 10 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקע־רונג. אויך זיי האָבן געדאַרפט דורכמאַכן אַ פּראָצעס פון צוזאַמענ־שמעלצונג: די יידן פון קאָנגרעס־פוילן און פון די קרעסן (מזרח־געּ־ביטן) —ביידע פריער אונטער רוסישער ממשלה — האָבן צוזאַמען מיט די יידן פון גאַליציע (עסטרייך) געדאַרפט אויסבילדן איין יידישן ישוב. זיי זיינען געווען ביכולת זיך צו פאַראייניקן נישט בלויז מחמת דעם בשותפותדיקן גורל און רעליגיע, נאָר אויך מחמת דער געמיינזאַמער נאַציאָנאַלער קולטור און שפּראַך, וואָס איז ביי 90 פּראָצענט געווען יידיש.

ווי אַ כלל, זיינען די יידן אַרויסגעקומען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַראָרימט. פיל האָבן פאַרלוירן זייערע פריערדיקע פּרנסות. ס'זיינען מער נישט געווען די ברייטע און ווייטע מערק פון די דריי אימפּעריעס, וואָס האָבן געגעבן אַ גרויסן פאַרנעם דער מלאכה און האַנדל. דאָס עקאָנאָמישע לעבן האָט זיך געדאַרפט איבערבויען און צופּאַסן צו די נייע, באַגרענעצטע באַדינגונגען.

דער גרויסער געווינס פון דער היסטאָרישער לאָטעריע האָט ביי די פּאָליאַקן אַרויסגערופן אַ פאַרשטאַרקטן נאַציאָנאַליזם. הגם איבער

א דריטל פון דער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון נאַציאָנאַלע מינ־דערהייטן, האָבן זיי אויפגעבויט אַ נאַציאָנאַל־פוילישע מלוכה מיט שטאַרקע עוולות לגבי די מינדערהייטן. און דאָ זיינען יידן געווען אויפן ערשטן אָרט.

פוילן איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע מלוכה, ווען די באַציאונגען צווישן די פּאָליאַקן און יידן זיינען געווען העכסט־אָנגעשטרענגטע. אין משך פון האַלבן יאָרהונדערט זינט דעם לעצטן פוילישן אויפשטאַנד, אין די זעכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, ווען אין דער פוילישער געזעלשאַפט האָבן אָנגעהויבן בלאָזן ליבעראַלע ווינטן בנוגע יידן, האָבן די פויליש־יידישע באַציאונגען כסדר זיך פאַרערגערט. אַ שטאַרקער קער אין דער פאַרערגערונג האָט זיך אָנגעהויבן ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט מיט דער אַנטשטייאונג פון דער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (ענדעציע), וואָס האָט דעם אַנטיסעמיטיזם געמאַכט פאַר אַ וועזנט־לעכן טייל פון איר אידעאָלאָגיע און דעם ווירטשאַפטלעכן קאַמף קעגן יידן — פאַר אַ הויפּט־טייל פון איר טעטיקייט. אַלץ מער און מער, בפרט נאָך דער ערשטער רוסלענדער רעוואָלוציע, האָבן וואָרטזאָגער פון די ליבעראַלע פוילישע קרייזן זיך דערנענטערט צום ענדעקישן שטאַנד־פּונקט אין דער יידן־פראַגע. די פּראָ־רוסישע אָריענטאַציע פון דער ענדעציע האָט אויך כולל געווען די אַנטיסעמיטישע צאַרישע פּאָליטיק, וואָס האָט געוואָלט לייזן די יידן־פראַגע דורך באַגרענעצונגען און דיס־קרימינאַציעס, דורך גזירות און גירושים.

פריי פון אַזאַ איינשטעלונג זיינען געווען די סאָציאַליסטישע אַר־בעטער־פּאַרטייען, און אַ דינער שיכט פון דער ראַדיקאַלער און ליבע־ראַלער אינטעליגענץ. זיי זיינען געווען איינגעשטעלט פּרינציפּיעל קעגן באַגרענעצונגען פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, יידן בתוכם, ווי אויך קעגן די נאַציאָנאַליסטישע העצעס. נישט געקוקט אויף דער שטאַרקער באָי־קאָט־אַגיטאַציע, בפרט אין די יאָרן ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט די פוילישע באַפעלקערונג אָנגעהאַלטן ווירטשאַפטלעכע באַציאונגען מיט די יידישע סוחרים, הענדלער און בעלי־מלאכות. אויף די געביטן פון האַנדל און מלאכה האָבן יידן דאָמינירט און דער דאָזיקער ווירטשאַפט־לעכער פאַקטאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער פאַר די פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע שטראָמען אין דער פוילישער געזעלשאַפט, וואו די טאָנגעבער און וואָרטזאָגער זיינען בעיקר געווען די נאַציאָנאַליסטישע אינטעליגענץ און דער קאַטוילישער קלער.

די שאָוויניסטישע שטימונגען און געפילן, וואָס זיינען פריער טייל־וויז געווען פאַרטייעט און געצוימט, זיינען איצט ביי פּאָליאַקן געוואָרן אינטענסיווער און טריאומפאַלער. לגבי יידן ווייטער אַ פאָלק פון האַרן, אָבער שוין אָן פרעמדע אויבערהאַרן. מ׳קען אַליין דעצידירן וועגן זייער גורל. הגם דער עקסטרעם־אַנטיסעמיטישער לאַגער האָט אין די ווייטערדיקע

יאָרן געקענט פֿאַרצייכענען היפּשע דערגרייכונגען, איז אָבער דער וועג צו זיין ענד־ציל נישט געווען אָן גרויסע מניעות. פֿאַרשיידענע סיבות האָבן דאָ געווירקט און אַ גאָר וויכטיקע סיבה איז געווען דער פֿאַקט, וואָס צווישן דעם עקסטרעם־אַנטיסעמיטישן לאַגער מיט דער ענדעציע בראש און דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז פּרינציפּיעל געווען פֿאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג, איז אויפֿגעקומען אַ גרויסער פּאָליטישער פֿאַקטאָר — די פּויערים־באַוועגונג. די פּויערים האָבן געבילדעט דעם רוב פֿון פּוילישן פֿאָלק און ערשט אין אומאָפּהענגיקן פּוילן האָבן זיי דערגרייכט זייער ממשותדיקע פּאָליטישע רייפֿקייט און וואָג. כאָטש די פּויערים־פּאַרטייען זיינען אויך געווען ווייט פֿון פֿרייַנטלעכקייט צו יידן און אַ טייל האָבן אַפֿילו אונטערגעזינדיקט מיט אַנטיסעמיטיזם, זיינען זיי אָבער געווען מער מעסיק איינגעשטעלט אין דער פֿראַגע פֿון די באַציאונגען צו די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

פֿאָרמעל זיינען יידן געווען גלייכבאַרעכטיקטע בירגער. לויט דער פּוילישער קאָנסטיטוציע האָבן נישט געקאָנט זיין קיין שום באַגרענעצונגען לגבי בירגער צוליב זייער נאַציאָנאַליטעט אָדער רעליגיע. דאָס איז אָבער געווען לפּנים וועגן. די ווירקלעכקייט האָט אויסגעזען לגמרי אַנדערש. לגבי יידן האָט עקזיסטירט אַ בפֿירושע דיסקרימינאַציע אויף אַ ריי געביטן.

אויפֿן עקאָנאָמישן פֿעלד איז עס געקומען בולט צום אויסדרוק אין אויסשליסן יידן פֿון דער גרויסער מחנה מלוכהשע און מוניציפּאַלע באַאַמטע און באַשעפֿטיקטע אַרבעטער. יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע האָט מען אויך נישט צוגעלאָזט אין פֿאַבריקן, באַן־ און שיף־טראַנספּאָרט, אין פֿאַרשיידענע אַנדערע ווירטשאַפֿטלעכע אונטערנעמונגען, וואָס זיינען געווען אין רשות פֿון דער מלוכה אָדער פֿון די שטאָט־פֿאַרוואַלטונגען. מ׳האָט אַפֿילו באַזייטיקט פֿון מלוכהשע אַרבעט־פּלעצער טויזנטער יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, וואָס זיינען דאָרטן געווען באַשעפֿטיקט פֿאַר פּוילנס אומאָפּהענגיקייט אָדער פֿון פּריוואַטע אונטערנעמונגען, בעת זיי זיינען שפּעטער אַריבער אין רשות פֿון דער מלוכה. אַזוי, למשל, זיינען באַלד באַזייטיקט געוואָרן בערך 4 טויזנט יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, וואָס זיינען געווען באַשעפֿטיקט אויף די באַנען אין די מלחמה־יאָרן. אַ גרויסע צאָל יידישע באַאַמטע אין גאַליציע זיינען באַזייטיקט געוואָרן פֿון זייערע שטעלעס. מחנות יידישע אַרבעטער האָט מען אַרויסגעטריבן פֿון זייערס אַ טראַדיציאָנעלן פֿאַך — פֿון דער טאַבאַק־אינדוסטריע נאָכן פֿאַרמלוכהשן די פֿאַבריקן. יידן האָבן אויך פֿאַרלוירן זייער פּרנסה אין שיף־פֿאַרקער. אַפֿילו אויף די פֿרייע פֿעלדער פֿון האַנדל און מלאכה האָט מען פֿאַר יידן איינגעפֿירט אַ צאָל באַגרענעצונגען.

האַנט אין האַנט מיטן פּוילישן נאַציאָנאַליזם איז געגאַנגען דער פֿאַרשטאַרקטער אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט אָפֿן גערופֿן צו באָיקאָטירן

די יידןווירטשאַפטלעך און סאָציאַל. פון צייט צו צייט האָט דער אַנטי־סעמיטיזם קולמינירט אין אַנטי־יידישע עקסצעסן און פּאָגראָמען.

ניט געקוקט אויף דעם, זיינען די יידן ווירטשאַפטלעך געווען פאַרבונדן מיט דער פּוילישער באַפעלקערונג. די יידישע מלאכה און האַנדל זיינען געווען אַן אָרגאַנישער טייל פון דער ווירטשאַפט אין לאַנד, און די יידן זיינען געווען אַ וואַגיקער טייל פון די שטעט און שטעטלעך — בערך אַ דריטל פון דער אַלגעמיינער שטאָטישער באַפעלקערונג.

ביי יידן האָט אַלץ מער און מער זיך געלאָזט פילן דער בייט פון דורות. די 4־יאָריקע וועלט־מלחמה און די רעוואָלוציעס אין די שכנישע לענדער האָבן דעם איבערגאַנג צוגעאיילט. כסדר שוואַכער איז געוואָרן דער אַלטער, רעליגיעזער לעבנס־שטייגער, שטאַרקער און פּערפּעסטיקער איז געוואָרן דאָס נאַציאָנאַל־וועלטלעכע יידישע לעבן. ניט מיט געבויגענע קעפּ און פּחד אין די הערצער האָבן די יידן באַגעגנט די שווערקייטן און קריזיסן, די עוולות און נגישות. אָרגאַניזירט אויף אַ מאָדערנעם שטייגער, האָבן זיי געפירט אַ שטאַרקן אָפּוועהר־קאַמף. זיי האָבן אויך געוואוסט, אַז ניט אַלץ איז שוואַרץ אין דער פּוילישער געזעלשאַפט, אַז אויך דאָרטן זיינען פאַראַן פּראָגרעסיווע כוחות, וואָס קענען פריער אָדער שפּעטער נעמען די אויבערהאַנט. פּאָליטיש און סאָציאַל, קולטורעל און עקאָנאָמיש זיינען אויך די יידן ניט געווען איינהייטלעך. טיפע אונטערשיידן און צעטיילונגען האָבן צווישן זיי עקזיסטירט. דעריבער האָט די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט דער אינערלעכער שטרייט אין יידישן לעבן גופא. פאַרשיידענע גרופּירונגען און ריכטונגען האָבן געקעמפט פאַר זייערע אידעאָלאָגיעס, פאַר זייערע פּאָליטישע נוסחאות און השפּעות.

***

דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד איז תמיד געווען קעגן דער אונטערדריקונג פון פּוילן. ער האָט קיינמאָל ניט קוועסטיאָנירט פּרינציפּיעל די רעכט פון פּוילן צו האָבן אַן איגענע, אומאָפּהענגיקע מלוכה און ער האָט אויך גאָרניט געטון פּאָליטיש און פּראַקטיש קעגנצואווירקן דער ווידעראַנטשטייאונג פון אַ פּוילישער מלוכה. ער איז אָבער ניט געווען פאַר דעם, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זאָלן מאַכן פאַר אַ פּראָגראַמאַטישער אויפגאַבע דאָס צוריק־אויפשטעלן אַן אומאָפּהענגיקע פּוילישע מלוכה. די הויפּט־מאָטיוון פאַר אַזאַ איינשטעלונג זיינען געווען:

א) דער פאַקט, וואָס במשך פון די איבער הונדערט יאָר זיינען די צעטיילטע פּראָווינצן עקאָנאָמיש און פּאָליטיש אָרגאַניש אַריינגעוואַקסן אין די דריי אָקופּירטע מלוכות, וואָס האָט געווירקט, אַז אַפילו דער רוב פּאָליאַקן איז געווען פּאַסיוו צו דער לאָזונג פון אומאָפּהענגיקייט;

ב) די איבערצייגונג, אַז דאָס וואָלט געקאָנט דערגרייכט ווערן בלויז דורך אַ מלחמה אין מזרח־ און צענטראַל־איראָפּע. אַזאַ פּרייז איז געווען

אַ צו הויכער. אָבער מיטן מאָמענט, ווען אין רעזולטאַט פון דער וועלט־מלחמה און די רעוואָלוציעס אין די דריי אָקופּאַנטישע מלוכות האָט די אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן פון אַ חלום געקענט ווערן אַ רעאַליטעט, האָט דער בונד דאָס אָנגענומען ווי אַ נאַטירלעכקייט, אין הסכם מיטן סאָציאַליסטישן פּרינציפּ פון זעלבסט־באַשטימונג־רעכט פון פעלקער. אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט דער בונדישער געדאַנק בנוגע פּוילן, אָפּהענגיק פון די היסטאָרישע באַדינגונגען און ענדערונגען.

שוין אין אַן אויפרוף פון ווילנער קאָמיטעט פון בונד אין סעפּטעמבער 1904 איז גערעדט געוואָרן וועגן דער מעגלעכקייט, אַז די פּוילישע מלוכה זאָל צוריק אויפגעשטעלט ווערן. „אין יאָר 1795 — האָט דער אויפרוף געזאָגט — איז פאָרגעקומען די לעצטע צעטיילונג פון פּוילן צווישן רוסלאַנד, דייטשלאַנד און עסטרייך, און (די רוסישע צאַרין) יעקאַטערינאַ האָט צוגעכאַפּט פאַר זיך דעם רוב מנין ובנין. צוזאַמען מיט גאַנץ ליטע איז ווילנע אויף תמיד אַריבער צו רוסלאַנד — דאָס פרייע פּוילן האָט פאַרלוירן די זעלבשטענדיקייט און איז אַרונטערגעפאַלן אונטערן יאָך פון דעם רוסישן אַבסאָלוטיזם. די פּאָליטיק פון גוואַלט, אונטערדריקונג, בלוט־פאַרגיסונג און רויב האָט גענומען די אויבערהאַנט איבער דער אָפּגעשוואַכטער נאַציע און דאָס באַזיגטע פּוילן איז געפאַלן אונטער דער משא פון רוסישן כוח. דער רוסישער רויב־אָדלער האָט פאַנאַנדערגעשפּרייט זיינע שוואַרצע פליגל איבערן גאַנצן לאַנד, ברענגענדיק מיט זיך אומגליק, דחקות און אַ טיפע, פאַרטייעטע שנאה צו די באַצווינגער. די (צאַרישע) זעלבסטהערשאַפט האָט געזיגט. נאָר וואָס קען זיין אַ גאַראַנטיע, אַז די שנאה פון די באַזיגטע וועט זיך נישט צעפלאַקערן אין אַ שרעקלעכער שריפה? ווער קען ערוב זיין, אַז פּוילן וועט נישט ווידער אויפשטיין און וועט נישט צוריק אויסקעמפן פאַר זיך די פריערדיקע פרייהייט ?״ [1])

דער בונד האָט, הייסט עס, נישט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט פון אַן אומאָפּהענגיק פּוילן, אָבער אַקטיוו קעמפן פאַר דעם האָט ער זיך אָפּגעזאָגט. דער זעקסטער צוזאַמענפאָר פון בונד, וואָס איז פאָרגעקומען אין אָקטאָבער — נאָוועמבער 1905, האָט אין אַ ספּעציעלער רעזאָלוציע פעסטגעשטעלט, אַז „די פאָדערונג פון ווידער־אויפשטעלן פּוילן קען נישט אַריינגעשטעלט ווערן אין דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פּראָגראַם״. גלייכצייטיק האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט פאַר „אַ ברייטער טעריטאָריאַלער זעלבסט־פאַרוואַלטונג און נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע״ [2]).

מיט איבער אַ צענטליק יאָר שפּעטער, באַלד נאָכן אויסברוך פון דער רוסלענדער רעוואָלוציע אין 1917, האָט דער פאָרשטייער פון בונד אין עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון פּעטראָגראַדער אַרבעטער־ראַט, הענריק ערליך, צוזאַמען מיט נ. ד. סאָקאָלאָוו (אַ פאַרטיידיקער אין פּאָליטישע פּראָצעסן) משפּיע געווען, אַז ער זאָל זיך ווענדן מיט אַן אויפרוף צום פּוילישן פאָלק.

דער אויפרוף, פון וועלכן זיי זיינען געווען די הויפּט־מחברים, האָט גע־
זאָגט: „די גאַנצע דעמאָקראַטיע פון רוסלאַנד שטייט אויפן יסוד פון
אָנערקענען די רעכט פון נאַציאָנאַל־פּאָליטישער זעלבסט־באַשטימונג פון
פעלקער" און אַז „פּוילן האָט אַ רעכט צו זיין פולשטענדיק אומאָפּהענגיק
אין די מלוכהשע און אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען" [3].

דער בונד אין פּוילן האָט באַלד אין סאַמע אָנהייב אָנגענומען דעם
אויפקום פון דער נייער פּוילישער מלוכה, ווי אַ נאַטירלעכן פאַקט. און
ווען דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן
האָט נישט אָנגענומען די איינלאַדונג פון יוזעף פּילסודסקי צו קומען
אויף אַ באַראַטונג וועגן שאַפן די ערשטע פּוילישע רעגירונג, איז עס
געווען צוליב דעם אומצוטרוי, וואָס זיין געפּלאַנטע רעגירונג האָט פון
פאַרויס געוועקט.

דעם 12טן נאָוועמבער 1918 האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט באַקומען
אַ בריוו מיט אַזאַ אינהאַלט: „כדי אַלזייטיק זיך צו באַקענען מיט די
מיינונגען וועגן באַשאַפן אַ פּוילישע רעגירונג, לאַד איך איין די פאַרשטייער
פון אייער פּאַרטיי צו באַזוכן מיך היינט, 7:30 אָוונט אין פּאַלאַץ קראַנענ־
בערג. פּילסודסקי".

דער צ. ק. פון בונד האָט די פאַרבעטונג נישט אָנגענומען און צוגע־
שיקט די תשובה: „אַלס ענטפער אויף אייער איינלאַדונג האַלטן מיר פאַר
נייטיק אייך מיטצוטיילן, אַז אַלס אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פאַר־
נעמען מיר אַ שטעלונג פון אַ פּרינציפּיעלער אָפּאָזיציע בנוגע יעדער
בירגערלעכער רעגירונג. מיר האָבן נישט קיין גרונט צו רעכענען, אַז
די רעגירונג, וואָס האַלט ביים געשאַפן ווערן דורך אייך, וואָלט געקאָנט
אויף אַזוי ווייט אַנטשפּרעכן אונזערע פּרינציפּיעלע פּאָסטולאַטן, כדי אונ־
זער שטעלונג זאָל זיך קאָנען ענדערן. די געשעענישן פון די לעצטע טעג
פאַרשטאַרקן די דאָזיקע מיינונג אונזערע. אין משך פון די לעצטע דריי
טעג האָבן די לעגיאָניסטן מיט דער הילף פון דער מיליץ געמאַכט אַ
גאַנצע ריי אָנפאַלן אויף די אַרבעטער־אינסטיטוציעס — אונזערע פּראָ־
פעסיאָנעלע פאַראיינען, דעם גראָסער־קלוב, די רעדאַקציע פון 'נאַשאַ
טריבונאַ'. איינער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען איז פאַרמאַכט גע־
וואָרן. קעגן די פאַראיינס־אָנגעשטעלטע איז מען באַגאַנגען גוואַלט־טאַטן,
אַ באַדייטנדיקע צאָל מענטשן זיינען אַרעסטירט. ווי עס איז צו זען,
האָט מען זיך באַמיט צו טעראָריזירן די אַרבעטער־באַוועגונג. צוליב
די אַלע סיבות האַלטן מיר נישט פאַר מעגלעך צו דערפילן אייער
וואונטש" [4].

שטייענדיק אויפן באָדן פון דער אומאָפּהענגיקער פּוילישער מלוכה,
איז דער בונד פון סאַמע אָנהייב ביזן סוף געווען אין אָפּאָזיציע צו יעדער
רעגירונג פון לאַנד.

**
*

אין דער אומאָפּהענגיקער פּוילישער מלוכה האָט דער בונד זיך גע־פונען אין גאַנץ אַנדערע סיטואַציעס, ווי פריער אין דער רוסלענדער אימ־פּעריע, במילא האָבן זיינע ענטפערס אויף פאַרשיידענע פּראָבלעמען נישט געדאַרפט זיין קיין איבערחזרונגען פון פריערדיקע באַשלוסן, נאָר לחלוטין נייע, הגם אין גייסט פון דער אַלטער אידעאָלאָגיע.

אָרגאַניזאַציאָנעל האָט דער בונד אין פּוילן אויפגעהערט צו זיין אַ טייל פון אַ גרעסערער קערפּערשאַפט — פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד אין ליטע, פּוילן און רוסלאַנד — ער איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע גאַנצקייט פאַר זיך. ער האָט מער נישט געקענט מצרף זיין דעם אײ־גענעם ווילן צום ווילן פון אַנדערע. ער האָט אַלץ געמוזט אַליין באַ־שליסן און אַליין טראָגן די אחריות.

אַנדערש זיינען אויך איינגעשטעלט געוואָרן די באַציאונגען מיט די אָרגאַניזאַציעס פון נישט־יידישן פּראָלעטאַריאַט אין לאַנד. פריער אַ טייל, הגם אַ געננג לויזער, פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַר־בעטער־פּאַרטיי, איז אַפילו אַזאַ לויזע פאַרבינדונג שוין נישט געווען מעג־לעך מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און די באַציאונגען האָבן געמוזט איינגעשטעלט ווערן אין אַנדערע, לחלוטין אומאָפּהענגיקע, פאָר־מען. דאָס האָט נאָך מער פאַרזעלבשטענדיקט דעם בונד אין פּוילן.

די ענדערונגען זיינען נישט געווען אָן איבערלעכע קאָנפליקטן און קריזיסן.

אַז די וועלט־מלחמה האָט נישט בלויז געשאַפן אַ נייע אייראָפּעאישע מאַפּע, נאָר האָט אין נייעם געשיכטלעכן עטאַפּ אויך געשטעלט פאַרן אַר־בעטער־קלאַס העכערע און ווייטער־גייענדיקע אויפגאַבן — וועגן דעם האָט מען אין בונד נישט געצווייפלט. ס'איז אויפגעקומען די פראַגע: ווי הויך און ווי ווייט? און וואָס קען די אַרבעטערשאַפט מיט אירע פאַ־ראַנענע כוחות יאָ און נישט דערגרייכן? און נאָך אַ וויכטיקער ענין: אויב באַנייען, אויב צופּאַסן פּראָגראַם און איינשטעלונג צו געענדערטע היסטאָרישע באַדינגונגען, וואָס זאָל מען אָפּוואַרפן און וואָס איינהאַלטן? צי וואַרפט מען נישט אַרויס צוזאַמען מיט דעם צייטלעך־פאַרעלטערטן אויך וועזנטלעכע פּרינציפּן, וואָס זיינען נישט אונטערגעוואָרפן קיין צייט־באַגרענעצונגען? — וועגן דעם אַלעם האָט מען אַ סך געשטריטן, אָבער דער בונד איז סוף־כל־סוף אַרויסגעקומען פון די איבערלעכע שטרייטן געשטאַרקט און קאָנסאָלידירט.

דער בונד איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. אין צאַרישן רוסלאַנד, וואו די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז געווען פאַר־

באַטן און פאַרפּאַלגט, האָט ער געמוזט אַזוי זיין. ס׳איז געווען אַן אָביעק־טיווער מוז, ווייל נאָר אַזוי האָט זיין עקזיסטענץ געקענט געמאָלט זיין. אַנדערש אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, וואו אַפילו ביי די באַגרענעצטע דע־מאָקראַטישע פרייהייטן האָבן סאָציאַליסטן געקענט פירן אַן אָפענע טע־טיקייט. ס׳זיינען דעריבער אַוועקגעפאַלן אַ סך פון די רעוואָלוציאָנערע אויסערלעכקייטן. געבליבן איז אָבער אין בונד ווייטער דאָס רעוואָלוציאָ־נערע, וואָס שטעקט אין פּראָגראַם, אין די אויפגאַבן, אין גייסט פון די מענטשן.

## 2. אַרבעטער־ראַטן

אין שויס פון די רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד, דייטשלאַנד, עסטרייך און אונגאַרן זיינען געבוירן געוואָרן אַרבעטער־ראַטן, אַזוי אויך אין פּוילן. אין די לענדער, וואו ס׳האָט זיך איינגעשטעלט אַ בירגערלעכע דעמאָקראַטיע, האָבן די אַרבעטער־ראַטן קיין אריכת־ימים נישט געהאַט. נאָך אַ קורצן פּעריאָד זיינען זיי אַראָפּ פון דער סצענע — ס׳איז נישט געווען קיין אָרט פאַר צווי פּאַרלאַמענטן און מאַכט־צענטרען. בלויז אין רוסלאַנד האָבן זיי אין רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד פון 1917 געקענט שפּילן אַ גרויסע ראָל, אָבער דאָרטן זיינען זיי שפּעטער אַריינגענומען געוואָרן אין די צוואַנגען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי־דיקטאַטור און פאַרלוירן זייער ווערט, ווי רעוואָלוציאָנערע אומאָפּהענגיקע אָרגאַנען, וואָס דריקן אויס דעם ווילן און די שטרעבונגען פון דער אַרבעטערשאַפט.

גלייך נאָכן נעלם ווערן פון דער אָקופּאַציע־מאַכט זיינען די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון פּוילן צוגעטרעטן שאַפן אַרבעטער־ראַטן, און ס׳האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן די טיפע געשפּאָלטנקייט — די אידייאישע און פּאָליטישע צעריסנקייט. אין רוסלאַנד זיינען די אַרבעטער־ראַטן אַנטשטאַנען אין אַ געוויסער מאָס ספּאָנטאַן, אין פּוילן זיינען די חבלי־לידה געווען שווערע. אויב אין רוסלאַנד האָט דער ענטוזיאַזם פון רעוואָלוציאָנערן פרילינג אין די ערשטע וואָכן פאַרדעקט די חלוקי־דעות און אויסגעשמידט אַן איינהייטלעכן ווילן, און ערשט שפּעטער האָט זיך געשאַפן און פאַרטיפט אַ תהום, איז אין פּוילן דער תהום שוין געווען באַלד ביי דער געבורט. איין טייל פון פּוילישן פּראָלעטאַריאַט איז געווען פאַרכאַפּט פון נאַציאָנאַלע שטימונגען און שטרעבונגען, אַ צווייטער טייל איז געווען באַווירקט פון די לאָזונגען, וואָס זיינען געקומען פון באָלשעוויסטישן מזרח. אויפשטעלן אַ בריק צווישן זיי, אַרויסרוקן אין פאָדערגרונט דאָס בשותפותדיקע, וואָס די גאַנצע אַרבעטערשאַפט האָט געהאַט ווי אַ סאָציאַלער קלאַס, האָט זיך נישט איינגעגעבן. די אונטערשיידן און קאָנפליקטן האָבן מכריע געווען.

פאַרויסזעענדיק דעם גיכן סוף פון דער מלחמה און דעם צוזאַמענברוך פון דער דייטשער און עסטרייך־אונגאַרישער אָקופּאַציע־מאַכט, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן נאָך אין מיטן אָקטאָבער 1918 באַשלאָסן זיך ווענדן צו די אַנדערע סאָציאַ־

ליסטישע פּאַרטייען וועגן פאַרשטענדיקן זיך מכוח אויסבילדן אַן אַלגע־מיינעם אַרבעטער־ראַט. פון דעם איז גאָרנישט געוואָרן.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרייך פּוילן און ליטע (ס.ד.ק.פּ.ל.) און פּ.פּ.ס.־לעוויצע, וועלכע האָבן זיך אידעאָלאָגיש דערנענטערט און פּאָליטיש צוזאַמענגעאַרבעט, האָבן באַשלאָסן זעלבשטענדיק צו שאַפן אַן אַרבעטער־ראַט. היות ביידע פּאַרטייען זיינען געווען ערב דער פולשטענדיקער פאַראייניקונג און גרינדונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָבן זיי אויך אַ „באָלשעוויסטישן" אופן געוואָלט שטעלן פאַר געשעענע פאַקטן און דורך דעם זיך דערקלערן פאַרן העגעמאָן פון פּוילישן פּראָלעטאַריאַט, כאָטש זיי זיינען בלויז געווען אַ מינדערהייט. פאַקטיש האָט זייער אָפּזאָג צו שאַפן אַן אַרבעטער־ראַט דורך אַ פאַרשטענדיקונג פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען באַדייט, אַז די יידישע אַרבעטער וועלן אין אַרבעטער־ראַט נישט זיין פאַרטרעטן. זיי האָבן דערביי דערקלערט, אַז דאָס איז אַ צייטווייליקע זאַך. שפּעטער, ווען דער ראַט וועט שוין עקזיסטירן, וועט מען קענען ריידן וועגן צולאָזן דעלעגאַטן פון יידישע אַרבעטער. אין הסכם מיט דער דאָזיקער שטעלונג האָבן די אַרבעטער־דעלעגאַטן, וואָס זיינען געווען אָנהענגער פון ביידע פריער־דערמאָנטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, זיך פּראָקלאַמירט אַלס „ראַט פון אַרבעטער־דעלעגאַטן אין וואַרשע". זיי האָבן עס געטאָן, הגם די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (די פריערדיקע פראַקציע) און די יידישע אַרבעטער זיינען נישט געווען פאַרטרעטן. די פּ. פּ. ס. האָט אויך געשאַפן אַ באַזונדערן אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט.

פנים־אל־פנים מיט דער סיטואַציע, האָט די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד אָנגענומען די דאָזיקע רעזאָלוציע: „מיר באַשליסן צוטרעטן צו דער וואַל־קאַמפּאַניע צווישן די יידישע אַרבעטער, כדי אויסצוקלייבן דעלעגאַטן צום אַלגעמיין־שטאָטישן אַרבעטער־ראַט. בלייבנדיק אינגאַנצן זעלבשטענדיק, סיי אין אונזער פּלאַטפאָרם, ווי אין דער אַגיטאַציע און אַזוי אויך ביים קלייבן דעלעגאַטן, באַשליסן מיר אַריינגיין אין פאַרבינדונג מיט די אַנדערע יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטייען, כדי טעכניש דורכצופירן די וואַלן". פאַרן צוטרעטן צו די וואַלן פון די יידישע אַרבעטער האָט דער בונד זיך געווענדט צו די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען וועגן שאַפן אַ געמיינזאַמע קאָמיסיע צו קאָנטראָלירן די וואַלן. די ווענדונג האָט קיין פּעולה נישט געהאַט. דער בונד האָט דעמאָלט צוזאַמען מיט פּועלי־ציון און ס. ס. געשאַפן אַ קאָמיסיע אויף דורכצופירן און קאָנטראָלירן די וואַלן. די פּועלי־ציון זיינען פון איר אינגיכן אַרויס און אין זייער ווירקונג־קרייז דורכגעפירט די וואַלן אָן קאָנטראָל פון אַנדערע. דער בונד איז צוגעטרעטן צו די וואַלן באַלד אין דער ערשטער וואָך נאָכן אָנהייב פון דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד און צוזאַמענברוך פון דער אָקופּאַציע־מאַכט [5].

צוליב אויסערלעכע שטערונגען און שנעלקייט פון דורכפירן די וואַלן

האָבן סיי ביי די פּוילישע און סיי ביי די יידישע אַרבעטער נישט אַלע אָנטייל גענומען אין די וואַלן. 5 טויזנט יידישע אַרבעטער האָבן זיך באַטייליקט אין אויסוויילן די בונדישע דעלעגאַטן אין וואַרשע. דעם 22טן נאָוועמבער 1918 האָבן זיי אָפּגעהאַלטן אַ פֿאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס'זיינען געווען אָנוועזנדיק 102 דעלעגאַטן. איינשטימיק האָבן די פֿאַרזאַמלטע באַשלאָסן, אַז אַלע אַרבעטער־ראַטן דאַרפֿן שאַפֿן איין אַלגעמיינעם אַרבעטער־ראַט, וואָס זאָל רעפּרעזענטירן דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט פון שטאָט. אויך די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן איינגעזען דעם נישט נאָרמאַלן מצב און ס'האָט גענומען די אויבערהאַנט דער געדאַנק וועגן פֿאַראייניקונג.

דעם 23טן נאָוועמבער 1918 איז פֿאָרגעקומען אַ צוזאַמענטרעף פון פֿאָרשטייער פון פּ. פּ. ס., פּ. פּ. ס.־לעוויצע, ס. ד. ק. פּ. ל. און בונד. אויף דער באַראַטונג איז מען געקומען צו אַ פֿאַרשטענדיקונג. איינשטימיק איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפֿן אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל קאָנטראָלירן אַלע מאַנדאַטן און צונויפֿרופֿן אויף אַ פּלענאַרער סעסיע אַלע אַרבעטער־דעלעגאַטן פון וואַרשע.

שוועריקייטן זיינען אויך געווען אין אַנדערע שטעט. אויב אין וואַרשע און אין נאָך אַ צאָל ערטער איז דער קלין, וואָס האָט צעטיילט די פּראָלעטאַרישע מחנה געווען אַן אידעאָלאָגיש־פּאָליטישער, איז ער אין לובלין און אין נאָך שטעט געווען אַ נאַציאָנאַלער, ריכטיקער — אַ נאַציאָנאַליסטישער. להיפּך צו וואַרשע, איז אין לובלין באַלד געשאַפֿן געוואָרן אַן אַלגעמיינער אַרבעטער־ראַט. דעם 13טן נאָוועמבער 1918 האָט ער אויף אַ פּלענאַרער־סעסיע געוויילט, לויט פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן אַן עקזעקוטיוו פון 11 פּערזאָן. געוויילט געוואָרן זיינען 5 פון פּ. פּ. ס. (44 שטימען), 3 פון בונד (23 שטימען), 2 פון פּ. פּ. ס.־לעוויצע (14 שטימען), 1 פון פּועלי־ציון (5 שטימען). די אָנהענגער פון ס.ד.ק.פּ.ל. האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַריינצוגיין אין עקזעקוטיוו.

מיט 2 טעג שפּעטער איז פֿאָרגעקומען אַ זיצונג פון עקזעקוטיוו. די פֿאָרשטייער פון די פּוילישע פּאַרטייען האָבן געמאָלדן, אַז אין אַ ריי פֿאַבריקן האָבן די פּוילישע אַרבעטער דערקלערט, אַז אויב דער אַרבעטער־ראַט וועט ווייטער באַשטיין אויך פון יידישע דעלעגאַטן, וועלן זיי אָפּנעמען די מאַנדאַטן ביי זייערע דעלעגאַטן. די לאַגע איז אַזאַ, האָבן דערציילט ווייטער די פּוילישע עקזעקוטיוו־מיטגלידער, אַז ס'איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם דאָזיקן ווילן פון די אַרבעטער־מאַסן. אויב די דעלעגאַטן וועלן זיך נישט אָפּטיילן פון די יידן, וועט מען זיי אַראָפּוואַרפֿן און קלייבן אויף זייער אָרט כאַדעקעס (קריסטלעכע דעמאָקראַטן) און נאַראָדאָוועצעס (ענדעקעס).

אויף דער פּלענאַרער סעסיע פון אַרבעטער־ראַט האָט ה. ערליך (ער איז געווען אַ מיטגליד פון עקזעקוטיוו) אין נאָמען פון דער בונדישער

פראַקציע אָפּגעגעבן אַן אויספירלעכע דערקלערונג, אין וועלכער ער האָט געזאָגט: „דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט פון לובלין איז נאָך נישט דער־וואַקסן צו דעם ער זאָל פאַרשטיין די גרויסע וויכטיקייט פון דעם, אַז דעם געשלאָסענעם פראָנט פון דער פּוילישער בורזשואַזיע מוז אַנטקעגנגע־שטעלט ווערן אַ פאַראייניקטער פראָנט פון פּוילישע און יידישע אַרבע־טער". די שולד פאַר דעם מצב טראָגן די שוואַרצמאַהדיקע און אַנטי־סעמיטישע פּרעסע, ווי אויך די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ווייל זיי האָבן נישט געטאָן אַלץ וואָס ס'איז נייטיק, כדי צו באַקעמפן דעם אַנטי־סעמיטיזם. ער האָט אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז בקרוב וועלן די פּוי־לישע אַרבעטער, אַנגעלערנט פון דערפאַרונג און וועענדיק צו וואָס זיי ווערן אויסגענוצט פון דער רעאַקציע, „אַ סוף מאַכן צו די פאַראורטיילן און שטימונגען, וועלכע באַהערשן איצט דעם לובלינער פּראָלעטאַריאַט".
ער האָט לסוף דערקלערט, אַז די יידישע פראַקציע טרעט אַרויס פון לובלינער אַרבעטער־ראַט. מיט אַ טאָג שפּעטער, דעם 16טן נאָוועמבער 1918 האָט אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון בונד באַשלאָסן צו שאַפן אַן אַרבעטער־ראַט פון יידישע אַרבעטער[6]. ביזן סאַמע סוף האָבן די יידישע אַרבעטער־דעלעגאַטן געמוזט בלייבן באַזונדער.

לובלין איז נישט געווען קיין איינצלנע דערשיינונג. אויך אין וולאָצ־לאַוועק האָט דער אַרבעטער־ראַט באַשלאָסן נישט צולאָזן די יידישע דע־לעגאַטן. אין פּיעטריקאָוו האָט מען 5 חדשים די יידישע אַרבעטער־דעלע־גאַטן נישט אַריינגעלאָזט אין אַרבעטער־ראַט. ערשט אונטערן דרוק פון דער צענטראַלער קאָמיסיע, וואָס האָט צוגעגרייט אַ לאַנד־צוזאַמענפאָר, האָט מען אַראָפּגענומען דעם חרם. ס'זיינען געווען נאָך ערטער, וואו די נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען פון די פּוילישע אַרבעטער האָבן געווירקט, אַז די טירן פון די אַרבעטער־ראַטן זאָלן פאַרשלאָסן ווערן פאַר יידישע אַר־בעטער־דעלעגאַטן.

שוועריקייטן, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אויפן באָדן פון די טיפע חלוקי־דעות, פון קעגנזייטיקן אומצוטרוי און פון חשק אויסצומאַנעווורירן איינער דעם אַנדערן, זיינען אויך געווען אין פיל אַנדערע שטעט. פון דער צווייטער זייט האָט אָבער קעגנגעווירקט דער הייסער פאַרלאַנג צו איניקייט און דער באַוואוסטזיין ביי דעם פאַרגעשריטענעם טייל פון דער אַרבעטערשאַפט, אַז ביי דער צעשפּליטערטקייט וועלן די אַרבעטער־ראַטן נישט קענען זיין קיין ווירקזאַמע אָרגאַנען. דאָס האָט גובר געווען די מניעות און ס'האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן די איניקייט — אַן אָרגאַניזאַ־ציאָנעלע, אָבער נישט אַן אידייאיש־פּאָליטישע.

דעם 4טן דעצעמבער 1918, 2 טעג פאַר דער ערשטער זיצונג פון פאַר־איניקטן אַרבעטער־ראַט אין וואַרשע, האָט די פּ. פּ. ס. גערופן אַ ספּעציע־לע זיצונג פון איר פראַקציאָנעלן אַרבעטער־ראַט, כדי צו באַטראַכטן די יידן־פראַגע און אָננעמען אַ באַשלוס וועגן אָנטייל פון די יידישע אַר־

בעטער־פאַרשטייער אין אַלגעמיינעם אַרבעטער־ראַט. צו דער זיצונג זיינען איינגעלאַדן געוואָרן פאַרשטייער פון בונד. אין זיין אַריינפיר־וואָרט האָט דער פאָרזיצער באַגרינדעט דעם פעפעסיש־אַסימילאַטאָרישן שטאַנדפונקט בנוגע דער יידן־פראַגע. ער האָט אויך אָנגעוויזן אויף דער שעדלעכקייט פון אַנטיסעמיטיזם און פאָרגעלייגט אַ שאַרפע פראָטעסט־רעזאָלוציע קעגן די פאָרגעקומענע פאָגראָמען, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אָן דעבאַטן.

נאָך דעם האָט זיך אַנטוויקלט אַ ברייטע און הייסע דיסקוסיע וועגן דער יידן־פראַגע בכלל און וועגן אָנטייל פון די יידישע אַרבעטער אין אַלגעמיינעם אַרבעטער־ראַט בפרט. דעם שטאַנדפונקט פון די יידישע אַרבעטער האָבן אויספירלעך רעפערירט די פאַרשטייער פון בונד. זיי האָבן אויך ענערגיש פראָטעסטירט קעגן דער אַנטיסעמיטישער העצע, ווי אויך קעגן דעם וואָס מ'פאָדערט פון די יידישע אַרבעטער פאַר דער פאַראייניקונג אַ דעקלאַראַציע וועגן פאַרשיידענע פאָליטישע פראַגן.

מצד דער פ. פ. ס. האָבן אַ צאָל רעדנער זיך אַרויסגעזאָגט אי פאַר, אי קעגן אַ פאַראייניקונג מיט יידישע אַרבעטער. ביי די קעגנער זיינען געווען סיי אַסימילאַטאָרישע, סיי אַנטיסעמיטישע אָדער פויליש־נאַציאָנאַליסטישע אַרגומענטן. דער אָפיציעלער פאַרשטייער פון פ. פ. ס., וואָס איז געווען דער פאָרזיצער פון פראַקטיציאָנעלן אַרבעטער־ראַט, האָט צום סוף הייס פאַרטיידיקט די פאַראייניקונג און אין נאָמען פון עקזעקוטיוו אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג, אַז אויף דער געמיינזאַמער זיצונג פון אַלגעמיינעם אַרבעטער־ראַט זאָלן אויך זיין די דעלעגאַטן פון די יידישע אַרבעטער. מיט אַ מערהייט שטימען איז דער פאָרשלאָג אָנגענומען געוואָרן; פיל האָבן זיך אָפגעהאַלטן פון שטימען. ס'איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס זאָגט: „דער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט דאַרף שטיין אויפן שטאַנדפונקט פון אַן אומאָפהענגיקער, פאַראייניקטער פוילישער פאָלקס־רעפובליק. ס'דאַרף זיך בילדן אַ ראַט, וואָס וועט זיין דער אויסדרוק פון ווילן פון דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס אין אומאָפהענגיקן פוילן — אָן אונטערשייד פון געשלעכט, רעליגיע און נאַציע" ז).

די ערשטע סעסיע פון פאַראייניקטן אַרבעטער־ראַט אין וואַרשע איז פאָרגעקומען דעם 6טן דעצעמבער 1918. באַטייליקט האָבן זיך איבער טויזנט דעלעגאַטן. דער פרעזידיום איז באַשטאַנען פון פאַרשטייער פון אַלע אַרבעטער־פאַרטייען. פון די יידישע פאַרטייען זיינען געווען אין פרעזידיום: איזאַק אַלטער, יוסף יאַנקעלעוויטש (ביידע פון בונד), יצחק לעוו (פ. צ.), משה גוטמאַן (ס. ס. — פאַראייניקטע). לויט אַ פריערדיקער פאַרשטענדיקונג איז באַשלאָסן געוואָרן דורכפירן נייע וואַלן צום אַרבעטער־ראַט אין הסכם מיט אַן איינהייטלעכן וואַל־מאָדוס און אונטער אַ געהעריקער קאָנטראָל. אין משך פון חודש זיינען פאָרגעקומען די וואַלן פון נייע דעלעגאַטן, וואָס זיינען געווען צעטיילט אין 6 פאַרטייען — דריי פוילישע און דריי יידישע: פ. פ. ס., קאָמוניסטישע פאַרטיי (זי איז אין מיטן

דעצעמבער 1918 געשאַפן געוואָרן דורך דער פאַראייניקונג פון ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע). נ.ז.ר. (נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד — אַ נאַציאָנאַליסטישע און אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי), בונד, פאַראייניקטע, פּועלי־ציון.

די וואַל־קאַמפּאַניע איז געווען אַ לעבהאַפטע און די רעזולטאַטן זיינען געווען אַזעלכע: אויפן ערשטן אָרט האָט זיך אַרויסגערוקט די פּ. פּ. ס., דאָס צווייטע אָרט האָט פאַרנומען די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, דאָס דריטע אָרט דער בונד. ווייטער זיינען געגאַנגען לויט דער צאָל שטימען און מאַנדאַטן: נ. ז. ר., פאַראייניקטע, פּועלי־ציון.

די ערשטע פּלענאַרע סעסיע פון ניי־געוויילטן און אַלגעמיינעם וואַרשעווער אַרבעטער־ראַט איז פאָרגעקומען דעם 5 און 6 יאַנואַר 1919. אויף דער צווייטער פּלענאַרער סעסיע (14 און 15 יאַנואַר) זיינען פאָרגעקומען פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן פון אַן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט. די רעזולטאַטן זיינען געווען: פּ.פּ.ס. האָט באַקומען 333 שטימען און 13 מיטגלידער אין עקזעקוטיוו, קאָמוניסטישע פּאַרטיי — 297 שטימען און 12 מיטגלידער, בונד — 125 שטימען און 5 מיטגלידער, נ. ז. ר. — 69 שטימען און 2 מיטגלידער, פאַראייניקטע — 42 שטימען און 2 מיטגלידער, פּועלי־ציון — 32 שטימען און 1 מיטגליד. מצד דעם בונד זיינען אריין אין עקזעקוטיוו: הענריק ערליך, מאיר וואַסער, מאַוריצי אָזשעך, אסתר אַלטער־איווינסקאַ, אַלבערט בערנשטאַק.

שפּעטער איז דער צוזאַמענשטעל פון דער בונדישער פאַרשטייערשאַפט געענדערט געוואָרן. שטאַרק אַקטיוו אין אויספיר־קאָמיטעט איז געוואָרן זדזשיסלאַוו מושקאַט.

ביזן מיטן חודש מערץ 1919 האָבן אין די וואַלן צום וואַרשעווער אַרבעטער־ראַט אָנטייל גענומען 48,384 אַרבעטער, וואָס האָבן אויסגעוויילט 1,163 דעלעגאַטן. פון זיי האָבן 313 געהערט צו פּ. פּ. ס., 305 — צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, 137 — בונד, 45 — נ. ז. ר. און זיינע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, 41 — פאַראייניקטע, 31 — פּועלי־ציון, די רעשט זיינען געווען סימפּאַטיקער פון די פּאַרטייען אָדער אומפּאַרטייאישע. דאָס פּרעזידיום פון וואַרשעווער אַרבעטער־ראַט איז באַשטאַנען פון 5 פּעפּעסאָווצעס, 2 בונדיסטן, 1 פון פאַראייניקטע און 1 פון די נ. ז. ר.־פאַראיינען. די קאָמוניסטן האָבן זיך נישט געוואָלט באַטייליקן אין פּרעזידיום. ביים ראַט זיינען געווען 10 קאָמיסיעס. זייער פּאַרטייאישער צוזאַמענשטעל איז געווען: 22 — פּ. פּ. ס., 20 — קאָמוניסטישע פּאַרטיי, 15 — בונד, 4 — פאַראייניקטע, 4 — פּועלי־ציון, 3 — נ. ז. ר.. בערך 12 טויזנט יידישע אַרבעטער האָבן זיך באַטייליקט אין די וואַלן צום אַרבעטער־ראַט. אַ מערהייט שטימען האָט באַקומען דער בונד. ביזן 22טן דעצעמבער 1918 זיינען די רעזולטאַטן געווען: בונד — 6,085, פאַראייניקטע — 1,945, קאָמוניסטן — 1,671, פּועלי־ציון — 1,425.

די פאָרשטייער פון די פּאַרטייען האָבן אויף דער צווייטער פּלענאַר־סעסיע איבערגעלייענט זייערע דעקלאַראַציעס.

דער הויפּט־געדאַנק פון דער פּעפּעסישער דעקלאַראַציע איז געווען, אַז די אַרבעטער־ראַטן דאַרפן ענג צוזאַמענאַרבעטן מיט דער פאָלקס־רעגירונג (בראָש פון וועלכער ס׳איז געשטאַנען דער פּעפּעסאָוועץ יענדזשעי מאָראַטשעווסקי).

די קאָמוניסטישע דעקלאַראַציע האָט אַלס הויפּט־לאָזונג אַרויסגערוקט — סאָציאַלע רעוואָלוציע, דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און קאַמף פאַר דער מאַכט פון די אַרבעטער־ראַטן. אין איר איז אויך שאַרף אַטאַקירט געוואָרן די פּ. פּ. ס..

די דעקלאַראַציע פון די פּוילישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן (נ. ז. ר.) האָט אַנטהאַלטן אַ ריי מינימום־פאָדערונגען, אין וועלכע די אַרבעטער זייַנען געווען פּאַראינטערעסירט, און זיך אַרויסגעזאָגט קעגן געדאַנק, אַז די אַרבעטער־ראַטן זאָלן איבערנעמען די פּאָליטישע מאַכט.

די דעקלאַראַציע פון די פאַראייניקטע האָט אין די אַרבעטער־ראַטן געזען אַ סימן, אַז אין לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן די רעוואָלוציע. דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז אין פּוילן נישט מעגלעך, דעריבער דאַרפן די אַרבעטער־ראַטן נעמען די איניציאַטיוו צו גרינדן פּויערים־ראַטן און ביידע צוזאַמען זאָלן שאַפן אַ צייטווייליקע רעגירונג פון פאָרשטייער פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. זי האָט אויך געפאָדערט אָפּשאַפן אַלע באַגרענעצונגען לגבי יידן און איינפירן נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

די פּועלי־ציון האָבן געזאָגט אין זייער דעקלאַראַציע, אַז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די מינדערהייט־פעלקער, יידן בתוכם, דאַרף מען געבן נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע. אַחוץ דעם מוז דאָס יידישע פאָלק באַקומען די מעגלעכקייט צו בויען זייַן טעריטאָריאַלן אַרבעטער־צענטער אין פּאַלעסטינע. באַגריסנדיק די אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן, האָבן זיי אַטאַקירט די דעמאָלטיקע רעגירונג און זיך אַרויסגעזאָגט פאַר שאַפן אַ רעגירונג פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

די דעקלאַראַציע פון בונד האָט אָנגעוויזן אויפן חורבן פון דער פיר־יאָריקער מלחמה און געזאָגט, אַז דער געבאָט פון דעם מאָמענט איז „קאַמף אויף לעבן און טויט פאַר דירעקטער און גיכסטער פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם“... די אויפגאַבע פון די אַרבעטער־ראַטן וועט זייַן קודם־כל צו אָרגאַניזירן די צעשטויבטע אַרבעטער־כוחות צום קאַמף פאַר די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון פּראָלעטאַריאַט און צום פאַרטיידיקן די אַרבעטער־מאַסן קעגן אָנגריף פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע. איינער פון די מיטלען אין דעם קאַמף דאַרף זייַן אַ באַוואָפנטע קראַפט אונטער דער דירעקטער אָנפירונג פון די אַרבעטער־ראַטן.

„די אַרבעטער־ראַטן דאַרפן צום ענערגישסטן זיך קעגנשטעלן דער נידערטרעכטיקער אַרבעט פון דער רעאַקציע, וואָס וועקט די נידעריקסטע אינסטינקטן פון די פינצטערע מאַסן און בלאָזט פאַנאַנדער די נאַציאָנאַלע שנאה און שטרעבט אין יידישע פּאָגראָמען דערטרינקען די באַפרייאונגס־באַוועגונג פון די אַרבעטער־מאַסן. די אַרבעטער־ראַטן דאַרפן אָנפירן מיטן פּאָליטישן קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט פאַר אַ ציל איבערצײַגע־מען די מאַכט דורך די אַרבעטער־מאַסן פון שטאָט און דאָרף, כדי צו פאַרווירקלעכן דעם פּראָלעטאַרישן אידעאַל — דעם סאָציאַליזם". די דע־קלאַראַציע פון בונד האָט קריטיקירט די פּוילישע רעגירונג, „וואָס האָט נישט קיין מוט איבערצוּרייסן מיט די רעאַקציאָנערע ספערן און גיין אויפן וועג פון דרייסטע סאָציאַלע ענדערונגען"...

„די יידישע אַרבעטער וועלן אין די בשותפותדיקע ראַטן קעמפן האַנט אין האַנט מיטן פּוילישן אַרבעטער־קלאַס פאַר זייער ענדגילטיקער באַ־פרייאונג, פאַר אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג. גלייכצייטיק וועלן זיי אין די אַרבעטער־ראַטן דערגרייכן די הילף פון פּוילישן אַרבעטער אין זייער קאַמף פאַר די נאַציאָנאַלע רעכט פון דער יידישער שפּראַך און נאַציאָ־נאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע — וואָס די פּוילישע בורזשואַזיע זאָגט־אָפּ עקשנותדיק דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט".

פון די פינף סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן די צוויי פּוילישע — פּ. פּ. ס. און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי — פאַרנומען דיאַמעטראַל קעגנזעצ־לעכע שטעלונגען. צווישןביידע עקסטרעמען אין מיטן זיינען געווען די דריי יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

נישט קיין סך אַנדערש איז געווען אין דער צווייט־גרעסטער שטאָט — אין גרויסן פּראָלעטאַרישן צענטער לאָדזש. דאָרטן זיינען אויך לכתחילה געשאַפן געוואָרן צוויי באַזונדערע ראַטן פון די פּוילישע אַרבעטער. צוליב דער צעשפּליטערטקייט האָבן די יידישע נישט געוואָלט אַריינטרעטן אין זיי. ווי אין וואַרשע, איז אויך אין לאָדזש שפּעטער געשאַפן געוואָרן אַן אַלגעמיינער אַרבעטער־ראַט פון אַלע ריכטונגען, די יידישע בתוכם. די פירער פון די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן מסכים געווען אויפן אָנטייל פון די יידישע אַרבעטער־דעלעגאַטן, אָבער דאָס האָט אָנ־געטראָפן אויף אַ שטאַרקער אָפּאָזיציע מצד אַ טייל פון די פּוילישע דעלע־גאַטן. אויף די פּלענאַרע זיצונגען דעם 29טן און 30טן דעצעמבער 1918 זיינען געווען גרויסע טומלענישן בעת רעדעס פון יידישע אַרבעטער־פאַרשטייער און ביים אָפּשטימען זייערע פאָרשלאָגן. ביים וויילן אַן עקזע־קוטיוו־קאָמיטעט (דעם 11טן פעברואַר 1919) האָט פּ. פּ. ס. באַקומען 204 שטימען און דורכגעפירט 17 מיטגלידער, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי — 157 שטימען און 13 מיטגלידער, בונד — 71 שטימען און 5 מיטגלידער, פּועלי־ציון — 66 שטימען און 5 מיטגלידער, די פאַראייניקטע האָבן באַ־

קומען בלויז 8 שטימען און די נ. ז. ר. מיט 55 דעלעגאַטן האָבן די וואַלן פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט באָיקאָטירט.

דעם 15טן יאַנואַר 1919 האָט דער פּלענום פון וואַרשעווער אַרבעטער־ראַט איינשטימיק באַשלאָסן צו רופן אַ לאַנד־צוזאַמענפאָר פון פאָרשטייער פון אַלע אָרטיקע אַרבעטער־ראַטן. דעם 22טן און 23טן פעברואַר 1919 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון פאָרשטייער פון אַ צענטליק אַרבעטער־ראַטן, וואָס האָט געדאַרפט אַרומרײדן און באַשליסן די ענינים פון געפּלאַנטן לאַנד־צוזאַמענפאָר. די 28 דעלעגאַטן, וואָס האָבן רעפּרע־זענטירט בערך 200 טויזנט אַרבעטער, זײנען פּאַרטײאיש געווען אַזוי אײנ־געטײלט: 14 פון פּ. פּ. ס., 11 — קאָמוניסטן, 2 — בונד, 1 — פּאַראײניקטע. די באַראַטונג האָט באַשלאָסן, אַז דער לאַנד־צוזאַמענפאָר זאָל פאָרקומען אין דער ערשטער העלפט אַפּריל 1919. ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז אומעטום דאַרפן באַזײטיקט ווערן די שפּאַלטונגען און די באַזונדערע ראַטן דאַרפן פאַראײניקט ווערן. ס'זײנען פאָרגעקומען נאָך 3 לאַנד־באַראַטונגען פון פאָרשטייער פון די ראַטן אין גרעסערע אַרבעטער־צענטערס.

עטלעכע מאָל האָט מען איבערגערוקט די טערמינען פון לאַנד־צו־זאַמענפאָר. לסוף איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ער זאָל זיך אָנהויבן דעם 20טן יוני 1919, ער איז אָבער דאָס מאָל אויך נישט פאָרגעקומען. די אַרבעטער־ראַטן זײנען אַרײַן אין זײער שאַרפסטן קריזיס. אַנשטאָט קאָנ־סאָלידירונג איז געקומען צעשפּאַלטונג און ליקווידירונג. ערב דעם גע־פּלאַנטן לאַנד־צוזאַמענפאָר איז דעם 15טן יוני אין וואַרשע פאָרגעקומען די לעצטע באַראַטונג פון פאָרשטייער פון די גרעסטע אַרבעטער־ראַטן. אין די 22 גרעסערע אַרבעטער־ראַטן זײנען געווען 3,682 דעלעגאַטן, וואָס האָבן זיך אַזוי געטײלט לויט די פּאַרטײאישע פראַקציעס: פּ. פּ. ס. — 1,404 ; קאָמוניסטישע פּאַרטײ — 916 ; בונד — 502 ; אומפּאַרטײאישע — 246 ; פּועלי־ציון — 196 ; נ. ז. ר. — 176 ; פּאַראײניקטע — 74 און די רעשט פון אַנדערע פּויליש ריכטונגען.

די פּ. פּ. ס. האָט באַשלאָסן זיך מער נישט באַטײליקן אין די אַלגע־מײנע אַרבעטער־ראַטן. אָפיציעל האָט זי פאַרלאַנגט, אַז דער צוזאַמענ־פאָר זאָל אָננעמען אײרס אַ פּלאַטפאָרם, וואָס שטײט אויפן באָדן פון פּוילנס אומאָפּהענגיקײט, פאַקטיש האָט זי נישט געוואָלט זײן אין די אַרבעטער־ראַטן צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן.

ווען דער פאָרשטייער פון פּ. פּ. ס., זיגמונט זאַרעמבאַ, האָט אַוועק־געשטעלט די דאָזיקע גורל־פראַגע אויף דער זיצונג פון דער קאָמיסיע, וואָס האָט געדאַרפט אָרגאַניזירן דעם לאַנד־צוזאַמענפאָר, האָט דער פאָר־שטייער פון בונד, הענריק ערליך, אין אַן אויספירלעכער רעדע אָנט־שײדן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן פּעפּעסישן פּלאַן. ער האָט געזאָגט: „קײן אײנער פון די ביז־איצטיקע באַשלוסן פון די אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַטן אויפן געביט פון פּוילן קאָן נישט גערעכנט ווערן פאַר אַן אַקציע קעגן

דער אומאָפּהענגיקייט״... „איבעריקנס וואָלט אַפילו דאָס אָננעמען די לאָזונג פון (פוילנס) אומאָפּהענגיקייט נישט באַזייטיקט וויניקסטנס דעם לײדנשאַפטלעכן פּאָליטישן קאַמף אין די אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַטן״... „די פּלאַטפאָרם, וועלכע ס׳פאָדערט דער ח׳ זאַרעמבאַ, איז אָדער אַ פראַזע אָן אַן אינהאַלט, אָדער זי באַדייט דאָס אונטערוואַרפן די ראַטן אונטערן איינפלוס פון איין פּאַרטיי״ [8]).

די שטעלונג פון בונד צו דער פראַגע האָט העכסט ערליך אויך אַרויס־געבראַכט אין זיין רעדע אויף דער פּלענאַרער פאַרזאַמלונג פון וואַר־שעווער אַרבעטער־ראַט דעם 6טן יוני 1919. ער האָט געזאָגט: הגם דער בונד איז אַ דעמאָקראַטישע פּאַרטיי און וואַרפט אָפּ די קאָמוניסטישע דע־מאַגאָגיע, און הגם דער בונד איז פּרינציפּיעל מסכּים מיט דער פאָדערונג פון פּ. פּ. ס., אַז די אַרבעטער־ראַטן אָדער די אַרבעט־קאַמערן מוזן לעגאַ־ליזירט און אַריינגענומען ווערן אין דער קאָנסטיטוציע, שטייט דאָך דער בונד אויפן שטאַנדפּונקט, אַז די ראַטן וועלן בלויז דעמאָלט האָבן אַ באַדיי־טונג, ווען זיי וועלן זיין די פאָרשטייער פון גאַנצן פּראָלעטאַריאַט, נישט געקוקט אויף זייערע פּאָליטישע אונטערשיידן.

ערב דער ענדגילטיקער שפּאַלטונג האָט די פּ. פּ. ס. אַרויסגערוקט אַ פאָרשלאַג, אַז ס׳זאָלן עקזיסטירן באַזונדערע פּאַרטייאישע אַרבעטער־ראַטן, וועלכע זאָלן צוזאַמען בילדן אַ פעדעראַציע. אויף דער זיצונג פון עקזע־קוטיוו פון וואַרשעווער אַרבעטער־ראַט, דעם 24טן יוני 1919, האָבן די פאָרשטייער פון די אַנדערע פּאַרטייען זיך אַרויסגעזאָגט קעגן פאָרשלאַג פון פעדעראַטיווע ראַטן. דעמאָלט האָט דער פאָרשטייער פון פּ. פּ. ס., ריימונד יאַוואָראָווסקי, דערקלערט, אַז די דעלעגאַטן פּעפּעסאָווצעס האָבן באַשלאָסן זיך צו קאָנסטיטואירן ווי אַ באַזונדערער אַרבעטער־ראַט אויפן יסוד פון דער אומאָפּהענגיקייט־פּלאַטפאָרם. מיט אַנדערע פראַקציעס זיינען זיי גרייט זיך פאַרבינדן בלויז אויף אַ פעדעראַטיוון אופן.

די שפּאַלטונג איז געוואָרן אַ פאַקט — נישט בלויז אין וואַרשע, נאָר אויך אין די אַנדערע שטעט. פון דעמאָלט אָן האָבן אָנגעהויבן עקזיסטירן צוויי מינים ראַטן — פּעפּעסישע (אין גאַליציע זיינען זיי אויך פריער געווען בעיקר פּעפּעסיש־פּאַרטייאישע) און ראַטן, צו וועלכע ס׳האָבן געהערט די קאָמוניסטן און די יידישע אַרבעטער־דעלעגאַטן. נאָך אַן עקזיסטענץ פון עטלעכע וואָכן האָט דער וואַרשעווער אַרבעטער־ראַט פון די קאָמוניס־טישע און יידישע דעלעגאַטן, אין אַ גרויסער מאָס צוליב די שטערונגען פון דער פּאָליציי, פּאַקטיש אויפגעהערט צו פונקציאָנירן. געבליבן איז בלויז דער פּעפּעסישער אַרבעטער־ראַט, וואָס האָט נאָך פונקציאָנירט פּאַקטיש איבער אַ יאָר צייט. ענלעך איז אויך געווען אין אַנדערע שטעט.

בערך אַ האַלב יאָר האָבן עקזיסטירט די אַלגעמיינע אַרבעטער־ראַטן. צוליב די אינערלעכע סתירות און שטרייטיקייטן, זיינען זיי געווען געליימט אין זייער טעטיקייט און אויך נישט געקענט ווערן קיין אויסדריקער פונם

ווילן פון אַ געאייניקטן אַרבעטער־קלאַס. ביי אַזאַ מצב האָבן זיי אַוודאי נישט געקענט ווערן קיין ווירקזאַמע קאַמף־אָרגאַנען. זיי זיינען בלויז געוועזן טומלדיקע פּאַרלאַמענטאַרישע קלובן מיט אַ סך אומטאָלעראַנץ לגבי אַנדערע מיינונגען און פּאַרטייען, מיט לאַנגע אַגיטאַציע־רעדעס און ווייניק ממשותדיקער טעטיקייט, כאָטש ס׳איז געווען אַ גרויסער סכום אַקטועלע און דרינגענדיקע ענינים, אין וועלכע די אַרבעטערשאַפט איז געווען בלוטיק פּאַראינטערעסירט. די פּ. פּ. ס. האָט נישט געוואָלט זיך אונטערוואַרפן באַשלוסן, מיט וועלכע זי האָט נישט מסכים געווען; די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אין די אַרבעטער־ראַטן געוואָלט זען בלויז אַן אָרגאַנען פאַר אַגיטאַטאָרישע פּאַרמעסטן. די שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע ווערטער פון די רעדעס און דעקלאַראַציעס זיינען געווען גאָר שוואַכע אינסטרומענטן אַפילו אויף באַשיצן די עצם עקזיסטענץ פון די ראַטן און שטעלן אַ געהעריקן ווידערשטאַנד זייערע שונאים. דער איינציקער וועג אויף פּאַרפעסטיקן און איינהאַלטן די ראַטן איז געווען דער, וואָס ס׳האָבן רעקאָמענדירט די פאָרשטייער פון די יידישע אַרבעטער [9]).

פוילן איז נישט אַוועק אויפן וועג פון איינשטעלן אַ סאָוועטישן רעזשים, צו וואָס די קאָמוניסטן האָבן געשטרעבט — די גרויסע מערהייט פון דער באַפעלקערונג איז געווען קעגן דעם און די קאָמוניסטן האָבן אויך נישט געהאַט די מעגלעכקייט אַזאַ רעזשים אָנצוואַרפן מיט באַוואָפנטן כוח. פוילן איז געוואָרן אַ בירגערלעכע רעפּובליק.

## 3. וואַלן

די נייע פּוילישע מלוכה איז געבויט געוואָרן אויף דעמאָקראַטישע יסודות. די דעמאָקראַטיע האָט אָבער שטאַרק אונטערגעהונקען. שוין דער פאַקט אַליין, וואָס בערך אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג — די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן — האָט מען אויסגעשלאָסן פון אָנטייל אין די אַפּאַראַטן פון דער מלוכה, מוניציפּאַליטעטן און פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען געווען דער סקעלעט, דער מוח און די בלוט־אָדערן פון מלוכהשן לעבן, האָט דעוואַלואירט די עכטקייט און ווערט פון דער אָפּיציעלער דעמאָקראַטיע. דער דעמאָקראַטיזם איז נאָך מער אויסגעוועפּט געוואָרן דורך אַ צווייטן קאַרדינאַלן פאַקט: די רייכערע שיכטן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג זיינען געווען פּראָפּאָרציאָנעל אָן אַן ערך מער פאַרטרעטן אין די ווירקנדיקע שליסל־פּאָזיציעס פון פּאָליטישן, עקאָנאָמישן, סאָציאַלן און קולטורעלן לעבן פון לאַנד. די אַנטוויקלונג איז געגאַנגען אין אַ פאַרקערטער ריכטונג: פון דעמאָקראַטיע צו קוואַזי־דעמאָקראַטיע און פון איר — צו אַן אָפענער דיקטאַטור, וואָס איר שאַנד איז בלויז לייכט געווען צוגעדעקט מיט אַ דעמאָקראַטישן פייגן־בלאַט.

פּוילן האָט פאַרמאָגט אַ סך פּאָליטישע שאַטירונגען און גרופּירונגען, וואָס האָבן מיט זייערע כוחות זיך פאַרמאָסטן אין פאַרשיידנאַרטיקע וואַלן. אויך די יידישע אַרבעטער זיינען געווען אַקטיוו אין די דאָזיקע פאַרמעסטן. אין די וואַלן פון פיר מינים אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געטראָגן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, האָט דער בונד זיך באַטייליקט: סיים, שטאָט־ראַטן, קראַנקן־קאַסעס, יידישע קהילות.

שוין אין יאַנואַר 1919 זיינען פאָרגעקומען די וואַלן פון דער קאָנסטיטואַנטע (פון ערשטן סיים — פאַרלאַמענט). אַ פּאַרטיי־קאָנפערענץ (28טן נאָוועמבער — 1טן דעצעמבער 1918), דער פּאַרטיי־ראַט (20טן און 21טן דעצעמבער) און צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָבן אָנגענומען אַ באַשלוס זיך צו באַטייליקן אין די וואַלן. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט פאַרעפנטלעכט אַ וואַל־פּלאַטפאָרם. אין איר איז געווען געזאָגט:

„פאַרן פּראָלעטאַריאַט איז דער דעמאָקראַטיזם קיינמאָל נישט געווען קיין זעלבסט־צוועק, ער איז אָבער אַלעמאָל געווען אַ מיטל, וואָס עפנט פאַר אים דעם וועג צום ענדציל פון אַרבעטער־קאַמף, צו דעם סאָציאַליזם. די אויפגאַבע פון די אַרבעטנדיקע קלאַסן איז דעריבער — אויסצופילן מיט אַ סאָציאַל־פּאָליטישן אינהאַלט די דעמאָקראַטישע פאָרמולן און נישט

דערלאָזן, אַז די דעמאָקראַטישע פרייהייטן און אינסטיטוציעס זאָלן פאַר־וואַנדלט ווערן אין אַ געצייג פאַר דער בורזשואַזער הערשאַפט. פאַרקערט, פון די דאָזיקע אינסטיטוציעס מוז געשאַפן ווערן אונזער שטיצפונקט, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס וואָלט געקאָנט אויסנוצן אין זיין קאַמף פאַרן אַראָפּ־וואַרפן דעם קאַפּיטאַליסטישן יאָך. די קאָנסטיטואַנטע, וועלכע ווערט געשאַפן אויפן סמך פון דעם 5־קאַנטיקן וואַל־רעכט, מוז ווערן פאַרן אַרבעטער־קלאַס פון אונזער לאַנד דער וויכטיקסטער פון אַזעלכע דעמאָקראַטישע שטיצפונקטן".

די וואַל־פּלאַטפאָרם האָט אויסגערעכנט אַ ריי קאָנקרעטע אַלגעמיינע אויפגאַבן, וואָס דאַרפן רעאַליזירט ווערן און האָט כאַראַקטעריזירט די סאָציאַלע און פּאָליטישע כוחות אין לאַנד בכלל און בפרט ביי יידן. ווייטער האָט זי דערקלערט: „די פאַרשטייער פון פּראָלעטאַריאַט אין דער קאָנסטיטואַנטע דאַרפן אויפן ענערגישסטן אופן זיך אַנטקעגנשטעלן דער פאַרכאַפערישער פּאָליטיק פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן, וועלכע אַנטהאַלט אין זיך פאַר די פאָלקס־מאַסן אַ סכנה פון נייעם בלוט־פאַרגיסן און פאַרן גאַנצן לאַנד — אַ סכנה פון אַ נייער פאַרניכטונג. זיי וועלן מוזן באַקעמפן דעם נאַציאָנאַליזם און דעם שאָוויניזם פון אונזער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע, וואָס שטרעבט צו דעם, אַז אין פייער פון נאַציאָנאַלן קאַמף, אינם זומפּ פון יידישע פּאָגראָמען זאָל אונטערגיין די באַפרייאונג־באַוועגונג פונם אַרבעטער־קלאַס. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער וועט אין די דאָזיקע נאַציאָנאַלע רייסערייען ברענגען די שווערסטע און בלוטיקסטע קרבנות, וועט קעמפן אין דער קאָנסטיטואַנטע פאַר דער באַזייטיקונג פון יעדן נאַציאָנאַלן דרוק, פאַר דער פולשטענדיקער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג, פאַר שאַפן גאַראַנטיעס פאַר די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין לאַנד — בפרט פאַר די רעכט פון דער יידישער שפּראַך — פאַר נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע פאַר יידן" [10].

די קאָמוניסטישע פאַרטיי האָט גערופן צו באָיקאָטירן די וואַלן. אויך אין בונד זיינען געווען פאַרשפּרייט באָיקאָטיסטישע שטימונגען. די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע האָט מיט אַ מערהייט שטימען באַשלאָסן זיך נישט צו באַטייליקן אין די וואַלן. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אין אַ פאַרעפנטלעכטער דערקלערונג פעסטגעשטעלט: „אָפּזאָגנדיק זיך צו דערפילן דעם פאַרטיי־באַשלוס, שטעלט די איינצלנע אָרגאַניזאַציע מיט דעם גופא איר ווילן איבער דעם ווילן פון דער פאַרטיי, דראָט אַריינצוטראָגן אַ כאַאָס אין פאַרטיי־לעבן און גראָבט אונטער דעם גרונט־יסוד פון יעדער פּראָלעטאַרישער פאַרטיי — די פאַרטיי־דיסציפּלין. דער צענטראַל־קאָמיטעט דריקט אויס זיין פעסטע איבערצייגונג, אַז דער טרויעריקער פאַקט פון דיסציפּלין־ברוך, וואָס קומט פאַר דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון אונזער פאַרטיי, וועט אויך זיין דער לעצטער פון דעם מין, און רופט אַלע פאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס צו שטיין אויף דער

וואָך פון פּאַרטיי־איינִיקייט און דערפילן זייער זעלבסט־פאַרשטענדלעכן חוב, דורכפירנדיק די באַשלוסן פון דער פּאַרטיי־קאָנפערענץ״ [11]).

דער פּאַקט, וואָס די גרעסטע אָרגאַניזאַציע האָט נישט געפאָלגט דעם פּאַרטיי־באַשלוס און באָיקאָטירט די וואַלן, ווי אויך די באָיקאָטיס־טישע שטימונגען אין אַנדערע שטעט (אין לובלין האָט מען אויך זיך נישט באַטייליקט) האָבן אַריינגעבראַכט אַ צעמישונג און געליימט די וואַל־קאַמפּאַניע פון בונד. אַ שטאַרקע שטערונג איז אויך געווען, וואָס במשך פון די לעצטע צוויי וואָכן פאַר די וואַלן (צווישן 18טן און 31טן יאַנואַר 1919), האָט די נייע רעגירונג פון פּרעמיער איגנאַצי פּאַדערעווסקי געהאַלטן פאַרמאַכט די טעגלעכע בונדישע צייטונג לעבענס־פראַגען און אַרעסטירט דעם דרוקער־פּערסאָנאַל און צוויי רעדאַקציע־מיטאַרבעטער (איינער פון זיי איז געווען דער רעדאַקציע־סעקרעטאַר וויקטאָר שולמאַן). אויך אויף די ערטער אין לאַנד האָט די פּאָליציי געשטערט אין דער וואַל־קאַמפּאַניע. אין איינִיקע שטעט האָבן די בונדישע קאַנדידאַטן באַקומען אַ גרויסע צאָל שטימען (די גרעסטע צאָל אין לאָדזש — 7.442). אויף די וואַל־מיטינגען זיינען געווען פיל טויזנטער ווילער. די בונדישע קאַנ־דידאַטן האָבן אָבער נישט געהאַט גענוג שטימען, כדי געוויילט צו ווערן.

נאָך די וואַלן האָט געשריבן ב. מיכאַלעוויטש: „צום גרויסן באַדויערן איז די דאָזיקע אַרבעט (פון פּאָליטישער אויפקלערונג) ביים יידישן פּראָ־לעטאַריאַט שטאַרק פּאַראַליזירט געוואָרן דורך פאַלשע און אילוזאָרישע בליקן פון די יעניקע חברים, וואָס האָבן געמיינט צו שטופּן מיט גע־קינצלטע מיטלען די סאָציאַליסטישע גאולה. זיי האָבן דערביי זיך גע־לאָזט אויפן וועג פון קלענסטן ווידערשטאַנד — אויפן וועג פון באָיקאָט און פּאַסיווקייט. אונזערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן זיך נישט באַטייליקט אין די וואַלן צו דער קאָנסטיטואַנטע, האָבן מיט דעם גופא פאַרפּושט אַ ברענענדיקע אויפגאַבע, וועלכע איז געשטאַנען פאַר זיי אַלס סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס. זיי האָבן פאַרלאָזן די אַרבעטער־מאַסן אין אַזאַ וויכטיקן מאָמענט פאַר זיי און איבערגעלאָזט דעם קאַמף־פּלאַץ פריי פאַר אַלע קעגנער און פיינט פון יידישן אַרבעטער־קלאַס. דאָס איז געווים אַ גרויסער פּאָליטישער חטא און מיר האָבן נישט קיין חשק און גרונט אים צו פאַרגלעטן און פאַרשמירן״ [12]).

**
*

אַ קורצע צייט נאָך די סיים־וואַלן, אין די חדשים פעברואַר און מערץ 1919 (אין אַ צאָל שטעט אויך שפּעטער) זיינען שוין פאָרגעקומען שטאָט־ראַט־וואַלן. אויך דאָס מאָל האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי גערופן צו באָיקאָט. אירע אויפרופן זיינען געווען פול מיט פראַזן וועגן „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט״ און וועגן דער מאַכט פון די אַרבעטער־ראַטן. דער אויפרוף פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ענ־

דיקט זיך מיט די ווערטער: „יעדער באַוואוסטזיניקער אַרבעטער וועט באַיקאָטירן די דאָזיקע וואַלן און וועט זיין שטים ניט אָפּגעבן פאַר די בורזשואַזע שווינדלער אָדער פאַר די פאַרעטער פון סאָציאַליזם — פון פּ. פּ. ס. אָדער פון בונד" [13].

די באַיקאָטיסטן אין בונד האָבן דאָס מאָל אַנדערש באַשלאָסן. זיי האָבן ווייטער זיך געהאַלטן ביי זייער פריערדיקער איינשטעלונג קעגן די אַלגעמיינע דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס און פאַר שטרעבן צו דער מאַכט פון די אַרבעטער־ראַטן, אָבער זיי האָבן נישט געמאַכט קיין באַיקאָ־טיסטישע אויספירן. זיי האָבן געזען די שלעכטע רעזולטאַטן פון איגנאָרירן די סיים־וואַלן — און דעם שלעכטן מצב אין די אַרבעטער־ראַטן אויך — און זיך אָפּגעזאָגט פון דער באַיקאָטיסטישער טאַקטיק.

געאייניקט האָבן די בונדישע אָרגאַניזאַציעס זיך געשטעלט צו דער צווייטער וואַל־קאַמפּאַניע. אין צענטליקער ערטער, בפרט אין די גרויסע שטעט, זיינען בונדישע קאַנדידאַטן געווילט געוואָרן אַלס מיטגלידער פון די שטאָט־ראַטן. סך־הכל זיינען געווילט געוואָרן 160 בונדישע ראַט־מענער.

די גרעסטע צאָל שטימען האָט די בונדישע ליסטע באַקומען אין לאָדזש — 8,925 שטימען און 5 ראַטמענער. דאָס האָט אויסגעמאַכט 25 פּראָצענט פון אַלע אָפּגעגעבענע יידישע שטימען. צווישן די יידישע ליסטעס איז דער בונד געווען אויפן צווייטן אָרט (אויפן ערשטן אָרט איז געווען דער צענטראַלער וואַל־קאָמיטעט — בעיקר ציוניסטן). אין וואַרשע האָט דער בונד באַקומען 7,872 שטימען און 5 ראַטמענער — בערך 20 פּראָצענט פון די יידישע שטימען. אויך דאָ איז די בונדישע ליסטע געווען אויפן צווייטן אָרט (אויפן ערשטן אָרט איז געווען דער בלאָק פון אָרטאָדאָקסן און סוחרים). אין לובלין — 2,416 שטימען און 5 ראַטמענער. צווישן די יידישע ליסטעס איז די בונדישע געווען אויפן ערשטן אָרט. אין טאָמאַ־שאָוו־מאַזאָוויעצקי — 2,036 שטימען און 5 מאַנדאַטן. די אַנדערע 2 יידי־שע ראַטמענער האָבן דורכגעפירט די ציוניסטן. אין פּיעטריקאָוו האָט דער בונד דורכגעפירט 4 ראַטמענער און אַלע אַנדערע יידישע ליסטעס — 3. אויך אין וולאָצלאַוועק איז די בונדישע ליסטע געווען אויפן ערשטן אָרט צווישן די יידישע ליסטעס. אין גריצע — 714 שטימען און 7 ראַט־מענער. אין מאַקאָוו — 577 שטימען און 7 ראַטמענער. גוט זיינען אויך געווען די רעזולטאַטן אין אַ צאָל אַנדערע ערטער [14].

נאָך די וואַלן האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד געגעבן די געווילטע בונדישע ראַטמענער אַזאַ דירעקטיוו וועגן זייער טעטיקייט אין די שטאָט־ראַטן: דאָרט, וואו די מערהייט אין שטאָט־ראַט איז אַ ביר־גערלעכע, דאַרפן די בונדישע ראַטמענער נישט נעמען קיין אָנטייל אין די אָרגאַנען פון שטאָט־ראַט (פּרעזידיום) און אויך נישט פון מאַגיסטראַט (זיי דאַרפן נישט איינשטימען צו ווערן בירגערמייסטער אָדער לאַוניקעס).

דאָרט, וואו די מערהייט אין שטאָט־ראַט איז אַ סאָציאַליסטישע, איז דערלאָזבאַר אַ פאַרשטענדיקונג מיט אַנדערע סאָציאַליסטישע פראַקציעס וועגן צוזאַמענשטעל פון שטאָט־ראַט־פרעזידיום און פון מאַגיסטראַט. בונ־דיסטן קענען ווערן מיטגלידער פון אַ סאָציאַליסטישן מאַגיסטראַט נאָר דעמאָלט, ווען „די מערהייט איז אינגאַנצן איינשטימיק מיט אַלע פאָדע־רונגען, וואָס זיינען פאָרמולירט אין דער בונדישער פּלאַטפאָרם צו די שטאָט־ראַט־וואַלן" [15]).

דעם 12טן און 13טן אָקטאָבער 1919 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען אַ לאַנד־קאָנפערענץ פון געוויילטע בונדישע שטאָט־ראַטמענער. פון 34 שטעט זיינען געקומען 53 דעלעגאַטן — 49 מענער און 4 פרויען. די קאָנפע־רענץ האָט זיך פאַרנומען מיט אַ ריי פּראָבלעמען פון דער מוניציפּאַלער פּאָליטיק, ווי אויך מיט דער טאַקטיק פון די בונדישע ראַטמענער. די אַלע ענינים זיינען באַלויכטן געוואָרן אין אַ ריי רעפעראַטן און אויספירלעכע דיסקוסיעס.

הענריק ערליך האָט רעפערירט וועגן דער בונדישער טאַקטיק אין די שטאָט־ראַטן. אַ טייל רעדנער, בעיקר פון די קלענערע ערטער, האָבן זיך קריטיש באַצויגן צו דער טאַקטיק פון איגנאָרירן די אָרגאַנישע אַרבעט און זיך אַרויסגעזאָגט קעגן נישט־באַטייליקן זיך אין די מאַגיסטראַטן. אָבער די גרויסע מערהייט האָט געהאַלטן, אַז דער צוזאַמענשטעל פון די שטאָט־ראַטן גיט נישט קיין שום מעגלעכקייט פאַר ממשותדיקער, פּאָזיטיווער טע־טיקייט. די פּאַקטישע לאַגע צווינגט צו אַ טאַקטיק פון פּרינציפּיעלער אָפּאָ־זיציע.

וויקטאָר אַלטער האָט רעפערירט וועגן דער יידן־פראַגע אין די שטאָט־ראַטן, גרשון זיבערט — וועגן דער שול־פראַגע, מאָוריצי אָזשעך — וועגן די שטאָטישע פינאַנציעלע ענינים, חיים לייב פּאָזנאַנסקי — וועגן דער דירות־פראַגע, וו. אַלטער — וועגן אַפּראָוויזאַציע, ה. ערליך — וועגן אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים. וועגן די באַהאַנדלטע פראַגן האָט די קאָנפע־רענץ אָנגענומען רעזאָלוציעס. פאַר זיי האָבן געשטימט אַלע באַטייליקטע, אַחוץ עטלעכע אָפּגעהאַלטענע (2, 4, 6).

די רעזאָלוציע וועגן דער טאַקטיק האָט פעסטגעשטעלט, אַז די שטאָט־ראַטן האָבן „נישט געבראַכט מיט זיך קיין ממשותדיקע פאַרבעסערונג אין דער לאַגע פון די ברייטע מאַסן פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג" און „אַזוי לאַנג ווי ס'וועלן עקזיסטירן די היינטיקע פאַרהעלטענישן"... קאָן קיין רייד נישט זיין וועגן אַ ממשותדיקער פאַרבעסערונג פון די „לעבנס־באַדינגונגען פון די מאַסן"... „אונזערע חברים דאַרפן אין די שטאָט־ראַטן מיט דער גרעסטער ענערגיע פאַרטיידיקן די טאָג־טעגלעכע באַדערפענישן און אינטערעסן פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן און שיצן זיי קעגן די אַפּעטיטן פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן. זיי דאַרפן אָבער גלייכ־צייטיק געדענקען, אַז זייער הויפּט־אויפגאַבע באַשטייט אין רעוואָלוציאָני־

זירן דעם באַוואוסטזיין פון די מאַסן״... „נישט קאָנענדיק ביי די געגע־בענע באַדינגונגען נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער שטאַטישער ווירטשאַפט, דאַרפן אונזערע חברים זיך נישט באַטייליקן אין די מאַגיסטראַטן״... „דער פּרינציפּיעלער אונטערשייד צווישן אונזער שטעלונג און דער שטעלונג פון פּ. פּ. ס., בפרט די שטעלונג פון די פּ. פּ.ס.־ישע פראַקציעס צו דער יידן־פראַגע, מאַכן אוממעגלעך אַ דויערנ־דיקע פאַרשטענדיקונג צווישן אונזערע פראַקציעס און די פראַקציעס פון פּ. פּ. ס.. אונזערע חברים מוזן איינהאַלטן אַ פולשטענדיקע זעלבשטענדיקייט בנוגע דער פּ. פּ. ס., נישט אָפּשוואַכנדיק צוליב אַ פאַרשטענדיקונג מיט זיי אונזער פּרינציפּיעלע שטעלונג. מיט די בירגערלעכע פראַקציעס — סיי די פּוילישע, סיי די יידישע — דאַרפן אונזערע פראַקציעס אין קיין שום פאַרשטענדיקונגען נישט אַריינטרעטן״ (אָנגענומען מיט אַלע שטימען ביי 6 אָפּגעהאַלטענע).

די רעזאָלוציע וועגן דער יידישער פראַגע האָט פעסטגעשטעלט, אַז „די ווייט־גרעסטע מערהייט פון די עקזיסטירנדיקע שטאָט־ראַטן איגנאָ־רירן פולשטענדיק די עלעמענטאַרסטע באַדערפעניש פון דער יידישער באַפעלקערונג״... „די גאַנצע טעטיקייט פון אונזערע פראַקציעס דאַרף טראָגן אַן אויסגעשפּראָכענעם קלאַסן־כאַראַקטער סיי אויף דעם געביט פון אַלגעמיינער פּאָליטיק, סיי פון די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. דעריבער נע־מען אונזערע פראַקציעס קיין שום אָנטייל נישט אין די כלל־ישראל־אַקציעס און באַטייליקן זיך נישט אין קיין געמיינזאַמע אַרויסטרעטונגען מיט אַנדערע יידישע גרופּן״. די בונדישע פראַקציעס מוזן פאַרטיידיקן אין די שטאָט־ראַטן: „א) די אמתע גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, וועלכע עקזיסטירט איצט בלויז אויפן פּאַפּיר״... „ב) אָנער־קענען די רעכט פון דער יידישער שפּראַך אין שול־וועזן, אין די באַצי־אונגען צווישן דעם שטאָט־ראַט און דער באַפעלקערונג און אין די פאַר־אָרדענונגען פון שטאָט־ראַט, וואָס רעגולירן דאָס לעבן פון די איינוואוינער. ג) דאָס רעכט פון די יידישע אַרבעטער אויסצוואוילן דעם טאָג פון זייער וועכנטלעכער רו: שבת אָדער זונטאָג. ד) הילף פון שטאָט־ראַט פאַר דער קולטורעלער טעטיקייט פון די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס״... „אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט דאַרפן אונזערע פראַקציעס ווידמען דער פראַגע פון אַרבעט פאַר די יידישע פאָלקס־מאַסן״. ס׳דאַרף געפאָדערט ווערן, אַז מ׳זאָל אָננעמען אָן באַגרענעצונגען יידישע אַרבעטער צו די אַרבעטן, וואָס ווערן געפירט דורכן שטאָט־ראַט... „ביים אָוועקשטעלן די יידישע פראַגע אין שטאָט־ראַט דאַרפן די בונדישע ראַטמענער פּראָ־קלאַמירן די פּרינציפּיעלע פאָדערונג פון בונד — די נאַציאָנאַל־קולטו־רעלע אויטאָנאָמיע״.

די רעזאָלוציע וועגן שול־וועזן האָט אַנטהאַלטן אַ ריי פּונקטן און פאָדערונגען אין הסכם מיטן סאָציאַליסטישן פּראָגראַם אויף דעם גע־

ביט. אין איר איז אויך געווען די פאָדערונג, אַז „דאָס פאַרוואַלטן מיט די שול־ענינים פאַר יידישע קינדער דאַרף זיך געפינען אין דעם רשות פון דעם פאַראינטערעסירטן טייל פון דער באַפעלקערונג". צו דעם צוועק „זאָלן געבילדעט ווערן באַזונדערע יידישע שול־ראַטן"... „אין די שולן, וואָס זיינען באַשטימט פאַר יידישע קינדער אָדער יידישע דער־וואַקסענע צוהערער, זאָל דער לימוד געפירט ווערן אין דער יידישער שפּראַך" [16].

שטאָט־ראַט־וואַלן זיינען אויך פאָרגעקומען אין דער ערשטער העלפט פון די צוואַנציקער יאָרן אין אַ צאָל ערטער און דער בונד האָט זיך אין זיי באַטייליקט.

**
*

דעם 5טן נאָוועמבער 1922 זיינען פאָרגעקומען די וואַלן צום צווייטן סיים. באַיקאָטיסטישע שטימונגען זיינען דאָס מאָל שוין נישט געווען. אַפילו די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אײַנגעזען איר שווערן פעלער און זיך באַטייליקט אין די וואַלן. מיט עטלעכע יאָר פריער האָבן די קאָ־מוניסטן דעם אָנטייל פון די סאָציאַליסטן אין די דעמאָקראַטישע וואַלן באַצייכנט ווי „פאַראַט פון סאָציאַליזם", איצט האָבן זיי אַליין זיך באַ־טייליקט אין אַזאַ „פאַראַט"...

דאָס לאַנד איז געוואָרן איינגעטיילט אין 64 וואַל־דיסטריקטן. דער בונד האָט אַרויסגעשטעלט זיינע קאַנדידאַטן־ליסטעס אין 42 ראַיאָנען, וואו ס'איז געווען אַ יידישע באַפעלקערונג. אַ גרויסע אויפקלערונג אין לעבעדיקן וואָרט און שריפט איז געפירט געוואָרן. דער רעזולטאַט איז געווען: פאַר די בונדישע וואַל־ליסטעס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן 81,473 שטימען. פון זיי אין וואַל־קרייז פון דער שטאָט וואַרשע — 18,986; פון לאָדזש — 12,192; פון ביאַליסטאָק — 5,545; פון לובלין — 4,706; פון ביאַלע פּאָדליאַסקע — 4,084; פון לעמבערג — 3,491; פון סטאַ־ניסלאַוואָוו — 3,582; פון פינסק — 2,302; פון פּיעטריקאָוו — 2,029; פון ווילנע — 1,397; פון קראָקע — 1,376 [17].

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס פאַר די בונדישע ליסטעס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן איבער 80 טויזנט שטימען, האָבן זיי אָבער קיין איין מאַנדאַט נישט באַקומען. דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס זיי האָבן נישט באַוויזן אין קיין איינעם פון די וואַל־קרייזן אָנציען אַזוי פיל שטימען, וויפיל ס'איז דאָרט בייטיק געווען אויף אויסוויילן אַ דעפּוטאַט.

די יידן זיינען נישט געווען קיין גרויסע קאָנצענטרירטע מינדערהייט אין דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. זיי זיינען געווען שטאַרק צעשפּרייט איבערן לאַנד. די יידישע אַרבעטער זיינען געווען אַ מינדערהייט אין אָט דער נאַציאָנאַלער מינדערהייט. אמת, ביי יידן זיינען געווען גרויסע מאַסן אָרימע, פּאַופּעריזירטע צווישן־שיכטן, פּאָטענציעלע וויילער פון סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן. אַ באַדייטנדיקער טייל פון זיי האָט אָבער

גייסטיק און פּאָליטיש נאָך געלעבט מיט אַלטע באַגריפן און זיי האָבן ביי וואַלן אָפּגעגעבן זייערע שטימען פאַר בירגערלעכע קאַנדידאַטן. די יידישע אַרבעטער וואָלטן לכל־הפּחות פון די צוויי גרעסטע שטעט — וואַרשע און לאָדזש — געקענט שיקן אין פּאַרלאַמענט פון פּוילן אייגענע פאַרשטייער, וואָס זאָלן ריידן אין זייער נאָמען און פאַרטיידיקן זייערע פאָדערונגען און אינטערעסן. די שטימען פון די יידישע אַרבעטער זיינען אָבער צעשפּליטערט געוואָרן: דער רוב איז געגאַנגען פאַרן בונד, די רעשט פאַר די קאָמוניסטן און פאַר די לינקע פּועלי־ציון. און צו טיף זיינען געווען די הלוקי־דעות צווישן זיי, אַז זיי זאָלן זיך קענען צונויפמענריידן וועגן אַ וואַל־בלאָק מיט בשותפותדיקע קאַנדידאַטן. ס׳איז אויך נישט געווען מעגלעך אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער פּ. פּ. ס., וואָס האָט רעפּרעזענטירט דעם רוב פון די פּוילישע אַרבעטער אָדער מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. פאַר די וואַלן האָט דער בונד געמאַכט באַמיאונגען וועגן שאַפן אַ סאָציאַליסטישן בלאָק, אָבער זיי האָבן קיין פּעולה נישט געהאַט.

**
*

דעם 11טן יאַנואַר 1919 האָט די רעגירונג אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט וועגן שאַפן אין פּוילן קראַנקן־קאַסעס. דעם 20טן מאַי 1920 האָט דער פּוילישער סיים אָנגענומען אַ געזעץ וועגן איינפירן קראַנקן־קאַסעס פאַר אַלע אַרבעטער, אָנגעשטעלטע און אַנדערע לוין־נעמער. דאָס איז געווען איינער פון די בעסערע געזעצן, וואָס דער פּוילישער פּאַרלאַמענט האָט געשאַפן. אין פאַל פון קראַנקייט האָבן די פאַרזיכערטע באַקומען אומזיסט די נייטיקע מעדיצינישע הילף, ווי אויך געלט־שטיצע במשך אַ לענגערער צייט. פון אָנהייב די צוואַנציקער יאָרן האָט די אַרבעטערשאַפט געווילט אירע פאַרשטייער אין די אָנפירונגען פון די קראַנקן־קאַסעס. דער בונד האָט זיך באַמיט צו שאַפן איינהייטלעכע ליסטעס פון אַלע פּראָלעטאַרישע קלאַסן־פּאַרטייען, אָבער דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן. יעדע פּאַרטיי האָט אַרויסגעשטעלט אַ באַזונדערע ליסטע. בכלל זיינען יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע געווען שוואַכער פאַרטרעטן אין די קראַנקן־קאַסעס. די סיבה פון דעם איז געווען, וואָס פיל פון זיי זיינען געווען באַשעפטיקט אין קלענערע אונטערנעמונגען און זייערע בעלי־בתים האָבן צוליב די אָפּצאָלונגען אויסגעמיטן צו פאַרשרייבן זייערע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. אין די ערשטע יאָרן איז ביי דער אַרבעטערשאַפט געווען אַ קנאַפּע פאַרשטענדעניש פאַר דער וויכטיקייט פון די קראַנקן־קאַסעס. דאָס האָט מען בולט געקענט זען פון דער באַטייליקונג אין די ערשטע וואַלן פון אָן אָנפירונג פון דער אינסטיטוציע אין וואַרשע דעם 25טן סעפּטעמבער 1921. פון די 110 טויזנט וואַל־באַרעכטיקטע האָבן געשטימט סך־הכל אַרום 20 טויזנט (18 פּראָצענט).

די פּאַרלאַמענטאַרישע און מוניציפּאַלע וואַלן זיינען געווען אַלגע־מיינע, אין די וואַלן פון די קראַנקן־קאַסעס האָבן זיך באַטייליקט בלויז יענע שיכטן פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו די דאָזיקע אַנשטאַלטן. ס׳זיינען אויך געווען ריין־יידישע — קהילה־וואַלן.

די קהילות זיינען געווען אַלטע, איינגעפונדעוועטע אינסטיטוציעס אין פּוילן. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט רעליגיעזע, פילאַנטראָפּישע און אַנדערע קהלשע ענינים. אַנגעפירט מיט זיי האָבן די „פּני״. זעלטן־ווען פלעגט געוויילט ווערן די אָנפירונג. דער ברייטער עולם האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך צו באַטייליקן אין די וואַלן צוליב דעם וואָס וואַל־רעכט האָבן געהאַט בלויז עטאַט־צאָלער און זיי האָבן אויס־געמאַכט זייער אַ קליינעם פּראָצענט פון דער צאָל יידן. אין יאָר 1924 זיינען נאָך לאַנגע אָפּשלעפּענישן צום ערשטן מאָל אין אומאָפּהענגיקן פּוילן פאַרגעקומען קהילה־וואַלן.

פאַרן בונד האָט זיך געשטעלט די פראַגע צי ער זאָל זיך באַטיי־ליקן אין אָט די וואַלן. ס׳זיינען געווען יאָ־זאָגער און ניין־זאָגער. נישט צום ערשטן מאָל איז אַזאַ פראַגע געשטאַנען פאַר דעם בונדישן כלל. נאָך אין די צאַרישע צייטן האָט מען דעם ענין דעבאַטירט און אַזוי אויך אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ווי אַ וועלטלעכע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציע, האָט דער בונד נישט געקענט זיין קיין חסיד פון די קהילות, וואָס זיינען אים געווען פרעמד מיט זייער גייסט און אָליגאַרכישער אָנפירונג. אין דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע האָט ער געזען די בעסטע פאָרם פון באַ־פרידיקן די ספּעציפישע באַדערפענישן פון דער יידישער באַפעלקערונג. דערגרייכן נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע איז אָבער מעגלעך געווען בלויז ביי אַ באמת דעמאָקראַטישן רעזשים. אַזאַ מעגלעכקייט האָט זיך געשאַפן ערשט נאָך דער צווייטער רוסלענדער רעוואָלוציע אין יאָר 1917, אָבער אויך די דאָזיקע מעגלעכקייט איז גיך נעלם געוואָרן צוליב דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש. ביי בונדיסטן איז דעריבער געווען אַ געדאַנק, אַז כל־זמן ס׳איז נישט פאַרווירקלעכט די נאַציאָנאַל־קולטו־רעלע אויטאָנאָמיע, דאַרף מען קעמפן פאַר דעמאָקראַטיזירן די קהילות און ענדערן זייער כאַראַקטער. אין די צאַרישע צייטן האָט צוליבן עטאַט, וואָס די אָרימע שיכטן האָבן נישט געקענט צאָלן, נישט געהאַט קיין צוועק אַ בונדישער אָנטייל אין די קהילה־וואַלן. ערשט נאָך דער רעוואָ־לוציע פון 1917, ווען ס׳איז איינגעפירט געוואָרן אַ דעמאָקראַטישע וואַל־אָרדינאַציע, האָט דער בונד אין רוסלאַנד זיך באַטייליקט אין די קהילה־וואַלן. אויך אין פּוילן, וואו ס׳האָבן אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געזאָלט פאַרקומען קהילה־וואַלן, האָט דער בונד באַשלאָסן זיך צו באַטייליקן.

זינט דעמאָלט זיינען אַוועק שטורמישע יאָרן און ס׳זיינען ווידער אַרויפגעשוואומען ספקות. ס׳האָט זיך ווידער אַנטוויקלט אַ ברייטע דיסקוסיע אין די בונדישע אָרגאַניזאַציעס און פּרעסע. אין תּוך האָט מען אין דער דיסקוסיע איבערגעחזרט די זעלבע אַרגומענטן פון פאַר און קעגן, אָבער ביי די קעגנער האָבן נאָך אויך געשפּילט אַ גרויסע ראָל די באָיקאָטיסטישע שטימונגען, וואָס זיינען שוין געווען אויסגעלעבט בנוגע די מוניציפּאַלע און סיים־וואַלן, אָבער זיינען געבליבן פּאַרעקשנט בנוגע די קהילות.

הענריק ערליך האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אָנטייל נעמען אין די וואַלן. ער האָט געשריבן: „נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ס׳וואָלט פון אונזער זייט געווען אַ שווערער פעלער, אויב מיר וואָלטן אין די קומענדיקע וואַלן צו דער גמינע (קהילה) קיין אָנטייל נישט גענומען. און געשלאָגן האָב איך זיך מיט דער דעה דערפאַר, ווייל אין 1918 בין איך געווען קעגן באַטייליקן זיך אין דער גמינע און ווייל ביי אונז אַלעמען — סיי ביי די ניין־זאָגער, סיי ביי די יאָ־זאָגער — איז פאַראַן אַ טיפער און גוט־באַגרינדעטער אומחן און אומ־ווילן צו דער גמינע״... „וואָס אָנבאַלאַנגט אונזער אומווילן און אומ־חן צו דער גמינע, זיינען דאָס בלי־ספק בכבודיקע געפילן. ס׳וואָלט אָבער געווען אַ פעלער צו דערלאָזן, אַז זיי אַליין זאָלן באַשטימען אונזער ענטפער אויף דער פראַגע, וואָס דאָס לעבן האָט פאַר אונז אַוועק־געשטעלט״. ה. ערליך איז מסכים מיט די ניין־זאָגער, אַז „די קאָמ־פּעטענץ פון דער גמינע טויג אויף כפּרות״, אָבער די קהילה איז אַ מאַכט־פּאָזיציע פון אַלע יידישע בירגערלעכע פּאַרטייען און זיי נוצן זי אויס „סיי אויף דער יידישער גאַס, סיי אויף דער אַלגעמיין־פּאָ־ליטישער אַרענע״... „מיר מוזן פון אינעווייניק אויפרייסן די פעסטונג, אין וועלכער די קלעריקאַל־רעאַקציאָנערע בורזשואַזיע האָט פאַרוואַנדלט די גמינעס״... און מ׳דאַרף געדענקען נאָך איין זאַך. די גמינע פאַר־נעמט זיך נישט בלויז מיט בתּי־מדרשים און מקוואות. אויב איר האָט חתונה, אויב ביי אייך ווערט געבוירן אַ קינד, אויב ביי אייך שטאַרבט עמעצער — קאָנט איר די גמינע נישט אויסמיידן, און פּרוּוואוט שפּאַ־צירט זיך דורך איבער די אַרבעטער־וואוינונגען, וועט איר געוואָר ווערן וויפיל צרות יעדער אַרבעטער האָט אויסצושטיין ביי יעדער אַזאַ קלייניקייט. ווער־זשע זאָל פאַרטיידיקן די יידישע אַרבעטער־מאַסע און די גאַנצע אָרימקייט קעגן די עוולות, וועלכע עס באַגייט לגבי איר די גבירישע־רבנישע גמינע, אויב נישט מיר?״

שמואל מרדכי (אַרטור) זיגעלבוים — אַ ניין־זאָגער — האָט אַזוי באַגרינדעט זיין קעגנערשאַפט: „אַז דער יידישער אַרבעטער האָט נישט אינעם איצטיקן מאָמענט קיין שום פּראַקטישן אינטערעס אין דער גמינע, דאָס זיינען מודה די יאָ־זאָגער אויך און דעריבער באַזירט זיך דאָס

יאָ־זאָגן, לויט מיין איבערצייגונג, אויסשליסלעך אויף אַ פּסיכאָלאָגישן מאָמענט: אויף דער מורא פאַר דער אומבאַקוועמער פּאָזיציע פון נישט אַריינמישן זיך אין וואַל־קאַמף. דער דאָזיקער נעגאַטיווער מאָמענט אַליין איז אָבער צו ווינציק, כדי אַריבערצואוועגן די וואָגשאָל אויף יאָ. אַזוי ווי מיר קאָנען נישט אַריינלייגן קיין שום פּאָזיטיוון פּאָליטישן אינהאַלט אין אונזער וואַל־קאַמפּאַניע"... „וואָלט אונזער אָנטייל אין די וואַלן אין פאַרויס פאַראורטיילט געוואָרן אויף אַ דורכפאַל, ווייל קיינער פון די ברייטע מאַסן וואָלט נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס זיי דאַרפן אָפּגעבן זייערע שטימען פאַר אַ פּאַרטיי, וועלכע באַקעמפט אַנטשיידן די גאַנצע גמינע אַזוי ווי זי שטייט און גייט, און וואָס קאָן נישט צוזאָגן, אַז זי וועט אין דער מינדסטער מאָס קאָנען אויסנוצן די גמינע־קאָמ־פּעטענץ פאַר דער לינדערונג פון די נויטן פון די מאַסן" [18]).

אויך מאיר וואַסער, עמנואל נאָוואָגרודסקי און אַנדערע אָנגעזעענע פּאַרטיי־טוער האָבן זיך אַרויסגעזאָגט אין דער פּרעסע קעגן באַטייליקן זיך אין די וואַלן. הייס פּאַרטיידיקט די וואַל־באַטייליקונג האָט י. כמורנער (יוסף לעשטשינסקי) און אַ ריי אַנדערע.

אין חודש אַפּריל 1924 איז דעריבער פאָרגעקומען אַ פּאַרטיי־באַ־ראַטונג צו באַשליסן די שטרייט־פראַגע. אין איר האָבן זיך באַטייליקט 26 דעלעגאַטן פון 20 גרעסערע שטעט. די שטימען האָבן זיך צעטיילט גלייך אויף גלייך און די באַראַטונג האָט קיין באַשלוס נישט געקענט אָננעמען. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אין די גרעסערע בונ־דישע אָרגאַניזאַציעס — וואַרשע, לאָדזש, ביאַליסטאָק און אַנדערע ער־טער — איז פאַראַן אַ גרויסע מערהייט פאַר באַטייליקן זיך. דער צענט־ראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט דעריבער באַשלאָסן, אַז מ'זאָל זיך יאָ באַ־טייליקן אין די קהילה־וואַלן.

דער בונד האָט פאַרעפנטלעכט זיין וואַל־פּלאַטפאָרם, וואָס האָט זיך ראַדיקאַל אונטערגעשיידט פון אַלע אַנדערע. אָפן און קלאָר האָט די בונדישע וואַל־פּלאַטפאָרם זיך אַרויסגעזאָגט פאַר ענדערן דעם כאַראַק־טער פון די קהילות דורך באַזייטיקן פון זיי אַלע רעליגיעזע ענינים.

נישט אומעטום האָבן די בונדישע אָרגאַניזאַציעס זיך געשטעלט צו די וואַלן — סך־הכל אין 24 שטעט. אין זיי האָט דער בונד דורכ־געפירט 46 ראַטמענער (פּרנסים). צופרידנשטעלנדיק איז דער רעזול־טאַט נישט געווען. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דער אינטערעס און די באַטייליקונג אין די וואַלן איז געווען גאָר שטאַרק ביי די פרום־רעליגיעזע שיכטן און שוואַך ביי די וועלטלעכע יידן. און וואָס קלענער ס'איז געווען דער יידישער ישוב, אַלץ גרעסער איז געווען די באַטייליקונג, וואָס איז אין טייל ערטער דערגאַנגען ביז 90 פּראָצענט, בעת אין גרע־סערע יידישע צענטרען האָט די וואַל־באַטייליקונג באַטראָפן נישט מער ווי 40 — 50 פּראָצענט [19]).

## 4. אַנטיסעמיטיזם, טעראָר, פּאָגראָמען

די יידן זיינען געווען גלייכבאַרעכטיקטע בירגער. דאָס איז אָבער געווען בלויז פאָרמעל און אָפיציעל. פּאַקטיש זיינען זיי געווען גאָר ווייט פון גלייכבאַרעכטיקונג. אויף פאַרשיידענע געביטן פון לעבן איז לגבי דער יידישער באַפעלקערונג געפירט געוואָרן אַ פּאָליטיק פון אויס־געשפּראָכענער דיסקרימינאַציע. האַנט ביי האַנט מיט דעם זיינען געגאַנגען די אומאויפהערלעכע אַנטיסעמיטישע העצעס און טעראָר, די אָפטע אָנ־פאַלן און פּאָגראָמען פון צייט צו צייט. מיט געוויסע הפסקות האָט דאָס אָנגעהאַלטן פון די ערשטע טעג פון דער פּוילישער אומאָפּהענגי־קער מלוכה ביז זי איז שוין אַליין געפאַלן אַ קרבן פון די אָנפאַלן מצד אירע שונאים — פון מערב און מזרח.

דער דאָזיקער שאַרפער מצב איז געשאַפן געוואָרן באַלד ביים אָנהייב פון דער נייער מלוכה — אין די יאָרן 1918, 1919 און 1920. אויפן אָרט פון דער פרעמדער מאַכט איז געקומען אַן אייגענע, אַ פּוי־לישע. געוויסע עלעמענטן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג און מילי־טער, באַווירקט פון דער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע, זיינען געווען אי־בערצייגט, אַז יידן זיינען הפקר. די פּוילישע רעגירונג־אָרגאַנען האָבן נישט אָנגענומען די געהעריקע מיטלען באַצייטנס נישט צו דערלאָזן די עקסצעסן, האָבן נישט רעאַגירט בעת זיי זיינען פאָרגעקומען און אין טייל פאַלן זיי אָפּגעשטעלט ערשט דעמאָלט, ווען זיי האָבן אָנגענומען די שאַרפסטע פאָרמען. נאָך אַנטי־יידישע עקסצעסן איז די שולד אָפט אַרויפגעוואָרפן געוואָרן נישט אויף די רויבער, שלעגער און מערדער, נאָר אויף זייערע קרבנות. די פאָרשטייער פון דער רעגירונג און פון דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע האָבן עס געטון גראָב און אומפאַר־שעמט, געוויסע ליבעראַלע וואָרט־זאָגער האָבן געפּרוּווט די זאַך פאַר־שלייערן מיט „היסטאָרישע" סיבות און ירושות. זייערע רופן אָפּצושטעלן די אָנפאַלן אויף יידן האָבן געקלונגען שוואַך. זייער ווייניק זיינען גע־ווען אויפריכטיקע, שטאַרקע פּראָטעסטן מצד פּוילישע אויטאָריטעטע וואָרט־זאָגער, וועלכע האָבן די אַנטי־יידישע וואַקכאַנאַליע באַטראַכט ווי אַ פלעק אויפן נאָמען פון פּוילן און וואָס זייער פאַראורטיילונג איז גע־ווען אַ געשריי פון געוויסן.

די אָנפאַלן אויף יידן, די צעשטערונגען און פּאָגראָמען זיינען פאָר־געקומען אי אין גרויסע שטעט, אי אין די שטעטלעך. זיי האָבן זיך

אנגעהויבן באַלד פון ערשטן טאָג, ווען פוילן האָט זיך דערפילט פריי — פאַר די אַנטיסעמיטישע אַקטיוויסטן און כוליגאַנעס האָט עס געמיינט פראַנק און פריי זיך וואַרפן אויף די יידן.

שוין דעם 11טן נאָוועמבער 1918 האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם אין קעלץ. עטלעכע טעג האָט ער געדויערט. 3 יידן האָט מען דער־הרגעט און העכער 500 פאַרוואונדעט. פיל היימען און געוועלבער זיי־נען געוואָרן צערויבט און צעשטערט. דעם 11טן נאָוועמבער 1918 האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם אין פשעמישל (גאַליציע). איין ייד איז געפאַלן טויט און צענטליקער זיינען געוואָרן פאַרוואונדעט.

לויטן פאַרנעם און דער צאָל קרבנות האָט דאָס ערשטע אָרט פאַרנומען לעמבערג — די הויפּט־שטאָט פון מזרח־גאַליציע. נאָכן צוזאַמענברוך פון דער עסטרייך־אונגאַרישער מאָנאַרכיע איז די שטאָט פאַרנומען געוואָרן דורך אוקראַיִנישע באַוואָפנטע כוחות. אין רעזול־טאַט פון אַ ריי שלאַכטן האָט פּויליש מיליטער באַזיגט די אוקראַיִנער און דעם 22טן נאָוועמבער 1918 באַהערשט די שטאָט. באַלד אין זעלבן טאָג האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם, וואָס האָט געדויערט 3 טעג. דער טראַגישער סך־הכל איז געווען: 73 יידן דערמאָרדעט, 280 שווער־פאַרוואונדעט, הונדערטער לייכט־פאַרוואונדעט ; 54 הייזער, צווישן זיי 3 סינאַגאָגעס און עטלעכע בתי מדרשים, פאַרברענט ; 500 יידישע גע־שעפטן פולשטענדיק אויסגערויבט. בערך 2,000 נפשות זיינען געוואָרן היימלאָז. געליטן האָבן ביז 4,000 פאַמיליעס. לויט אַנדערע ידיעות איז די צאָל טויטע געווען אַ סך העכער. וואָסערצוג, אַ מיטגליד פון דער קאָמיסיע, וואָס די רעגירונג האָט געשיקט קיין לעמבערג אין שייכות מיטן פּאָגראָם, האָט דערקלערט, אַז בערך 150 פערזאָן זיינען געטויט געוואָרן. ער האָט געזאָגט, אַז דער פּאָגראָם איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אויסערגעוויינלעכער גרויזאַמקייט און די יידישע באַפעל־קערונג איז בכלל אויסגעשטאַנען די מוראדיקסטע ענוים.

אויך וואָכן נאָכן דריי־טאָגיקן פּאָגראָם האָבן אין לעמבערג נישט אויפגעהערט רויבערייען, שענדן פרויען, אַרעסטן פון אומשולדיקע און אַנדערע נגישות. די שאַנד־טאַטן זיינען אויסגעפירט געוואָרן אי פון ציווילע, אי פון זעלנער. די פּוילישע אַרמיי־אָנפירונג און די אַנטיסע־מיטישע פּרעסע האָבן באַשולדיקט די יידן, אַז בעת די פּויליש־אוקראַיִ־נישע קאַמפן האָבן זיי זיך געשטעלט אויף דעם אוקראַיִנישן צד און געשאָסן אויפן פּוילישן מיליטער ; זיי האָבן אַרויסגערוקט נאָך אַנדערע אומזיניקע באַשולדיקונגען, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום יסוד. דאָס האָט אונטערגעהאַלטן דאָס פייער פון האַס און רציחה, און גע־שטערט איינצושטעלן רו און אָרדענונג.

אין אַ קלענערן פאַרנעם זיינען געווען אַנטי־יידישע עקסצעסן אין פיל ערטער, בתוכם אַזעלכע גרויסע שטעט, ווי וואַרשע, לאָדזש, קראָקע,

לובלין. אין די צוויי חדשים נאָוועמבער און דעצעמבער 1918 זײַנען אין פּוילן פאָרגעקומען העכער 150 גרעסערע און קלענערע פּאָגראָמען [20].

אין יאָר 1919 זײַנען ווידער פאָרגעקומען הריגות און פּאָגראָמען. בעת אין יאָר 1918 זײַנען די גרעסטע צאָל יידישע קרבנות געווען אין גאַליציע, ווי אַן עפּילאָג פון פּויליש־אוקראַיִנישן פאַרמעסט, איז אין יאָר 1919 אַזאַ טראַגישער עפּילאָג געווען אויף די אַזוי־גערופענע מזרח־קרעסן (פּאָלעסיע, וואָלין, ליטווישער ראַיאָן) און איז געקומען אין רעזולטאַט פון דער פּויליש־סאָוועטישער מלחמה. צוויי שטעט האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער בלוטיקער פּראָצעסיע: פּינסק און ווילנע.

דעם 5טן אַפּריל 1919 האָט אַ פּוילישע מיליטערישע אָפּטיילונג קאַלטבלוטיק דערשאָסן אין פּינסק 35 יידן (לויט אַנדערע ידיעות 38). דער רוב פון זיי זײַנען געווען כלל־טוער, ציוניסטן און אומפּאַרטייאישע. צווישן די דערשאָסענע זײַנען אויך געווען 2 בונדישע טוער: משה גלויבערמאַן — אַ סעקרעטאַר פון מאַגיסטראַט, און אברהם חיים האַלצמאַן — אַ פּראָוויזאָר און לערער. אין ציוניסטישן לאָקאַל בית־עם איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג וועגן פאַראײַניקן עטלעכע קאָאָפּעראַטיוון און ס'זײַנען אַהין אויך געקומען אָרימע יידן וועגן אַמעריקאַנער שטיצע אויף פּסח. אַ יידישער זעלנער, דניאל קאָזאַק, אַ פּראָפעסיאָנעלער גנב פון קאָברין (ער איז שפּעטער אַרעסטירט געוואָרן פאַר אויספּירן, צוזאַמען מיט עטלעכע דעזערטירן, אַ רויב־אָנפאַל), האָט געמאָלדן דעם שטאָט־קאָמענדאַנט מאַיאָר לוטשינסקי, אַז אין בית־עם קומט פאָר אַ באָלשעוויסטישע פאַרזאַמלונג. אַ מיליטערישע אָפּטיילונג האָט באַלד אַרומגערינגלט דאָס הויז, צענטליקער צעשלאָגן און אַרעסטירט. דער קאָמענדאַנט האָט נישט דורכגעפירט קיין אויספאָרשונג און אַפילו נישט פאַרשריבן די נעמען פון די אַרעסטירטע, נאָר באַפוילן אַ טייל פון זיי גלייך דערשיסן. די אַרעסטירטע האָט מען צוגעפירט צו דער וואַנט פון אַ מאָנאַסטיר. די זקנים און פרויען האָט מען געהייסן אַרויסגיין פון דער ריי און די פאַרבליבענע ביי דער וואַנט האָט מען דערשאָסן. דער אַרמיי־שעף גענעראַל ליסטאָווסקי האָט נאָך אַרויפגעלייגט אויף די פּינסקער יידן אַ קאָנטריבוציע פון 100 טויזנט רובל.

צווישן די כלומרשטע באַוויזן, אַז די דערשאָסענע זײַנען געווען באָלשעוויקעס, זײַנען געווען מגן־דודלעך אין די לאַצן פון טייל ציוניסטן. די אָפיצירן האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז דער „באָלשעוויסטישער שטערן". שפּעטער האָט מען צוגעלייגט צו די אַקטן פון דער אויספאָרשונג־קאָמיסיע, וואָס דער פּוילישער סיים האָט אַראָפּגעשיקט, אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ גרויסער גרופּע מענטשן מיט רעוואָלווערן און קינזשאַלן אין די הענט. דאָס האָט געזאָלט זײַן אַ באַווײַז, אַז יידן האָבן זיך צוגעגרייט אָנצופאַלן אויפן פּוילישן מיליטער. אין דער ווירקלעכקייט איז עס געווען אַ פאָטאָגראַפיע פון דער בונדישער זעלבסטשוץ

(ב. אָ.), וואָס איז גענומען געוואָרן מיט 14 יאָר פריער, אין 1905. דער באַריכט פון דער סיים־קאָמיסיע האָט סוף־כל־סוף געמוזט פעסטשטעלן די אומשולד פון די דערשאָסענע [21].

אין חודש אַפּריל 1919 האָט פּויליש מיליטער פאַרנומען ווילנע און די אַרומיקע געגנט נאָכן פאַרטרייבן די באָלשעוויסטישע באַוואָפנטע כוחות. באַלד נאָכן באַהערשן ווילנע האָט אין שטאָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם. דער אָנהייב איז געווען דעם 19טן אַפּריל. עטלעכע טעג זיינען פאָרגעקומען שיסערייען, פּייניקונגען, אַרעסטן, רויבערייען און צע־שטערונגען. אויף לוקישקעס (אַ קוואַרטאַל אין ווילנע) „האָט מען אַ גרופּע אַרעסטירטע יידן געהייסן אויסגראָבן פאַר זיך אַליין אַ קבר. נאָך דעם האָט מען די יידן דערשאָסן און זיי אַריינגעוואָרפן אין קבר אַריין״... „מען רעכנט, אַז ס'זיינען אַרעסטירט געוואָרן אַרום דריי טויזנט ווילנער יידן. מ'האָט זיי מערסטנטייל אָפּגעפּירט קיין לידע און איבערן וועג נישט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ״. צווישן די דערשאָסענע איז אויך געווען דער געוועזענער בונדישער טוער, דער שרייבער א. וויטער (איזיק מאיר דעווענישסקי).

דעם 6טן מאַי 1919 האָט די ווילנער קהילה אין אַן איינשטימיק אָנגענומענער פּראָטעסט־רעזאָלוציע פעסטגעשטעלט, אַז פיל האָט מען דערהרגעט, הונדערטער צעשלאָגן אין זייערע וואוינונגען און אין די גאַסן, טויזנטער יידן זיינען געוואָרן אַרעסטירט און טויזנט יידישע היי־מען האָט מען צעראַבירט. מיט בילבולים האָבן די פאַראַנטוואָרטלעכע פּוילישע פאַקטאָרן געוואָלט פאַרענטפערן די מערדערייען און די אַנ־דערע אַכזריותדיקע מעשים [22].

אין מאַי 1919 איז אין טשענסטאָכאָוו פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם. דער בלוטיקער בילאַנס: 7 יידן טויט, צענטליקער פאַרוואונדעט און פיל צעשלאָגענע. יידישע היימען און געשעפטן — צעראַבירט [22].

***

זומער 1919 האָט דער בונד דורכגעפירט אין לאַנד אַ גרויסע אַקציע קעגן דעם אַנטי־יידישן טעראָר, די עקסצעסן און פּאָגראָמען. אויף די מאַסן־פאַרזאַמלונגען האָבן די רעדנער געשטעמפּלט די מעשים־תעתועים, וואָס ווערן אָפּגעטאָן לגבי דער יידישער באַפעלקערונג. לויט דער רע־קאָמענדאַציע פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָבן די פאַרזאַמלטע אָנגענומען אַ שאַרפע פּראָטעסט־רעזאָלוציע. אין איר איז געווען גע־זאָגט:

„די פּאָגראָמען, וואָס רופן זיך צום שווערסטן אָפּ אויף די אַרבעטער־שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, זיינען אין די הענט פון דער רעאַקציע אַ מיטל אָפּצושוואַכן און דערשטיקן די רעוואָלוציאָנערע אַר־בעטער־באַוועגונג. די פּאָגראָם־העצע און די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע

געפינען נישט קיין גענוגנדיקן ווידערשטאַנד מצד די פּוילישע סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען און ספּעציעל פון דער פּ. פּ. ס., נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס דער קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם מוז זיין די אויפגאַבע פון יעדער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע". די רעזאָלוציע האָט גע־שטעמפּלט די צביעותדיקע פּאָליטיק פון דער פּוילישער בורזשואַזיע, וועלכע שאַפט די פּאָגראָם־שטימונג און העצט אומאויפהערלעך קעגן יידן, אָבער גלייכצייטיק שטעלט זי זיך אַרויס פאַר דער אויסערלעכער וועלט אַלס קעגנער פון פּאָגראָמען. די רעזאָלוציע רופט די יידישע אַרבעטער נישט צו פאַרלירן דעם מוט אונטערן דרוק פון די גרויזאַמע געשעענישן און „פאָדערט אויף אַלע אויפריכטיקע פּוילישע סאָציאַליסטן זיך אַנט־קעגנשטעלן מיט דער גאַנצער ענערגיע קעגן דעם וואַקסנדיקן אַנטי־סעמיטיזם, קעמפנדיק ספּעציעל פאַר דער אַנערקענונג פון די עלע־מענטאַרע מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט פון די יידישע מאַסן" [24]).

דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט האָט אַרויסגעלאָזט אַ שאַרפן אויפרוף קעגן די פּאָגראָמען. אין אים איז געווען געזאָגט:

„כמעט יעדער טאָג ברענגט ידיעות וועגן פּאָגראָמען און אַנטי־יידישע עקסצעסן אין פאַרשיידענע פּראָווינציעלע שטעט; וועגן רוי־בערייען, וואָס ווערן באַגאַנגען איבער דער יידישער באַפעלקערונג אויף די באַנען; וועגן שלאָגן, פּייניקן, אָפּשניידן די בערד. נישט איינמאָל זיינען שוין אַזעלכע גוואַלט־טאַטן פאָרגעקומען אויך אויף די גאַסן פון וואַרשע און פּראָגע" (אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע).

נאָכן אויפקלערן די כוונות פון דער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע און די שעדלעכקייט פון איר, זאָגט דער אויפרוף:

„דער פּוילישער אַרבעטער — צי ער טראָגט אַן אַרבעטער־בלוזע אָדער אַ סאָלדאַטן־מונדיר — מוז געדענקען, אַז די וואָס ריידן אים אָן צו גוואַלט־טאַטן איבער דער שוצלאָזער יידישער באַפעלקערונג, זיינען פּראָוואָקאַטאָרן: זיי זיינען אַגענטן פון זיינע קלאַסן־שונאים, לאַקייען פון די גוט־באַזיצער, פאַבריקאַנטן און פאַסקאַזשעס. און דעריבער קאָן דער פּוילישער אַרבעטער נישט בלויז נישט לאָזן זיך פּראָוואָצירן דורך די דאָזיקע מאָראַלע באַנדיטן, נאָר ער איז מחויב זיי צו באַקעמפן. ער מוז אויף אַן ענערגישן און אַנטשלאָסענעם אופן זיך אַנטקעגנשטעלן יעדער אַרבעט זייערער. זאָל דער פּוילישער אַרבעטער געדענקען, אַז יעדער פּאָגראָם אויף יידן — איז אַ נצחון פון דער רעאַקציע, איז אַ בזיון, וואָס די דינער פון דער רעאַקציע ווילן ברענגען אויפן לאַנד" [25]).

לויט געוויסע פאַרצייכענונגען, האָבן פּוילישע אַרמיי־אָפּטיילונגען אין פּעריאָד 1919 — 1921 דורכגעפירט 32 פּאָגראָמען, אין וועלכע 134 יידן זיינען געוואָרן דערהרגעט און הונדערטער פאַרוואונדעט. אַחוץ דעם

האָבן די מיליטערישע באַנדעס פון אַטאַמאַן באַלאַכאָוויטש אויף די מזרח־קרעסן דורכגעפירט 47 פּאָגראָמען [26].

אויך אין די ווייטערדיקע יאָרן האָט די יידישע באַפעלקערונג קיין רו און זיכערקייט נישט געהאַט. די אָנפאַלן און עקסצעסן זיינען אָבער נישט געווען אַזוי אָפט און נישט געהאַט אַזאַ בלוטיקן פאַרלויף.

*****

אין דער פּוילישער געזעלשאַפט איז נישט געווען קיין איין שיכט, וואָס זאָל אָפן און דרייסט פירן אַן אַקציע קעגן אַנטיסעמיטיזם און זיינע גרויל־טאַטן. נישט אַלע האָבן דעם אַנטיסעמיטיזם אַקצעפּטירט, אָבער צופיל אַנגאַזשירן זיך קעגן אים איז נישט געווען קיין חשק. פאַרוואָס? — אין שייכות מיטן צעיושעטן אַנטיסעמיטיזם און די אָנפאַלן אויף יידן האָט די בונדישע פרעסע געשריבן וועגן דער נישט־געהעריקער אויפפירונג פון די פּוילישע סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן. דער בונדישער אָרגאַן אין דער פּוילישער שפּראַך האָט וועגן דעם געשריבן:

... „וואָס מער עס פאַרשטאַרקן זיך די אַנטיסעמיטישע השפּעות, אַלץ שוואַכער און שטילער ווערן די פּראָטעסטן פון די פּוילישע סאָציאַליסטן. ס'וועט נישט זיין קיין גוזמא צו זאָגן אַז אין דער היינזיכט האָבן די לעצטע אידייאיש קאַפּיטולירט“... „צווישן די פּוילישע אַרבעטער־מאַסן געפינט דער אַנטיסעמיטיזם אַ פּרוכטבאַרן באָדן נישט בלויז צוליב דעם אַנטייל פון די יידן אין מסחר פון לאַנד. אַ מער וועזנטלעכע סיבה איז דער פאַקט וואָס מ'האָט במשך פון פיל יאָרן איינגעוואָרצלט דעם באַגריף, אַז אַ ייד, אַפילו אַ יידישער אַרבעטער, איז עפּעס אַ נפש, צו וועלכן מ'דאַרף זיך באַציען מיט פאַראַכטונג, מיט גרינגשעצונג; אַז כל־זמן דער יידישער אַרבעטער וועט נישט ווערן ענלעך צום פּוילישן אַרבעטער, דאַרף מען אים נישט געבן קיין גלייכע רעכט מיט דעם לעצטן. אייגנטלעך אויף דעם פּסיכישן יסוד בליט זיך פאַנאַנדער אַפילו צווישן די אַרבעטער־מאַסן דער רעאַקציאָנערער בירגערלעכער אַנטיסעמיטיזם. דעריבער קען נישט זיין קיין ערנסטער קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם צווישן פּוילישן פּראָלעטאַריאַט, אויב מ'אָנערקענט נישט די פאָדערונגען פון די יידישע אַרבעטער, ווי אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט. ס'איז נישט מעגלעך קיין קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם, כל־זמן מ'האַלט, אַז די יידישע מאַסן אין פּוילן קענען נישט האָבן די זעלבע רעכט, וואָס ס'האָבן די פּוילישע, אוקראַינישע, ליטווישע. ס'איז נישט מעגלעך קיין קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם, כל־זמן מ'שטייט נישט אויפן שטאַנדפּונקט, אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט אַליין רעכט צו באַשטימען וועגן זיין קולטור און וועגן זיין שפּראַך. און דעריבער שטעלן מיר פעסט, אַז די פּוילישע סאָציאַליסטן פירן נישט צווישן די פּוילישע מאַסן אַווירקלעכן קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם. כאָטש זיי פאַראורטיילן די פּאָגראָמען, נעמען אָן אַנטשפּרעכנדיקע רעזאָלוציעס (טייל טוען עס מיט

אַ האַלבן מויל), האָבן זיי אָבער נישט קיין מוט אָפּן, עפנטלעך און כסדר פּאַרטייִיקן דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַ ייִד (בפירוש אַ ייִד, און נישט אַ פּאָליאַק פון משהס אמונה) האָט פולשטענדיק צוגלייך מיט אַנדערע רעכט אין אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. נאָך ערגער, נישט בלויז אין מלוכהשן האַרנעם, נאָר טיילמאָל אַפילו אין אַלגעמיינע אַרבעטער־אינסטיטוציעס, וואָס שטייען אויפן קלאַסן־שטאַנדפּונקט, באַהאַנדלען די פּוילישע סאָציאַליסטן די ייִדישע אַרבעטער ווי מיטגלידער פון דער צווייטער מדרגה, ווי ס׳איז, למשל, אין פאַרבאַנד פון די אַרבעטער קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון״... „אַזאַ טאַקטיק העלפט אָביעקטיוו צו פאַרפעסטיקן ביי די פּוילישע מאַסן דעם באַגריף, אַז ייִדן זיינען עפּעס אַ קאַסטע, וואָס די רדיפות אויף איר זיינען באַרעכטיקט, און מיט דעם גופא העלפט מען פאַרשטאַרקן די אַנטיסעמיטישע איינפלוסן״.

מיט איין וואָרט, אַ גאַמע פון שטימונגען — „פון ׳אַסעמיטיזם׳, וואָס אָנערקענט נישט פאַרן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט די עלעמענטאַרע שפּראַכן־רעכט, ביזן פּשוטן בירגערלעכן אַנטיסעמיטיזם״.

די קאָמוניסטן אָנערקענען אין פּרינציפּ פאַר די ייִדישע אַרבעטער די זעלבע רעכט, ווי דעם פּראָלעטאַריאַט פון די אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, „אָבער... פּרינציפּ און פּראַקטיק לעבן נישט שטענדיק בשלום. אַפילו די קאָמוניסטן, וואָס זיינען בכלל קעגנער פון יעדן מין קאָמפּראָמיסן, זיינען אין דעם ענין אויסערגעוויינלעך נוטה צו אָפּאָרטוניסטישע נאָכגיביקייטן לגבי די הערשנדיקע שטימונגען״ [27]).

טיילמאָל זיינען די אַרויסטרעטונגען און אויפפירונגען פון די פּוילישע סאָציאַליסטישע פירער געווען ממש סקאַנדאַליעזע. אין אויסלאַנד האָבן די פּאָגראָמען געשאַפן אַ שלעכטן שם פאַר פּוילן. די פּ. פּ. ס. האָט געשיקט קיין אויסלאַנד איינעם פון אירע אָנגעזעענע פירער, דעם דעפּוטאַט הערמאַן ליבערמאַן (אַ ייִד פון פּשעמישל) אָפּצושוואַכן דעם שלעכטן איינדרוק אין די ליבעראַלע און סאָציאַליסטישע קרייזן. אין פּוילישן סיים האָט דער אָנגעזעענסטער פירער פון דער פּ. פּ. ס., איגנאַצי דאַשינסקי, געפּרואווט מאַכן צו קליינגעלט דאָס אַלץ, וואָס מ׳האָט אָפּגעטון לגבי דער ייִדישער באַפעלקערונג. אין פּוילן, האָט ער געזאָגט אין זיינער אַ רעדע, קומען נישט פאָר קיין פּאָגראָמען. ס׳זיינען בלויז געווען „אומשולדיקע שפּילערייען פון אַ פריזירישן אָדער שייטלדיקן כאַראַקטער״ (זעלנער האָבן געכאַפּט ייִדן אין גאַס און ביי זיי אָפּגעשוירן באָרד און פּיאות — טיילמאָל מיט אַ שטיק פלייש פון פּנים — און ביי ייִדישע פרויען אַראָפּגעריסן די שייטלען פון די קעפּ)... אויב, האָט ער ווייטער געזאָגט, ס׳זיינען געווען מער ערנסטע געשעענישן — רויבערייען און מאָרדן — זיינען זיי פאָרגעקומען אין באַדינגונגען פון שרעקלעכע שלאַכטן (בעת די קריג־אָפּעראַציעס אויף די מזרח־פראָנטן) [28]).

אַריינגעפּאַסט זיך אין דער דאָזיקער אַלגעמיינער איינשטעלונג האָט אויך די גאָר סקאַנדאַליעזע אויפפירונג פון אַנגעזעענעם פּעפּעסישן פּי־דער, דעפּוטאַט הערמאַן דיאַמאַנד. אַליין אַ ייד, וואָס האָט זיין פאַרלאַ־מענטאַרישע קאַריערע אין עסטרייך געהאַט צו פאַרדאַנקען די יידישע ווילער אין לעמבערג, האָט ער געשוויגן אַפילו, ווען זיינע אייגענע וויי־לער זיינען פאַגראַמירט געוואָרן (מ׳האָט אים פריער געוויילט אין עסט־רייכישן פּאַרלאַמענט און אויפן סמך פון דעם איז ער אויטאָמאַטיש אַריין אין ערשטן פּוילישן סיים, ווייל אין מזרח־גאַליציע זיינען קיין וואַלן דעמאָלט נישט פאָרגעקומען).

ד״ר קאַראָל אייגאייגלער און אָשר שאַפּיראָ האָבן אין נאָמען פון לעמבערגער קאָמיטעט פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין גאַליציע פאַרעפנטלעכט אַן אָפענעם בריוו, מיט אַ זייער שאַרפן אינ־האַלט, אַדרעסירט צו דיאַמאַנדן. די יי. ס. ד. פּ. האָט אים געהאָלפן געוויילט ווערן אין דריטן וואַל־קרייז פון לעמבערג. ער האָט דעמאָלט צוגעזאָגט, אַז ער וועט אונטערשטיצן יעדע וועזנטלעכע פאָדערונג פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. אָבער, איז געווען געזאָגט אין אָפענעם בריוו, ער האָט זיין פייערלעכן צוזאָג נישט געהאַלטן. במשך פון די 7 יאָר, וואָס זיינען אַוועק, האָט ער זיך געהאַלטן ווייט פון זיינע יידישע און אַרבעטער־ווילער און אַפילו פיינטלעך צו זיי. און ביים אָנהייב פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט האָט אַ כוואַליע פּאָגראָמען פאַרפלייצט דאָס לאַנד, אָבער דיאַמאַנד האָט געשוויגן.

„איר האָט געשוויגן, הגם אייער חוב איז געווען — שוין נישט ווי אַ ייד, נאָר ווי אַ מענטש, אַ בירגער, אַ דעפּוטאַט, אַ סאָציאַליסט — הויך צו פּראָטעסטירן און ווי אַ סאָציאַליסט צו ווירקן. און איר האָט געקענט ווירקן, ווייל איר זענט געווען אַ מיטגליד פון פּ. ק. ל.״ (פּוילישע ליק־ווידאַציע־קאָמיסיע — אַ רעגירונג־קאָמיסיע פאַר גאַליציע, וואָס האָט געהאַט אַ ריי וויכטיקע פונקציעס אויסצופירן). „אַנשטאָט מענלעך און ווירדיק, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גרויסן בירגער, זיך שטעלן אין פּאַרטיי־דיקונג פון באַליידיקטן מענטשלעכקייט־געפיל; אַנשטאָט צו פאַרטיידיקן די צעראַבירטע יידישע אָרימע מאַסן; אַנשטאָט מוטיק צו זאָגן צו די מאָראַליש־שולדיקע פון די דאָזיקע שחיטות, וואָס זיצן צוזאַמען מיט אייך אין פּ. ק. ל., ס׳איז אייער שולד, האָט איר, אַ סאָציאַליסט — צי מחמת חרפה, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן יידיש בלוט? — דערלויבט די דאָזיקע הערן פון דער רעגירונג אַרויסגעבן אָפיציעלע דערקלערונגען, וואָס דראָען יידן מיט פּאָגראָמען דערפאַר, וואָס די געמאָרדעטע האָבן אַלאַרמירט, אַז זייער בלוט גיסט זיך!״

דער אָפענער בריוו האָט זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויפן פּאָגראָם אין לעמבערג, וואָס האָט געדויערט 3 מעת־לעת: „הונדערטער יידן האָט מען געמאָרדעט און לעבעדיקערהייט פאַרברענט, מ׳האָט אַוועקגעלאָזט

מיטן רויך הייזער און גאַנצע גאַסן. און דעמאָלט, ווען ס׳איז פאַרגעקו־מען די דאָזיקע בלוטיקע טראַגעדיע, וואָס האָט נישט קיין בײַשפּיל אין דער געשיכטע — די טראַגעדיע פון דעם יידישן אַרבעטער־קוואַרטאַל פון לעמבערג — זייט איר, דער רעפּרעזענטאַנט פון די דאָזיקע פאַרברענטע און געמאָרדעטע, געשטאַנען פונדערווייטנס״... „צוזאַמען מיט דער פּ. ק. ל., מיטן בלייבן אין איר, מיטן שווייגן אַפּראָבירט איר בולט יידישע פּאָליטיק, ריכטיקער — אַנטי־יידישע!״

„איר האָט נישט מער קיין רעכט צו רעפּרעזענטירן אונז, יידישע אַרבעטער. מיר נעמען אייך צו די דאָזיקע רעכט״... איר דאַרפט לייגן אייער מאַנדאַט, וואָס איר האָט באַקומען מיט 7 יאָר צוריק פון די ווילער אין 3טן קוואַרטאַל פון לעמבערג [29].

# 5. אידעאָלאָגישע וויכוחים און פּאָליטישע שטרייטן

הגם אַ שטענדיק דיסקרימינירטע און אָפט טעראָריזירטע מינדער־הייט, האָט די יידישע באַפעלקערונג דאָך באַוויזן צו שאַפן און אַנטוויקלען אַ רייך און דיפערענצירט געזעלשאַפטלעך לעבן, וואָס האָט געשפּרודלט מיט גייסטיק־קולטורעלע שאַפונגען. צעטיילט לויטן אַלטן און מאָדערנעם לעבנס־שטייגער, לויט די פּאָליטישע איינשטעלונגען און אידעאָלאָגישע שיטות, זיינען די יידן אויך געווען צעצוויגט אין כלערליי אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען לויט די סאָציאַלע שיכטן און אַנדערע סימנים. און קיין האַרמאָניע צווישן זיי איז נישט געווען און האָט נישט געקענט זיין. כסדר איז צווישן זיי אָנגעגאַנגען אַ קאַמף פאַר השפּעות און פּאָזיציעס. דער בונד איז געווען אין דער געדיכטעניש פון די הייסע וויכוחים און שטרייטן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אויף דער יידישער גאַס.

אַחוץ די פּראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישע זיינען ביי יידן געווען פיר הויפּט־ריכטונגען: די אָרטאָדאָקסיע אין אַלע אירע נוסחאות, די ציוניסטישע באַוועגונג אין אירע פאַרשיידענע צווייגן, די פאָלקיסטן און די אַסימילאַטאָרן. דער בונד האָט זיי באַקעמפט, ווי זיי האָבן אים באַקעמפט. זייער פּאָליטישער דרך איז נישט געווען דער בונדישער דרך, אַזוי אויך זייערע אידעאָלאָגיעס. די אָרטאָדאָקסיע און די אַסימילאַטאָרן האָבן נישט געהאַלטן פון קאַמף און אָפּאָזיציע. זיי האָבן געוואָלט זייערס דערגרייכן דורך שתדלנות און צופּאַסן זיך. אַ טייל ציוניסטן זיינען אויך געגאַנגען אויף דעם וועג, אין די שפּעטערע יאָרן — אויך די פאָלקיסטן. דער בונד האָט דאָס אַנטשיידן באַקעמפט און כסדר אָנגעוויזן, אַז די טאַקטיק פון קאָלאַבאָראַציע מיט די רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע רעגירונגען אָדער שטאָט־פאַרוואַלטונגען וועט נישט און קען נישט ענדערן די לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג און די באַציאונג צו איר מצד די פּוילישע שכנים. די פּאָליטישע אַרגומענטאַציע איז באַגלייט געוואָרן מיט אידייאישע מאָטיווירונגען און פאַקטן פון לעבן.

**
*

וויכטיק און באַגרענעצט איז געווען די צוזאַמענאַרבעט מיט די אַנדערע אַרבעטער־פּאַרטייען. דאַקעגן זיינען די גאַנצע צייט פאָרגעקומען אידעאָלאָגישע וויכוחים, קעגנזייטיקע קריטיק און שטרייטן פאַר פּאָזיציעס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

מיט דער שטאַרקסטער פּאַרטיי פון די פּוילישע אַרבעטער — פּ. פּ. ס. איז קיין פּאָליטישע צוזאַמענאַרבעט נישט מעגלעך געווען. איר שטאַרקער נאַציאָנאַליזם און איר מורא פאַר די אַנטיסעמיטישע שטימונגען צווישן די פּוילישע מאַסן האָבן נישט דערלאָזט אַן ענגע צוזאַמענאַרבעט צווישן די צוויי סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אויף געוויסע געביטן איז אַ קאָאָר־דינירטע טעטיקייט פאָרט געווען: אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן (טרעיד־יוניאָנס), קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון, ווי אויך אין אַ גרעסערער צאָל שטאָט־ראַטן און קראַנקן־קאַסעס. זייער זעלטן איז געווען אַ קאָאָרדינאַ־ציע אויפן פּאָליטישן געביט אָדער אין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. אין אַ גרעסערער צאָל פאַלן זיינען אויך פאָרגעקומען געמיינזאַמע 1טע מאַי־דעמאָנסטראַציעס און פּראָטעסט־שטרייקן.

די פּ. פּ. ס., וואָס האָט אין די פריע יאָרן פון איר עקזיסטענץ געפירט אַ טעטיקייט, הגם אַ באַגרענעצטע, צווישן יידישע אַרבעטער, האָט עס אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, ווען אירע מעגלעכקייטן זיינען געווען גרעסערע, נישט געטון. זי האָט בכלל ווייניק זיך אינטערעסירט מיט יידישע ענינים. בנוגע יידן איז זי געשטאַנען פּרינציפּיעל אויפן אַסימילאַטארישן שטאַנד־פּונקט, כאָטש שפּעטער איז זי געווען ווייניקער פאַרשטייפט אין דער פראַגע.

אין דער ערשטער צייט פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט זיינען עטלעכע פון אירע אָנגעזעענע גאַליציאַנער פירער (יידן) געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג פון די יידישע אַסימילאַטאָרן, אָדער ווי זיי האָבן זיך גערופן — פּאָליאַקן פון משהס גלויבן. זיי זיינען געווען באַטייליקט אין לאַנד־צוזאַ־מענפאָר פון די אַסימילאַטאָרן, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 11טן און 12טן מאַי 1919 אין וואַרשע. כאַראַקטעריסטיש איז געווען די רעדע, וואָס ס׳האָט דאָרטן געהאַלטן דער פּעפּעסישער מנהיג, דעפּוטאַט הערמאַן דיאַ־מאַנד. ער האָט געזאָגט: אַלע פּאָליאַקן־יידן, פּאָליאַקן פון משהס גלויבן, אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי — פון קאָנסערוואַטיווע ביז סאָציאַליסטן דאַרפן זיך פאַראייניקן. די פּעפּעסאָווצעס וועלן זיך מיטבאַטייליקן אין פאַרבאַנד, וואָס דער צוזאַמענפאָר שאַפט. די פּ. פּ. ס. וועט שטיין מיט אַלע אַסימי־לאַטאָרן אין איין ריי, כדי צו באַזייטיקן די יידן־פּראַגע. זי וועט דאָס טון, ווייל זי גלויבט, אַז די יידן וועלן ווערן פּאָליאַקן. זי פאַרשטייט, אַז די יידישע מאַסן האָבן נישט בלויז שמוץ און כאַלאַטן, נאָר אויך מענטשלעכקייט אין זיך. זי האָפט, אַז די יידן וועלן אין פּוילן איבערגיין פון געטאָ צו ליכט און פון זשאַרגאָן — צום פּוילנטום. די אַסימילאַטאָרן מוזן ריידן נישט בלויז אין זייער אייגענעם נאָמען, נאָר אויך אין נאָמען פון די דאָזיקע מאַסן. מען מוז אויך מיט מעשים איבערצייגן דאָס פּוי־לישע פאָלק, אַז מען איז איבערגעגעבן דער פּוילישער זאַך.

אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון געגרינדעטן פאַרבאַנד — פאַר־אייניקונג פון פּאָליאַקן פון משהס גלויבן — זיינען אויך געוויילט גע־

וואָרן די פּעפּעסישע דעפּוטאַטן הערמאַן דיאַמאַנד און הערמאַן ליבער־מאַן. די הויפּט־ראָל האָבן דאָרטן געשפּילט פאַרשטייער פון דער פּלוטאָ־קראַטיע און אַנדערע בורזשואַזע שיכטן[30].

אַ גרויסע שטערונג פאַר אַ צוזאַמענאַרבעט פון בונד און פּ. פּ. ס. זיינען אויך געווען די ערנסטע אונטערשיידן אין זייערע בליקן אויף פיל פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע ענינים.

וועגן אַ צוזאַמענאַרבעט מיט די קאָמוניסטן האָט אַוודאי נישט גע־קענט זיין קיין רייד. מיט זיי איז אויסגעקומען צו פירן אומאויפהער־לעך אַ שאַרפן קאַמף.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן איז געשאַפן געוואָרן אין דע־צעמבער 1918 פון אַ פאַראייניקונג פון צווי פּאַרטייען: סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע פון קעניגרייך פּוילן און ליטע און פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (לעוויצאַ — לינקע). מיטביידע פּאַרטייען האָט דער בונד אין די פריערדיקע יאָרן צוזאַמענגעאַרבעט. פאַר דער רעוואָלוציע פון 1905, ווען די ס. ד. ק. פּ. ל. איז געווען שוואַך, האָט זי זיך צוגעטוליעט צום בונד. זי האָט זיך אָבער פון אים דערווייטערט נאָך איר אַריינטריט אין דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי אין יאָר 1906. אין יאָרצענטליק צווישן ביידע רוסלענדער רעוואָלוציעס האָבן זיך איינ־געשטעלט גוטע באַציאונגען און אַ פּאָליטישע צוזאַמענאַרבעט צווישן בונד און פּ. פּ. ס.־לעוויצאַ. דאָס האָט זיך אָבער ראַדיקאַל געענדערט מיטן אויפקום פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

באַלד אויף איר גרינדונג־צוזאַמענפאָר האָט די נייע פּאַרטיי אָנגע־נומען אַ רעזאָלוציע, וואָס איז געווען אַ מלחמה־דערקלערונג דעם בונד. אין דער אָנגענומענער פּאָליטישער פּלאַטפאָרם ווערט געזאָגט:

„די פּאַרטיי מוז באַקעמפן דעם 'בונד', וועלכער צעקלאַפּט די קלאַסן־איינהייט פון פּראָלעטאַריאַט דורך אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער אין אַ באַזונדערער פּאַרטיי און באַזונדערע פאַראיינען; דורך אַרויסשטעלן די לאָזונג פון קולטורעלער אויטאָנאָמיע, דורך אונטערוואַרימען די רע־ליגיעזע פאַראורטיילן (פאַרשטאַרקונג פון געטאָ דורכן קאַמף פאַר שבת־רו, פאַרן באַהערשן די יידישע קהילות אד"גל) שטופּט ער די מאַסן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין די אָרעמס פון נאַציאָנאַליזם און רעאַקציע; דורך באַקעמפן און אָרונטעררייסן די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע אין רוס־לאַנד, דורך קעגנשטעלן זיך דער לאָזונג פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און אונטערשטיצן די לאָזונג פון אַ קאָנסטיטואַנטע — שטרעבט ער אָפּ־צוגרענעצן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט פון רעוואָלוציאָנערן פּוילישן און אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, אָפּהאַלטן אים פון אָנטייל אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע"[31].

אַז די טויער פון ס. ד. ק. פּ. ל. האָבן געקענט שטימען פאַר אַזאַ רע־זאָלוציע, איז געווען פאַרשטענדלעך. האָט דאָך פריער אין אַזאַ דעמאָ־

גאַגישער שפּראַך געקענט ריידן אין פּראַקטיק קעגן דער צוויטער פון דער אייגענער פּאַרטיי. אָבער די טוער פון פּ. פּ. ס. לעוויצאַ — האָט מען אין בונד מיט שטויבונג געפּרעגט. האָט דאָך די דאָזיקע פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אָקאָרשט מיט אַ קורצער צייט צוריק אַרויסגעשטעלט געמיינזאַמע קאַנדידאַטן ביי וואַלן און פּאָליטיש צוזאַמענגעאַרבעט מיט דער יידישער אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָס זיי האָבן איצט אַזוי דראַסטיש פאַר־אורטיילט...

מיט דער ניי־געשאַפענער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז דער בונדישער באַוועגונג אין דער לענג און דער ברייט פון לאַנד אויסגעקומען צו פירן נישט בלויז אַן אידעאָלאָגישן שטרייט, נאָר אויך אַ ביטערע מלחמה אויף פאַרשיידענע אופנים און געביטן. דאָס האָט געדויערט קרוב צוויי צענט־ליק יאָר — ביז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז אַליין געפאַלן אַ קרבן פון דער אייגענער פּאַרטיי־דעמאַגאָגיע און פּראָוואָקאַציע, וואָס האָבן גע־האַט זייער הויכפּונקט אין סטאַליניזם.

**
*

דער בונד איז אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי מיט אַן אינערלעכער דע־מאָקראַטיע, וואָס קען נישט געמאָלט זיין אָן אַ געהעריקער טאָלעראַנץ פאַר אַנדערע מיינונגען און בליקן. במילא האָט דאָס אויך געווירקט, אַז זיין קעגנערשאַפט צו אַנדערע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען און ריכטונגען זאָל נישט אָננעמען קיין עקסטרעמע און דעמאַגאָגישע פאָרמען, ווי ס'איז געווען דער פאַל מיט דעם קאָמוניסטישן לאַגער, וואָס האָט זיינע טאַקטיק־ליסטישע נעגל געווענדט אי כלפּי פּנים, אי כלפּי חוץ.

דער דעמאָקראַטיזם און די טאָלעראַנץ האָבן מעגלעך געמאַכט, אַז דער בונד זאָל וואַקסן און געדייען, נישט געקוקט אויף די חלוקי־דעות אין זיינע אייגענע רייען. מיינונג־פאַרשידנקייטן זיינען געווען וועגן אַ גאַנצער ריי ענינים, אָבער זיי האָבן נישט געשאַפן קיין צעהיצטע אַטמאָס־פער און פאַנאַטישע פאַרשטייפטקייט. אַן איינציקער אויסנאַם איז אָבער יאָ געווען: די פראַגע פון אינטערנאַציאָנאַל און אַ צאָל פּראָבלעמען, וואָס זיינען מיט דעם געווען פאַרבונדן. דאָ איז די אַטמאָספער שוין געוואָרן אָנגעגלים, די מיטגלידער האָבן זיך צעטיילט אויף פראַקציעס און ס'איז אַפילו דערגאַנגען צו אָפּשפּליטערונגען. אַפילו מיט דעם חסרון האָט דער בונד באַוויזן צו גיין באַרג־אַרויף און פירן די יידישע פאָלקס־מאַסן אין זייערע שטרעבונגען און קאַמפן פאַר אַ בעסער לעבן.

# 6. זוכענישן פון נייע וועגן

דער פערטל יאָרהונדערט צווישן די יאָרן 1889 — 1914 איז אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג געווען דער פעריאָד פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און דער שטאַרקסטער זייל פון אים איז געווען די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די דייטשע ס. ד.־פּאַרטיי איז געווען די גרעסטע לויט דער צאָל מיטגלידער, וויילער, אָרגאַנען, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, בילדונג־געזעלשאַפטן און פאַרשיידענע אַנדערע פאָרמען פון סאָציאַליסטישער טעטיקייט. זי האָט אויך זיך אויסגעצייכנט מיט דער רייכקייט פון איר מאַרקסיסטישער ליטעראַטור, מיט דער פעסטקייט פון אירע אָרגאַניזאַציעס און דיסציפּלינירטקייט פון אירע מיטגלידער. מ'האָט אויף איר געקוקט ווי אויף אַ מוסטער פון אַ סאָציאַליסטישער באַוועגונג און איר גייסטיקע השפּעה האָט אַריבערגעשפּרייזט ווייט איבער די גרענעצן פון דער דייטשער טעריטאָריע. ווען סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין אַנדערע לענדער האָבן געדאַרפט באַשטימען וועגן אַ געוויסער טאַקטיק, האָבן זיי זיך אָפט פאַרופן אויף דעם, וואָס ס'האָבן געזאָגט די טעאָרעטיקער און פירער פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דאָס האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה (אויגוסט 1914).

דער אינטערנאַציאָנאַל האָט פּאַקטיש אויפגעהערט צו עקזיסטירן און די דייטשע ס. ד. האָט, צוליב דעם וואָס די מערהייט פון איר האָט אונטערגעשטיצט די מלחמה־פּאָליטיק, פאַרלוירן איר אויסשטראַלונג־קראַפט אויף די פּאַרטייען אין אַנדערע לענדער. אַ נייער צענטער איז אַנטשטאַנען, פון וואַנען ס'זיינען געקומען אויסשטראַלונגען און השפּעות: די צווייטע רוסלענדער רעוואָלוציע, וואָס איז אויסגעבראָכן אין 1917, האָט מיט איר גייסט, פּראָבלעמען און פאָרמען אָנגעהויבן שטאַרק משפּיע צו זיין די אַרבעטער־באַוועגונג אין אַ סך לענדער. די צעשטערונגען פון דער ווירטשאַפט, די גייסטיקע פאַרוויסטונגען און פּאָליטישע אויפטרייסלונגען אין רעזולטאַט פון דער וועלט־מלחמה האָבן פאַר אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אַוועקגעשטעלט נייע אויפגאַבן און פאַר זיי געעפנט נייע האָריזאָנטן. אומעטום האָט זיך אָנגעהויבן אַן איבערקוק און איבערשאַצונג פון די פּראָגראַמען און טאַקטיק, וואָס איז באַגלייט געוואָרן מיט הייסע וויכוחים און איז דערפירט געוואָרן צו פאַרטיפטע חילוקי־דעות און אַפילו שפּאַלטונגען. דער בונד איז נישט געווען קיין אויסנאַם.

**
*

אין די לענדער פון די אַבסאָלוטיסטישע און האַלב־אַבסאָלוטיסטישע רעזשימען האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען געקעמפט פאַר אַ דעמאָקראַטישער אָרדנונג. און פאַר אַלע ס. ד. פּאַרטייען איז געווען זי־כער, אַז דער וועג צום סאָציאַליזם פירט דורך דעמאָקראַטיע. די דאָ־זיקע איינשטעלונג האָט אויך געהאַט דער בונד ביים אָנהייב פון דער נייער פּוילישער מלוכה. באַלד אין דער ערשטער וואָך איז די בונדישע שטעלונג פאָרמולירט געוואָרן אויף אַזאַ אופן, וואָס איז געווען אַנדערש, ווי די שטעלונג פון די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטייען. אין אַ לייט־אַרטיקל דורך דעמאָקראַטיע צום סאָציאַליזם — האָט דער בונדישער אָרגאַן גע־זאָגט:

„וועמען דאַרף געהערן די נייע מאַכט? וועלכע צילן שטעלט זיך אין דער הינזיכט דער באַוואוסטזיניקער פּראָלעטאַריאַט? די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין פּוילן זיינען אַרויסגעטרעטן יעדע מיט אירע לאָזונגען. צווישן די לאָזונגען איז נישטאָ קיין הסכם. זיי באַקעמפן ווי אַמשאַרפסטן איינע די צווייטע. אָבער אַ מאָדנע זאַך: די לאָזונגען, וואָס זיי שטעלן אַרויס, זיינען ענלעך איינע צו די צווייטע. די פּראַקעס שרייען: 'זאָל לעבן די רעגירונג פון אַרבעטער און פּויערים!' דער געמיינזאַמער אויפ־רוף פון דער פּ. ס. ד. און לינקער פּ. פּ. ס. זאָגט: 'די גאַנצע מאַכט די אַרבעטער, פּויערים־ און סאָלדאַטן־ראַטן'. און די לאָזונג, וואָס עס האָט אַרויסגעשטעלט אין זיין לעצטן אויפרוף דער צענטראַלער קאָמיטעט פון 'בונד', הייסט: 'זאָל לעבן די מאַכט פון די אַרבעטנדיקע מאַסן'. די לאָזונגען זיינען ענלעך. מען דאַרף אָבער נישט פאַרמאַכן די אויגן: די ענלעכקייט איז בלויז אַן אויסערלעכע, דער תוך איז פאַרשיידן. אמת, אַלע שטרעבן צו דער מאַכט פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, און אין דעם זין וואָלטן אַלע זיך געקאָנט אונטערשרייבן אונטער דער פאָרמול פון אונזער צענטראַל־קאָמיטעט, אָבער יעדער לייגט אַהין אַריין אַ באַזונ־דערן אינהאַלט".

דער אַרטיקל אַנאַליזירט די אונטערשיידן און שטעלט פעסט: צו דער פריער דערמאָנטער פאָרמול שטוקעווען די פּ. ס. ד. און פּ. פּ. ס.־לעוויצאַ באַלד צו אַ צווייטע פאָרמול „אַרבעטער־רעגירונג" — „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט". די דאָזיקע צוויי לאָזונגען זיינען צוויי פאַרשיידענע זאַכן, וואָס זיינען סותר איינע די צווייטע. „אויפּריכטיק איז דערביי געמיינט דווקא די צווייטע לאָזונג"... „די ערשטע איז מער נישט, ווי אַ ווערטער־דעקאָראַציע".

וואָס שייך די פּראַקעס (רעכטע פּ. פּ. ס.) ווילן זיי שטיצן די לוב־לינער רעגירונג מיט דעם פּעפּעסישן פירער איגנאַצי דאַשינסקי בראָש, וואָס האָט זיך „געשטעלט אונטערן באַפעל פון מיליטערישן דיקטאַטאָר

פילסודסקי, אַ רעגירונג, וואָס ביי איר גאַנצן דעמאָקראַטישן גלאַנץ טראָגט זי אַ בולטן און שאַרפן נאַציאָנאַליסטישן כאַראַקטער".

„מיר קעמפן פאַר דער מאַכט פון די אַרבעטער־מאַסן. נישט אין אַ קינסטלעכער, מעכאַנישער פאַרכאַפּונג פון דער מאַכט, לויטן שטייגער פון די פּ. ס. ד. קעס, און נישט אויפן פּראַקישן פשרה־וועג פון קאָקעטירן מיטן קריגערישן נאַציאָנאַליזם פון דער פּוילישער אינטעליגענץ און דעם קליינבירגערטום. פאַר אונז איז דער וועג צו דער מאַכט — אַ וועג דורך דער דעמאָקראַטיע. צו דער דעמאָקראַטיע פירט אָבער דער אַנטשלאָסענער, זעלבשטענדיקער, אויסגעהאַלטענער קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט. דער אַרבעטער־קלאַס מוז ווערן אַ קראַפט, אַ גרויסע באַוואוסטזיניקע, זעלבשטענדיקע קראַפט. אויף צו ווערן אַזאַ קראַפט מוז ער זיך אָרגאַניזירן אין אַרבעטער־ראַטן. פאַראייניקטע אין ראַטן, וועט ער אויסקעמפן די פרייע דעמאָקראַטישע אָרדענונג. די דעמאָקראַטיע איז נישט קיין ענדציל, זי איז אַ מיטל, אַן עטאַפּ אויפן וועג. דער וועג גייט ווייטער, דער ציל איז דער סאָציאַליזם"... „דורך דעמאָקראַטיע צום סאָציאַליזם!" [11]).

וולאַדימיר מעדעם, וואָס איז דעמאָלט געווען דער וואָרט־זאָגער פון צענטראַל־קאָמיטעט און פון דער מערהייט אין בונד (אין פּוילן), האָט אין אַ צאָל אַרטיקלען באַגרינדעט און פאַרטיידיקט די דעמאָקראַטישע איינשטעלונג און איז אַרויסגעטרעטן קעגן פאַרבייטן זי מיט דער לאָזונג — דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אין דער באָלשעוויסטישער טייטשונג. אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען האָט ער געשריבן:

„אויב נישט דעמאָקראַטיע, בלייבט נאָר איין אויסוועג: פאַרכאַפּונג־דיקטאַטור, לויט דעם רוסישן שטייגער, אַ פיזישע מאַכט פון דער באַוואָפנטער מינדערהייט. צו וואָס דאָס פירט, האָבן מיר געזען אין רוסלאַנד: רויטער טעראָר, מאַכט פון דער סאָציאַליסטישער ביוראָקראַטיע, אַבסאָלוטע הערשאַפט פון די 'טשערעזוויטשיינע קאָמיסיעס'. נישט קיין קאַפּריז האָט געבראַכט די באָלשעוויקעס צו אַזאַ רעזולטאַט. ס'איז געווען דער נויטווענדיקער, אומפאַרמיידלעכער אויספיר פון זייער אַנטי־דעמאָקראַטישער פאַרכאַפּונג־פּאָליטיק"... „צי וויל מען אַזאַ רעזולטאַט, צי וויל מען, אַז פּוילן זאָל ווערן פאַרוואַנדלט, גלייך ווי רוסלאַנד, אין איין גרויס 'געפענגעניש'?"... „צי וויל מען פאַרוואַנדלען אויך די פּוילישע אַרבעטער אין אַן אַפּאַטישער טשערעדע, וואָס זאָל פאָלגן דעם קאָמוניסטישן קאַנטשיק? אַ געפענגעניש איז אַ שלעכטע דערציאונג־אינסטיטוציע און אַ קאַנטשיק דעמאָראַליזירט סיי די, וואָס ווערן געשלאָגן, סיי די שלעגערס גופא. דערצויגן ווערן, רייף ווערן קאָנען די מאַסן נאָר אין פרייהייט, און קיין אַנדערע פאָרם פון פרייהייט, ווי די דעמאָקראַטיע, איז נישטאָ אויף דער וועלט. די דעמאָקראַטיע איז נישט קיין זעלבסטציל,

ס'איז אַ מיטל, ס'איז אַ וועג. און ס'איז דער איינציקער וועג, מיט וועלכן מיר קאָנען גיין צום סאָציאַליזם"[33]).

אויך אַנדערע שטימען האָבן שוין אָנגעהויבן זיך לאָזן הערן. אַ וואָרט־זאָגער פון דער נייער שיטה האָט געשריבן: ... „די קאָנסטי־טואַנטע קאָן נישט שפּילן די רעוואָלוציאָנערע ראָל, וועלכע גרינדונג־פאַר־זאַמלונגען האָבן געשפּילט ביי בורזשואַזע רעוואָלוציעס. פאַרקערט, די לאָזונג 'קאָנסטיטואַנטע' איז געוואָרפן געוואָרן דורך דעם רעאַקציאָנערן פריציש־בורזשואַזן בלאָק מיטן ציל אָפּצוציען די פּראָלעטאַרישע און די פאָלקס־מאַסן פון דער נאָענטער פּראָלעטאַרישער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די קאָנסטיטואַנטע, וועלכע קאָן און וועט די אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן קיין פּאָזיטיווע נישט געבן, קאָן זעלבסטפאַרשטענדלעך אונזער לאָזונג נישט ווערן. די איינציקע ריכטיקע לאָזונג איז אַרבעטער־ראַטן, וואָס וועלן דינען אַלס אויסגאַנגס־פּונקט צו דעראָבערן די מאַכט דורך דעם אַרבעטער־קלאַס, כדי נאָך דער דעראָבערונג פון דער מאַכט, נאָך דער דורכפירונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין די גרויסע קאַפּי־טאַליסטישע מלוכות, פאַרווירקלעכן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור אויך ביי אונז, פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם"[34]).

דעמאָקראַטיע אָדער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, פּאַרלאַמענטאַרי־שע איינריכטונגען אָדער אַרבעטער־ראַטן זיינען געווען בלויז איין טייל פון די שטרייט־פראַגן. ס'זיינען געווען אויך אַנדערע, צווישן וועלכע ס'האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט די פראַגע פון אינטערנאַציאָנאַל.

***

פון פריער האָט דער בונד געהערט צום סאָציאַליסטישן אינטערנאַ־ציאָנאַל און ער האָט באַקומען אַן איינלאַדונג זיך צו באַטייליקן אין דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּ־געהאַלטן געוואָרן ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. זי איז פאָרגעקומען אין די טעג פון 3 — 10 פעברואַר 1919 אין בערן (שווייץ). די פאַרשיידענע און קעגנזעצלעכע שטעלונגען, וואָס די פּאַרטייען האָבן פאַרנומען צו דער מלחמה און די טיפע שפּאַלטונגען, וואָס דאָס האָט גורם געווען, האָבן פּאַראַליזירט און צעשטערט דעם אינטערנאַציאָנאַל. די באַמיאונגען אים אויפצולעבן נאָכן אויסברוך פון דער רוסלענדער רע־וואָלוציע אין 1917 האָבן קיין הצלחה נישט געהאַט. נאָכן אויפהערן פון די קריג־אָפּעראַציעס זיינען די באַמיאונגען באַנייט געוואָרן. די קאָנפערענץ אין בערן איז נישט צונויפגערופן געוואָרן פון אַלטן אינ־טערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ, נאָר פון דריי פּערזאָן: קאַמיל הויסמאַנס (סעקרעטאַר פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ); אַרטור הענדערסאָן (ענגלישע לייבאָר־פּאַרטיי) און היאַלמאַר בראַנטינג (שוועדישע ס. ד. פּאַרטיי). באַטייליקט האָבן זיך 88 דעלעגאַטן פון 25

לענדער. דעם בונד אין פוילן האָבן רעפּרעזענטירט וולאַדימיר קאָסאָווסקי און פראַנץ קורסקי. די קאָנפערענץ האָט באַהאַנדלט פאָלגנדיקע ענינים: 1) די שולד פאַר דער מלחמה; 2) די פעלקער־ליגע; 3) טעריטאָריאַלע פראַגן; 4) אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־געזעצגעבונג; 5) צוריקקער פון די געפאַנגענע; 6) דעמאָקראַטיע און דיקטאַטור.

די בונדישע דעלעגאַציע האָט זיך באַטייליקט אין דער דעבאַטע אַרום עטלעכע פּונקטן און אַרייַנגעטראָגן אירע פאָרשלאָגן און דערקלערונגען.

אין דער דעבאַטע וועגן דער פעלקער־ליגע האָט וו. קאָסאָווסקי נאָך אַ קורצער רעדע איבערגעלייענט אין נאָמען פון דער בונדישער דעלע־גאַציע אַ דערקלערונג, אין וועלכער ס'איז געוועזן געזאָגט: „די דעלעגאַציע פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד אין פוילן באַגריסט מיט פרייד די איניציאַטיוו, וואָס גייט אַרויס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַ־ליסטישער קאָנפערענץ לטובת בילדן אַ פעלקער־ליגע, וואָס דאַרף זיך שטיצן אויף דורכאויס דעמאָקראַטישע יסודות. אַלס סאָציאַליסטישע אַר־בעטער־פּאַרטיי קאָנען מיר נישט באַגריסן דעם דאָזיקן שריט אין נאָמען פון דער יידישער נאַציע אַלס גאַנצער, נאָר אין נאָמען פון יידישן פּראָ־לעטאַריאַט, וואָס ווערט פאַרטרעטן דורך אונזער פּאַרטיי און וועמענס אינטערעסן ווערן דורך איר פאַרטיידיקט. קיין אין פּראָלעטאַריאַט פון דער וועלט איז נישט פאַראינטערעסירט אין אַזאַ הויכן גראַד אינם שאַפן אַ פעלקער־בונד, ווי דער יידישער, ווייל די יידישע אַרבעטער געהערן נישט צו קיין מלוכה־נאַציע, נאָר לעבן אין גרויסע מאַסן צווישן אַנדערע פעלקער און בילדן צווישן זיי אַ מער אָדער ווייניקער באַדייטנדיקע מינ־דערהייט.

צוליב דער דאָזיקער באַזונדערער לאַגע פון די יידן ליגט דער שווער־פּונקט פון דער לייזונג פון דער יידישער פראַגע אין די לענדער פון מאַסן־קאָנצענטראַציע פונם יידישן פאָלק. אין די דאָזיקע לענדער מוז מען דעם יידישן פאָלק געבן אַלע באַדינגונגען פאַר דער פרייער אַנט־וויקלונג פון זיינע קולטורעלע און ווירטשאַפטלעכע כוחות. דווקא אין שאַפן די דאָזיקע באַדינגונגען, וואָס זיינען אַ פאַר־באַדינג פאַר דער פולער דעמאָקראַטיזירונג פון דער מלוכה, ליגט דער ברענפּונקט פון דער באַפרייאונג פון יידישן פאָלק. די דאָזיקע באַדינגונגען קאָנען דערגאַ־בערט ווערן נאָר דורכן קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין ענגסטן פאַרבאַנד מיט דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט פון די באַטרעפנדיקע לענדער. דערביי דאַרף מען נישט אַרויסלאָזן פון די אויגן, אַז די פולע באַפרייאונג פון יידישן פאָלק קאָן דערגרייכט ווערן נאָר נאָכן פאַלן פון דער קאַ־פּיטאַליסטישער אָרדענונג".

ווייטער זאָגט די דערקלערונג, אַז „די אַנטיסעמיטן פון אַלע לענדער באַמיען זיך איינצורעדן די נישט־אויפגעקלערטע מאַסן, אַז די עצם סיבה פון דער ווייטאָגדיקער לאַגע פון יידישן פאָלק באַשטייט אין דער

אַזוי־געַרופענער איבערבאַפעלקערונג, אַז די דאָזיקע לענדער זײַנען אי־בערגעפּולט מיט יידן". די אַנטיסעמיטן אין פּוילן ליאַרמען, אַז די יידן „שטעלן מיט זיך פאָר אַ פרעמדן קערפּער, אַ פיינטלעך־פרעמדן עלע־מענט, וועלכן דאָס לאַנד קאָן נישט פאַרדייען אין אַזאַ גרויסער צאָל. זיי באַמיען זיך צו באַווייזן, אַז די רעטונג פון די יידן באַשטייט אין זייער אויסוואַנדערונג, אין אַ מאַסן־עמיגראַציע פון פּוילן. קעגן דער דאָזיקער אַגיטאַציע פון דער אַנטיסעמיטישער קליקע אין פּוילן און אַנ־דערע לענדער הויבן אויף די יידישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער דעם שאַרפסטן פּראָטעסט. פאַר די יידן איז פאַראַן גענוג אָרט דאָרט, וואו זיי לעבן און שאַפן שוין הונדערטער יאָרן. דאָרט מוזן זיי אויסקעמפן באַדינגונגען פאַר אַן אומגעשטערטער עקזיסטענץ און פאַר אַ נישט־גע־האַמעוועטן קולטורעלן אויפשטייג, און נישט זוכן זייער רעטונג אינם אַנטלויפן פון די דאָזיקע לענדער.

דער יידישער פּראָלעטאַריאַט שטרעבט צו פאַרזיכערן זיך די בירגער־לעכע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג און פולבאַרעכטי־קונג, צו פאַרזיכערן זיך אַלץ, וואָס איז נייטיק צו דער פרייער אַנטוויק־לונג פון אַ נאַציאָנאַלער מינדערהייט. אין קאַמף פאַר די דאָזיקע גאָ־ראַנטיעס האָפט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט צו געפינען אַ קראַפטפולע אונטערשטיצונג אינם פעלקער־בונד"...

„אין מזרח, אין די לענדער, וואו די יידישע באַפעלקערונג ציילט מיליאָנען, קומען פאָר שרעקלעכע יידן־שחיטות. דאָס יידישע פאָלק איז דאָרט אַרומגערינגלט מיט אַ ים פון האַס און ווערט דערשטיקט אין אַ ים פון בלוט. ס'איז דער חוב פון דער קאָנפערענץ אַנצואווייזן די סאָ־ציאַליסטישע פּאַרטייען, אַז ס'איז דרינגענדיק נייטיק פאַנאַנדערצואוויק־לען אַן ענערגישע און אַנטשלאָסענע אַקציע קעגן אַנטיסעמיטיזם, וואָס פאַרגיפטעט דעם באַוואוסטזיין פון די נישט־אויפגעקלערטע מאַסן און העצט זיי אויף קעגן דעם יידישן פאָלק.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען הייבן אויף זייער שטים קעגן די ניי־פאַרשפּרייטע פּאָגראָמען. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט שטייט דאָ נישט איזאָלירט. אַזוי, למשל, האָט אין פּוילן די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.) אויף איר לעצטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אויפגעהויבן אַ פּראָטעסט קעגן דער לעמבערגער בלוט־באַד און די אַנדערע פּאָגראָמען אין פּוילן. ס'איז די פליכט פון דער קאָנפערענץ זיך צו ווענדן מיט אַן אויפרוף צו די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אַז זיי זאָלן זייער אַרבעט אין דער דאָזיקער ריכטונג אָנערקענען פאַר איינער פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן און פאַנאַנדערוויקלען אויף דעם דאָזיקן געביט די ענערגישסטע אַגיטאַציע" [35]).

ביים באַהאַנדלען די פראַגע וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטס־געזעצגעבונג האָט פּ. קורסקי פאָרגעלייגט ענדערונגען אין רעזאָלוציע־

פראָיעקטן בנוגע צווי פונקטן: וועגן רו־טאָג און אײַנוואַנדערונג־באַגרע־נעצונגען. ער האָט געזאָגט: „מיר מוזן זיך רעכענען מיט דעם פאַקט, אַז זונטאָג איז נישט דער רו־טאָג פון גאַנצן פּראָלעטאַריאַט אין דער וועלט. די מאַכמעדאַנישע אַרבעטער רוען פרייטאָג, די כינעזישע און יאַפּאַנישע אַרבעטער רוען אַ צווייטן טאָג, די ייִדישע אַרבעטער רוען שבת. דער פונקט מוז דעריבער אין דער אינטערנאַציאָנאַלער געזעצ־געבונג פאָרמולירט ווערן נאָר אין אַלגעמיין: עס דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן פאַר די אַרבעטער בכלל אין כסדרדיקע אַרבעט־הפסקה פון מי־נימום 36 שעה אין דער וואָך. די גענויע פעסטשטעלונג פון דעם וועכנט־לעכן רו־טאָג דאַרף איבערגעגעבן ווערן יעדן לאַנד באַזונדער. דאָס זאָל פעסטגעשטעלט ווערן, למשל, אויף פאָלגנדיקן אופן: פאַר אוקראַינע, פוילן, ליטע — זונטאָג און אויך שבת".

ער האָט אויך פאָרגעלייגט אַרויסנעמען פון דער רעזאָלוציע די זאַצן, וואָס דערלויבן געוויסע אײַנוואַנדערונג־באַגרענעצונגען און אויף זייער אָרט אַרײַנשטעלן די פאָרמולירונג: ס׳ווערן נישט דערלאָזט קיין שום אויסוואַנדערונג־ און אײַנוואַנדערונג־פאַרבאָטן [25]).

די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן, אַז פאַר געוויסע טײלן פון פּראָלע־טאַריאַט קען די זונטאָג־רו פאַרביטן ווערן דורך אַ צווייטן רו־טאָג (פריי־טאָג, שבת א.אַ.). דעם פונקט וועגן אײַנוואַנדערונג־באַגרענעצונגען, אין אַ ביסל געמילדערטער פאָרם, האָט די קאָנפערענץ אײַנגעהאַלטן.

ווען ס׳איז באַהאַנדלט געוואָרן דער פונקט וועגן דעמאָקראַטיע און דיקטאַטור, האָט וו. קאָסאָווסקי, אין נאָמען פון דער בונדישער דעלעגאַ־ציע אָפּגעגעבן פאָלגנדיקע דערקלערונג:

„מיר זײַנען איבערצייגט, אַז דער וועג צום סאָציאַליזם פירט דורך דעמאָקראַטיע. מיר אָנערקענען די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, אין דעם זין, וועלכער קומט אַרויס פון דער לערע פון די באַגרינדער פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, ד. ה. אַלס אַ צושטאַנד, ווען דער פּראָלע־טאַריאַט, אַלס די מערהייט פון פאָלק, נעמט איבער די מאַכט אין לאַנד, פאַסט זי צו צו זײַנע באַדערפענישן און מיט דער הילף פון דער דאָ־זיקער פאַרענדערטער מאַכט טרעט ער צו אײַנצואָרדענען די געזעל־שאַפט אויף די סאָציאַליסטישע יסודות. מיר וואַרפן אָפּ דעם מע־טאָד, וואָס באַשטייט אין דעם, אַז איין פּאַרטיי, וואָס שטיצט זיך אויף אַ טייל פון פּראָלעטאַריאַט און אויף אַ קלײנער מינדערהייט פון דער באַפעלקערונג, זאָל מאַכן אַ פרואוו מיט דער הילף פון טעראָר־סיסטעם אַרויפצווינגען דעם סאָציאַליזם. די דאָזיקע פּאָליטיק פירט אומפאַרמייד־לעך צו אַ פולשטענדיקער אויסראָטונג פון די עלעמענטאַרסטע פּריקהייטס־גאַראַנטיעס און צו אַ פולשטענדיקער פאַרניכטונג פון דער פאָלקס־ווירט־שאַפט. די דאָזיקע פּאָליטיק האָט אין רוסלאַנד געליטן אַ מפּלה, האָט געבראַכט צו דער ווירטשאַפטלעכער רואינירונג פון לאַנד, צו דער פאַר־

ניכטונג פון אַלע פּאָליטישע דעראָבערונגען פון דער רעוואָלוציע, צו אַ דעצימירונג און דעמאָראַליזירונג פון פּראָלעטאַריאַט און צום פיזישן אויסראָטן די סאָציאַליסטן, וואָס דענקען אַנדערש, און די בעסטע עלע־מענטן פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט. זי טראָגט אין זיך די גרעסטע געפאַרן פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג.

גלייכצייטיק מאַכן מיר אויפמערקזאַם דער קאָנפערענץ, אַז ס׳איז דער חוב פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אויסער רוסלאַנד אַנצוזונעמען אַלע מיטלען, אַז די סאָציאַליסטישע פּרעסע זאָל מודיע זיין די אַרבע־טער וועגן די געשעענישן אין רוסלאַנד אויף אַן אומפּאַרטייאישן אופן. די סאָציאַליסטישע פּרעסע מוז אויפהערן איר ביז־איצטיקע פּאָליטיק פון פאַרשווייגן אַלץ, וואָס ס׳געשעט אין רוסלאַנד, ווייל דאָס איז נישט גע־זונט פאַר די אַרבעטער. עס מוז פעסטגעשטעלט ווערן, אַז די סאָציאַ־ליסטישע פּרעסע האָט ביז־איצט אויף אַזוי פיל, ווי זי האָט עפּעס וועגן רוסישן באָלשעוויזם מודיע געווען, געשעפּט די ידיעות, מט קליינע אויס־נאַמען, אויסשליסלעך פון קאַזיאָנע באָלשעוויסטישע קוועלן.

מיט דער רעזאָלוציע פון דער קאָמיסיע וועגן דער פראַגע ׳דע־מאָקראַטיע און דיקטאַטור׳ זיינען מיר איינשטימיק״ [73].

די פריער־דערמאָנטע רעזאָלוציע, וואָס די קאָמיסיע האָט צוגעשטעלט און צו וועלכער ס׳האָבן געגעבן זייער הסכם כמעט אַלע דעלעגאַטן פון דער קאָנפערענץ, אַחוץ עטלעכע אויסנאַמען, האָט אַנטהאַלטן די דאָזיקע געדאַנקען: זי האָט באַגריסט די רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד, עסטרייך־אונגאַרן און דייטשלאַנד און זיך געשטעלט אַן וואַקלענישן אויפן באָדן פון דעמאָקראַטיע. דער סאָציאַליסטישער איבערבוי פון דער געזעלשאַפט לאָזט זיך נישט דורכפירן און איינהאַלטן אָן די פרייהייטלעכע און דע־מאָקראַטישע פּרינציפּן: פרייהייט פון וואָרט, שריפט און פאַרזאַמלונגען; אַלגעמיינע וואַל־רעכט; אַ פאַראַנטוואָרטלעכער פּאַרלאַמענטאַרישער סיס־טעם; אינסטיטוציעס, וואָס פאַרזיכערן די מיטאַרבעט און אַנטשיידונג פון פאָלק, קאָאַליציע־פרייהייט אאַז״וו. די רעזאָלוציע האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דיקטאַטור, בפרט קעגן אַזאַ דיקטאַטור, וואָס שטיצט זיך בלויז אויף אַ טייל פון פּראָלעטאַריאַט.

אַ ריי רעזאָלוציעס האָט די קאָנפערענץ איבערגעגעבן דער פּער־מאַנענטער קאָמיסיע צו באַהאַנדלען און די קאָמיסיע האָט איינשטימיק אָנגענומען די רעזאָלוציע, וואָס די בונדישע דעלעגאַציע האָט אריינ־געטראָגן וועגן די פּאָגראָמען אויף יידן:

„די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפערענץ פּראָטעסטירט אַנטשלאָסן קעגן די פּאָגראָמען אויף יידן, וועלכע זיינען אין דער לעצטער צייט פאָרגעקומען אין גאַליציע, פּוילן, אוקראַינע, רומעניע און אַנדערע לענדער. זי מאַכט אויפמערקזאַם די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון אַלע לענדער אויף דער אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט צו פאַרשטאַרקן זייער

אַגיטאַציע קעגן אַנטיסעמיטיזם און די גוואַלט־טאַטן, וואָס זיינען דורך אים געשען, און צו באַטראַכטן די דאָזיקע אַגיטאַציע אַלס איינע פון זייערע וויכטיקסטע אויפגאַבן" [88].

**

נאָך דער דריטער לאַנד־קאָנפערענץ (אַפּריל 1919) האָט אין די רייען פון בונד זיך אָנגעהויבן אַ דעבאַטע וועגן אינטערנאַציאָנאַל — אַן ענין וואָס האָט אין יענער צייט אַרויסגערופן חלוקי־דעות אין אַ גרויסער צאָל סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. די חלוקי־דעות זיינען געווען אין אָפּשאַצן דעם כאַראַקטער פון דער נאָנטער עפּאָכע און אין פאָרמולירן די אויפגאַבן פון אַרבעטער־קלאַס, און ווי אַן אויספיר פון דעם — צו וועלכן אינטערנאַציאָנאַל מ'זאָל געהערן.

די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז שוין דעמאָלט געווען טיף געשפּאָלטן נישט בלויז אידעאָלגיש, נאָר אויך אָרגאַניזאַציאָנעל. אין יאָר 1919 זיינען שוין געווען צוויי אינטערנאַציאָנאַלע צענטערן — דער סאָציאַליסטישער און דער קאָמוניסטישער. זומער 1919 האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פּוילן פאַרעפנטלעכט טעזן וועגן דער פראַגע. אין זיי זיינען געקומען צום אויסדרוק צוויי שטאַנדפּונקטן פון די צוויי ריכטונגען, וואָס האָבן זיך אויסגעבילדעט.

דער ערשטער שטאַנדפּונקט פאַרטרעטן דורך דער מערהייט פון צענטראַל־קאָמיטעט האָט זיך סומך געווען אויפן פּרינציפּ, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל דאַרף אַרומנעמען דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס און אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. יעדער פון דיביידע דעמאָלט עקזיסטירנדיקע אינטערנאַציאָנאַלן רעפּרעזענטירט בלויז אַ טייל פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־קלאַס. אַ פאַראייניקטער אינטערנאַציאָנאַל פון אַלע פּאַרטייען, וואָס זאָל אויך זיין טאַט־פעאיק, דאַרף ערשט געשאַפן ווערן און דערוויילע דאַרף דער בונד בלייבן אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל און ווירקן צוזאַמען מיט די אידייאיש־נאָענטע פּאַרטייען לטובת אַן איבערגעבויטער און באַנייטער אינטערנאַציאָנאַלער פאַראייניקונג.

די טעזן פון דער מערהייט האָבן דערקלערט: „אין איצטיקן מאָמענט פון סאָציאַלער רעוואָלוציע, פון וועלכער דער הויפּט־פאַקטאָר איז דער אַרבעטער־קלאַס, דאַרף דער אינטערנאַציאָנאַל זיין אַן אָרגאַן פון רעוואָלוציאָנערער טאַט פון גאַנצן באַוואוסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט. פּונקט אַזוי ווי די אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַטן אין יעדן לאַנד דאַרפן פאַראייניקן דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט פונם געגעבענעם לאַנד צום אוממיטלבאַרן קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, אַזוי דאַרף אויך דער אינטערנאַציאָנאַל פאַראייניקן דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער צום קאַמף פאַרן פאַרכאַפּן

די מאַכט דורך דעם אַרבעטער־קלאַס אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב און צו פּאַרווירקלעכן די אמתע סאָלידאַריטעט פון אַלע לענדער״.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„די ביז איצטיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע פּראָבעס ווידער אויפצובויען דעם אינטערנאַציאָנאַל האָבן דעם געווינטשטן ציל נישט דערגרייכט.

אין מאָסקווע איז אָנגענומען געוואָרן דער פּרינציפּ אויסצושליסן פון אינטערנאַציאָנאַל די אַלע טיילן פון אַרבעטער־קלאַס, וועלכע זיינען נישט איינשטימיק מיט דער קאָמוניסטישער תורה, און אַזוי אַרום איז דערמיט פאַרקריפּלט געוואָרן דער פּרינציפּיעלער כאַראַקטער פון דעם אינטערנאַציאָנאַל אַלס אַן אָרגאַניזאַציע פון אַ קלאַס, אָבער נישט פון אַ פּאַרטיי און ס׳איז סאַנקציאָנירט געוואָרן דער געפערלעכער פּאַר דער אַרבעטער־זאַך פּרינציפּ פון בירגער־קריג אין די רייען פון פּראָלעטאַריאַט גופא.

אין בערן און אַמסטערדאַם (וואו ס׳זיינען פאַרגעקומען קאָנפערענצן פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל) איז אָנגענומען געוואָרן אַ ריכטיקער פּרינציפּ, אַז מען טאָר נישט לאָזן אויסער דעם אינטערנאַציאָנאַל קיין איין טייל פון אַרבעטער־קלאַס, אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט די בערנער פּאַראייניקונג נישט אַרויסגעוויזן קיין אייך רעוואָלוציאָנערע טאַט און מיט דעם גופא האָט זי זיך פאַראורטיילט אויף אַ פולשטענדיקער פּרוכטלאָזיקייט און האָט באַוויזן, אַז זי קאָן נישט באַטראַכט ווערן אַלס דער אמתער פאַרטרעטער פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, וועלכער קאָן נישט אין דעם איצטיקן מאָמענט האָבן קיין אַנדערע אויפגאַבע, ווי די רעאַליזירונג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

דער נייער אינטערנאַציאָנאַל פון רעוואָלוציאָנערער טאַט, וועלכער זאָל אַרומנעמען דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס, עקזיסטירט נאָך עד־היום נישט און דעריבער שטייט נישט איצט די פראַגע, צו וועלכן אינטערנאַציאָנאַל צוצושטיין, נאָר אויף וואָס פאַר אַן אופן צו שאַפן, אויסצוקעמפן אַן אמתן אינטערנאַציאָנאַל.

ס׳איז קלאָר, אַז דער בונד, די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי פון די יידישע אַרבעטער, איז נישט אימשטאַנד צו פירן דעם דאָזיקן קאַמף פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַל זעלבשטענדיק, איינער אַליין, נאָר ער מוז פאַראייניקן זיינע אָנשטרענגונגען אין דעם פּרט מיט די אָנשטרענגונגען פון די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס פון אַנדערע לענדער, וועלכע שטייען צו אים אַמנאָנטסטן און קודם־כל די אומאָפּהענגיקע דייטשע ס. ד. פּאַרטיי, פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אד״גל.

אַזוי ווי אונזערע ברודער־פּאַרטייען באַמיען זיך ווייטער אויסצונוצן די בערנער פּאַראייניקונג (צוליב דעם אָנגענומענעם אין בערן ריכטיקן יסוד) פאַר דעם צוועק ווידער אויפצובויען אַן אמתן אינטערנאַציאָנאַל,

איז דער בונד אין פּוילן מחויב אונטערשטיצן זייערע באַמיאונגען אין דער דאָזיקער ריכטונג, פּעסטשטעלנדיק דערביי, אַז די אויסזיכטן אויף אַ דערפאָלג זיינען שוואַכע, ווייל די בערנער פּאַראייניקונג האָט זיך שוין צופיל קאָמפּראָמיטירט מיט איר אָפּאָרטוניסטישער טאַקטיק. אונזער אַרויסטרעטן פון דער בערנער פּאַראייניקונג וואָלט אין איצטיקן מאָמענט געבראַכט צו אַן אָפּשוואַכונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן טייל אין דער דאָזיקער פּאַראייניקונג און וואָלט געבראַכט נוצן די רעכטע עלעמענטן.

באַשליסנדיק צו בלייבן צייטווייליק אין דער בערנער פּאַראייניקונג, דאַרף אונזער פּאַרטיי אונטערשטרייכן, אַז מיר אָנערקענען נישט די רעכט פון דער דאָזיקער פּאַראייניקונג צו ריידן אין נאָמען פון גאַנצן אינטערנאַציאָנאַל און לאָזן זיך איבער די רעכט נישט אונטערצוואַרפן זיך די באַשלוסן פון דער בערנער פּאַראייניקונג, אויב זיי וועלן אויך אויף ווייטער זיין דורכגעדרונגען מיט דער פּאָליטיק פון אָפּאָרטוניזם און סאָציאַלער פּשרות־מאַכעריי".

די טעזן, וואָס האָבן פאָרמולירט דעם שטאַנדפּונקט פון דער מינדערהייט, האָבן זיך אַרויסגעזאָגט לטובת אַן אינטערנאַציאָנאַל, אין וועלכן ס'וועט הערשן אַן איינשטימיקייט בנוגע די אויפגאַבן און צילן פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט. זיי האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער בערנער פּאַראייניקונג פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און פאַר דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס זיין צענטראַלע אָנפירונג איז געווען אין מאָסקווע. די טעזן פון דער מינדערהייט האָבן דערקלערט:

„די גאַנצע געשיכטע פון 2טן אינטערנאַציאָנאַל און ענדלעך זיין פאַנאַנדערפאַלן ביים אויסברוך פון דער מלחמה האָבן בולט באַוויזן, אַז דאָס צוזאַמענאַרבעטן פון קעגנזעצלעכע שטרעמונגען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע פּאַראַליזירט איר קאַמפּס־פעאיקייט און פאַרורטיילט זי צו אומטעטיקייט".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„נאָר די איינשטימיקייט וועגן די צילן און אויפגאַבן פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט און דעם ספּעציפישן כאַראַקטער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אינם איצטיקן מאָמענט מאַכט מעגלעך אַ געמיינזאַמע אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערע אַקציע. דעריבער זיינען מסוגל אויפצובויען דעם 'אינטערנאַציאָנאַל פון רעוואָלוציאָנערער טאַט' בלויז יענע סאָציאַליסטישע און פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע אָנערקענען דעם סאָציאַליסטישן כאַראַקטער פון דער איצטיקער רעוואָלוציע און איר נאָענטן עטאַפּ — דאָס דעראָבערן די גאַנצע מאַכט דורכן אַרבעטער־ראַט, ד. ה. דאָס איבערנעמען די מאַכט דורך די אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַטן.

אין דעם איצטיקן מאָמענט, ווען דאָס שטרעבן צו שאַפן דעם אינטערנאַציאָנאַל האָט אָנגענומען קאָנקרעטע פאָרמען, מוז די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט — דער בונד פאַר־



יוסף לעשטשינסקי



חיים לייב פאָזנאַנסקי



אפרים לוזער זעלמאַנאָוויטש



יאַנקל זשעלעזניקאָוו



שרה שוועבער



אסתר אַלטער־־איווינסקאַ



דינה בלאָנד



ד״ר אַנאַ ברוידע־העלער

איינהייטלעכן זיינע באַמיאונגען מיט די שוין געמאַכטע אויף דעם גע־ביט פּראָבעס דורך דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט. צוויי וועגן זיינען דאָ אָנגעצייכנט: פון רעכטס און פון לינקס — בערן און מאָסקווע.

'בערן' איז דער פּאַקטישער יורש פון געוועזענעם צווייטן אינ־טערנאַציאָנאַל. ער פאַרמאָגט אַלע זיינע קאַרדינאַלע חסרונות. נישט באַגרייפנדיק דעם געבאָט פון דער צייט — די פּראָלעטאַרישע רעוואָ־לוציע, וועלכע מיר מאַכן דורך — קאָנטינואירט ער די אַלטע פּאָליטיק פון אָפּאָרטוניזם און פשרה־מאַכעריי און באַוויזט, אין דער קורצער צייט פון זיין עקזיסטענץ, פון איין זייט זיך פולשטענדיק קאָמפּראָמיטירן אין די אויגן פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט און פון דער צווייטער זייט ווערן אַ שטיץ־פּונקט פון די מערהייטס־סאָציאַליסטן פון אַלע לענדער פּאָרצווזעצן אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב זייער פאַרברעכערישע פּאָ־ליטיק. די אין פּרינציפּ ברייט געעפנטע טירן אין צוזאַמענהאַנג מיט די אויבן אָנגעצייכנטע טענדענצן, ברענגען אין דער פּראַקטיק דערצו, אַז אין בערן גרופּירן זיך הויפּטזעכלעך די אַזוי גערופענע רעכטע, וואָס שליסט אויס, אַלנפאַלס אויף דער נאָנטסטער צייט, די מעגלעכקייט ער זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין 'אינטערנאַציאָנאַל פון רעוואָלוציאָנערער טאַט'.

'מאָסקווע' רייסט איבער ראַדיקאַל מיט דער אָפּאָרטוניסטישער טאַק־טיק פון 2טן אינטערנאַציאָנאַל. שטייענדיק אויפן באָדן פון דער סאָ־ציאַלער רעוואָלוציע אין איר נאָנטסטן עטאַפּ, אַרויסרוקנדיק די לאָ־זונג — די גאַנצע מאַכט דעם אַרבעטער־קלאַס דורך זיינע אָרגאַנען — די אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַטן, שטעלט זיך מאָסקווע בראש פון דער אינ־טערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע און באַמיט זיך איר צו געבן אַ פּלאַנ־מעסיקן, אָרגאַניזירטן כאַראַקטער. די פּרינציפּיעלע פּאָזיציע, ווי אויך די טאַקטישע ליניע פון מאָסקווע איז אין איינקלאַנג מיט דער אויפפאַסונג פון די דאָזיקע פראַגן דורך דעם לינקן פליגל פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, אַ טייל פון וועלכן עס בילדעט אונזער פּאַרטיי אין פּוילן. די אָנגעצייכנטע סיבות מאַכן מאָסקווע מסוגל צו ווערן דער אינטער־נאַציאָנאַל פון רעוואָלוציאָנערער טאַט, צו וועלכער מיר שטרעבן, הגם זיין אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַרנעם איז פאַרלויפיק באַשיידן. דאָס כסדרדיקע גרופּירן זיך פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט (איטאַליע, נאָרוועגיע, שווייץ) אַרום מאָסקווע יאָגט צו דעם דאָזיקן פּראָצעס. עס איז קלאָר, אַז אויך פאַרן בונד איז נישטאָ קיין אַנדער וועג צו בויען דעם אינטער־נאַציאָנאַל פון רעוואָלוציאָנערער טאַט"[39].

די שטרייט־פראַגן, וואָס זיינען אויפגעקומען מיטן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן אין אַזאַ אָדער אַנדערער פאָרם, מער אָדער ווייניקער אינטענסיוו שוין אָנגעהאַלטן במשך פון דעם גאַנצן פּעריאָד צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

# 7. לאַנד־קאָנפערענצן פון בונד

אין די טעג פון 28טן נאָוועמבער — 1טן דעצעמבער 1918 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען די צווייטע לאַנד־קאָנפערענץ פון די בונדישע אָר־גאַניזאַציעס אין פוילן (די ערשטע איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1917). ס'האָבן זיך באַטייליקט 63 דעלעגאַטן פון די אָרטיקע אָרגאַני־זאַציעס (מיט באַשטימונג־רעכט), 8 מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט און 12 איינגעלאַדענע טוער (מיט באַראַטונגס־רעכט). די דעלעגאַטן האָבן רעפּרעזענטירט 113 אָרגאַניזאַציעס מיט 8,123 מיטגלידער. צווישן די באַגריסונג־רעדעס איז אויך געווען איינע פון פאָרשטייער פון דער יידי־שער ס. ד. פּאַרטיי אין גאַליציע, וועלכער האָט אויסגעדריקט דעם וואונטש, אַז די פאַראייניקונג מיטן בונד זאָל פאָרקומען וואָס גיכער.

די קאָנפערענץ האָט אויסגעהערט אַ באַריכט פון צענטראַל־קאָ־מיטעט, רעפעראַטן וועגן דער פּאָליטישער לאַגע, וועגן אַקטועלע יידישע פּראָבלעמען און אַנדערע ענינים. די דאָזיקע פראַגן זיינען אויספירלעך דעבאַטירט געוואָרן און לסוף זיינען אָנגענומען געוואָרן רעזאָלוציעס. וועגן כאַראַקטער פון דער נאָנטער עפּאָכע און די אויפגאַבן פון אַלוועלט־לעכן פּראָלעטאַריאַט האָבן זיך אָנגעמערקט חלוקי־דעות.

די פּאָליטישע רעזאָלוציע, וואָס די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען, האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער סוף פון דער וועלט־מלחמה „עפנט מיט זיך אַ תקופה פון גרעסטע סאָציאַלע און שאַרפסטע פּאָליטישע קאַמפן. אין דער דאָזיקער נייער היסטאָרישער עפּאָכע פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע ווערט דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַריאַט געשטעלט פּנים אל פּנים מיט דער אויפגאַבע צו פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם”... „אויסנוצנדיק די דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס (קאָנסטיטואַנטע, שטאָט־ראַטן אד״גל), וועלכע וועלן געשאַפן ווערן אונטער דעם דרוק פון דעם אַרבעטער־קלאַס, מוז דער פּראָלעטאַריאַט דעראָבערן פאַר זיך דעם גרעסטן סכום פון פּאָליטישער און סאָציאַלער מאַכט כדי מיט דערפאָלג צו דער־פירן ביזן סוף זיין קאַמף פאַר סאָציאַליזם. די דאָזיקע אויפגאַבע קאָן דער פּראָלעטאַריאַט דערפילן בלויז, ווען ער וועט בילדן אַ פעסטע, איינ־הייטלעך־אָרגאַניזירטע מאַכט, אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון אַרבע־טער־ראַטן”... די אַרבעטער־ראַטן וועלן צוגרייטן דעם פּראָלעטאַריאַט „צו יענעם מאָמענט, ווען ער וועט זיין בכוח איבערצונעמען די גאַנצע מאַכט אין זיינע הענט”.

אין דער אָנגענומענער רעזאָלוציע וועגן קאַמף פאַר יידישע נאַציאָ־נאַלע רעכט איז געווען געזאָגט: „די איצטיקע פּאָליטישע סיטואַציע אין פּוילן שטעלט פאַר דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אַ דרינגענדיקע אויפגאַבע צו אַנטוויקלען אַן ענערגישע קאַמפּאַניע פאַר דעם, אַז די מלוכה זאָל אָנערקענען און געזעצלעך גאַראַנטירן די רעכט פון יידן אין פּוילן אַלס אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט, די רעכט פון יידיש אין עפנטלעכן לעבן, שול־ און מלוכה־וועזן — אַ קאַמפּאַניע פאַר דער פאַר־ווירקלעכונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע".

די קאָנפערענץ האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אָנטייל נעמען אין די קהילה־וואַלן, קעגן רעליגיעזן כאַראַקטער פון די קהילות, וואָס זייער קאָמפּעטענץ דאַרף רעדוצירט ווערן בלויז צו פאַרנעמען זיך מיט קול־טורעלער טעטיקייט. גלייכצייטיק איז באַשלאָסן געוואָרן קעגן באַטיי־ליקן זיך אין פּראָיעקטירטן יידישן צוזאַמענפאָר אין פּוילן און אין נאַ־ציאָנאַלע רעפּרעזענטאַנצן.

אַ שאַרפע פּראָטעסט־רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן קעגן די פאַרגעקומענע פּאָגראָמען אין לעמבערג און אַנדערע שטעט. די יידישע אַרבעטער זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו זעלבסטשוץ. די בונדישע אָרגאַניזאַציעס זאָלן אומעטום ווירקן, אַז די אַרבעטער־ראַטן „זאָלן פירן אַן ענערגישן קאַמף קעגן דער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע און קעגן די פּאָגראָמען".

די קאָנפערענץ האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער פאַראייניקונג מיט דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין גאַליציע. זי האָט אויך אויפגעפאָדערט צו שאַפן אויף די ערטער „סאָציאַל־דעמאָקראַטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס זאָלן זיך געפינען אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט די אָרטיקע בונדישע אָרגאַניזאַציעס". דער בונד זאָל שטיצן די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס „גייסטיק און מאַטעריעל".

די קאָנפערענץ האָט איבערגעשיקט „אַ האַרציקן גרוס דעם קעמפנ־דיקן רוסלענדער פּראָלעטאַריאַט" [40].

**
*

אַ קורצע צייט נאָך דער צווייטער לאַנד־קאָנפערענץ, איז דעם 20טן און 21טן דעצעמבער 1918 אין וואַרשע פאַרגעקומען אַ סעסיע פון פּאַרטיי־ראַט. 18 דעלעגאַטן — 7 מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט און 11 פּאַרטרעטער פון די שטעט וואַרשע, לאָדזש, לובלין און פון ראַיאָן־אָרגאַניזאַציעס — האָבן באַהאַנדלט אַ צאָל דרינגענדיקע ענינים. די טאָג־אָרדנונג האָט אַרומגענומען די דאָזיקע פּונקטן: 1) די וואַלן צו דער קאָנסטיטואַנטע; 2) די פּאַרטיי־קאָנפערענץ; 3) אַרבעטער־ראַטן; 4) וואַלן צו די שטאָט־ראַטן; 5) פּרעסע־וואָך; 6) פאַרשיידנס.

דער פּאַרטיי־ראַט האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער טאַקטיק פון

באַיקאָטירן די וואַלן און באַשלאָסן, אַז די בונדישע אָרגאַניזאַציעס האָרפן אָנהייבן אַן אַקטיווע וואַל־קאַמפּאַניע צו דער קאָנסטיטואַנטע (דעם ערשטן סיים — פּאַרלאַמענט) און אַקטיוו זיך באַטייליקן אין די וואַלן פון די שטאָט־ראַטן. אַ פּאָרשלאָג צו רופן אין דער נאָנטסטער צוקונפט אַ פּאַרטיי־קאָנפערענץ איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

פון די באַריכטן האָט זיך באַשאַפן אַ בילד, אַז אין אַ ריי ערטער טרעפט מען אָן מניעות ביים דורכפירן אין לעבן דעם פּרינציפּ פון אַלגעמיינע אַרבעטער־ראַטן. די שטערונגען קומען מצד די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטייען: אָדער זיי ווילן נישט זיין צוזאַמען איינע מיט די אַנדערע, אָדער זיי ווילן נישט צולאָזן די יידישע אַרבעטער־דעלעגאַטן.

**
*

כאָטש ס'איז ערשט געווען אַוועק קרוב 5 חדשים פון דער צווייטער לאַנד־קאָנפערענץ, איז אין די טעג פון 20טן און 21טן אַפּריל 1919 שוין פאָרגעקומען אין וואַרשע די דריטע לאַנד־קאָנפערענץ פון בונד אין פּוילן. די געשעענישן, וואָס זיינען געלאָפן אין אַ שנעלן טעמפּ און כסדר געשאַפן נייע סיטואַציעס, ווי אויך די פּאַרטייפטע חלוקי־דעות בנוגע דער טאַקטיק פון דער פּאַרטיי, האָבן געווירקט, אַז דער טערמין פון דער דריטער קאָנפערענץ זאָל צוגעאײַלט ווערן. געקומען זיינען 82 דעלעגאַטן.

אין די וואַלן צו דער קאָנפערענץ האָבן אָנטייל גענומען 140 אָרגאַניזאַציעס מיט 9,493 מיטגלידער. אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געהאַט ווייניקער פון 20 מיטגלידער, האָבן אין די וואַלן צו דער קאָנפערענץ זיך נישט באַטייליקט. פאַרטרעטן זיינען געווען די אָרגאַניזאַציעס בלויז פון פריערדיקן קאָנגרעס־פּוילן. צוליב דער אומבאַשטימטקייט פון דער לאַגע און די קריג־אָפּעראַציעס האָבן די אָרגאַניזאַציעס אויף די מזרח־קרעסן זיך נישט באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ. לויט די ראַיאָנען זיינען די בונדישע אָרגאַניזאַציעס געווען אַזוי איינגעטיילט:

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| וולאָצלאַווקער | ראַיאָן | 21 | אָרגאַניזאַציעס | מיט | 809 | מיטגלידער |
| מלאַווער | „ | 16 | „ | „ | 662 | „ |
| לובלינער | „ | 22 | „ | „ | 1,400 | „ |
| לאָמזשער | „ | 8 | „ | „ | 400 | „ |
| ראַדאָמער | „ | 11 | „ | „ | 863 | „ |
| שעדלעצער | „ | 11 | „ | „ | 882 | „ |
| זאַגלעמביער | „ | 8 | „ | „ | 742 | „ |
| וואַרשעווער | „ | 23 | „ | „ | 2,020 | „ |
| לאָדזשער | „ | 20 | „ | „ | 1,715 | „ |

לויט די באַריכטן פון די דעלעגאַטן האָבן זיך געפונען אונטער דער השפעה פון בונד 293 אַרבעטער־אינסטיטוציעס (פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען, קאָאָפּעראַטיוון און קולטור־געזעלשאַפטן, קלובן א. אַ.) מיט 76,098 מיטגלידער.

אין נאָמען פון צענטראַל־קאָמיטעט האָט געעפנט די קאָנפערענץ זיין פאָרזיצער יקותיאל פּאָרטנױ (נח). ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן די דאָזיקע טאָג־אָרדנונג: 1) באַריכט וועגן דער לאַגע אין דער פּאַרטיי; 2) דער פּאָליטישער מאָמענט און די שטעלונג פון בונד; 3) די טאַקטיק אין די אַרבעטער־ראַטן; 4) די טאַקטיק אין די שטאָט־ראַטן; 5) פאַר־אייניקונג מיט דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין גאַליציע; 6) 1טער מאַי; 7) פּרעסע; 8) יוגנט־אָרגאַניזאַציעס; 9) וואַלן פון אַ צענטראַל־קאָמיטעט.

דעם ערשטן פּונקט פון דער טאָג־אָרדנונג האָט רעפערירט נח. ער האָט געשילדערט די געשעענישן אין לאַנד און געזאָגט, אַז די קאָנ־פערענץ, וואָס דאַרף באַשטימען די שטעלונג פון בונד, איז צונויפגערופן געוואָרן צוליב אינערלעך־פּאַרטייאישע סיבות. ער האָט געזאָגט: „ביי אונז קומט פאָר די לעצטע צייט אַ סיכסוך צווישן פאַרשיידענע ריכטונ־גען. ס׳זיינען געשאַפן געוואָרן צעטיילונגען, וואָס באַשווערן די אַרבעט״... „די פּאָליטישע רעזאָלוציע פון דער פריערדיקער קאָנפערענץ איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַ קליינער מערהייט. ס׳זיינען, אמת, באַלד אָפּגעגעבן געוואָרן דערקלערונגען מצד דער גרויסער מינדערהייט, אַז זי וואַרפט זיך אונ־טער, ס׳איז אָבער אויך גלייכצייטיק אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַ פאָדע־רונג צוזאַמענצורופן אַ נייע קאָנפערענץ״... „אַ גרויסער טייל חברים דעלעגאַטן האָבן אויף דער פריערדיקער קאָנפערענץ זיך דערלויבט נישט צו באַטייליקן אין די וואַלן פון צ. ק. און האָבן אָפּגעגעבן ווייסע צעטלען״. אַ צאָל אָרגאַניזאַציעס מיט דער וואַרשעווער בראש האָבן זיך נישט גע־וואָלט באַטייליקן אין די סיים־וואַלן, הגם דאָס איז געווען קעגן דער שטעלונג פון דער פריערדיקער קאָנפערענץ און באַשלוס פון פּאַרטיי־ראַט. דער צ. ק. האָט באַשלאָסן אַליין צו פירן די וואַל־קאַמפּאַניע אין וואַרשע, אָבער ער האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דעם פּלאַן צוליב דעם שטאַרקן ווידערשטאַנד פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע. די וואַל־קאַמפּאַניע צום סיים איז דעריבער געוואָרן צעבראָכן צום גרויסן שאָדן פון דער פּאַרטיי. „דאָס איז געווען ס׳ערשטע און איינציקע מאָל אין דער געשיכטע פון אונזער באַוועגונג, ווען אַ לאָקאַלע אָרגאַניזאַציע זאָל זיך נישט אונטערוואַרפן די באַשלוסן פון אַ קאָנפערענץ. דער דאָזיקער ברוך פון דער פּאַרטיי־דיסציפּלין האָט געהאַט גרויסע נעגאַטיווע רע־זולטאַטן: ער האָט דעזאָרגאַניזירט אונזערע רייען, אַריינגעבראַכט אַ דעמאָראַליזאַציע אין דער פּאַרטיי״... „דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויך אויף דער צווייטער וואַל־קאַמפּאַניע — צו די שטאָט־ראַטן״... „נישט

אַלע חברים האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב אַנטייל צו נעמען אין דער אַקציע. ווען ביסט דער באַיקאָט פון די סיים־וואַלן, וואָס אַ טייל אָר־גאַניזאַציעס האָבן דורכגעפירט, וואָלט דער בונדישער דערפאָלג ביי די שטאָט־ראָט־וואַלן געווען פיל גרעסער"... „די רעזאָלוציע, וואָס מ׳וועט דאָ אָננעמען, דאַרף נישט מאַכן קיין סוף צו די חלוקי־דעות, אַ סוף מוז אָבער געמאַכט ווערן צו דעם, אַז באַזונדערע טיילן פון אונזער פאַרטיי זאָלן זיך דערלויבן צו האַנדלען זעלבשטענדיק. עס קאָנען דערלאָזט ווערן פאַרשיידענע מיינונגען, אָבער נישט פאַרשיידענע האַנדלונגען".

די דאָזיקע פראַגע האָט אַרויסגערופן אַ ברייטע דיסקוסיע. צום וואָרט האָבן זיך פאַרשריבן 24 דעלעגאַטן. די דיסקוסיע האָט זיך קאָנצענטרירט בעיקר אַרום דעם דיסציפּלין־ברוך פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט באַיקאָטירט די סיים־וואַלן און איז איבערגע־ריסן געוואָרן נאָך 11 רעדנער. די קאָנפערענץ האָט וועגן דעם ענין אָנגענומען די רעזאָלוציע:

„אָנערקענענדיק, אַז יעדער מיטגליד פון דער פאַרטיי און יעדע אָרגאַניזאַציע זיינען מחויב זיך אונטערצואוואַרפן די אַלגעמיינע באַשלוסן פון דער פאַרטיי און אָפּהיטן די פאַרטיי־דיסציפּלין, געפינט די דריטע קאָנפערענץ פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן, אַז די נישט־איינ־היטלעכע האַנדלונג פון אונזערע אָרגאַניזאַציעס אין דער פראַגע פון די וואַלן צו דער קאָנסטיטואַנטע שטעלט מיט זיך פאָר אַ שווערן דיסציפּלין־ברוך און איז אַ רעזולטאַט פון דער אומנאָרמאַלער לאַגע, וואָס איז גע־שאַפן געוואָרן אין אונזער פאַרטיי נאָך דער צווייטער לאַנד־קאָנפערענץ. די דריטע לאַנד־קאָנפערענץ זאָגט אַרויס איר פעסטן ווילן, אַז אַזאַ נישט־איינהייטלעכע האַנדלונג, וואָס שוואַכט־אָפּ די קאַמף־פעאיקייט פון דער פאַרטיי, זאָל ווייטער נישט פאָרקומען".

די רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן פּונקטנווייז מיט אַ מערהייט שטימען. דער לעצטער פּונקט איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק. די גאַנצע רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן מיט 35 שטימען קעגן 13.

וועגן דעם צווייטן פּונקט פון דער טאָג־אָרדנונג זיינען געהאַלטן געוואָרן דריי רעפעראַטן. אין זיי זיינען געקומען צום אויסדרוק די דריי ריכטונגען, וואָס האָבן זיך אויסגעבילדעט בנוגע די אויפגאַבן פון אַר־בעטער־קלאַס אין דער נאָכמלחמהדיקער עפּאָכע. לויט דער דעמאָלטיקער נאָמענקלאַטור, זיינען די ריכטונגען באַצייכנט געוואָרן אַלס רעכטע, צענט־ריסטישע און לינקע.

דער רעפערענט פון די רעכטע האָט אַזוי פאָרמולירט און באַגרינ־דעט זייער שטעלונג: „די פראַגע, וואָס ווערט איצט אַוועקגעשטעלט, ווערט געוויינלעך פאָרמולירט: דעמאָקראַטיע אָדער דיקטאַטור. קאָנ־קרעט שטייט אָבער די פראַגע אַנדערש: דעמאָקראַטיע אָדער ראַטן־מאַכט"... „דער ראַטן־געדאַנק האָלט פאַקטיש אין איין וואַקסן און

האָט אַ גרויסן דערפאָלג אין מזרח־ און מיטל־איראָפּע״... „איך האַלט דאָס גוואַלטיקע פאַרשפּרייטן זיך פון דער דאָזיקער אידייע פאַר אַ מין פסיכאָז״... „וועלכן צוועק דאַרף דינען דער ראַטן־סיסטעם? דאָ דאַרף מען קודם כל האָבן אַ קלאָרן ענטפער אויף דער פראַגע: צי דאַרף דאָס זיין אַ פאָרם פאַר דער הערשאַפט פון דער מערהייט איבער דער מינדערהייט, אָדער פאַרקערט. פאַר דעם אויסברוך פון דער איצטיקער באַוועגונג האָבן אַלע געהאַט די איבערצייגונג, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע דאַרף זיין אַ רעוואָלוציע פון דער גרויסער מערהייט קעגן דער קליינער מינדערהייט עקספּלואַטאַטאָרן. אַזוי איז דער שטאַנדפּונקט פון די מאַרקסיסטן, אַזוי איז אויך דער טעאָרעטישער שטאַנדפּונקט פון די באָלשעוויקעס. אויב אַזוי, פאַרוואָס זאָל מען זיך אָפּזאָגן פון דעמאָקראַטיע?״

„ווען מען זאָגט זיך אָפּ פון דער דעמאָקראַטיע און מען נעמט איבער דעם סאָוועטן־סיסטעם, איז עס שוין אַ סימן, אַז מ'האָט אין זינען די מאַכט פון דער מינדערהייט. הערביי האָט אָבער דער ראַטן־סיסטעם אין זיך אַ געוויסע נישט־אויפריכטיקייט, אַ געוויסע צביעות״... „דער ראַטן־סיסטעם שאַפט אַ זעלבסט־געקרוינטע מאַכט. די ראַטן־קאָנסטיטוציע גיט די רעכט די מאַכט־האָבער, דאָס הייסט די קאָמוניסטן אַליין, צו באַשטימען ווער עס זאָל האָבן וואַל־רעכט און ווער נישט. ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די רעכט מוז זיך פאַרוואַנדלען אין אַ וויל־קיר. מ'שליסט אויס די קעגנערישע פּאַרטייען, מען גיט וואַל־רעכט נאָר אייגענע מענטשן. אַנשטאָט דעם וואָס די מאַכט־אָרגאַנען זאָלן געקליבן ווערן פון די מאַסן, באַקומט זיך פאַקטיש פונקט פאַרקערט: די קאָמוניסטן באַשאַפן פאַר זיך אַזעלכע ראַטן, וואָס זיי דאַרפן האָבן. די פּאַרטיי־הערשאַפט ווערט נישט רעגולירט פון אונטן, נאָר אָנגעוואָרפן פון אויבן״... „דער ראַטן־סיסטעם פאַרדעקט בלויז דעם דאָזיקן אמת״.

„ווי זענען אויס אונזערע אַרבעטער־ראַטן? וואָס פאַר אַ ראָל שפּילן זיי? ווער רעכנט זיך מיט זיי? ווער באַמערקט זיי אַפילו? פאַרוואָס זיי זיינען אָנמעכטיק — איז נישט שווער צו זאָגן. אומעטום זיינען די ראַטן געווען קינדער פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. און אויב זיי האָבן, למשל, אין רוסלאַנד אַוועקגעהרגעט זייער מאַמע, איז פונ־דעסטוועגן זיכער, אַז אָן דער מאַמען וואָלטן זיי אויף דער וועלט נישט געווען. ביי אונז (אין פּוילן) איז די דאָזיקע מאַמע נישטאָ. די אַרבעטער און זייערע אָרגאַנען האָבן נישט די נייטיקע באַדינגונגען פאַר אַ ברייטער אַנטוויקלונג. זיי ווערן דערשטיקט אין דער דומפּער לופט, זיי האָבן נישט קיין רעזאָנאַנס, האָבן נישט קיין קראַפט, און כדי ערשט צו ווערן אַ קראַפט, דאַרפן זיי פריער דורכגיין אַ תקופה פון אַ ברייטן דעמאָקראַטישן לעבן״... „די שטעלונג פון די לינקע איז דורכאויס פאַלש און שעדלעך״.

דער פֿאַרשטייער פֿון די לינקע האָט אין זיין רעפֿעראַט אַזוי פֿאָר־מולירט און באַגרינדעט זייער שטעלונג: „מיר זאָגן, אַז מיר זיינען אַריין אין אַ פּעריאָד פֿון סאָציאַלער רעוואָלוציע. נישט צוליב דער אומצופֿרידנקייט פֿון די מאַסן אָדער דערפֿאַר, ווייל אונז ווילט זיך דורכפֿירן די רעוואָלוציע, נאָר צוליב די ענדערונגען, די רעזולטאַטן, וואָס די מלחמה האָט געבראַכט אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט"...

„אַלע אָנערקענען שוין איצט, אַז אַלס רעזולטאַט פֿון דער מלחמה שטייען מיר איצט דירעקט אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די מיינונגס־פֿאַר־שיידנקייטן זיינען דעריבער איצט אַנדערע: וועלכע קאָנסעקווענצן ציִען מיר אַרויס פֿון דעם פֿאַקט? אין וועלכע וועגן זאָלן מיר די סאָציאַלע רעוואָלוציע דורכפֿירן? וועגן דעם זיינען דאָ צוויי קלאָרע מיינונגען: 1) די דעמאָקראַטיע, 2) די דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז איצט דער איינציקער מעגלעכער וועג".

„די דעמאָקראַטיע דריקט איצט אויס דעם ווילן פֿון דעם קאַפּיטאַ־ליסטישן קלאַס און גיט אים די מעגלעכקייט אויסצונוצן די מאַסן. מיר זיינען צו דער דעמאָקראַטיע נישט צוגעבונדן. אויב זי טויג פֿאַר אונז נישט, וואַרפֿן מיר זי אָפּ. די דעמאָקראַטיע איז איצט נישט מסוגל צו זיין אַ געווער דורכצופֿירן די סאָציאַלע רעוואָלוציע, ווייל זי גיט דער בורזשואַזיע די ממשלה"... „מיר ווילן איצט די דיקטאַטור פֿון פּראָ־לעטאַריאַט. מיר נאַרן זיך אָבער נישט אָפּ: די דיקטאַטור וועט מסתמא זיין אַ דיקטאַטור פֿון אַ פּאַרטיי, וואָס שטיצט זיך אויף די באַוואוסט־זיניקע אַרבעטער און וואָס פֿאַרטיידיקט די אינטערעסן פֿון גאַנצן פּראָ־לעטאַריאַט — אַזאַ פּאַרטיי דאַרף טאַקע פֿאַרכאַפּן די מאַכט און האָט די רעכט צו דעם".

דער פֿאָרשטייער פֿון דער צענטריסטישער ריכטונג האָט אין זיין רעפֿעראַט פֿאַרנומען אַ מיטל־פּאָזיציע. פּאָלעמיזירנדיק מיט דער שטע־לונג פֿון די רעכטע, האָט ער געזאָגט: „אומעטום זיינען רעוואָלוציעס געמאַכט געוואָרן דורך דער מינדערהייט. מ'האָט, אמת, געהאָפֿט, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט זיין די רעוואָלוציע פֿון דער מערהייט. איך באַדויער וואָס דאָס איז נישט אַזוי. אויב די רעוואָלוציע איז שוין אויסגעבראָכן, מוזן מיר אָננעמען די פֿאָרמען, וואָס זי צווינגט אונז אָנצונעמען"... „מיר זיינען אַלע איייניק אין דער מיינונג, אַז די דע־מאָקראַטישע פֿאָרמען זיינען אַ זייער גוטע זאַך, אַז לכל־הפּחות אין די אַרבעטער־ראַטן מוז מען די פֿאָרמען איינפֿירן. אויף וויפֿל דאָס וועט זיך איינגעבן דורכצופֿירן, הענגט אָפּ פֿון דעם צי דער אַרבעטער־קלאַס וועט זיין גענוג רייף און שטאַרק. דעמאָלט וועט ער נישט דערלאָזן, אַז אַ טייל זאָל צונעמען זיינע רעכט. און פֿון דעם שטאַנדפּונקט מוז באַ־קעמפֿט ווערן די באָלשעוויסטישע פּאָליטיק, וועלכע פֿירט אומפֿאַרמייד־לעך צו אַ בירגער־קריג אין די רייען פֿון די אַרבעטער גופֿא. די פֿראַגע

פון דעמאָקראַטיע האַלט איך איצט פאַר פאַרענדיקט. אַזוי ווי די דע־מאָקראַטישע פאָרמען האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר אומפעאיק דורכצו־פירן די נייטיקע ענדערונג אין לעבן, דאַרפן מיר זיך פון זיי אָפּזאָגן. דער באַגריף פון ריינער דעמאָקראַטיע האָט אָפּגעלעבט"... "דער געדאַנק פון דער דעמאָקראַטיע מוז אויך פאַרברייטערט ווערן לויט דער נייער צייט, אָבער נישט אויסנוצן ערב דער רעוואָלוציע די דעמאָקראַ־טישע אָרגאַנען וואָלט געווען אַ פעלער, וועלכער וואָלט אונז אָפּגע־שוואַכט".

אָפּשלאָגנדיק די טענות פון די לינקע, האָט דער פאָרשטייער פון די צענטריסטן געזאָגט: "דער איינציקער טרעגער פון סאָציאַליזם איז דער אַרבעטער־קלאַס. אָבער אין פוילן גיבן דאָך אונז נישט אונזערע כוחות און אויך נישט דער איינפלוס אויפן עקאָנאָמישן לעבן די מעג־לעכקייט צו הערשן. ווער עס זאָגט, אַז דאָס איז נישט אַזוי, שאַצט איבער אונזערע כוחות. מיר מוזן זיך אויף עמעצן שטיצן, און אַזאַ עלעמענט איז נאָר דאָס פויערטום"... "אויב מיר זיינען נישט אימ־שטאַנד אַליין דורכצופירן די רעוואָלוציע, מוזן מיר זיי מאַכן הנחות און געווינען זייער הילף. אין אַנהייב איז אין רוסלאַנד אויך געווען אַזוי. די ווייטערדיקע פּאָליטיק פון די באָלשעוויקעס האָט געבראַכט אַ שטאַר־קע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע שטימונג אין לאַנד מיט אַלע אירע פאָלגן"... "מיר מוזן איצט רעווידירן די לאָזונגען פון אונזער מינימום־פּראָגראַם. לאָמיר נעמען, למשל, אונזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. דער נאַציאָ־נאַלער קאַמף איז ביז־איצט געווען אַ רעזולטאַט פון דער קאַפּיטאַליס־טישער אָרדנונג, וועלכע שטויסט צו דעם קאַמף. אין דער קאַפּיטאַליס־טישער געזעלשאַפט איז דעריבער די פאָרם פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע געווען די איינציקע לייזונג. אין איצטיקן מאָמענט פון דער סאָציאַליער רעוואָלוציע מוזן מיר די דאָזיקע פאָדערונג רעווידירן, לויט דער פאָרם פונם לעבן אין דער איבערגאַנג־צייט. אויף דער צייט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע זאָגן מיר זיך אָפּ פון די דעמאָקראַטישע אָרגאַנען. אָבער ביז מיר האָבן די דאָזיקע רעוואָלוציע, טאָרן מיר זיך נישט אָפּזאָגן דורך די דעמאָקראַטישע אָרגאַנען צו רעוואָלוציאָניזירן די מאַסן. ביים אויסברוך פון דער רעוואָלוציע איז די איינציקע פאָרם דער אַרבעטער־ראַט, וועלכן מיר מוזן האָבן אַזוי לאַנג, ווי ער איז נייטיק".

נאָך דער דיסקוסיע זיינען אַרייַנגעטראָגן געוואָרן צוויי רעזאָלוציעס — איינע פון די צענטריסטן און די צווייטע פון די לינקע (דער פאָר־שטייער פון די רעכטע האָט דערקלערט, אַז ער וועט קיין אייגענע רע־זאָלוציע נישט אַריינטראָגן און די אָנהענגער פון זיין ריכטונג וועלן שטימען פאַר דער צענטריסטישער רעזאָלוציע אַלס באַזע). מיט אַ מער־הייט פון 42 שטימען קעגן 31, ביי 4 אָפּגעהאַלטענע, איז אַלס באַזע

אָנגענומען געוואָרן די רעזאָלוציע פון די לינקע. די רעזאָלוציע איז איבערגעשיקט געוואָרן אין אַ קאָמיסיע, וואו די פאָרשטייער פון די צענטריסטן און לינקע האָבן זיך פאַרשטענדיקט וועגן אַ צאָל ענדערונגען. אין דער ענדגילטיקער אָפּשטימונג איז זי אָנגענומען געוואָרן מיט אַ מערהייט פון 52 שטימען קעגן 15 און ביי 6 אָפּגעהאַלטענע.

אין דער אָנגענומענער רעזאָלוציע איז געווען געזאָגט:

„די סאָציאַלע רעוואָלוציע, וואָס פלאַקערט שוין אין דעם גרעסטן טייל פון די באַזיגטע לענדער, וועט זיך מוזן אַריבערטראָגן אויך אין די לענדער פון דער זיגרייכער קאָאַליציע, וואו ס׳באַמערקן זיך שוין סימנים פון רעוואָלוציאָנערער יערונג. די סאָציאַלע רעוואָלוציע קען זיגן נאָר אַלס אינטערנאַציאָנאַלע. אויך אונזער לאַנד, וואָס איז עקאָנאָמיש און פּאָליטיש ענג פאַרבונדן מיט דער אַרומיקער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, ווערט אַריינגעצויגן אין זעלבן פּראָצעס — אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אין איצטיקן מאָמענט נוצט אויס די בורזשואַזיע איר צייט־ווייליקע איבערגעוויכט, אַלע אירע מאַכט־מיטלען צום קאַמף מיט דער אויפוואַקסנדיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון שטאָט און דאָרף. פאַרשאַרפנדיק דורך איר פּאָליטיק פון קלאַסן־עגאָאיזם און רעפּרע־סיעס די סאָציאַלע קעגנזאַצן, ברענגט זי צו אַזאַ לאַגע, ביי וועלכער ס׳ווערט אומפאַרמיידלעך דער דירעקטער רעוואָלוציאָנערער צוזאַמענ־שטויס צווישן די עקספּלואַטירטע און באַזיצנדיקע קלאַסן״...

„אין די אָביעקטיווע באַדינגונגען, ביי וועלכע עס קומט פאָר די סאָציאַלע רעוואָלוציע, האָבן די דעמאָקראַטישע מאַכט־אָרגאַנען בכלל זיך אַרויסגעוויזן אַלס אומפעאיק צו דערפילן די רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן, וואָס שטייען פאַרן אַרבעטער־קלאַס. דעריבער מוז די מאַכט פון פּראָ־לעטאַריאַט אָננעמען די פאָרם פון מאַכט פון אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַטן פון שטאָט און דאָרף״...

„די ראַטן־מאַכט איז אַ פאַריבערגייענדיקע, אָבער נויטווענדיקע און שאַפנדיקע רעגירונג־פאָרם אין דער צייט פון דער סאָציאַלער רעוואָלו־ציע. שטייענדיק אויפן שטאַנדפּונקט, אַז די גאַנצע מאַכט דאַרף געהערן די אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַטן פון שטאָט און דאָרף; באַשטימענדיק, אַז דער דאָזיקער געדאַנק דאַרף אומדערמידלעך פּראָפּאַגאַנדירט און פּראָ־קלאַמירט ווערן פאַר די ברייטסטע אַרבעטער־מאַסן, באַשליסט די קאָנ־פערענץ, אַז אויפן וועג צו דער ראַטן־מאַכט דאַרפן די פּאַרלאַמענטאַרישע איינריכטונגען רעוואָלוציאָנעריש אויסגענוצט ווערן. די גאַנצע טעטיקייט פון דער פּאַרטיי אויף אַלע געביטן דאַרף ווערן צוגעפּאַסט צו די באַ־דערפעניש און לאָזונגען פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע״.

נאָכן אויסהערן אַ באַריכט פון אַ פאָרשטייער פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין גאַליציע האָט די קאָנפערענץ נאָך אַ קורצער דיסקוסיע באַפולמעכטיקט דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד

אין פוילן דורכצופירן אָרגאַניזאַציאָנעל די פּאַראייניקונג מיט איר. ענד־גילטיק זאָל די פּאַראייניקונג באַשטעטיקט ווערן אויף אַ בשותּפותדיקן צוזאַמענפּאָר.

די דריטע לאַנד־קאָנפערענץ האָט נאָכן באַהאַנדלען די אַנדערע פּונקטן פון דער טאָג־אָרדנונג אויסגעוויילט אַ נייעם צענטראַל־קאָמיטעט [41]. אין נייעם צענטראַל־קאָמיטעט זיינען געוויילט געוואָרן וולאַדימיר מעדעם, בייניש מיכאַלעוויטש (יוסף איזביצקי), נח (יקותיאל פּאָרטנוי), העגריק ערליך, וויקטאָר אַלטער, דוד מייער, מאיר וואַסער, אפרים לוזער זעל־מאַנאָוויטש און מעגליך נאָך ווער, וואָס מיר האָבן נישט געקענט פעסט־שטעלן. די מערהייט איז באַשטאַנען פון די, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט די רעכטע און צענטריסטישע ריכטונגען, די לינקע זיינען געווען פאַר־טרעטן דורך 2 פאָרשטייער.

# 8. ווידעראויפבוי אין גאַליציע

נאָך די שווערע, קרבנותפולע יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז מען צוגעטרעטן ווידעראויפבויען די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי אין גאַליציע, וואָס האָט אין דער מלחמה־צייט געקענט פירן בלויז אַ זייער באַגרענעצטע טעטיקייט. פיל טוער און מיטגלידער זיינען צוריקגעקומען פון די קריגס־פראָנטן און פון אַנדערע טיילן לאַנד, וואוהין די קריג־זאַווערוכע האָט זיי פאַרטראָגן. שוין דעם 15טן אָקטאָבער 1918 איז אין קראָקע באַנייט געוואָרן די פאַרטיי־פרעסע — דער סאָציאַל־דעמאָקראַט (אין יידיש) און דעם 15טן דעצעמבער 1918 האָט אָנגעהויבן דערשיינען דער וועכנטלעכער אָרגאַן אין פויליש נאָווע זשיטשע (דאָס נייע לעבן). נאָך אַ הפסקה פון איבער 4 יאָר — די רעגירונג האָט אָפּגעשטעלט די פרעסע פון דער פאַרטיי באַלד ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין אויגסט 1914 — האָט דאָס בונדישע געדרוקטע וואָרט זיך ווידער באַוויזן אין גאַליציע. דעם 18טן און 19טן אָקטאָבער 1918 איז אין קראָקע פאָרגעקומען אַ לאַנד־קאָנפערענץ פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי אין מערב־גאַליציע און זי האָט אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן פאַראייניקן זיך מיטן בונד אין פוילן [42].

אַ צייט האָבן ביידע טיילן פון גאַליציע (מזרח און מערב) געפירט אַ באַזונדער פאַרטיי־לעבן. געשען איז עס צוליב דעם, וואָס אַ באַדייטנדיקער טייל פון מזרח־גאַליציע איז געווען באַהערשט פון די אוקראַינער און איז געווען אָפּגעשניטן פון די אַנדערע טיילן פון פוילן.

***

דעם 22טן און 23טן מערץ 1919 איז אין קראָקע פאָרגעקומען די צווייטע קאָנפערענץ פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי אין מערב־גאַליציע. 58 דעלעגאַטן האָבן רעפּרעזענטירט 2,500 מיטגלידער אין קראָקע, טאַרנע, פּשעמישל, ריישע, סאַנאָק, קשאַנאָוו, ניי־סאַנץ, דאָמבראָווע און נאָך אין צוויי ערטער. סך־הכל האָט די פאַרטיי געציילט ביז 3 טויזנט מיטגלידער אין מערב־גאַליציע. די טאָג־אָרדנונג האָט אַרומגענומען די דאָזיקע פונקטן: 1. באַריכט; 2. די פּאָליטישע לאַגע און די אויפגאַבן פון דער פאַרטיי; 3. אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים; 4. די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג.

געעפנט די קאָנפערענץ מיט אַ רעדע האָט ד״ר הענריק שרייבער.

הערשל הימעלפאַרב, ווי אַ פאָרשטייער פון בונד אין פוילן, האָט באַגריסט די דעלעגאַטן און אָנגעוויזן אויף דער בשותפותדיקייט פון ביידע פאַר־טייען און אויף דער נויטווענדיקייט פון דער פאַראייניקונג.

דעם באַריכט האָט אָפּגעגעבן דער סעקרעטאַר פון עקזעקוטיוו־קאָ־מיטעט ד״ר זיגמונד גליקסמאַן. ער האָט געגעבן אַן איבערבליק איבער דעם מצב פון דער פאַרטיי אין די מלחמה־יאָרן און די געשעענישן פון לעצטן האַלבן יאָר. דער רוב פאַרטיי־מיטגלידער זיינען בעת דער מלחמה געווען מאָביליזירט, פיל האָבן זיך געמוזט עוואַקוּאירן פון גאַליציע — אַ גרויסער טייל פון זיי איז פאַרבליבן אין עסטרייך, טשעכיע און שלעזיע. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען וואַקסן איצט גיך. מ׳האָט אויך געשאַפן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון און אַרבעטער־קיכן, ווייל די פראַגע פון באַשפּיי־זונג איז אַ שווערע, בפרט פאַר די מחנות אַרבעטסלאָזע. מ׳האָט געשאַפן קלובן, בילדונג־קרייזן און קורסן פאַר אַנאַלפאַבעטן. די פאַרטיי האָט געלאָזט אין גאַנג 2 פּרעסע־אָרגאַנען — דער סאָציאַל־דעמאָקראַט (אין יידיש) און נאָווע זשיטשע (אין פויליש). דער באַריכט־אָפּגעבער האָט כאַראַקטעריזירט די שטימונגען ביי די יידן און געזאָגט, אַז פיל פון זיי זיינען צוליב דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון דער פוילישער רעגירונג און די פּאָגראָמען געשטויסן געוואָרן אין נאַציאָנאַליסטישן לאַגער.

דעם פּאָליטישן רעפעראַט האָט געהאַלטן ד״ר מיכאל שולדענפריי. דער אויספיר פון זיין רעפעראַט איז געווען: פאַר שאַפן די איינהייט פון אַרבעטער־קלאַס זיינען נייטיק די אַרבעטער־ראַטן, אָבער מ׳טאָר זיך דער־ביי נישט אָפּזאָגן פון אויסנוצן די פּאַרלאַמענטאַרישע אינסטיטוציעס.

אין דער דיסקוסיע האָבן זיך אַנטפּלעקט צוויי ריכטונגען: אַ מער־היט האָט אונטערגעשטיצט די שטעלונג פון רעפערענט, אַ מינדערהייט האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, הגם אויך זי האָט דערלאָזט די מעגלעכקייט פון דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס, אָבער בלויז פאַר פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן.

די רעזאָלוציע, וואָס די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען, האָט פאָר־מולירט די שטעלונג פון דער מערהייט. זי האָט אָנגעוויזן אויף דער סאָציאַלער איבערקערעניש, וואָס קומט פאָר און אויף דער נויטיקייט פון אַן איינהייטלעכן אַרבעטער־פראָנט. צו דעם צוועק זיינען נייטיק די אַרבעטער־ראַטן און די וואַלן צו זיי דאַרפן זיין אַלגעמיינע, אָן אונטער־שייד פון נאַציאָנאַליטעט און פאַרטיי־אָנגעהעריקייט. נישט האָבנדיק קיין אילוזיעס וועגן די פּאַרלאַמענטאַרישע אינסטיטוציעס, דאַרף מען זיי דאָך אויסנוצן אין די אינטערעסן פון סאָציאַליסטישער אויפקלערונג און אונ־טערהאַלטן די קאַמף־ענערגיע פון די אַרבעטער־מאַסן.

צוזאַמען מיט די ציוניסטן האָט די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געשאַפן דעם יידישן

נאַציאָנאַל־ראַט פאַר מערב־גאַליציע. דעם 4טן נאָוועמבער 1918 האָבן זיי אין קראָקע אַרויסגעלאָזט אַ מאַניפעסט פון יידישן נאַציאָנאַל־ראַט — „צום יידישן פאָלק". דער מאַניפעסט, אונטער וועלכן ס'זיינען געווען אונטערגעשריבן די עקזעקוטיוו־קאָמיטעטן פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און פון פּועלי־ציון, האָט נישט געהאַט קיין שום ספּעציעלע ציוניסטישע פאָדע־רונגען אָדער לאָזונגען. אין אים איז געווען געזאָגט: „פאַרבונדן מיטן באָדן, אויף וועלכן מיר לעבן און אַרבעטן, ווילן מיר ווי בירגער פון דער פּוילישער מלוכה מיטאַרבעטן ביים אויספאָרמירן אַ בעסערע צו־קונפט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין דער מלוכה. אויך דאָס יידישע פאָלק לעבט איבער אַ היסטאָרישן מאָמענט. מיר זיינען אַ נאַציע. ווי אַ נאַציע פאָדערן מיר פאַר אונז די רעכט פריי צו באַשטימען וועגן אונזער נאַציאָנאַלן גורל. כדי צו פאַרווירקלעכן די דאָזיקע רעכט, שאַפן מיר דעם יידישן נאַציאָנאַל־ראַט". דער מאַניפעסט רעכנט ווייטער אויס די פּרינציפּן ביי וועלכע ער וועט זיך האַלטן אין זיין טעטיקייט און וועלכע פאָדערונגען ער וועט אַרויסשטעלן. זיי זיינען: זעלבסטבאַשטימונג־רעכט פאַר דער יידישער נאַציע אין דער פּוילישער מלוכה; נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר יידן; באַפרידיקן די נאַציאָנאַל־קולטורעלע באַדערפעענישן פון דער יידישער באַפעלקערונג; פולע פּאָליטישע און בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג און אָפּשאַפן אַלע געזעצלעכע און אַדמיניסטראַטיווע באַגרענעצונגען לגבי די יידן אויפן עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און נאַציאָ־נאַלן געביט.

די פאַרשטייער פון דער יידישער ס. ד.־פּאַרטיי זיינען לאַנג נישט געזעסן אין יידישן נאַציאָנאַל־ראַט. זיי זיינען פון דאָרטן אַרויסגעטרעטן און די קאָנפערענץ האָט דעם אַרויסטריט גענומען צו קענטעניש.

די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן דורכצופירן וואָס גיכער די פאַראיי־ניקונג מיטן בונד אין פּוילן און פאַרבונדן דעם וואָכנבלאַט נאָווי זשיטשע מיטן גלאָס בונדו אין וואַרשע [43].

***

אין גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען איז אויסגעקומען צו לעבן און ווירקן אין מזרח־גאַליציע. אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער גרויסער פּראָווינץ האָט זיך נאָך דער מלחמה געפונען אונטער דער ממשלה פון די אוקראַי־נער, וואָס האָבן געפירט אַ האַרטנעקיקן קריג מיט די פּאָליאַקן. סוף־כל־סוף האָט דאָס פּוילישע מיליטער אַרויסגעשטויסן די אוקראַינער פון די פאַרנומענע ערטער. סיי אונטער פּוילישער, סיי אונטער אוקראַי־נישער ממשלה האָט די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי צוריק אויפגעבויט די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס און די אַנדערע צווייגן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דעם 1טן פעברואַר 1919 האָט אויך אָנ־געהויבן דערשיינען אין לעמבערג דער פּאַרטיי־אָרגאַן — אונזער שטימע.

דעם 16טן און 17טן אָקטאָבער 1919 איז אין לעמבערג פֿאַרגעקומען אַ קאָנפֿערענץ פֿון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין מזרח־גאַליציע. 58 דעלעגאַטן האָבן רעפּרעזענטירט די אָרגאַניזאַציעס אין לעמבערג, סטרי, דראָהאָביטש, קאָלאָמיי, טאַרנאָפּאָל און אַנדערע ערטער. דעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון בונד אין פּוילן האָט פֿאַרטרעטן בייניש מיכאַלעוויטש, דעם פּאַרטיי עקזעקוטיוו־קאָמיטעט אין קראָקע — ד״ר יעקב בראָס, ד״ר איגנאַצי אַלעקסאַנדראָוויטש און פּסח דעמביצער. אין פּרעזידיום זיינען געווײלט געוואָרן ד״ר לייב לאַנדוי, אברהם פּאָך, געזונד, פֿלאָקס, האַרטמאַן א. א. באַגריסונגס־רעדעס האָבן געהאַלטן ד״ר יעקב בראָס, בייניש מיכאַלעוויטש און ד״ר לעוו האַנקעוויטש. דער לעצטער האָט באַגריסט אין נאָמען פֿון צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער אוקראַינישער ס. ד.־פּאַרטיי און פֿון דער אוקראַינישער פֿאָלקס־רעפּובליק. ער האָט געזאָגט: „קיינער גלויבט געוויס נישט, אַז די פּאָגראָמען האָבן געמאַכט די אוקראַינישע אַרבעטער. איך מוז מעלדן, אַז נישט דער אוקראַינישער פּראָלעטאַריאַט, נישט דאָס אוקראַינישע פֿאָלק בכלל און נישט די אוקראַינישע רעגירונג האָבן אַ וועלכע נישט איז שייכות צו די פּאָגראָמען. דאָס איז געווען אַ פּראָוואָקאַציע פֿון די שוואַרצע מאות, וועלכע האָבן אויסגענוצט די פֿינצטערקייט פֿון די מאַסן און זיי געהעצט אויף די יידן. די אוקראַינישע רעפּובליק איז מיט דער גאַנצער קראַפֿט אַרויסגעטרעטן קעגן די פּאָגראָמען".

די טאָג־אָרדנונג האָט אַרומגענומען די דאָזיקע פּונקטן: 1. באַריכט פֿון דער טעטיקייט; 2. די פּאָליטישע לאַגע און די טעטיקייט פֿון דער פּאַרטיי; 3. אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים.

דעם טעטיקייט באַריכט האָט אָפּגעגעבן ד״ר איגנאַצי אַלעקסאַנדראָוויטש, וועלכער איז דעמאָלט געווען טעטיק אין מזרח־גאַליציע. אין פֿיל ערטער, האָט ער געזאָגט, זיינען צוריק אויפֿגעשטעלט געוואָרן אָרגאַניזאַציעס. אין די טעג פֿון 18 און 19 יאַנואַר 1919 איז לויט דער איניציאַטיוו פֿון דער סטריער אָרגאַניזאַציע פֿאָרגעקומען אַ קאָנפֿערענץ פֿון 12 שטעט און שטעטלעך, וואָס האָבן זיך געפֿונען אונטער אוקראַינישער ממשלה. ס׳איז אויסגעבילדעט געוואָרן אַ פּראָוויזאָרישער צענטראַל־קאָמיטעט מיטן זיץ־אָרט אין סטרי. די פּאַרטיי האָט אַרויסגעגעבן אַ צייטונג די רויטע פֿאָהן. אומעטום זיינען געשאַפֿן געוואָרן אַרבעטער־ראַטן. די אַרבעטער־ראַטן זיינען געווען יידישע. זיי האָבן געהאָלפֿן אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער און האָבן געטאָן פּראַקטישע אַרבעט צו לינדערן די נויט פֿון דער אָרימער באַפֿעלקערונג. אַלגעמיינע אַרבעטער־ראַטן האָט מען נישט געקענט שאַפֿן צוליב די נאַציאָנאַליסטישע רייסענישן צווישן די פּוילישע און אוקראַינישע אַרבעטער.

אין דער סטריער קאָנפֿערענץ האָבן זיך באַטייליקט 27 דעלעגאַטן, פֿון די דאָזיקע ערטער: סטרי, קאָלאָמיי, דראָהאָביטש, באָריסלאָוו, סאַמ־

באר, טאַרנאָפּאָל, זבאַראַזש, פּאָדוואָלאָטשיסק, סקאַלאַט, סקאַלע, באָלעכאָוו, סינאַוואָדסקאָ. צוליב קאָמוניקאַציע־שוועריקייטן האָבן פון עטלעכע ער־טער נישט געקענט קומען די דעלעגאַטן. אין דער אָנגענומענער רעזאָ־לוציע האָט די קאָנפערענץ אויסגעדריקט באַדויערן וואָס די פוילישע און אוקראַאינישע אַרבעטער זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין נאַציאָנאַליסטישן קאַמף צווישן ביידע פעלקער און האָט דערקלערט אַז די פראַגע פון דער מלוכהשער אָנגעהעריקייט פון מזרח־גאַליציע דאַרף באַשלאָסן ווערן אויף אַ קאָנגרעס פון פריי־געוויילטע אַרבעטער־ און פויערים־ראַטן. כּל־זמן עס וועלן נישט זיין קיין אַלגעמיינע אַרבעטער־ראַטן, זאָלן עקזיס־טירן די יידישע אַרבעטער־ראַטן. ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז די לערן־שפּראַך פאַר יידישע קינדער דאַרף זיין יידיש.

די צאָל אָרגאַניזירטע מיטגלידער באַטרעפט 6 טויזנט אין מזרח־גאַליציע. אומעטום האָט מען זיך באַטייליקט אין די וואַלן צו די יידישע נאַציאָנאַל־ראַטן. די אוקראַאינישע מלוכה־מאַכט האָט זיי אָנערקענט אַלס יידישע רעפּרעזענטאַנץ. נישט געקוקט אויף די אָפּמאַכן, האָבן די ציוי־ניסטן זיך באַמיט אַריינצוציען די נאַציאָנאַל־ראַטן אין ציוניסטישע ענינים. וואו דאָס איז געשען, זיינען די סאָציאַליסטן אַוועק פון די ראַטן. נאָכן איינשטעלן די פוילישע ממשלה האָט די פוילישע רעגירונג־מאַכט נישט אָנערקענט די נאַציאָנאַל־ראַטן. זיי האָבן אויפגעהערט צו האָבן די פריער־דיקע באַדייטונג און די סאָציאַליסטן זיינען פון זיי אַרויסגעטרעטן.

די קאָנפערענץ האָט אויסגעדריקט איר הסכם מיט דער דאָזיקער טאַקטיק. זי האָט אויך פאַרבאָטן אַריינצוטרעטן אין נאַציאָנאַלע אינסטי־טוציעס, אויב זיי זיינען נישט קיין געוויילטע אויף דעמאָקראַטישע יסודות, נאָר נאָמינירטע דורך דער מאַכט.

דעם רעפעראַט וועגן דער פּאָליטישער לאַגע האָט געהאַלטן פּסח דעמביצער. ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ דעמאָקראַטישן וועג צום סאָציאַליזם. אַ קאָרעפערענט האָט פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט פון ראַטן־מאַכט לויטן ביישפּיל פון רוסלאַנד. אין דער דיסקוסיע האָט זיך אויך באַטייליקט בייניש מיכאַלעוויטש, וועלכער האָט באַזונדערס אָפּגע־פרעגט די טענה, אַז ראַטן־מאַכט פאַרענטפערט שוין במילא די נאַציאָ־נאַלע פראַגע. ער האָט געוואָרנט קעגן אָט דער אילוזיע. די קאָנפערענץ האָט איינשטימיק אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, ענלעך צו דער פּאָליטישער רעזאָלוציע, וואָס די מערב־גאַליצישע קאָנפערענץ האָט אָנגענומען אין חודש מערץ 1919. די רעזאָלוציע האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר שאַפן אַל־געמיינע אַרבעטער־ראַטן און פאַר אויסנוצן די דעמאָקראַטישע אינסטי־טוציעס (פּאַרלאַמענט, שטאָט־ראַטן א. אַ.). די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויי־טאָנאָמיע ווערט ווייטער באַטראַכט ווי אַ פּאָסטולאַט פון פּאַרטיי־פּראָ־גראַם.

אַ גרויסע דעבאַטע האָט זיך אַנטוויקלט אַרום פּונקט וועגן די אַר־

גאַניזאַציאָנעלע ענינים. ס׳האָבן זיך אַנטפּלעקט דריי שטאַנדפּונקטן. ד״ר יעקב בראָס האָט פּאַרטיידיקט, אַז מזרח־גאַליציע דאַרף זיין אַ טייל פון איין פּאַרטיי. ד״ר לייב לאַנדוי און אַנדערע האָבן פאַרלאַנגט אַ געוויסע אויטאָנאָמיע פאַר די מזרח־גאַליצישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. די לעמבערגער דעלעגאַטן זיינען געווען פאַר אַ פעדעראַטיוון פּלאַן — די מזרח־גאַליצישע אָרגאַניזאַציעס זאָלן זיין צווישן זיך פּאַראייניקט און ווי אַן איינהייט פעדעראַטיוו־פאַרבונדן מיט די אַנדערע פּאַרטיי־טיילן פון לאַנד. די אָנגענומענע רעזאָלוציע האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער פאַראייניקונג מיטן בונד אין פּוילן. ווייטער האָט געזאָגט די רעזאָלוציע, אַז „די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס אין מזרח־גאַליציע זאָלן באַקומען אַ געוויסן גראַד פון אָרגאַניזאַציאָנעלער אויטאָנאָמיע, וואָס זאָל זיי געבן די מעגלעכקייט צוצופּאַסן דעם קאַמף צו די ספּעציפישע פּאָליטישע פאַרהעלטענישן פון לאַנד״. ס׳איז אויך באַשלאָסן געוואָרן ווייטער אַרויסצוגעבן אונזער שטימע פאַר מזרח־גאַליציע.

די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע קעגן די פּאָגראָמען אין אוקראַינע און אויך אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע קעגן פאַרפּאָלגן די יידישע שפּראַך מצד דער פּוילישער מאַכט [44].

# 9. דער פאַראייניקונג־צוזאַמענפאָר אין קראָקע

אין די ערשטע 17 חדשים פון דער פוילישער אומאָפּהענגיקער מלוכה האָבן עקזיסטירט צוויי באַזונדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון די יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן געהאַט די זעלבע פּראָגראַמאַטישע יסודות, שטרעבונגען און צילן. בלויז זייער טעטיקייט־געביט איז געווען רע־גיאָנאַל צעטיילט. ס'איז געווען אַ ירושה פון דער פריערדיקער צע־טיילונג פון פוילן. מיטן איינגלידערן גאַליציע אין שטח פון דער פוי־לישער מלוכה איז די באַזונדערע עקזיסטענץ געוואָרן אַן אַנאַכראָניזם. ביי קיינעם איז דעריבער קיין ספק נישט געווען, אַז ס'דאַרף זיין איין יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי פאַרן גאַנצן לאַנד. ס'איז אויך געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די פאַראייניקונג דאַרף פאָרקומען אונטער דער פאָן פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד, וואָס האָט געהאַט די בכורה צוליב זיין פּיאָנערישקייט, פּראָמינענטקייט, השפּעה און פּרינציפּיעלער אידענטיפיקאַציע — דעם בונדיזם, וואָס די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע פּאַרטיי אין גאַליציע האָט באַטראַכט אויך פאַר איר אידעאָלאָגישן יסוד. די פאַראייניקונג איז געוואָרן אַ פאַקט אין אַפּריל 1920.

פאַרן פאַראייניקונג־צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 9טן און 10טן אַפּריל 1920 אין קראָקע, זיינען פאָרגעקומען צוויי באַזונדערע קאָנ־פערענצן פון ביידע פּאַרטייען.

דעם 9טן אַפּריל פאַרמיטאָג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די 4טע קאָנ־פערענץ פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פוילן. באַטייליקט האָבן זיך 60 דעלעגאַטן (57 פון די אָרגאַניזאַציעס און 3 פון צענטראַל־קאָמיטעט) מיט באַשטימונג־רעכט און 10 דעלעגאַטן מיט באַראַטונג־רעכט.

דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון אַ יאָר טעטיקייט. דער באַריכט האָט געשילדערט דעם מצב פון דער בונדישער באַוועגונג, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט אַ שווער יאָר. זי האָט געליטן פון אַ ריי צרות: פון דער אַלגעמיינער רעאַקציע און פון רעגירונג־טעראָר; פיל זיינען אָוועקגענומען געוואָרן דורך מיליטער־דינסט אָדער האָבן עמיגרירט; אַ סך פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און פּאַרטיי־קלובן האָט די רעגירונג פאַרמאַכט; די בונדישע פּרעסע איז אָפט קאָנפיס־קירט געוואָרן און לסוף האָט די רעגירונג געשלאָסן די בונדישע טאָג־צייטונג לעבענס־פראַגען.

אין שייכות מיט דער שפּאַלטונג פון די אַרבעטער־ראַטן האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַלגעמיינע אַרבעטער־ראַטן. בלויז דאָרט, וואו דאָס איז נישט מעגלעך צו רעאַליזירן, זאָל מען שאַפן באַזונדערע יידישע, וואָס דאַרפן זיך באַטראַכטן, ווי די יידישע סעקציעס פון די קינפטיקע אַלגעמיינע ראַטן. די שפּאַלטונג־טאַקטיק פון דער פּ. פּ. ס. איז קאַטעגאָריש פאַראורטיילט געוואָרן.

די פּאַרטיי האָט געפירט אַ ברייטע מאַסן־אַקציע קעגן די פּאָגראָם־עקצעס און קעגן געזעץ וועגן צוואַנג־זונטאָג־רו. די פאָדערונג איז געווען, אַז די יידישע אַרבעטער זאָלן האָבן רעכט אויסצוקלייבן זיך זייער רו־טאָג — שבת אָדער זונטאָג. די פּוילישע אַרבעטער זיינען גערופן געוואָרן נישט צו לאָזן זיך אויסנוצן פון די יידישע באַלעבאַטים אַלס געווער קעגן די יידישע אַרבעטער דורך פאַרנעמען זייערע אַרבעט־פּלעצער. די יידישע אַרבעטער זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרן נישט צו לאָזן אַרויסרייסן פון זייערע הענט די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, וואָס זיי האָבן זיך דערשאַבערט.

די פראַגע פון אינטערנאַציאָנאַל האָט אַרויסגערופן חלוקי־דעות אין צ. ק., צו קיין איינהייטלעכער שטעלונג האָט מען נישט געקענט קומען. די חלוקי־דעות זיינען פאָרמולירט געוואָרן אין די באַזונדערע טעזן, וואָס מ'האָט פאַרעפנטלעכט. דאַקעגן האָט דער צ. ק. פאַרנומען איינשטימיק אַ שטעלונג קעגן דער מלחמה (פּויליש־סאָוועטישער), פאַר אַ באַלדיקן שלום.

דער באַריכט האָט אויך אינפאָרמירט וועגן דער טעטיקייט פון די געוויילטע בונדיסטן אין די שטאָט־ראַטן, וועגן מצב פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, וועגן דער קולטור־טעטיקייט, יוגנט־באַוועגונג, סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע און הילף־טעטיקייט.

אַרום באַריכט איז געווען אַ קורצע דעבאַטע. די קאָנפערענץ האָט נאָך דעם אָנגענומען די רעזאָלוציע: „געמענדיק אין באַטראַכט די אַלגעמיינע באַדינגונגען, ביי וועלכע ס'איז אויסגעקומען דעם צענטראַל־קאָמיטעט צו אַרבעטן פאַר דעם פאַרגאַנגענעם באַריכט־פּעריאָד, שטעלט פעסט די 4טע קאָנפערענץ פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן, אַז דער צ. ק. האָט רעאַגירט אויף די דערשיינונגען פון פּאָליטישן לעבן און זיי אויסגענוצט אויף צו פאַרטיפן דאָס סאָציאַליסטישע באַוואוסטזיין און וועקן דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט ביי די יידישע אַרבעטער־מאַסן".

נאָך אַ קורצער רעדע פון פאָרזיצער האָט די קאָנפערענץ איינשטימיק אָנגענומען די דאָזיקע רעזאָלוציע וועגן דער פאַראייניקונג מיט דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין גאַליציע:

„די 4טע לאַנד־קאָנפערענץ פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן, אין הסכם מיט די באַשלוסן פון דער 2טער און 3טער לאַנד־קאָנפערענץ וועגן פאַראייניקן זיך מיט דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי

אין גאַליציע, באַשליסט תיכף דורכפירן די פאַראייניקונג און די ווייטער־דיקע זיצונגען אָפּצוהאַלטן געמיינזאַם מיט דעם 7טן קאָנגרעס פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין גאַליציע אַלס ערשטן פאַראייניקונג צוזאַמענפאָר פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד אין פוילן״.

אַן ענלעכן איינשטימיקן באַשלוס האָט אויך אָנגענומען דער 7טער קאָנגרעס פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין גאַ־ליציע.

***

נאָכמיטאָג, דעם 9טן אַפּריל 1920, האָט אין גרויסן זאַל פון דער קראָקעווער קהילה זיך אָנגעהויבן דער פאַראייניקונג־צוזאַמענפאָר פון ביי־דע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס זיינען יאָרן־לאַנג געווען אָפּ־געטיילט מיט מלוכה־גרענעצן, אָבער פאַראייניקט אידעאָלאָגיש און באַ־זעלט מיטן זעלבן גייסט. אָנטייל גענומען אין אים האָבן 86 דעלעגאַטן מיט שטים־רעכט און 24 מיט באַראַטונג־רעכט — 60 און 10 פון קרוין־פוילן, 26 און 11 פון גאַליציע. מיט באַראַטונג־רעכט זיינען אויך גע־ווען 3 דעלעגאַטן פון די מזרח־קרעסן — פון ווילנע, ביאַליסטאָק און גראָדנע. צוויי פון זיי — שלמה קלייט פון ווילנע און בענצל צאַלעוויטש פון ביאַליסטאָק — האָבן באַגריסט אין נאָמען פון זייערע אָרגאַניזאַציעס. די איינפלוסרייכע בונדישע אָרגאַניזאַציעס פון די דערמאָנטע שטעט זיי־נען דעמאָלט נאָך בישט געווען אָנגעשלאָסן אין בונד פון פוילן צוליב דעם, וואָס ס׳איז נאָך נישט אָפיציעל געווען באַשטימט די מלוכה־אָנגע־העריקייט. דאָס איז געווען דער ערשטער אַלגעמיינער צוזאַמענפאָר פון בונד אין פוילן [45].

אַ פאָרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פוילן האָט גע־עפנט דעם פאַראייניקונג־צוזאַמענפאָר און געגעבן אַ וואָרט צו באַגריסן די דעלעגאַטן אין נאָמען פון בונד דעם ח׳ בייניש מיכאַלעוויטש. נאָך אים האָט געהאַלטן אַ באַגריסונג־רעדע אין נאָמען פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין גאַליציע ד״ר יעקב בראָס. ביידע רעדנער האָבן אָנגעוויזן אויף דער חברישער נאָענט־קייט, וואָס איז אויך פריער געווען צווישן די צוויי פּאַרטייען און אויף זייערע בשותּפותדיקע אידעאָלאָגישע יסודות, הגם זיי זיינען געווען טעטיק אין פאַרשיידענע פּאָליטישע באַדינגונגען. נאָך דעם ווי די היסטאָרישע געשעענישן האָבן צונויפגעבראַכט ביידע פּאַרטייען אין איין מלוכהשן אָרגאַניזם, איז די נייטיקייט פון דער פאַראייניקונג געוואָרן אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט.

באַגלייט פון אַפּלאָדיסמענטן און מיטן געזאַנג פון דער שבועה האָט דער צוזאַמענפאָר איינשטימיק אָנגענומען דעם באַשלוס צו פאַרוואַנדלען

ביידע באַזונדערע פּאַרטייען אין איין פּאַרטיי — אין אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד אין פּוילן [46].

**
*

נאָכן דורכפירן דעם פייערלעכן אַקט פון דער פאַראייניקונג, האָט דער צוזאַמענפאָר אויסגעוויילט אַ פּרעזידיום פון די 5 חברים: נח (יקותיאל פּאָרטנגוי), מאיר וואַסער, אפרים לוזער זעלמאַנאָוויטש, ד״ר יעקב בראָס און משה פּאַפּיער (די לעצטע צווי — פון גאַליציע). דער צוזאַמענפאָר האָט נאָך דעם אָנגענומען די טאָג־אָרדנונג: 1) פּאַרטיי־סטאַטוט, 2) דער אינטערנאַציאָנאַל, 3) די פּאָליטישע סיטואַציע, 4) קולטור־אַרבעט, 5) די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, 6) פּאַרטיי־פּרעסע.

ביים אָננעמען דעם נייעם פּאַרטיי־סטאַטוט האָט מען די גאַליצישע אָרגאַניזאַציעס געגעבן די רעכט צום פּאַרטיי־נאָמען אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד אין פּוילן אויך צושטעלן אין קלאַמערן דעם אַלטן נאָמען (יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין גאַליציע) — אַ רעכט, וואָס מ׳האָט באַלד אויפגעהערט נוצן.

**
*

די הויפּט־פראַגע, וואָס האָט אַרויסגערופן ערנסטע חלוקי־דעות אויפן ערשטן און פאַראייניקטן צוזאַמענפאָר פון בונד אין פּוילן, איז געווען דער ענין פון אינטערנאַציאָנאַל. פאַר וויטער בלייבן אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל זיינען שוין איצט קיין אָנהענגער נישט געווען. אין אירע טעזן, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן זומער 1919, האָט די צענטריסטישע ריכטונג נאָך פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט וועגן בלייבן דערוויל אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, כדי צוזאַמען מיט אַנדערע, אידייאיש־נאָענטע פּאַרטייען זיך באַמיען צו ענדערן זיין כאַראַקטער. די אויפגאַבע האָט שוין איצט נישט געקענט דערפילט ווערן. אַ צאָל סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן אין יענער צייט באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן פון צווייטן, סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל און האָבן פאַרעפנטלעכט אַ רוף צו שאַפן אַ נייע אינטערנאַציאָנאַלע פאַראייניקונג. זיי זיינען געווען: 1) די אומאָפּהענגיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין דייטשלאַנד; 2) די ס. ד.־פּאַרטיי אין עסטרייך; 3) די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין פראַנקרייך; 4) די אומאָפּהענגיקע אַרבעטער־פּאַרטיי אין ענגלאַנד; 5) די ס. ד. אַרבעטער־פּאַרטיי אין רוסלאַנד; 6) די ס. ד. פּאַרטיי אין שווייץ; 7) די דייטשע ס. ד. אַרבעטער־פּאַרטיי אין טשעכאָסלאָוואַקיע. זיי האָבן געשאַפן די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטס־געמיינשאַפט מיטן זיץ־אָרט אין ווין. (מ׳האָט זי גערופן דער „ווינער אינטערנאַציאָנאַל״ אָדער „2 און אַ האַלבער אינטערנאַציאָנאַל״. זי האָט עקזיסטירט ביז דער צוריק־פאַראייניקונג מיטן אַלטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין יאָר 1923).

איינשטימיק האָט דעריבער דער צוזאַמענפאָר געקענט באַשליסן אַרויס־צוטרעטן פון צווייטן (סאָציאַליסטישן) אינטערנאַציאָנאַל, אָבער וואוהין אַריינטרעטן — וועגן דעם זיינען שוין געווען טיפע חלוקי־דעות. נאָך אַן אויספירלעכער דעבאַטע איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס אַריינצו־טרעטן אין דריטן (קאָמוניסטישן) אינטערנאַציאָנאַל. פאַר דעם באַשלוס האָבן געשטימט 41 דעלעגאַטן, קעגן — 30 און 15 האָבן זיך אָפּגע־האַלטן פון שטימען [17].

***

אַחוץ די הויפּט־פראַגן — די פאַראייניקונג און אינטערנאַציאָנאַל — האָט דער קראָקעווער צוזאַמענפאָר זיך פאַרנומען מיט נאָך עטלעכע ענינים. איינער פון זיי איז געווען וועגן דער קולטור־טעטיקייט. דער רעפערענט האָט אָנגעצייכנט די ריכטליניעס אויף דעם געביט. ער האָט געזאָגט: „מיר וועלן נישט בויען די סאָציאַליסטישע קולטור אויף די חורבות פון דער אַלטער קולטור. די סאָציאַליסטישע קולטור איז בלויז אַ העכערע פאַזע פון פריערדיקע קולטור־פאָרמען. דעריבער מוז דער פּראָלעטאַריאַט זיך באַקענען מיט דער גאַנצער דערפאַרונג, דערוואָר־בונגען און קענטענישן פון דער פאַרגאַנגענהייט. דאָס זיינען די אַזוי־גערופענע בילדונג־אויפגאַבן אין דעם קולטור־פּראָבלעם. דער צווייטער מאָמענט — דאָס איז די ריין סאָציאַליסטישע דערציאונג פון פּראָלע־טאַריאַט. מיר קאָנען נישט איבערנעמען די קולטור־גיטער, געשאַפן דורך דער בורזשואַזיע, אָן שום קריטיק און איבערשאַצונג פון אונזער זייט"... „מיר מוזן זיך דערציען און דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס אין גייסט פון סאָלידאַריטעט און קאָלעקטיוויזם, אין גייסט פון סאָציאַליזם"...

„וואָס שייך די אויפקלערונג־דערציערישע אַרבעט, איז נישטאָ קיין שום ספק, אַז דאָס מוז געטאָן ווערן זעלבשטענדיק, אָן שום אָפּמאַך און פאַרבאַנדן מיט אַנדערע גרופּירונגען אויף דער יידישער גאַס"... „אַן אַנדערע שטעלונג דאַרפן מיר אָבער פאַרנעמען צו די בילדונג־אויפגאַבן. אַליין זיינען מיר נישט אימשטאַנד ווי געהעריק זיי אויסצופירן. קיין שום פּרינציפּיעלע מניעות דאָס צו טאָן מיט אַנדערע פּאַרטייען זיינען נישטאָ. מוז מען דעריבער צונויפלייגן די כוחות אויף צו שאַפן פאַר־באַנדן פאַר בילדונג און וויסנשאַפט. אַן אויסנאַם מוז דאָ געמאַכט ווערן פאַר די בירגערלעכע גרופּירונגען"... „קוים ריידן מיר וועגן מאַסן־אָרגאַניזאַציעס מיט זעלבסט־פאַרוואַלטנדיקע אָרגאַנען, קען מען דאָ ריידן בלויז וועגן אַן איין־אַרטיקן סאָציאַלן באַשטאַנד — וועגן פּראָלעטאַרישע אינסטיטוציעס. דעריבער מוזן די פאַרבאַנדן אַרומנעמען בלויז די קול־טור־איינריכטונגען אויף דער פּראָלעטאַרישער גאַס".

אין דער דיסקוסיע וועגן דעם דאָזיקן פּונקט פון טאָג־אָרדנונג האָבן זיך אָנגעמערקט דריי ריכטונגען.

איינע איז געווען דערפאַר, אַז אויפן געביט פון קולטור־אַרבעט דאַרפן מיר פאַראייניקן אַלע עלעמענטן, וואָס שטייען אויפן שטאַנדפּונקט פון אַ יידיש־וועלטלעכער קולטור — פון די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן ביז די פּאָלקיסטן.

די צווייטע ריכטונג איז געווען פאַר שאַפן געמיינזאַמע קולטור־אינסטיטוציעס צוזאַמען מיט אַנדערע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען, אָבער נישט מיט בירגערלעכע עלעמענטן, ווי, למשל, די פּאָלקיסטן.

אַ דריטע מיינונג איז געווען, אַז מיר קאָנען זיך נישט פאַראייניקן אויפן געביט פון קולטור־אַרבעט אַפילו מיט די אַנדערע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען. דער בונד דאַרף די דאָזיקע אַרבעט פירן זעלבשטענדיק און שאַפן זיינע אייגענע קולטור־אינסטיטוציעס.

דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער ס'איז געווען געזאָגט: „די קולטור־טעטיקייט צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט שטעלט פאָר מיט זיך אַ וויכטיקן צווייג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. די דאָזיקע אַרבעט דאַרף ווערן געפירט דורך די אַרבעטער־מאַסן גופא און זעלבסטפאַרוואַלטנדיקע אָרגאַנען אין ענגן קאָנטאַקט מיט דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג. די פּאָליטישע פּאַרטיי פון יידישן פּראָלעטאַריאַט — דער 'בונד' דאַרף מיטהעלפן צו צענטראַליזירן די איינצלנע, סעפּאַראַטע פּראָלעטאַרישע קולטור־אינסטיטוציעס, וואָס שטייען אונטער דער השפעה פון 'בונד' און קומען זיי צו הילף מיט אַלע קולטורעלע כוחות, וואָס די פּאַרטיי פאַרמאָגט. בכדי דערפאָלגרייך אויסצופירן די בילדונג־פונקציעס, וואָס שטייען פאַר די פּראָלעטאַרישע קולטור־אינסטיטוציעס, געפינט דער צוזאַמענפאָר פאַר צוועקמעסיק און נייטיק, אַז די עקזיסטירנדיקע קולטור־אינסטיטוציעס, וואָס געפינען זיך אונטער דער השפעה פון 'בונד', זאָלן קאָאָרדינירן זייער טעטיקייט מיט ענלעכע אָרגאַניזאַציעס אויף דער פּראָלעטאַרישער גאַס און שאַפן מיט זיי אַ געמיינזאַמען פאַרבאַנד אויף איינצואָרדענען פאַרשיידענע בילדונג־אַנשטאַלטן".

„אין הסכם מיט דער אַלגעמיינער שטעלונג פון 'בונד' שטרייכט אונטער דער ערשטער פאַראייניקטער צוזאַמענפאָר פון 'בונד' אין פוילן דעם חוב פון אונזער פּאַרטיי צו פירן תמיד און אומעטום אַן אומאויפהערלעכן און ענערגישן קאַמף אויף אַלע געביטן פון סאָציאַלן און פּאָליטישן לעבן פאַר די רעכט פון דער יידישער שפּראַך אין יידישער קולטור" [13].

אין נייעם צענטראַל־קאָמיטעט האָט דער צוזאַמענפאָר געוויילט 11 מיטגלידער. די אָנהענגער פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן באַקומען אַ מערהייט — 6, די קעגנער — 5: 4 פון דער צענטריסטישער ריכטונג און איינער פון דער רעכטער. דער פערזענלעכער צוזאַמענשטעל איז געווען אַזאַ: יקותיאל פּאָרטנאָי (נח), העניריק ערליך, וויקטאָר אַלטער, בייניש מיכאַלעוויטש פון דער מינדערהייט; מאיר וואַסער, עמנואל נאָ־

וואַגרודסקי, אפרים לוזער זעלמאַנאָוויטש, ד״ר זיגמונד גליקסמאַן (גאַלי־ציע) — פון דער מערהייט (די נעמען פון די אַנדערע דריי מיטגלידער האָבן מיר נישט געקענט פעסטשטעלן, איינער פון זיי איז געווען פון גאַ־ליציע).

בייניש מיכאַלעוויטש האָט פאַרטרעטן די רעכטע שיטה. לכתחילה האָט מען פאַרגעשלאָגן, אַז דאָס זאָל זיין וולאַדימיר מעדעם. ער האָט אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז ער קען דעם מאַנדאַט נישט אָננעמען און זאָגט זיך אויך אָפּ צו זיין אַ מיטגליד אין דער רעדאַקציע פון צענט־ראַל־אָרגאַן. ער האַלט, האָט ער געזאָגט, דעם באַשלוס וועגן אַריינטריט אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל פאַר אַ פּרינציפּיעל פאַלשן און זעט נישט קיין מעגלעכקייט פון אַ פּראַקטישער צוזאַמענאַרבעט ביים נייעם קורס. בייניש מיכאַלעוויטש איז אַ מענטש פון אַן אַנדערן כאַראַקטער און ער וועט קענען צוזאַמענאַרבעטן, דעריבער לייגט ער אים פאָר אַלס פאַר־טרעטער פון דער רעכטער גרופּע. מעדעמס דערקלערונג האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף די דעלעגאַטן. נישט געקוקט אויף די פּאָליטישע חלוקי־דעות, איז ביי אַלעמען געווען אַ וואַרעם געפיל און פאַרערונג צום גלענצנדיקן וואָרט־זאָגער פון בונד און די דעלעגאַטן האָבן געפילט, אַז זיין אָפּזאָג צו זיין אין דער אָנפירונג איז אַ וויכטיקער פאַרלוסט. פון קראָקעווער צוזאַמענפאָר אָן איז דער צענטראַל־קאָמיטעט צוזאַמענגע־שטעלט געוואָרן לויט די כוחות־פאַרהעלטענישן פון די ריכטונגען — אַ פּראַקטיק, וואָס איז פריער נישט געווען אין בונד. ווען ס׳זיינען אַפילו געווען שטאַרקע חלוקי־דעות וועגן וויכטיקע ענינים, האָבן די בכורה צו זיין מיטגלידער אין צענטראַל־קאָמיטעט געהאַט יענע טוער, וואָס האָבן צום בעסטן געקענט דינען דער פּאַרטיי מיט זייער קאָמפּעטענץ און אַקטיווקייט.

דער קראָקעווער צוזאַמענפאָר איז געווען אַ ווענד־פּונקט אין לעבן פון בונד אין פּוילן. נאָך איידער די אָנגענומענע באַשלוסן האָבן געקענט זיך אויסווירקן אין דער פּוילער מאַס, זיינען אָבער אָנגעלאָפן דראַ־מאַטישע געשעענישן אין לאַנד און געשטעלט אין שאָטן דאָס נאָרמאַלע געזעלשאַפטלעכע לעבן.

# 10. מלחמה קעגן בונד

די ערשטע צוויי יאָר פון דער אומאָפּהענגיקער מלוכהשער עקזיס־טענץ האָט פּוילן געפירט אַ מלחמה אויף 4 פראָנטן: אויף מערב — קעגן דייטשלאַנד, אויף מזרח — קעגן סאָוועט־רוסלאַנד, אויף דרום־מזרח — קעגן די אוקראַינער און אויף צפון קעגן די ליטווינער. ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם געאָגראַפישן פאַרנעם פון פוילן — וואו זאָלן זיין די גרענעצן? ביי די עקן פון לאַנד איז געווען אַ געמישטע באַפעלקערונג און יעדער שכן האָט געטענהט, אַז די שטרייטבאַרע פראָווינצן דאַרפן צו אים געהערן. די מלחמות קעגן דייטשלאַנד און די אוקראַינער זיינען פריער פאַרענדיקט געוואָרן לטובת פוילן דורך אַ קאָמבינאַציע פון מיליטערישע און דיפּלאָמאַטישע נצחונות. אַנדערש איז געווען אויפן מזרח־פראָנט, וואו דער מזל פון די קעמפנדיקע צדדים האָט זיך עטלעכע מאָל געביטן. פון איין זייט האָבן די מלחמות געשאַפן אַ שטאַרק פּאַטריאָטישע שטימונג און פון דער צווייטער זייט — אַן אָפּאָזיציע און אַ פאַרלאַנג, וואָס גיכער צו שליסן אַ שלום. לגבי דער אָפּאָזיציע האָט די רעגירונג אָנגעווענדט פאַרשיידענע רעפּרעסיעס און אַרעסטן. אויך דער בונד, וואָס איז געווען זייער אַקטיוו פאַר אָפּשטעלן די פּויליש־סאָוועטישע מלחמה, האָט פון דעם שטאַרק געליטן. נישט בלויז אין דער פּרעסע און אויף פאַרזאַמלונגען האָבן בונדישע פאַרשטייער גערופן צו מאַכן אַ סוף צום פאַרצויגענעם קריג, נאָר אויך אויף די טריבונעס פון די שטאָט־ראַטן. אַ גרויסן אָפּקלאַנג האָבן געהאַט צוויי בונדישע אַרויסטריטן אין וואַרשעווער שטאָט־ראַט, וואָס האָט די רעגירונג שטאַרק צערייצט.

סוף 1919 האָט די סאָוועטישע רעגירונג זיך געווענדט צו פּוילן מיט אַ שלום־פאָרשלאָג, וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט נישט אָנגענומען. אין שייכות מיט דעם האָט העני ריק ערליך, אין נאָמען פון די בונדישע ראַטמענער, אין וואַרשעווער שטאָט־ראַט געהאַלטן אַ רעדע און זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אָנהייבן שלום־אונטערהאַנדלונגען. געווען איז עס אין יאַנואַר 1920. די אָפּאָזיציאָנעלע רעדע האָט צעשטורעמט די געמיטער פון די פּוילישע ראַטמענער, וואָס האָבן אין עמאָציאָנעלע רעדעס זיך אָפּגעגרענעצט פון בונדישן שטאַנדפּונקט און פאַרטיידיקט די מלחמה־פּאָליטיק פון דער רעגירונג. די פּוילישע פּרעסע האָט דאָס אויסגענוצט

און אָנגעהויבן אַ שאַרפע העצע קעגן דער בונדישער באַוועגונג און דערביי אָפּעריִרט מיט פאַרשיידענע שקרים.

אויך אַ צווייט מאָל איז דער בונדישער פראַקציע אויסגעקומען צו זיך איזאָלירט אין וואַרשעווער שטאָט־ראַט מיט איר אַרויסטריט אין דער פראַגע פון מלחמה און שלום. געווען איז עס דעם 8טן יולי 1920. די לאַגע איז דאָס מאָל געווען אַ גאַנץ אַנדערע. אויב אין אָנהייב פון יאָר האָט פוילן געהאַט מיליטעריש די איבערהאַנט, איז איצט געווען פאַרקערט. די סאָוועטישע אַרמייען זיינען געווען אין אַ גרויסער אָפענ־סיווע, וואָס האָט זיי אין אַ חודש אַרום געבראַכט צו די טויערן פון וואַרשע. דער פאָרזיצער פון שטאָט־ראַט האָט פאָרגעלייגט אַרויסצו־לאָזן אַן אויפרוף צו דער באַפעלקערונג צוליב די געשעענישן אויפן פראָנט. די פאָרשטייער פון די פראַקציעס האָבן איבערגעלייענט דער־קלאַראַציעס, אין וועלכע זיי האָבן געבראַכט צום אויסדרוק זייער שטע־לונג צו דער געשאַפענער לאַגע.

אין נאָמען פון די בונדישע ראַטמענער האָט גערעדט הענריק ער־ליך. ער האָט באַלד פון אָנהייב געזאָגט: „כ׳מוז דערפילן אַ שווערע פליכט אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג, וואָס איז פונקט דער היפך פון די מיי־נונגען, וואָס זיינען הייַנט דאָ אַרויסגעזאָגט געוואָרן”... „פון דער ערשטער רגע אָן זינט דער אָנטשטייאונג פון אומאָפּהענגיקן פוילן האָבן מיר געהאַלטן, אַז דאָס איינציקע מיטל, וואָס וואָלט דעם לאַנד געגעבן די מעגלעכקייט כאָטשבי אין אַ געוויסער מאָס צו פאַרהיילן די שווערע וואונדן פון דער מלחמה, איז אַ תיכפדיקער שלום”... „די מלחמה איז פאַר דער רעאַקציע געוואָרן אַ מיטל פון מאַסקירטן קאַמף קעגן אַר־בעטער־קלאַס”... „מ׳האָט דאָ דערקלערט, אַז די אומאָפּהענגיקייט, אַז די פרייהייט פון פוילן איז באַדראָאָט”... ס׳איז נישט אַזוי. „מיר זיינען קעגנער פון אַלע מינים אינוואַזיעס. מיר האַלטן אויך, אַז סאָציאַליזם קען מען נישט ברענגען קייגעם אויף די שפּיצן פון באַגנעטן”. ער האָט קריטיקירט די פּאָליטיק פון פוילן בנוגע דער פראַגע פון אונטערהאַנד־לונגען און געקומען צום אויספיר, אַז די דרינגענדיקסטע זאַך, וואָס מ׳דאַרף איצט טאָן, איז זיך ווענדן מיט אַ שלום־פאָרשלאָג צו דער סאָוועטישער רעגירונג.

לסוף האָט ערליך אַריינגעטראָגן דעם פאָרשלאַג: „דער שטאָט־ראַט רופט די רעגירונג, אַז זי זאָל זיך תיכף ווענדן צו סאָוועט־רוסלאַנד מיט אַ פראָפּאָזיציע צו שליסן אַ גערעכטן שלום”. צוליב פאָרמעלע טעמים האָט דער פאָרזיצער אָפּגעזאָגט צו שטעלן צו דער אָפּשטימונג דעם בונדישן פאָרשלאָג. דער אויפרוף צו דער באַפעלקערונג און אַנדערע פאָרשלאָגן אין שייכות מיט דער מלחמה זיינען אָנגענומען געוואָרן מיט אַלע שטימען קעגן די שטימען פון די בונדישע ראַטמענער [49].

די אָפּאָזיציאָנעלע טעטיקייט פון בונד, בפרט זיינע אַרויסטריטן קעגן

דער מלחמה־פּאָליטיק, האָבן גורם געווען שאַרפע רעפּרעסיעס מצד דער פּוילישער רעגירונג. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1920. דעם 23טן מערץ האָט די רעגירונג אָפּגעשטעלט די טעגלעכע בונדישע צייטונג לעבענס־פראַגען. צומאָרגנס האָט אויך איר אָרט אָנגעהויבן דערשיינען די אַרבייטער־שטימע, אָבער דעם 28טן אַפּריל פון זעלבן יאָר האָט מען אויך זי פאַרמאַכט, דעם לאָקאַל פון דער רעדאַקציע האָט מען פאַרחתמעט און דעם פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר מאַוריצי (משה) אָזשעך — אַרעסטירט. דער בונד איז נישט מיד געוואָרן אַרויסצוגעבן יעדן טאָג די צייטונג אונטער פאַרשיידענע נעמען, און די רעגירונג האָט כסדר אָפּגעשטעלט די אויסגאַבעס און די פאַראַנטוואָרטלעכע רעדאַקטאָרן אַרעסטירט. דעם 1טן מאַי 1920 האָט די רעגירונג אויך אָפּגעשטעלט די סאָציאַליסטישע יוגנט־שטימע — אַ האַלב־חודשלעכער זשורנאַל פון דער בונדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט” אין פּוילן.

קיין שום טאָג־צייטונג אין פּוילן — נישט אין דער יידישער, פּוילישער אָדער אין אַן אַנדערער שפּראַך — האָט נישט געהאַט אַזוי פיל קאָנפיסקאַציעס, פאַרבאָטן און אַנדערע רדיפות, ווי די בונדישע. אין דעם פּרט פאַרנעמט זי דאָס ערשטע אָרט אין דער געשיכטע פון דער טעגלעכער פּרעסע אין אומאָפּהענגיקן פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. זי האָט ווייט איבערגעשטיגן אַנדערע צייטונגען מיט דער צאָל קאָנפיסקאַציעס (צונעמען דורך דער פּאָליציי די אָפּגעדרוקטע עקזעמפּלאַרן), אַזוי אויך מיט בכלל פאַרבאָטן די בונדישע צייטונג צו דערשיינען. צוליב דעם זיינען געווען עטלעכע מאָל געצוואונגענע הפסקות און אין מאָל אַ לענגערע הפסקה פון איבער 2 יאָר אין דערשיינען פון דער טאָג־צייטונג. פיל מאָל האָט זי געמוזט בייטן דעם נאָמען. פון אָנהייב (לעבענס־פראַגען) ביזן סוף (נייע פאָלקס־צייטונג) האָט זי געמוזט ענדערן דעם נאָמען איבער אַ צענטליק מאָל [50]). ס'איז געווען אַ שווערער פּרייז, וואָס מ'האָט געצאָלט פאַר נישט וועלן שלום מאַכן מיט דעם עקזיסטירנדיקן מצב און זאָגן די ווערטער, וואָס דאָס געוויסן האָט דיקטירט.

זומער 1920 האָבן די רעפּרעסיעס אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער. זיי זיינען אָנגעווענדעט געוואָרן אין אַלע טיילן פון לאַנד. מאַסן בונדישע טוער זיינען געוואָרן אַרעסטירט. מ'האָט זיי געהאַלטן אין טורמעס אָדער פאַרשיקט אין געפאַנגען־לאַגערן אין דאַמביע (ביי קראָקע), פּשעמישל און אַנדערע ערטער. די צאָל אַרעסטירטע וואָלט געווען אַ סך גרעסער, אַ היפּשע צאָל האָט זיך אָבער באַוויזן צו באַהאַלטן אָדער אַוועקפאָרן. אַרעסטירט האָט מען קודם־כל בונדישע ראַטמענער, וואָס זיינען געווען גוט באַקאַנט פון זייער טעטיקייט אין די שטאָט־ראַטן, ווי אויך אַנדערע פּאָפּולערע בונדישע טוער. אין דער זעלבער צייט האָט מען פאַרמאַכט

די לאָקאַלן פון די בונדישע אינסטיטוציעס: פּאַרטיי־קלובן, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, קאָאָפּעראַטיוון, קינדער־שולן, אַרבעטער־קיכן.

אַ בונדישער זאַמלהעפט האָט וועגן דעם געשריבן: „איבערן לאַנד ווילדעוועט אַ הוראַגאַן פון רעפּרעסיעס לגבי דעם אַרבעטער־קלאַס. ׳רעפּרעסיעס׳ איז שוין איבעריקנס אַ צו מילדער אויסדרוק. דאָס וואָס ס׳קומט איצט פאָר, איז פּשוט אַ פּלאַנירטער פּאָגראָם פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. מיר האָבן נאָך נישט קיין מעגלעכקייט אויסצורעכענען אַלע קרבנות. זייער צאָל וואַקסט מיט יעדער שעה. די ידיעות, וואָס זיינען ביז איצט דערהאַלטן געוואָרן פון די פאַרשיידנסטע עקן לאַנד, טראָגן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער און זיינען שרעקלעך מאָנאָטאָן; אומעטום קומען פאָר מאַסן־אַרעסטן, אומעטום פאַרניכטעט מען די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס"... „אויף דעם גאַנצן שטח פון דער רעפּובליק איז זיכער נישטאָ אַ שטאָט אָדער שטעטל, וואו די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס זאָלן נישט זיין פּאָגראָמירט. מ׳זעט באַלד, אַז די אַקציע פון ׳ליקווידירן׳ די אַרבעטער־באַוועגונג האָט נישט געטראָגן קיין לאָקאַלן כאַראַקטער, נאָר איז געווען אינספּירירט און אָנגעפירט פון אויבן, פון וואַרשע" [51]).

ווען די סאָוועטישע אַרמייען האָבן אָנגעהויבן פאַרנעמען פּוילישע פּראָווינצן, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פּוילן געגעבן די אָרטיקע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס אינסטרוקציעס ווי אַזוי צו האַנדלען אין די אָקופּירטע ערטער. די עצה איז געווען: זיין געזעלשאַפטלעך טעטיק, אַקטיוויזירן די אינסטיטוציעס, אָבער זיך נישט באַטייליקן אין די מאַכט־אָרגאַנען, וואָס די סאָוועטישע אָקופּאַציע־מאַכט וועט שאַפן. אין די פאַרנומענע ערטער האָבן די סאָוועטישע קאָמיסאַרן נישט בלויז אַרויפגעזעצט נייע מאַכט־אָרגאַנען, נאָר אויך פאַנאַנדערגעלאָזט די עק־זיסטירנדיקע אַלגעמיינע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס (פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען א. אַ.) און אויף זייער אָרט געשאַפן נייע מיט אַ באַשטימטער קאָמוניסטישער אָנפירונג. אין טייל ערטער האָבן זיי אויפן זעלבן אופן אויך געשאַפן אַרבעטער־ראַטן.

די פּוילישע קעגן־אָפענסיווע האָט גיך פאַרטריבן די סאָוועטישע אַרמייען. און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אויפסניי אַ כוואַליע אַרעסטן און רעפּרעסיעס. אַ גרויסע צאָל אָרטיקע בונדישע טוער זיינען אַוועק, כדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון די צערייצטע פּוילישע מאַכט־האָבער. די פּוילישע פּרעסע האָט געלאָזט אין גאַנג אַ העסלעכע קאָמ־פּאַניע קעגן די פירער פון בונד: אַז זיי האָבן באַקומען געלט פון דער סאָוועטישער רעגירונג, אַז די בונדישע פראַקציע פון וואַרשעווער שטאָט־ראַט באַשטייט פון אַ באַנדע שפּיאָנען און גנבים. דאָס איז געווען גע־דרוקט אין די סאָלידע און קאָנסערוואַטיווע צייטונגען קוריער וואַרשאַווסקי און זשעטשפּאָספּאָליטאַ. אין אָקטאָבער 1920 האָט מען אַרעסטירט דעם

פאָרזיצער פון דער בונדישער פראַקציע אין וואַרשעווער שטאָט־ראַט הענריק ערליך. די פוילישע פרעסע האָט פאַרשפּרייט אַ בילבול, אַז דער „בונד" אין פוילן זאָל האָבן באַקומען פון די באָלשעוויקעס 10 מיליאָן רובל אין גאָלד [52].

נאָכן אָפּשטעלן די קריג־אָפּעראַציעס און שליסן דעם פויליש־סאָוועטישן שלום (1921) האָבן די מאַסן־רעפּרעסיעס אויפגעהערט. די אַרעסטירטע האָט מען באַפרייט. עטלעכע בונדישע טוער האָבן אָבער באַצאָלט מיט זייער לעבן. אין דאָמביער געפאַנגען־לאַגער איז קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן שריה חפץ פון לאָדזש. ד"ר דוד מירלאָס, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן אין כעלם, איז אין דער שווערער שוו. קזשיסקער טורמע (קעלצער ראַיאָן) ערנסט קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן באַלד נאָך דער באַפרייאונג. לעאָן גראַבמאַן (פון נאָווידוואָר) איז פון דאָמביער געפאַנגען־לאַגער צוריקגעקומען אַ טויט קראַנקער און איז פון זיין קראַנקן־בעט שוין מער נישט אויפגעשטאַנען. שלמה פּאָפּאָווסקי איז דורכן פוילישן מיליטער־געריכט אין שטעטל קאָלושין פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און איז דעם זעלבן טאָג דערשאָסן געוואָרן [53].

# 11. דער דאַנציגער צוזאַמענפאָר

אין די טעג פון 25—29 דעצעמבער 1921 איז אין דאַנציג פאָרגעקומען דער צווייטער לאַנד־צוזאַמענפאָר פון בונד אין פוילן. די צענטראַלע פראַגע איז געווען וועגן די אַריינטריט־באַדינגונגען אין קאָמינטערן (קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל).

די אַזוי־גערופענע קאָמוניסטישע שיטה אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג איז אַ קינד פון רוסישן באָלשעוויזם, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין שויס פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. ביזן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די דאָזיקע שיטה געפונען אַ גאַנץ קנאַפּן אָפּקלאַנג אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, די צאָל פון אירע חסידים אין די לענדער מחוץ רוסלאַנד איז געווען אַ מינימאַלע. דאָס האָט זיך געענדערט נאָך דעם, ווי די באָלשעוויקעס האָבן דורך אַ מלוכה־איבערקערעניש אין נאָוועמבער 1917 איבערגענומען די מאַכט און איינגעשטעלט זייער דיקטאַטור. טיילן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָבן אין דער באָלשעוויסטישער ממשלה אָנגעהויבן זען די פאַרקערפּערונג פון דער רוסלענדער רעוואָלוציע און די וועג־ווייזערין פאַר דער פּראָלעטאַרישער טאַקטיק אין קאַמף פאַר דער פּאָליטישער מאַכט. דעם באָלשעוויסטישן וועג האָבן זיי גענומען באַטראַכטן פאַרן וועג צום סאָציאַליזם.

אויך ביי יידן איז נישט געווען אַנדערש. פריער האָט דער באָלשעוויזם ביי די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן קיין חסידים נישט געהאַט. די יידישע אַרבעטער זיינען אידייאיש געווען פאַרבונדן מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ריכטונג. די זעלבע פאַקטאָרן — די צעררודערונגען אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און פון באַלד נאָך מלחמה־פּעריאָד, די אַנטוישונגען אין די וויכטיקסטע פּאַרטייען פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל — האָבן גורם געווען די זעלבע ענדערונגען אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. צו אַלע פּלאָגן און צרות זיינען נאָך צוגעקומען די פּאָגראָם־כוואַליעס און בכלל די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק אין די לענדער פון מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע. אַ געוויסע ראָל האָט אויך געשפּילט, וואָס אין די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן אַריינגעשטראָמט גרויסע מאַסן פרישע מיטגלידער, על פּי רוב יונגע, וועלכע האָבן נישט פאַרמאָגט די היסטאָרישע דערפאַרונג און די וויכטיקייט צו קענען זען די סכנות, וואָס דער באָלשעוויזם טראָגט אין

זיך און וואָס האָבן זיך בולט אָנטפּלעקט ערשט שפּעטער. פיל פון די, וואָס האָבן געשטימט פאַר אַריינטרעטן אין קאָמינטערן, זיינען אידייאיש און פאַקטיש געווען ווייט פון דעם, וואָס ער איז שוין דעמאָלט געווען און אַוודאי פון דעם, וואָס ער איז מיט דער צייט געוואָרן.

נאָכן קראָקעווער צוזאַמענפאָר (אַפּריל 1920) האָט דער בונד גע־דאַרפט אויספירן דעם באַשלוס וועגן אַריינטריט אין קאָמינטערן. באַלד נאָכן קראָקעווער צוזאַמענפאָר איז אָבער אויפגעשטעלט געוואָרן אַ וואַנט, וואָס האָט אוממעגלעך געמאַכט פאַרן בונד — ווי אויך פאַר אַ צאָל אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען — אויסצופירן דעם באַשלוס. אין יולי 1920 איז אין מאָסקווע פאָרגעקומען דער צווייטער קאָנגרעס פון קאָמינטערן און ער האָט אָנגענומען 21 אַריינטריט־באַדינגונגען, וואָס די פּאַרטייען האָבן געמוזט דערפילן און אַ סטאַטוט.

אין נאָוועמבער 1920 האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פּוילן, וואָס האָט נאָך פריער געמאַכט אַ ווענדונג צום קאָמינטערן וועגן אָנשלוס, פאַרנומען אַ שטעלונג צו די 21 אַריינטריט־באַדינגונגען און צו דעם סטאַטוט. אין אַ רעזאָלוציע האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פעסט־געשטעלט זיינע באַוואָרענישן. ער האָט דערקלערט:

„1) די ביידע דאָקומענטן זיינען דורכגעדרונגען מיט איין געדאַנק — אַז צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל קאָנען געהערן בלויז אויסגע־שפּראָכענע קאָמוניסטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, בעת דער פאַר־איייניקונגס־צוזאַמענפאָר פון בונד אין פּוילן (אַפּריל 1920) האָט זיך גע־שטעלט אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל דאַרף פאַר־אייניקן אַלע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכע אָנער־קענען די פּרינציפּיעלע פּלאַטפאָרם פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

2) די אַריינטריט־באַדינגונגען האָבן דעם ציל אָפּצורייניקן די לינקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין אַלע לענדער פון זייערע נישט־קאָמו־ניסטישע עלעמענטן. די דאָזיקע שפּאַלטונגס־פּאָליטיק איז שעדלעך פאַר די אינטערעסן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

3) דער צענטראַליסטישער פּרינציפּ, אויף וועלכן עס זיינען געבויט דער סטאַטוט און די אַריינטריט־באַדינגונגען פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל, אַנטשפּרעכט אַ רעאַלער באַדערפעניש פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער איצטיקער עפּאָכע, אָבער דער דאָזיקער פּרינציפּ איז דורכגעפירט דורכן דריטן אינטערנאַציאָנאַל אויף אַ נישט־ריכטיקן אופן. בלויז אַ צענטראַליזם, וואָס איז געבויט אויף דעמאָקראַטישע יסודות — סיי אין גאַנצן אינטערנאַציאָנאַל, סיי אין זיינע באַזונדערע באַשטאַנד־טיילן — איז מסוגל צו פאַרשטאַרקן די קאַמפּס־פעאיקייט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. דער צענטראַליזם פון די אַריינטריט־באַדינגונגען אַנטשפּרעכט נישט דעם דאָזיקן תנאי פון אינערלעכן דעמאָקראַטיזם, ווייל ער שאַפט

די מעגלעכקייט פֿאַר די אָנפֿירנדיקע אָרגאַנען צו איגנאָרירן דעם ווילן פֿון דער מערהייט אָרגאַניזירטע מיטגלידער.

4) די אַריינטריט־באַדינגונגען שאַפֿן־אָפּ יעדע מיינונגס־פֿרייהייט אין דער פּאַרטיי און טראָגן אַריין אין די רייען פֿון די אַרבעטער־אָרגאַני־זאַציעס אַ צעטיילונג אויף פֿולבאַרעכטיקטע מיטגלידער און מיטגלידער פֿון צווייטער קאַטעגאָריע, וואָס ווערן בלויז געדולדעט אין דער פּאַרטיי, אָבער וועלכע מען טאָר נישט, לויט די סטאַטוטן, פֿאַרטרויען קיין שום פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט, נישט צוליב זייער אומפֿעאיקייט, נאָר צוליב זייערע נישט גענוג קאָמוניסטישע אָנשויאונגען.

צוליב די אויבנדערמאָנטע מאָטיוון, און שטייענדיק אויפֿן יסוד פֿון באַשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויפֿן פֿאַראייניקונגס־צוזאַמענפֿאָר, האַלט דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿון בונד אין פּוילן די אַריינטריט־באַ־דינגונגען פֿאַר נישט־אָננעמבאַר. איבערלאָזנדיק דעם ענדגילטיקן באַ־שלוס איבער דער פֿראַגע דעם נאָנטסטן פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר, באַשטימט דער צ. ק. מיטצוטיילן אונזער באַציאונג וועגן די אַריינטריט־באַדינגונגען דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, און פֿאָרצולייגן, אויפֿן באָדן פֿון אונזער שטעלונג, די אונטערהאַנדלונגען מיט אים וועגן אָנשליסן אונזער פּאַרטיי אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל״ [54]).

אין די ערשטע וואָכן פֿון יאָר 1921 האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿון בונד אין פּוילן געשיקט זיין מיטגליד עמנואל נאָוואָגרודסקי קיין מאָסקווע צו פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיטן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פֿון קאָמינטערן. ביי דער שטעלונג, וואָס דער צ. ק. פֿון בונד אין פּוילן האָט פֿאַרנומען צו די 21 אַריינטריט־באַדינגונגען און צום סטאַטוט פֿון קאָמינטערן האָט, פֿאַרשטייט זיך, די מיסיע פֿון בונדישן שליח נישט געהאַט קיין שום אויסזיכט אויף דערפֿאָלג. אין רעזולטאַט פֿון די אונ־טערהאַנדלונגען האָט דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פֿון קאָמינטערן צוגע־שיקט אַ בריוו צום נאָנטן צוזאַמענפֿאָר פֿון בונד. אין אים האָבן גע־זאָלט זיין גענויערע אויפֿקלערונגען, ווי אַזוי די אַריינטריט־באַדינגונגען דאַרפֿן ווערן אָנגעווענדט לגבי דעם בונד. קודם גיט דער בריוו אַזאַ כאַראַקטעריסטיק פֿון די ריכטונגען אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע:

„אונטער דעם דרוק פֿון די אַרבעטער־מאַסן״ האָט זיך אויסגע־בילדעט אַ „לינקער פֿליגל, וועלכער באַקעמפֿט סיי די אָפֿענע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע רעכטע, סיי דעם וואַקלדיקן צענטער״. דער בריוו וואַרפֿט אָפּ דעם פֿאַרלאַנג פֿון צ. ק. פֿון בונד, אַז די רעכטע און די צענטריסטן זאָלן ווייטער בלייבן אין דער פּאַרטיי. דער בונד ווערט באַשולדיקט, אַז אין די אַרבעטער־ראַטן פֿון יאָר 1919 האָט ער „גע־שפּילט די ראָל פֿון אַ בופֿער צווישן דער סאָציאַל־פֿאַרעטערישער פּ.פּ.ס. און דער רעוואָלוציאָנערער קאָמוניסטישער פּאַרטיי״. עס ווערט אויך אָנגעוויזן, אַז די טויער פֿון צענטער פֿאַרנעמען די פֿאַראַנטוואָרטלעכסטע

פּאָסטנס: „פון זיי באַשטייט אייער רעפּרעזענטאַנץ אין די שטאָט־ראַטן, פון זיי זיינען צוזאַמענגעשטעלט אייערע רעדאַקציע־קאָלעגיעס, זיי האָבן אַ באַדייטנדיקן איינפלוס אויף די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, קאָאָפּעראַטיוון. ס׳איז גענוג אָנצורופן די נעמען: ערליך, מיכאַלעוויטש, שולמאַן, ליכטענשטיין, מייער, שאַפראַן, ד״ר בראָס, כדי ס׳זאָל פאַר יעדן זיין קלאָר, אַז איר האָט ביז היינטיקן טאָג די פאָן פון אייער פאַרטיי איבערגעלאָזט אין די הענט פון אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין שום געמיינזאַמעס מיטן קאָמוניזם און וואָס באַקעמפן אים אַפילו טיילווייז ליידנשאַפטלעך".

ווייטער זאָגט דער בריוו: „מיר מוזן בלייבן ווייטער ביי די פאָדערונגען, אַז אַלע באַדינגונגען, וואָס דער צווייטער קאָנגרעס האָט אַרויסגעשטעלט, זאָלן דערפילט ווערן אויך פון אייער אָרגאַניזאַציע". עס ווערן אויסגערעכנט אַ צאָל פונקטן, וואָס דאַרפן באַזונדערס געהעריק דורכגעפירט ווערן — עס האַנדלט זיך וועגן די אַמטן און פּאָסטנס פון דער פאַרטיי (פון אַלע מער אָדער ווייניקער פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס מוזן באַזייטיקט ווערן „די רעפאָרמיסטן און די צענטריסטן און פאַרביטן ווערן דורך אויסגעפּרוּווטע קאָמוניסטן"). דאָס זעלבע בנוגע דעם פּערזענלעכן צוזאַמענשטעל פון די פאַרטיי־פראַקציעס אין די עפנטלעכע רעפּרעזענטאַנץ־קערפּערשאַפטן, ווי שטאָט־ראַטן אאַז״וו. אויך דער נאָמען פון דער פאַרטיי מוז געענדערט ווערן. עס וועט דאַרפן דורכגעפירט ווערן דער פונקט וועגן „אָפּזאָגן זיך פון אַלטן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פּראָגראַם, דאָס הייסט אויך זיך אָפּזאָגן פון דער פאָדערונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע".

נאָכן דורכפירן אַלע באַדינגונגען און „נאָך דעם ווי אייער אָרגאַניזאַציע וועט ווערן אַ מיטגליד פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וועט מען קאָנען צוטרעטן צו דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פראַגע ווי אַזוי צו פאַראייניקן אייער אָרגאַניזאַציע מיט דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון פוילן אין איין צענטראַליזירטער פאַרטיי, און ווי אַזוי עס זאָלן דערביי פאַרזיכערט ווערן סיי די באַזונדערע באַדערפענישן פון דער יידישער ווי די אַלגעמיינע אינטערעסן פון דער גאַנצער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין פוילן".

דער פועל־יוצא פון דעם אַלעם האָט, הייסט עס, געדאַרפט זיין די ליקווידאַציע פון בונד — פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג ווי אַזעלכער.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי אין פוילן איז נישט געווען צופרידן מיטן בריוו פון קאָמינטערן צוליב עטלעכע אָרגאַניזאַציאָנעלע הנחות פאַרן בונד. אין זיין אויסלענדישן אָרגאַן פּשעגלאָנד קאָמוניסטיטשני (נומ. 1, מאַי 1921) האָט ער דערקלערט, אַז דער בריוו „דערשאַצט נישט די סכנות, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן נאַציאָ־

נאַליזם פון ״בונד״ און דריגגען אַדורך אַלע זיינע טיילן, די לינקע בתוכם, און שטעלט מיט זיך פאַר אַ ספּעציפישע פאָרם פון אָפּאָרטו־ניזם אין דער דאָזיקער, אין אַ באַדייטנדיקער מאָס, קליינבירגערלעכער אָרגאַניזאַציע״. דער צ. ק. פון דער פוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט אויך אויסגעדריקט זיין קעגנערשאַפט צו דער צוגעזאָגטער מעג־לעכקייט, אַז דער בונד זאָל אָנגענומען ווערן אין קאָמינטערן אָן אַ גלייכ־צייטיקער פאַראייניקונג מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פוילן. לויט זיין מיינונג, וועט דאָס זיין אַ רעה פאַרן ״צעפּאַלינג־פּראָצעס״ פון בונד [55]).

אין מאַי 1921 האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד פאַרנומען אַ שטעלונג צום בריוו פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמינטערן. ס׳האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט צוויי מיינונגען: אַ מערהייט און אַ מינדערהייט. די מערהייט איז באַשטאַנען פון די צענטריסטן און די מינדערהייט פון די לינקע (דער קראָקעווער צוזאַמענפאַר האָט טאַקע אויסגעקליבן אַ מערהייט לינקע — 6 פון 11 — אָבער איינער פון זיי איז אַריבער אויף דער זייט פון צענטער). זייערע שטאַנדפונקטן זיינען פאָרמולירט געוואָרן אין צוויי רעזאָלוציעס. די מערהייט־רעזאָלוציע האָט אָפּגעוואָרפן 5 פונקטן פון די 21 באַדינגונגען און די מינדערהייט־רעזאָלוציע אָנדערט־האַלבן.

אין דער מערהייט־רעזאָלוציע איז געזאָגט געוואָרן: ״די שטרעבונג צו שאַפן שטאַרקע צענטראַליזירטע און דיסציפּלינירטע רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס דאַרפן זיך אָפּגרענעצן פון אָפּאָרטוניזם און רעפאָרמיזם אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי אויך אַ שטאַרקן און צענטראַליזירטן אינטערנאַציאָנאַל — אַנטשפּרעכט בלי ספק די באַדערפע־נישן פון דער עפּאָכע פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

דער צענטראַל־קאָמיטעט האַלט פאַר ריכטיק דעם פּרינציפּ, אַז דער צוזאַמענשטעל פון די אָנפירנדיקע פּאַרטיי־איינריכטונגען דאַרף אַנטשפּרעכן דער מערהייט אין דער פּאַרטיי; אַז אויף אַלע פּאָראַנט־וואָרטלעכע פּאָסטנס: אין דער פּרעסע, אין דער פּאָליטישער, פּראָפע־סיאָנעלער און קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג דאַרפן אַוועקגעשטעלט ווערן חברים, וואָס באַזיצן דעם צוטרוי פון דער פּאַרטיי און זיינען אימשטאַנד צו דערפילן די אָנגעטרויטע אַרבעט, אין הסכם מיט דער פּאַרטיי־שטע־לונג.

דער צ. ק. האַלט אויך, אַז אַלע רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען מוזן גרינטלעך רעווידירן זייערע ביז איצטיקע פּראָגראַמען און צופּאַסן זיי צו די אויפגאַבן פון היינטיקן מאָמענט, אין הסכם מיט דער פּלאַטפאָרם פון 3טן אינטערנאַציאָנאַל. דאָס באַציט זיך אַזוי גוט צו דעם אַלגעמיינעם, ווי צו דעם נאַציאָנאַלן פּראָגראַם פון די באַזונ־דערע פּאַרטייען.

ספּעציעל פֿאַרן בונד שטעלט זיך די פֿראַגע, ווי אַזוי צופּאַסן צו דער נייער פּאָליטישער שטעלונג פֿון דער פּאַרטיי דעם פּרינציפּ פֿון זעלבסטשטעטיקייט פֿון די יידישע פֿאָלקס־מאַסן אויפֿן קולטורעלן געביט, וואָס דריקט זיך אויס אין פּראָגראַם פֿון ׳בונד׳ אין דער פֿאָדערונג פֿון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע.

דער צ. ק. האָט זיך אָבער גלייכצייטיק קאַטעגאָריש אַרויסגעזאָגט קעגן די אַריינטריט־פּונקטן, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך די שפּאַלטונג־סכּנה, ווי אויך קעגן דער טענדענץ אָפּצושאַפֿן די דעמאָקראַטישע פּרינציפּן, אויף וועלכע עס דאַרף זיין אויפֿגעבויט יעדע געזונטע פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. דער צ. ק. שטעלט פֿעסט, אַז די געשעענישן פֿון דער לעצטער צייט, די אַנטוויקלונג פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין איטאַליע און דייטשלאַנד האָבן פֿולשטענדיק באַרעכטיקט די נעגאַטיווע באַציאונג פֿון אונזער פּאַרטיי צו אַזעלכע פּונקטן פֿון די 21 אַריינטריט־באַדינגונגען, ווי 1, 2, 7, 20, 21״.

„דער צ. ק. פֿון בונד האַלט פֿאַר זיין חוב באַזונדערס אונטערצושטרייכן, אַז ספּעציעל פֿאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג וואָלט דאָס דורכפֿירן די אַלע פֿאָדערונגען, וואָס זיינען געשטעלט געוואָרן צו אונז מצד דעם עקזעקוטיוו, באַטייט אַ פֿולשטענדיקן אונטערגאַנג פֿון דער מאַסן־באַוועגונג פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט.

דער צ. ק. געפֿינט פֿאַר נויטיק זיין שטעלונג צו פּאַרטיידיקן פֿאַרן דריטן קאָנגרעס און דריקט אויס די האָפֿנונג, אַז דער דריטער קאָנגרעס וועט געפֿינען די נויטיקע אָרגאַניזאַציע־פֿאָרמען, וועלכע וועלן דערלויבן דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל אַרומנעמען אַלע באמת רעוואָלוציאָנערע כּוחות פֿונם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט״.

די מינדערהייט־רעזאָלוציע האָט אָנערקענט „פֿאַר פּרינציפּיעל ריכטיק די שטעלונג פֿון קאָמינטערן בנוגע דער נויטווענדיקייט איבערצובויען די רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען לויט יסודות פֿון פֿאַרשטאַרקטן דעמאָקראַטישן צענטראַליזם און בנוגע דער דרינגלעכקייט צו רעווידירן די ביז־איצטיקע פּראָגראַמען פֿון די אַרבעטער־פּאַרטייען, בכדי זיי צופּאַסן צו דער עפּאָכע פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. דאָס איז אויך נוגע דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, וועלכע איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערע פֿאָדערונג פֿון ׳בונד׳ פֿאַר דער בורזשואַזער אָרדנונג. עס דאַרפֿן געפֿונען ווערן אַנדערע פֿאָרמען פֿאַר דער זעלבסטשטעטיקייט פֿון די יידישע אַרבעטער־מאַסן אויפֿן קולטורעלן געביט, פֿאָרמען וואָס זיינען צוגעפּאַסט צו דער אַלגעמיינער פּרינציפּיעלער פּאָזיציע פֿון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט״...

„אַרויסגייענדיק דערפֿון, זאָגט זיך דער צ. ק. אַרויס פֿאַר אָננעמען די 21 אַריינטריטס־באַדינגונגען, חוץ דעם פּונקט 21 און טיילווייז דעם פּונקט 7, וועלכע אַנטהאַלטן אין זיך די אָפּשאַפֿונג פֿון די דעמאָקראַטישע

גאַראַנטיעס אין דער פאַרטיי גופא און די אומבאַדינגטע פאָדערונג פון אַ שפאַלטונג, נישט אויפן באָדן פון האַנדלען קעגן דער פאַרטיי־שטעלונג, נאָר צוליב אַנדערש דענקען, אַפילו ביים פאָרויס אויסגעדריקטן ווילן זיך אונטערצואוואַרפן די אָנגענומענע באַשלוסן פון דער מערהייט. וועגן די לעצטע 2 פונקטן באַשליסט דער צ. ק. צו אַפעלירן צום דריטן קאָנגרעס פון 3טן אינטערנאַציאָנאַל.

דער צ. ק. האַלט, אַז די לעצטע געשעענישן אין די מערב־אייראָפעאישע קאָמוניסטישע פאַרטייען — איטאַליע, דייטשלאַנד — האָבן פולשטענדיק באַרעכטיקט די נעגאַטיווע באַציאונג פון צ. ק. צו די דערמאָנטע צוויי פונקטן פון די 21 אַריינטריטס־באַדינגונגען"[56].

***

אין די טעג פון 22 יוני — 12 יולי 1921 איז אין מאָסקווע פאָרגעקומען דער 3טער קאָנגרעס פון קאָמינטערן. דער בונד האָט באַקומען אַן איינלאַדונג צו שיקן זיינע דעלעגאַטן מיט באַראַטונג־רעכט. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט געשיקט אַ דעלעגאַציע פון צוויי פערזאָן — וויקטאָר אַלטער און מאיר וואַסער. דער ערשטער האָט פאָרטרעטן די צענטריסטישע מערהייט און דער צווייטער — די לינקע מינדערהייט[57].

די דעלעגאַציע פון דער פוילישער קאָמוניסטישער פאַרטיי און די צענטראַל־ביוראָ פון די יידישע סעקציעס פון דער רוסלענדער קאָמוניסטישער פאַרטיי האָבן באַלד אָנגעהויבן אַן אַנטי־בונדישע קאַמפאַניע און דערביי פאַרשפרייט אין דער פרעסע און אויף פאַרזאַמלונגען פאַרשיידענע שקרים וועגן בונד און זיין טעטיקייט[58]. זיי האָבן אויך זיך באַמיט, אַז מ׳זאָל דער בונדישער דעלעגאַציע נישט געבן קיין באַראַטונג־רעכט, נאָר צולאָזן בלויז אַלס געסט. די מאַנדאַטן־קאָמיסיע האָט דאָך באַשלאָסן געבן די בונדישע דעלעגאַטן באַראַטונג־רעכט. אין די ראַמען פון די באַגרענעצטע מעגלעכקייטן האָט די בונדישע דעלעגאַציע זיך באַמיט קעגנצואווירקן דער פיינטלעכער קאַמפאַניע און אויפקלערן די ריכטיקע שטעלונג און האַנדלונגען פון בונד אין פוילן. דער עקזעקוטיוו פון קאָמינטערן האָט געשאַפן אַ ספעציעלע קאָמיסיע, וואָס האָט געדאַרפט האָבן די אויפגאַבע צו באַהאַנדלען די פראַגע וועגן אָננעמען דעם בונד און צושטעלן אַ באַריכט דעם קאָנגרעס. די קאָמיסיע איז געשאַפן געוואָרן דעם 13טן יולי און איז באַשטאַנען פון דריי פערזאָן: בערנהאַרד קענען (דייטשלאַנד), סיראָלא (פינלאַנד), מאַטיאַס ראַקאָשי (אונגאַרן). די זעלבע קאָמיסיע האָט אויך געדאַרפט זיך פאַרנעמען מיט דער ווענדונג פון די וועלט־פאַרבאַנד פון די פועלי־ציון וועגן זיין אַריינטריט אין קאָמינטערן. שפעטער האָט דאָס קליינע ביוראָ פון קאָמינטערן־עקזעקוטיוו אויסגעוויילט אַ נייע קאָמיסיע פאַר די ענינים

פון בונד. די נייע קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון די דריי פּערזאָן: פריץ העקערט (דייטשלאַנד), מאַטיאַס ראַקאָשי (אונגאַרן) און פּ. גלינסקי (פּוילן) [59].

דערווייל איז דער „נאָרמאַלער" גאַנג פון דער זאַך געשטערט געװאָרן דורך אַ גאַנץ זייטיקן אינצידענט. אַ באַקאַנטער האָט געבעטן וויקטאָר אַלטערן איבערצוגעבן אַ בריוו דער דעלעגאַציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ענגלאַנד, וואָס איז געקומען צום קאָנגרעס. דער בריוו איז געווען אַדרעסירט צו דער ענגלישער דעלעגאַציע פאַר סילוויאַ פּאַנקהורסט. (פרוי פּאַנקהורסט איז געווען אַ באַרימטע פּערזענלעכקייט און אַ פירערין פון דער ענגלישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זי איז ניט געקומען צום קאָנגרעס, ווייל זי איז דעמאָלט געזעסן אין טורמע). מ'האָט אַלטערן געזאָגט, אַז דער בריוו איז פון סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער וואָלסקי, וואָס איז אַ פריינט פון פרוי פּאַנקהורסט און דער בריוו טראָגט אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער. (וואָלסקי איז געווען אַ פירער פון אַ ס. ר.־ישער פראַקציע, וואָס האָט דעמאָלט געפירט אַ לעגאַלע טעטיקייט אין סאָוועט־רוסלאַנד). אַלטער האָט דעם פאַרמאַכטן בריוו (דעם אינהאַלט האָט ער נישט געוואוסט) איבערגעגעבן אַן ענגלישער דעלעגאַטקע, פרוי גריי און איר אויך דערביי געזאָגט פון וועמען דער בריוו איז און ווער ס'האָט אים געבראַכט. פרוי גריי האָט פאַרזיכערט, אַז זי וועט דעם בריוו איבערגעבן אָפיציעל דער דעלעגאַציע.

דעם 21טן יולי שפּעט אין אָוונט האָט מען אַלטערן אַרויסגערופן צו אַ זיצונג פון אַ קאָמיסיע, וואָס איז, לויט דער דערקלערונג פון אונגאַרישן קאָמוניסטישן פירער בעלאַ קון, געשאַפן געוואָרן וועגן אַריינטריט פון בונד אין קאָמינטערן. אין דער ווירקלעכקייט איז עס גאָר געווען אַ גאַנץ אַנדערע קאָמיסיע, וואו מ'האָט פון אַלטערן פאַרלאַנגט אויפקלערונגען וועגן בריוו. בפרט האָט מען פון אים געפאָדערט צו זאָגן ווער ס'האָט אים דעם בריוו געגעבן. (די ענגלישע קאָמוניסטישע דעלעגאַטקע גריי האָט אויף דער זעלבער זיצונג פון דער קאָמיסיע דערקלערט, אַז זי האָט פאַרגעסן דעם נאָמען, וואָס אַלטער האָט איר געזאָגט בעתן איבערגעבן דעם בריוו). צוליב מאָראַלישע טעמים האָט אַלטער קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טון. די קאָמינטערן־קאָמיסיע האָט צונויפגעשטעלט אַ גאַנצן באַשולדיקונג־אַקט און אַרויסגעגעבן אַן אורטייל, אַז וויקטאָר אַלטער „איז ניט ראוי צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיטן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמינטערן וועגן אַרייננעמען דעם בונד" [60].

נאָכן באַקומען דעם אורטייל פון דער קאָמיסיע האָט וויקטאָר אַלטער אָנגעשריבן צום עקזעקוטיוו פון קאָמינטערן אַן אויספירלעכן בריוו מיט גענויע אויפקלערונגען וועגן גאַנצן ענין און אָפּגעוואָרפן אַלע טענות קעגן אים. זיין בריוו איז באַהאַנדלט געוואָרן אין ביוראָ פון קאָמינטערן־

עקזעקוטיוו. אַ צאָל פירער פון קאָמינטערן האָבן זיך אָפּגעגרענעצט פון דער שטעלונג פון דער קאָמיסיע. באַזונדערס שאַרף האָט רעאַגירט קעגן דער האַנדלונג פון דער קאָמיסיע דער סעקרעטאַר פון קאָמינטערן־ביוראָ, באָריס סואוואַרין (אַ פירער פון די פראַנצויזישע קאָמוניסטן, וועלכער האָט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער איבערגעריסן מיט דער קאָמוניסטישער באַוועגונג).

די אויסגעטיילטע קאָמיסיע אויף באַהאַנדלען די פּראַגע וועגן בונד האָט קיין זיצונגען נישט געהאַט. ערשט נאָך דעם, ווי מ'האָט באַזייטיקט אַלטערן פון די אונטערהאַנדלונגען, האָט זי תיכף גערופן אַ זיצונג און איינגעלאַדן דעם צווייטן בונדישן דעלעגאַט, מאיר וואַסער. אויף דער זיצונג האָט מאיר וואַסער דערקלערט, אַז ער אַליין אָן וויקטאָר אַלטערן איז נישט די דעלעגאַציע און דעריבער זאָגט ער זיך אָפּ צו פירן די אונטערהאַנדלונגען, כאָטש די קאָמיסיע האָט אים אַליין געוואָלט אָנער־קענען אַלס די דעלעגאַציע. דעם 5טן אויגוסט האָט די „טשעקאַ" אַרעס־טירט אַלטערן. בעתן אַרעסט האָט וויקטאָר אַלטער במשך פון 9 טעג געפירט אַ הונגער־שטרייק. נאָך 10 טעג האָט מען אַלטערן באַפרייט און ער האָט געמוזט געבן אַ פאַרפּליכטונג תיכף צו פאַרלאָזן רוסלאַנד. ביים סאַמע סוף האָט מען אים דערקלערט, אַז אַלע באַשולדיקונגען קעגן אים זיינען געווען אַ „מיספאַרשטייעניש" און די סיבה פון זיין אַרעסט איז געווען דער פאַקט וואָס ער האָט נישט געוואָלט אַרויסגעבן דעם נאָמען פון דעם שליח, וועלכער האָט אים געבראַנגט דעם בריוו. די פאַרשטייער פון קאָמינטערן האָבן זיך אָפּגעטרייסלט פון גאַנצן ענין. דער סעקרעטאַר פון קאָמינטערן, מאַטיאַס ראַקאָשי, האָט געמאָלדן דעם צווייטן בונדישן דעלעגאַט, מאיר וואַסער, אַז דער אַרעסט איז פאָרגע־קומען לויט דער פאָדערונג פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער רוסלענדער קאָמוניסטישער פאַרטיי. בעת די בונדישע דעלעגאַציע איז נאָך געווען אין רוסלאַנד האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פוילן איבער־געשיקט טעלעגראַמעס מיט פראָטעסטן קעגן אַלטערס אַרעסט צום עקזעק־קוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמינטערן און צו דער סאָוועטישער רעגירונג.

נאָכן צוריקקומען פון דער בונדישער דעלעגאַציע קיין פוילן האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אויסגעהערט אַן אויספירלעכן באַריכט וועגן קאָנגרעס. אין באַזונדערע רעזאָלוציעס האָט ער אָפּגעשאַצט די אַרבעט פון 3טן קאָנגרעס פון קאָמינטערן און דעם אינצידענט מיט וויקטאָר אַלטערן. איןביידע ענינים איז קיין אייבהייטלעכע שטעלונג נישט געווען.

ביידע רעזאָלוציעס — פון דער מערהייט און פון דער מינדערהייט — האָבן אַנטשידן פאַראורטיילט די דיסקוואַליפיצירונג פון וויקטאָר אַל־טערן אַלס בונדישן דעלעגאַט, ווי אויך זיין אַרעסט. ס'זיינען אָפּגע־וואָרפן געוואָרן די טענות קעגן אים און ס'איז אָנגעוויזן געוואָרן אויף

דער נישט־געהעריקער האַנדלונג פון דער קאָמיסיע אין גאַנצן ענין. די רעזאָלוציע פון דער מינדערהייט האָט אָבער באַמערקט, אַז אַלס דעלעגאַט צום קאָנגרעס האָט וויקטאָר אַלטער „נישט געדאַרפט פאַר־מיטלען אין איבערשיקן אַ בריוו״.

אויך וועגן דער אַרבעט פון קאָנגרעס און וועגן דער פראַגע פון בונד אין קאָמינטערן זיינען געווען צוויי רעזאָלוציעס — פון דער מער־היט און פון דער מינדערהייט אין צ. ק..ביידע רעזאָלוציעס האָבן אָנערקענט פאַר ריכטיק די טעזן וועגן דער ווייטערדיקער טאַקטיק, וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען און אָנגעוויזן, אַז די טעזן זיינען אין הסכם מיט דער שטעלונג און פּראַקטיק פון בונד און נישט פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. ביידע רעזאָלוציעס האָבן זיך אויך איינגעשטעלט פאַרן פּרינציפּ פון אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציעס פון די אַרבעטער פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער דעמאָקראַטיש־צענטראַליזירטער לאַנד־פּאַרטיי; דאָס דאַרף זיין חל אויך אויף די יידישע אַרבעטער — אַ פּרינציפּ, וואָס דער קאָמינטערן האָט ניט אָנערקענט.

צווישן ביידע רעזאָלוציעס זיינען אָבער אויך געווען אונטערשיידן. די מערהייט רעזאָלוציע זאָגט: „דער קאָנגרעס האָט נאָך שאַרפער ווי ביז־איצט דערקלערט אַ מלחמה אַלע נישט ריין־קאָמוניסטישע שטרע־בונגען אין דעם אַרבעטער־קלאַס און באַזונדערס אונטערגעשטראָכן די נויטווענדיקייט פון אומברחמנותדיקער רייניקונג פון אַלע צענטריסטיש־געשטימטע עלעמענטן אין די קאָמוניסטישע פּאַרטייען. מיט דעם האָט דער קאָנגרעס אָפּגעשוואַכט די באַדייטונג פון די אָנגענומענע דורך אים טעזן. דער צענטראַל־קאָמיטעט איז פולשטענדיק איינשטימיק מיטן קאָנ־גרעס, אַז איינע פון די הויפּט־וועגן פון דעם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט איז דאָס באַשיצן און פאַרטיידיקן סאָוועט־רוסלאַנד קעגן אָנגריפן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אימפּעריאַליסטישער רעאַקציע, ער האַלט אָבער אויך פאַר נייטיק צו באַמערקן, אַז דער בונד קאָן נישט מסכים זיין — ווי דאָס האָט געטון דער קאָנגרעס — מיט דער גאַנצער פּאָליטיק פון דער רוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, בפרט מיט דעם ברידער־קריג, וואָס איז געווענדעט קעגן די אַנדערש דענקענדיקע סאָציאַליסטן און אַרבעטער״.

די מינדערהייט־רעזאָלוציע האָט פאַרשוויגן ביידע פראַגן — וועגן די „רייניקונגען״ אָדער שפּאַלטונגען און אויך נישט אַרויסגעבראַכט קיין קעגנערשאַפט צו געוויסע אַספּעקטן פון דער פּאָליטיק, וואָס עס ווענדט אָן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון סאָוועט־רוסלאַנד. דער אויספיר פון דער מינדערהייט־רעזאָלוציע איז געווען, אַז „דער צ. ק. פון ׳בונד׳ נעמט אָן די פעסטגעשטעלטע טעזן פון קאָנגרעס אַלס ריכט־ליניעס פאַר

דער ווייטערדיקער טעטיקייט פון אָרגאַניזירטן יידישן אַרבעטער־קלאַס, פון 'בונד'."

נאָכן 3טן קאָנגרעס פון קאָמינטערן האָט זיין עקזעקוטיוו אין חודש אויגוסט 1921 פאַרעפנטלעכט אַ בריוו צו אַלע מיטגלידער „פון בונד אין פוילן". אין דעם דאָזיקן בריוו ווערן קעגן בונד אַרויסגערוקט אַ ריי טענות. דערביי ווערט געזאָגט, אַז צווישן דער רעזאָלוציע פון דער מער־הייט און פון דער מינדערהייט אין בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט איז „פאַראַן אַן אונטערשייד בלויז אין ניואַנס". נאָכן אויסרעכענען אַ צאָל „חטאים" פון בונד, קומט דער בריוו צו אַזאַ אויספיר:

„מיר האָבן פאַר זיך אַן אַלטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע מיט שטאַרקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און טיילווייז נאַציאָנאַליסטישע טראַדיציעס, וועל־כע האָט אויסגעהאַלטן סיי די מלחמה, סיי די רעוואָלוציע אָן וועלכער נישט איז שפּאַלטונג און ווערט אָנגעפירט פון אויסגעשפּראָכענע צענט־ריסטן. אין דער דאָזיקער פּאַרטיי איז פאַראַן אַ לינק־אָריענטירטע ריכ־טונג, וואָס ווערט אונטערגעשטיצט פון אַ באַדייטנדיקן טייל אַרבעטער, וועלכע זיינען אין בונד אָרגאַניזירט און האָבן שטאַרקע און אויפריכטיקע סימפּאַטיעס צום קאָמוניזם, אָבער פאַרמאָגן נישט קיין קלאָרקייט און אַנטשלאָסנקייט. די ערשטע אויפגאַבע פון די דאָזיקע עלעמענטן איז צו קאָנסטיטואירן זיך אַלס קאָנסאָלידירטע פראַקציע מיט קלאָרע צילן און אָן שום פאַרבאַהאַלט זיך שטעלן אויפן באָדן פון דריטן אינטער־נאַציאָנאַל, אויפן באָדן פון אַלע באַשלוסן פון זיינע קאָנגרעסן און אָנ־הייבן אַן אַנטשלאָסענעם קאַמף קעגן די צענטריסטן און נאַציאָנאַליסטן, כדי צו באַקומען אַ מערהייט אין דער פּאַרטיי".

דאָ איז שוין פאַקטיש געווען אַ רוף צו אַ ברידער־קריג אין די רייען פון בונד פאַר באַהערשן די פּאַרטיי און זי שפּאַלטן.

ווי אַן ענטפער אויפן דאָזיקן בריוו זיינען אין צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד ווידער פאָרמולירט געוואָרן צוויי שטאַנדפּונקטן. אין דער רע־זאָלוציע פון דער מערהייט איז געווען געזאָגט:

„דער צענטראַל־קאָמיטעט האַלט, אַז ס'איז נייטיק אויף דעם ענער־גישסטן אופן צו באַקעמפן דעם אָפּאָרטוניזם אין די אַרבעטער־רייען, אַז ס'מוז דורכגעפירט ווערן אַ שטרענגע שיידונג־ליניע צווישן דעם רעוואָלוציאָנערן און רעפאָרמיסטישן סאָציאַליזם. דער 'בונד' איז אָבער די גאַנצע צייט געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון דער נויטווענדיקייט פון אַן איינהייטלעכן פראָנט אין רעוואָלוציאָנערן לאַגער. ער איז געווען פאַר אַ זאַמלונג און נישט פאַר אַ שפּאַלטונג פון די באמת רעוואָלו־ציאָנערע כוחות. אין די שפּאַלטונגען פון די פּאַרטייען, וואָס האָבן פּרינציפּיעל אָנערקענט די פּלאַטפאָרם פון 3טן אינטערנאַציאָנאַל, האָט ער געזען אַ סכנה פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג און אַ קאָלאָסאַלע שטיי־גערונג פון דער רעאַקציע און רעפאָרמיסטישן סאָציאַליזם. דער צענט־

ראַל־קאָמיטעט קאָנסטאַטירט, אַז די פּאָליטיק פון קאָמינטערן, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין די 21 באַדינגונגען, איז לחלוטין ניט פאַר־בונדן מיט די גרונט־פּרינציפּן פון דער פּלאַטפאָרם פון 3טן אינטערנאַ־ציאָנאַל און מיטן פּרינציפּ פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און ראַטן־מאַכט אַלס איר אויסדרוק. דאַקעגן מוז די דאָזיקע פּאָליטיק אין איר לאָגישער אַנטוויקלונג פירן צו דעם, אַז די רעוואָלוציאָנערע מאַסן־פּאַרטייען פון פּראָלעטאַריאַט זאָלן זיך פאַרוואַנדלען אין סעקטעס און די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ דיקטאַ־טור פון אַ מינדערהייט פון אַרבעטער־קלאַס".

„מיט באַדויערן קאָנסטאַטירט דער צענטראַל־קאָמיטעט דעם פאַקט, אַז קעגן זיין ווילן איז באַשאַפן געוואָרן אַ לאַגע, ביי וועלכער דער באַ־שלוס פון בונדישן פאַראייניקונג־צוזאַמענפאָר (1920) וועגן אָנשליסן זיך פון 'בונד' אין 3טן אינטערנאַציאָנאַל קען נישט פאַרווירקלעכט ווערן אין לעבן. דער צענטראַל־קאָמיטעט דערקלערט, אַז די פּאַרטיי וועט מיט אַלע מיטלען און מיט דער גאַנצער ענערגיע זיך פּאַרטיידיקן קעגן די פּרואוון אויפצורייסן און פאַרניכטן — די פּראָוון, וואָס זיינען געקומען בולט צום אויסדרוק אין בריוו פון קאָמינטערן צו די מיטגלידער פון בונד".

די מינדערהייט־רעזאָלוציע דערקלערט צווישן אַנדערן, אַז דער צווייטער בריוו פון קאָמינטערן „אַנטשפּרעכט דער אויפפירונג און נע־גאַטיווער באַציאונג פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צו דער רעוואָלוציאָנערער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג — אַ באַציאונג, וואָס שטרעבט דורך דעזאָרגאַניזאַציע און צעשפּליטערונג פולשטענדיק צו פאַרניכטן די רעוואָלוציאָנערע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג"... „דער צענטראַל־קאָמיטעט שטעלט פעסט, אַז די בריוו בילדן נישט דעם מיני־מאַלסטן יסוד פאַרן באַלדיקן אָרגאַניזאַציאָנעלן אָנשלוס פון אונזער פּאַרטיי אין 3טן אינטערנאַציאָנאַל"... „דער צענטראַל־קאָמיטעט וועט אויסנוצן יעדע געלעגנהייט, וואָס וועט זיך שאַפן, כדי דערמעגלעכן וואָס שנעלער דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן אָנשלוס פון אונזער פּאַרטיי אין קאָמינטערן"... ווייטער זאָגט די רעזאָלוציע, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט זאָל באַשליסן „פאַרשלאָגן דעם נאָנטסטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אויסצואַרבעטן אַ נייעם פּאַרטיי־פּראָגראַם, וואָס זאָל זיך באַזירן אויף דער פּלאַטפאָרם פון 3טן אינטערנאַציאָנאַל און די פּרינציפּיעלע באַשלוסן פון זיינע קאָנגרעסן און זאָל זיין אין הסכם מיט זיי. די דאָזיקע פּראָגראַם־רעוויזיע דאַרף אויך זיך באַציען צו אונזער נאַציאָנאַלן פּראָגראַם, וואָס דאַרף געבראַכט ווערן אין איינקלאַנג מיט דער אַלגעמיינער שטעלונג פון דער פּאַרטיי. אויפן באַזן פון דעם נייעם פּראָגראַם וועט דערגרייכט ווערן די נייטיקע אידיי־אישע קאָנסאָלידאַציע אין די רייען פון בונד (דאָס דעקלאַרירן פון די פּאַרטיי־מיטגלידער פאַר דעם נייעם פּראָגראַם)"[61].

אין דעצעמבער 1921 האָט דער עקזעקוטיוו פון קאָמינטערן צוגע־שיקט צום צוזאַמענפאָר פון בונד אַ בריוו, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַזאַ באַגריסונג: „דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַ־ציאָנאַל באַגריסט אייער קאָנגרעס, ווי אַן אויסדריקער פון ווילן פון די יידישע אַרבעטער אין פּוילן, אָרגאַניזירט דורכן 'בונד' און האָפט, אַז די קאָמוניסטישע אַרבעטער־עלעמענטן פון 'בונד' וועלן אויפן קאָנגרעס מנצח זיין".

נאָך אַן איבערבליק איבער די פאָרגעקומענע אונטערהאַנדלונגען און נאָכן קריטיקירן די שטעלונגען און האַנדלונגען פון בונד ווערט אין בריוו געזאָגט: „דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמינטערן האָט פאָרגעלייגט די דאָזיקע (קאָמוניסטישע) עלעמענטן צו בילדן אַ געשלאָסענע פראַקציע מיט אַ קלאָרער פאַרשטענדעניש פון איר ציל — שטייען אויף דער פּלאַטפאָרם פון 3טן אינטערנאַציאָנאַל און אַלע זיינע קאָנגרעסן, און אָנ־הייבן אַן אַנטשלאָסענעם קאַמף מיט די צענטריסטן און נאַציאָנאַליסטן, כדי צו דעראָבערן אַ מערהייט אין דער פּאַרטיי". איר אויפגאַבע דאַרף אויך זיין די שטרעבונג צו אַן ענגער צוזאַמענאַרבעט מיט דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. עס ווערן געבראַנגט און קריטיקירט עטלעכע ביישפּילן פון בונדישער טעטיקייט.

דער קאָמינטערן־עקזעקוטיוו אָריענטירט זיך שוין איצט בלויז אויף דער קאָמוניסטישער פראַקציע און אַטאַקירט שאַרף די פירער פון בונד. דער בריוו זאָגט: „די אַלטע, קליינבירגערלעכע פירער פון 'בונד' קענען נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די רעוואָלוציאָנערע יידישע אַרבע־טער ווילן זיך באַטייליקן אין קאַמף פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַר־יאַט; אַז זיי שטרעבן צו באַזייטיקן אַלע צוימען, וואָס שטערן דעם דערפאָלג פון זייער קאַמף פאַר זייער באַפרייאונג. די פירער פון 'בונד', וואָס קענען אויסנוצן די קעגנזייטיקע אָפּפרעמדונג פון די יידישע און פּוילישע פאָלקס־מאַסן, באַמיען זיך מיט אַלע מיטלען אויפהאַלטן די דאָ־זיקע אָפּפרעמדונג צווישן די פּראָלעטאַרישע מאַסן אין דער אייגענער אָרגאַניזאַציאָנעלער פאָרם. די רעוואָלוציאָנערע יידישע פּראָלעטאַריער קע־נען ווייטער נישט נאָכגיין די דאָזיקע פירער"... די קאָמוניסטישע עלע־מענטן ווערן גערופן איבערצורייסן מיט זיי. דער דירעקטיוו איז — שפּאַל־טונג און שאַפן אַ קאָמוניסטישן בונד, וואָס זאָל צייטווייליק נאָך עקזיס־טירן ווי אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע מחוץ דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי [62].

*****

אין משך פון יאָר 1921 האָבן בולט זיך אויסקריסטאַליזירט די מיינונגען און חלוקי־דעות וועגן די אַריינטריט־באַדינגונגען. די וואַלן פון דעלעגאַטן צום צווייטן לאַנד־צוזאַמענפאָר פון בונד אין פּוילן זיינען פאָרגעקומען אויף פּראָפּאָרציאָנעלע יסודות. צוליב זיכערקייט־טעמים האָט

מען דעם צוזאַמענפֿאַר אָפּגעהאַלטן נישט אין פּוילן גופא, נאָר אין פֿריי־שטאָט דאַנציג. די אָרטיקע אומאָפּהענגיקע דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט באַזאָרגט דעם לאָקאַל און לגבי די געהעריקע מאַכט־אָרגאַנען איבערגענומען די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט. די סעסיעס פֿון צוזאַמענפֿאָר זיינען פֿאָרגעקומען אין אַן אייגנאַכן אָבער באַקוועמען לאָקאַל פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען.

אינם צוזאַמענפֿאַר האָבן זיך באַטייליקט 49 דעלעגאַטן מיט באַשטימונג־רעכט און 12 מיט באַראַטונג־רעכט. לויט די ריכטונגען, האָבן די דעלעגאַטן מיט באַשטימונג־רעכט זיך געטיילט אויף אַזאַ אופֿן: 26 לינקע, 17 צענטריסטן און 6 קאָמבונדיסטן.

דער צענטראַלער פּונקט פֿון צוזאַמענפֿאַר איז געווען וועגן די 21 אַריינטריט־באַדינגונגען אין קאָמינטערן. פֿאַר אָננעמען אַלע 21 פּונקטן זיינען געווען בלויז די 6 קאָמבונדישע דעלעגאַטן; די לינקע פֿאַר אָננעמען 19 און האַלבן, די צענטריסטן — פֿאַר אָננעמען 16 פּונקטן. מיט 26 שטימען קעגן 6, ביי 17 אָפּגעהאַלטענע, האָט דער צוזאַמענפֿאַר אָנגענומען די רעזאָלוציע פֿון די לינקע, וועלכע האָט קאַטעגאָריש זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אַ שפּאַלטונג און אָפּגעוואָרפֿן יענע פּונקטן, וואָס פֿאָדערן די אומבאַדינגטע דורכפֿירונג פֿון אַ שפּאַלטונג.

אַחוץ דער שטרייטבאַרער הויפּט־פֿראַגע האָט דער צוזאַמענפֿאַר אויך באַהאַנדלט די דאַזיקע ענינים: די פּאָליטישע סיטואַציע, די קומענדיקע סיים־וואַלן, פּאַרטיי־פּראָגראַם, די יוגנט־באַוועגונג. אין די אַלע פֿראַגן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ ווייטגייענדיקער הסכם פֿוןביידע הויפּט־ריכטונגען — לינקע און צענטריסטן. אין באַהאַנדלען די דאָזיקע ענינים האָבן די קאָמבונדיסטן זיך נישט באַטייליקט. זיי האָבן זיך שוין באַטראַכט ווי פֿרעמדע אין דער פּאַרטיי.

דער צוזאַמענפֿאַר האָט אויסגעוויילט אַ נייעם צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַ מערהייט לינקע [63]).

דער באַשלוס פֿון דאַנציגער צוזאַמענפֿאַר נישט אָנצונעמען אַלע 21 אַריינטריט־באַדינגונגען האָט אויפֿגעריסן די בריק צום קאָמינטערן און אָנגעהויבן אַ פּראָצעס פֿון אַ פּרינציפּיעלער דערווייטערונג און קעגנערשאַפֿט צו אים אין די רייען פֿון בונד.

נאָכן צוזאַמענפֿאַר זיינען די קאָמבונדיסטן אַרויס פֿון בונד און געשאַפֿן אַ קאָמבונד. לאַנג האָט ער נישט עקזיסטירט, סך־הכל קרוב אַ יאָר און אויך דעמאָלט האָט ער זיך געפֿונען אונטער דער פּאַקטישער אָנפֿירונג פֿון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. צוליב צוויי טעמים זיינען די קאָמבונדיסטן נישט אַריין גלייך אין דער פּוילישער פּאַרטיי און געשאַפֿן אַ צווישן־סטאַדיע: זיי האָבן גערעכנט, אַז דורך דעם וועלן זיי קענען אָפּרייסן מער מיטגלידער פֿון בונד; צווייטנס, די פּוילישע פּאַרטיי האָט נישט געוואָלט זיי גלייך אַריינעמען. זי האָט געהאַלטן, אַז די

קאַמבונדיסטן דאַרפן אַ געוויסע צייט זיין אין אַ פּרוזדור, כּדי זיך רייניקן פון „בונדישן סעפּאַראַטיזם און נאַציאָנאַליזם".

נישט אַלע פון זיי זיינען אַוועק אָדער געבליבן אין קאָמוניסטישן לאַגער. פון די 6 קאָמבונדישע דעלעגאַטן אויפן דאַנציגער צוזאַמענפאָר האָט איינער — מנחם זילבערשטיין פון לאָדזש — באַלד דערקלערט, אַז ער איז קעגן דער שפּאַלטונג און בלייבט ווייטער אין בונד; אַנדערע צוויי — די וואַרשעווער טוער יוסף ליפשיץ (באָסאַק) און שעיה זעמבראָווסקי — זיינען צוריקגעקומען צום בונד מיט אַ קורצער צייט שפּעטער. איינער פון די פּאָפּולערסטע קאָמבונדיסטן — קלמן קאַמאַשנמאַכער (רובינשטיין) — האָט אויך באַלד דערקלערט, אַז ער וועט פון בונד נישט אַוועק. די קאָמבונדישע אָפּשפּליטערונג האָט אויף אַ געוויסער צייט אָפּגעשוואַכט דעם בונד אין אַ רייי ערטער [64].

# 12. דער דריטער צוזאַמענפאָר

אין די טעג פון 26 — 28 דעצעמבער 1924 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען דער דריטער צוזאַמענפאָר פון בונד אין פוילן. די זיצונגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין לאָקאַל פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון דרוקער־אַרבעטער אויף דזשעלנע גאַס 33. באַטייליקט האָבן זיך 55 דעלעגאַטן מיט שטים־רעכט און 20 מיט באַראַטונג־רעכט.

דער דריטער צוזאַמענפאָר איז געווען אַ ווענדפּונקט. צום ערשטן מאָל, נאָך די פריערדיקע צוויי צוזאַמענפאָרן (1920 און 1921), האָבן זיך געביטן די כוחות־פאַרהעלטענישן אין דער פּאַרטיי: די פריערדיקע לינקע מערהייט איז געוואָרן אַ מינדערהייט. דאָס איז שוין געבליבן אַ פּערמאַנענטער מצב אין אַלע ווייטערדיקע יאָרן.

דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען די טאָג־אָרדנונג:

1. באַריכטן: פּאָליטישער, אָרגאַניזאַציאָנעלער און פינאַנציעלער.
2. די פּאָליטישע סיטואַציע.
3. די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע פון דער פּאַרטיי.
4. די באַציאונג פון בונד צו אַנדערע פּאַרטייען.
5. די נאַציאָנאַלע פראַגע.
6. די טאַקטיק אין די שטאָט־ראַטן.
7. די טעטיקייט פון די קהילות.
8. קאַמף קעגן קלעריקאַליזם.
9. וואַלן פון אַ צענטראַל־קאָמיטעט.

אין זיין באַריכט האָט דער פאָרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט געשילדערט די אָפּשפּאַלטונג פון די קאָמבונדיסטן און די אָפּענסיווע פון קאָמינטערן און פון דער פוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי קעגן בונד. די בונדישע באַוועגונג האָט פולשטענדיק גובר געווען דעם קריזיס, וואָס איז אַנטשטאַנען נאָכן דאַנציגער צוזאַמענפאָר (1921). די גרויסע צאָל עפנטלעכע מאַסן־פאַרזאַמלונגען און פאָרלעזונגען (זייער צאָל האָט אַ־בערגעשטיגן טויזנט במשך די פאַרגאַנגענע דריי יאָר), די פּרעסע, די גרויסע צאָל אויפרופן און אַנדערע אויסדריקן פון דער בונדישער אַקטיווקייט, ווייזן די גוטע פונקציאָנירונג פון צענטראַל־קאָמיטעט און פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס. במשך פון דעם פּעריאָד זיינען געשאַפן געוואָרן

נייע אָרגאַניזאַציעס אויף די מזרח־געביטן פון דער פּוילישער מלוכה („קרעסן"). אין ווילנע איז פאַרענדיקט געוואָרן די אָרטיקע שפּאַלטונג, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אין די יאָרן 1920 — 1924, און די פאַראייניקטע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט שוין אַריינגענומען אויך די אָרגאַניזאַציע פון ס. ד. בונד, איז געוואָרן אַ טייל פון בונד אין פּוילן. אַ גרויסע אַקטיוויטעט האָט די פּאַרטיי אַרויסגעוויזן אויפן קולטור־געביט און אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. און אין דעם פּעריאָד האָבן די בונדישע פאַרשטייער געשלאָסן אַ פאַראייניקונג־אָפּמאַך מיט דער צענטראַל־קאָמיסיע (הויפּט־אָנפירונג) פון די אַלגעמיינע פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין פּוילן וועגן אָנשלוס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער און דערביי איז פאַר זיי באַוואָרנט געוואָרן די רעכט פון קולטורעלער און אָרגאַניזאַציאָנעלער זעלבסטפאַרוואַלטונג. אין דער זעלבער צייט איז אויסגעקומען אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען צו פירן שאַרפע שטרייטן מיט די קאָמוניסטן, וועלכע האָבן זיך באַמיט מיט אַלע מיטלען צו באַהערשן די פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער.

אין דעם פּעריאָד האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט געמאַכט אַ פּרואוו צו שאַפן אַן איינהייטלעכן פראָנט פון אַלע אַרבעטער־גרופּירונגען. ער האָט זיך געווענדט צו דער צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען מיט אַ פאָרשלאָג צו רופן אַ קאָנפערענץ פון אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען און פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס זאָל באַשליסן וועגן דעם. די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז געווען קעגן אַ צוזאַמענאַרבעט מיט די קאָמוניסטן און דער פאָרשלאָג האָט נישט געקענט רעאַליזירט ווערן. דעם 12 יולי 1923 איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך מיט דער פּ. פּ. ס. וועגן אַ בשותפותדיקן קאַמף קעגן פאַשיזם, נאַציאָנאַליזם און אַנטיסעמיטיזם. צוליב דער שולד פון פּ. פּ. ס. איז דער אָפּמאַך געבליבן בלויז אויפן פּאַפּיר. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט מחמת דעם מיט קרוב אַ יאָר שפּעטער באַשלאָסן דעם אָפּמאַך צו אַנולירן. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט זיך באַמיט צו פאַרשטענדיקן מיט די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין פּוילן. געלונגען איז בלויז צו שאַפן אַ פאַרשטענדיקונג מיט די אָרגאַניזאַציעס פון די דייטשע סאָציאַליסטן.

דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט פאַרנומען אַ נעגאַטיווע שטעלונג צום סאָציאַליסטישן אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז אין 1923 געשאַפן געוואָרן אויפן קאָנגרעס אין האַמבורג. דאַקעגן האָט ער אָנגענומען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו דעם געשאַפענעם אינפאָרמאַציע־ביוראָ פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס געהערן נישט צו די עקזיסטירנדיקע צוויי אינטערנאַציאָנאַלן (דעם סאָציאַליסטישן און קאָמוניסטישן) און באַשלאָסן, אַז דער בונד זאָל צושטיין צום ביוראָ. אויף דער ווענדונג פון עקזעקוטיוו פון קאָמינטערן צום דאַנציגער צוזאַמענפאָר פון בונד האָט דער צ. ק.

געגנטפערט, אַז די 21 באַדינגונגען קענען נישט אָנגענומען ווערן. פאַר־אורטיילנדיק קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען קעגן סאָוועט־רוס־לאַנד, האָט ער גלייכצייטיק אויך פאַראורטיילט די סאָוועטישע פּאָליטיק פון טעראָר לגבי אַנדערע אַרבעטער־פּאַרטייען אין לאַנד.

די טעטיקייט פון בונד האָט פאַר דער צייט שטאַרק געליטן פון רעפּרעסיעס, וואָס די רעגירונג האָט אָנגעווענדט לגבי די בונדישע אָרגאַניזאַציעס און פּרעסע.

אין דער דיסקוסיע איבערן באַריכט האָבן זיך באַטייליקט 17 רעד־נער. זיי האָבן קריטיקירט אַ ריי פּרטים פון דער אָרגאַניזאַציאָנעלער און פּאָליטישער טעטיקייט. עטלעכע מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט האָבן פאַרטיידיקט געוויסע האַנדלונגען אָדער אויפגעקלערט די מאָטיוון. מ׳האָט אויך אָנגעוויזן אויף די חלוקי־דעות, וואָס זיינען געווען אין צ. ק.. אין אים גופא איז פאָרגעקומען אַן איבערגרופּירונג פון די ריכטונגען: די לינקע מערהייט, וואָס איז געווילט געוואָרן סוף 1921 אויפן דאַנציגער צוזאַמענפאָר, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מינדערהייט.

וועגן באַריכט זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן דריי רעזאָלוציעס. איין רעזאָלוציע פון דער בייער מערהייט האָט באַקומען 30 שטימען און איז אָנגענומען געוואָרן אַלס באַזע. די צווייטע רעזאָלוציע (פון דער פריער־דיקער מערהייט) האָט באַקומען 24 שטימען, די דריטע רעזאָלוציע (פון טעזע 3) האָט באַקומען 1 שטים.

אין דער ענדגילטיקער אָפּשטימונג איז מיט אַ מערהייט שטימען אָנגענומען געוואָרן די דאָזיקע רעזאָלוציע: „דער צוזאַמענפאָר שטעלט־פעסט, אַז אין אַלגעמיין איז די ליניע פון דער פּראַקטישער פּאָליטיק פון צ. ק. געווען אַ ריכטיקע, הגם ער האָט נישט אַלע מאָל אַרויסגעוויזן די נייטיקע אינטענסיווקייט און איניציאַטיוו. דער צוזאַמענפאָר נעמט דעם באַריכט צו קענטעניש".

דער רעזאָלוציע־פּראָיעקט פון דער מינדערהייט, וואָס דער צוזאַמענ־פאָר האָט נישט אָנגענומען, האָט פעסטגעשטעלט אַ צאָל פאַרדינסטן פון צ. ק. און אַז „די פּאָליטישע טעטיקייט פון דער פּאַרטיי איז בכלל געפירט געוואָרן אויפן וועג פון רעוואָלוציאָנערן קלאַסן־קאַמף". נאָכן קריטיקירן געוויסע באַשלוסן און האַנדלונגען, שטעלט־פעסט דער רע־זאָלוציע־פּראָיעקט פון דער מינדערהייט „מיט באַדויערן די אויסגערעכנ־טע פעלערן אין דער פּאָליטישער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי. דער צו־זאַמענפאָר נעמט צו קענטעניש דעם באַריכט און גייט אַריבער צו דער טאָג־אָרדנונג".

וועגן די אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען פון דער פּאַרטיי זיינען גע־ווען צוויי רעפעראַטן. די רעפערענטן האָבן פאָרמולירט די שטאַנדפּונקטן פון די צוויי הויפּט־ריכטונגען אין דער פּאַרטיי. ביידע האָבן זיגט דעם דאַנציגער צוזאַמענפאָר אַדורכגעמאַכט אַן עוואָלוציע.

דער רעפערענט פון דער נייער מערהייט (טעזן נומער 2) האָט פעסטגעשטעלט, אַז די שטעלונג, וואָס דער דאַנציגער צוזאַמענפאָר האָט פאַרנומען בנוגע דעם קאָמינטערן, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פאַלש, דעריבער איז די פּראַקטיק פון דער פּאַרטיי נישט געווען אין הסכם מיט דער רעזאָלוציע פון לעצטן צוזאַמענפאָר. „די הויפּט־חסרונות פון קאָמוניזם — האָט ער געזאָגט — באַשטייען, ערשטנס, אין זיין שטרעבן צו פאַרוואַנדלען די מאַכט פון אַרבעטער־קלאַס אין אַ דיקטאַטור פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, ריכטיקער — אין אַ דיקטאַטור פון צענט־ראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי איבערן פּראָלעטאַריאַט"... „דער צווייטער פעלער פון קאָמוניזם באַשטייט אין זיין אַנטי־מאַרקסיסטישער פאָר־שטעלונג וועגן דער סאָציאַלער איבערקערעניש. פאַר אים איז דאָס נישט אַן אָרגאַנישער פּראָצעס, נאָר אַ רעזולטאַט פון אַ מעכאַניש צוגע־גרייטער מיליטערישער פאַרשווערונג"... „פון די דאָזיקע צוויי גרונט־פעלערן פון קאָמוניזם שטאַמט זיין סעקטאַנטישער כאַראַקטער, זיין אומ־ברחמנותדיקער קאַמף מיט כשרע און נישט־כשרע מיטלען קעגן אַלע אַנדערש־דענקענדיקע סאָציאַליסטן, פון דעם שטאַמט אויך דער איבער־געטריבענער צענטראַליזם און די קאַזאַרמע־דיסציפּלין פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. דעריבער דאַרפן מיר זאָגן קלאָר און בולט, אַז מיר קאָנען נישט געהערן צום קאָמינטערן; אַז מיר זיינען רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן, אָבער נישט קיין קאָמוניסטן"...

דער אויספיר פון רעפערענט איז געווען: ביידע עקזיסטירנדיקע אינטערנאַציאָנאַלן — דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט אַרומגענומען דעם רוב פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַר־טייען, און דער קאָמינטערן, וואָס האָט אַרומגענומען די קאָמוניסטישע פּאַרטייען — טויגן נישט. מ'דאַרף זיך אָריענטירן אויף קאָנסאָלידאַציע און רעוואָלוציאָנערער אחדות.

דער רעפערענט פון דער נייער מינדערהייט (טעזן נומער 1) האָט אַזוי פאָרמולירט די שטעלונג פון זיין ריכטונג: דער באַשלוס פון דאַנ־ציגער צוזאַמענפאָר וועגן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז געווען אַ ריכטיקער און ער האָט נישט געקענט רעאַליזירט ווערן צוליב די 21 אַריינטריט־באַדינגונגען און דער פאָדערונג דורכצופירן אַ שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי. „דער אמתער זין פון קאָמוניזם, וואָס שיידט אים אונטער פון סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם — האָט דער רעפערענט געזאָגט — דאָס איז דער אומברחמנותדיקער קלאַסן־קאַמף, דער אַנטשיידענער ווילן צו באַ־קעמפן די איצטיקע אָרדנונג. אין דעם פּרט דעקט זיך קאָמוניזם פול־שטענדיק מיטן באַגריף רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם, אין קעגנזאַץ צום רעפאָרמיסטישן סאָציאַליזם"... „די לאַגע פון בונד צווינגט אים צו שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיט יענע פּאַרטייען פון אויסלאַנד, וואָס זיינען אידייאיש נאָנט צו דער בונדישער שטעלונג און געפינען זיך

אָרגאַניזאַציאָנעל אין דער זעלבער לאַגע. דער ציל פון דער פאַרבינדונג דאַרף זיין — שאַפן אַ פאַראייניקונג, כדי מיט געמיינזאַמע כוחות באַקעמפן די שעדלעכע טענדענצן פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס שטערן דער קאָנסאָלידאַציע פון אַלע באמת רעוואָלוציאָנערע כוחות״...

„נישט געקוקט אויף זיינע טאַקטישע פעלערן, בלייבט דער קאָמינטערן אויך ווייטער דער אינטערנאַציאָנאַלער צענטר פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג״.

דער דעלעגאַט פון די טעזן נומער 3 האָט פאָרמולירט אָן אויסגעשפּראָכן קאָמוניסטישן שטאַנדפּונקט, הגם מיט געוויסע רעזערוואַציעס אין אייניקע פּרטים [65].

אין דער דיסקוסיע האָבן 8 רעדנער אַרויסגעבראַכט אַ צאָל צוגאָבּ־אַרגומענטן אויף צו פאַרפעסטיקן די שטאַנדפּונקטן פון די צוויי הויפּט־ריכטונגען. בעת די אָנהענגער פון דער מערהייט האָבן פאַרטיידיקט די שטרעבונג צו שאַפן איין אינטערנאַציאָנאַל, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע ריכטונגען (סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע), האָבן די אָנהענגער פון דער מינדערהייט געהאַלטן, אַז „די שפּאַלטונג אין די אַרבעטער־קרייזן איז אַ מוז־זאַך און די פאַראייניקונג פון ביידע פליגלען וואָלט געווען אַ שטערונג פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג״.

די 55 דעלעגאַטן האָבן זייערע שטימען צעטיילט אויף דריי רעזאָלוציעס: 30 פאַר דער רעזאָלוציע פון דער נייער מערהייט (טעזן 2), 24 פאַר דער רעזאָלוציע פון דער נייער מינדערהייט (טעזן 1) און 1 פאַר דער רעזאָלוציע פון טעזן 3.

די אָנגענומענע רעזאָלוציע פון דער מערהייט האָט דערקלערט: „היינט ווי ביז איצט אָריענטירט זיך דער בונד נישט אויף אַ פּשרה מיטן עקזיסטירנדיקן סדר, נאָר אויף זיין רעוואָלוציאָנערער אומגעשטאַלטונג. ער איז קעגן יעדער קאָאַליציע־פּאָליטיק — פאַר קאָמפּראָמיסלאָזן קלאַסן־קאַמף, קעגן אַ פעטישיסטישער באַציאונג צו דעמאָקראַטיע, פאַר דער מאַכט פון אַרבעטער־קלאַס, קעגן סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם אין אַלע זיינע פאָרמען — פאַרן אמתן אינטערנאַציאָנאַליזם. די אויפגאַבן, וואָס שטייען פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־קלאַס, פאָדערן פאַר זייער פאַרווירקלעכונג אַן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס זאָל אַרומנעמען די ברייטסטע מאַסן פון אַרבעטער־קלאַס. ער דאַרף זיין דורכגעדרונגען מיט אַ באמת רעוואָלוציאָנערן גייסט און פירן אַן איינהייטלעכע קלאַסן־פּאָליטיק, געבויט אויף אינטערנאַציאָנאַלער אחדות. אַזאַ אינטערנאַציאָנאַל דאַרף זיין אויפגעבויט אויף די פּרינציפּן פון דעמאָקראַטישן צענטראַליזם, ד״ה פאַראייניקן די פרייהייט פון מיינונגען מיט אַ געשלאָסנקייט אין טאַט און ער דאַרף זיין דער אמתער אויסדרוק פונם ווילן פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט. ער דאַרף אָנפירן מיטן קאַמף פון אינטערנאַציאָנאַלן

פראָלעטאַריאַט פאַר מאַכט. קיין איינער פון די עקזיסטירנדיקע אינטער־נאַציאָנאַלן אַנטשפּרעכט נישט די דערמאָנטע פאָדערונגען".

די רעזאָלוציע ווייזט אָן אויף די גרויסע חסרונות פון ביידע אינ־טערנאַציאָנאַלן — דעם קאָמוניסטישן און סאָציאַליסטישן — און קומט צו דעם אויספיר:

„די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנסאָלידאַציע פון אַלע סאָציאַליסטישע כּוחות קאָן באַטראַכט ווערן בלויז ווי אַ פּערספּעקטיוו, וואָס וועט קענען רעאַ־ליזירט ווערן נאָר אין פּראָצעס פון געמיינזאַמען קאַמף מיט דער קאַ־פּיטאַליסטישער רעאַקציע. דער צוזאַמענפאָר באַשליסט צו באַפולמעכטיקן דעם צענטראַל־קאָמיטעט צו נעמען אָן אַקטיוון אָנטייל אין די פּרוּוון צו באַשאַפן אַ פאַראייניקונג פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס גע־הערן נישט צו קיין שום אינטערנאַציאָנאַל און געפינען זיך אין אַ אי־דייאישער קרובהשאַפט צום בונד. די אויפגאַבע פון דער דאָזיקער פאַר־אייניקונג דאַרף זיין צו פירן אַן אידייאישן קאַמף קעגן די נעגאַטיווע זייטן פון די עקזיסטירנדיקע אינטערנאַציאָנאַלן און צו פירן אַ פּראָ־פּאַגאַנדע פאַר דער אידייע פון אַ פאַראייניקטן רעוואָלוציאָנערן אינ־טערנאַציאָנאַל".

דער רעזאָלוציע־פּראָיעקט פון דער מינדערהייט האָט ווייטער אָנער־קענט, אַז דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז, ביז געקוקט אויף זיין פעלערהאַפטער טאַקטיק, „דאָך דער איינציקער אינטערנאַציאָנאַלער צענטער פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג". דאַקעגן ווערן קריטיקירט זיינע „פאַלשע אָרגאַניזאַציאָנעלע יסודות" און „דער איבער־געטריבענער צענטראַליזם" — „די שטרעבונג אויסצובילדן דעם אינ־טערנאַציאָנאַל, ווי אַן איינהייטלעכע וועלט־פּאַרטיי פון איין גוס, אָן שום שאַטירונגען, וואָס פירט נאָר צו כסדרדיקע שפּאַלטונגען און אָפּשפּלי־טערונגען"... „בנוגע דעם בונד קומט נאָך אויך צו, וואָס דער קאָמינ־טערן איגנאָרירט לגמרי די ספּעציפישע אינטערעסן און באַדערפעניש[ן] פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און די נייטיקייט פון איר אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער לאַנד־פּאַרטיי".

דער אויספיר פון דער מינדערהייט־רעזאָלוציע איז אַזאַ: „דעם צענטראַל־קאָמיטעט ווערט איבערגעגעבן די אויפגאַבע מיטצוהעלפן שאַפן אַ פאַראייניקונג פון די אַלע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטייען אויף דער פּרינציפּיעלער פּלאַטפאָרם פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און געפינען זיך אויסער אים. די גרונט־אויפגאַבע פון אָט דער פאַראייניקונג זאָל זיין אַ קאָמפּאַניע קעגן די שעד־לעכע אָרגאַניזאַציאָנעלע יסודות פון קאָמינטערן און פאַר זיין רעאָרגאַ־ניזירונג אויפן יסוד פוןווירקלעכן דעמאָקראַטישן צענטראַליזם".

דער גרונט־אונטערשייד צווישן די שטעלונגען פון דער מערהייט און דער מינדערהייט איז אייגנטלעך באַשטאַנען אין דעם, וואָס בעת די

ערשטע האָט זיך אָפּגעגרענעצט פון קאָמינטערן אי צוליב פּרינציפּיעלע, אי צוליב אָרגאַניזאַציאָנעלע מאָטיוון, האָט די צווייטע דאָס געטון בלויז צוליב אָרגאַניזאַציאָנעלע סיבות. אויך אויף די פריערדיקע צוזאַמענפאָרן (אין קראָקע און דאַנציג — 1920 און 1921) איז די איצטיקע מערהייט־ריכטונג (דעמאָלט אַ מינדערהייט) געשטאַנען אויפן זעלבן שטאַנדפּונקט. שפּאַלטן דעם בונד האָט זי אָבער נישט געוואָלט, דעריבער האָט זי באַיך־ברירה געמוזט שלום מאַכן מיט די באַשלוסן, וואָס די דעמאָלטיקע פּראָ־קאָמינטערן מערהייט האָט אַדורכגעפירט.

וועגן דער באַציאונג צו אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זיינען געהאַלטן געוואָרן צוויי רעפעראַטן.

דער רעפערענט פון דער מערהייט האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער בונד האָט שטענדיק געשטרעבט צו „אַן איינהייטלעכער לאַנד־פּאַרטיי מיט אויטאָנאָמע נאַציאָנאַלע סעקציעס". דער בונד וויל נישט עקזיסטירן ווי אַ זעלבשטענדיקע פּאַרטיי, נאָר ער איז צו דעם געצוואונגען. „ביי די עקזיסטירנדיקע באַדינגונגען איז דאָס די איינציקע מעגלעכקייט איינ־צוהאַלטן אַ לעבעדיקע יידישע פּראָלעטאַרישע מאַסן־באַוועגונג". דער בונד קען זיך נישט פאַרבינדן מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.), ווייל אין די וויכטיקסטע פּאָליטישע פראַגן שטייען ביידע אויף קעגנזעצלעכע שטאַנד־פּונקטן. ס'איז אויך נישט מעגלעך צו שאַפן אַ פאַר־בינדונג צווישן דעם בונד און דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. „זייער בליק אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג איז גאָר אַן אַנדערער. דער קאַמף מיטן בונד איז פאַר זיי וויכטיקער, ווי דער קאַמף מיט דער בור־זשואַזיע". זיין אויספיר איז געווען, אַז מ'דאַרף זיך באַמיען צו קאָנסאָ־לידירן ווי וויית מעגלעך די סאָציאַליסטישע גרופּירונגען מחוץ פּ. פּ. ס. און קאָמוניסטישער פּאַרטיי (פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און פון פּוילישע גרופּן, וואָס זיינען אומצופרידן מיט ביידע פּאַרטייען).

דער רעפערענט פון דער מינדערהייט האָט זיך באַצויגן סקעפּטיש צום פריער־דערמאָנטן אויספיר. ער האָט אויך דערקלערט, אַז „קיין שום פּאָליטישע צוזאַמענאַרבעט מיט פּ. פּ. ס. איז נישט דערלאָזבאַר, אויסער אין פאַלן, ווען דאָס ווערט דיקטירט דורך דער נייטיקייט אָנצוווענדן די טאַקטיק פון איינהייטלעכן פראָנט". וואָס שייך דער פּוילישער קאָ־מוניסטישער פּאַרטיי, האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַן ענגער צוזאַמענ־אַרבעט, הגם ער האָט איינגעזען די שטערונגען און אומווילן מצד דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

נאָך אַ קורצער דיסקוסיע האָט מען אָפּגעשטימט צוויי רעזאָלוציעס. איינע האָט באַקומען 29 שטימען און די צווייטע 23. דער אינהאַלט פון דער אָנגענומענער רעזאָלוציע איז געווען אַזאַ:

„דער בונד שטייט אויפן שטאַנדפּונקט, אַז דער גאַנצער פּראָלע־טאַריאַט פון לאַנד, אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט, דאַרף זיין אָר־

גאָניזירט אין אײן לאַנד־פּאַרטײ, װאָס שטײט אױפֿן באָדן פֿון רעװאָלו־
ציאָנערן קלאַסן־קאַמף און איז אױפֿגעבױט אױפֿן יסוד פֿון אױטאָנאָמע
נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. כּל־זמן ס'זײַנען נישט פֿאַראַן קײן באַדינגונגען,
װאָס זאָלן מאַכן מעגלעך צו רעאַליזירן דעם דאָזיקן פּרינציפּ, שטרעבט
דער בונד צו קאָאָרדינירן און פֿאַראײנהײטלעכן דעם קאַמף פֿון ייִדישן
פּראָלעטאַריאַט מיטן קלאַסן־קאַמף פֿון אַלע איבעריקע טײלן פֿון פּראָלע־
טאַריאַט אין לאַנד".

די רעזאָלוציע װײַזט אָן אױף די חילוקי־דעות, װאָס זײַנען פֿאַראַן
צװישן בונד פֿון אײן זײַט און פּ. פּ. ס. און קאָמוניסטישע פּאַרטײ פֿון
דער צװײטער זײַט. "אין פּראָגראַם און טאַקטיק פֿון פּ. פּ. ס. — זאָגט
די רעזאָלוציע — האָט דער מאָמענט פֿון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן שטענ־
דיק געהאַט די איבערהאַנט איבער איר סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע".
דער דאָזיקער כאַראַקטעריסטישער שטריך "גיט צו איר טעטיקײט אָן
אױסגעשפּראָכן נאַציאָנאַליסטישן כאַראַקטער". דאָס מאַכט "אוממעגלעך
אַ סיסטעמאַטישע צוזאַמענאַרבעט צװישן בײדע פּאַרטײען"... "דאָס
שליסט אָבער נישט אױס קײן פֿאַרשטענדיקונגען פֿון פֿאַל צו פֿאַל װעגן
אַלגעמײנע מאַסן־אַרױסטרעטונגען פֿון פּראָלעטאַריאַט אָדער אײנצלנע פּאָ־
ליטישע אַקציעס, װאָס ליגן אױף דער אַלגעמײנער ליניע פֿון דער בונ־
דישער פּאַרטײ־פּאָליטיק".

װעגן דער פּױלישער קאָמוניסטישער פּאַרטײ זאָגט די רעזאָלוציע,
אַז "נישט געקוקט אױף די חילוקי־דעות אין פּאָליטיש־טאַקטישע, אָרגאַ־
ניזאַציאָנעלע און נאַציאָנאַלע פֿראַגן", האָט דער בונד געשטרעבט אײַנ־
צושטעלן מיט איר אַנטשפּרעכנדיקע באַציאונגען. אָבער די קאָמוניסטי־
שע פּאַרטײ "האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַ הױפּט־ציל צו פֿאַרניכטן די
פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פֿון ייִדישן אַרבעטער־קלאַס און אָט דער ציל
באַשטימט די גאַנצע צײַט איר האַלטונג לגבי דעם בונד"... "לעצטנס
האָט דער קאַמף פֿון דער פּױלישער קאָמוניסטישער פּאַרטײ קעגן
בונד אָנגענומען יעדן אידײאיש־פּאָליטישן כאַראַקטער. די נײַע
'לינקע' אָנפֿירונג פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ האָט אײַנגעפֿירט
אַזעלכע קאַמף־מעטאָדן, װי שענדלעכע אינסינואַציעס, טעראָר, ברוטאַלע
אָנפֿאַלן אױף לאָקאַלן, פֿאַרזאַמלונגען און אײנצלנע טוער"... בײַ אַזעל־
כע באַדינגונגען "איז כמעט אוממעגלעך אַ װעלכע נישט איז צוזאַמענ־
אַרבעט" צװישן בײדע פּאַרטײען, דאָס שליסט נישט אױס די מעגלעכקײט
פֿון אַ פֿאַרשטענדיקונג "אין פֿאַלן װען די אַלגעמײנע אינטערעסן פֿון
פּראָלעטאַריאַט װעלן פֿאָדערן אַן אַרױסטרעטונג פֿון גאַנצן אַרבעטער־
קלאַס אין לאַנד".

לסוף שטעלט־פֿעסט די רעזאָלוציע, אַז ס'זײַנען פֿאַראַן גינסטיקע
אָביעקטיװע באַדינגונגען פֿאַר אַ דערנענטערונג צװישן בונד און די
סאָציאַליסטישע פּאַרטײען פֿון די נאַציאָנאַלע מינדערהײטן. ס'איז גע־

וואונטשן אַן ענגערע צוזאַמענאַרבעט צווישן בונד און די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין פּוילן.

**

וועגן דער טעטיקייט פון די בונדישע ראַטמענער אין די שטאָט־ראַטן האָט דער צוזאַמענפאָר באַשלאָסן, אַז די בונדישע פראַקציעס קענען אַקטיוו מיטאַרבעטן אין די מאַגיסטראַטן און נעמען אויף זיך אַ חלק פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיי נאָר דאָרט, „וואו ס׳איז פאַראַן אין שטאָט־ראַט אַ פּראָלעטאַרישע מערהייט, וועלכע אָקצעפּטירט די גרונט־פאָדערונגען פון די יידישע אַרבעטער אויף דעם געביט פון קאָמונאַלער פּאָליטיק״... „דאָס דאַרף אָבער געשען אין יעדן פאַל מיטן וויסן און הסכם פון צענטראַל־קאָמיטעט. דאַקעגן איז נישט דערלאָזבאַר דער אָנ־טייל פון בונדיסטן אין מאַגיסטראַטן מיט אַ בירגערלעכער מערהייט. עס זיינען דערלאָזבאַר בלויז אויסנאַם־פאַלן, וועגן וועלכע דער צענטראַל־קאָמיטעט וועט דאַרפן דעצידירן. די רעזאָלוציע האָט אויך אונטערגע־שטראָכן, אַז „די יידישע בירגערלעכע ראַטמענער שטיצן פּאַקטיש, אויב נישט פאָרמעל, די רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע בירגערלעכע מאַ־גיסטראַטן״.

דער צוזאַמענפאָר האָט זיך אויך פאַרנומען מיט דער פראַגע וועגן די יידישע קהילות. אין בונד זיינען געווען חלוקי־דעות צי מ׳דאַרף זיך באַטייליקן אין די וואַלן. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט געגעבן אַ פּאָ־זיטיוון ענטפער און בונדישע אָרגאַניזאַציעס האָבן אין יאָר 1924 אָנטייל גענומען אין די קהילה־וואַלן. אין די דעבאַטן האָבן נאָך געלאָזט זיך הערן באָיקאָטיסטישע שטימונגען און אַרגומענטן, אָבער דער צוזאַמענ־פאָר האָט אָקצעפּטירט דעם באַשלוס וועגן באַטייליקן זיך אין די קהילה־וואַלן.

דער רעפערענט וועגן דעם פּונקט האָט געזאָגט: לאָמיר זיך „נישט יאָגן נאָכן חלום פון ׳רעאַלע נוצן׳, דערפאַר אָבער לאָמיר פולשטענדיק אויסנוצן די קהילות פאַר דער אַנטי־קלעריקאַלער און אַנטי־רעליגיעזער אַגיטאַציע. די דאָזיקע אַגיטאַציע דאַרף נישט זיין סתם אַן אַבסטראַקטע, זי טאָר נישט זיין אָפּגעריסן פון רעאַלן יידישן לעבן, נאָר זיין אויפן באָדן פון דער טאָג־טעגלעכקייט. אויסנוצנדיק די שווידערלעכע, אמת מיטל־אַלטערלעכע פאַקטן פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם, מיט וועלכע דאָס יידישע לעבן איז אַזוי רייך, קען אונזער אַגיטאַציע באַקומען אַ ברייטן אָפּקלאַנג אין די מאַסן און ווערן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער סאָציאַליסטישער אויפקלערונג־אַרבעט״.

אין דער אָנגענומענער רעזאָלוציע, וואָס האָט אָנגעצייכנט די אויפ־גאַבן און טאַקטיק פון די בונדישע פראַקציעס אין די קהילות, ווערט צווישן אַנדערן געזאָגט: „די הויפּט־אויפגאַבע פון בונד אין די קהילות איז — קעמפן מיט דער גרעסטער אַנטשיידנקייט קעגן דעם רעליגיעזן

כאַראַקטער פון די יידישע קהילות, קעגן זייער רעאַקציאָנערן סטאַטוס און קאָמפעטענץ, פאַר דער פאַרניכטונג פון דער איצטיקער אַלטער פאָרם פון דער קהילה און זי איבערגעשטאַלטיקן אין אַ וועלטלעכן זעלבסט־פאַרוואַלטונג־אָרגאַן פאַר קולטורעלע ענינים״... „אומעטום זאָל מען אַריינטראָגן פאָרשלאָגן וועגן אויסטיילן די רעליגיעזע ענינים פון דער קהילה און פירן אַן עפנטלעכע קאַמפּאַניע קעגן אויסהאַלטן אויפן חשבון פון דער קהילה די רבנים און אַלע אַנדערע כלי־קודש״. אומעטום „פאָדערן צו אַנערקענען די יידישע שפּראַך, ווי די אָפיציעלע שפּראַך פון דער יידישער קהילה״.

עטלעכע פּונקטן פון טאָג־אָרדנונג האָט דער צוזאַמענפאָר צוליבן פעלן פון צייט נישט שוין באַוויזן צו באַהאַנדלען און מ׳האָט זיי איבערגעגעבן דעם צענטראַל־קאָמיטעט צו באַשליסן. צווישן די נישט־באַהאַנדלטע פּונקטן איז אויך געווען וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע. וועגן דעם האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגענומען דעם דאָזיקן באַשלוס: „בלייבנדיק געטריי די פּרינציפּן פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, באַשליסט דער צוזאַמענפאָר אויפצופאָדערן דעם צענטראַל־קאָמיטעט צו אָרגאַניזירן אַ דיסקוסיע וועגן דער פראַגע און ווי צום שנעלסטן צונויפרופן אַ קאָנפערענץ, וואָס זאָל אויסאַרבעטן די שטעלונג פון דער פּאַרטיי צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע״.

איינשטימיק האָט דער צוזאַמענפאָר אויסגעוויילט אַ נייעם צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון 11 מיטגלידער און 5 פאַרטרעטער. די מערהייט איז באַשטאַנען פון אַ״ג צענטריסטן (שפּעטער באַקאַנט ווי די רעפּרעזענטאַנטן פון דער איינסער ריכטונג).

פון די 75 דעלעגאַטן איז די מערהייט (38) געווען אין עלטער פון 30 ביז 40 יאָר. דער רוב (23) פון אַנדערן טייל איז געווען אין עלטער פון 20 ביז 30 יאָר. 12 דעלעגאַטן — אין עלטער פון 40 ביז 50; עלטער פון 50 — 2. אחוץ 4, וועלכע זיינען געבוירן געוואָרן אין רוסלאַנד, האָבן אַלע געשטאַמט פון געביטן, וואָס זיינען אַריין אין שטח פון דער פּוילישער מלוכה. 32 זיינען געווען אַרבעטער, 12 — אָנגעשטעלטע, 15 — לערער, 16 — פרייע פּראָפעסיעס. 25 דעלעגאַטן זיינען געווען טעטיק אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון 5 ביז 10 יאָר; 24 — פון 10 ביז 20 יאָר; 20 — פון 20 ביז 30 יאָר; 3 — העכער פון 30 יאָר; 1 — ווייניקער פון 5 יאָר. אַרעסטירט פאַר זייער פּאָליטישער טעטיקייט זיינען געווען 56 דעלעגאַטן, צוזאַמען 274 יאָר. 21 דעלעגאַטן זיינען אַריין אין בונד פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע און 26 האָבן פריער געהערט צו אַנדערע פּאַרטייען — 20 צו סאָציאַליסטישע און 6 צו בירגערלעכע. דער דעלעגאַטן־צוזאַמענשטעל איז געווען אַ קאָמבינירונג פון יונגער ענערגיע און לאַנג־יאָריקער געזעלשאַפטלעך פּאָליטישער דערפאַרונג [66].

# 13. י ו ג נ ט

פאַראַלעל מיט די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס פון בונד האָבן עקזיסטירט און געפירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט די אָרגאַניזאַציעס פון יוגנט־בונד צוקונפט. פאַרן בונד זיינען זיי געווען ווי אַ פרישער, לעבעדיקער קוואַל, פון וואַנען עס קומען צו כסדר נייע, יונגע כוחות.

דער יוגנט־בונד צוקונפט אין פוילן האָט ביי זיין אַנטשטייאונג שוין געהאַט הינטער זיך אַ רומרייכע פאַרגעשיכטע. אין פעריאָד פון דער ערשטער רוסלענדער רעוואָלוציע (1905) זיינען אין די שטעט און שטעטלעך אַנטשטאַנען לויזע אָרגאַניזאַציעס פון קינדער און יוגנטלעכע, וואָס זיינען געווען באַקאַנט אונטער דעם נאָמען קליינער בונד. זיי זיינען געווען אַ פּראָדוקט פון דער רעוואָלוציאָנערער סטיכיע, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעכוואַליעט אין די גאַסן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. דער קליינער בונד האָט צוגעטראָגן זיין צושטייער צום אויפברויז — דעם ריינעם אָן־פניותדיקן אידעאַליזם, דעם נאַאיוון גלויבן, די מסירת־נפש־דיקע העלדישקייט און בלוטיקע קרבנות. מיטן אויסלעשן זיך פון דער ערשטער רוסלענדער רעוואָלוציע זיינען די אָרגאַניזאַציעס אַראָפּ פון דער סצענע, געבליבן זיינען בלויז זכרונות פון הערא‏אישע פאַסירונגען, וואָס די באַטייליקטע האָבן מיטגענומען מיט זיך אויף זייער ווייטערדיקן לעבן. אַן אויסנאַם זיינען געווען אַ צאָל יחידים, פאַר וועלכע דער קליי־נער בונד איז געוואָרן אַ פאָרשול צום בונד. די בייזע ווינטן פון דער צאַרישער רעאַקציע האָבן אומגעוואָרפן די ביידלעך פון די רעוואָלוציאָ־ניזירטע קינדער און יוגנטלעכע, אָבער די לעגענדע פון זייערע גע־האַנטקייטן איז שטיל אריינגעדרונגען אין די הערצער פון די, וואָס זיינען געקומען נאָך זיי.

נאָך אַ הפסקה פון עטלעכע יאָר ווערט געמאַכט אַ נייער אָנהייב. אין לאַנד הערשט ווייטער די צאַרישע רעאַקציע מיט פּאָליציי, שפּיאָנען, טורמעס און פאַרשיקונג, אָבער עטלעכע הונדערט יידישע יוגנטלעכע — שילער און אַרבעטער — האָבן אין וואַרשע אויפסניי פאַנאַנדערגעוויקלט די רעוואָלוציאָנערע פאָן פון דער יוגנט. דאָס איז שוין נישט געווען קיין אויפברויז אויף אַ רעוואָלוציאָנערן באָדן, נאָר אַ באַוואוסטזיניקער אַקט צו גיין אויף אַ פאַרמעסט קעגן מעכטיקן שונא. ס׳איז געשאַפן געוואָרן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע צוקונפט, וואָס האָט געפירט אַ סיסטעמאַטישע אונטערערדישע טעטיקייט ביז ס׳איז אויף איר געפאַלן

די שווערע אַכזריותדיקע האַנט פון צאַרישן רעזשים. אירע וויכטיקסטע פירער און טוער האָבן באַצאָלט מיט יאָרן טורמע. די אָרגאַניזאַציע האָט ווידער אויפגעלעבט און זיך פאַנאַנדערגעבליט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען די באַדינגונגען פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט זיינען געווען פיל בעסערע, ווי אונטער דער צאַרישער ממשלה, כאָטש אויך דעמאָלט זיינען פיל יוגנט־טוער גע־וואָרן אַרעסטירט און געשמאַכט אין דייטשע טורמעס און געפאַנגען־לאַגערן. פון אָט דער אָרגאַניזאַציע איז אַרויסגעוואַקסן דער יוגנט־בונד צוקונפט אין פוילן, וואָס איז געוואָרן אַ גרויסע יוגנט־באַוועגונג אין דער לענג און ברייט פון לאַנד.

דאָס פּטור ווערן פון רוסישן דעספּאָטישן רעזשים און די פרייערע מעגלעכקייטן אין אומאָפּהענגיקן פוילן האָבן גורם געווען טיפע ענדע־רונגען אין יידישן לעבן. אַ סך ענערגיעס, וואָס זיינען פריער געווען געפּענטעט, זיינען געוואָרן באַפרייט און געקענט זיך אויסווירקן אויף פאַרשיידענע אופנים. די אויפטרייסלונגען אויפן איראָפּעאישן קאָנטינענט, וואָס די וועלט־מלחמה האָט אַרויסגערופן, האָבן זיך געלאָזט פילן אויך ביי דער יידישער באַפעלקערונג. אַלטע, אָפּגעלעבטע פאָרמען און אינהאַלטן זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן, דאָס נייע האָט אומעטום זיך באַמיט צו פאַרנעמען אַן אָרט.

די יוגנט פון דער יידישער אָרימקייט האָט געלעכצט נאָך וועלטלע־כער בילדונג, האָט געשטרעבט זיך אויסלערנען אַ פאַך און זיך פאַר־זיכערן אַ שטיקל מאַטעריעלע עקזיסטענץ. זי האָט געוואוסט, אַז דער דורות־אַלטער יידישער דערציאונג־סיסטעם קען איר קיין וועלטלעכע ביל־דונג נישט געבן און אַז די רייכערע שיכטן — די יידן מיט די מאות און דעות — קימערן זיך ווייניק וועגן גורל פון אונטערוואַקסנדיקן דור אויף די אָרימע גאַסן און געסלעך. זיי האָבן אויך געזען און געפילט די גלייכגילטיקייט און אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט, די שנאה און רישעות מצד די נייע פוילישע מאַכטהאָבער. זי איז דעריבער געקומען צום אויספיר, אַז זי דאַרף איר גורל נעמען אין די אייגענע הענט און זיין קאָנצענטרירט אויף זעלבסט־טעטיקייט. דער צווייטער אויספיר איז געווען — אָפּאָזי־ציאָנעל זיך איינשטעלן לגבי די, וואָס רעגירן אין לאַנד און אין יידישן כלל. און דאָס האָט געמיינט באַהעפטן זיך מיט די מחנות, וואָס האָבן דעם אָפּאָזיציאָנעלן קאַמף געפירט אונטער די אַרבעטער־פענער פאַר סאָ־ציאַליסטישע פאָדערונגען און צילן. דער גרעסטער חלק פון אָט דער יידישער יוגנט האָט געשטראָמט אין די רייען פון יוגנט־בונד צוקונפט.

***

די אַקס פון דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג איז געווען די איינגע־פונדעוועטע, איינפלוסרייכע און גרויסע ס. ד. צוקונפט־אָרגאַניזאַציע אין

װאַרשע, װאָס האָט בײַם סוף פֿון דער ערשטער װעלט־מלחמה געציילט אַרום 1,200 מיטגלידער מיט אַ געניטער, אינטעליגענטער פֿירערשאַפֿט און אַ שלל שפּרודלדיקער ענערגיע. אין יאָר 1916 האָט די אָרגאַניזאַציע אויף אירס אַ קאָנפֿערענץ געלייזט די פֿראַגע װעגן איר באַציאונג מיטן בונד. אין איר סטאַטוט, װאָס זי האָט אָנגענומען, האָט זי אַרײַנגעשטעלט אַ פּונקט, אַז „די אָרגאַניזאַציע געפֿינט זיך אונטער דער אָנפֿירונג פֿון ׳בונד׳ און איז אין די ראַמען פֿון איר טעטיקייט אויטאָנאָם". דאָס האָט געמיינט, אַז בלויז אידייאיש־פּאָליטיש געפֿינט זיך די יוגנט־אָרגאַניזאַציע אונטער דער אָנפֿירונג פֿון בונד, אָבער אין דער פּראַקטישער טאָג־טעג־לעכער טעטיקייט פֿון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע מישט ער זיך נישט. דאָס איז געװען אַ הױפּט־כּלל, װאָס איז אָפּגעהיטן געװאָרן אַלע װײַטער־דיקע יאָרן; נאָך מער, אויך אידייאיש־פּאָליטיש האָט דער בונד נישט אָנגעפֿירט, נאָר די יוגנט גופֿא האָט באַשטימט. פֿאַרן בונד איז נישט געװען די נויטװענדיקייט פֿון אָנפֿירן און באַשטימען, װײַל די ס. ד. יוגנט־אָרגאַניזאַציע צוקונפֿט און שפּעטער דער יוגנט־בונד צוקונפֿט אין פּױלן האָבן אין זייערע רייען פֿאַרמאָגט אייגענע רייפֿע טוער, װאָס זײַנען אויסגעװאַקסן אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע גופֿא און זײַנען מיט זייערע אָנשויאונגען געװען אין אײַנקלאַנג מיט די אײַנשטעלונגען פֿון בונד. װאָס שייך דער מאַסע, נאָך „גריבע" יוגנטלעכע, זײַנען זיי נישט צופֿעליק אַרײַנגעפֿאַלן אין דער מחנה צוקונפֿטיסטן. די גרויסע באַװעגונג פֿון יידישע אַרבעטער, װאָס איז געגאַנגען אונטער דער פֿאָן פֿון בונד, האָט זיי לכתּחילה באַװירקט אַז זיי זאָלן פֿאַר זייער גייסטיקער און געזעל־שאַפֿטלעכער הײם אויסקלײַבן דעם יוגנט־בונד צוקונפֿט.

אין דער זעלבער צײַט, אין די יאָרן פֿון דער ערשטער װעלט־מלחמה, װען אין װאַרשע איז שוין געװען אַ פֿעסטע בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָבן אויך אָנגעהויבן אַנטשטיין און שטעלן די ערשטע טריט יוגנט־גרופּן און יוגנט־קלובן אין אַ צאָל שטעט און שטעטלעך. בײַם סוף פֿון דער מלחמה האָט די װאַרשעװער אָרגאַניזאַציע גענומען אויף זיך די איני־ציאַטיװ צו שאַפֿן אַ לאַנד־פֿאַראייניקונג און אויסבילדן אַ פֿאַרבאַנד פֿון בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין אַלע טיילן פֿון פּױלן. פֿאַר דעם צװעק איז געשאַפֿן געװאָרן אַ ספּעציעלע פּראָװינץ־קאָמיסיע (מיט יוסף ליפּשיץ אַלס פֿאָרזיצער און יוסף גוטגאָלד אַלס סעקרעטאַר) בײַם װאַרשעװער קאָמיטעט, װאָס האָט אין פֿעברואַר 1919 אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַן אייגענעם פּרעסע־אָרגאַן — אַ האַלב־חודשלעכן זשורנאַל סאָציאַליסטישע יוגענד־שטימע. די אַרבעט האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט הצלחה. אין יוני 1919 איז אין װאַרשע, אין בונדישן פּאַרטיי־לאָקאַל, אויף קאַרמעליצקע 29, פֿאָרגעקומען דער ערשטער לאַנד־צוזאַמענפֿאָר.

שוין דער ערשטער צוזאַמענפֿאָר האָט רעפּרעזענטירט אַ גרויסע לאַנד־אָרגאַניזאַציע. באַטייליקט האָבן זיך 55 דעלעגאַטן פֿון 85 אָרטיקע

אָרגאַניזאַציעס מיט 7,214 מיטגלידער (די קלענערע אָרגאַניזאַציעס האָבן געווילט בשותּפותדיקע דעלעגאַטן אויף ראַיאָן־קאָנפערענצן).

„דער עולם דעלעגאַטן איז נישט געווען קיין אייניהייטלעכער. ס'איז געווען אַ געמיש פון לאַנג־יאָריקע געניטע יוגנט־טוער און יוגנטלעכע, אָקאָרשט געקומענע אין דער אָרגאַניזאַציע״... „קיין שטורמישע מאָמענטן זיינען אויפן צוזאַמענפאָר נישט געווען. די אַלגעמיינע שטימונג איז געווען אַ פרייליכע און אַ געהויבענע. אַ יונגער עולם, שטאַרק אידעאַליסטיש געשטימט, האָט ער געהאַט דעם באַוואוסטזיין, אַז עס ווערט געטאָן אַ וויכטיקע היסטאָרישע טאַט. בכלל איז די אַרבעט פון צוזאַמענפאָר אַדורך גלאַטיק, אָן ערנסטע רייבונגען. די פּאָליטישע רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק. פונדעסטוועגן זיינען אייניקע חלוקי־דעות יאָ געווען״ [67].

צוזאַמען מיטן פּראָקלאַמירן די עקזיסטענץ פון דער לאַנד־אָרגאַניזאַציע האָט דער ערשטער צוזאַמענפאָר אויך געדאַרפט באַשטימען איר פּנים, שטעלן איר אויפגאַבן און באַשטימען דעם אינהאַלט פון איר טעטיקייט. נאָך אַ מיינונג־אויסטויש איז בהסכם כולם באַשלאָסן געוואָרן, אַז די אָרגאַניזאַציע דאַרף זיך פאַרנעמען נישט בלויז מיט סאָציאַליסטישער דערציאונג און אויפקלערונג, נאָר אויך מיט פּאָליטישע און עקאָנאָמישע ענינים פון דער יוגנט. אויך די אָרגאַניזאַציאָנעלע פּראָבלעמען האָבן קיין שטרייטן נישט אַרויסגערופן. חלוקי־דעות זיינען יאָ געווען בנוגע צוויי וויכטיקע פּרינציפּיעלע פראַגן.

כמעט אַלע האָבן מסכּים געווען, אַז די יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז אידעאָלאָגיש אַ בונדישע. אָבער ווי אַזוי דאַרפן איינגעשטעלט ווערן די באַציאונגען צווישן דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע און דער פּאַרטיי? אַ טייל, הגם זיי זיינען אַליין געווען אַקטיווע בונדיסטן, האָבן פּאַרטיידיקט דעם געדאַנק פון פולער אומאָפּהענגיקייט. די גרויסע מערהייט איז געווען קעגן אַזאַ איינשטעלונג. מיט 29 שטימען קעגן 6 ביי 7 אָפּגעהאַלטענע (די רעשט 13 דעלעגאַטן האָבן געהאַט בלויז באַראָטונג־רעכט) האָט דער צוזאַמענפאָר באַשלאָסן, אַז די יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז אויטאָנאָם און איר טעטיקייט און געפינט זיך אונטער דער פּאָליטישער אָנפירונג פון בונד (שפּעטער איז נישט געווען קיין איינציקער פאַל, אַז די פּאַרטיי זאָל דיקטירן אָדער וועטאָאירן פּאָליטישע באַשלוסן, וואָס צוזאַמענפאָרן אָדער דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָבן אָנגענומען).

דער צווייטער ענין, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ פּרינציפּיעלן וויכוח, איז געווען וועגן נאָמען. ס'איז געווען אַ פאָרשלאָג, אַז צום פּראָיעקטירטן נאָמען — סאָציאַל־דעמאָקראַטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע צוקונפט אין פּוילן — זאָל אין אָנהייב צוגעשטעלט ווערן דאָס וואָרט: יידישע. נאָך אַ דעבאַטע האָט דער צוזאַמענפאָר מיט אַ מערהייט שטימען דעם פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן.

לסוף האָט דער ערשטער צוזאַמענפֿאָר אויסגעווײלט אַ צענטראַל־קאָמיטעט. צו אים האָבן געהערט: נאַטאַן שאַפּראַן (פֿאָרזיצער), יעקב שלום הערץ (סעקרעטאַר), יוסף ליפּשיץ, יוסף ראַטנער (אַלע פֿון וואַרשע — זיי האָבן געבילדעט דעם עקזעקוטיוו, וואָס האָט געפֿירט די טאָג־טעגלעכע אַרבעט), ד״ר ווילהעלם אַלעקסאַנדראָוויטש (קראָקע), שמואל קרוק (פּנחס שוואַרץ, פּלאָצק), בער י. ראָזען (פֿון וואַרשעווער ראַיאָן), לייב מערקין (בענדינער ראַיאָן), אַבֿרהם ענגלענדער (לובלין) [68].

נאָכן גרינדונג־צוזאַמענפֿאָר איז דער שטח פֿון טעטיקייט אויסגעברייטערט געוואָרן. די ייִדישע סאָציאַליסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין גאַליציע, וואָס האָבן עקזיסטירט נאָך פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אין דער אַלטער עסטרייכישער מלוכה, זיינען פֿאָרמעל צוגעשטאַנען צו דער נייער בונדישער לאַנד־פֿאַראייניקונג פֿון דער יוגנט. ס׳זיינען אויך געשאַפֿן געוואָרן נייע אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע טיילן פֿון דער מדינה. גרויסע שטערונגען האָט מען אָנגעטראָפֿן אויף די מזרח־געביטן, וואו אין די יאָרן 1919 — 1920 זיינען פֿאָרגעקומען די פּויליש־סאָוועטישע קריג־אָפּעראַציעס.

באַלד אין ערשטן יאָר האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע צוקונפֿט אין פּוילן געמוזט קעמפֿן פֿאַר איר עקזיסטענץ מחמת דעם אָנגריף פֿון די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען. די מלחמה צווישן פּוילן און סאָוועט־רוסלאַנד, וואָס איז אויסגעבראָכן נאָכן סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט פֿאַרשאַרפֿט דעם פּוילישן נאַציאָנאַליזם און די רעגירונג־רעפּרעסיעס קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג און נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, בפֿרט קעגן ייִדן.

„די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט געמוזט צוריק אַראָפּ אין אונטערערד. איר פּרעסע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. און איניקע טוער פֿון ׳בונד׳ און פֿון ׳צוקונפֿט׳ האָבן אויך מיט זייער לעבן באַצאָלט. זיי זיינען פֿאַראורטיילט געוואָרן צום טויט דורך פֿעלד־געריכטן אָדער סתם דערמאָרדעט געוואָרן דורך דער צעווילדעוועטער סאָלדאַטעסקאַ. די יונגע צוקונפֿט־אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד האָבן געדאַרפֿט אויסהאַלטן אַ פֿייער־פּראָבע. די צייטונג פֿון דער לאַנד־אָרגאַניזאַציע — סאָציאַליסטישע יוגנט־שטימע איז נאָכן ערשטן מאַי־נומער פֿון יאָר 1920 אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך דער מאַכט און דער רעדאַקציע־לאָקאַל אויף דער סאָלנע גאַס נומער 21 איז פֿאַרחתמעט געוואָרן. אין באַזונדערע שטעט איז פּאָליציי געקומען אין די לאָקאַלן פֿון דער אָרגאַניזאַציע און דאָרט געזוכט און גענישטערט. די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס זיינען דעריבער געווען געצוואונגען צו פֿירן זייער טעטיקייט געהיים. נישט אומעטום איז דער איבערגאַנג צו אומלעגאַליטעט געווען מעגלעך. אין טייל ערטער איז דער טעראָר געווען אַזוי שטאַרק, אַז די אומדערפֿאַרענע יוגנטלעכע האָבן נישט געהאַט גענוג כּוח בייצוקומען די שוועריקייטן. אין אַנדערע

ערטער ווידער האָבן די רעפּרעסיעס אַרויסגערופן נאָך מער ברען און באַגייסטערונג ביי דער יוגנט. וואַרשע, וואָס האָט שוין געהאַט אַ לאַנגע דערפאַרונג פון אומלעגאַלער טעטיקייט אין די צייטן פון צאַריזם און פון דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט באַלד באַוויזן איבערצושטעלן די אַרבעט אויף אַנדערע יסודות. הגם אַן שוועריקייטן איז דאָס נישט אָנגעקומען, ווייל דער אַקטיוויסטער קאַדער טייל איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי״ **).

ווי דער בונד האָט אויך די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע פאַרנומען אַן אויסגעשפּראָכענע קעגנערישע שטעלונג צו דער פּויליש־סאָוועטישער מלחמה. אין דער פּרעסע, אין אויפרופן און אויף פאַרזאַמלונגען האָט זי געפירט אַן אַנטי־מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע. אין מיטן זומער 1920, ווען די פּוילישע אַרמיי איז שנעל אָפּגעטרעטן און די סאָוועטישע חיילות האָבן מאַרשירט אויף וואַרשע, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע אַרויסגעלאָזט אַ שאַרפן אויפרוף. ס׳זיינען שוין געווען טעטיק די פעלד־געריכטן, וואָס האָבן נישט געשפּאָרט קיין טויט־אורטיילן. דאָך האָט מען מיט מסירת־נפש דעם אויפרוף אָפּגעדרוקט און אַ גרופּע פון די סאַמע יינגסטע און דרייסטסטע חברים און חברטעס האָבן פעקלעך אויפרופן געבראַכט צו אַ צאָל אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד.

***

אין די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס זיינען די מיטגלידער געווען צעטיילט אין קרייזן, אָפּהענגיק פון עלטער און אַנטוויקלונג אָדער לויט פאַכן. אין די גרויסע שטעט זיינען אויך געווען קרייזן, וואָס האָבן אַרומגענומען מיטגלידער פון אַ באַשטימטן קוואַרטאַל. אַלע אָנפירנדיקע קערפּערשאַפטן — פון די קרייזן און פון די קאָמיטעטן — זיינען געווען געוויילטע. על פּי כלל פלעגן די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס ווילן ביי׳ע קאָמיטעטן יעדע 6 חדשים. מ׳האָט געוואָלט, אַז אויך די ראַיאָן־קאָמיטעטן און דער צענטראַל־קאָמיטעט זאָלן אָפּטער זיך שטעלן צום משפּט פון די מיטגלידער, אויסהערן זייערע מיינונגען און געבן אַ מעגלעכקייט אַנדערע חברים אַרויסצורוקן זיך אין דער אָנפירונג. דער דעמאָקראַטישער פּרינציפּ האָט באַוועגט דעם צענטראַל־קאָמיטעט צו רופן וואָס גיכער דעם צווייטן לאַנד־צוזאַמענפאָר.

קוים אַ קנאַפּ יאָר נאָכן ערשטן איז אין די טעג פון 22 — 24 מאַי 1920 שוין פאָרגעקומען דער צווייטער צוזאַמענפאָר. ס׳איז שוין געווען די צייט פון פאַרשטאַרקטע רעפּרעסיעס מצד דער רעגירונג און די פּרעסע פון דער צוקונפט־אָרגאַניזאַציע איז שוין געווען פאַרבאָטן. מ׳האָט דעריבער געמוזט זיין פאָרזיכטיק און דעם צוזאַמענפאָר אָפּגעהאַלטן געהיים, אין וואַרשע, אין דער יידישער פאָלקסשול, לאַנגע גאַס 26.

דער באַריכט פון צענטראַל־קאָמיטעט און אַ צאָל אַנדערע פּונקטן

פון טאָג־אָרדנונג האָבן קיין גרויסע חלוקי־דעות נישט אַרויסגערופן. פון זייער זיים האָבן די דעלעגאַטן דערציילט וועגן מצב און די דער־גרייכונגען אויף די ערטער. ס'איז אָבער געווען איין ענין, וואָס האָט אַרויסגערופן טיפע, פּרינציפּיעלע חלוקי־דעות. דאָס איז געווען די פראַגע וועגן אַריינטריט אין קאָמוניסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל.

מיט עטלעכע וואָכן פריער האָט דער צוזאַמענפאָר פון בונד מיט אַ מערהייט שטימען באַשלאָסן אַריינצוטרעטן אין קאָמוניסטישן אינטער־נאַציאָנאַל. ווי אין דער פּאַרטיי, אַזוי איז אויך אין דער יוגנט־אָרגאַני־זאַציע קיין איינשטימיקייט וועגן דעם נישט געווען. דער צוקונפט־צו־זאַמענפאָר האָט מיט אַ מערהייט שטימען זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַריינ־טרעטן אין קאָמוניסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל. דערביי האָט די אָנ־גענומענע רעזאָלוציע באַוואָרנט, אַז ס'דאַרף איינגעהאַלטן ווערן דער אויטאָנאָמער כאַראַקטער פון דער יידישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

דער צווייטער צוזאַמענפאָר האָט זיך פאַרענדיקט מיט אויסוויילן אַ נייעם צענטראַל־קאָמיטעט, אין וועלכן ס'זיינען אַריין דער רוב מיט־גלידער פון ערשטן צ. ק.. די פיר נייער מיטגלידער זיינען געווען: ד״ר עמנואל שערער (קראָקע), ד״ר אָטאָ סאַלאָמאָנדער (לעמבערג), אַבראַשע ווינער און יוסף שקלאַזש (ביידע פון וואַרשע). זיי זיינען אַריין אויפן אָרט פון ד״ר וו. אַלעקסאַנדראָוויטש, ב. י. ראָזען, ל. מערקין און א. ענגלענדער.

די קריג־פראָנטן האָבן שנעל זיך גערוקט נענטער צו דער הויפּט־שטאָט פון פּוילן און דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען אין פיבער פון די מלחמה־געשעענישן. „די מאָביליזאַציע פון די אַקטיווסטע חברים, די אַרעסטן, דאָס לויפן פון איין אָרט צום צווייטן און די קריג־אָפּעראַציעס האָבן אוממעגלעך געמאַכט אַ נאָרמאַלע אַרבעט. צו ברייט און טיף איז אָבער געווען די באַוועגונג, אַז דער שטורעם זאָל זי קענען פאַרניכטן און אָפּמעקן פון דער ערד. אַ צאָל אָרגאַניזאַציעס (צווישן זיי די גרעסטע — וואַרשע און לאָדזש) האָבן אויף קיין איין מאָמענט נישט אָפּגעשטעלט זייער אַרבעט, הגם זיי האָבן די אַרבעט שוין געמוזט פירן שטרענג קאָנספּיראַטיוו״ ⁶⁷).

נאָכן פאַרענדיקן די פּויליש־סאָוועטישע מלחמה איז מען צוגעטרעטן צוריק אויפבויען די צעשטערטע אָרגאַניזאַציעס. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווערער קאַמף פאַר צוריק דעראָבערן די לעגאַליטעט. אין 1920 איז די פּאָליציי צוגעוואוינט געוואָרן צום געדאַנק, אַז די ס. ד. יוגנט־אָרגאַניזאַציע צוקונפט איז אַ פאַרבאָטענע אָרגאַניזאַציע. מ'האָט עס איר געדאַרפט אַרויסשלאָגן פון קאָפּ דורך עקשנותדיק נישט אָפּטרעטן פון פלאַץ און פירן אַ ברייטע טעטיקייט נישט געקוקט אויף די פאַרבאָטן, שטערונגען און רדיפות. גרויסע מאַסן יוגנטלעכע האָבן מאַרשירט אונ־טער די צוקונפט־פענער דעם 1טן מאַי, כאָטש מ'האָט געוואוסט, אַז די

פאַליציי וועט באַפאַלן און ברוטאַל צעטרייבן (אויף פריער, פאַר די רעפּ־רעסיעס, איז די יוגנט־אָרגאַניזאַציע אָפיציעל נישט געווען לעגאַליזירט, אָבער די מאַכט־אָרגאַנען האָבן דעמאָלט נישט געשטערט איר טעטיקייט).

אין גאַנג פון ווידעראויפבוי איז פון 12טן ביזן 15טן יוני 1921 פאָר־געקומען אַ לאַנד־באַראַטונג אין וואַרשע. באַטייליקט האָבן זיך 24 דע־לעגאַטן, וועלכע האָבן פאַרטרעטן 96 אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס.

ביז דעם אַריינמאַרש פון דער סאָוועטישער אַרמיי האָבן אין לאַנד עקזיסטירט 192 אָרגאַניזאַציעס. דער באַריכט פון צענטראַל־קאָמיטעט האָט געזאָגט: „אַ שווערן קריזיס האָט דורכגעמאַכט די באַוועגונג בעת דער אינוואַזיע. דער ווייט־גרעסטער טייל מיטגלידער איז געוואָרן אַריינ־געשלעפּט אין מיליטער. דער דוחק אין טוער, די פּאָליציייאישע רעפּרע־סיעס און דאָס פאַרמאַכן די לעגאַלע אינסטיטוציעס האָבן געצוואונגען כמעט אַלע אונזערע אָרגאַניזאַציעס אָפּצושטעלן אויף אַ קורצער צייט זייער טעטיקייט. אַן אויסנאַם זיינען נאָר געווען געציילטע ערטער, וואָס האָבן מיט אמתן מסירת־נפש אומאויפהערלעך ווייטער געטון זייער אַר־בעט ביי די שרעקלעכסטע באַדינגונגען. דער ווידעראויפבוי־פּראָצעס הייבט זיך אָן ערשט אין נאָוועמבער 1920 מיטן צוריקקער פון די צ. ק.־מיטגלידער פונם מיליטער". אין ווייטערדיקן טייל פון באַריכט איז געשילדערט געוואָרן די טעטיקייט אויף אַ צאָל געביטן. אַן אינטענסיווע טעטיקייט האָבן די אָרגאַניזאַציעס געפירט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען. כמעט אין אַלע ערטער, וואו ס'האָבן עקזיסטירט פּראָפ. פאַר־איינען, זיינען געשאַפן געוואָרן יוגנט־סעקציעס, בראש פון וועלכע עס שטייען צוקונפטיסטן [71]. די באַראַטונג האָט באַטראַכט די פּלענער פון דער ווייטערדיקער טעטיקייט און אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים, ווי אויך וועגן די אונטערהאַנדלונגען מיטן קאָמוניסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל.

איינע פון די שווערסטע אויפגאַבן איז געווען צוריק איינשטעלן די יוגנט־פּרעסע. נאָכן פאַרבאָטן די סאָציאַליסטישע יוגנט־שטימע, וואָס איז דערשינען פון 1טן פעברואַר 1919 ביז דעם 1טן מאַי 1920, האָט די רעגירונג נישט דערלויבט ביז סוף 1922 אַ שטענדיקע צייטונג פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. פאַר דער צייט זיינען דערשינען 15 אויסגאַבעס אונטער פאַרשיידענע נעמען און איניקע פון זיי זיינען קאָנ־פיסקירט געוואָרן. דעם 10טן יאַנואַר 1921 איז אַרויס דער ערשטער נומער פון דעם האַלב־חודשלעכן זשורנאַל אונזער יוגענד־שטימע, אָבער די רעגירונג האָט זי גלייך קאָנפיסקירט און פאַרווערט איר ווייטערדיקן דערשיינען. ערשט דעם 20טן דעצעמבער 1922 האָט אָנגעהויבן אַרויס־גיין דער יוגנט־וועקער, ביז 1926 איין מאָל אַ חודש און פון יאַנואַר 1927 ביז סוף סעפּטעמבער 1939 — צוויי מאָל אַ חודש. ס'זיינען אויך אַרויס איניקע אָרטיקע, נישט־רעגולערע אויסגאַבעס.

אַחוץ אין יידיש האָט מען זיך באַמיט אַרויסצוגעבן אַ זשורנאַל אויך

אין פוילישׁ, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט פאַר דער יוגנט, וועלכע האָט גע־לערנט אין די פּוילישע אָדער אין די פּויליש־יידישע מיטל־שולן. אויך זיי זיינען געפאַלן אַ קרבן פון רעגירונג־פאַרבאָט. ס׳זיינען אַרויס „מלאָדזיעזש סאָציאַליסטיטשנאַ״ (סאָציאַליסטישע יוגנט) 2 נומערן אין 1919, דערשינען אין וואַרשע. די רעגירונג האָט די צייטונג פאַרבאָטן.

„נאָווואַ מלאָדזיעזש״ (נייער יוגנט) אַ זאַמלהעפט, מאַי 1921, וואַרשע.

„וואָלנאַ מלאָדזיעזש״ (פרייע יוגנט), אַ חודש־זשורנאַל אין די ער־שטע צוואַנציקער יאָרן אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר אָטאָ סאַלאַ־מאָנדער. הגם דערשינען אין לעמבערג, האָט דער זשורנאַל געהאַט אַ צענטראַלן כאַראַקטער און איז אַרויס לויטן אויפטראַג פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. דעם צווייטן נומער האָט די רעגירונג קאָנפיסקירט און דעם זשורנאַל בכלל פאַרבאָטן[22].

***

נאָכן צווייטן לאַנד־צוזאַמענפאַר פון דער ס. ד. יוגנט־אָרגאַניזאַציע צוקונפט אין פוילן (1920) האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט געדאַרפט רעאַ־ליזירן דעם באַשלוס וועגן אַריינטרעטן אין קאָמוניסטישן יוגנט־אינטער־נאַציאָנאַל. ער האָט זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיטן עקזעקוטיוו פון יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל און איז איינגעלאַדן געוואָרן צו שיקן אַ דעלע־גאַציע צום צווייטן קאָנגרעס. פרילינג 1921 האָט דער קאָנגרעס זיך אָנגעהויבן אין דער שטאָט יענאַ (דייטשלאַנד). די בונדישע יוגנט־דעלע־גאַציע איז באַשטאַנען פון שלום הערץ און ליטוואַק (אַ יוגנט־טוער פון לעמבערג), ווי אויך פון העלע קלעפפיש אַלס מיטאַרבעטערין פון דער דעלעגאַציע. די דעלעגאַציע, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין קאָנגרעס מיט באַראַטונג־רעכט, האָט צוגעשטעלט אַ מעמאָראַנדום וועגן דער גע־שיכטע און כאַראַקטער פון דער יידישער סאָציאַליסטישער יוגנט־באַוועגונג.

דער קאָנגרעס האָט באַהאַנדלט די ענינים, ווי ס׳האָט פאָרגעזען די טאָג־אָרדנונג: באַגריסונגען, באַריכטן, רעפעראַטן, דיסקוסיעס, קאָמיסיעס א. אַז. וו.. הינטער די קוליסן איז אָבער אָנגעגאַנגען אַ לעבהאַפטער קאַמף. צו אַלעמענס שטוינונג האָט אויפן קאָנגרעס געפעלט אַ דעלעגאַ־ציע פון „קאָמסאָמאָל״ — פון דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין סאָוועט־רוסלאַנד.

נאָך עטלעכע טעג האָט מען צוליב פּאָליציייאישע טעמים דעם קאָנ־גרעס איבערגעטראָגן פון יענאַ קיין בערלין. דאָ איז דער סיכסוך שוין אַוועקגעשטעלט געוואָרן דירעקט פאַר די דעלעגאַטן — די סאָוועטישע פירער פאָדערן דווקא, אַז דער קאָנגרעס זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן אין מאָסקווע. דער גרינדער און סעקרעטאַר פון קאָמוניסטישן יוגנט־אינטער־נאַציאָנאַל, ווילי מינצענבערג, איז געווען קאַטעגאָריש קעגן דעם. ווייל דאָס האָט געמיינט, אַז ביים קאָמוניסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל וועט צוגענומען ווערן דער סכום אומאָפּהענגיקייט, וואָס ער האָט נאָך דעמאָלט

פאַרמאָגט. סוף־כל־סוף האָט מען זיך אונטערגעוואָרפן דעם מאָסקווער באַפעל און דעם קאָנגרעס איבערגעריסן אין מיטן גאַנג. מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט ער זיך אָנגעהויבן אויפסניי שוין אין מאָסקווע. די דעלעגאַציע פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז דאָס מאָל באַ־שטאַנען פון וויקטאָר אַלטער און שלום הערץ, אַלס מיטאַרבעטערין איז אויך געווען העלאַ קלעפּפיש.

אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון קאָנגרעס האָט באַטראַכט דעם ענין פון דער יידישער יוגנט. די קאָמיסיע האָט געדאַרפט באַטראַכטן צוויי ווענ־דונגען: איינע פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע און אַ צווייטע פון דער פּועלי־ציוניסטישער. אין דער קאָמיסיע זיינען געווען דריי שטאַנדפּונקטן: אַ בונדישער, אַ פּועלי־ציוניסטישער און אַ „יעווסעקישער" (פון דער יידישער סעקציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין סאָוועט־רוסלאַנד). דער לעצטער האָט געצילט, אַז די יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס זאָלן אויפהערן צו עקזיסטירן און זאָלן איינגעשלונגען ווערן פון די קאָ־מוניסטישע יוגנט־פאַרבאַנדן. דער שטרייט האָט זיך בעיקר געפירט אַרום דער מאָס פון אויטאָנאָמיע פון דער יידישער יוגנט־באַוועגונג.

אויפן פּלענום פון קאָנגרעס האָט די פראַגע רעפערירט דער פאַר־שטייער פון דער עסטרייכישער קאָמוניסטישער יוגנט — שילער, וועל־כער איז געווען דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע. ער האָט פאַרטיידיקט די מיינונג, אַז ס'איז נישטאָ קיין יידישע נאַציאָנאַלע פראַגע און זיך אַרויסגעזאָגט קעגן די שטאַנדפּונקטן פון בונד און פּועלי־ציון. ער האָט רעקאָמענדירט אָנצונעמען די „יעווסעקישע" פאָרשלאָגן.

וויקטאָר אַלטער האָט באַגרינדעט דעם שטאַנדפּונקט פון בונד אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע און פאַרטיידיקט די פאָרשלאָגן, וואָס האָבן געצילט איינצוהאַלטן אַ יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, כדי צו קענען מיט דערפאָלג אַרבעטן אין דער יידישער סביבה און דערפילן צום בעסטן די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אויפגאַבן פון דער יידישער אַרבעטער־יוגנט.

דער פּועלי־ציוניסטישער פאַרשטייער, אַלפרעד לאַמפּע, האָט לגמרי נישט דערמאָנט דעם ציוניזם און פּאַלעסטינע ווי אַ ליזונג פון דער יידן־פראַגע, נאָר בעיקר גערעדט וועגן דער נישט־נאָרמאַלער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידן און וועגן דער נויטווענדיקייט צו געבן אויף דעם אַן ענטפער. ער האָט אויך אונטערגעשטראָכן, אַז בעת די פּועלי־ציוניס־טישע יוגנט־באַוועגונג איז קאָמוניסטיש, איז די בונדישע יוגנט־באַוועגונג נישט־קאָמוניסטיש, נאָר סאָציאַליסטיש. ס'האָבן נאָך גערעדט אַ מיטגליד פון דער סאָוועטישער דעלעגאַציע און ישראל גייסט (אַ געוועזענער טוער פון ס. ס. — פאַראייניקטע), ווי אַ פאַרשטייער פון דער קאָמוניס־טישער פאַרטיי אין פוילן.

דער קאָנגרעס האָט אָפּגעוואָרפן די בונדישע און פּועלי־ציוניסטי־



ד״ר איגנאַצי אַלעקסאַנדראָוויטש



שמואל מילמאַן



פסח דעמביצער



זיגמונט זשולאַווסקי



יוסף גוטגאָלד



יוסף מאָרגענטאַלער


נאַטאַן שאַפּראַן


יוסף (יאָשקע) ליפּשיץ


אברהם קאַסטעלאַנסקי


שמואל אַדלער


דוד באַטיסט


הערמאַן קרוק

שע פאַרשלאָגן און אָנגענומען דעם רעזאָלוציע־פּראָיעקט פון רעפערענט שילער. וועגן ווייטערדיקן גורל פון די יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָט די רעזאָלוציע דערקלערט: „דער צווייטער קאָנגרעס פון קאָמוניסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל וואַרפט אָפּ דאָס שאַפן אָפּגעזונדערטע יידיש־נאַציאָנאַלע סעקציעס אין קאָמוניסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל".

ש. הערץ האָט אָפּגעגעבן דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער צוקונפט־אָרגאַניזאַציע אַן אויספירלעכן באַריכט פון קאָנגרעס און פון די אָנגענומענע באַשלוסן. דער צ. ק. איז געווען איניק אין דער מיינונג, אַז דער באַשלוס פון קאָנגרעס, וואָס באַטייט אַ פּאַקטישע ליקווידאַציע פון דער יידישער סאָציאַליסטישער יוגנט־באַוועגונג, דאַרף אָפּגעוואָרפן ווערן. וועגן די ווייטערדיקע אויספירן זיינען שוין געווען חלוקי־דעות. די מיינונגען זיינען פאָרמולירט געוואָרן אין צוויי רעזאָלוציעס.

די רעזאָלוציע פון דער מערהייט איז געקומען צום אויספיר, אַז „ביי די געשאַפענע באַדינגונגען קען דער באַשלוס וועגן אַריינטרעטן אין קאָמוניסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל נישט פאַרווירקלעכט ווערן. דער צ. ק. דערקלערט, אַז ער בלייבט ווייטער שטיין אויפן באָדן פון די באַשלוסן פון צווייטן לאַנד־צוזאַמענפאָר וועגן אָנשליסן די אָרגאַניזאַציע אין קאָמוניסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל און וועט ווייטער פירן זיין טעטיקייט לויט די ריכטליניעס, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אויף דעם צוזאַמענפאָר".

די רעזאָלוציע פון דער מינדערהייט איז אידעאָלאָגיש געווען נענטער צום קאָמוניסטישן לאַגער און האָט געמאַכט אַזאַ אויספיר: „צוליב דעם וואָס דער קאָנגרעס פון קאָמוניסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל האָט נישט אָנערקענט די גערעכטע פּרינציפּן פון דער צוקונפט־אָרגאַניזאַציע, שטעלן מיר פעסט: א) מיר בלייבן ווייטער אידייאיש צוזאַמען מיטן קאָמוניסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל; ב) מיר וועלן אָנווענדן אַלע מיטלען צו באַזייטיקן די נאָך עקזיסטירנדיקע שטערונגען צום אָרגאַניזאַטאָרישן אָנשלוס" [73].

**
*

אין אַפּריל 1922 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען דער דריטער לאַנד־צוזאַמענפאָר פון דער ס. ד. יוגנט־אָרגאַניזאַציע צוקונפט אין פּוילן. ס'זיינען געקומען 39 דעלעגאַטן, וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט אָרגאַניזאַציעס אין 112 שטעט. צום ערשטן מאָל זיינען אויך געווען דעלעגאַטן פון די קרעסן (מזרח־פּראָווינצן), וואָס האָבן אויף די פריערדיקע צוזאַמענפאָרן נישט געקענט קומען צוליב דער אומבאַשטימטער מלוכהשער צוקונפט פון יענע געגנטן און צוליב די מלחמה־אָפּעראַציעס.

דער באַריכט האָט דערציילט וועגן די שווערע צייטן, וואָס די באַוועגונג האָט איבערגעלעבט אין די יאָרן 1920 — 21 און וועגן דער אויפבוי־אַרבעט נאָך דער פּויליש־סאָוועטישער מלחמה. כאָטש אין לאַנד

איז שוין פאַרגעקומען אַ געוויסע באַרואיקונג, ליידט נאָך די באַוועגונג פון פּאָליצייאישע שטערונגען און שיקאַנעס.

אַ גאָר וויכטיק אָרט אין לעבן פון די אָרגאַניזאַציעס און אויפן צוזאַמענפאָר האָט פאַרנומען די פראַגע פון קאָמוניסטישן יוגנט־אינטער־נאַציאָנאַל. די ווייט־גרויסע מערהייט מיטגלידער און טוער זיינען געווען פאַר אָפּוואַרפן דעם באַשלוס, וואָס דער צווייטער קאָנגרעס פון קאָמו־ניסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל האָט אָנגענומען בנוגע די יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. ס׳איז אָבער געווען אַ מינדערהייט, וואָס איז געווען גרייט אָנצונעמען יעדן באַשלוס און דירעקטיוו פון מאָסקווע.

ס׳איז לכתחילה געווען קלאָר, אַז דער קאָמוניסטישער יוגנט־אינ־טערנאַציאָנאַל וועט זיך נישט אָפּשטעלן פאַר קיין שום מיטלען אָנצו־וואַרפן זיין ווילן דער צוקונפט־אָרגאַניזאַציע. האָט דאָך אַ פאַרשטייער פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי אין פוילן פאַרגעלייגט אין מאָסקווע איינעם פון דער צוקונפט־דעלעגאַציע הילף אויף אָנצופירן אַ קאַמפּאַניע אין דער אָרגאַניזאַציע פאַר אָננעמען דעם באַשלוס פון מאָס־קווער קאָנגרעס. אַזוי ווי זיי האָבן קיינעם פון די צענטראַלע טוער נישט געקענט געווינען פאַר זייערע פּלענער, האָבן די קאָמוניסטן איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט מיט עטלעכע לאָקאַלע טוער און זיי אַריבערגעוואונען אויף זייער זייט. די וואָס האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אָננעמען דעם מאָסקווער באַשלוס, זיינען אין די ערשטע חדשים פון 1922 אַרויס פון דער אָר־גאַניזאַציע און האָבן געבילדעט אַ „קאָמ. צוקונפט”. עטלעכע חדשים האָט זי געפירט כלומרשט אַ באַזונדערע עקזיסטענץ און איז אין האַרבסט 1922 אַריין אין קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד.

דער דריטער צוזאַמענפאָר פון דער ס. ד. י. אָ. צוקונפט אין פוילן האָט דעם באַשלוס פון מאָסקווער קאָנגרעס, וואָס האָט געצילט צו ליק־ווידירן די יידישע סאָציאַליסטישע יוגנט־באַוועגונג, אַנטשיידן אָפּגע־וואָרפן. די מערהייט פון צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען די שטעלונג פון דער מינדערהייט פון צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס איז געווען אידייאיש נענ־טער צום קאָמ. יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל. די מינדערהייט פון די דעלעגאַטן איז באַשטאַנען פון די, וואָס זיינען געווען פּרינציפּיעל קעגן דאָזיקן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל.

דער דריטער צוזאַמענפאָר האָט אויך אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער ס׳איז אויפסניי פעסטגעשטעלט געוואָרן די ענגע פאַרבינדונג מיטן בונד. די רעזאָלוציע האָט פעסטגעשטעלט די דאָזיקע כללים. 1) די צוקונפט געפינט זיך אונטער דער אָנפירונג פון בונד; 2) די צוקונפט אָנערקענט דעם פּראָגראַם פון בונד; 3) די צוקונפט האָט נישט בלויז אויפגאַבן פון דערציאונג, נאָר איז אויך אַ קאַמף־אָרגאַניזאַציע, זי פירט אָבער נישט קיין זעלבשטענדיקע פּאָליטישע אַקציעס.

אויפן צוזאַמענפאָר איז געווען אַ גרויסע מערהייט פאַר ענדערן

דעם נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע. נישט ביי אַלע דעלעגאַטן זיינען געווען די זעלבע מאָטיוון פאַר דער ענדערונג. אַ טייל האָט נישט גע־וואָלט האָבן אין נאָמען די ווערטער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, וואָס איז אין יענער צייט געווען אַסאָציאירט מיטן רעפאָרמיסטישן פליגל פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אַנדערע האָבן צוליב זייער שטאַרקן בונדישן פּאַטריאָטיזם געוואָלט, אַז שוין אין נאָמען זאָל מאַניפעסטירט ווערן די בונדישקייט פון דער אָרגאַניזאַציע. אַ קלײנע מינדערהייט, וואָס איז געשטאַנען פּרינציפּיעל אויפן באָדן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, איז געווען קעגן משנה שם זיין.

כאָטש אַ גרויסע מערהייט איז געווען פאַר דער ענדערונג, איז קיין ענדגילטיקער באַשלוס נישט אָנגענומען געוואָרן און מ'האָט דעם ענין איבערגעגעבן דעם צענטראַל־קאָמיטעט צו אַנטשיידן. אין סעפּטעמבער 1922, צום 25־יאָריקן יובל פון בונד, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט באַ־שלאָסן, אַז דער נאָמען זאָל זיין יוגנט־בונד צוקונפט אין פּוילן.

נאָכן 3טן לאַנד־צוזאַמענפאָר האָט זיך פאַר דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג אָנגעהויבן אַ שווערער לאַנג־דויערנדיקער קאַמף מיט דעם קאָ־מוניסטישן לאַגער און גלייכצייטיק אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַנאַנדערבויאונג און פאַרטיפונג פון דער אַרבעט. אין אויגוסט 1924 איז פאָרגעקומען אַ לאַנד־באַראַטונג פון יוגנט־בונד צוקונפט אין פּוילן. באַטייליקט האָבן זיך 28 דעלעגאַטן, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט אַלע גרעסערע שטעט און ראַיאָנען. דער יוגנט־בונד האָט דעמאָלט געציילט 7 טויזנט מיטגלידער אין 120 אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס. ס'זיינען צוגעקומען נייע אָרגאַניזאַציעס אין וואָלין, פּאָלעסיע און ווילנער געגנט.

**
*

אין אָקטאָבער 1925 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען דער פערטער לאַנד־צוזאַמענפאָר. די 65 דעלעגאַטן פון אַלע עקן לאַנד האָבן רעפּרע־זענטירט 153 שטעט מיט 5 טויזנט אַקטיווע מיטגלידער און 2 טויזנט אין „גרינע" קרייזן, וואָס זיינען געווען אַ צוגרייטונג־שטופע צו ווערן פול־באַרעכטיקטע מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע. כאָטש די מאַפּע פון די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס איז געוואָרן געדיכטער דורכן אויס־ברייטערן די טעטיקייט אין צענטליקער נייע שטעט און שטעטלעך, איז אָבער די צאָל פון דער מיטגלידערשאַפט געבליבן מער־ווייניקער סטאַביל (ערשט אין די ווייטערע יאָרן איז די צאָל שטאַרק געשטיגן). ס'זיינען געווען עטלעכע סיבות. די הויפּט־סיבה איז געווען דאָס עלטער ווערן. די עלטערע זיינען געוואָרן פּאַרטיי־מיטגלידער — אַרויס פון יוגנט־בונד און אַריין אין בונד. אַפילו צווישן די טוער פון בונד האָבן געוועזענע מיטגלידער פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע שוין געבילדעט אַ היפּשן פּראָ־צענט. אויפן דריטן צוזאַמענפאָר פון בונד אין דעצעמבער 1924 זיינען

21 פון 75 דעלעגאַטן געקומען פון דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג. דער יוגנט־בונד איז געווען אַ לעבעדיקער קוואַל, פון וואַנען ס'האָבן כסדר געשטראָמט צום בונד פרישע יוגנטלעכע קרעפטן.

דער באַריכט פון צענטראַל־קאָמיטעט האָט דערציילט וועגן דער לעב־האַפטער טעטיקייט פון די אָרגאַניזאַציעס. מ'האָט אויך געשאַפן אַ ברייטע נעץ פון קלובן, ביבליאָטעקן, אָוונט־שולן, ספּאָרט־גרופּן, כאָרן, דראַמאַ־טישע קרייזן. (זייער צאָל איז דעמאָלט געווען 50). מ'איז אויך געווען שטאַרק טעטיק אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואו מ'האָט געשאַפן ספּעציעלע יוגנט־סעקציעס. די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן איינגעאָרדנט עפנטלעכע רעפעראַטן, דורכגעפירט צוזאַמענפליען פון דער יוגנט, זיך באַ־טייליקט אין פּאָליטישע אַקציעס און וואַל־קאַמפּאַניעס. אין עטלעכע ערטער האָט מען איינגעשטעלט פאַרבינדונגען מיט די אָרגאַניזאַציעס פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער יוגנט.

אין דער פּראַקטישער טאָג־טעגלעכער אַרבעט זיינען קיין גרויסע חלוקי־דעות נישט געווען, אָבער די מיינונגען בנוגע דעם אינערלעכן שטרייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג זיינען געווען שאַרף צעטיילט. קאָנקרעט האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער שטעלונג צו די עקזיסטירנדיקע אינטערנאַציאָנאַלן — סאָציאַליסטישן, קאָמוניסטישן און אַ ביוראָ פון רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ווי אויך זייערע אַנטשפּרעכנדיקע יוגנט־אינטערנאַציאָנאַלן. דער דריטער צוזאַמענפאָר פון בונד אין פּוילן איז מיט דריי־פערטל יאָר פריער געקומען צום אויספיר, אַז מ'דאַרף זיך מער נישט אָריענטירן אויפן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, נאָר צושטיין צום ביוראָ פון די רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אַן ענלעכן באַשלוס האָט איצט מיט אַ קליינער מערהייט אויך אָנגענומען דער פערטער צוזאַמענפאָר פון יוגנט־בונד צוקונפט אין פּוילן. ווי אין דער פּאַרטיי, אַזוי אויך אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז די מערהייט אין צענטראַל־קאָמיטעט איבערגעגאַנגען פון די „לינקע" צו די „צענט־ריסטן". אַזוי איז שוין געבליבן אויך אין אַלע ווייטערדיקע יאָרן.

הגם די אָרגאַניזאַציע איז געווען שטאַרק צעטיילט אין דער פראַגע פון אינטערנאַציאָנאַל, האָט איר אָבער נישט געדראָט קיין שפּאַלטונג, ווייל סיי די מערהייט און סיי די מינדערהייט האָבן געהאַלטן, אַז העכער פון די חלוקי־דעות שטייט די גאַנצקייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דעריבער האָט דער צוזאַמענפאָר, נאָכן אָננעמען די רעזאָלו־ציע פון דער מערהייט, איינשטימיק באַשלאָסן, אַז פאַר דער יוגנט זיינען פאַרפליכטנדיק די באַשלוסן פון דער פּאַרטיי, פון בונד, בנוגע דעם אינטערנאַציאָנאַל. דער פאַרשטייער פון בונד האָט דערקלערט: דער צענטראַל־קאָמיטעט פון יוגנט־בונד צוקונפט האָט אַדורכגעפירט די פּאָ־ליטישע ליניע פון דער פּאַרטיי. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד נעמט דעריבער אויף זיך די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער טעטיקייט

פון יוגנט־בונד. (דאָס איינציקע מאָל, ווען דער צ. ק. פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אַ „לינקע" מערהייט, איז געווען נאָכן דריטן צוזאַמענפאָר, אָבער במשך פון דער קאָדענץ איז פאָרגעקומען אַן איבערגרופּירונג אין צ. ק. און ער איז געקומען צום פערטן צוזאַמענפאָר מיט אַ צענטריסטישער מערהייט).

חלוקי־דעות זיינען אויך געווען וועגן צוזאַמענאַרבעטן מיט דער יוגנט פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.). די מערהייט איז געווען פאַר, די מינדערהייט — קעגן.

אין דער צווייטער העלפט פון די צוואַנציקער יאָרן איז פאָרגעקומען אַן אָנזעעוודיקער אויפשטייג פון דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג און אַן אויסברייטערונג פון איר טעטיקייט. אין יאָר 1925 האָט דער יוגנט־בונד צוקונפט דורכגעפירט אַן אַנקעטע צווישן דער יידישער אַרבעטער־יוגנט פון 77 שטעט, פון וועלכע ס'זיינען אָנגעקומען 3,889 ענטפערס אויף אַ צאָל פראַגן. די מאַטעריאַלן פון דער אַנקעטע זיינען שפּעטער באַאַרבעט געוואָרן דורך דער עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישער סעקציע פון יידיש־וויסנ־שאַפטלעכן אינסטיטוט און די רעזולטאַטן זיינען פאַרעפנלעכט געוואָרן דורך יעקב לעשטשינסקי. די אַנקעטע האָט געוויזן דעם שווערן לעבנס־מצב פון דער יידישער אַרבעטער־יוגנט. די ביטערניש פון לעבן איז באַדייטנדיק געלינדערט געוואָרן דורך דער גייסטיקער ספערע. פאַראַ־לעל מיט דער העסלעכער ווירקלעכקייט האָט עקזיסטירט אַ גייסטיקע וועלט מיט אָן אַ שיעור פּראָבלעמען, וואָס האָבן פאַרכאַפּט די מוחות און הערצער פון דער יידישער יוגנט. די יידישע אַרבעטער־יוגנט איז קולטורעל געשטאַנען אויף אַ גאַנץ הויכער מדרגה. אַנאַלפאַבעטן זיינען געווען אין אַ מינימאַלער צאָל. אַחוץ סיסטעמאַטישער בילדונג אויף די מיטגלידער־קרייזן, האָט די אָרגאַניזאַציע אין אַ גרויסער צאָל שטעט אויך געהאַט אָוונט־קורסן, וואו יוגנטלעכע אַרבעטער האָבן געהאַט אַ מעגלעכ־קייט צו באַקומען עלעמענטאַרע בילדונג, וואָס זיי האָבן נישט געהאַט אין די חדרים אָדער אין די אָפּיציעלע (פּוילישע) אַלגעמיינע פאָלקס־שולן.

דער צ. ק. פון יוגנט־בונד צוקונפט האָט זיך באַמיט צו סטימולירן און פאַרבעסערן די קולטור־טעטיקייט. מ'האָט אָרגאַניזירט ספּעציעלע רע־פערענטן־שולן און ספּעציעלע קולטור־קאָנפערענצן. די ערשטע קולטור־קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין אַפּריל 1923. געקומען זיינען 61 טוער פון אַ צאָל שטעט. די רעזולטאַטן פון דער ערשטער קולטור־קאָנפערענץ זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַ ביכל „טעזן און מאַטעריאַלן צו דער קולטור־אַרבעט צווישן דער יידישער אַרבעטער־יוגנט" (וואַרשע 1923). מיט דריי יאָר שפּעטער, פּסח 1926, איז פאָרגעקומען די צווייטע קול־טור־קאָנפערענץ פון דער בונדישער יוגנט. דער פאַרנעם איז שוין געווען אַ גרעסערער. 162 דעלעגאַטן זיינען געקומען פון 70 שטעט. רעפעראַטן האָבן געהאַלטן: אַנאַ ראָזענטאַל, הענריק ערליך, וויקטאָר אַלטער, יעקב

פּאָם, יוסף (יאַשקע) ליפּשיץ, פּנחס שוואַרץ, אַלעקסאַנדער מאָסעצקי, לעאָן אָלער. אין די דעבאַטן אַרום די רעפעראַטן האָבן זיך באַטייליקט אַ גרויסע צאָל דעלעגאַטן.

מ׳האָט אַרומגערעדט דעם אינהאַלט און פאָרמען פון דער קולטור־טעטיקייט און סאָציאַליסטישער אויפקלערונג.

**
*

דעם 25 אָקטאָבער 1929 האָט אין וואַרשע זיך אָנגעהויבן דער פינפ־טער צוזאַמענפאָר פון יוגנט־בונד צוקונפט אין פוילן. געקומען זיינען 93 דעלעגאַטן, וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט איבער 10 טויזנט מיטגלידער. דירעקט זיך באַטייליקט אין די וואַלן צום צוזאַמענפאָר האָבן 8,470 מיטגלידער אין 168 שטעט און שטעטלעך. בכלל זיינען דעמאָלט געווען 174 אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס און מיט נאָך 22 ערטער, וואו ס׳זיינען געווען קליינע גרופּעס אָדער יחידים, אָנהענגער פון יוגנט־בונד צוקונפט, איז מען געשטאַנען אין פאַרבינדונג. דאָס לאַנד איז געווען איינגעטיילט אין 17 ראַיאָנען מיט ראַיאָן־קאָמיטעטן. אויפן צוזאַמענפאָר זיינען 23 שטעט געווען רעפּרעזענטירט דירעקט דורך אייגענע דעלעגאַטן, אַנדערע שטעט האָבן דורך זייערע פאָרשטייער געוויילט די דעלעגאַטן אויף די 17 ראַיאָן־קאָנפערענצן. די גרויסע מערהייט דעלעגאַטן איז באַשטאַנען פון אַר־בעטער.

די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך פאַרנומען מיט טעאָרעטישער זעלבסט־בילדונג און גלייכצייטיק מיט טאָג־טעגלעכן קאַמף. די אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען אַקטיוו קעגן דער הערשנדיקער רעאַקציע אין לאַנד און קעגן די נאַציאָנאַליסטיש־שאָוויניסטישע שטימונגען אויף דער יידישער גאַס. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך אָפּגעגרענעצט סיי פון קאָ־מוניזם, סיי פון רעפאָרמיזם אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מיט די קאָמוניסטן איז נישט מעגלעך געווען אַ צוזאַמענאַרבעט, דאַקעגן איז טיילווייז יאָ מעגלעך געווען אַ צוזאַמענאַרבעט מיט דער פוילישער סאָ־ציאַליסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

זומער 1929 האָט דער יוגנט־בונד צוקונפט זיך באַטייליקט מיט 115 זיינע מיטגלידער אין אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענפלי פון דער סאָציאַליס־טישער יוגנט אין ווין (עסטרייך), וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורכן סאָציאַליסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל. ס׳זיינען אויך דורכגעפירט גע־וואָרן אייגענע יוגנט־צוזאַמענפליען אין לאַנד. רעפעראַטן־שולן — צענט־ראַלע און ראַיאָנע — האָבן צוגעגרייט פירער פון קרייזן און טוער אויף פאַרשיידענע טעטיקייט־געביטן. זומער זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן קאָ־לאָניעס, וואו די יוגנט האָט פאַרברענגט עטלעכע וואָכן.

אין דער דיסקוסיע אַרום באַריכט פון צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס עס האָט אָפּגעגעבן זיין סעקרעטאַר, לוציאַן בליט, זיינען געקומען צום אויס־

דרוק די צוויי ריכטונגען, וואָס האָבן געווירקט אין דעם יוגנט־בונד. מיט 53 שטימען קעגן אַ מינדערהייט פון 38 האָט דער צוזאַמענפאָר אַקצעפּ־טירט די באַשלוסן פון אַ פּאָליטישן כאַראַקטער און אויסגעדריקט זיין צוטרוי דעם צענטראַל־קאָמיטעט.

וויקטאָר אַלטער האָט געגעבן אַן אינפאָרמאַטיוון באַריכט פון צ. ק. פון בונד.

וועגן דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע און דער פּראָפעסיאָנעלער יוגנט־באַוועגונג האָט רעפערירט רענע היסטער (הערץ). וועגן צעכן־געזעץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו דער אַרבעטער־יוגנט, האָט רעפערירט מאַוריצי אָזשעך. יוסף (יאָשקע) ליפשיץ האָט רעפערירט וועגן דער קולטור־ און זעלבסט־בילדונג־אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע. נאָך דעם האָבן דעלעגאַטן דיסקוטירט די באַהאַנדלטע פּראָבלעמען.

נאָכן אָננעמען באַשלוסן וועגן אַ צאָל ענינים האָט דער צוזאַמענ־פאָר איינשטימיק געוויילט אַ נייעם צענטראַל־קאָמיטעט פון 15 מיט־גלידער און 8 פאַרטרעטער [34]).

**
*

דער יוגנט־בונד צוקונפט איז געווען אַן אידייאישער צענטער פון ברייטע מאַסן סאָציאַליסטיש־געשטימטער יוגנט און גלייכצייטיק אַן אינ־סטרומענט פון זעלבסט־בילדונג און פון מאַרקסיסטישער אויסשולונג. ער איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געפירט אַקציעס נישט בלויז אַרום ספּעציעלע יוגנט־ענינים, נאָר אויך אַקטיוו זיך באַטייליקט אין פּאָלי־טיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. יעדע אָרטיקע אָרגאַניזאַציע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שאַפנדיקן קאָלעקטיוו. די יוגנטלעכע האָבן אַהין געבראַכט נישט בלויז זייער ריינעם גלויבן און שיינקייט, נאָר אויך זייער אומ־געצוימטע ענערגיע, די אַרויסשפּראָצנדיקע פעאיקייטן און טאַלאַנטן, וואָס ליגן פאַרבאָרגן אין אַ פאָלקס־יוגנט.

אין דער אָרגאַניזאַציע האָט מען געהערט אַ נייעם געדאַנק, האָט מען זיך געקענט קלאָר מאַכן אייגענע ספקות. דאָרטן איז אויך געווען אַ סביבה, וואו ס׳זיינען געשלאָסן געוואָרן פערזענלעכע באַקאַנטשאַפט און פריינטשאַפט. ייִנגלעך און מיידלעך האָבן דאָרטן אויך געפונען זייערע באַשערטע.

ביסלעכווייז האָט זיך פון די צוקונפטיסטן געבילדעט אויספאָרמירן אַ באַזונדערער טיפּ יוגנטלעכער מיט אייגענע באַשטימטע באַגריפן, מיט אַן אייגנאַרטיקן לעבנס־נוסח. אַפילו אין שמועסן אויף נייטראַלע טעמעס האָט מען לויט דעם לשון און געדאַנקען־גאַנג געקענט אויסגעפינען צווישן יוגנטלעכע ווער עס געהערט צום לאַגער פון דער בונדישער יוגנט. זיי האָבן נישט פאַרמאָגט די צערייצטקייט, עמאָציאָנעלקייט און בלינדע גע־האָרכזאַמקייט צו דער פירערשאַפט, ווי ס׳האָט געהאַט די קאָמוניסטישע יוגנט; זיי האָבן נישט געהאַט אין זיך די שאָוויניסטישע געפילן צו די

שכנישע פעלקער און די גרינגשאַצונג צום אָרטיקן יידישן לעבן, וואָס איז געווען ביי דער ציוניסטישער יוגנט; זיי זיינען געווען דער אַנטיפּאָד פון דער אָרטאָדאָקסישער יוגנט, וואָס האָט נאָך געשטעקט מיט די מידות און השגות אין אַלט־פרענקישער יידישקייט. אין יידישן לעבן — מאָדערן־וועלטלעך, אין אַלגעמיינע ענינים פון לאַנד און פון דער וועלט — מיט סאָציאַליסטישע געדאַנקען און שטרעבונגען צו ראַדיקאַלע ענדערונגען, האָט די בונדישע יוגנט געקענט אָביעקטיוו וועגן און מעסטן און מיט פולער אַחריות מאַכן די אויספירן און מוטיק ווירקן. די בונדישע יוגנט־באַוועגונג האָט שטאַרק משפיע געווען דאָס לעבן פון דער יידישער יוגנט.

# 14. אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון

דער בונד איז געווען ענג פאַרבונדן מיט אַ צאָל אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין יידישן אַר־בעטער־לעבן. ער איז געווען זייער איניציאַטאָר, שאַפער און מענטאָר. בונדיסטן האָבן זיי געפירט — פּראַקטיש און אידעאָלאָגיש. דאָס זיינען געווען: פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, יידיש־וועלטלעכע שולן און אַנדערע קולטור־אינסטיטוציעס (וועגן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און וועגן דער קולטור־טעטיקייט זיינען פאַראַן באַזונדערע אָפּהאַנדלונגען אין דעם באַנד), אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון, אַ ביוראָ פאַר רעכט אויף אַרבעט, אַן אַרבעטער־עמיגראַציע־ביוראָ, אַ ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע, אַ פרויען־אָרגאַניזאַציע (יאָף), אַ קינדער־אָרגאַניזאַציע (וועגן די לעצטע פיר — אין אַ וויטערדיקן באַנד).

אין פּוילן איז די אַרבעטער־קאָאָפּעראַציע בכלל געווען אַ יונגע באַ־וועגונג. די ערשטע שוואַכע טריט זיינען געשטעלט געוואָרן אין די יאָרן ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת די פאַרפאָלגטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אונטערן צאַרישן רעזשים האָבן געפּרואווט שאַפן לעגאַלע שטיצ־פּונקטן פאַר זייער טעטיקייט. אין די מלחמה־יאָרן, אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען די פראַגע פון באַשפייזונג איז געוואָרן שאַרף און קריטיש, האָט די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט אין אַ סך שטעט געשאַפן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון און קיכן. אין די ערשטע צייטן פון אומאָפּהענגיקן פּוילן איז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג נאָך מער געוואַקסן ביי די פּוילישע אַרבעטער, אַזוי אויך ביי די יידישע. מחמת די אַרבעטער־באַוועגונג איז געווען געשפּאָלטן, האָט יעדע פּאָליטישע גרופּירונג געשאַפן איגענע קאָאָפּעראַטיוון. דעם 10 — 11 מאַי 1919 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון אין פּוילן, וואו ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ פאַרבאַנד פון אַרבעטער־קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון.

צום פאַרבאַנד האָבן אויך געהערט די קאָאָפּעראַטיוון, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון בונד. זייער צאָל איז אין 1919 געווען 40 און זיי זיינען צווישן זיך געווען פאַרבונדן דורך אַ צענטראַלן סעק־רעטאַריאַט, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען איי־ני־קייט. די צאָל פון זייערע מיטגלידער איז דעמאָלט געווען בערך 20 טויזנט, פון זיי 4 טויזנט אין וואַרשע. אויפן ערשטן אַלגעמיינעם לאַנד־צוזאַמענפאָר איז אויך געווען אַ דעלעגאַציע פון די בונדישע קאָאָפּעראַטיוון און אין דער אָנפירונג פון 19 פּערזאָן זיינען אויסגעוויילט געוואָרן פיר בונדיסטן: וויקטאָר אַלטער,

עזריאל וואַלאַך, לעאָן מיכעלסאָן (אַלע פון וואַרשע) און מאָריצי פאַפּיער (קראַקע).

דעם 8טן מאַי 1920 איז פאָרגעקומען דער צווייטער לאַנד־צוזאַמענ־פאָר פון די אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון אין פּוילן. לויט פּאַרטייאישער אָנ־געהעריקייט האָבן די דעלעגאַטן זיך געטיילט אַזוי: 95 פּוילישע סאָ־ציאַליסטן (פּ. פּ. ס.), 35 קאָמוניסטן, 25 בונדיסטן, 7 פּאַראייניקטע (פֿרייער־דיקע ס. ס.) און 26 אומפּאַרטייאישע. די פּ. פּ. ס. און די אומפּאַרטייאישע זיינען געגאַנגען האַנט אין האַנט און זיי האָבן געשאַפן די מערהייט, וואָס האָט דורכגעפירט די שטרייטיקע באַשלוסן. די פּ. פּ. ס. האָט איבערגענו־מען די אָנפירונג פון פאַרבאַנד — די פאַרלאַנגען פון די יידישע אַרבע־טער־קאָאָפּעראַטיוון זיינען איגנאָרירט געוואָרן.

אין יאָר 1920 האָבן די בונדישע קאָאָפּעראַטיוון שטאַרק געליטן פון רדיפות מצד דער רעגירונג. „אין גאַנץ פּוילן איז נישטאָ קיין איין איינציקער קאָאָפּעראַטיוו ,איניקייט', וואָס זאָל נישט האָבן געהאַט אַרעס־טירטע פאַרוואַלטונג־מיטגלידער אָדער אָנגעשטעלטע. אַ גאַנצע ריי פון זיי זיינען געווען פאַרווערט אויף אַ געוויסער צייט, אַ פּאָר זיינען געווען געצוואונגען אײַנגאַנצן צו ליקווידירן זיך"[57]).

אין 1920 האָבן די קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זיינען געווען אָנגעפירט פון בונד און פאַראייניקטע, געשאַפן אַ בשותפותדיקן צענטער א. ג. אַלגעמיי־נער קאָאָפּעראַטיווער פּראָפּאַגאַנדע־סעקרעטאַריאַט אין פּוילן. צום סוף 1920 איז דער סעקרעטאַריאַט געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט 62 קאָאָ־פּעראַטיוון. ביי די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוון האָבן אויך עקזיסטירט 14 בע־קערייען, 1 שוסטער־ווערקשטאַט און 1 רעסטאָראַן. אין וואַרשע, לאָדזש, ביאַליסטאָק און טשענסטאָכאָוו האָבן די קאָאָפּעראַטיוון פון בונד און פאַראייניקטע אין די יאָרן 21 — 1920 זיך פאַראייניקט. די פּרואוון צוציען אויך די קאָאָפּעראַטיוון פון די פּועלי־ציון האָבן קיין הצלחה נישט געהאַט.

נאָך אַ קאַמף פון העכער 2 יאָר איז אין 1922 געלונגען דורכצופירן אַ באַשלוס, אַז דער אַלגעמיינער פאַרבאַנד פון די אַרבעטער־קאָאָפּעראַ־טיוון זאָל אויך זאָרגן וועגן דער געזעלשאַפטלעך־דערציערישער טעטי־קייט צווישן די יידישע אַרבעטער. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן ביי דעם פאַרבאַנד אַ יידישע סעקציע, וואָס וועט ווערן געוויילט דורך די פאָרשטייער פון די יידישע אַרבעטער און זיין אויטאָנאָם אין איר טעט־טיקייט. דער בודזשעט זאָל געדעקט ווערן דורך דעם אַלגעמיינעם פאַר־באַנד.

אין מערץ 1923 האָבן בונדיסטן געשאַפן אַ נייע קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציע — די אַרבעטער־קרעדיט־צענטראַלע, וואָס איז געוואָרן אַ וויכטיקער פינאַנציעלער שטיצפּונקט פאַר די קאָאָפּעראַטיוון און אַנדערע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס.

די אַרבעטער־קרעדיט־צענטראַלע האָט געגעבן אירע אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס הלוואות אויף צוטריטלעכע באַדינגונגען און פאַר זיי אויסגעפירט אַנדערע פינאַנציעלע אָפּעראַציעס.

די אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון בכלל און די יידישע בפרט האָבן אין זייער טעטיקייט זיך אָנגעטראָפן אויף זייער גרויסע שוועריקייטן. א גרויסער טייל פון די, וואָס זיינען געוואָרן מיטגלידער אין די יאָרן פון דער מלחמה און אין דער ערשטער צייט פון דער פוילישער אומאָפּהענגיקייט, זיינען אָפּגעפאַלן. זיי זיינען נישט געקומען צוליב דער קאָאָפּעראַטיווער אידייע, נאָר מחמת דעם דוחק פון פּראָדוקטן אין יענעם פּעריאָד און ווען די אַפּראָוויזאַציע איז געוואָרן אַ נאָרמאַלע, זיינען זיי אַוועק. אַ צאָל קאָאָפּעראַטיוון האָבן זיך געמוזט שליסן צוליב דער שטאַרקער קאָנקורענץ פון די פּריוואַטע קרעמער און צוליב דעם עקאָנאָמישן קריזיס.

די אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון האָבן איבערגעלעבט אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן און אידייאישן קריזיס אויך פון אַן אַנדערן כאַראַקטער. סוף 1924 האָט דער אַלגעמיינער פאַרבאַנד פון אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון באַשלאָסן צו פאַראייניקן זיין איינקויף־שטעלע מיט דער זעלבער אינסטיטוציע פון קליינבירגערלעכן קאָאָפּעראַטיוון פאַרבאַנד ספּאָלעם. די אַרבעטער־קאָאָפּעראַציע האָט געדאַרפט איינהאַלטן איר זעלבשטענדיקן אָרגאַניזאַציאָנעלן צענטער אין דער פאָרם פון רעוויזיע־פאַרבאַנד פון אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון. אָבער אין אָנהייב 1925 האָט ספּאָלעם שוין געצוואונגען, צוליב פינאַנציעלע טעמים, צו ליקווידירן דעם באַזונדערן רעוויזיע־פאַרבאַנד. די קאָאָפּעראַטיוון פון די יידישע אַרבעטער האָבן זיך קעגנגעשטעלט, אָבער די מערהייט פון די פוילישע אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון האָבן די ליקווידאַציע־פּאָדערונג אָנגענומען. לויט אַן אָפּמאַך מיטן אַלגעמיין־פוילישן קאָאָפּעראַטיוון פאַרבאַנד איז ביי דער אַרבעטער־קרעדיט־צענטראַלע געשאַפן געוואָרן אַ רעוויזיע־פאַרבאַנד פון די יידישע אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון, וועלכער האָט געהאַט די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן אין די קאָאָפּעראַטיוון די קאָנטראָל און לוסטראַציעס מצד אינסטרוקטאָרן, וואָס קענען יידיש און זיינען באַקאַנט מיט די באַדינגונגען פון יידישן לעבן [76]).

אין 1925 האָבן בונדיסטן אָנגעפירט מיט 20 קאָאָפּעראַטיוון געוועלבער (פון זיי 9 אין וואַרשע), 2 רעסטאָראַנען, 2 בעקערייען און 4 אַרבעטער־ווינקלען.

# 15. די בונדישע פרעסע

דעם 6טן דעצעמבער 1918 האָט אין וואַרשע אָנגעהויבן אַרויסגיין אַ טעגלעכע בונדישע צייטונג. איר ערשטער נאָמען איז געווען לעבנס־פראַגן. מיט געצוואונגענע הפסקות און אונטער פאַרשיידענע נעמען, צוליב די פאַרבאָטן פון דער פוילישער רעגירונג, איז זי דערשינען ביז דעם 23טן סעפטעמבער 1939.

ביים סוף 1918 האָט די בונדישע פרעסע שוין געהאַט הינטער זיך אַ געשיכטע פון 22 יאָר. ביז 1903, ווען די צאַרישע רעגירונג האָט דערלויבט אַ יידישע צייטונג אין רוסלאַנד (דער פריינד), איז די בונדישע פרעסע (דער צענטראַל־אָרגאַן די אַרבייטער שטימע און 5 לאָקאַלע בלעטער) במשך פון 5 און אַ האַלב יאָר געווען די איינציקע, וואָס איז אין דער רוסישער אימפּעריע דערשינען אין דער יידישער שפּראַך. דאָס איז געווען אַן אומלעגאַלע פרעסע, געזעצט און געדרוקט אין אונטערערדישע דרוקערייען. אַדאַנק דער בונדישער אומלעגאַלער פרעסע האָט די צאַרישע רעגירונג באַשלאָסן אָפּצונעמען דעם פאַרבאָט אויף צייטונגען אין דער יידישער שפּראַך. — יידן לייענען דאָך סיי ווי די צייטונגען פון רעוואָלוציאָנערן בונד, האָבן מלוכה־פירער געטענהט, זאָל מען דערלויבן אַ יידישע צייטונג, וואָס וועט אַרויסגיין אונטער דער השגחה פון דער צענזור. „דער 'זשורנאַל' (פּראָטאָקאָל) פון אַ מיניסטאָרן־באַראַטונג אין פּעטערבורג פאַרצייכנט דעם מאָטיוו צוליב וועלכן ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו דערלויבן אַ טעגלעכע יידישע צייטונג (דער פריינד): כדי צו באַקעמפן די ווירקונג פון דער בונדישער אומלעגאַלער פרעסע" [77].

נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905, ווען ס'זיינען שוין געווען באַדינגונגען פון אַ באַגרענעצטער פרעסע־פרייהייט, האָט דער בונד אין די יאָרן 1906 און 1907 אַרויסגעגעבן לעגאַל אַ טעגלעכע צייטונג (אין ווילנע) און שפּעטער — נאָכן רעגירונג־פאַרבאָט — וואָכנבלעטער און אַנדערע פּעריאָדישע אויסגאַבעס. אין 1917, נאָך דער צווייטער רוסלענדער רעוואָלוציע, איז די בונדישע פרעסע אין רוסלאַנד שטאַרק זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן (מיט 2 טעגלעכע צייטונגען אין מינסק און קיעוו) און האָט פאַרענדיקט איר עקזיסטענץ אונטערן טעראָר פון דער באָלשעוויסטישער דיקטאַטור. אין וואַרשע איז אין די יאָרן 1916 — 1918, אונטער דער דייטשער מיליטערישער אָקופּאַציע, אַרויסגעגאַנגען דאָס וואָכנבלאַט לעבנס־פראַגן.

די בונדישע טאָג־צייטונג, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע צווישן ביידע וועלט־מלחמות, איז נישט געווען קיין פּריוואַטע אונטערנעמונג. אַרויסגעגעבן האָט זי די פּאַרטיי און דער גאַנצער רעדאַקציע־פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון פּאַרטיי־מיטגלידער. אויספירנדיק די פונקציע פון אַ נאָרמאַלער טעגלעכער צייטונג פאַר אַ ברייטן עולם לייענער, האָט זי אָבער אידעאָלאָגיש און פּאָליטיש זיך געהאַלטן אין די ראַמען פון פּראָ־גראַם און באַשלוסן פון בונד (אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד אין פּוילן). צווישן די מיטאַרבעטער און אַרויסגעבער (די פּאַרטיי) זיינען קיינמאָל נישט געווען קיין סכסוכים און קאָנפליקטן.

די פאָלקס־צייטונג (צוליב באַקוועמלעכקייט וועלן מיר די צייטונג אַזוי רופן, הגם זי האָט פיל מאָל געמוזט זיך משנה שם זיין — דער דאָזיקער נאָמען, מיט די צוגאָבן אונזער און נייע, האָט זיך געהאַלטן צום לענגסטן) האָט זיך בולט אונטערגעשיידט פון אַלע אַנדערע יידישע צייטונגען אין פּוילן. נישט בלויז מיט די אידייאישע און פּאָליטישע פּאָזיציעס, וואָס זי האָט פאַרנומען אין די וויכטיקסטע פראַגן פון אַלגע־מיינעם און יידישן לעבן. ווי אַ צייטונג איז זי געווען אַנדערש.

בעת די אַנדערע יידישע בלעטער האָבן זיך פאַרגעשטעלט ווי כלל ישראל־צייטונגען און פאַקטיש זיך אָריענטירט אויפן בירגערטום און קליינבירגערטום, איז די פאָלקס־צייטונג אָפיציעל און פאַקטיש געווען אַן אַרבעטער־צייטונג. אירע לייענער זיינען געווען אַרבעטער, אָנגע־שטעלטע, אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ, אָרימע בעלי־מלאָכות און ראַדיקאַ־לע פאָלקס־שיכטן. די פאַראינטערעסירונגען פון אירע לייענער זיינען אין אַ גרויסער מאָס געווען אַנדערע. אַחוץ די אַלגעמיינע ידיעות פון לאַנד און אויסלאַנד, ווי אויך וויכטיקע געשעענישן פון יידישן לעבן, וואָס ס'האָבן געבראַכט אַלע צייטונגען, האָט די פאָלקס־צייטונג אויך געהאַט איר אייגנאַרטיקן מאַטעריאַל: אינפאָרמאַציע און פּראָבלעמען פון דער יידישער, פּוילישער און אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער אונטערשייד איז געווען נישט בלויז אין דער טעמאַטיק, אין צוקלייבן דעם מאַטעריאַל, נאָר אויך אין דער באַלויכטונג, אַרגומענטאַ־ציע און טאָן. די פאָלקס־צייטונג איז געווען אין אָפּאָזיציע צו דער פּאָ־ליטיק, אינלענדישער און אויסלענדישער, פון אַלע אָן אויסנאַם רע־גירונגען פון אומאָפּהענגיקן פּוילן אין די יאָרן 1919 — 1939. זי האָט עס גאַנץ קלאָר און, ווען נייטיק, אויך גאַנץ שאַרף געבראַכט צום אויס־דרוק אין די אַרטיקלען, אינפאָרמאַציעס און אין די „קעפּ" און „קעפּלעך". און מיט דעם האָט זי זיך איינגעקויפט די לאַנגע קייט פון צרות און פּרעגיות, מיט וועלכער זי איז געווען געצוימט און געשלאָגן די גאַנצע צייט פון איר עקזיסטענץ. אַלס סאָציאַליסטן און יידן, האָבן די שרייבער פון דער פאָלקס־צייטונג אַנדערש נישט געקענט רעאַגירן און אָפּשאַצן די פּאָליטיק פון די רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע פּוילישע רעגירונגען,

ווי ס'איז געווען נאַטירלעך די רעאַקציע פון דער פוילישער מאַכט אויף דער אָפּאָזיציאָנעלער „חוצפה" פון די בונדישע שרייבער.

די טענות און קריטיק פון דער פאָלקס־צייטונג זיינען געווען אויף צוויי פלאַכן: אַן אַלגעמיין סאָציאַל־פּאָליטישע און אַ יידישע. אין די אַרטיקלען האָט מען אַרויסגעבראַכט די קעגנערשאַפט צו דער רעגירונג־פּאָליטיק אויפן סאָציאַל־עקאָנאָמישן געביט, וועלכע איז בישט געווען לטובת דער אָרימער באַפעלקערונג. גלייכצייטיק האָט מען קריטיקירט די אַנטי־דעמאָקראַטישע מאַכינאַציעס. היות אַנטי־יידישע דיסקרימינאַציע איז געווען אַ סטאַבילע דערשיינונג און אָנפאַלן אויף יידן זיינען פאָר־געקומען גאַנץ אָפט, האָט מען געמוזט כסדר וועגן דעם שרייבן — פּראָ־טעסטירן און רופן צום ווידערשטאַנד.

אין די אַלגעמיינע סאָציאַל־עקאָנאָמישע ענינים האָבן די בירגער־לעכע יידישע צייטונגען נישט געקענט האָבן די זעלבע טענות, ווי ס'האָט געהאַט די סאָציאַליסטישע פּרעסע. פאַרקערט, פון געוויסע רעגירונג־באַשלוסן זיינען זיי געווען צופרידן, אַנדערש אין יידישע ענינים. די עוולות און נגישות לגבי יידן זיינען געווען אַזוי ווייטאָגדיק און פער־מאַנענט, אַז קיין שום יידישע צייטונג, אַפילו אַ מער לאָיאַלע, האָט נישט געקענט שטילשווייגן. אָבער אויך דאָ איז די שטים פון דער פאָלקס־צייטונג, מחמת איר אַלגעמיינער אָפּאָזיציאָנעלער איינשטעלונג, געווען שטאַרקער און שאַרפער. ביי איר איז נישט געווען קיין שום אילוזיע, אַז דורך שתדלנות און זעלבסט־באַגרענעצונג וועט מען קענען ענדערן די אַנטיסעמיטישע רעגירונג־פּאָליטיק.

**

דאָס יידישע לעבן איז געווען דיפערענצירט. אין די שטרייטן און אינטערעסן־צוזאַמענשטויסן איז די פּאָזיציע פון דער פאָלקס־צייטונג אָפט געווען קעגנזעצלעך צו דעם, וואָס ס'האָבן געשריבן די אַנדערע יידישע צייטונגען. אויך אין די ענינים פון יידישן לעבן האָט זי גערעדט מיט אַן אָפּאָזיציאָנעלן טאָן, אַטאַקירט אַלטע פאָרמען און געוואוינהייטן, און געשטעלט אַנדערע אויפגאַבן.

די פאַרוועלטלעכונג פון יידישן לעבן, וואָס איז געווען באַזונדער שטאַרק ביי די ייִנגערע דורות, האָט אין דער בונדישער פּרעסע גע־האַט דעם קאָנסעקווענטן פאַרקעמפער און הייסטן פאַרטיידיקער. דער אַלט־פרומקישער רעליגיעזער לעבנס־שטייגער איז אָפט געקומען אין צוזאַמענשטויס מיטן נייעם, מיטן וועלטלעכן. דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף די שפּאַלטן פון דער פאָלקס־צייטונג, וואָס איז געווען אַ צד אין אידייאישן שטרייט. זי האָט הייס געשטיצט די יידיש־וועלטלעכע פאָלק־שולן, די ביבליאָטעקן און קולטור־געזעלשאַפטן אין די שטעט און שטעט־לעך. אויף אירע שפּאַלטן זיינען כסדר געקומען די מאָנונגען און פאָ־דערונגען, אַז די מלוכה און די מוניציפּאַליטעטן זאָלן אָנערקענען און

שטיצן די יידיש־וועלטלעכע שולן און אָפּשטעלן די רעפּרעסיעס און שי־קאַנעס לגבי זיי.

די פאָלקס־צייטונג האָט פאַרטיידיקט דעם בונדישן געדאַנק, אַז פּוילן איז נישט אַ מלוכה פון איין נאַציע, נאָר פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַלי־טעטן, ווייל בערך אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג באַשטייט פון נאַציאָ־נאַלע מינדערהייטן. און זיי קומט, אַחוץ גלייכע בירגער־רעכט, אויך נאַציאָנאַלע רעכט, געוויסע פאָרמען פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. וואָס שייך די יידן, וואָס האָבן נאָך די אוקראַינער געבילדעט די צווייט־גרעסטע נאַציאָנאַלע מינדערהייט, דאַרף מען זיי געבן נאַציאָנאַל־קולטו־רעלע אויטאָנאָמיע. כל־זמן דאָס איז נישט דערגרייכט, דאַרף מען פאַר־וועלטלעכן די אַלטע יידישע קהילות דורך אַרויסנעמען פון זיי די רע־ליגיעזע פונקציעס.

אַן אָנזעעוודיק אָרט האָט אין דער צייטונג פאַרנומען דער קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט. די יידן זיינען געווען באַגרענעצט אין זייערע באַשעפטיקונגען. זיי האָבן נישט געהאַט קיין צוטריט צו דער גרויסער צאָל אַמטן און שטעלעס פון דער מלוכה און מוניציפּאַליטעטן, זיי זיינען אויך נישט באַשעפטיקט געוואָרן אין די מלוכהשע און מוניציפּאַלע אונ־טערנעמונגען. על־פּי־כלל האָבן פּוילישע פּריוואַטע אונטערנעמער נישט באַשעפטיקט קיין יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. און אַ גאַנץ היפּשע צאָל גרויסע יידישע פאַבריקאַנטן האָבן אויך אַזוי שענדלעך געהאַנדלט. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן פון די יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע האָבן געפירט אַ קאַמף קעגן אָט דער דיסקרימינאַציע. זייערע טענות און פאָדערונגען, זייערע אויפקלערונגען און אַקציעס זיי־נען געקומען צום אויסדרוק אין דער פאָלקס־צייטונג.

נישט אַ צייטונג פאַר אַלע יידן האָט זי געוואָלט זיין. זי איז גע־ווען פאַר דעם אָרימען, דעם אַרבעטנדיקן און וועלטלעכן ייד. מיט זיינע פּראָבלעמען און צרות האָט זי זיך פאַרנומען, אים האָט זי דעם וועג געוויזן. נישט בלויז מיט גייסטיקע און פּאָליטישע ענינים האָט מען זיך באַשעפטיקט, פיל פּלאַץ האָבן אויך פאַרנומען די „קליינע" זאַכן, וואָס זיינען געווען לעבנס־וויכטיק פאַר גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג.

דער אָרימער ייד און אַרבעטס־מענטש האָבן זיך באַוועגט אין אַן ענגן, פאַרכישופטן דרייעק, ווי אַ לוין־געמער, קאָנסומער און לאָקאַטאָר. אָפן און דעצידירט איז די בונדישע צייטונג געשטאַנען אויף דער זייט פון אַרבעטער קעגן באַלעבאָס אין די פאַרשיידענע קאָנפליקטן, וואָס זיי האָבן געהאַט. אין די יאָרן פון שטאַרקער געלט־אינפלאַציע און שפּייז־שפּעקולאַציע, ווען דער אָרימער איז מיט יעדן טאָג אויטאָמאַטיש נאָך אָרימער געוואָרן, איז די פאָלקס־צייטונג געווען די טריבונע פון די גע־ליטענע. און יעדער אָרימער ייד האָט געוואוסט, אַז ווען מ'וואַרפט אים אַרויס פון דירה פאַר נישט צאָלן קיין דירה־געלט, קען ער מיט

זיין ווי־געשריי קומען אין דער בונדישער צייטונג און דורך איר צו דער ברייטער עפנטלעכקייט. אַפילו רעליגיעזע יידן זיינען מיט זייערע דאגות און צרות געקומען אין דער אַפּיקורסישער צייטונג, דורך איר אַנקלאָגן און מאָנען גערעכטיקייט, ווייל „די פאָלקס־צייטונג שטעלט זיך איין פאַרן אָרימאַן".

ווי אַ צייטונג מיט אַן אויסגעשפּראָכענער אידעאָלאָגיע, איז איר אויסגעקומען צו פירן אַ סך שטרייטן און קריטיקירן אַנדערע שיטות ביי יידן. די הויפּט־קעגנער, קעגן וועלכע מ'האָט אָפט פּאָלעמיזירט, זיינען געווען די ציוניסטן און אָרטאָדאָקסן. אויך די פאָלקיסטן און אַסימילאַטאָרן זיינען נישט געבליבן אומבאַמערקט. דאָס זעלבע די ווירטשאַפטלעכע און קולטור־אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געווען אונטער דער השפעה פון די בירגערלעכע ריכטונגען, אָדער די צאָלרייכע פילאַנ־טראָפּישע חברות. די קריטיק און פּאָלעמיק האָבן געהאַט צו טאָן אי מיט זייער אידייאישער איינשטעלונג, אי מיט די פּראַקטישע ענינים פון זייער טעטיקייט. די פאָלקס־צייטונג האָט נישט געהאַלטן פון פאַר־שוייגן לשם „שלום־בית" דאָס אַלץ, וואָס זי האָט באַטראַכט פאַר עוולות, אומאָרנטלעכקייט און אָפּגעשטאַנענקייט אַפילו ווען מ'האָט געוואָלט פאַר דעם געפינען אַ „נאַציאָנאַלן" אָדער „רעליגיעזן" זכות.

***

די יידישע צייטונגען זיינען דערשינען 6 מאָל אין וואָך, שבת — נישט. אַן אויסנאַם איז בלויז געווען דער נאָש פּשעגלאָנד, אַ פּראָ־ציו־ניסטישע צייטונג אין דער פּוילישער שפּראַך, וואָס יידן האָבן אַרויס־געגעבן.

שבת איז געווען אַ רו־טאָג ביי יידן, ביי פרומע אָרטאָדאָקסן — שבת־קודש. וועלטלעכע יידן האָבן, נאַטירלעך, נישט געהאַלטן פון די אַלע רעליגיעזע דינים בנוגע שבת. באין־ברירה האָבן אויך די פרומע געמוזט שלום מאַכן מיט דעם פּאַקטישן מצב. דאָ און דאָרט האָבן „שומרי־שבתניקעס" נאָך געפּרואווט מיט כוח אָנוואַרפן זייער ווילן, אָבער קיין דויערנדיקע פּעולה האָט עס נישט געהאַט, ווייל די יינגערע דורות און דאָס יידישע לעבן זיינען כסדר אַלץ מער און מער פאַרוועלטלעכט גע־וואָרן.

דעם 15טן דעצעמבער 1923 האָט די פאָלקס־צייטונג אָנגעהויבן דער־שיינען 7 טעג אַ וואָך — אויך שבת. אָרטאָדאָקסישע פּאַנאַטיקער האָבן אָנגעהויבן אַ מלחמת־מצווה. אין די שבתים זיינען זיי אויף די וואַרשעווער גאַסן באַפאַלן און געשלאָגן צייטונג־פאַרקויפער און צעריסן די צייטונ־גען. יידישע אַרבעטער זיינען אַרויס אין פאַרטיידיקונג און די פּאַנאַ־טישע „שומרי־שבתניקעס", וואָס האָבן אַפילו מיטגעבראַכט צו הילף רעליגיעז־זינדיקע „שטאַרקע", האָבן סוף־כל־סוף געמוזט אויפגעבן דעם פּלאַן צו פאַרטרייבן די צייטונג פון דער גאַס מיט גוואַלט.

וועגן די אָנפאַלן פון די „שומרי־שבתניקעס" האָט די פאָלקס־צייטונג געשריבן: „חילול שבת געשעט שוין אין יידישן לעבן אויף יעדן טריט און שריט. בפרהסיה פאָרן יידן אין די טראַמווייען שבת; בפרהסיה שטייען הונדערטער יידישע קראָמען אָפן; בפרהסיה רויכערן יידן און בפרהסיה קויפן זיי אַלץ, וואָס זיי דאַרפן שבת". ס׳איז אויך אָנגעוויזן געוואָרן, אַז די „שומרי־שבתניקעס" רעאַגירן נישט, וואָס יידן גיבן אַרויס און פאַרשפּרייטן שבת אַ צייטונג אין דער פּוילישער שפּראַך [78].

נאָך אַ צוויי חדשים האָט דער וואַרשעווער ראַבינאַט זיך מצרף געווען צו דער אַקציע. דעם 14טן פעברואַר 1924 האָט ער אויסגערופן אַ חרם אויף דער שבתדיקער צייטונג. אין די בתי־תפילות האָט מען אויסגעקלעפּט אַ קול־קורא מיט די שאַרפסטע ווערטער פון טאַדלונג. אין אים איז געווען געזאָגט, אַז די צייטונג איז „אסור צו לייענען, באַרירן און דערנענטערן" [79].

די רעדאַקציע האָט פאַראורטיילט דעם אַקט פון ראַבינאַט, ווי אַן אויפלעבונג פון אַ מיטלאַלטערלעכן מיטל צו דערשטיקן פרייהייט ביי יידן און האָט דערקלערט, אַז דער חרם וועט נישט אָפּהאַלטן פון ווייטער אַרויסגעבן די צייטונג שבת. ס׳איז דערביי אָנגעוויזן געוואָרן, אַז די יידישע בירגערלעכע פרעסע חנפט זיך צום קלעריקאַליזם און האָט נישט קיין מוט אַנטשיידן אַרויסטרעטן קעגן די נישט־דערלאָזבאַרע מעשים פון די כלי־קודש. די בונדישע צייטונג איז געקומען צום אויספיר: „ס׳איז דעריבער נישט קיין מליצה, נישט קיין אַגיטאַציע־אויסדרוק, ווען מיר זאָגן, אַז דער איינציקער פּראָגרעסיווער כוח אין אונזער לעבן, איז נאָר דער יידישער אַרבעטער־קלאַס, אַז נאָר ער איז דער טרעגער פון קולטור, פון ליכט, פון באַנייאונג אין אונזער לעבן. דער יידישער אַרבעטער האָט נישט קיין שום גרונט צו שאַנעווען די יידישע טראַדיציע. פאַרקערט, ער שפּירט אויף שריט און טריט, ווי אָט די טראַדיציע שטייט אים אין וועג, ווי זי באַשווערט זיין קאַמף, ווי זי ווערט קונציק אויסגענוצט קעגן אים פון אַלע זיינע פיינט און קעגנער". יידישע אַרבעטער האָבן אָפּגעהאַלטן פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען קעגן חרם [80].

נישט די אָנפאַלן פון די „שומרי־שבתניקעס" און נישט דער חרם פון וואַרשעווער ראַבינאַט זיינען געווען בכוח צו צווינגען, אַז שבת זאָל די צייטונג נישט אַרויסגיין. אין אַ צייט אַרום האָט עס געטאָן אַן אַנדערער „כוח". די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער צייטונג איז געווען אַ גאָר שלעכטע און די קאָלפּאָרטאַציע האָט אָנגעטראָפן אויף גרויסע שוועריקייטן, ווייל די פּראָפעסיאָנעלע יידישע צייטונג־פאַרשפּרייטער זיינען שבת נישט געשטאַנען אין גאַס מיט זייערע צייטונג־שטעלעכלעך. פּערמאַנענט זיך באַנוצן מיט פרייוויליקע פאַרקויפער איז אויך געווען שווער. האָט מען דעריבער שפּעטער דעם שבת־נומער אויפגעהערט אַרויסגעבן, אָבער נישט אויף שטענדיק.

נאָך אַ הפסקה פון איבער 6 יאָר האָט די פאָלקס־צייטונג באַנייט די שבת־אויסגאַבע. געווען איז עס דעם 2טן מאַי 1931. דאָס איז שוין נישט געענדערט געוואָרן ביזן סאַמע סוף (סעפּטעמבער 1939). ווען די שבת־דיקע נומערן האָבן זיך ווידער באַוויזן, האָבן די „שומרי־שבתניקעס" געפּרואווט באַנייען זייער ווידערשטאַנד, אָבער ס'איז געווען בלויז אַ שוואַכער עכאָ פון דער ערשטער אַקציע אין די יאָרן 1923 — 1924. זיי האָבן גיך איינגעזען די אויסזיכטלאָזיקייט פון זייערע באַמיאונגען און זיינען שטיל געוואָרן. אַפילו אין דער טיפּסטער פּראָווינץ האָבן די בונדיסטן נישט געהאַט, אַחוץ ווייניקע אויסנאַמען, קיין שטערונגען, ביים פאַרשפּרייטן די פאָלקס־צייטונג אין די שבתים און יום־טובים.

**
*

גאָר ברייט און בפרטיות האָט אויף די שפּאַלטן פון דער צייטונג זיך אָפּגעשפּיגלט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. פאַר די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע איז די צייטונג תמיד געווען אָפן צו ברענגען צו דער עפנטלעכקייט זייער טעטיקייט, זייערע פאָדערונגען, שטרייקן און אַנדערע אַקציעס. דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערן וועגן די פּראָלעטאַרישע קולטור־געזעלשאַפטן, ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס, קאָאָפּעראַטיוון, עמיגראַציע־ביוראָ און אַנדערע אַרבעטער־קערפּערשאַפטן. אויך שילדערונגען פון יידישן אַרבעטער־לעבן זיינען אָפט געדרוקט געוואָרן. און ווייל קיין איינהייטלעכקייט איז אין דער יידישער אַרבעטערשאַפט, ווי בכלל ביי יידן, נישט געווען, איז אויך דאָס געקומען צום אויסדרוק.

אַ סך אָרט האָט אין דער פאָלקס־צייטונג פאַרנומען דער קאַמף קעגן דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. קאָנסטרוקטיווע אויפגאַבן און צילן אין יידישן לעבן האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי זיך נישט געשטעלט. פאַר איר איז בלויז געווען וויכטיק אידעאָלאָגיש און פּאָליטיש צו באַווירקן די פאָלקס־מאַסן און באַהערשן זייערע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס. היות די הויפּט־באַזע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז געווען די אַרבעטערשאַפט, האָט זי אויף דעם פראָנט בעיקר קאָנצענטרירט איר אויפמערקזאַמקייט און אירע אַטאַקעס.

בלויז די פאָלקס־צייטונג האָט געפירט אַ סיסטעמאַטישע אויפקלערונג קעגן דער פאַרדאַרבנדיקער השפּעה און דעסטרוקטיווע מעשים פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. הגם אין די קאָמוניסטישע רייען זיינען אויך געקומען זין און טעכטער פון בירגערלעכע און קליינבירגערלעכע היימען, איז אָבער די קאָמוניסטישע מלחמה געפירט געוואָרן צווישן דער אַרבעטערשאַפט. אירע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און קולטור־געזעלשאַפטן האָט מען געוואָלט דעראָבערן, אירע פּאַרטייען שפּאַלטן, אירע פירער, טוער און אידעאָלאָגיעס באַשמוצן. די פאַראיינען פון יידישע

סוחרים, קליינהענדלער, האַנטווערקער, ווירטסלייט און אַנדערע בירגער־לעכע און קליינבירגערלעכע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען פריי פון די קאָמוניסטישע אָנגריפן און דעסטרוקטיווע טעטיקייטן. איז דעריבער די קאָמוניסטישע באַוועגונג געווען מחוץ דעם אינטערעסן־קרייז פון די בירגערלעכע יידישע צייטונגען. זייער זעלטן האָבן זיי וועגן איר געשריבן. די פאָלקס־צייטונג האָט געברענגט צו דער עפנטלעכקייט די צעשטערערישע אַרבעט פון די קאָמוניסטן און קריטיש באַלויכטן זייערע טעאָריעס, באַשלוסן און טאַקטיק.

זי האָט ברייט אינפאָרמירט אויך וועגן דער באַוועגונג פון דער פוילישער אַרבעטערשאַפט — אירע פּראָבלעמען און טעטיקייטן. אָפט איז איר אויסגעקומען אַרויסצוברענגען איר קריטישע באַציאונג צו געוויסע באַשלוסן און האַנדלונגען פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.), וואָס האָט פאַרנומען אַ מער קאָמפּראָמיסלעכע שטעלונג צו געוויסע פוילישע רעגירונגען און האָט טייל מאָל נישט געהעריק געהאַנדלט בנוגע יידישע ענינים.

אינפאָרמאַציע און אָפּהאַנדלונגען וועגן דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַנדערע לענדער זיינען געווען אַ כסדרדיקע רובריק אויף די שפּאַלטן פון דער צייטונג. אין די אַרטיקלען איז געקומען צום אויסדרוק די קריטישע שטעלונג צו דער רעפאָרמיסטישער אידעאָלאָגיע און טאַקטיק פון אַ גרויסער צאָל סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען און פון סאָציאַליסטישן אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל.

שאַרף באַלויכטן זיינען געוואָרן די סכנות, וואָס עס האָבן געברענגט מיט זיך דער פאַשיזם, נאַציזם און אַנדערע רעאַקציאָנערע שטרעמונגען — סכנות פאַר די פעלקער בכלל און פאַר יידן בפרט.

**
*

די צייטונג האָט געפירט אַ שווערן קאַמף פאַר איר עקזיסטענץ. צוויי פאַרשיידנאַרטיקע פאַקטאָרן האָבן זי כסדר באַדראָט: פון איין זייט — די אָרימקייט פון אירע לייענער, פון דער צווייטער זייט — די רדיפות מצד דער רעגירונג.

אָנגעהויבן אַרויסגעבן די צייטונג האָט מען אָן שום קאַפּיטאַל און אָן אַן אייגענער דרוקעריי. געזעצט און געדרוקט האָט מען זי אין דער דרוקעריי פון דער משפחה ראָם, וואָס האָט זיך געפונען אין הויף פון דער זעלבער משפחה אין וואַרשע אויף נאַוואָליפּיע 7 (די ראָמס זיינען פריער געווען באַוואוסטע יידישע פאַרלעגערס און געהאַט אַ גרויסע דרוקעריי אין ווילנע). ס'איז אָבער נישט געווען קיין תכלית אַרויסצוגעבן אַ טאָג־צייטונג אין אַ פרעמדער דרוקעריי, האָט דער בונד זי אָפּגעקויפט. דאָס געלט פאַר דעם צוועק האָט געשאַפן אין אַמעריקע וולאַדימיר מעדעם אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן. במשך די נאַנטסטע יאָרן האָט

מען די אַלט־פראַנקישע דרוקעריי מאָדערניזירט. מ'איז איבערגעגאַנגען פון האַנט־זאַץ צו מאַשין־זאַץ און אויך אַריינגעשטעלט אַ בעסערע און גרעסערע ראָטאַציע (דרוק)־מאַשין. אין דעם האָט אַ סך מיטגעהאָלפן ברוך טשאַרני־וולאַדעק, דער פאַרוואַלטער פון ניו־יאָרקער פאָרווערטס (פריער אין רוסלאַנד איז ער געווען אַ באַוואוסטער בונדישער טוער). די מאָדערניזירטע און אויסגעברייטערטע דרוקעריי האָט אויך געקענט טון אַרבעט פאַר אַנדערע אויסגאַבעס (אין איר האָבן די ערשטע יאָרן פון זייער עקזיסטענץ, ביז זיי האָבן זיך געקאָנט שטעלן אויף אייגענע פיס, זיך געדרוקט דריי אַנדערע טאָג־צייטונגען: די יידישע צייטונג אין דער פוילישער שפראַך נאַש פשעגלאָנד, דער אָרגאַן פון אגודת־ישראל — דאָס יודישע טאָגבלאַט און אונזער עקספרעס).

די באַרמאַלע הכנסות — פון אַבאָנענטן, גאַסן־פאַרקויף, און אַנאָנסן — האָבן וויט נישט געקלעקט אויף צו דעקן די הוצאות פון דער צייטונג. אירע לייענער זיינען געווען אָרימע מענטשן, אַ גרויסער טייל פון זיי אַרבעטלאָזע. האָבן פיל פון זיי די צייטונג נישט געקענט קויפן. זיי האָבן זי געלייענט אין די קלובן און לייען־זאַלן אָדער האָבן געקויפט אַ צייטונג בשותּפות. די צאָל פון זעלבשטענדיקע קויפער און אַבאָנענטן איז מחמת דעם געווען אַ באַגרענעצטע.

אויך די הכנסה פון אַנאָנסן איז געווען אַ באַגרענעצטע. די פירמעס אָדער זייערע אַגענטורן, וואָס האָבן געגעבן אַנאָנסן אין דער פּרעסע, האָבן געטענהט, אַז די אָרימע לייענער פון דער פאָלקס־צייטונג פאַרמאָגן נישט קיין קויף־קראַפט, דעריבער לוינט נישט צו דרוקן דאָרט די אַנאָנסן. אַן אויסנאַם זיינען בלויז געווען געציילטע פירמעס, וואָס האָבן געזוכט די קונים פון די אָרימע שיכטן, און די שיף־געזעלשאַפטן, ווייל דער רוב עמיגראַנטן איז באַשטאַנען פון אַרבעטער און אָרימע פאָלקס־מענטשן.

אויף עטלעכע אופנים האָט מען זיך אַן עצה געגעבן: די אַרבעט־לוינען פון פּערסאָנאַל זיינען געווען קלענערע, ווי אין די אַנדערע צייטונגען. ס'איז דערביי געווען אַ גראַדאַציע: דער גרעסטער אונטערשייד איז געווען ביי די שרייבער, דער קלענסטער ביי די זעצער און דרוקער. און ווען ס'איז בכלל נישט געווען צו צאָלן און מ'האָט געמוזט וואַרטן וואָכן אויפן לוין, זיינען די שרייבער ווידער געווען די לעצטע. ווען דער דעפיציט און די חובות האָבן שוין גאָר שטאַרק געדריקט, האָט מען זיך אַרויסגעהאָלפן מיט געלט־זאַמלונגען — ביי די לייענער... מ'האָט פּראָקלאַמירט אַן אַקציע פאַרן פּרעסע־פאָנד. די מיטגלידער און סימפּאַטיקער פון בונד האָבן געגעבן זייערע ביישטייערונגען. בלויז אַ זייער קליינע צאָל האָבן געקענט געבן באַדייטנדיקע סומעס, דער גרויסער רוב האָבן אַריינגעטראָגן איינצלנע זלאָטעס, וואָס איז פאַר זיי דאָך געווען אַ גרויסע אָנשטרענגונג. טייל האָבן עס פּשוט אָראָפּגענומען פון זייער

הונגער־בודזשעט. די צוגעבונדנקייט און טריישאַפט צו דער צייטונג זיינען געווען אַזוי שטאַרק, אַז אירע לייענער האָבן נישט געקענט שטיין אין אַ זייט בעת אַ הילף־אַקציע. די זאַמלונגען פאַרן פרעסע־פאָנד זיי־נען געווען פאַרבונדן מיט ספּעציעלע פּרעסע־טעג: די מיטגלידער פון בונד און פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָבן דעמאָלט אַליין פאַרקויפט אויף די גאַסן די צייטונג און אויך געגאַנגען פון שטוב צו שטוב צו שאַפן נייע לייענער. און ווען דאָס אַלץ איז נאָך געווען ווייניק, איז צוגעקומען די הילף פון אויסלאַנד. פון צייט צו צייט האָבן בונדישע פירער באַזוכט אַמעריקע און אַנדערע לענדער, וואו זיי האָבן צווישן בונדיסטן און פריינט פון בונד דורכגעפירט געלט־זאַמלונגען, וואָס אַ טייל פון זיי איז געווען באַשטימט פאַרן פּרעסע־פאָנד. דאָס אַלץ צוזאַ־מען האָט געהאָלפן באַלאַנסירן דעם וואַקלדיקן בודזשעט פון דער פאָלקס־צייטונג. די לעצטע יאָרן איז געווען אַ געפיל, אַז עקאָנאָמיש איז די עקזיסטענץ פון דער צייטונג „געזיכערט".

אין די דרייסיקער יאָרן האָט זיך פאַרגרעסערט די השפעה פון בונד און ס'האָבן זיך מער פאַרפעסטיקט זיינע אייגענע און קרובישע אָרגאַ־ניזאַציעס. צוזאַמען מיט דעם איז אויך געוואַקסן די צאָל לייענער פון דער פאָלקס־צייטונג.

אַ געוויסע ראָל אין דער פאַרבעסערונג פון עקאָנאָמישן מצב האָט אויך געשפּילט דער פאַקט, וואָס די אונטערנעמונג איז פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ קאָאָפּעראַטיוו. אין ערשטן צענטליק יאָר האָט פון די כסדר־דיקע דעפיציטן זיך אָנגעזאַמלט אַ באַרג חובות. אין די ערשטע דריי־סיקער יאָרן איז די לאַגע געוואָרן אומדערטרעגלעך. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דער ווירטשאַפטלעכער באַלעבאַטישקייט, און דאָס האָט זיך אויסגעווירקט לטובה.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט גענומען אויף זיך אויסצו־צאָלן אַלע פריערדיקע חובות און דער קאָאָפּעראַטיוו פון גאַנצן פּערסאָ־נאַל — פון רעדאַקציע, דרוקעריי און אַדמיניסטראַציע — האָט איבער־גענומען די אחריות פאַר דער געשעפטלעכער פירונג פון דער צייטונג. וואָס שייך דער רעדאַקציע און אירע מיטאַרבעטער, זיינען קיין שום ענדערונגען נישט געמאַכט געוואָרן. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט ווייטער איינגעהאַלטן זיין רעכט צו באַשטימען דעם צוזאַמענשטעל פון דער רעדאַקציע און די אַלגעמיינע ריכטליניעס פון דער צייטונג. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט באַוויזן צו סאַנירן די ווירטשאַפט פון דער אונטערנעמונג. אַגב, אויך די אַנדערע יידישע צייטונגען זיינען איבער־געגאַנגען צום סיסטעם פון קאָאָפּעראַטיוון.

**
*

אַ סך געפּערלעכער פאַרן קיום פון דער צייטונג זיינען געווען די רדיפות און נגישות פון הערשנדיקן רעזשים. רעגירונגען האָבן זיך

געביטן, אָבער נישט געביטן האָט זיך דער סיסטעם פון האַלטן די פּרעסע אין אַ צוים און אונטערדריקן אַלץ, וואָס די רעגירונגס־מאַכט האָט נישט געוואָלט, אַז ס׳זאָל דערגיין צו דער עפנטלעכקייט. אַלע צייטונגען זיינען געווען אונטער דער השגחה פון דער צענזור, אָבער קיין איינע פון זיי — סיי פּוילישע, סיי יידישע — האָט נישט אַזוי פיל געליטן און געצאָלט אַזאַ טייערן פּרייז פאַר אָפּאָזיציאָנעלקייט, ווי די בונדישע טאָג־צייטונג.

די צייטונג איז קאָנפיסקירט געוואָרן הונדערטער מאָל און איז בערך אַ צענטליק מאָל פאַרבאָטן געוואָרן בכלל צו דערשיינען. דעמאָלט האָט מען זי אָנגעהויבן אַרויסגעבן אונטער אַן אַנדערן נאָמען.

אונטערן נאָמען לעבענס־פראַגען האָט די טאָג־צייטונג אָנגעהויבן דערשיינען דעם 6טן דעצעמבער, 1918. שוין דעם 18טן יאַנואַר 1919 האָט די רעגירונג אָפּגעשטעלט די צייטונג, פאַרחתמעט די רעדאַקציע, אַדמיניסטראַציע און דרוקערייַ, אַרעסטירט דעם רעדאַקציע־סעקרעטאַר וויקטאָר שולמאַן, דעם בוכהאַלטער ישראל פעלדמאַן און בערך 15 אַרבעטער פון דרוקעריי־פּערסאָנאַל [81]). די צייטונג האָט ווידער אָנגעהויבן דערשיינען דעם 31טן יאַנואַר 1919, דעם 23טן מערץ 1920 האָט די רעגירונג זי פאַרבאָטן.

מיט אַ טאָג שפּעטער האָט אויף איר אָרט אָנגעהויבן אַרויסגיין די צייטונג אונטערן נאָמען אַרבייטער שטימע, אָבער שוין דעם 28טן אַפּריל 1920 האָט די רעגירונג אויך זי פאַרבאָטן. דעם לאָקאַל פון דער רעדאַקציע האָט מען פאַרחתמעט און דעם פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר משה (מאָוריצי) אַזשעך אַרעסטירט. פון 29טן אַפּריל ביז דעם 13טן מאַי 1920 איז די צייטונג יעדן טאָג אַרויס אונטער אַן אַנדערן נאָמען: אַרבייטער־טאָג, אונזער טאָג, נייער טאָג, נייער אַרבייטער טאָג, אַרבייטער־פראַגען און אַנדערע נעמען. פון 14טן מאַי ביז דעם 8טן יולי 1920 האָט זי שוין געטראָגן דעם נאָמען — נייע אַרבייטער־שטימע. אויך זי האָט געהאַט דעם זעלבן גורל: זי איז געוואָרן פאַרבאָטן, דעם רעדאַקציע־לאָקאַל האָט די רעגירונג פאַרחתמעט און דעם פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר יודל פונק האָט מען אַרעסטירט. מיט אַ טאָג שפּעטער איז די צייטונג אַרויס אונטער דעם נאָמען טאָג־פראַגען. דעם 16טן יולי 1920 איז אַרויס דער ערשטער נומער פון די צייט, אָבער נאָך דעם זעלבן טאָג איז געקומען אַ פאַרבאָט. דעם 27טן יולי 1920 האָט מען ווידער געמאַכט אַ פּרואוו מיט צייט־פראַגען, אָבער נאָכן דריטן נומער האָט מען אויך די דאָזיקע אויסגאַבע פאַרבאָטן און די פאַראַנטוואָרטלעכע רעדאַקטאָרין, מאַניע עליאַש, אינטערנירט.

וויטער אַרויסגעבן די טאָג־צייטונג איז שוין נישט געווען מעגלעך. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגע הפסקה אין דערשיינען פון דער בונדישער טאָג־צייטונג. אָנשטאָט איר איז מיט גרויסע שוועריקייטן און

אַפּטע קאָנפיסקאַציעס אַרויסגעגאַנגען אַ פּעריאָדישע פּרעסע — וואָכנ־בלעטער, חודש־בלעטער און זאַמלהעפטן.

די טאָג־ציַיטונג האָט געקענט אָנהייבן ווידער אַרויסגיין ערשט דעם 1טן סעפּטעמבער 1922. איר נאָמען איז געווען פאָלקס־ציַיטונג, וואָס איז זינט דעם 25טן נאָוועמבער 1921 אַרויס ווי אַ וואָכנבלאַט און איז פון נומער 15 דערשינען 2 מאָל אַ וואָך. אויך זי האָט קיין אריכת־ימים נישט געהאַט. דעם 18טן אַפּריל 1923 איז זי פאַרבאָטן געוואָרן.

מיט אַ טאָג שפּעטער, דעם 19טן אַפּריל האָט זיך באַוויזן די נייע ציַיט, אָבער מער ווי אַ חודש האָט זי זיך נישט געקענט האַלטן — דעם 18טן מאַי 1923 האָט די רעגירונג זי אָפּגעשטעלט. נאָך איר איז אַרויס איין מאָל אונזער ציַיט.

די ווייטערדיקע רינג אין דער קייט איז געווען אונזער פאָלקס־ציַיטונג, וואָס האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין דעם 23טן מאַי 1923 און זיך געהאַלטן אויף דער אויבערפלאַך ביזן 15טן יאַנואַר 1926. דעם 17טן יאַנואַר איז אַרויס איין נומער פאָלקס־ציַיטונג.

נייע פאָלקס־ציַיטונג איז געווען דער לעצטער נאָמען פון דער בונדישער טאָג־ציַיטונג. דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 18טן יאַנואַר 1926. איר האָט זיך שוין איינגעגעבן צו האַלטן ביזן סאַמע סוף, הגם זי איז אָפט קאָנפיסקירט געוואָרן. זי האָט איבער 2 וואָכן אויך געהאַט אַ געצוואונגענעם איבעררייס. דעם 5טן אָקטאָבער 1932 האָט די רעגירונג פאַרחתמעט די דרוקעריי פון דער ציַיטונג און אוממעגלעך געמאַכט זי זאָל קענען דערשיינען. די רוגזה פון דער רעגירונג איז געקומען פון דעם, וואָס אין יענער ציַיט איז אַרויסגעגאַנגען אַ סאָציאַליסטישע נאָכמיטאָג־ציַיטונג אין דער פּוילישער שפּראַך — פּיסמאָ צאָדזשעננע (Pismo Codzienne). דאָס איז געווען אַן אויסגאַבע פון בונדיסטן, אין וועלכער ס'האָבן אויך מיטגעאַרבעט פּוילישע סאָציאַליסטן. זי האָט פאַרנומען אַ קריטישע שטעלונג צו דער רעגירונג־פּאָליטיק. די רעגירונג האָט באַיין אופן נישט געוואָלט, אַז יידישע סאָציאַליסטן זאָלן ריידן צו דער פּוילישער גאַס און דאָרט וועקן אָפּאָזיציאָנעלע שטימונגען. היות די פּוילישע ציַיטונג איז געדרוקט געוואָרן אין דער בונדישער דרוקעריי, האָט די רעגירונג אויסגעקליבן דעם וועג פון ליקווידירן זי. זי האָט אַראָפּגעשיקט אַ טעכנישע אויספאָרשונג־קאָמיסיע, וואָס האָט כלומרשט געפונען פעלערן אין דער דרוקעריי. ערשט דעם 22טן אָקטאָבער 1932 האָט די נייע פאָלקס־ציַיטונג ווידער געקענט אָנהייבן דערשיינען.

איר איז געווען באַשערט צו זיין די לעצטע — און במשך פון 10 טעג די איינציקע — יידישע ציַיטונג אין וואַרשע, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער חורבן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער לעצטער נומער איז אַרויס דעם 22טן סעפּטעמבער 1939 — ערב יום־כיפור

אין דער באַלאַגערטער און באַמבאַרדירטער שטאָט וואַרשע. אַ ווייטער־דיקער נומער האָט שוין נישט געקענט אַרויסגיין, ווייל צוליב דער צע־שטערונג פון דער עלעקטראָווניע איז מער נישט געווען קיין עלעקטרי־שער שטראָם צו טרייבן די ראָטאַציע־מאַשין (די אַנדערע יידישע צײַ־טונגען האָבן צוליב די באַמבאַרדירונגען אויפגעהערט צו דערשיינען מיט 10 טעג פריער — ערב ראש השנה [42]).

די פאַרשיידענע נעמען, וואָס די בונדישע טאָג־צײַטונג האָט אין די יאָרן 1918 — 1939 געהאַט, זיינען על פי רוב געווען נעמען פון צײַטונ־גען, וואָס דער בונד האָט אַרויסגעגעבן אין די צייטן פון דער רוסיש־צאַרישער ממשלה [43].

***

די פּילמאַליקע פאַרבאָטן און קאָנפיסקאַציעס זיינען מצד דער רעגי־רונג געווען אַ רעאַקציע אויף דער אַלגעמיינער אָפּאָזיציאָנעלער איינשטע־לונג פון דער צײַטונג. די צענזור האָט קאָנפיסקירט גאַנצע אַרטיקלען אָדער טיילן פון זיי. פיל קאָנפיסקאַציעס זיינען געקומען צוליב אַ „נישט כשרע" ידיעה. אָדער ס'האָט געהאַט צו טאָן מיט רעפּרעסיעס לגבי דער אַרבעטערשאַפט, אָדער לגבי דער יידישער באַפעלקערונג. קאָנפיסקאַ־ציעס פון לעצטן מין האָבן זיך שטאַרק פאַרמערט אין די דרייסיקער יאָרן, ווען סיי די פיינטלעכע רעגירונג־פּאָליטיק לגבי יידן, סיי די כולי־גאַנישע אַנטי־יידישע עקסצעסן זיינען געוואָרן שאַרפער.

„די יאָרן 1936 — 1938 זיינען געווען פאַר דער פאָלקס־צײַטונג די ביטערסטע צייט אין איר גאַנצער געשיכטע. אין משך פון יאָר 1937 איז די צײַטונג קאָנפיסקירט געוואָרן אַ מאָל 70 — 80. אין פעברואַר 1937 איז די צײַטונג 6 מאָל קאָנפיסקירט געוואָרן, אין מאַי 1937 — 10 מאָל, אין יוני 1937 — 11 מאָל אאַז"וו. געווען טעג, ווען די צײַטונג איז קאָנפיסקירט געוואָרן צוויי מאָל"... „געווען וואָכן, ווען די צײַטונג איז קאָנפיסקירט געוואָרן טאָג נאָך טאָג. צום ביישפּיל: דעם 15טן, 16טן, 17טן און 18טן יוני"... „מ'האָט קאָנפיסקירט די צײַטונג פאַר פּאָליטישע אַרטיקלען, פאַר רעזאָלוציעס פון צונויפקונפטן, פאַר נייעס וועגן פּאָגראָמען אויף יידן, פאַר רעדעס פון בונדישע ראַטמענער אין שטאָט־ראַט, פאַר ידיעות וועגן דורכגעפירטע אַרעסטן, פאַר מאַי־אויפ־רופן, פאַר באַריכטן פון געריכט־פּראָצעסן, פאַר קאָרעספּאָנדענציעס פון קליינע שטעטלעך, פאַר פּרעסע־איבערזיכטן, פאַר באַריכטן פון פּאָליטישע מיטינגען, פאַר פאַדערן צו פאַרקויפן וואָפן צו די סאָציאַליסטן אין שפּאַניע, פאַר קריטיקירן היטלערן אאַז"וו [44]).

ווען אַ נומער איז קאָנפיסקירט געוואָרן, האָט די פּאָליציי צוגענו־מען אַלע אָפּגעדרוקטע עקזעמפּלאַרן, וואו נאָר זי האָט זיי געקענט כאַפּן (אין דער דרוקעריי, אויף דער באַן און פּאָסט, ווי אויך ביי די גאַסן־פאַרקויפער, סיי אין וואַרשע, סיי אין אַנדערע שטעט). אין אַזאַ פאַל האָט

מען אָפּגעדרוקט אַ צווייטע אויפלאַגע מיט ווייסע פלעקן אויפן אָרט פון קאָנפיסקירטן מאַטעריאַל. אין טייל ציַיטן האָט די צענזור געביטן דעם סיסטעם. זי פלעגט פריער טעלעפאָנירן אין די רעדאַקציעס און אָנזאָגן וועלכע ידיעות מ׳זאָל נישט געבן. אויב אָבער מ׳האָט צוליב אַן אַרטיקל אָדער אַן אַנדערער סיבה פאַרט קאָנפיסקירט די צייטונג, האָט מען געהייסן אַרויסלאָזן די צייטונג אָן ווייסע פלעקן און אָן דער אויפשריפט, אַז ס׳איז אַ צווייטע אויפלאַגע נאָך דער קאָנפיסקאַציע. די צענזור האָט נישט געוואָלט, אַז די אָפּטע קאָנפיסקאַציעס זאָלן רייסן די אויגן.

איינער פון די צענזאָרן איז געווען בלויז אַ פאַרטרעטער — זונטאָג און אין די קריסטלעכע חגאות. אַן אָפּיצער אין דער פוילישער „דעפענסיווע״ (געהיים־פּאָליציי), איז ער אויך געווען אַ משומד. דאָס אַליין איז אָבער נישט געווען קיין מניעה, אַז ער זאָל טאָן טובות דער פאָלקס־צייטונג. ער האָט עס געטאָן פאַר אַ געהעריקער געלט־באַלוינונג. ווען ער האָט באַקומען די ערשטע געדרוקטע עקזעמפּלאַרן, האָט ער גלייך אָנגעקלונגען אין רעדאַקציע און געפרעגט צי ס׳איז עפּעס פאַראַן טריפענע זאַכן. מ׳האָט אים פאַרשטייט זיך פאַרזיכערט, אַז אַלץ איז כשר וישר. איבערגעלייענט די צייטונג האָט ער זיכער נישט, צוליב דער קורצקייט פון דער אָפּגעלאָפענער צייט, און צוליב דעם וואָס ער איז געווען אַ שוואַכער קענער פון יידיש, ווי אויך צוליב דעם, וואָס ער איז קיינמאָל נישט געווען ניכטער.

אין די דרייסיקער יאָרן, ווען די כוליגאַנישע אָנפאַלן אויף יידן, די אַזוי גערופענע „עקסצעסן״, זיינען געוואָרן אַ מכת־מדינה, פלעגט די צענזור אָפּט טעלעפאָנירן אין די רעדאַקציעס, אַז מ׳זאָל זיי פאַרשווייגן, ווייל זיי פאַרשוואַרצן אין אויסלאַנד דאָס פּנים פון פוילן. אויך צוליב איבערלעך־פּאָליטישע טעמים האָט די רעגירונג נישט געוואָלט, אַז מ׳זאָל צופיל שרייבן וועגן די אָנפאַלן אויף יידן. זי האָט געמיינט, אַז דאָס יידישע בלוט קען פאַרוואַנדלט ווערן אין וואַסער אויף די מיל־רעדער פון די אָפּאָזיציאָנעלע ענדעקעס און ראַדיקאַל־פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געשטרעבט צושווימען אויף די כוואַליעס פון אַנטיסעמיטיזם צום רעגירונג־רודער. אַ טייל ידיעות האָט די צענזור יאָ אַדורכגעלאָזט און אַ טייל — נישט. אויב מ׳האָט יאָ געגעבן באַריכטן וועגן געוויסע אָנפאַלן, האָט מען די צייטונגען קאָנפיסקירט.

די רעדאַקציע פון דער פאָלקס־צייטונג האָט אַ לאַנגע צייט אַזוי זיך נוהג געווען: די ידיעות וועגן די „עקסצעסן״ אין לאַנד, ווי אויך אַנדערע „טריפענע״ זאַכן האָט זי במשך פון דער וואָך צונויפגעזאַמלט און אַריינגעגעבן ערשט אין מאָנטאָג־נומער, אויף וועלכע ס׳האָט געהאַט השגחה דער פריער־דערמאָנטער צענזאָר. עטלעכע יאָר האָט עס גוט געאַרבעט. געוויסע ידיעות זיינען מיט אַ טאָג שפּעטער איבערגעדרוקט

געוואָרן אין אַנדערע צייטונגען. אַחוץ יידישע, האָט עס אויך געטון די ענדעקישע צייטונג. צוליב אַנדערע טעמים, ווי די יידישע פּרעסע, האָט זי געהאַט אַן אינטערעס, אַז די אָנפאַלן אויף יידן זאָלן מפורסם ווערן. זי האָט עס געטון, כדי ס'זאָל זיין אַן אָנרעגונג פאַר אַנדערע שטעט. צו זיין זיכער פון אַ קאָנפיסקאַציע, האָט זי אָנגעגעבן דעם מקור פון דער פאָלקס־צייטונג. אין אַ געוויסן טאָג האָט אין דער ענדעקישער צייטונג זיך באַוויזן אַן אַרטיקל פון איר מיטאַרבעטער יעזשי אָר (אָרענשטיין — אַ באַוואוסטער משומד און אַנטיסעמיטישער העצער) מיט שווערע טענות פאַרוואָס די צענזור איז אַזוי שטרענג לגבי דער נאַציאָנאַל־פּוילישער פּרעסע, בעת זי איז אַזוי ליבעראַל צו דער בונדישער רעוואָלוציאָנערער צייטונג. די רעגירונג, הייסט עס, פּריווילעגירט די פאָלקס־צייטונג. נאָך דעם האָט מען שוין געמוזט זיין אַ סך פאָרזיכטיקער און געבן אין די מאָנטאָג־נומערן מער מאַסקירט דעם פאַרבאָטענעם מאַטעריאַל און נישט אַזוי פיל.

די אָפטע קאָנפיסקאַציעס האָבן גורם געווען גרויסן מאַטעריעלן שאָדן און נאָך פיל שווערער געמאַכט די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער צייטונג. ס'זיינען געווען טאָפּלטע קאָסטן פון פּאַפּיר, דרוק און טראַנספּאָרטאַציע. אויף דער פּראָווינץ איז די צייטונג בעת אַ קאָנפיסקאַציע אָנגעקומען מיט אַ טאָג שפּעטער, וואָס האָט אַראָפּגעגנידערט דעם איינצל־פאַרקויף. אין רוב פאַלן האָט די צענזור זיך באַגנוגנט מיט דער קאָנפיסקאַציע און ווייטערע שריט נישט געמאַכט. ס'זיינען אָבער אויך געווען אַ צאָל פאַלן, ווען זי האָט דעם ענין איבערגעגעבן אין געריכט. קעגן אָפיציעלן רעדאַקטאָר, וואָס איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער מלוכה־מאַכט (תמיד איז עס געווען אַ פאַרטיי־חבר, אָבער גאָר זעלטן אַ מיטאַרבעטער פון דער צייטונג), איז פאַרפירט געוואָרן אַ פּראָצעס. טייל זיינען טאַקע פאַרמשפט געוואָרן און געדאַרפט אָפּזיצן טערמינען תפיסה.

**
*

די אַלגעמיינע ריכטונג פון דער צייטונג האָט געמוזט זיין אין הסכם מיט די איינשטעלונגען פון בונד אין פּאָליטישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען און אַזוי אויך אין יידישע ענינים. די צייטונג האָבן אָבער געמאַכט לעבעדיקע מענטשן, און זיי זיינען געווען פאַרשיידן אין זייער כאַראַקטער, דערציאונג, קענטעניש, פאַראינטערעסירונגען. ביי דער אידעאָלאָגישער איינהייטלעכקייט איז אויך געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקייט אין שפּראַך, סטיל און אַפילו אינטערפּרעטאַציע.

די מיטאַרבעטער זיינען געווען פון עטלעכע קאַטעגאָריעס. די אַלגעמיינע השגחה האָט געהאַט אַ רעדאַקציע־קאָלעגיע פון דריי. דעם דריילינג האָט באַשטימט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד. אַחוץ דעם איז געווען אַ רעדאַקציע־סעקרעטאַר. אין די צוויי צענטליק יאָר האָט דעם אַמט פון סעקרעטאַר שטענדיק אויסגעפירט וויקטאָר שולמאַן.

במשך דער צייט זיינען 7 פּערזאָן געווען אין רעדאַקציע־קאָלעגיע: וולאַדימיר מעדעם, בייניש מיכאַלעוויטש, הענריק ערליך, יוסף לעש־טשינסקי, מאיר וואַסער, ברוך שעפנער, לייוויק האַדעס. צום לענגסטן — כמעט די גאַנצע צייט — איז געווען הענריק ערליך און זיין השפּעה איז געווען צום שטאַרקסטן. דער צוזאַמענשטעל פון דער רעדאַקציע, וואָס איז שטענדיק באַשטאַנען פון 3 מיטגלידער, האָט אָפּגעשפּיגלט די כוחות־פאַרהעלטנישן צווישן דער מערהייט און מינדערהייט אין צענטראַל־קאָ־מיטעט. יוסף לעשטשינסקי, מאיר וואַסער און לייוויק האַדעס האָבן (אַחוץ אַ קורצן פּעריאָד) רעפּרעזענטירט די מינדערהייט.

די ווירקונג פון דער רעדאַקציע איז געווען אַבסאָלוט אין די לייט־אַרטיקלען, וואָס זיינען דערשינען יעדן טאָג. זי האָט אויך באַשטימט ווער ס'זאָלן זיין די מיטאַרבעטער און וואָסערע אַרטיקלען מ'זאָל צוגרייטן צו די נומערן. דער רוב פון די צייטונג־זייטן איז אָבער אויסגעפילט געוואָרן מיט אַ פאַרשיידנאַרטיקן אַקטועלן מאַטעריאַל: באַריכטן, פּאַסירונגען, כלערליי נייעסן פון דער וועלט, פון לאַנד, פון יידישן לעבן, פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס האָבן שוין צוגעפּאַרטיקט די אַנדערע מיט־אַרבעטער, דער שטענדיקער רעדאַקציע־פּערסאָנאַל. זיי האָבן געהאַט ברייטע רעכט אין צוקלייבן דעם געהעריקן מאַטעריאַל און באַאַרבעטן אים לויט זייער איינזען. אין אַ גרויסער מאָס האָבן זיי אויף אַזאַ אופן מיטבאַשטימט דעם כאַראַקטער פון דער צייטונג און מיטגעהאָלפן אויס־פאָרמירן איר פּנים.

אַחוץ דעם רעדאַקציע־פּערסאָנאַל, ביי וועלכן די צייטונג־אַרבעט איז געווען די פּראָפעסיאָנעלע באַשעפטיקונג, האָבן זיך מיטבאַטייליקט פיל אַנדערע מיטאַרבעטער — שרייבער און קאָרעספּאָנדענטן. טייל האָבן זיך מיטבאַטייליקט אָפט און סטאַביל, אַנדערע פון צייט צו צייט. קיין שום צווייטע צייטונג אין פּוילן — סיי פּוילישע, סיי יידישע — האָט נישט געהאַט אַזוי פיל קאָרעספּאָנדענטן, ווי די בונדישע. דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס דער בונד און זיין יוגנט־אָרגאַניזאַציע (יוגנט־בונד צו־קונפט אין פּוילן) האָבן געהאַט אָרגאַניזאַציעס אין הונדערטער שטעט און שטעטלעך פון לאַנד, ווי אויך אין אַ צאָל שטעט אין אויסלאַנד. איז אין זייערע מקומות פּאַרגעקומען אַ וויכטיקע פּאַסירונג, האָבן זיי גלייך געלאָזט וויסן דורך דער פּאָסט אָדער טעלעפאָניש. אין די גרעסערע שטעט זיינען געווען באַשטימטע קאָרעספּאָנדענטן, וואָס האָבן כמעט טעג־לעך איבערגעגעבן וויכטיקע נייעס פון אָרטיקן לעבן.

די קאָרעספּאָנדענטן פון די ערטער זיינען געווען בונדישע טוער, וואָס זיינען געווען אַקטיוו אויף די פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און קולטור־געביטן. אויך דער רעדאַקציע־פּערסאָנאַל האָט זיין פרייע צייט אָוועק־געגעבן דער באַוועגונג. נישט בלויז זיינען זיי געווען טעטיק אין וואַר־שע, גאַנץ אָפט זיינען זיי געפאָרן אין אַנדערע שטעט האַלטן פאַרלע־

זונגען, רעדעס אויף מאַסן־פאַרזאַמלונגען אָדער אויספירן אַנדערע פּאַרטיי־שליחותן. זיי האָבן געהערט צו פאַרשיידענע אַנפירנדיקע אינסטאַנצן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג — אין צענטראַל־קאָמיטעט אָדער אין וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד, אין די אַנפירונגען פון דער שול־אָרגאַ־ניזאַציע (צישאָ), פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע, קאָאָ־פּעראַטיוון און פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. טייל זיינען געווען ראַטמענער פון שטאָט־ראַט אָדער פּרנסים פון דער יידישער קהילה אין וואַרשע. דאָס האָט זיי געגעבן אַן ענגערע פאַרבינדונג מיט די פּראַקטישע ענינים פון לעבן. זיי האָבן בישט געקוקט אויף זיך ווי אויף מיטגלידער פון אַ שרייבערישן צעך, נאָר ווי אויף דינער פון אַ סאָציאַלער און נאַציאָנאַ־לער באַוועגונג אין די אינטערעסן פון ברייטע אַרבעטער־ און פאָלקס־שיכטן.

לאָמיר זען ווער זיינען געווען די הויפּט־מיטאַרבעטער.

די הויפּט־מיטאַרבעטער זיינען געווען: וולאַדימיר מעדעם, יוסף איז־ביצקי (פּסעוודאָנים — בייניש מיכאַלעוויטש), הענריק (הערש וואָלף) ערליך, וויקטאָר שולמאַן (אַדאַפּטירטער נאָמען פון ישראל חיים שאַדאָוו־סקי), וולאַדימיר קאָסאָווסקי (פּסעוודאָנים פון נחום מענדל לעווינסאָן), יוסף לעשטשינסקי (פּסעוודאָנים י. כמורנער), וויקטאָר אַלטער, מאָוריצי (משה) אָזשעך, גרשון זיבערט, יעקב פּאַט, לייוויק האָדעס, פּנחס שוואַרץ (אַדאַפּטירטער נאָמען פון שמואל קרוק), דוד לייב ניימאַרק (אריה), לייזער לעווין, שיינע שאַפּיראָ־בלאַנד, ברוך שעפּנער, יעקב שלום הערץ. זיי אַלע האָבן געבילדעט דעם רעדאַקציע־פּערסאָנאַל (די גאַנצע צייט אָדער אַ טייל פון איר).

דעם עול פון דער אַדמיניסטראַציע האָבן געטראָגן יקותיאל פּאָרטנױ (פּסעוודאָנים — נח, יוזעף), אברהם קאָסטעליאַנסקי, שמואל אָדלער און אַנדערע.

במשך די אַלע יאָרן האָבן מיטגעאַרבעט סיסטעמאַטיש אָדער פון צייט צו צייט נאָך אַ גרויסע צאָל שרייבער און פּאַרטיי־טוער. זייער צאָל גייט אין די הונדערטער און אַ טייל פון זיי וועלן מיר דאָ דערמאָנען: סאָפיע דובנאָוו־ערליך, ד״ר עמנואל שערער, יוסף יאַשונסקי, מלך ראַ־וויטש, שלמה בער פיינקינד, עמנואל נאָווגרודסקי, ד״ר ישעיה ליפּאָוו־סקי, פּאָולינע שוועבער (שרה), אַנאַ ראָזענטאַל, שמואל מרדכי (אַרטור) זיגעלבוים, הערשל הימעלפאַרב, חיים לייב פּאָזנאַנסקי, יצחק מרדכי פּסח־זאָן, פּראָפ׳ פּסח ליבמאַן הערש, פראַנץ קורסקי, ד״ר קאַראָל איינאויגלער, ד״ר יעקב בראָס, משה (מאָוריצי) פּאַפּיער, ד״ר לעאָן פיינער, דוד איינ־האָרן, א. ליטוואַק, צביון (ד״ר ב. האָפמאַן), יעקב לעשטשינסקי, ד״ר משה זילבערפאַרב, ד״ר יחיאל האַלפּערן, ד. ב. מאַלקין, שלמה מענדעלסאָן, שלמה פּייוויש גילינסקי, נאַטאַן שאַפּראַן, י. אייכענבוים (אַרטוסקי), ח. ש. קאַזדאַן, לייבעטשקע בערמאַן, לאַזאַר עפּשטיין, ישראל ליכטענשטיין,

יצחק ליכטענשטיין (מאַלער), י. לעווין־שאַצקעס (לעטלאַנד), דזשאָן מילל, י. י. זינגער, משה מאַנדעלמאַן, ד״ר שלמה הערשענהאָרן, ד״ר שמריהו קליינמאַן, ד״ר ה. גרינבוים, ד״ר אברהם קליין, לוציאַן בליט, שמואל מילמאַן, משה גוטמאַן (פּסעוודאָנים — ב. זעליקאָוויטש), ד״ר חיים פּיזשיץ, מרדכי וו. בערנשטיין, אַרטור גאַביד, אַדוואָקאַט לעאָן בראַנדעס, אַדוואָקאַט זיגמונט עפּשטיין, משה פּערענסאָן, ד״ר ליפּמאַן צאָמבער, הערמאַן קרוק, רענע היסטער־הערץ, בער י. ראָזען, קלמן וואַפּנער, אַלעקסאַנדער ערליך, עמנואל פּאַט, יאָסל מלאָטעק, יאָשקע ליפּשיץ, אברהם מענעס, מאָטל גילינסקי (באַטקע), י. גאָלדבראָך, מרדכי צאַנין, שלמה ערליך (פּסעוודאָנים — סעווער), זלמן פרידריך, לאָזער איכל, איטשע גדיינסקי, שאול גראָספּאָטער, אהרן צפנת, יצחק סאָמסאָנאָוויטש. פון צייט צו צייט האָט אויך געדרוקט אין פאָלקס־צייטונג זיינע פעליעטאָנען יוסף טונקעל (דער טונקעלער, אונטערן פּסעוודאָנים אנדרוגינוס), דוד מייער, יוסף ליפּשיץ (באַסאַק), איסר גאָלדבערג, בונם וואַרשאַווסקי, דוד וואַסערמאַן, מרדכי פייגמאַן, יוסף גוטגאָלד, זלמן ליכטענשטיין, אברהם שמויש און אַנדערע.

פון די הונדערטער קאָרעספּאָנדענטן אין די שטעט און שטעטלעך דערמאָנען מיר דאָ אַ קליינע צאָל — יענע, וואָס האָבן גאָר אָפט געשריבן. אברהם וואָלף יאַסני (לאָדזש), אברהם סטרוזש־אמבער (לעמבערג), שמואל האַלבערשטאַט (ווילנע), שאול גאָלדמאַן (ביאַליסטאָק), דוד באַטיסט (טאַרנאָוו), בעלאַ שאַפּיראָ (לובלין), ה. דובינסקי (לובלין), ירוחם רודאָווסקי (נאָווידוואָר), ד״ר יצחק אַנטאָקאָלעץ, יאַנקל זשעלעזניקאָוו, יוסף אַראָנאָוויטש (אַלע דריי פון ווילנע), רפאל פעדערמאַן (טשענסטאָכאָוו), סאַלאַ פישגרונד (קראָקע), יצחק שמולעוויטש (קעלץ), זלמן פודלאָווסקי (בעלכאַטאָוו), חיים זאַכאַריאַש (טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק), י. גראָסמאַן (ווילנע), ס. נוטקעוויטש (לאָדזש), חיים מילער (ווענגראָוו, מעזריטש), בערל ווערניצקי (מעזריטש), דוד קלין (קאַליש), אהרן איינגעלצין (פּאַדברעז), לייבל קערש (נאָוואָראָווע, ראַדאָם, וואַרשע), מאיר דוד אַלטער (וולאָצלאַוועק, ניו־יאָרק), סיאָמע לעוויק (פון פאַרשיידענע שטעט).

פון די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן — אויך בלויז אַ טייל: דוד לעהרער (בעלגיע), בנימין וואַלד און מענדל טערקעלטויב (פראַנקרייך), בערל ראזנער (ענגלאַנד), ד״ר יוסף קיסמאַן און שרה כתבן (רומעניע), נאַטאַן פרענקל (דייטשלאַנד און פראַנקרייך), יוסף ברומבערג (ארץ ישראל), משה רובינשטיין (מעקסיקע), קאַמיל האָניג (פאַרשיידענע לענדער), שלמה בינדער (ליטע), ק. ראָסטאַל (טשעכאָסלאָוואַקיע), יעקב ווינטער (שפּאַניע בעתן בירגער־קריג). דוב בער סלוצקי (פּסעוודאָנים ב. מארינסקי — בריוו פון סאָוועט־רוסלאַנד אין די צוואַנציקער יאָרן).

ווי די אַנדערע יידישע צייטונגען, האָט אויך די פאָלקס־צייטונג גע־

דרוקט שיינע ליטעראַטור און געהאַט צווישן אירע מיטאַרבעטער אָנגע־זעענע יידישע בעלעטריסטן און דיכטער. וואָס שייך ראָמאַנען, וואָס זיינען געדרוקט געוואָרן טעגלעך אין פּאָרזעצונגען, זיינען זיי על פּי רוב געווען איבערגעזעצטע פון אַנדערע שפּראַכן. ס'זיינען אָבער אויך געווען אָרי־גינעל יידישע — פון יוסף אָפּאַטאָשו, ברוך גלאַזמאַן, שמעון האָראָנטשיק, יהושע פּערלע, ב. דעמבלין, דוד בערגעלסאָן (אין די צוואַנציקער יאָרן, פאַרן אומקערן זיך קיין רוסלאַנד), ירחמיאל גרין און אַנדערע. די פאָלקס־צייטונג האָט קיין שונד־ראָמאַנען (ווי ס'איז געווען דער שטייגער אין די אַנדערע יידישע צייטונגען, אַחוץ דער אָרטאָדאָקסישער) נישט גע־דרוקט. זייערע דערציילונגען און לידער, ווי אויך ליטעראַרישע עסייען, האָבן געדרוקט כסדר אָדער ספּאָראַדיש אין דער פאָלקס־צייטונג די דאָזיקע יידישע שרייבער: יוסף אָפּאַטאָשו (וועכנטלעך), איציק מאַנגער (אַ צייט וועכנטלעך), ה. לייוויק, פּרץ מאַרקיש (פאַרן צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד), א. מ. פוקס, דוד קאַסעל, יונה ראָזענפעלד, חנן איאַלטי, פישל בימקאָ, רחל אויערבאַך, מאַקס געלער, נחמן מייזעל, ד"ר מיכאל ווייכערט, מנחם מענדל געלענבערג, ברוך געלמאַן, בער שנאַפּער, מיכאל נאַטיש, לייב אָליצקי, י. ל. קאָהן, אברהם לעוו, יוסף הערנהוט, ש. טענענבוים, און פיל אַנדערע. צווישןביידע וועלט־מלחמות איז אין פוילן אויפגעקומען אַ צאָלרייכע פלעיאַדע פון יידישע בעלעטריסטן און דיכטער. אַ גרויסער טייל פון זיי האָבן זייערע ערשטע שאַפונגען געדרוקט אין דער פאָלקס־צייטונג.

לסוף זאָלן דערמאָנט ווערן די צוויי יינגע קינסטלער הערשל צינא און מענדל רייף, וואָס האָבן פיל מאָל באַצירט די צייטונג מיט זייערע צייכענונגען און קאַריקאַטורן.

זיי אַלע — און אַ סך נישט דערמאָנטע — האָבן צונויפגעשאַפן די פאָלקס־צייטונג.



די טאָג־צייטונג איז געווען דער הויפּט־זייל פון דער בונדישער פּרע־סע, אָבער נישט די איינציקע טריבונע פון בונד. אַחוץ איר זיינען געווען פיל אַנדערע — פּעריאָדישע — אויסגאַבעס, וואָס האָבן געדאַרפט זיך ווידמען באַשטימטע געביטן.

כאָטש די טאָג־צייטונג האָט אָפּגעגעבן אַ סך אָרט פאַר קאָרעספּאָנ־דענציעס פון די שטעט און שטעטלעך, איז עס נישט געווען גענוג. ס'איז דעריבער אַנטשטאַנען אַ לאָקאַלע בונדישע פּרעסע — וואָכנבלעטער אָדער נישט־פּעריאָדישע בלעטער, וואָס האָבן בעיקר אינפאָרמירט און באַלויכטן די אָרטיקע ענינים. וואָכנבלעטער זיינען געווען במשך יאָרן אין לאָדזש,

לובלין, פּיעטריקאָוו, טשענסטאָכאָוו, לעמבערג, ביאַליסטאָק, ווילנע, גראָדנע און אויך אין אַנדערע ערטער. נישט־רעגולער זיינען אויך דערשינען לאָ־קאַלע בלעטער אין אַנדערע שטעט. אין זיי האָט מען געקענט מיט מער דעטאַלן אינפאָרמירן און אַרומריידן די ענינים פון אַלגעמיין־שטאָטישן, יידישן און אַרבעטער־לעבן.

אַ צאָל יאָרן האָט דער בונד אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל, וואו די גע־זעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַ טעאָרעטיש־וויסנשאַפטלעכן אופן.

פון 1919 איז דערשינען אין וואַרשע צוויי מאָל אין חודש אַ זשור־נאַל ספּעציעל פאַר דער יוגנט. ווי דער אָפּיציעלער אָרגאַן פון יוגנט־בונד צוקונפט אין פּוילן, איז די אויסגאַבע געווען אי אַ פּאָליטישע טריי־בונע, אי אַ קוואַל פון לערנען און סאָציאַליסטישער דערציאונג. אויף די שפּאַלטן פון סאָציאַליסטישע יוגנט־שטימע און שפּעטער יוגנט־וועקער זיינען באַהאַנדלט און פאַרטיידיקט געוואָרן די אינטערעסן פון דער אַר־בעטער־יוגנט. ווען ס׳האָט זיך אַנטוויקלט די ספּאָרט־באַוועגונג צווישן דער יידישער אַרבעטער־יוגנט, האָט אויך דער געביט געהאַט אַן אייגע־נע צייטשריפט.

אין די דרייסיקער יאָרן איז געשאַפן געוואָרן אַ באַזונדערע רעגולערע אויסגאַבע פאַר ליטעראַטור און קולטור. מיט איר האָבן אָנגעפירט בונ־דישע טוער. אויך אויפן געביט פון ליטעראַטור און קולטור האָבן די בונדישע שרייבער אַריינגעטראָגן אַ באַזונדערן נוסח און טאָן, וואָס האָט זיך ראַדיקאַל אונטערשיידט פון די איינגעשטעלטע נוסחאות און טענער אין דער באַלעבאַטישער, כלל־ישראלדיקער פּרעסע. זיי זיינען געקומען מיט אַנדערע געדאַנקען און שטימונגען.

די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג האָט אויך געהאַט אַן אייגענע פּרעסע. כאָטש די טעגלעכע פאָלקס־צייטונג האָט נישט געזשאַלעוועט קיין אָרט פאַר די ענינים פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און עקאָנאָמישע קאַמפן פון די יידישע אַרבעטער, האָט עס פאָרט נישט געקענט באַזייטיקן די באַ־דערפעניש פון אַ ספּעציעלער פּרעסע פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועּ־גונג. ס׳זיינען מחמת דעם דערשינען זשורנאַלן פון דער אַלגעמיינער אָנ־פירונג (לאַנד־ראַט) אָדער פון באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין באַשטימטע אינדוסטריע־צווייגן. הגם אָפיציעל זיינען עס געווען אָרגאַנען פון אומפּאַרטייאישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אָבער די רעדאַקטאָרן, שרייבער און מיטאַרבעטער זיינען געווען בונדישע טוער, וואָס זיינען געשטאַנען בראש פון די פאַראיינען.

די בונדישע צייטונגען און זשורנאַלן זיינען, נאַטירלעך, געווען אין

יידיש, וואָס איז געווען דאָס לשון פון בערך 90 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן. ס׳איז אָבער געווען אַ נויטווענדיקייט צו ריידן צו אַ טייל יידן און בפרט צו דער נישט־יידישער עפנטלעכקייט — אין דער פּוילישער שפּראַך. מיט געוויסע הפסקות — צוליב רעגירונג־רדיפות אָדער פינאַנציעלע און אַנדערע שוועריקייטן — איז אין די יאָרן 1919 — 1939 געווען אַ בונדישע פּרעסע אויך אין פּויליש.

אין אַט די פריער־דערמאָנטע וואַריאַציעס איז דאָס בונדישע וואָרט געקומען צו די ברייטע יידישע אַרבעטער־מאַסן און צו שיכטן פון דער אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ. אַחוץ דעם האָבן די בונדישע פאַרלאַגן פאַרעפנטלעכט אַ ריי סאָלידע ווערק — ביכער מיט אַ וויסנשאַפטלעכן, היסטאָרישן און ליטעראַרישן אינהאַלט. (אַ גענויע רשימה פון דער בונדישער פּרעסע אין מקורים און באַמערקונגען נומער 83).

№ 378 B פרייז 10 גראשן NAJE FOLKSCAJTUNG

# נײַע פאָלקס־צײַטונג

אין מאָרגנדיקן נומער

אין װאַרשע, לאָדז, קראָקע, פּויזן

# דער געבטיקער װאַל־טאָג אין װאַרשע

## די יידישע אַרבעטנדע באַפעלקערונג מיטן „בונד"

גלענצנדע שטימונג פאַר דער ליסטע פון „בונד" און פראָפ. מאַרייען

טויזנטער אָרעמע יידישע װיילער נישט געקאָנט אָפּגעבן זייערע שטימען

Lebensfragen. № 26

# לעבנס־פראַגן

טעגלעכע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־צייטונג.

צענטראַל־אָרגאַן פון „בונד" אין פּוילן.

PO KONFISKACIE NAKŁAD DRUGI 2. אויפלאַגע נאָך דער קאָנפיסקאַציע

פרייז 40 גראשן

Jubileuszowy dodatek do Nr 68 „Naje Folkscajtung"

# רויטע שלײַפן

1905 — 1916 — 1931 יובליי־אויסגאַבע

# אונזער צייט

פרייז 50 גראשן

SZRIFT bezpłatny dodatek do „N. FOLKSCAJTUNG"

# װאָכנשריפט

פאַר ליטעראַטור, קונסט און קולטור

ה. ש. לאַנדוי

דער װיכוח צווישן יידישן שריפטשטעלער

No. 1 (3)

דער הײַנטיקער נומער האַלט 10 זייטן

דערשיינט 2 מאָל אין חודש

פרייז 20 גראשן

רעדאַקציע: נאַלעווקעס נומ. 7

FOROIS

# פאָרויס

זשורנאַל פאַר ליטעראַטור טעאַטער און קולטור

צווייטער יאָרגאַנג

בונדישע טאָג־צײַטונגען און זשורנאַלן.



№ 195 ווארשער אויסגאבע — **Lebens-fragen.** — פרייז 40 פעניג.

פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניגט אייך!

# לעבענס־פראַגען

טעגליכע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבייטער־צייטונג.

צענטראַל־אָרגאַן פון „בונד" אין פוילען.

Niedziela, 7 Września 1919.

טעלעגראַמען.

№ 23 ווארשער אויסגאבע — **Arbajter-Sztyme.** — פרייז 150 מאַרק

פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניגט אייך!

# אַרבייטער־שטימע

טעגליכע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבייטער־צייטונג.

צענטראַל־אָרגאַן פון „בונד" אין פוילען.

**Jednodniówka** — **ARBAJTER-TOG.** — פרייז 2 מאַרק

פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניגט אייך!

# אַרבייטער־טאָג

№ 41 ווארשער אויסגאבע — **Naje Arbajter-Sztyme.**

פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניגט אייך!

# נייע אַרבייטער־שטימע

טעגליכע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבייטער־צייטונג.

Niedziela 4 Lipca 1920.

אַ טייל פון די געביטענע נעמען פון דער בונדישער טאָג־צייטונג
1919—1920.

## 16. מיטן אייגענעם נוסח

אין מיטן די צוואַנציקער יאָרן איז אין פּוילן אָפּגעשלאָסן געוואָרן אַ תּקופה. ווי אַ מלוכהשער אָרגאַניזם, האָט דאָס לאַנד זיך סטאַביליזירט — מיט פעסטגעשטעלטע גרענעצן און מיט אַ קאָנסטיטוציאָנעלער אָרד־נונג. די מלחמה־וואונדן האָבן זיך פאַרהיילט און אין אַ געוויסער מאָס פאַרגעסן געוואָרן. פאָרמעל — אַ דעמאָקראַטיש־פּאַרלאַמענטאַרישער רע־זשים מיט לאָקאַלער זעלבסט־פאַרוואַלטונג און אַנדערע דעמאָקראַטישע רעכט און פרייהייטן. דאָס לאַנד איז אָבער געווען אָרים און די באַפעל־קערונג — שטאַרק צעטיילט לויט קלאַסן, פּאַרטייען און נאַציאָנאַליטעטן. אין די דעמאָקראַטישע פאָרמען האָט ניט געשוועבט קיין ליבעראַלער גייסט. קאָנסערוואַטיוויקייט און רעאַקציע, קלעריקאַליזם און שאָוויניזם האָבן נאָך שטאַרק באַווירקט די פאָלקס־מאַסן. אַזוי איז געווען ביי אַלע נאַציאָ־נאַליטעטן, ביי די פּאָליאַקן איז נאָך צו דעם צוגעקומען די פאַריסנקייט פון אַ הערשער־פאָלק און דער געפאַשעטער אַנטיסעמיטיזם. די סאָציאַ־ליסטיש־באַווירקטע אַרבעטערשאַפט און אַנדערע ראַדיקאַלע שיכטן צווישן דער אינטעליגענץ און טיילן פון פויערטום זיינען געווען אין דער מינ־דערהייט און האָבן געפירט אַ שווערן קאַמף פאַר ענדערן דעם קורס פון דער נייער מלוכה. דאָס האָט גורם געווען אַ ריי דראַמאַטישע צו־זאַמענשטויסן. אַט דער פעריאָד פון רעאַקציאָנערער ממשלה אין די ראַ־מען פון דעמאָקראַטיש־פּאַרלאַמענטאַרישן געזעץ איז פלוצלונג איבער־געריסן געוואָרן דורך מאַרשאַל יוזעף פּילסודסקיס מלוכה־איבערקערעניש אין מאַי 1926.

אויך די יידן זיינען געווען שטאַרק צעטיילט. אין די ערשטע 7 יאָר פון דער אומאָפּהענגיקער פּוילישער מלוכה האָט די דאָזיקע צעטיילונג זיך מער אויסקריסטאַליזירט און פאַרפעסטיקט. די יידן זיינען געווען צעטיילט לויט זייערע סאָציאַלע שיכטן און אידעאָלאָגישע שיטות — גרופּירט אין פאַרשיידענע ווירטשאַפטלעכע פאַראייניקונגען, פּאָליטישע פּאַרטייען און כלערליי אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. באַזונדערע פאַראיינען פון סוחרים, קליינהענדלער, האַנטווערקער, פאַבריקאַנטן, הויזווירטן. און פון דער צווייטער זייט — פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. צו דעם פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און בילדונג־אַנשטאַלטן. דעם טאָן אין יידישן לעבן האָבן אָבער געגעבן די פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע באַוועגונגען, וואָס האָבן אויך געהאַט אַ

השפעה אויף די אַנדערע מינים אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס. אין דער נאָכמלחמה־תקופה זיינען אַלע אַריין מיט ירושות פון נעכטן. וואָס איז שוין איבערגעלעבט און וואָס איז נאָך לעבנס־פעאיק; וואָס דאַרף מען איינהאַלטן און וואָס אָפּוואַרפן; וואָס איז דאָס נייע און ווערטפולע, פאַר וועלכן מ'דאַרף מאַכן אַן אָרט? — וועגן דעם איז געגאַנגען דער שטרייט אין יידישן לעבן.

אין אַלגעמיין עקאָנאָמישע און סאָציאַלע ענינים האָבן די פּאַר־שטייער פון יידישן בירגערטום און קליינבירגערטום געהאַנדלט אַזוי ווי זייערע קלאַסן־אינטערעסן האָבן דיקטירט. אין פּאַרלאַמענט (סיים און סענאַט), שטאָט־ראַטן, פאַרוואַלטונגען פון קראַנקן־קאַסעס און אַנדערע אינסטיטוציעס האָבן זיי גאַנץ אָפט געמאַכט יד־אחת מיט די פּוילישע פאַרשטייער פון די זעלבע שיכטן, אַפילו ווען די לעצטע האָבן געהערט צו די רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע גרופּירונגען, וואָס האָבן פאַר־ביטערט און באַדראָט דאָס לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג. קעגן געמיינזאַמען פראָנט פון פריציש־בירגערלעכן לאַגער זיינען געשטאַנען און אָפט ביטער געקעמפט די פאַרשטייער פון דער אַרבעטערשאַפט פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן.

ביז דער מלוכה־איבערקערעניש פון מאַי 1926 האָבן די הויפּט־ראָלעס אין די פּאַרלאַמענטאַרישע מאַנעווּוירונגען און מאַניפּולאַציעס גע־שפּילט בעיקר דריי לאַגערן: די אַנדעקעס (די אַנטיסעמיטישע נאַראָדאָווע דעמאָקראַטן) אויפן עקסטרעם־רעכטן פליגל, די פּויערים פּאַרטייען אין צענטער און די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.) אויפן לינקן פליגל. זייערע פירער זיינען געזעסן אין די פאַרשיידענע רעגירונגען, וואָס זיינען במשך פון דער צייט געווען. הגם דעמאָקראַטיש לויט דער פאָרם, האָבן די רעגירונגען און דער פּאַרלאַמענט, און אַזוי אויך די לאָקאַלע זעלבסט־פאַרוואַלטונגען, אָפּגעשפּיגלט די אָפּגעשטאַנענע סאָציאַל־עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון לאַנד און די נאַציאָנאַליסטיש־קאָנסערוואַ־טיווע איינשטעלונגען פון רוב פון דער באַפעלקערונג.

אַנדערש אין אַ סך פּרטים, אַנדערש אויך אין אויסזען, איז דער מצב ביי יידן אין תוך האָך נישט געווען אַנדערש. אַלטע געוואוינהייטן זיינען נאָך געווען שטאַרק. פון דריי זייטן — מזרח, מערב און דרום — האָבן געבלאָזן שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע ווינטן, אָבער אין יידישן חי אין פּוילישן לעבן האָבן זיי באַרירט בלויז די אַרבעטער־שיכטן, וואָס האָבן געבילדעט אַ מינדערהייט. געלט און „יענע וועלט" האָבן נאָך אַלץ באַ־ווירקט די געדאַנקען און האַנדלונגען פון רוב יידן. ווי די פּאָליאַקן, זיינען אויך די יידן געווען צעטיילט אין אַ סך פּאָליטישע און אידעאָלאָגי־שע גרופּירונגען. אויך ביי יידן זיינען געווען דריי הויפּט־לאַגערן: די רעליגיעז־פרומע, די ציוניסטן און די אַרבעטערשאַפט.

דער רעליגיעזער לאַגער איז געווען שטאַרק צעשפּליטערט אין

חסידים און מתנגדים, אין פֿאַרשיידענע חסידישע כיתות און לויט אַנדערע סימנים. אין ענינים, וואָס זיינען נוגע געווען די אינטערעסן פֿון די כלי־קודש כנגד די וועלטלעכע שטראָמען, האָבן זיי געוויינלעך זיך פֿאַר־אייניקט און געבילדעט אַן איינהייטלעכן פֿראָנט. אין סאָציאַל־עקאָנאָמישע ענינים האָבן זיי רעפּרעזענטירט די קליינבירגערלעכע פֿאַרלאַנגען און אויך געשאַפֿן קאָאַליציעס מיט די פֿאַרטרעטער פֿון גרויס־קאַפּיטאַל, וואָס זיינען על־פּי־רוב באַשטאַנען פֿון אַסימילירטע יידן. לגבי די רעגי־רונגען האָבן זיי קיין אָפּאָזיציע נישט געפֿירט. פֿעסט און תקיפֿדיק ביי יידן, זיינען זיי געווען שטאַרק געצווימט און אַפֿילו הכנעהדיק לגבי די רעגירונג־אָרגאַנען אויף אַלע שטאַפּלען און געהאָפּט מיט שתדלנות אויס־פּועלן טובֿות פֿאַר יידן אָדער אָפּשרייען גזירות. די הויפּט־ווירקונג אין רעליגיעזן לאַגער האָט געהאַט די „אגודת־ישראל".

אויך די ציוניסטן זיינען געווען שטאַרק צעשפּליטערט — מיט אַ רעליגיעזן אָפּצווייג אויף רעכטס און מיט אַ פּראָלעטאַרישן אויף לינקס. אַפֿילו אין הויפּט־שטראָם פֿון בירגערלעכן ציוניזם זיינען געווען שטאַרקע אונטערשיידן בנוגע דער אַלגעמיינער און יידישער פּאָליטיק. אין ציו־ניסטישן לאַגער האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די פֿילפֿאַרביקייט און פֿיל־געשטאַלטונג פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג — אַ פֿאַרשיידנאַרטיקייט אין פּאָליטישער, סאָציאַלער און גייסטיקער הינזיכט.

די פֿאָלקיסטישע באַוועגונג, וואָס האָט אַרומגענומען טיילן פֿון האַנט־ווערקערטום, קליינהענדלער און דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ, האָט בלויז אין די ערשטע פֿאַר יאָר פֿון איר עקזיסטענץ נאָך געהאַט אַ געוויסע השפּעה. איר ווירקונג איז אָבער כסדר געפֿאַלן ביז זי איז כמעט אַראָפּ פֿון דער סצענע.

שאַרף אונטערגעשיידט פֿון בירגערטום און קליינבירגערטום זיינען געווען די אַרבעטער און די אָרימע מאַסן, אויף וועלכע די אַרבעטער־גרופּירונגען האָבן געהאַט אַ השפּעה. אויך די אַרבעטערשאַפֿט איז ניט געווען איינהייטלעך, אויך זי איז געווען צעטיילט אין עטלעכע גרופּירונגען: בונד, קאָמוניסטן און פּועלי־ציון. דער צד־השווה איז ביי זיי געווען די פּאַרטיידיקונג פֿון די אינטערעסן פֿון די אַרבעטער און אָרימע בכלל, וועלטלעכקייט אין יידישן לעבן און אָפּאָזיציע צום סאָציאַלן און פּאָליטישן רעזשים אין לאַנד. גלייכצייטיק זיינען צווישן זיי געווען שטאַרקע אידעאָ־לאָגישע און פּאָליטישע אונטערשיידן און זיי האָבן זיך שאַרף באַקעמפֿט.

באַלד פֿון ערשטן מאָמענט האָט דער בונד זיך אַרויסגערוקט אויפֿן אויבנאָן און די דאָזיקע פּאָזיציע האָט ער איינגעהאַלטן די גאַנצע צייט. דער בונד איז געווען און געבליבן דער דאָמינירנדיקער פֿאַקטאָר אין דער יידישער אַרבעטערשאַפֿט.

לגבי דער רעגירונג און די בירגערלעכע מערהייטן אין די שטאָטישע זעלבסט־פֿאַרוואַלטונגען האָט דער בונד פֿאַרנומען אַן אויסגעשפּראָכן אָפּאָ־

זיציאָנעלע שטעלונג און באַקעמפּט זייערע רעאַקציאָנערע, שאָוויניסטישע פּלענער און האַנדלונגען. ביי יידן האָט ער באַקעמפּט די פּשרהדיקע און הכנעהדיקע טאַקטיק פון די בירגערלעכע גרופּירונגען לגבי דער רעגירונג און די אָרטיקע מאַגיסטראַטן. וואָס שייך ריין־יידישע ענינים איז ער געגאַנגען בראש פון די, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר עמאַנציפּירן זיך פון די אַלט־פרענקישע און רעליגיעזע השפעות און פאַר איבערבויען דאָס יידישע לעבן אויף וועלטלעכע יסודות. דאָס האָט אים כסדר געבראַכט אין קאָנפליקט מיט די כלי־קודש און זייערע חסידים. פּונקט אַזוי אַנטשיידן איז געווען די קעגנערשאַפט פון בונד לגבי דעם ציוניזם, וואָס האָט די רעאַלע לעבנס־באַדערפעענישן פון דער יידישער באַפעלקערונג געוואָלט אונטעראָרדנען זייער ענדציל — פּאַלעסטינע. די לאַגערן פון דער אָרטאָדאָקסיע און פון ציוניזם האָבן געהערט צו אַנדערע סאָציאַלע שיכטן, ווי די אַרבעטערשאַפט.ביידע צדדים זיינען אויך געווען גאָר ווייט אין זייערע אידעאָלאָגיעס. זיי האָבן טאַקע קעגנזייטיק שאַרף זיך באַקעמפט, אָבער אויף אַ דיסטאַנס. און די דאָזיקע דערווייטערטקייט האָט, אַחוץ ביי געוויסע הימל־שרייענדיקע מעשים, גורם געווען אַ קאַלטקייט אין שטרייט. פון צייט צו צייט איז דער שטרייט אויסגעבראָכן מיט אַ וואולקאַנישער קראַפט. עטלעכע מאָמענטן דאַרפן דאָ פאַרצייכנט ווערן.

אין פריערדיקן קאַפּיטל האָבן מיר שוין דערציילט וועגן פּרואוו פון דער אָרטאָדאָקסיע נישט צו דערלאָזן, אַז די פאָלקס־צייטונג זאָל דערשיינען אין די שבתים און יום־טובים. אַ צווייטער ענין, וואָס האָט גורם געווען אַ גרויסן אויפרודער, איז געווען די אינסטאַלירונג פון אַ ניי־געוויילטן קהילה־ראַט אין וואַרשע. נאָך לאַנגע אָפּשלעפּעניש מצד דער רעגירונג זיינען אין וואַרשע און אַנדערע שטעט דעם 15טן יוני 1924 פאָרגעקומען קהילה־וואַלן. דעם 7טן יולי האָט דער ניי־געוויילטער ראַט געדאַרפט אָפּהאַלטן די ערשטע זיצונג און אָרגאַניזירן די נייע קהילה־אָנפירונג. די רעגירונג האָט געפאָדערט צוויי זאַכן — די זיצונג זאָל זיין אַ געשלאָסענע און זי זאָל געפירט ווערן אין דער פּוילישער שפּראַך. קעגן ביידע פאָדערונגען זיינען אַנטשיידן אַרויסגעטרעטן אַ טייל פון די פרנסים, בעת די קאָנסערוואַטיווע פרנסים זיינען געווען גרייט אָנצונעמען די גזירה.

ווען דער פּרעזעס פון דער אַלטער פאַרוואַלטונג, שבתי ברעגמאַן, האָט געעפנט די זיצונג, האָט ער מער ווי איין וואָרט — דאָס פּוילישע וואָרט „פּאַנאָוויע” (הערן) — נישט געקאָנט אַרויסזאָגן. די בונדישע, פּועלי־ציוניסטישע און פאָלקיסטישע פרנסים האָבן פון אים געפאָדערט, אַז ער זאָל ריידן אין יידיש און אים נישט געלאָזט האַלטן די רעדע אין פּויליש. די גרויסע מערהייט פרנסים — אָרטאָדאָקסן, ציוניסטן און אַנדערע זיינען געזעסן שטיל און געשוויגן. און נישט גע־

קוקט אויף דעם, וואָס די אַלטע פּאַרוואַלטונג האָט זיך באַזאָרגט מיט אַ גרויסער אָפּטיילונג פּאָליציי, כּדי צו היטן די געשלאָסנקייט פון דער זיצונג, האָט דאָך זיך אַריינגעריסן אין זאַל אַ היפּשער עולם. אין נאָמען פון דער בונדישער פראַקציע האָט ה. ערליך פּראָטעסטירט קעגן ביידע טיילן פון דער רעגירונג־פּאַראָרדנונג און אַריינגעטראָגן אַ רעזאָלוציע, אַז די שפּראַך פון דער קהילה איז יידיש און אַז מיט 2 טעג שפּעטער, דעם 9טן יולי, זאָל פּאַרקומען אַן עפנטלעכע זיצונג. אויך אייניקע אַנדערע פון דער אָפּאָזיציע האָבן אונטערגעשטיצט דעם פּאָרשלאָג. דעם 9טן יולי האָט אָבער די רעגירונג דערקלערט, אַז דער קהילה־ראַט ווערט אָפּ־געשטעלט.

וועגן דעם האָט די בונדישע צייטונג געשריבן: „געוויס זיינען פאַראַן אין דער יידישער געזעלשאַפט עלעמענטן, פאַר וועלכע אַזאַ שפּראַך וועט זיין איבערצייגנדיק. אויף די יידישע אַרבעטער־מאַסן קען זי אָבער האָבן נאָר אַ פאַרקערטע ווירקונג. די יידישע אַרבעטער האָבן נישט צונויפגעבונדן קיין באַזונדערע האָפענונגען מיט דער קהילה. אָבער קעגן דער נייער געוואַלט־טאַט, קעגן דער נייער באַליידיקונג וועלן זיי פּראָ־טעסטירן אויפן ענערגישסטן אופן. און הער מיקלאַשעווסקי (דער ביל־דונג־מיניסטער פון פּרעמיער גראַבסקיס רעגירונג) וואָלט באַדאַרפט וויסן, אַז די אַלטע צייטן זיינען פאַרביי און פון קיין פּריצישן געשריי ווערט מען שוין היינט נישט נתפּעל״ [85]).

און נאָך אַן ענין, וואָס האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם און געוויזן די פאַרביסענע פאַרטייאישקייט פון די יידישע בירגערלעכע פאָרשטייער און דעם תהום, וואָס האָט עקזיסטירט צווישן זיי און די יידיש־דעמאָ־קראַטישע פאָלקס־שיכטן. דעם 10טן דעצעמבער 1924, ביים באַטראַכטן אין סיים צוגאָב־קרעדיטן צום בודזשעט פון בילדונג־מיניסטער, האָט דעפּוטאַט נח פּרילוצקי, אַ פאָלקיסט, אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג, אַז די רעגירונג זאָל דעקן דעם בודזשעט פון די שולן מיט יידישער אונטער־ריכט־שפּראַך, ווי אויך עפענען רעגירונג־שולן מיט דער יידישער אונ־טערריכט־שפּראַך פאַר יידישע קינדער. די „קאָלאָ״ (פאַראייניקונג פון די יידישע דעפּוטאַטן — ציוניסטן, אָרטאָדאָקסן, סוחרים און אַנדערע) האָט באַטראַכט דעם פאָרשלאָג און באַשלאָסן צו שטימען קעגן. אויף דער סיים־זיצונג האָט די „קאָלאָ״ אַריינגעטראָגן אַן איסבעסערונג וועגן אַ רע־גירונג־שטיצע פאַר העברעאישע שולן. דער סיים האָט די איסבעסערונג אָפּגעוואָרפן. אַחוץ די יידישע דעפּוטאַטן האָבן פאַר איר געשטימט די אוקראַאינישע און ווייס־רוסישע דעפּוטאַטן. אַלע פּוילישע — קעגן. נאָך דעם האָט מען געשטימט פּרילוצקיס פאָרשלאָג וועגן אויסהאַלטן די יידיש־שפּראַכיקע שולן. אַחוץ דעם פאָרשלאָג־געבער האָבן פאַר דעם געשטימט בלויז אוקראַאינישע, ווייס־רוסישע און דייטשע דעפּוטאַטן, 1 פּוילישער קאָמוניסט און 5 יידישע דעפּוטאַטן (די יידישע פראַקציע האָט

געציילט 34 דעפּוטאַטן); אַלע אַנדערע, די גרויסע מערהייט פון די יידישע דעפּוטאַטן בתוכם, האָבן געשטימט קעגן. די יידישע אַרבעטער און דעמאָקראַטישע שיכטן האָבן העפטיק פּראָטעסטירט קעגן פּאַראַט און נבלה פון די יידישע בירגערלעכע דעפּוטאַטן לגבי די יידישע שולן. פון איין עק לאַנד ביזן צווייטן איז אַדורך אַ כוואַליע פון פּראָטעסט־פאַר־זאַמלונגען [89]).

צו דער גרויסער צאָל פילאַנטראָפּישע חברות, וואָס האָבן עקזיסטירט ביי יידן אין פּוילן, האָט דער בונד געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציאונג און בונ־דיסטן זיינען אין זיי נישט געווען טעטיק. כאָטש זיי האָבן, אין אַ מי־נימאַלער מאָס, דערפילט געוויסע נויטווענדיקע פונקציעס, האָט מען דאָך צו זיי געהאַט אַ גאַר קריטישע באַציאונג צוליב זייער ביוראָקראַ־טיזם און נישט דעמאָקראַטישן כאַראַקטער. ס׳האָט אין זיי געהערשט דער גייסט פון אַלט־פרענקישער צדקה. אַנדערש איז געווען מיט די געזעלשאַפטן אָרט און טאָז (אָזע). די ערשטע האָט געזאָרגט פאַר דער פאַך־אויסבילדונג ביי יידן, די צווייטע — פאַרן געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין די אַרבעטן פון די דאָזיקעביידע געזעלשאַפטן האָבן בונדיסטן זיך יאָ באַטייליקט. אין עטלעכע שטעט האָבן בונדישע טוער אַפילו געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָל.

די סאָציאַלע און אידעאָלאָגישע פרעמדקייט און די פיזישע דער־ווייטערטקייט האָבן גורם געווען, אַחוץ אין פאַרשאַרפטע אויסנאַם־פאַלן, אַז די קעגנזייטיקע אָטאַקעס צווישן דעם יידישן בירגערטום און דער אַרבעטערשאַפט זאָלן געפירט ווערן ביי נישט קיין גאַר הויכער טעמ־פּעראַטור.

אַנדערש, ווי פאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט אויסזען, איז געווען דער שטרייט אין אַרבעטער־לאַגער גופא, וואו די טעמפּעראַטור איז גע־ווען שטענדיק אָנגעגליט און איז פון צייט צו צייט געוואָרן אומדער־טרעגלעך.

בעיקר האָט עס געהאַט אַ שייכות צום שטרייט מיט די קאָמוניסטן. האָט מען דאָך געוואוינט מיט זיי צוזאַמען אין די זעלבע גאַסן און הייף, געאַרבעט אין די זעלבע ווערקשטאַטן, געהערט צו די זעלבע פּראָפע־סיאָנעלע פאַראייניגן, געטראַכט אין די זעלבע מאַרקסיסטישע קאַטעגאָריעס, באַנוצט די זעלבע מאַרקסיסטישע פאָרמולעס און געהאַט פאַר די אויגן דעם זעלבן ענדציל — סאָציאַליזם. אָבער צווישן די סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע אַרבעטער איז געווען אַ טיפער תהום און דעם תהום האָבן געשאַפן און כסדר טיפער געגראָבן די קאָמוניסטן. בעת די בונ־דיסטן האָבן פאַרטיידיקט זייערע אייגענע איבערצייגונגען, האָבן די קאָ־מוניסטן פאַרטיידיקט עכאָס פון מאָסקווער קרעמל; בעת דער בונד איז געווען פאַר אחדות פון די אַרבעטער נישט געקוקט אויף די ניואַנסן צווישן זיי, איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געווען פאַר פאַרטיפן די קעגנער־

שאַפט און פאַרפאַלגן די קעגנער עד חרמה. דער אַנטאַגאַניזם איז געוואָרן אַ באַשטאַנד־טייל פון טאָג־טעגלעכן לעבן, די קאָנפליקטן און צוזאַמענ־שטויסן אָן אַפּטע דערשיינונג. קיין שום אַפּעל צום שכל, צו די בשותּ־פותדיקע אַרבעטער־אינטערעסן אָדער פּשוט צו מענטשלעכער עטיק האָבן קיין פּעולה נישט געהאַט. די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס זיינען נישט געווען קיין קערפּערשאַפטן פון זעלבשטענדיק־טראַכטנדיקע מענטשן, נאָר פינגער אָדער גאָר בלויז נעגל פון אַ לאַנגער האַנט, וואָס האָט זיך אויס־געשטרעקט פון מאָסקווע.

אַ בונדישער וואָרט־זאָגער, י. כמורנער, האָט וועגן דעם געשריבן:

„די פאַשקווילן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי זייען אין די אַר־בעטער־רייען גיפטיקע זאָמען פון קעגנזייטיקן האַס, פון ברידער־שנאה פון ערגסטן מין. די פאַשקווילן זיינען אַ סיגנאַל צו מלחמה. זיי מונטערן אויף צו געשלעגן, צו אָנפאַלן, צו טעראָר־אַקטן. וואָס פאַר אַ רייד קאָן זיין וועגן וועלכער נישט איז געמיינזאַמער אַרבעט, ווען איין צד באַ־שולדיקט דעם צווייטן אין מיטאַרבעט מיט דער פּאָליציי, אין שפּיאָנאַזש, אין פּראָוואָקאַציע? פאַקטן האָבן זייער לאָגיק, זייער אייזערנע אומפאַר־מיידלעכע לאָגיק. ווען מען באַפאַלט אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען און מען טעראָריזירט זיי — דאַרף מען זיך ניט חידושן אויב די באַפאַלענע ווערן זיך קעגן אַזאַ 'רעוואָלוציאָנערער אַרבעט'. אויב מען באַפאַלט ווערק־שטאַטן און מען טרייבט מיט מעסער אַרבעטער פון דער אַרבעט, איז עס אַ צביעות צו קלאָגן זיך, ווען מען קריגט אַליין דערביי געשלאָגן. ווען מען טעראָריזירט פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און מען מאַכט אוממעגלעך יעדע אַרבעט, איז עס אַן אומפאַרשעמטקייט צו באַקלאָגן זיך פאַר וואָס מען ווערט אַרויסגעוואָרפן פון די פאַראיינען"... „זאָגט מען איינעם: דו ביזט אַ שפּיאָן, אַ פּראָוואָקאַטאָר, אַ דעפענסיווע־אַגענט — קאָן מען פון אים ניט פאַרלאַנגען, אַז ער זאָל דווקא וועלן זיצן מיט אָט דעם 'זאָגער' ביי איין טיש, אין איין פאַראיין, אין איין פאַרוואַלטונג"... „די נייע סטראַטעגיע פון די קאָמוניסטן האָט די פאַטאַלסטע פאָלגן" [87]).

**
*

אין די ערשטע 7 יאָר פון אומאָפּהענגיקן פוילן האָט דער בונד דורכגעמאַכט אַ בפירושע עוואָלוציע. צוזאַמען מיט אַנדערע רעוואָלוציאָ־נער־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָט ער זיך באַפרייט פון די אילוזיעס בנוגע דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. ס'איז פאַר אים געוואָרן קלאָר, אַז די קאָמוניסטישע טעאָריע פון אייגענער עקסקלוזיווקייט, פון אתה־בחרתנודיקייט און גייסטיק־פּאָליטישן טאָטאַליזם אין די אַרבעטער־רייען איז אין פולער סתירה צו דער בונדישער איינשטעלונג פון אַרבעטער־אחדות און קאָאָפּעראַציע פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און שטימט נישט מיטן פּרינציפּ פון מיינונג־פרייהייט, וואָס איז שטענדיק געווען איי־

נער פון די אומבאַשטרייטבאַרע יסודות פון דער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג.

די דערפאַרונג פון דער באַוועגונג האָט אויסגעאַרבעט אַ ספּעציעלן בונדישן נוסח אין דער טאָג־טעגלעכער טעטיקייט. מ׳איז ענגער פאַר־קניפּט געוואָרן מיט די אַלטעגלעכע נויטן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן און מ׳איז געוואָרן זייער העלפער, מאָנער און פאַרקעמפער — סיי פאַר זייערע סאָציאַלע פאַרבעסערונגען, סיי פאַר זייער שוץ אַנטקעגן די אַנטי־סעמיטישע אָנגריפן. דער בונד, וואָס איז פריער, אין די ערשטע צוויי צענטליק יאָר פון זיין עקזיסטענץ דורכגעגאַנגען אין די שווערע אומ־לעגאַלע באַדינגונגען אונטערן צאַרישן רעזשים און אַ פּעריאָד אונטער דער דייטש־מיליטערישער אָקופּאַציע, האָט מחמת דעם אַליין געמוזט זיין רעוואָלוציאָנער. ביי גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען, אין אומאָפּהענגיקן פוילן זיינען געוויסע אויסערלעך־רעוואָלוציאָנערע פאָרמען און מיטלען מער נישט נייטיק געווען, ס׳איז אָבער ווייטער געבליבן דער רעוואָלו־ציאָניזם, וואָס געפינט זיך אין תוך פון בונדיזם — אַ גייסט, וואָס דריקט זיך אויס אין די ענטפערס אויף די פּראָבלעמען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און פון יידישן לעבן.

# מקורים און באַמערקונגען

1) דער אויפרוף איז דערשינען אין שייכות מיטן אָפּדעקן אַ דענקמאָל פאַר דער רוסישער צאַרין יעקאַטערינאַ דער צווייטער. אין ווילנע האָט מען דעם אויפרוף געסטילט אין יידישן אָריגינאַל. איבערגעדרוקט געוואָרן אויך אין פויליש און רו־סיש אין:

Głos Bundu N 3, Listopad 1904.

Последнія Извѣстія № 195, 13 Октября 1904 г. Geneve.

2) דער וועקער נומ. 1 ; 3 יאַנואַר 1906, ווילנא.

3) אינפאָרמאַציע פון סאָפיע און אַלעקסאַנדער ערליך, ניו־יאָרק.

4) לעבענס־פראַגען נומ. 46 ; 15 נאָוועמבער 1918, וואַרשא.

5) זע 4.

6) זע 4, נומער 47 ; 22 נאָוועמבער 1918.

7) זע 4, נומ. 1 ; 6 דעצעמבער 1918.

8) זע 4, נומ. 127 ; 18 יוני 1919.

9) זע 4, פאַרשיידענע נומערן פון דעצעמבער 1918 ביז מיטן יאָר 1919.

י. ש. הערץ: די געשיכטע פון בונד אין לאָדזש, ז' 263 — 270, ניו־יאָרק 1958.
Rady Delegatów Robotniczych w Polsce, Tom 1, Warszawa 1962.

10) זע 4, נומער 13 ; 15 יאַנואַר 1919.

11) זע 4, נומ. 6 ; 7 יאַנואַר 1919.

12) זע 4, נומ. 16 ; 31 יאַנואַר 1919.

13) זע 9 : Rady.

14) אַרבייטער לוח, אויף דאָס יאָהר 1920 (וואַרשע).

15) זע 4, נומ. 43 ; 4 מערץ 1919.

16) זע 4, נומ. 221 — 228 ; 12 — 22 אָקטאָבער ; נומ. 231, 233, 235 און 238 ; 26, 28, 30 אָקטאָבער און 3 נאָוועמבער 1919.

17) ע. מוס: אַרבעטער־לוח, אויף דאָס יאָר 1923.

18) אונזער פאָלקס־צייטונג נומ. 17 ; 28 מערץ 1924, וואַרשע.

19) זע 17, אויף דאָס יאָר 1925.

20) פּראָפ. פסח ליבמאַן הערש, פּנחס שוואַרץ: פון זייערע מאַנוסקריפּטן אין אַרכיוו פון בונד. זע 4, נומ. 1 ; 1 יאַנואַר 1919.

21) זע 4, פון נומ. 73 ביז 94 ; 8 אַפּריל — 8 מאַי 1919. נומ. 213 ; 30 סעפּ־טעמבער 1919. טויזנט יאָר פינסק, רעד. ד"ר ב. האָפמאַן (צביון), ז' 213 — 219, ניו־יאָרק 1941. דאָס בילד פון דער בונדישער ב. אָ. איז אָפּגעדרוקט אין בוך דער בונד אין בילדער, ז' 37, ניו־יאָרק 1958.

22) זע 4, נומ. 97, 99 ; 12, 14 מאַי 1919.

23) זע 4, נומ. 112 ; 29 מאַי 1919.

24) זע 4, נומ. 126 ; 17 יוני 1919.

25) זע 4, נומ. 124 ; 15 יוני 1919.

26) פּנחס שוואַרץ: מאַנוסקריפּט אין אַרכיוו פון בונד.

27) Głos Bundu N 12, 13go Czerwca 1919, Warszawa.

פעפעסאָווצעס און קאָמוניסטן האָבן אויפן ראַט פון פאַרבאַנד פון אַרבעטער־קאָאָפּעראַ־טיוון אָפּגעוואָרפן דעם בונדישן פאָרשלאָג אַרויסצוגעבן דעם סטאַטוט און אַן אַגיטאַציע־בראָשור אויך אין דער יידישער שפּראַך.

28) זע 27, נומ. 13 ; 20 יוני 1919.

29) Nowe Życie N 5, 1 Lutego 1919, Kraków.

30) זע 4, נומ. 97, 99 ; 12, 14 מאַי 1919.

31) K. P. P., Uchwały i Rezolucje, Tom 1, str. 43-44, Warszawa 1954.

32) זע 4, נומ. 46 ; 15 נאָוועמבער 1918.

33) זע 4, נומ. 47 ; 22 נאָוועמבער 1918.

34) גבריאל : זע 4, נומ. 46 ; 15 נאָוועמבער 1918.

35) זע 4, נומ. 67 ; 1 אַפּריל 1919.

36) זע 4, נומ 68 ; 2 אַפּריל 1919.

37) זע 4, נומ׳ 69 ; 3 אַפּריל 1919.

38) זע 4, נומ. 67 — 69, 71 ; 1 — 3 ; 6 אַפּריל 1919.

Erklaerungen und Resolutionen der Delegation des Allgemeinem Juedischen Arbeiterbundes ("Bund") in Polen, Geneve, Febr. 1919.

די בונדישע דעלעגאַציע האָט פון צענטראַל־קאָמיטעט באַקומען אַ באַפולמעכ־טיקונג צו ריידן און אַריינטראָגן פאָרשלאָגן אויף דער בערנער קאָנפערענץ בלויז בנוגע נאַציאָנאַלע פראַגן, די דעלעגאַציע האָט זיך אָבער נישט געהאַלטן ביי דער באַגרענעצטער פולמאַכט און אויך זיך באַטייליקט אין באַהאַנדלען אַלגעמיינע פּראָב־לעמען.

39) זע 4, נומ. 182 ; 22 אויגוסט 1919.

40) זע 4, נומ. 1 (149), 2 (150) ; 6, 8 דעצעמבער 1918.

41) זע 4, נומ. 84 — 88 ; 25 — 30 אַפּריל 1919.

42) גענויער וועגן דער קאָנפערענץ — אין דריטן באַנד די געשיכטע פון בונד, ז׳ 475, ניו־יאָרק 1966. ווען אין וואַרשע האָט אָנגעהויבן דערשיינען דער אָרגאַן פון בונד אין דער פוילישער שפּראַך — גלאָס בונדו — איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצו־שטעלן נאָווע זשיטשע און שיקן די אַבאָנענטן דעם וואַרשעווער פּאַרטיי־אָרגאַן. דער קראָקעווער פּאַרטיי־אָרגאַן אין דער פוילישער שפּראַך האָט אויפגעהערט דערשיינען נאָך 17 נומערן.

43) פסח : זע 4, נומ. 76 ; 11 אַפּריל 1919. (פסח איז דער ערשטער נאָמען פון דעמביצער). זע 27, נומ. 6, 25 אַפּריל 1919.

Die Judenfrage der Gegenwart, SS. 60-62, Stockholm 1919.

44) זע 4, נומ. 227, 230, 231 ; 21, 24, 26 אָקטאָבער 1919. די רויטע פאַהן, נומ. 4, 5, 6 ; 25, 31 יאַנואַר, 7 פעברואַר 1919, סטרי.

45) אַרבייטער־שטימע נומ. 17 ; 14 אַפּריל 1920, וואַרשע.

46) זע 45, נומ. 19 ; 16 אַפּריל 1920.

47) אונזער שטימע, נומ. 16 ; 7 מאַי 1920, לעמבערג. א. ראַטמאַן : די נייע וועלט נומ. 33 ; 3 סעפּטעמבער 1920, ניו־יאָרק. (א. ראַטמאַן : איז דער פּסעוודאָנים פון גרשון זיבערט). פאַר דער ענדגילטיקער אָפּשטימונג זיינען פאָרגעשלאָגן געוואָרן אַלס באַזע צוויי רעזאָלוציע־פּראָיעקטן : איינער האָט באַקומען 44 שטימען און דער צווייטער — 34, ביי 8 אָפּגעהאַלטענע. דער ערשטער פּראָיעקט איז אַריבער אין אַ קאָמיסיע, וואָס האָט געמאַכט עטלעכע ענדערונגען און דאָס האָט, צוליב פאַרשיידענע מאָטיוון, גורם געווען, אַז אַ גרעסערע צאָל דעלעגאַטן זאָלן זיך אָפּהאַלטן פון שטימען.

48) זע 45, נומ. 23 ; 21 אַפּריל 1920.

49) Robotnik Żydowski, Lipiec-Sierpień 1920 r., Warszawa.

50) אַ גענויע רשימה פון דער בונדישער פּרעסע אין פּוילן — זע קאַפּיטל 15 ווי אויך מקורים און באַמערקונגען נומ. 82.

51) זע 49.

52) אונזער צייט, נאָוועמבער 1920, וואַרשאַ.

53) דורות בונדיסטן, בענד 2 און 3 ; 1956, 1958, ניו־יאָרק.

54) מאַטעריאַלן און דאָקומענטן, וואַרשאַ 1921.

55) М. Рафес: Очерки по Истории „Бунда", стр. 431, Москва, 1923.

פון דער גרינדונג אָן איז דער נאָמען פון דער קאָמ. פּאַרטיי געווען : קאָמוניסטישע ארבעטער־פּאַרטיי פון פּוילן. אויפן 3טן קאָנגרעס אין יאָר 1925 איז דער נאָמען געענדערט געוואָרן אויף קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן. דער קאָנגרעס האָט באַזייטיקט דאָס וואָרט ארבעטער, כדי צו פאַרלייכטערן די אַגיטאַציע און פאַרשטאַרקן די השפּעה צווישן די קליינבירגערלעכע עלעמענטן. דער בונד האָט פון זיין נאָמען (אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד) קיין מאָל דאָס וואָרט ארבעטער נישט באַזייטיקט. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט די קאָמוניסטן, וואָס האָבן זיך געיאָגט נאָך השפּעות צווישן די אָפּגעשטאַנענע פויערים און אַנדערע קלייַנבירגערלעכע עלעמענטן, צו פאַראַדירן מיט זייער עכטער פּראָלעטאַרישקייט און צוקלעפּן אַנדערע אַ קלייַנבירגערלעכע מאַרקע.

56) זע 54.

57) אַ מיטאַרבעטערין פון דער דעלעגאַציע איז געווען העלאַ קלעפּפיש. אין יענער צייט איז אין מאָסקווע אויך פאָרגעקומען אַ קאָנגרעס פון קאָמוניסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע צוקונפט אין פּוילן איז געווען איינגעלאַדן צו דעם קאָנגרעס מיט באַראַטונג־רעכט און האָט געשיקט אירס אַ דעלעגאַציע.

58) אין דער אַגיטאַציע קעגן בונד האָבן זיך אויך באַטייליקט די פאָרשטייער פון וועלט־פאַרבאַנד פון די לינקע פּועלי־ציון. אין זייער דערקלערונג און אין די שריפטלעכע מאַטעריאַלן, וואָס זיי האָבן פאַרשפּרייט צווישן די דעלעגאַטן, האָבן זיי אָנגעוויזן אויף דער אייגענער קאָמוניסטישער כשרקייט להיפּך צו דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם פון בונד.

59) גלינסקי איז אַ פּסעוודאָנים. דעם אמתן נאָמען האָבן מיר נישט געקענט פעסטשטעלן ; מעגלעך, אַז דאָס איז געווען עדוואַרד פּרוכניאַק, דער פאָרשטייער פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין עקזעקוטיוו פון קאָמינטערן.

60) די קאָמיסיע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיטן בריוו און צוגענומען די רעכט פון אַלטערן צו באַטייליקן זיך אין די אונטערהאַנדלונגען, האָט געהאַט אַזאַ צוזאַמענשטעל : פאָרזיצער מיכאַליאַק (פּסעוודאָנים פון פּוילישן קאָמוניסטישן פירער אַדאָלף וואַרשאַווסקי — וואַרסקי) ; יוזעף אונשליכט (אַ קאָמוניסט פון פּויליש־יידישער אָפּשטאַמונג, דעמאָלט פאָרזיצער פון „טשעקאַ" אין סאָוועט־רוסלאַנד) ; בעלאַ קון (פריער געשטאַנען בראש פון דער אונגאַרישער ראַטן־רעגירונג). אַלע נאָר־וואָס דערמאָנטע זיינען אין יאָרן אַרום ליקווידירט געוואָרן דורכן סטאַלין־רעזשים. דער פערטער מיטגליד פון דער קאָמיסיע איז געווען אַן אַדמיניסטראַטיווער סעקרעטאַר פון קאָמינטערן־עקזעקוטיוו — מ. קאָבעצקי (פון דער רוסישער פּאַרטיי). דער אורטייל איז באַגרינדעט געוואָרן מיט דעם, וואָס דער בריוו האָט אַנטהאַלטן אַ שילדערונג פון דעמאָלטיקן מצב אין רוסלאַנד און אין די סאָוועטישע תפיסות. די קאָמיסיע האָט דאָס באַטראַכט ווי אַ פיינטלעכן אַקט קעגן סאָוועטישן רעזשים.

61) מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער יודישער ארב.־בעוועגונג, וואַרשאַ 1921.

62) Деятельность Исполнительного Комитета и Президиума И. К. Коммунистического Интернационала, стр. 327 - 332, Петроград, 1922.

63) פאָלקס־צייטונג נומ. 7, 6 יאַנואַר 1922, וואַרשע.

64) איינער פון די אַחעקגעגאַנגענע קאָמבונדישע טוער איז צוריקגעקומען צום בונד — נאָכן טויט. אַבע פלוג, לאַנג־יאָריקער פאָרזיצער פון טעקסטיל־פאַראיין פון יידישע אַרבעטער אין וואַרשע, האָט איבער אַ צענטליק יאָר פאַרנומען אַן אָרט אין דער היעראַרכיע פון דער פוילישער קאָמוניסטישער פאַרטיי. צוליב פראַקציאָנעלע מאָטיוון האָט מען אים פון דער פאַרטיי באַזייטיקט. נאָך דעם איז ער געשטאָרבן, די קאָמוניסטישע פאַרטיי און דער פראָפעסיאָנעלער פאַראיין, וואָס איז געווען אונטער איר השפעה, האָבן זיך אָפּגעזאָגט איינצואָרדענען זיין לוויה. די משפחה האָט געבעטן די בונדישע אָרגאַניזאַציע, אַז זי זאָל דאָס טון און די בונדיסטן האָבן געטון דעם חסד של אמת פאַר דעם פאַרבלאָנדזשעטן אָבער געטרייען אַרבעטער־טוער. אין דעם קליינעם טראַגישן פאַקט שפּיגלט זיך אָפּ דער קערן פון שטרייט צווישן די צוויי שיטות אין דער אַרבעטער־באַוועגונג — צווישן הומאַניסטישן און דע־הומאַניזירטן „סאָציאַליזם”, וואָס איז געווען דער תוך פון שטרייט צווישן בונד און קאָמינטערן.

65) אין די ווייטערע יאָרן איז די נומעראַציע פון די ריכטונגען געווען אַ פּאַר־קערטע: די צענטריסטן זיינען געווען די „איינסער” (טעזן 1) און די לינקע די „צווייער” (טעזן 2). דער דעלעגאַט פון טעזן נומער 3 — משה גוטמאַן (בערל זעליקאָוויטש), אַ פּיאָנער פון פועלי־ציון און שפּעטער אַ פירער פון ס. ס. און פאַראייניקטע, האָט אויפן צוזאַמענפאָר דערקלערט, אַז ער טרעט אַרויס פון בונד. זיין דעלעגאַטן־מאַנדאַט איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם נאָענטסטן פאַרטרעטער, איסר גאָלדבערג. משה גוטמאַן איז אין 1939 אומגעבראַכט געוואָרן אין סאָוועט־רוסלאַנד דורך דער קאָמוניסטישער מאַכט.

66) אַרבעטער־לוח אויף דאָס יאָר 1925.

67) י. ש. הערץ: די געשיכטע פון אַ יוגנט, ז׳ 184, ניו־יאָרק 1946.

68) באַלד אויף דער ערשטער זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט האָט ענגלענדער דערקלערט, אַז ער נעמט נישט אָן דעם מאַנדאַט פון אַ צ. ק. מיטגליד, ווייל ער האַלט די פּאָליטישע באַשלוסן פון צוזאַמענפאָר פאַר צו ראַדיקאַל. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז ער אַוועק פון דער אָרגאַניזאַציע צוליב אַ פּונקט פאַרקערטן מאָטיוו — ער האָט געמאָלדן, אַז דער בונד און די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע זיינען צו ווייניק ראַדיקאַל און איז אַריבער צו דער קאָמוניסטישער פאַרטיי (געשטאָרבן אין דראָהאָביטשער טורמע אין יאָר 1929).

69) זע 67, זז׳ 189 — 190.

70) זע 67, ז׳ 195.

71) אַרבייטער־יוגנט, 20 יולי 1921, וואַרשא.

72) זע 67, זז׳ 228 — 231.

73) זע 61, זז׳ 85 — 91.

74) זע 67, זז׳ 276 — 283.

75) אַרבייטער־לוח אויף דאָס יאָהר 1921, וואַרשא 1921.

76) זע 75 אויף די יאָרן 1920 — 1926.

77) פראַנק קורסקי: אַריינפיר אין בוך פּיאָנערן און בויער, פון דזשאַן מילל (ערשטער באַנד), ז. 10, ניו־יאָרק 1946.

78) אונזער פאָלקס־צייטונג, נומ. 177, 23טן דעצעמבער 1923, וואַרשע.

79) זע 78, נומ 44 (227), 19 פעברואַר 1924.

80) זע 78, נומ׳ 46 (229), 47 (230), 21טן, 22טן פעברואַר 1924.

81) י. פעלדמאַן: אונזער צייט, נומ. 4 — 5, אַפּריל־מאַי 1969, ניו־יאָרק.

82) ה. קופּפערשטיין: פאָלקס־צייטונג, 15טן נאָוועמבער 1947, וואַרשע.

83) די צענטראַלע אָרגאַנען פון בונד זיינען דערשינען אין וואַרשע. ביז דעם

6טן דעצעמבער 1918 איז דאָס וואָכנבלאַט לעבענס־פראַגן געווען דער צענטראַל־אָרגאַן פון בונד אין פוילן. פון דער דאַטע אָן ביז דעם רעגירונג־פאַרבאָט פון 23 מערץ 1920 זיינען די לעבענס־פראַגן דערשינען ווי אַ טאָג־צייטונג. דעם 24 מערץ 1920 האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין די אַרבייטער־שטימע. דעם 28 אַפּריל 1920 האָט די רע־גירונג אויך זי אָפּגעשטעלט, פאַרחתמעט דעם לאָקאַל פון דער רעדאַקציע און דעם פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר מ. אָזשעך אַרעסטירט.

נאָך דעם איז פון 29 אַפּריל ביז דעם 13 מאַי יעדן טאָג דערשינען די צייטונג אונטער אַן אַנדערן נאָמען: אַרבייטער טאָג, נייער טאָג, נייער אַרבייטער טאָג, אונ־זער טאָג, פרייער טאָג, פרייער אַרבייטער־טאָג, אונזער אַרבייטער־טאָג, אונזער פרייער טאָג; אין די וויכטעדיקע טעג איז געווען אַן איבעררײַסונג פון די פריער־אויסגע־רעכנטע נעמען. דעם 14טן מאַי האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין די בונדישע טעגלעכע צייטונג אונטער אַ נייעם כסדריקן נאָמען — נייע אַרבייטער־שטימע. דעם 8 יולי 1920 האָט די רעגירונג אויך די צייטונג אָפּגעשטעלט, דעם רעדאַקציע־לאָקאַל פאַר־חתמעט און דעם פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר יודל פּיגאַ אַרעסטירט. מיט אַ טאָג שפּעטער איז דערשינען אַן איינמאָליקע אויסגאַבע טאָג־פראַגן. נאָך אַ הפסקה איז ערשט דעם 16טן יולי אַרויס דער ערשטער נומער די צייט, אָבער נאָך אין זעלבן טאָג איז די צייטונג פאַרבאָטן געוואָרן. ס'האָט ווידער געמוזט זיין אַ הפסקה. דעם 27טן יולי 1920 האָט די צייטונג אָנגעהויבן אַרויסגיין אונטערן נאָמען צייט־פראַגן, אָבער נאָכן 3טן נומער האָט מען אויך זי פאַרבאָטן און די פאַראַנטוואָרטלעכע רע־דאַקטאָרין מאַניע עליאַש איז געוואָרן אינטערנירט אויף דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה.

מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגע הפסקה אין דערשיינען פון דער בונ־דישער טעגלעכער פּרעסע אין פוילן. ביזן באַנייען די טעגלעכע פּרעסע האָט דער צ. ק. פון בונד אַרויסגעגעבן פאַרשיידענע פּעריאָדישע צייט־שריפטן. זיי זיינען געווען:

Robotnik Żydowski (דער יידישער אַרבעטער), יולי־אויגוסט 1920, וואַרשע.

אונזער צייט, נאָוועמבער 1920.

אונזער שטימע, וואָכנבלאַט, ערשטער נומער — 14 נאָוועמבער 1920, פאַרבאָטן ביים דערשיינען פון פערטן נומער, דעם 5 דעצעמבער 1920.

נייע צייט, 12 דעצעמבער 1920.

צייט־שטימען, 19 דעצעמבער 1920.

מאָרגנשטערן, וואָכנבלאַט. ערשטער נומער אַרויס דעם 24טן דעצעמבער 1920, אַרויסגעגעבן רעגולער, פאַרבאָטן דעם 19טן נאָוועמבער 1921, וואַרשע.

פאָלקס־צייטונג, אָנגעהויבן דערשיינען יעדע וואָך דעם 25טן נאָוועמבער 1921. פון נומער 15 אַרויס 2 מאָל אין וואָך. פון 1טן סעפּטעמבער 1922 — אַ טעגלעכע צייטונג; דעם 18טן אַפּריל 1923 איז זי פאַרבאָטן געוואָרן, וואַרשע.

די נייע צייט האָט אויף איר אָרט אָנגעהויבן דערשיינען מיט אַ טאָג שפּעטער, דעם 19 אַפּריל 1923. זי איז פאַרבאָטן געוואָרן דעם 18טן מאַי 1923. נאָך איר איז אַרויס אַן איינמאָליק בלאַט אונזער צייט.

אונזער פאָלקסצייטונג איז געווען דער נייער רינג אין דער קייט פון דער בונ־דישער טעגלעכער פּרעסע, זי האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין דעם 23טן מאַי 1923 און זיך געהאַלטן ביזן 15טן יאַנואַר 1926, ווען אויך אויף איר איז געקומען אַ פאַרבאָט. דעם 17טן יאַנואַר איז געווען אַן איינמאָליק בלאַט פאָלקס־צייטונג.

נייע פאָלקס־צייטונג איז געווען דער לעצטער נאָמען פון דער בונדישער טאָג־צייטונג. דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 18טן יאַנואַר 1926 און אונטער דעם נאָמען האָט די צייטונג זיך שוין געהאַלטן ביזן סאַמע סוף: די לעצטע

נומערן זיינען אַרויס אין סעפּטעמבער 1939 אין וואַרשע אונטער די באָמבאַרדירונגען און באַלאַגערונג פון די דייטש־נאַצישע חיילות. דער לעצטער נומער — דעם 22טן סעפּטעמבער 1939.

2 בייטאָג, טעגלעכע נאָכמיטאָג־צייטונג, אַפּריל — סעפּטעמבער 1932, וואַרשע.

דאָס קליינע בלאַט, טעגלעכע נאָכמיטאָג־צייטונג, 1934, וואַרשע.

אונזער צייט, חודש־שריפט, אין די יאָרן 1927 — 1932, וואַרשע.

Głos Bundu (די שטים פון בונד) וואָכנבלאַט, 1919; פון 6טן מערץ ביז דעם 27טן יוני אַ וואָכנבלאַט, פון 15טן יולי ביז דעצעמבער — 2 מאָל אַ חודש, וואַרשע.

Walka (קאַמף) חודש־זשורנאַל, פון מאַי 1924 ביז פעברואַר 1928 אין קראָקע.

Nasza Walka (אונזער קאַמף) חודש־זשורנאַל פון אויגוסט 1928 ביז יולי 1932, וואַרשע.

Pismo Codzienne (טעגלעכע צייטונג) אַרויס אין יאָר 1932, וואַרשע. געדרוקט אין דער בונדישער דרוקעריי, וואָס איז צוליב דעם אין 5 אָקטאָבער פון זעלבן יאָר פאַרחתמעט געוואָרן דורך דער רעגירונג און די צייטונג האָט געמוזט אויפהערן דער־שיינען. צווישן די מיטאַרבעטער געווען אויך פוילישע סאָציאַליסטן.

Nowe Pismo (נייע צייטונג), וואָכנבלאַט, 1932 — 1935, וואַרשע.

Myśl Socjalistyczna (דער סאָציאַליסטישער געדאַנק) אַ האַלב־חודשלעכער זשורנאַל פון יוני 1935 ביז פרילינג 1938, וואַרשע.

Nowe Życie (דאָס נייע לעבן) אַרויס צוויי מאָל אין חודש, פון 15 מאַי 1938 ביז ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה (23 אויגוסט 1939).

Nasza Trybuna (אונזער טריבונע) אַרויס עטלעכע נומערן אין יאָר 1928, וואַרשע; אָפיציעלער אַרויסגעבער פאַרבאַנד פון אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ.

אַ צאָל צייטשריפטן האָבן זייער אינהאַלט געווידמעט ספּעציעלע געביטן: ליטעראַטור, פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן, ספּאָרט. הגם די דאָזיקע צייטשריפטן זיינען נישט געווען קיין שטרענג־פּאַרטייאישע, זיינען אָבער אירע אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרן געווען בונדיסטן.

וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור, קונסט און קולטור, פון 23 יאַנואַר 1931 ביז מיטן יאָר 1935, וואַרשע.

פאָרויס, האַלב־חודשלעכער זשורנאַל פאַר ליטעראַטור, טעאַטער און קונסט, פון 10 דעצעמבער 1937 ביז 18 אויגוסט 1939, וואַרשע.

סאָציאַליסטישער פריידענקער, מאַי 1932, וואַרשע.

די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג האָט אויך געהאַט איר פּרעסע, אַ צענטראַלע און פון באַזונדערע פאַראיינען. הגם אָפיציעל זיינען דאָס געווען אויסגאַבעס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, איז אָבער זייער אינהאַלט געוואָרן פאַרפאַסט און רעדאַ־גירט פון בונדיסטן. זיי זיינען געווען:

דאָס פּראָפעסיאָנעלע לעבן, וואָכנבלאַט, ערשטער נומער אַרויס 1 אויגוסט 1919 (געזען 17 נומערן ביז 28 נאָוועמבער 1919), וואַרשע.

די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, וואָכנבלאַט, פון 28 יאַנואַר ביז 25 יוני 1920 — 15 נומערן, וואַרשע.

אַרבעטער־פראַגן, חודש־שריפט, אָנגעהויבן דערשיינען 15 יולי 1924, נאָך עטלעכע נומערן אָפּגעשטעלט. אָנגעהויבן ווידער דערשיינען 1 יאַנואַר 1928 (געזען 16 נומערן ביז יולי 1929), וואַרשע.

דער רוף, חודש־שריפט, פון דעצעמבער 1936 (געזען 9 נומערן ביז דעצעמבער 1938), וואַרשע.

אַחוץ די צענטראַלע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַנען האָבן אויך באַזונדערע פאַראיינען אַרויסגעגעבן זייערע צייטשריפטן:

דער בעקער, חודש־שריפט. ערשטער נומער 15 סעפטעמבער 1919, וואַרשע.

דער אַנגעשטעלטער, 1918 — 1919 (נומער 15 — 30 אויגוסט 1919), לאָדזש.

דער אַנגעשטעלטער, פון דעצעמבער 1928 (געזען נומערן ביז סעפטעמבער 1938), וואַרשע.

דער דרוקער אַרבעטער אָנגעהויבן דערשיינען אין יאָר 1926 (געזען נומערן ביז 1 מאַי 1939), וואַרשע.

דער טראַנספּאָרט אַרבעטער, פון נאָוועמבער 1936 (געזען נומערן ביז אַפּריל 1938), וואַרשע.

דער סאָציאַליסטישער האַנטווערקער, אָנגעהויבן דערשיינען יאַנואַר 1929, נאָך אַ לענגערער הפסקה באַנייט 1 אויגוסט 1936, וואַרשע.

Prawo do Pracy (רעכט אויף אַרבעט) אָנגעהויבן דערשיינען אין דעצעמבער 1928 (געזען נומערן ביז יאַנואַר 1930), וואַרשע.

די צענטראַלע אָנפירונג און באַזונדערע פּאַראיינען האָבן אויך אַרויסגעגעבן אַ צאָל איינמאָליקע אויסגאַבעס.

אַרבעטער־ספּאָרטלער, חודש־אָרגאַן פון אַרבעטער־ספּאָרט־פּאַרבאַנד, אָנגעהויבן דער־שיינען דעם 1טן יולי 1929 און מיט גרעסערע הפסקות דערשינען ביז ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה (1939).

Nowe Życie (דאָס נייע לעבן) וואָכנבלאַט פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פּאַרטיי אין גאַליציע. אָנגעהויבן דערשיינען נאָכן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז מערץ 1919, קראָקע.

דער סאָציאַל־דעמאָקראַט, אָרגאַן פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין גאַליציע און בוקאָווינע. נאָך דער געצוואונגענער הפסקה אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין קראָקע אָנגעהויבן ווידער דערשיינען (2 מאָל אין חודש) דעם 15 אָקטאָבער 1918. אַרויס ווייטער אין 1919.

אין דעם פּעריאָד האָבן אויך אָנגעהויבן דערשיינען בונדישע וואָכנבלעטער פון אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס.

לאָדזער וועקער, ערשטער נומער אַרויס דעם 23 פעברואַר 1921, דער לעצטער 25 דעצעמבער 1921. דערשינען 22 נומערן. 25 יאַנואַר 1922 אָנגעהויבן דערשיינען אונזער לאָדזער וועקער, אַרויס 7 נומערן ביזן 25 יוני 1922.

לאָדזשער וועקער, וואָכנבלאַט, דערשינען פון 14 אָקטאָבער 1926, אויפגעהערט אין יאָר 1934. אין 1935 יעדן פרייטאָג אַ זייט לאָדזשער וועקער אין דער בונדישער טעגלעכער נייע פאָלקס־צייטונג.

פון 24 מאַי 1936 יעדן טאָג אַ זייט לאָדזש אין דער נייער פאָלקס־צייטונג — ביזן אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה (סעפטעמבער 1939). דער לאָדזשער וועקער האָט געליטן פון קאָנפיסקאַציעס און ראַזיע אייכנער, די פאַראַנטוואָרטלעכע רעדאַקטאָרין, איז פאַרמשפט געוואָרן אויף 9 חדשים טורמע.

אונזער שטימע, וואָכנבלאַט, אָנגעהויבן דערשיינען דעם 1טן פעברואַר 1919 אין לעמבערג. געזען 67 נומערן, לעצטער 2 יולי 1920.

די רויטע פאָהן, אָנגעהויבן דערשיינען דעם 20 דעצעמבער 1918 אין סטרי (מזרח־גאַליציע). וואָכנבלאַט, געזען 9 נומערן — ביז 14 דעצעמבער 1919.

נייע אַרבייטער־שטימע, אָנגעהויבן דערשיינען דעם 12טן אויגוסט 1921. נאָך 4 נומערן האָט די רעגירונג זי פאַרבאָטן דעם 2 סעפּטעמבער 1921. אין אָקטאָבער 1922 באַנייט געוואָרן אין לעמבערג א. ג. אַרבייטער־שטימע: מיט הפסקות דער־שינען אין ווייטערדיקע יאָרן.

ביאַליסטאָקער אַרבייטער־שטימע, וואָכנבלאַט, אָנגעהויבן דערשיינען דעם 1 נאָ־

װעמבער 1921. געװאָרן קאָנפיסקירט און פאַרבאָטן. אין 1924 האָט אין ביאַליסטאָק אָנגעהויבן דערשײַנען דער װעקער, 18 מערץ 1927 דער ביאַליסטאָקער װעקער.

די אײניקײס, פּיעטריקאָװ, אַרױס 2 נומערן אין 1922.

פּיעטריקאָװער װעקער, װאָכנבלאַט, אָנגעהויבן אַרויסגײן אין יאָר 1924. דערשינען 15 יאָר ביזן אָנהייב פון דער צווייטער װעלט־מלחמה אין 1939.

בריסקער אַרבעטער־װעקער, 13 מאַי — 17 יוני 1927, 5 נומערן, בריסק. אויך איינמאָליקע אויסגאַבעס.

װאָלקאָװיסקער װעקער, 2 נומערן 1927, װאָלקאָװיסק.

אונזער שטימע, טעגלעכע צײַטונג, װילנע. 99 נומערן פון 5 דעצעמבער 1918 ביז 18 אַפּריל 1919. עטלעכע נומערן אין אויגוסט 1920.

דאָס פרייע װאָרט, װאָכנבלאַט אין װילנע. 39 נומערן פון 13 נאָװעמבער 1920 ביז דעם 24 סעפּטעמבער 1921.

אין 1921 אַרויס איין מאָל אונזער טריבונע.

אין יאָר 1922 זײַנען אַרויס אין װילנע דאָס װאָכנבלאַט אונזער צייט, 24 נומערן פון 14 יאַנואַר ביזן 1 יולי. צייט־פראַגן 15 יולי, איינמאָליקע אויסגאַבע.

אַרבעטער־בלאַט, װאָכנשריפט, 11 נומערן.

אונזער געדאַנק, װאָכנבלאַט, פון 22 יולי 1922, אָפּגעשטעלט דעם 20 מאַי 1924, אַרויס 70 נומערן אין װילנע.

אונזער שטימע, װאָכנבלאַט, 1927 — 1928, אָנגעהויבן דערשיינען 14 מאַי 1927 (געזען 18 נומערן ביז 2 מערץ 1928), װילנע.

אַרבעטער־צייטונג, װאָכנבלאַט, אָנגעהויבן אַרויסגיין 1923, שפּעטער טשענסטאָכאָװער װעקער. מיט הפסקות דערשינען ביז דער צווייטער װעלט־מלחמה, טשענסטאָכאָװ.

גראָדנער שטימע, װאָכנבלאַט, פון 20 מאַי 1927. אַרויס ביז ערב דער צװייטער װעלט־מלחמה, גראָדנע.

לובלינער שטימע, װאָכנבלאַט, ערשטער נומער 15 יאַנואַר 1928, לעצטער נומער אַרויס אין דער ערשטער װאָך פון דער צווייטער װעלט־מלחמה (סעפּטעמבער 1939), לובלין.

װלאָצלאַװקער װעקער, װאָכנבלאַט, פון פעברואַר 1939, װלאָצלאַװעק.

פון 1926 נישט־פּעריאָדישע אויסגאַבעס אין מעזריטש (אַרבעטער־אינפאָרמאַטאָר, מעזריטשער אַרבעטער שטימע און אַנדערע).

לאָמזשער װעקער, ניט־פּעריאָדיש 1938 — 1939, לאָמזשע.

קאַלישער װעקער, װאָכנבלאַט, 1931.

אַ צאָל שטעט האָבן פון צייט צו צייט, ביי װאַלן אָדער אַנדערע געלעגנהייטן, אַרויסגעגעבן איינמאָליקע צייטשריפטן.

קעגן שטראָם, זאַמלהעפטן, 1930 — 1936, װאַרשע (אַרויסגעגעבן פון דער „צװייער"־פראַקציע — פאַרטיי־מינדערהייט).

סאָציאַליסטישע בלעטער, זאַמלהעפט, יולי 1931, װאַרשע (אַרויסגעגעבן פון אַ גרופּע „איינסער"־אָנהענגער פון דער פאַרטיי־מערהייט).

פּאַראַלעל מיט דער פּרעסע פון בונד זײַנען דערשינען די צייטשריפטן פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. אויך די בונדישע יוגנט־פּרעסע האָט געליטן פון קאָנ־פיסקאַציעס און פאַרבאָטן. ס'זײַנען אַרויס: סאָציאַליסטישע יוגענד־שטימע, צוויי מאָל אין חודש, פון 1טן פעברואַר 1919 ביז 1טן מאַי 1920. די רעגירונג האָט דעמאָלט פאַרבאָטן דעם זשורנאַל װייטער צו דערשיינען און ס'זײַנען אַרויס אַ צאָל איינמאָליקע אויסגאַבעס:

אונזער צוקונפט, 15 מאַי 1920.

די צוקונפט, 15 יוני 1920.

נייע צוקונפט, 10 יולי 1920.
אונזער יוגנט־שטימע, אַ האַלב־מאָנאַטלעכע צייטונג, 10 יאַנואַר 1921. קאָנפּיסקירט און פאַרבאָטן ביים ערשטן נומער.
פּראָלעטאַרישע יוגנט, 5 פעברואַר 1921.
יוגנטלעכער אַרבעטער, 1 מאַי 1921.
אַרבעטער־יוגנט, 20 יולי 1921.
יוגנט־טאָג, 1 סעפּטעמבער 1921, קאָנפיסקירט.
יוגנט־שטימע, 15 דעצעמבער 1921.
די נייע יוגנט, 3 נומערן, ביילאַגעס צו דער פּאַלקסצייטונג, אַפּריל 1922.
פרילינג, 1 מאַי 1922. קאָנפיסקירט.
דער יוגנט־וועקער, 15 סעפטעמבער 1922.
אונזער יוגנט־וועקער, 1 נאָוועמבער 1922.
פון סוף 1922 האָט די בונדישע יוגנט־פּרעסע ווידער געקענט דערשיינען רעגולער: יוגנט־וועקער, פון 20 דעצעמבער 1922 ביז סוף סעפּטעמבער 1939. ביז סוף 1926 דערשינען איין מאָל אין חודש און פון 1טן יאַנואַר 1927 — צחיי מאָל אין חודש.
נייע קולטור, צוויי־חודש־שריפט פאַר פראַגן פון סאָציאַליסטישער אויפקלערונג און סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמען פון דער יידישער יוגנט. אַרויס פון סוף 1938 5 נומערן ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה.
אין דער פּוילישער שפּראַך: Młodzież Socjalistyczna (סאָציאַליסטישע יוגנט), חודש־זשורנאַל. 2 נומערן 1919. קאָנפיסקירט און פאַרבאָטן.
Nowa Młodzież (נייע יוגנט), מאַי 1921.
Wolna Młodzież (פרייע יוגנט), חודש־זשורנאַל, צוויי נומערן אַרויס אין לעמבערג אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן. צווייטער נומער קאָנפיסקירט און פאַר־באָטן.
Głos Młodzieży Socjalistycznej (די שטים פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט) יוני 1929. איינמאָליקע אויסגאַבע, קאָנפיסקירט.
Wolna Młodzież (פרייע יוגנט), חודש־זשורנאַל. אָנגעהויבן דערשיינען אין יאַנואַר 1938. דערשינען ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1939.
די בונדישע יוגנט־פּרעסע איז דערשינען אין וואַרשע. פון צייט צו צייט האָבן לאָדזש, ווילנע און עטלעכע אַנדערע שטעט אַרויסגעגעבן איינמאָליקע זאַמל־העפטן.
דער יוגנט־וועקער, הגם ער איז אַרויסגעגאַנגען קרוב 17 יאָר, איז פיל מאָל קאָנפיסקירט געוואָרן און קעגן זיינע פאַראַנטוואָרטלעכע רעדאַקטאָרן זיינען פאַרפירט געוואָרן געריכט־פּראָצעסן.
די רשימה פון דער בונדישער און קרובישער פּרעסע איז נישט קיין פולע. ביי עטלעכע אויסגאַבעס האָבן מיר נישט געקענט געפינען פּינקטלעכע דאַטעס פון זייער דערשיינען אָדער ווען זיי זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן. מיר האָבן אויך נישט פאַר־צייכנט אַ צאָל פאַרשיידענע איינמאָליקע אויסגאַבעס — צענטראַלע און לאָקאַלע.
84) פּ. שוואַרץ: פון נאָענטן עבר, באַנד צוויי, ז׳ 414, 1956, ניו־יאָרק.
85) זע 78, נומ. 159 (359), 161 (361), 8, 10 יולי 1924.
86) זע 78, נומ. 286 (486), 11 דעצעמבער 1924.
87) זע 78, נומ. 229, 28 סעפּטעמבער 1924.

ש. מ. זיגעלבוים

# די פראָפעסיאָנעלע באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער *

*) שמואל מרדכי (אַרטור) זיגעלבוים האָט איבערגעלאָזט אַ מאַנוסקריפּט וועגן דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער אין צאַרישן רוסלאַנד און אין אומאָפּהענגיקן פוילן. מיר דרוקן דאָ דעם צווייטן טייל (אַ קיצור פון אים איז געווען געדרוקט אין דער אלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, יידן ג).

# אינהאַלט:

## 1. אין די ערשטע יאָרן

די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער אין פּוילן האָט געהאַט איר אָנהייב אין צאַרישן רוסלאַנד און קייזערלעכן עסטרייך, צווישן וועלכע פּוילן איז געווען צעטיילט. אין דיביידע לענדער האָט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג דורכגעמאַכט אַ פאַרשיידנאַרטיקע דער־פאַרונג און האָט צו דער אָפענער לעגאַלער מאַסן־באַוועגונג אין אומ־אָפּהענגיקן פּוילן מיטגעבראַכט פאַרשיידענע טראַדיציעס. אין דעם טייל פּוילן, וואָס האָט געהערט צו עסטרייך, האָט די אַרבעטער־באַוועגונג גע־האַט די דערפאַרונג פון לעגאַלע, מאָדערנע, צענטראַליזירטע מאַסן־אָרגאַ־ניזאַציעס, בשעת אין רוסלאַנד איז די דערפאַרונג געווען פון דער אונ־טערערדישער, אומלעגאַלער באַוועגונג מיט דעם פּאָליטיש־בונטאַרישן גייסט, וואָס האָט אין איר געהערשט.

דער רוב מנין און בנין פון די יידישע אַרבעטער האָט זיך געפונען אין דעם טייל פּוילן, וואָס איז געווען אונטער רוסישער ממשלה. טראָץ דעם, וואָס די יידישע אַרבעטער האָבן זיך געפונען אונטערן צוואַנג פון צאַרישע פאַרבאָטן און טעראָר, האָט פונדעסטוועגן גראַד אין דעם טייל פּוילן שטאַרקער זיך אַנטוויקלט זייער שעפערישע קראַפט אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן. אין דער יידישער אַרבע־טער־באַוועגונג פון אומאָפּהענגיקן פּוילן האָבן דעריבער געווירקט די טראַדיציעס און אידעאָלאָגישע איינשטעלונגען, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון די שטורמישע יאָרן אין אַמאָליקן רוסלאַנד. די פריערדיקע אַנטוויק־לונג איז געווען די פאַרשולע פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אומאָפּהענגיקן פּוילן.

דער גרעסטער צענטער פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער איז געווען אין דער הויפּט־שטאָט — אין וואַרשע. צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען דאָרט געווען 15 פאַראיינען מיט איבער 15,000 מיטגלידער. זיי האָבן פאַרנומער 10 לאָקאַלן מיט 50 צימערן און האָבן פאַרמאָגט 20 געצאָלטע אָנגעשטעלטע. אויך אין אַ ריי אַנדערע שטעט פון פּוילן זיינען שוין געווען פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון יידישע אַרבעטער. אַחוץ דעם זיינען די פאַראיינען שוין געווען אַרומ־געוואַקסן מיט אַ נעץ קולטור־אינסטיטוציעס, קינדער־היימען, שולן, קיכן, קאָאָפּעראַטיוון אאַז״וו.

ביז צום אַנטשטייען פון אומאָפּהענגיקן פּוילן האָבן די פּראָפעסיאָנעלע

פאַראיינען זיך באַטראַכט ווי אַ טייל פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד, אָבער שוין זינט 1917 האָט אָנגעהויבן ווערן קלאָר, אַז פּוילן וועט באַשערט זיין אָנצוהויבן אַ זעלבשטענדיק מלוכה־לעבן און אַז אויך די אַרבעטער־באַוועגונג וועט דאָרט דאַרפן באַזונדער און זעלבשטענדיק פירן איר טעטיקייט. די פאַראיינען אין די גרויסע שטעט האָבן אַלץ מער און מער אָנגעהויבן שפּילן די ראָל פון די העכסטע אָנפירנדיקע צענטערן פאַר די ענלעכע אינסטיטוציעס אין דער אַרומיקער פּראָווינץ. אַלץ אָפטער פלעגן דעלעגאַטן פון קלענערע שטעט זיך ווענדן קיין וואַרשע נאָך אינסטרוקציעס און אָנווייזונגען און זיי פלעגן די אינ־סטרוקציעס אָננעמען ווי דירעקטיוון פאַר זיך.

ווען אין נאָוועמבער 1918 איז די וועלט־מלחמה געוואָרן פאַרענדיקט און ס'האָט זיך קאָנסטיטואירט דאָס אומאָפּהענגיקע פּוילן, זיינען די פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער פולשטענדיק געווען צו־געגרייט צו דעם דאָזיקן מאָמענט. די אָקופּאַציע־גרענעצן, וואָס האָבן צעטיילט דאָס לאַנד, האָבן אויפגעהערט צו עקזיסטירן. ס'האָבן זיך דערנענטערט צווישן זיך וואַרשע מיט לובלין, לאָדזש מיט קראָקע, לעמבערג מיט ביאַליסטאָק אאַז"וו. ס'האָבן זיך געעפנט נייע פּערספּעקטיוון און מעגלעכקייטן. מ'האָט זיך געטוישט מיט דערפאַרונגען. ס'האָט זיך אָנ־געהויבן אַ נייע אינטענסיווע באַוועגונג אין גאַנץ נייע באַדינגונגען.

צוויי יאָר האָט נאָך געדויערט אַ ווירטשאַפטלעכער כאַאָס. ס'האָבן געפעלט מאַשינען און רוישטאָפן, אָבער דער פולשטענדיק אויסגעהונ־גערטער מאַרק האָט מאָמענטאַל פאַרשלונגען יעדע אויסגעפאַרטיקטע אַרבעט. די אינדוסטריע האָט זיך פון ערשטן מאָמענט אָן גענומען וועקן צום לעבן. אַרבעטער האָבן זיך אָנגעהויבן אומקערן צו זייערע פאַכן און די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן זיך ערשט געקענט ווידמען זייער אייגנטלעכער פונקציע — אָנצופירן מיטן עקאָנאָמישן קאַמף פון די אַר־בעטער, רעגולירן די אַרבעטס־באַדינגונגען, הויבן די אַרבעטער־לוינען. גלייך די ערשטע טריט צום נאָרמאַלן נאָך מלחמהדיקן ווירטשאַפטלעכן לעבן זיינען געווען באַגלייט פון אַ גרויסער כוואַליע לוין־שטרייקן, וואָס אויך די יידישע פאַראיינען האָבן אָנגעפירט.

גלייכצייטיק האָט מען פונם ערשטן טאָג אָן אָנגעהויבן זאָרגן פאַר דעם אויסבויען פון צענטראַליזירטע אינדוסטריעלע לאַנד־פאַראיינען לויטן אייראָפּעאישן מוסטער. ביי אַ גרויסן טייל פון די וואַרשעווער פאַראיינען איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע אָרגאַניזיר־קאָמיסיע, וועלכע האָט זיך גלייך פאַרבונדן מיט די פאַראיינען פון די זעלבע אינדוסטריע־צווייגן אין דער פּראָווינץ און האָט לגבי זיי געשפּילט די ראָל פון אַ צייט־ווייליקער צענטראַל־פאַרוואַלטונג. די צענטראַלע אָרגאַניזיר־קאָמיסיעס האָבן געהאָלפן די עקזיסטירנדיקע פאַראיינען מיט ראָט און טאָט. זיי האָבן זיך באַמיט צו קאָאָרדינירן די לוינען און די שטרייקן אין לאַנד און זיי

האָבן געהאָלפן עפּענען נייע לאָקאַלע פאַראיינען פון זייערע אינדוסטריע־צווייגן. פּונקט אַזוי איז ביים וואַרשעווער צענטראַל־ביוראָ פון אַלע בראַנזשע (אינדוסטריעלע) פאַראיינען אויך געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע אָרגאַניזיר־קאָמיסיע, וועלכע האָט זיך פאַרבונדן מיט די עקזיסטירנדיקע צענטראַל־ביוראָען פון די אַנדערע שטעט, האָט געשאַפן נייע צענטראַל־ביוראָען אין אַזעלכע שטעט, וואו זיי זיינען נאָך נישט געווען און זי האָט לגבי די צענטראַל־ביוראָען אין דער פּראָווינץ געשפּילט די ראָל פון אַ צייטווייליקער העכסטער אָנפירונג פון דער גאַנצער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער אין פּוילן.

אין די יאָרן 1919 — 1922 איז פאָרגעקומען אין אַ פיבערהאַפטן טעמפּ דער פּראָצעס פון צענטראַליזירן און פאַנאַנדערבויען די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אין 1920 ווערט דער דאָזיקער פּראָצעס אויף אַ וויל איבערגעהאַקט דורך דער מלחמה צווישן פּוילן און סאָוועט־רוסלאַנד און דורך די רעפּרעסיעס לגבי דער בונדישער באַוועגונג. אָבער גלייך ווי די מלחמה ענדיקט זיך, שטעלט זיך די באַוועגונג באַלד צוריק אויף די פיס און עס ווערן פאַרהיילט די שווערע וואונדן, וואָס זי האָט באַקומען.

די יונגע באַוועגונג איז געווען אַרומגערינגלט מיט צוטרוי, גלויבן און ענטוזיאַזם פון אירע מיטגלידער און טוער. שוין אין 1919 זיינען פאָרגעקומען די ערשטע גרינדונג־צוזאַמענפאָרן פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון אַ ריי אינדוסטריע־צווייגן. די דאָזיקע צוזאַמענפאָרן האָבן יעדן פון די פאַראיינען פאַקטיש און פאָרמעל קאָנסטיטואירט אַלס צענטראַלן לאַנד־פאַראיין, געבויט לויטן אינדוסטריע־פּרינציפּ. די צוזאַמענפאָרן האָבן באַשטימט די סטאַטוטן און רעגולאַמינען פון די פאַראיינען און זיי האָבן אויסגעוויילט זייערע צענטראַלע אָנפירנדיקע קערפּערשאַפטן.

אין 1921 האָט די צענטראַלע אָרגאַניזיר־קאָמיסיע פון אַלע יידישע פאַראיינען אין פּוילן, וועלכע איז געווען ביים וואַרשעווער צענטראַל־ביוראָ, לעגאַליזירט דעם סטאַטוט פון פאַרבאַנד פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין פּוילן. די דאָזיקע צענטראַלע אָרגאַניזיר־קאָמיסיע האָט, אויפן סמך פונם נאָר־וואָס לעגאַליזירטן סטאַטוט, צונויפגערופן דעם ערשטן לאַנד־צוזאַמענפאָר פון אַלע צענטראַלע פאַראיינען און פון די אָרטיקע צענטראַל־ביוראָען פון די יידישע פאַראיינען. דער צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 26 און 27 אַפּריל 1921 אין וואַרשע, האָט באַשטעטיקט דעם סטאַטוט, האָט באַשטימט די ריכט־ליניעס און די טאַקטיק פון דער גאַנצער באַוועגונג. ער האָט אויך אויסגעקליבן די העכסטע אָנפירנדיקע איינריכטונג, וואָס האָט לויטן סטאַטוט באַקומען דעם נאָמען לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין פּוילן.

# 2. דער פּראָצעס פון פאַראייניקונג

אַחוץ דער צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען, אָנגעפירט פון בונדיסטן, האָבן אין וואַרשע געהאַט זיך קאָנסטיטואירט נאָך צוויי צענטראַל־ביוראָען פון יידישע אַרבעטער־פאַראיינען — אונטער דער השפעה פון פּועלי־ציון און פון ס. ס. (פאַראייניקטע). נאָכן שאַפן דעם לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, האָט ער אָנגעהויבן מאַכן באַמיאונגען וועגן אַ פאַראייניקונג פון דער גאַנצער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

נאָך אַ צייט פאַר דעם ערשטן קאָנגרעס פון די יידישע פאַראיינען האָט די צענטראַלע אָרגאַניזיר־קאָמיסיע פון די בראַנזשע־פאַראיינען אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען מיט די צענטראַל־ביוראָען פון די פּועלי־ציון און פון ס. ס. וועגן פאַראייניקן זיך און וועגן אַריינגיסן זייערע פאַראיינען אין די גרויסע בראַנזשע־פאַראיינען. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען האָט אין 1920 די ס. ס.אישע צענטראַל־ביוראָ זיך פאַראייניקט מיטן צענטראַל־ביוראָ פון די בראַנזשע־פאַראיינען (אָנגעפירט פון בונדיסטן) און ס'איז אויסגעבילדעט געוואָרן אַ געמיינזאַמער צייטווייליקער צענטראַל־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין וואַרשע. מיט דעם וואָרט „צייטווייליקער" האָט מען אונטערגעשטראָכן, אַז ביז דאָס פּ. צ.אישע צענטראַל־ביוראָ וועט זיך נישט אָנשליסן, ווערט די פאַראייניקונג נישט באַטראַכט ווי אַ פולשטענדיקע. מיט דער פּ. צ.אישער צענטראַל־ביוראָ זיינען ווייטער געפירט געוואָרן די אונטערהאַנדלונגען, וואָס האָבן געדויערט ביזן יאָר 1921. דעמאָלט איז צו דער פאַראייניקונג צוגעטרעטן אויך די פּ. צ.אישע צענטראַל־ביוראָ און ס'איז געשאַפן געוואָרן אַן אַלגעמיינער וואַרשעווער צענטראַל־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע וואַרשעווער פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער. צוזאַמען מיט דעם זיינען די באַזונדערע עקזיסטירנדיקע פאַראיינען פון ס. ס. און פּ. צ. אַריינגעטרעטן אין די צענטראַליזירטע פאַראיינען, וואָס זיינען שוין געווען אָנגעשלאָסן אין לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער.

די וויכטיקסטע אויפגאַבע, וואָס איז פאַרבליבן אין אָרגאַניזאַציאָנעלער היגזיכט, איז געווען די פאַראייניקונג פון דער יידישער מיט דער פּוילישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. דאָס איז געווען אַן אויפגאַבע פון אַ וויכטיקער פּראַקטישער און פּרינציפּיעלער באַדייטונג.

פון דער ערשטער מינוט אָן האָט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג געשטרעבט צו בילדן אַן אויטאָנאָמען באַשטאַנדטייל אין דער אַלגעמיינער באַוועגונג פון לאַנד. די דאָזיקע שטרעבונג האָט געהערט צו די וויכ־טיקסטע עיקרים אין דער אידעאָלאָגישער איינשטעלונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. כל־זמן די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג איז געווען אַן אומלעגאַלע, אונטערערדישע באַוועגונג, האָט מען געקענט אָפּקומען מיט פאַרשיידענע מינים קאָנטאַקטן. ווען אָבער די אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך גענומען איינפונדעווען אַלס אָפענע לעגאַלע באַוועגונג, דער־לויבט דורך די געזעצן פון לאַנד, איז פאַר דער פּראָפעסיאָנעלער באַ־וועגונג פון די יידישע אַרבעטער געווען ממש אַ לעבנס־פראַגע צו שאַפן די פאַראייניקונג מיט דער פוילישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אויף אַזעלכע יסודות, צו וועלכע מען האָט אַלע יאָרן געשטרעבט. די אויפ־גאַבע איז אָבער נישט געווען אַזוי לייכט צו דערפילן. די פוילישע אַר־בעטער־באַוועגונג גופא האָט אויך ערשט געהאַלטן אין אָנהייב פון איר אָרגאַניזיר־פּעריאָד אין די נייע באַדינגונגען. אַחוץ דעם זיינען פון די פריערדיקע יאָרן, טראָץ דער טיילווייזער צוזאַמענאַרבעט, מיטגעבראַכט געוואָרן אין דער נייער לעגאַלער באַוועגונג פאַרשיידענע פאָראורטיילן, מיספאַרשטענדנישן און באַזונדערע בליקן אויף די פאָרמען פון אַ פּוי־ליש־יידישער געמיינזאַמער באַוועגונג. דאָס אַלץ האָט געמוזט באַזייטיקט ווערן, כדי די פאַראייניקונג זאָל פאַקטיש ווערן מעגלעך.

די פוילישע אַרבעטער־באַוועגונג איז געווען צעטיילט און צעשפּאָלטן נישט ווינציקער, ווי די יידישע. אין סעפּטעמבער 1916 איז געשאַפן געוואָרן אַ צייטווייליקע צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען אין פוילן. דאָס האָט געדאַרפט זיין די העכסטע צענטראַלע אָנפי־רונג פון דער פוילישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. פאַקטיש אָבער איז דאָס געווען נאָר אַ סימבאָל פון אַזאַ צענטראַלער אָנפירונג. דאָס לאַנד איז נאָך געווען געטיילט צווישן צוויי מיליטערישע אָקופּאַציעס, (אַ דייטשע און עסטרייכישע). צווישן די פוילישע אַרבעטער גופא האָבן דעמאָלט געווירקט 3 סאָציאַליסטישע פּאַרטייען: די פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.)־„פראַקציאַ“, די פּ. פּ. ס.־„לעוויצאַ“, די סאָציאַל־דעמאָקראַ־טיע פון קעניגרייך פוילן און ליטע (ס. ד. ק. פּ. ל.). די צענטראַל־קאָמיסיע האָט אַרומגענומען די פאַראיינען בלויז פון דער פּ. פּ. ס.־פראַקציאַ. אין וואַרשע האָבן אין די יאָרן פון דער מלחמה זיך אויסגעבילדעט צוויי באַזונדערע „ראַדעס“ (שטאָטישע צענטראַלע ראַטן) פון די פוילישע פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען: איינע אונטער דער אָנפירונג פון דער פּ. פּ. ס.־לעוויצאַ און ס. ד. ק. פּ. ל., אַ צווייטע אונטער דער אָנפירונג פון פּ. פּ. ס.־פראַקציאַ.

נאָך אין 1916, 1917 און 1918 האָט די יידישע צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען געפירט געשפּרעכן וועגן

פאַראייניקונג. די געשפּרעכן האָבן נישט געגעבן קיין שום רעזולטאַטן, ווייל סיי די פּ. פּ. ס.־פראַקציאַ, סיי די פּ. פּ. ס.־לעוויצאַ און די ס. ד. ק. פּ. ל. וועלכע האָבן סוף 1918 זיך פאַראייניקט און געבילדעט די פּוילישע קאָ־מוניסטישע פּאַרטיי, זיינען נישט געווען גרייט צו באַוואָרענען אויף אַ געהעריקן אופן די ספּעציעלע באַדערפענישן און רעכט פון די יידישע אַרבעטער אין אַ פאַראייניקטער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

אין יאָר 1919 האָבן זיך שוין געפירט פאָרמעלע פאַראייניקונג־אונ־טערהאַנדלונגען, אָבער אויך אָן רעזולטאַטן. אין 1920 איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג פון די צוויי פּוילישע „ראַדעס". אין די טעג פון 14 — 16 מאַי פון זעלבן יאָר איז פאָרגעקומען דער ערשטער לעגאַלער קאָנ־גרעס פון דער פּוילישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, אויף וועלכן עס זיינען פאַראייניקט געוואָרן די פּוילישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון גאַליציע און פון פריערדיקן רוסיש־פּוילן. אויף דעם קאָנגרעס איז אויך אויסגעוויילט געוואָרן די ערשטע נאָרמאַלע צענטראַל־קאָמיסיע פון אַלע פּוילישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין פּוילן. אויף דעם דאָזיקן קאָנ־גרעס פון די פּוילישע פאַראיינען האָט געהאַלטן אַ באַגריסונג־רעדע אין נאָמען פון די יידישע פאַראיינען ה. ערליך. פאַר די פּוילישע דעלעגאַטן האָט ער אַוועקגעשטעלט דעם פּראָבלעם פון פאַראייניקונג מיט די יידישע אַרבעטער און דערביי באַגרינדעט די פּרינציפּן פון פולער גלייכבאַרעכ־טיקונג פון די יידישע אַרבעטער אין געמיינזאַמע פאַראיינען. דער קאָנ־גרעס האָט אין פּרינציפּ אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגן דער נויטיקייט צו פאַראייניקן זיך מיט דער יידישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און האָט באַפולמעכטיקט די ניי־געוויילטע צענטראַל־קאָמיסיע דעם באַשלוס אַדורכצופירן אין לעבן. די פאַראייניקונג־אונטערהאַנדלונגען זיינען פון דעמאָלט אָן איבערגעטראָגן געוואָרן פון וואַרשעווער לאָקאַלן באָדן אויף אַ צענטראַלן. זיי זיינען געפירט געוואָרן צווישן דער פּוילישער צענטראַל־קאָמיסיע און דער יידישער צענטראַלער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע און זיינען געווען חל ניט בלויז פאַר וואַרשע נאָר פאַרן גאַנצן לאַנד.

אין אָנהייב זיינען די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און דער בונד געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון פולשטענדיקן צונויפגיסן פון די פּוילישע מיט די יידישע אַרבעטער אין געמיינזאַמע פאַראיינס־אָפּטיילונ־גען, מיטן רעכט פון די יידישע אַרבעטער זיך צו באַנוצן מיט זייער שפּראַך. לויט דער דאָזיקער קאָנצעפּציע האָט דער פאַראיין געדאַרפט פירן צווישן זיינע יידישע מיטגלידער די אויפקלערונג־אַרבעט אין יידיש און די יידישע אַרבעטער האָט געדאַרפט איבערגעלאָזט ווערן אַ געוויסע זעלבשטענדיקייט אויף די געביטן פון קולטור־אַרבעט. אָבער דעמאָלט זיינען סיי די פּ. פּ. ס. און סיי די קאָמוניסטן געווען אַנטשיידענע קעגנער פון אַזאַ מין פאַראייניקונג. די קאָמוניסטן האָבן אַרויסגערוקט אַ פּראָיעקט פון אַ פאַראייניקונג אויפן יסוד פון נאַציאָנאַלע פיליעס (אין זייער פּראָ־

פעסיאָנעלן יידישן אָרגאַן דער בוי־אַרבעטער). אָבער ווען דער וואַרשע־ווער צענטראַל־ראַט פון די יידישע פאַראיינען האָט, צוליב דער עקשנות פון ביידע ריכטונגען אין דער פוילישער באַוועגונג, באַשלאָסן צו גייַן אויף קאָמפּראָמיסן און ער האָט אין 1920 צוגעשטעלט סיי דער אַלגעמיינער צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און סיי דער אָנ־פירונג פון די קאָמוניסטישע פאַראיינען אַ פּראָיעקט פון אַ פאַראייניקונג־אָפּמאַך אויפן יסוד פון נאַציאָנאַלע פיליעס, האָבן די קאָמוניסטישע פאַר־איינען אינגאַנצן נישט געענטפערט און די צענטראַל־קאָמיסיע האָט גע־ענטפערט, אַז זי באַטראַכט דעם פּראָיעקט אַלס אַן ערנסטן יסוד פון אונטערהאַנדלונגען.

אויפן סמך פונם דאָזיקן פּראָיעקט זיינען פאָרגעקומען אונטערהאַנד־לונגען צווישן ביידע העכסטע איינריכטונגען פון דער פוילישער און יידישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. די אונטערהאַנדלונגען האָבן גע־דויערט ביז סוף 1921. דעם 25 נאָוועמבער 1921 איז ענדלעך געשלאָסן געוואָרן אַ פאַראייניקונג־אָפּמאַך צווישן דער צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די פּוילישע אַרבעטער און דעם לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער.

לויטן דאָזיקן אָפּמאַך זיינען די יידישע פאַראיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פיליעס פון די אַלגעמיינע מיטן רעכט איינצוהאַלטן זייער אָרגאַניזאַציע־אַפּאַראַט (פּונקט 1). די יידישע פיליעס האָבן באַקומען די רעכט צו באַנוצן זיך מיט דער יידישער שפּראַך אין דער גאַנצער טעטיקייט, אָבער די הויפּט־קאַסע־ביכער און די קאָרעספּאָנדענץ צווישן דער פיליע און דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג האָבן געדאַרפט געפירט ווערן אין פּוי־ליש (פּ. 3). אַלע צירקולאַרן, אויפרופן און פּרעסע פון פאַראיין דאַרפן פאַר די יידישע מיטגלידער אַרויסגעגעבן ווערן אין יידיש, אויב די צאָל יידישע מיטגלידער אין געגעבענעם פאַראיין באַפרידיקט די הוצאות. (פּ. 4). יעדער פאַראיין־מיטגליד קען זיך ווענדן אַפילו צו דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג אויך אין יידיש (פּ. 5). די יידישע מיטגלידער דאַרפן באַקומען לויט זייער וואונטש אַן אַנטשפּרעכנדיקע פאַרטרעטערשאַפט אין אַלע צענטראַלע און ראַיאָן־אינסטאַנצן פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג (פּ. 6). ביי דער צענטראַל־קאָמיסיע ווערט, אין פאַרשטענדיקונג מיט די יידישע פיליעס, געשאַפן אַ צענטראַלע אָפּטיילונג אָנצופירן מיט דער אַגיטאַציע, קולטור־ און בילדונג־אַרבעט. דער סעקרעטאַר פון דער דאָ־זיקער קערפּערשאַפט ווערט באַצאָלט דורך דער צענטראַל־קאָמיסיע.

דער דאָזיקער אָפּמאַך האָט פאַרפיקסירט אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג דעם אָרגאַניזאַציע־פּרינציפּ, צו וועלכן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, אונטער דער אָנפירונג פון בונד, האָט אַלע יאָרן געשטרעבט אין אַ פאַראייניקטער אַרבעטער־באַוועגונג.

אויפן סמך פונם דאָזיקן אָפּמאַך איז דער לאַנד־ראַט מיט אַלע אין

אים אַנגעשלאָסענע פֿאַראיינען, אַריינגעטרעטן אין דער צענטראַל־קאָמיסיע. די יידישע פֿאַראיינען האָבן זיך שוין באַטייליקט מיט 29 אייגענע דעלע־גאַטן (פֿון זיי 25 בונדיסטן) אויפֿן צווייטן אַלגעמיינעם קאָנגרעס פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען אין פּוילן, וועלכער איז פֿאָרגעקומען אין קראָקע אין מאַי 1922. דער דאָזיקער קאָנגרעס האָט איינשטימיק אָק־צעפּטירט דעם פֿאַראייניקונג־אָפּמאַך.

צום מאָמענט פֿון דער פֿאַראייניקונג האָבן די יידישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען אין פּוילן שוין מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ באַדייטנדיקן כּוח. דער לאַנד־ראַט פֿון די יידישע פֿאַראיינען האָט אַריינגעפֿירט אין דער צענטראַל־קאָמיסיע 7 צענטראַליזירטע לאַנד־פֿאַראיינען מיט 205 לאָקאַלע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן צוזאַמען געציילט קנאַפּע 50 טויזנט מיט־גלידער. אָט איז די רשימה פֿון די יידישע פֿאַראיינען, וועלכע האָבן זיך פֿאַראייניקט מיט די פּוילישע:

1) דערנערונג־פֿאַראיין: 17 אָפּטיילונגען מיט 3,085 מיטגלידער.
2) דרוקער־פֿאַראיין: 10 אָפּטיילונגען מיט 1,774 מיטגלידער.
3) האָלץ־פֿאַראיין: 23 אָפּטיילונגען מיט 2,575 מיטגלידער.
4) באַקלייד־פֿאַראיין: 79 אָפּטיילונגען מיט 14,680 מיטגלידער.
5) מעטאַל־פֿאַראיין: 10 אָפּטיילונגען מיט 2,040 מיטגלידער.
6) לעדער־פֿאַראיין: 54 אָפּטיילונגען מיט 10,972 מיטגלידער.
7) טעקסטיל־פֿאַראיין: 12 אָפּטיילונגען מיט 11,075 מיטגלידער.

אַ חודש פֿריער, ווי דער פֿאַראייניקונג־אָפּמאַך איז באַשטעטיקט גע־וואָרן אויף דעם אַלגעמיינעם קאָנגרעס אין מאַי 1922, איז פֿאָרגעקומען דער צווייטער צוזאַמענפֿאָר פֿון אַלע יידישע צענטראַלע פֿאַראיינען און אָרטיקע ראַטן, וועלכער האָט אין נאָמען פֿון די יידישע פֿאַראיינען דעם אָפּמאַך אָקצעפּטירט. אויף דעם צווייטן צוזאַמענפֿאָר פֿון די יידישע פֿאַראיינען זיינען געווען 38 דעלעגאַטן. לויט דער אַנקעטע, וואָס די דע־לעגאַטן האָבן אויסגעפֿילט, האָבן 28 פֿון זיי געהערט צום בונד, 5 צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, 4 צו די פּועלי־ציון, 1 צו די פֿאַראייניקטע. די דאָזיקע פּראָפּאָרץ דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס אַ ריכטיקע אָפּשפּיגלונג פֿון די פּאַרטייאישע כּוחות־פֿאַרהעלטנישן, וואָס האָבן דעמאָלט עקזיסטירט אין די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען פֿון די יידישע אַרבעטער. די מאַנ־דאַטן־קאָמיסיע אויפֿן צווייטן צוזאַמענפֿאָר פֿון די יידישע פֿאַראיינען, וואָס איז באַשטאַנען פֿון פֿאַרשטייער פֿון אַלע ריכטונגען, האָט איינשטימיק באַ־שטעטיקט אַלע מאַנדאַטן, אַחוץ איינעם, וועלכער איז באַשטעטיקט געוואָרן מיט אַ מערהייט שטימען.

נאָך דעם, ווי ס'איז באַשטעטיקט געוואָרן דער אָפּמאַך וועגן דער פֿאַראייניקונג, האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט פֿון פֿאַראייניקן די יידישע מיט די פּוילישע פֿאַראיינען פֿון יעדער אינדוסטריע באַזונדער. סיי די פּוילישע צענטראַל־קאָמיסיע, סיי דער יידישער לאַנד־ראַט האָבן נישט

דערוואַרט, אַז די דאָזיקע אויפגאַבע וועט אָנקומען גרינג. אין זייער פיל פאַלן האָבן טייל פוילישע טוער פון די פאַראייגען נישט געוואָלט מסכים זיין מיט, לויט זייער מיינונג, „צו ברייטע" רעכט, וואָס דער אָפּמאַך האָט געגעבן די יידישע אַרבעטער. די צענטראַל־קאָמיסיע האָט געמוזט אַריינלייגן אַ סך אַרבעט, כדי זיי איבערצוציִיגן און גובר זיין צענטליקער אַנדערע שוועריקייטן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן אין דער פּראַקטיק. אין געוויסע פאַכן זיינען געווען אָביעקטיווע שוועריקייטן. למשל, אין דער מעטאַל־אינדוסטריע האָט דער פוילישער פאַראיין אַרומגענומען אַרבעטער בעיקר פון גאַר גרויסע און פון מיטעלע פאַבריקן. דער בוי פון זיין פאַראיין־אַפּאַראַט איז דעריבער געווען צוגעפּאַסט צו דער גרויס־אינדוס־טריע, וואו איין פאַראיין־פונקציאָנאַר האָט געקאָנט באַדינען 3 — 4 טויזנט מיטגלידער. דער יידישער מעטאַל־פאַראיין האָט אַרומגענומען בעיקר די קליין־אינדוסטריע, וואו 1,000 אַרבעטער זיינען געווען צעשפּרייט אין עטלעכע הונדערט ווערקשטאַטן און פאַר 1,000 יידישע אַרבעטער איז געווען ווינציק איין פונקציאָנאַר, כדי זיי געהעריק צו באַדינען. דער פוילישער מעטאַל־פאַראיין האָט דעריבער דערקלערט, אַז ער קאָן נישט אָננעמען דעם פונקט פונם פאַראייניקונג־אָפּמאַך, וואָס גיט די יידישע פיליעס די רעכט איינצוהאַלטן זייער באַזונדערן אַפּאַראַט אויפן חשבון פון געמיינזאַמען פאַראיין. דער יידישער פאַראיין ווידער האָט מורא גע־האָט צו ליקווידירן דעם באַזונדערן אַפּאַראַט, כדי עס זאָלן נישט ליידן די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער. דער מעטאַל־פאַראיין איז טאַקע געבליבן איינער פון צוויי פאַראיינען, וואָס זיינען ביז דער לעצטער מינוט פולשטענדיק נישט פאַראייניקט געוואָרן.

דער צווייטער פאַראיין, וואָס האָט זיך נישט פולשטענדיק פאַראייניקט, איז געווען פון די דרוקער־אַרבעטער. דאָ איז עס געשען צוליב דער שטאַרקער קאָנקורענץ, וואָס דער פוילישער קלאַסן־פאַראיין האָט געהאַט אויסצושטיין מצד פוילישע „געלע" פאַראיינען. ער האָט מורא געהאַט, אַז דורך פאַראייניקן זיך מיט די יידישע אַרבעטער, וועט ער נאָך שוואַ־כער ווערן אין זיין קאָנקורענץ מיט די „געלע" אויף דער פוילישער גאַס.

אין טייל פאַלן זיינען אויך געווען שוועריקייטן פון אַן אַנדערער נאַטור. למשל, דאָרט, וואו קאָמוניסטן האָבן באַהערשט אַ פאַראיין, האָבן זיי סאַבאָטירט די פאַראייניקונג מיטן אויסרייד, אַז דער געשלאָסענער אָפּמאַך איז אַ „נאַציאָנאַליסטישער" און „סעפּאַראַטיסטישער".

עטלעכע יאָר האָט געדויערט דער פּעריאָד בעת וועלכן ס'איז פאַר־געקומען דער פּראָצעס פון פאַראייניקן די באַזונדערע פאַראיינען. נאָך דעם פּעריאָד זיינען געווען פאַראייניקט די פוילישע און יידישע פאַראיינען פון באַקלייד־אינדוסטריע, טעקסטיל־אינדוסטריע, דערנערונג־אינדוסטריע, לעדער־אינדוסטריע, האָלץ־אינדוסטריע, כעמישע אינדוסטריע. די יידישע

און די פּוילישע אַרבעטער זיינען געווען אַקטיוו, געאַרבעט און געקעמפט אין געמיינזאַמע פּאַראיינען, געבויט אויפן יסוד פון פולער איינערלעכער אויטאָנאָמיע און גלייכע רעכט פון די יידישע אַרבעטער. טייל מאָל זיינען דאָ אָדער דאָרט אַנטשטאַנען רייבונגען אָדער מיספאַרשטענדענישן, בפרט אין די פּעריאָדן פון שאַרפע פּאַרטייאישע קאַמפן און שפּאַלטונגען, אָבער על־פּי־רוב האָט מען די שוועריקייטן גובר געווען. די פּוילישע און די יידישע אַרבעטער האָבן זיך צוגעוואוינט צו די דאָזיקע פאָרמען פון צו־זאַמענלעבן. יידישע דעלעגאַטן פלעגן אָפט אַרויסטרעטן אויף געמיינזאַמע פּאַראיין־צוזאַמענפאָרן אין יידיש. די יידישע דעלעגאַטן פלעגן שטעלן פאַר די געמיינזאַמע צוזאַמענפאָרן פּאָליטישע אוןווירטשאַפטלעכע פּראָב־לעמען, וואָס האָבן געהאַט אַ דירעקטע שייכות צו דער יידישער באַפעל־קערונג און די געמיינזאַמע פּאַראיין־קאָנגרעסן פלעגן איינשטימיק אָנ־נעמען די רעזאָלוציעס פון די יידישע דעלעגאַטן און שטיצן די פאָדע־רונגען פון די יידישע אַרבעטער. די יידישע דעלעגאַטן האָבן געבילדעט אַ היפּשן כּוח אויף די געמיינזאַמע פּאַראיין־קאָנגרעסן, ווייל די יידישע מיטגלידער האָבן אין אַ צאָל פאַכן אויסגעמאַכט אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער אַלגעמיין פּאַראיין־מיטגלידערשאַפט. אין באַקלייד־פּאַראיין האָבן די יידישע מיטגלידער געבילדעט אַן איבערוועגנדיקע מערהייט. אין לע־דער־פּאַראיין זיינען זיי געווען אין פאַרשיידענע פּעריאָדן אַ מערהייט אָדער אַ העלפט. אין דערנערונג־פּאַראיין האָבן די יידישע מיטגלידער כסדר אויסגעמאַכט אַ דריטל; אין טעקסטיל־פּאַראיין פון 17 ביז 20 פּראָצענט. די דאָזיקע צאָל־פאַרהעלטענישן פלעגן שטענדיק זיין אָפּגעשפּיגלט אויף די קאָנגרעסן פון די באַזונדערע פּאַראיינען. און אין די צענטראַל־פאַר־וואַלטונגען פון די פּאַראיינען האָט מען געוויילט אַן אַנטשפּרעכנדיקע צאָל יידישע מיטגלידער.

דער לאַנד־ראַט פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פּאַראיינען, וועלכער האָט לויטן פּאַראייניקונג־אָפּמאַך געזאָלט זיין בלויז אַ צענטראַלער יידישער קולטור־אַמט ביי דער אַלגעמיינער צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָ־נעלע פּאַראיינען, איז פּאַקטיש קיין מאָל נישט באַגרענעצט געוואָרן מיט די פונקציעס פון בלויז אַ „קולטור־אַמט”. די אָרגאַניזאַציאָנעלע הילף און די פאַרטיידיקונג פון די ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער האָבן פאַרלאַנגט אַ כסדרדיקע ספּעציעלע וואַכזאַמקייט און זאָרג. דער לאַנד־ראַט איז דעריבער די גאַנצע צייט געווען פּאַקטיש אַ יידישע אָפּטיילונג פון דער אַלגעמיינער צענטראַל־קאָמיסיע, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער נישט בלויז אין די ענגע ראַמען פון דעם פּאַראייניקונג־אָפּמאַך, נאָר אויף אַלע געביטן.

אין דער צייט פון דער פּאַראייניקונג איז די אויפגאַבע פון אָרגאַ־ניזירן די יידישע אַרבעטער נאָך ווייט נישט געווען פאַרענדיקט. אַחוץ

די צענטראַלע פאַראייניגן פון יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן שוין דעמאָלט עקזיסטירט, זיינען אין די ערשטע יאָרן נאָך דער פאַראייניקונג צוגעקו־מען אַ ריי גרויסע פאַראייניגן, וואָס זיינען שפּעטער געוואָרן אָרגאַניזירט דורך דעם לאַנד־ראַט.

אין די יאָרן 1925 — 1926 איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גאַנץ היפּשער צענטראַליזירטער פאַראיין פון יידישע טראַנספּאָרט־אַרבעטער מיט בערך 15 אָפּטיילונגען און 7000 מיטגלידער אין לאַנד. דער דאָזיקער פאַראיין איז געוואָרן דער קערן פאַר אַן אַלגעמיינעם טראַנספּאָרט־פאַראיין פון פּוילישע און יידישע אַרבעטער אין פּוילן.

אין דער זעלבער צייט איז געשאַפן געוואָרן אַ גרויסער צענטראַלער פאַראיין פון האַנדלס־און ביוראָ־אַנגעשטעלטע. פריער האָבן עקזיסטירט בלויז אין אייניקע שטעט אָרטיקע פאַראיינען פון האַנדלס־ און ביוראָ־אַנגעשטעלטע, אַ טייל פון זיי מיט פאַרעלטערטע טראַדיציעס. איצט אָבער איז אויפגעבויט געוואָרן אַ גרויסער, מאָדערנער, צענטראַלער פאַראיין מיט 13 אָפּטיילונגען און בערך 15,000 מיטגלידער.

אַחוץ דעם האָבן צום לאַנד־ראַט און צו דער אַלגעמיינער באַוועגונג אין לאַנד זיך אָנגעשלאָסן די פאַראיינען פון ווילנער און פּינסקער געגנט מיט דער גרויסער צאָל יידישע אַרבעטער פון דער פּינסקער שוועבל־פאַבריק, וועלכע זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אין צענטראַלן פאַראיין פון דער כעמישער אינדוסטריע.

גלייכצייטיק זיינען אויך אַנטשטאַנען אַ ריי קלענערע פאַראיינען, צענטראַלע און לאָקאַלע. אַזוי, למשל, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פאַראיין פון ציטונג־פאַרשפּרייטער און ציטונג־פאַרקויפער מיט אייניקע אָפּטיי־לונגען אין לאַנד, ווי אויך אַ צאָל לאָקאַלע פאַראיינען, בפרט אין דער געגנט פון ווילנע. אָרגאַניזאַציאָנעל איז די טעטיקייט פונם לאַנד־ראַט און פון די פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער אין די שפּעטערדיקע יאָרן געגאַנגען זייער אינטענסיוו סיי צוליב די פּאָליטיש־פּאַרטייאישע פאַרהעלטענישן און קאַמפן, סיי צוליב דער ווירטשאַפטלעכער בישט־סטאַבילקייט און דעם בהדרגהדיקן וואוקס פון דער צאָל יידישע אַרבעטער אין פּוילן. די צאָל מיטגלידער אין די יידישע אָפּטיילונגען פון די פראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען איז כסדר געוואָרן גרעסער.

אַלע יאָרן האָבן די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון יידישע אַרבעטער געפירט זייערע עקאָנאָמישע קאַמפן קעגן די דירעקטע אַרבעט־געבער, צווישן וועלכע עס האָט זיך אין אַ זייער גרויסער צאָל געפונען קליינע פאַרמיטלער (קאָנטראַקטאָרס), וואָס פלעגן אַליין באַקומען די אַרבעט פון סוחרים־אונטערנעמער. די צאָל פון די דאָזיקע פאַרמיטלער איז אַלע מאָל געווען באַזונדערס גרויס אין די אַזוי־גערופענע „יידישע פאַכן". אַלץ אָפטער האָט מען איינגעזען די נייטיקייט פון קאָאָרדינירן די עקאָנאָמישע קאַמפן אויך מיט די קליינע פאַרמיטלער קעגן דעם פאַקטישן געמיינ־

זאַמען אַרבעטס־געבער — דעם סוחר־אונטערנעמער. ביי גרויסע שטרייקן האָט מען אָפט געדאַרפט זיך צונויפרעדן מיט די פּאַרמיטלער און גע־מיינזאַם קעמפן קעגן סוחר־אונטערנעמער.

אין יאָר 1925 איז דעריבער אין די רייען פון די פּראָפעסיאָנעלע טוער אַנטשטאַנען דער געדאַנק, אַז מען זאָל די פּאַרמיטלער און קליינע האַנטווערקער אָרגאַניזירן אין אַ פאַראיין, וואָס זאָל זיין אָנגעשלאָסן אין דער משפחה פון די פּראָלעטאַרישע קלאָסן־פאַראיינען. דער געדאַנק האָט אין אָנהייב אַרויסגערופן אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט צווישן אַ גרויסן טייל פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. צענטליקער יאָרן פון קאַמפן און אומ־צוטרוי צו די פּאַרמיטלער, אין וועלכע מען האָט געזען דירעקטע אַרבעט־געבער פונם לוין־אַרבעטער, האָבן גורם געווען, אַז אַ סך זאָלן נישט מסכים זיין מיט דער מיינונג פון שטעלן דעם פּאַרמיטלער אין די סאָציאַלע רייען פון פּראָלעטאַריאַט. אין 1926 איז די דיסקוסיע וועגן דעם ענין פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַ באַשלוס צו אָרגאַניזירן די פּאַרמיטלער. דער דאָזיקער באַשלוס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם פּאַרטיי־ראַט פון בונד דעם זעלבן יאָר. און אין 1927 איז געגרינדעט געוואָרן דער פאַר־איין אונטערן נאָמען: סאָציאַליסטישער האַנטווערקער־ און כאַלופּניקעס־פאַראיין (כאַלופּניקעס מיינט היים־אַרבעטער). דער דאָזיקער פאַראיין האָט זיך אַנטוויקלט און איז אין די ווייטערדיקע יאָרן אויסגעוואַקסן צו אַ צענטראַלן פאַראיין מיט איבער אַ צענטליק אָפּטיילונגען אין לאַנד און בערך 15,000 מיטגלידער.




אַ טייל פון דער בונדישער לאָקאַלער פּרעסע און פון די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַנען.

NOWE PISMO
TYGODNIK

MYŚL SOCJALISTYCZNA

Idziemy nadal własną drogą

GŁOS BUNDU
Pismo socjal-demokratyczne.

KRAKÓW, KWIECIEŃ 1926 R.
WALKA
MIESIĘCZNIK SOCJALISTYCZNY

Cena 20 gr. Numer zawiera 10 stron
NOWE ŻYCIE
Warszawa, 15—31 maja 1938

Komentarz poznański

CENA 10 GR.
Wolna Młodzież
Ukazuje się 15-go każdego
WARSZAWA, LUTY 1938 r.
GORĄCZKA ŻELAZA

קליינע פאלקסצייטונג
א בלויע אזערע

יוגנט וועקער

סאציאליסטישע יוגנט־שטימע

נייע קולטור

Arbeter Sportler № 2 (7)
ארבעטער ספארטלער

פוילישע צייטשריפטן פון בונד, יידישע און פוילישע צייטשריפטן פון יוגנט־בונד צוקונפט.

## 3. די ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמען פון די יידישע אַרבעטער

די גאַנצע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אין פוילן האָט געמוזט צופּאַסן איר עקאָנאָמישע פּאָליטיק צו די ווירטשאַפטלעכע ענדערונגען פון לאַנד. די יידישע פאַראייניגן האָבן נאָך אַחוץ דעם געמוזט כסדר אויסאַרבעטן ספּעציעלע פּראָגראַמען און פאָדערונגען, וואָס די לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט פאַרלאַנגט און זיי האָבן געמוזט פירן דעם קאַמף פאַר די דאָזיקע פאָדערונגען.

גלייך נאָכן אָנטשטיין פון אומאָפּהענגיקן פוילן האָט די גאַנצע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג געמוזט אָרגאַניזירן אַן אַ שיעור שטרייקן, כדי אויפצוהייבן די אַרבעטער־לוינען, וואָס זיינען אין די מלחמה־יאָרן אַראָפּגענידערט געוואָרן. באַלד נאָך דעם האָט די אינפלאַציע פון דער פוילישער וואַלוטע גורם געווען אַן אומאויפהערלעכן זינקען פונם רעאַלן ווערט פונם געלט. דאָס האָט געצוואונגען די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען צו פירן אומאויפהערלעכע לוין־קאַמפן פאַר כסדרדיקע העכערונגען פון די לוינען, כדי ווי ווייט מעגלעך איינצוהאַלטן דעם רעאַלן ווערט פון די לוינען. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אין געוויסע מאָמענטן האָבן טייל פאַראייניגן יעדע פאַר וואָכן אַרויסגעשטעלט נייע לוין־פאָדערונגען. דאָס האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג ביז וואַנען די פאַראייניגן האָבן אין די וויכטיקסטע אינדוסטריע־צווייגן דערגרייכט „באַוועגלעכע לוינען", ד"ה אַז יעדן מאָנאַט איז דער לוין פון די אַרבעטער אויטאָמאַטיש געהעכערט געוואָרן אַנטשפּרעכנדיק צום וואוקס פון יקרות. אין דער גרויס־ און מיטל־אינדוסטריע איז דאָס אָנגעקומען גרינגער דורכצופירן אײדער אין דער קליין־אינדוסטריע, וואו יידישע אַרבעטער זיינען בעיקר געווען באַשעפטיקט און די יידישע פאַראיינען האָבן פיל לענגער געדאַרפט שטרייקן און פירן שווערערע אונטערהאַנדלונגען.

דער ווירטשאַפטלעכער קריזיס און די אַרבעטלאָזיקייט זיינען געוואַקסן ביז דער צווייטער העלפט פון 1926. דער פּראָצענט אַרבעטלאָזע אין דער קליין־אינדוסטריע איז געווען נאָך פיל גרעסער אײדער אין דער גרויסער און מיטל־אינדוסטריע. ערשט אין מיטן 1926 האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרבעסערונג אין דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן

ביז סוף 1929, ווען דער אַלגעמיינער ווירטשאַפטלעכער וועלט־קריזיס האָט אויף אַ ביטערן אופן געטראָפן אויך פוילן.

די אָפּטע ווירטשאַפטלעכע קריזיסן, דער וואוקס פון אַרבעטלאָזע אין די שטעט און די מיליאָנען „איבעריקע מענטשן" אין די דערפער האָבן געשאַפן פּראָבלעמען, וואָס מ'האָט נישט געקענט לייזן אָן אַ ראַדיקאַלן איי־בערבוי פון דער ווירטשאַפטלעכער סטרוקטור. מיט יעדן יאָר איז שאַרפער געוואָרן דאָס פּראָבלעם וואָס צו טאָן מיט די צענטליקער טויזנטער מענטשן, וואָס זיינען יעדן יאָר אָנגעקומען פון די דערפער אין די שטעט אַריין. אין אָט דער לאַגע האָבן די רעאַקציאָנערע קרייזן אין דער פוילישער געזעלשאַפט געזוכט אַ פּאַרענטפערונג פון די פּראָבלעמען אויפן חשבון פון דער יידישער באַפעלקערונג. זייער רעצעפּט האָט אויסגעזען לפנים זייער פּשוט: אַרויסשטויסן די יידן פון זייערע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס, וועט במילא ווערן מער פּלאַץ פאַר די פּאָליאַקן. די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע שטרעבונג איז געקומען באַזונדערס בולט צום אויסדרוק אין אַ ברייטער פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע און אין ווירטשאַפטלעכן פּראָגראַם פון דער „ענדעציע". אויך אַנדערע בירגערלעכע ריכטונגען אין דער פוילישער געזעלשאַפט זיינען אַלץ מער און מער באַהערשט געוואָרן פון די אַנטי־סעמיטישע שטימונגען.

צום באָיקאָט אויף יידישער אַרבעט אין דער פּריוואַטער גרויס־אינ־דוסטריע און באָיקאָט־אַגיטאַציע קעגן יידישן האַנדל זיינען נאָך צוגעקומען דיסקרימינאַטאָרישע געזעצן און האַנדלונגען פון דער רעגירונג: האָט דאָס אַלץ נישט געקאָנט דערפירן צו דעם, אַז די יידן זאָלן טאַקע ממשות־דיק אַרויסגעשטויסן ווערן פון ווירטשאַפטלעכן לעבן אין לאַנד, אָבער דאָס האָט יאָ גורם געווען גוואַלטיק צו באַשווערן און טיילמאָל אַפילו איינ־גאַנצן אָפּשטעלן דעם איבערשיכטונגס־פּראָצעס, וואָס איז כסדר פאָרגעקומען צווישן די יידן אין פוילן. דער נייער ווירטשאַפטלעכער אָרגאַניזם פון אומאָפּהענגיקן פוילן האָט נישט געהאַט קיין פּלאַץ פאַר אַזאַ גרויסע צאָל סוחרים און האַנדלס־פאַרמיטלער, ווי פריער, בעת די אינדוסטריע און דער האַנדל פון פוילן איז געווען אויסגערעכנט אויך אויפן גרויסן רוסישן און עסטרייכישן מאַרק. אַ גרויסער טייל יידן האָט מחמת דעם געמוזט זוכן פאַר זיך נייע באַשעפטיקונגען. דער דאָזיקער נאַטיר־לעכער איבערשיכטונגס־פּראָצעס וואָלט געקאָנט פריי פאָרקומען, ווען פאַר די יידן וואָלטן אַלע אַרבעטס־מעגלעכקייטן געווען אָפן אין דער זעלבער מאָס, ווי פאַר די נישט־יידן. דער דאָזיקער צושטאַנד איז צום גרעסטן טייל געווען אַ טראַדיציאָנעלער, אַ ירושה פון די צאַרישע צייטן, און ער איז פאַרפעסטיקט געוואָרן דורך די רעאַקציאָנערע כוחות פון דער פוי־לישער געזעלשאַפט און פוילישע רעגירונגען.

די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער האָבן באַ־

טראַכט אַלס זייער אויפגאַבע צו פירן אַ קאַמף פאַר דער מעגלעכקייט פון דעם נייטיקן איבערשיכטונגס־פּראָצעס פון דער יידישער באַפעלקערונג. אָט די נויטוועגדיקייט האָבן זיי געהאַט אין זין אין זייער לוין־פּאָליטיק. די סאָלידערע און וויכטיקערע פאַראייגען פלעגן זיך באַמיען מיטצואווירקן, אַז עס זאָלן קאָנען אַנטשטיין מאָדערנע גרויסע פאַבריקן אין די „יידישע פאַכן" און אַז זיי זאָלן קאָנען אויסברייטערן דעם פּראָדוקציע־מאַרק. אָבער דאָס אַליין וואָלט נישט געווען גענוג. ס'איז אויך נויטיק געווען — און די יידישע פאַראייגען האָבן עס פאַרשטאַנען פונם ערשטן מאָמענט אָן — אַ העפטיקער קאַמף קעגן דעם ווירטשאַפטלעכן אַנטיסעמיטיזם, קעגן דעם באָיקאָט אויף יידישער אַרבעט. דער קאַמף איז זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן און זינט 1925 האָט ער פאַרנומען אַ צענטראַל אָרט אין דער עפנטלעכער פּאָליטישער טעטיקייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן.

## 4. קאַמף פאַר גלייכע רעכט אויף אַרבעט

אין 1925 איז ביי די אָנפירנדיקע איינריכטונגען פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג באַשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע ביוראָ צום קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט. די ביוראָ האָט זיך פאַרנומען מיט צונויפזאַמלען און פּובליקירן די פאַקטן פון באָיקאָט פון יידישער אַרבעט און אַנדערע פאַקטן פון אַנטי־יידישער ווירטשאַפטלעכער דיסקרימינאַציע. זי האָט געהאָלפן די פאַראייגען אָרגאַניזירן דעם קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט פון די יידישע אַרבעטער. במשך אַ קורצער צייט איז די פאָדערונג רעכט אויף אַרבעט אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין צענטער פון די ווירטשאַפטלעכע פאָדערונגען פון די יידישע אַרבעטער אין פּוילן און איז געוואָרן אַ הויפּט־לאָזונג אויך אין דעם פּאָליטישן קאַמף פאַר פולער גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט געפירט. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייגען פון די יידישע אַרבעטער האָבן באַוויזן צו פאַרוואַנדלען די לאָזונג פון גלייכע רעכט אויף אַרבעט אין אַ לאָזונג פון דער גאַנצער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. אויף זיצונגען פון צענטראַל־פאַרוואַלטונגען פון די קלאַסן־פאַראייגען, אויף קאָנגרעסן פון באַזונדערע פאַראייגען, אויף פאַראיין־קאָנפערענצן און אויף פּוילישע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען האָבן די פאָרשטייער פון די יידישע פאַראייגען באַלויכטן די פראַגע פון באָיקאָט קעגן יידישע אַרבעטער און האָבן אַוועקגעשטעלט די פאָדערונג פון גלייכע רעכט אויף אַרבעט. אומעטום זיינען די רעזאָלוציעס „פאַר גלייכע רעכט אויף אַרבעט" פאַר די יידישע אַרבעטער אָנגענומען און געשטיצט געוואָרן דורך די פּוילישע קלאַסן־פאַראייגען און דורך זייערע אָנפירנדיקע אינסטאַנצן, אַפילו דורך אַזעלכע פּוילישע פאַראייגען, וואָס האָבן ביי זיך קיין יידישע מיטגלידער נישט געהאַט.

אין נאָמען פון די יידישע אַרבעטער־פאַראייגען און אויך אין נאָמען פון די געמיינזאַמע פאַראייגען פון פּוילישע און יידישע אַרבעטער זיינען כסדר געגאַנגען דעלעגאַציעס — יידישע אָדער פוןביידע נאַציאָנאַליטעטן — צו די רעגירונגס־אַמטן, צו דער שטאָטישער מאַכט מיט פאָדערונגען פולשטענדיק גלייכצובאַרעכטיקן די יידישע אַרבעטער ביי דער אַרבעט. הונדערטער יידישע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען איבערן לאַנד און אויך פיל פּוילישע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען האָבן אונטערגעשטיצט די דאָזיקע פאָדערונגען. גלייכצייטיק האָבן די סאָציאַליסטישע ראַטמענער אין די שטאָט־ראַטן אומעטום אויפגעהויבן די פראַגע און אַריינגעטראָגן קאָנקרעטע

פאַרשלאָגן וועגן באַשעפטיקן יידישע אַרבעטער אין אַלע שטאַטישע אונ־טערנעמונגען.

אין 1926 האָט די קאַמפּאַניע פאַר גלייכע רעכט אויף אַרבעט נאָך מער זיך פאַרשטאַרקט. זי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער באַוועגונג, אין וועלכער ס'האָבן זיך אויך באַטייליקט פּוילישע פּאַראייך־טוער און טיילן פון פּוילישע אַרבעטער, הגם אויך צווישן די פּוילישע אַרבעטער האָט דעמאָלט געהערשט אַ גרויסע אַרבעטלאָזיקייט. דער לאַנד־ראַט האָט באַשלאָסן צו רופן אַ גרויסן יידישן „אַרבעטער־קאָנגרעס פאַר גלייכע רעכט אויף אַרבעט". דער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען דעם 1טן אַפּריל 1926. צו דעם קאָנגרעס האָבן געשיקט דעלעגאַטן די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס — פּאָליטישע, פּראָפעסיאָנעלע, קאָאָפּעראַטיווע, קולטורעלע. ערב דעם קאָנגרעס (דעם 10טן מערץ) האָט אַ דעלעגאַציע (ה. ערליך און ג. שאַפּראַן) פונם לאַנד־ראַט באַזוכט דעם אַרבעט־מיניסטער באַרבערט באַרליצקי (אַ פירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס איז דעמאָלט געווען אין אַ קאָאַליציע־רעגירונג) און האָט דורך אים מודיע געווען דער רעגירונג וועגן דעם קאָנגרעס און זיינע צילן. דער קאָנגרעס גופא האָט צוגעצויגן גרויס אויפמערקזאַמקייט. די גאַנצע יידישע און אַ גרויסער טייל פון דער פּוילישער ראַדיקאַלער פּרעסע האָט געשיקט אירע פאַרשטייער. אַלע נישט־יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אַ ריי צענטראַל־פאַרוואַלטונגען פון פּוילישן קלאַסן־פאַראיינען, די צענטראַל־קאָמיסיע פון אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין פּוילן, ווי אויך די וואַרשעווער „ראַדע" פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן צוגעשיקט זייערע דעלעגאַטן צו באַגריסן דעם קאָנגרעס און זיך סאָלידאַריזירן מיט די יידישע אַרבעטער. אויף דעם קאָנגרעס זיינען געווען 626 דעלעגאַטן (604 מיט שטים־רעכט) פון 91 שטעט. אַחוץ דעם זיינען געווען אַן ערך 1000 געסט. די 604 דעלעגאַטן מיט שטים־רעכט האָבן פּאַרטייאיש זיך פאַרטיילט אַזוי: 434 זיינען געווען בונדיסטן, 97 זיינען געווען פּועלי־ציון לינקע, 9 פּועלי־ציון רעכטע, 43 קאָמוניסטן, 8 אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן און 15 אומפּאַרטייאישע.

לויט זיין כאַראַקטער, לויט די רעפעראַטן און רעדעס, וואָס זיינען געהאַלטן געוואָרן און לויט זיין צוזאַמענשטעל האָט דער קאָנגרעס געמאַכט אַן אימפּאָזאַנטן איינדרוק. אויף אַ פייערלעכן אופן האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען אַ דעקלאַראַציע, וואָס איז שפּעטער פאַרשפּרייט געוואָרן אין אַ גאָר גרויסער צאָל עקזעמפּלאַרן אויף יידיש און פּויליש. אין דער דעקלאַראַציע איז געווען געזאָגט:

„דער יידישער אַרבעטער ליידט פון דער אַרבעטלאָזיקייט־פּלאָג צוגלייך מיט אַלע אַנדערע פּראָלעטאַריער, אָבער אַדאַנק די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען, וואָס הערשן אין לאַנד, האָט דער יידישער אַרבעטער און אָנגעשטעלטער אויסצושטיין גאָר באַזונדערע יסורים. די

אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון די הערשנדיקע קלאַסן, וואָס נעמט אָפּט אָן די פאָרם פון ברוטאַלער אויסראָטונג־פּאָליטיק לגבי דער יידישער באַפעלקערונג, לייגט זיך מיט איר הויפּטלאַסט אויף די יידישע אַרבעטנדיקע שיכטן. די מלוכה און די זעלבסטפאַרוואַלטונג־אָרגאַנען פירן אַן אומ־ברחמנותדיקן באָיקאָט לגבי דעם יידישע אַרבעטער, וועלכער ווערט נישט צוגעלאָזט צו קיין מלוכהשער אָדער קאָמונאַלער אונטערנעמונג און ווערט סיסטעמאַטיש באַזייטיקט פון אַלע פאַבריקן, וואָס גייען אַריבער אין רשות פון דער מלוכה. פאַר דער יידישער אַרבעטער־יוגנט ווערט פאַרשפּאַרט דער וועג צו פּראָפעסיאָנעלער בילדונג, וואָס וואָלט איר געקענט פאַר־לייכטערן איר וועג אין לעבן. דער געזעלשאַפטלעכער אַנטיסעמיטיזם פאַרשליסט פאַר דעם יידישן אַרבעטער דעם צוטריט צו דער ווייט גרעס־טער מערהייט גרויסע פאַבריקן.

אַפילו אין דער היינטיקער ביטערער צייט פון גרויזאַמען ווירט־שאַפטלעכן קריזיס און אַרבעטלאָזיקייט, וואָס איז מיט אַ באַזונדערס שווע־רער לאַסט געפאַלן אויף די פּלייצעס פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, ווערט נישט אָפּגעשטעלט די דאָזיקע אויסראָטונג־פּאָליטיק לגבי דעם יידישן אַרבעטער. נישט גענוג, וואָס דער יידישער אַרבעטלאָזער קאָן לויטן געזעץ גאָר זעלטן געניסן פון דער מלוכה־אונטערשטיצונג, ווערן די יידישע אַרבעטלאָזע נאָר אין דער מינימאַלער מאָס צוגעלאָזט צו די עפנטלעכע אַרבעטן און זיי שטויסן זיך נאָך אָן אויף כסדרדיקע שיקאַנעס ביים אַרויסגעבן שטאָטישע אונטערשטיצונג.

דער קאָנגרעס הויבט־אויף זיין פלאַמיקן פּראָטעסט קעגן דער דאָ־זיקער פּאָליטיק, וואָס דראָט דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס מיט פיזישער פאַרניכטונג. דער קאָנגרעס פּראָטעסטירט קעגן דעם ווירטשאַפטלעכן געטאָ, אין וועלכן די רעאַקציע וויל אַריינשטופּן דעם יידישן אַרבעטער און פּראָקלאַמירט פאַרן גאַנצן לאַנד, פאַר דער גאַנצער וועלט די פאָדערונג פון גלייכע רעכט אויף אַרבעט פאַר דעם יידישן אַרבעטער. דער קאָנגרעס דערקלערט, אַז דער יידישער אַרבעטער־קלאַס וועט מיט אַלע זיינע כוחות, מיט דער גרעסטער ענערגיע און אויף אַלע פּאָסטנס פירן דעם קאַמף פאַר דעם דאָזיקן עלעמענטאַרן רעכט זיינעם.

דער קאָנגרעס שטעלט פעסט, אַז דער אויסראָטונג־קאַמף קעגן דעם יידישן אַרבעטער ווערט לוידער אין אַ באַדייטנדער מאָס פאַרלייכטערט אַדאַנק די שטימונגען, וואָס הערשן נאָך היינט צווישן די אָפּגעשטאַנענע שיכטן פון די פוילישע מאַסן און פאָדערט אויף אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון פוילישן פּראָלעטאַריאַט מיט דער גרעסטער ענערגיע צו באַקעמפן די דאָזיקע שטימונגען".

ווייטער זאָגט די דעקלאַראַציע, „אַז אין דעם קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט קען דער יידישער אַרבעטער נישט רעכענען אויף דער אונטער־שטיצונג פון יידישן בירגערטום, וועלכער פירט אַ פּאָליטיק פון שאַכער־

מאַכער מיט דער הערשנדיקער רעאַקציע, פאַר וועלכער די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג איז אַ געלעגנהייט צו פאַרשטאַרקן צווישן די יידישע מאַסן די השפּעה פון די כלי־קודש און פון די רעאַקציאָנערע ציוניסטישע חלומות".

„דער קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט איז אַ טייל פונם אַלגעמיינעם קאַמף קעגן דער נאַציאָנאַליסטישער און קאַפּיטאַליסטישער רעאַקציע. דעם דאָזיקן קאַמף דאַרף דער יידישער אַרבעטער פירן האַנט ביי האַנט מיטן סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט פון די אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדער־הייטן און מיטן באַוואוסטזיניקן טייל פונם פּוילישן פּראָלעטאַריאַט, וועל־כער איז פּונקט ווי דער יידישער אַרבעטער פאַראינטערעסירט עס זאָל גע־מאַכט ווערן אַ סוף צו דער ממשלה פון רעאַקציע. כדי די דאָזיקע מיט־הילף פון די פּראָלעטאַריער פון די אַנדערע נאַציעס זאָל זיין וואָס גרע־סער און ממשותדיקער, איז נויטיק, אַז דער יידישער פּראָלעטאַריער זאָל אַליין אַרויסווייזן וואָס מער כוח און אַנטשלאָסנקייט אין דעם דאָזיקן קאַמף. און דעריבער פאָדערט אויף דער קאָנגרעס די ברייטסטע יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן פון לאַנד, אַן אונטערשייד פון פּאָליטישע אָנשויאונגען, מיט דער גרעסטער ענערגיע און מסירת־נפש צו פירן דעם קאַמף פאַר זייערע עלעמענטאַרע מענטשלעכע רעכט, פאַר זייער רעכט אויף אַרבעט, פאַר זייער רעכט אויף לעבן".

דער אָפּקלאַנג פון אָט דער דעקלאַראַציע, ווי פון דעם גאַנצן קאָנ־גרעס, איז געווען זייער אַ ברייטער. אַ דעלעגאַציע פונם קאָנגרעס האָט זיינע פאָדערונגען אין אַ ברייט מאָטיווירטן מעמאָריאַל איבערגעגעבן דער רעגירונג. ס'האָט זיך פאַרשטאַרקט די סאָלידאַריטעט־קאַמפּאַניע אין די פּוילישע פאַראיינען. דעם 11 מאַי 1926 האָט די הויפּט־פאַרוואַלטונג פונם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אין אינסטיטו־ציעס פון עפנטלעכן געברויך (דער דאָזיקער פאַראיין האָט אַרומגענו־מען אַלע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פון די קאָמונאַלע איינריכטונגען, ווי טראַמווייען, עלעקטריציטעט, גאַז, טעלעפאָן, וואַסער־לייטונג און אַנ־דערע באַשעפטיקטע אין שטאָטישע אינסטיטוציעס) פאַנאַנדערגעשיקט אַ צירקולאַר צו אַלע זיינע אָפּטיילונגען און פּונקציאָנאַרן, אין וועלכן דער פאַראיין האָט זיי געגעבן די פאָלגנדיקע אינסטרוקציעס: „די הויפּט־פאַרוואַלטונג פון פאַראיין, שטייענדיק אויפן שטאַנדפּונקט פון גלייכע רעכט אויף אַרבעט פאַר די יידישע אַרבעטער אויפן געביט פון די קאָ־מונאַלע איינריכטונגען, פאָדערט אויף מיטצוהעלפן די סאָציאַליסטישע ראַטמענער אין די אָרטיקע שטאָט־ראַטן, ווי אויך די צענטראַל־ראַטן, וואָס גרופּירן יידישע אַרבעטער־פאַראיינען, אין זייערע אַקציעס צו דער־גרייכן די גלייכע רעכט אויף אַרבעט".

ענלעכע אינסטרוקציעס האָבן געגעבן זייערע אָפּטיילונגען די הויפּט־פאַרוואַלטונגען פון אַ רייע אַנדערע פאַראיינען.

אין רעזולטאַט פון אָט דער קאַמפּאַניע פאַר גלייכע רעכט אויף אַר־בעט, האָט זיך איינגעגעבן אין אַ צאָל שטעט טיילוויז דורכצוברעכן דעם באָיקאָט קעגן יידישע אַרבעטער אין די קאָמונאַלע אונטערנעמונגען. אין וואַרשע, לאָדזש, פּיעטריקאָוו, לובלין, ביאַליסטאָק, גראָדנע, ווילנע און אין עטלעכע אַנדערע שטעט האָט מען אָנגעהויבן באַשעפטיקן אַ קליינע צאָל יידישע באַאַמטע און אַרבעטער. צו די עפנטלעכע שטאָטישע אַרבעטן האָט מען אין די ערטער אויך צוגעלאָזט אַ באַשטימטן פּראָצענט יידן. אַדאַנק דער קאַמפּאַניע פאַר גלייכע רעכט אויף אַרבעט און די דירעקטע באַמיאונגען פון ביוראָ פאַר רעכט אויף אַרבעט, האָט זיך אויך איינגע־געבן אין איניקע ערטער דורכצוברעכן די וואַנט, וואָס האָט פאַר יידישע אַרבעטער פאַרשטעלט דעם וועג צו פּריוואַטע גרעסערע פאַבריקן, אַפילו פון יידישע אייגנטימער.

אַחוץ דעם דירעקטן קאַמף פאַר גלייכע רעכט אויף אַרבעט, האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון יידישע אַרבעטער געפירט אַן אומאויפ־הערלעכן קאַמף קעגן אַלע אַנדערע דערשיינונגען פוןווירטשאַפטלעכער דיסקרימינאַציע. אַזוי, למשל, האָבן זיי באַקעמפט יענע פּאַראַגראַפן אין די געזעצן וועגן סאָציאַלער פאַרזיכערונג, וואָס האָבן אויסגעשלאָסן די אַרבעטער פון קליינע אונטערנעמונגען און האָבן קודם־כל געטראָפן די יידישע אַרבעטער. שפּעטער ווען עס איז איינגעפירט געוואָרן דער „צעכן־געזעץ”, אין וועלכן די יידישע פאַראיינען האָבן איינגעזען אַ געפאַר פאַר יידישע אַרבעטער און בעלי־מלאכות צוליב די פאַך־עקזאַמענס, וואָס וואָלטן זיי אונטערגעוואָרפן דער געפאַר צו זיין אָפּהענגיק פון אַנטיסע־מיטישע פּוילישע האַנטווערקער און באַאַמטע, און וואָלטן באַדראָט די מעגלעכקייט צו קאָנען זיך באַנוצן מיט זייער פאַך, האָבן די יידישע פאַראיינען געפירט אַ העפטיקע קאַמפּאַניע קעגן דעם דאָזיקן געזעץ און האָבן אָרגאַניזירט אַ פּאַקטישן מאַסן־באָיקאָט פונם דאָזיקן געזעץ.

## 5. קריטישע יאָרן

פון 1928 — 1929 האָבן זיך אויך פאַר דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין פוילן אָנגעהויבן יאָרן פון שווערן קריזיס. דער פּילסודסקי־לאַגער, וואָס האָט נאָך דער מלוכה־איבערקערעניש פון מאַי 1926 איבערגענומען די ממשלה אין לאַנד, האָט בולט אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן די נטיה צו קאָנקורירן מיט דער אַנטיסעמיטישער ענדעציע אין רעאַקציאָנערע לאָזונגען. דער דאָזיקער לאַגער האָט זיך פאַרמאָסטן צו ליקווידירן די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג און צו געווינען די אַרבעטערשאַפט אויף זיין זייט. אויסנוצנדיק די אַלטע פּראָ־פּילסודסקי סענטימענטן, וואָס האָבן געהערשט ביי אַ טייל פּ. פּ. ס.ישע טוער, איז אים געלונגען צו געווינען אויף זיין זייט דעם פירער פון דער וואַרשעווער פּ.פּ.ס.־אָרגאַניזאַציע, ריימונד יאַוואָראָווסקי, וועלכער האָט מיט אַ מערהייט מיטגלידער פון דער וואַרשעווער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און מיט אַ גרויסער צאָל וואַרשעווער פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון פוילישע אַרבעטער זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער אַלגעמיינער באַוועגונג און געבילדעט אַ באַזונדערע פאַרטיי אונטערן נאָמען פּ. פּ. ס. דאַוונאַ פראַקציאַ רעוואָלוצינאַ, וואָס האָט געשטיצט דעם פּילסודסקי־רעזשים. די דאָזיקע נייע פאַרטיי האָט אָנגעהויבן אַ ביטערן קאַמף קעגן די אַנדערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און זייערע מיטגלידער. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן ביטערע יאָרן פון פיזישן און עקאָנאָמישן טעראָר לגבי די מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען. הונדערטער אַרבעטער און אָנגעשטעלטע האָט מען געדראָט מיט באַזייטיקן פון די אַרבעט־פּאָסטנס, אויב זיי וועלן נישט אַריבערגיין אין די נייע פּראָ־רעגירונג־פאַראיינען. אַ סך עקשנים, וועלכע האָבן נישט געוואָלט פאַראַטן זייערע אַלטע פאַראיינען, זיינען טאַקע באַזייטיקט געוואָרן פון זייערע אַרבעט־פּאָסטנס. אַחוץ דעם פלעגן „אַרבעטן" ספּעציעלע „באָיואווקעס". אויף די גאַסן פון די פוילישע אַרבעטער־קוואַרטאַלן אין וואַרשע פלעגט מען פון צייט צו צייט געפינען דערשאָסענע פון די פאַראיינען. גאַנצע ווערקשטאָטן פלעגן דורך די באָיואווקעס בלוטיק צעשלאָגן ווערן. מיט טעראָר האָט מען זיי געצוואונגען אַריבערצוגיין אין די פאַראיינען, וואָס האָבן געשטיצט דעם הערשנדיקן רעזשים.

אַחוץ די נייע פאַראיינען פון דער „פּ.פּ.ס.־פראַקציע" איז אַנטשטאַנען נאָך אַ צווייטע אַרבעטער־ריכטונג (ז.ז.ז.), וואָס איז געווען פאַר דעם סאַנאַ־

ציע־העזשים, אונטער דער אָנפירונג פון פריערדיקן פּ.פּ.ס.־ישן פירער יעג־דזשעי מאַראַטשעווסקי. אויך די דאָזיקע ריכטונג האָט פון איר זייט געטאָן אַלץ, וואָס עס איז מעגלעך, כדי צו צעברעכן די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען.

דער אָנגריף פון אָט דיביידע ריכטונגען און פון דער גאַנצער פאַר־שטאַרקטער רעאַקציע האָט נישט אויסגעמיטן אויך די יידישע אָפּטיי־לונגען פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. דער טעראָר פון די נייע פּראַ־רעגירונג־פאַראיינען האָט געטראָפן און געהאַט אַ געוויסע ווירקונג אויף געוויסע יידישע אַרבעט־צווייגן, ווי למשל: פליישער־אַרבעטער, צייטונגס־פאַרשפּרייטער, קליינע אָפּשפּליטערונגען פון יידישע לעדער־אַרבעטער און שניידער.

אין דער זעלבער צייט האָט אויך געווירקט די שפּאַלטונג־טאַקטיק פון די קאָמוניסטן, וועלכע האָבן אויסגעפירט דעם באַפעל פון קאָמור־ניסטישן פּראָפעסיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל („פּראָפינטערן”) פאַר יעדן פּרייז איבערצונעמען אָדער צו פאַרניכטן די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען. אויף אַ סך פאַכן איז גלייכצייטיק געקומען דער אָנגריף פון די רעגירונג־טרייע פאַראיינען און פון די קאָמוניסטן. עס זיינען געווען יאָרן, ווען כמעט יעדן טאָג זיינען באַפאַלן געוואָרן יידישע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען אין די פאַראיינען — אַ מאָל פון די יאַוואָראָווסקי־מענטשן און אַ מאָל פון די קאָמוניסטן. אָפּט האָבן צווישן יידישע אַרבעטער געקנאַלט רעוואָל־ווער־שאָסן און עס זיינען געלאָזט געוואָרן אין גאַנג מעסערס און שטעקנס.

אַחוץ דעם אינערלעכן קריזיס, האָט די גאַנצע באַוועגונג גלייכציי־טיק איבערגעלעבט אויך דעם שווערן ווירטשאַפטלעכן קריזיס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1929. צוליב דעם אַלעם איז די צאָל מיטגלידער אין דער אַלגעמיינער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין יענע יאָרן שטאַרק געזונקען. די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זיינען אין דעם פּרט נישט געווען קיין אויסנאַם, דאָך האָבן די יידישע אַרבעטער אַרויסגעוויזן אַ גרויסע ווידערשטאַנד־פעאיקייט און אידייאישע שטאַנדהאַפטיקייט: די צאָל מיטגלידער אין די פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער איז געפאַלן אין אַ פיל קלענערער מאָס ווי אין די פאַראיינען פון די פּוילישע אַר־בעטער. די פּוילישע פאַראיינען זיינען אַראָפּגעזונקען פון איבער 400 טויזנט מיטגלידער, וואָס זיי האָבן געהאַט אין 1922, ביז צו 220 טויזנט אין די קריטישע יאָרן; די יידישע פאַראיינען האָבן אין די קריטישע יאָרן אָנגעוואוירן בלויז דעם צופלוס, וואָס זיי האָבן געהאַט זינט 1922. אַפילו אין די ערגסטע צייטן האָבן זיי נים געציילט ווינציקער פון 40 טויזנט מיטגלידער. אַפילו אין די דאָזיקע קריטישע יאָרן האָבן די פּראָפעסיאָ־נעלע פאַראיינען פון יידישע אַרבעטער נישט אָפּגעשטעלט זייער איבער־לעבכע אַקטיוויטעט אויפן פּראָפעסיאָנעלן און אויך אויף אַלע אַנדערע געביטן.

אַדאַנק זייער ווידערשטאַנד־פעאיקייט האָבן די יידישע אַרבעטער גיך גובר געווען די ירידה פון אָט די קריטיקע יאָרן. אַפילו דער פאַר־ניכטנדיקער אָנגריף פון די קאָמוניסטן, וואָס איז געווען באַזונדערס שטאַרק אויף דער יידישער גאַס, האָט נישט באַוויזן אָנצורירן די אידייאישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע געשלאָסנקייט פון די יידישע פאַראייַנען.

***

די רעאַקציע אין פוילן איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און טיפער. וואָס גרעסער עס איז געוואָרן דער ווירטשאַפטלעכער קריזיס, אַלץ מער האָבן די רעאַקציאָנערע עלעמענטן פון פוילן געגעבן די אָרימע שיכטן פון דער באַפעלקערונג דעם איינציקן ענטפער, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט: „נעמט צו פון די יידן". און זיי האָבן פון טאָג צו טאָג פאַרשטאַרקט דעם באָיקאָט קעגן יידישע קרעמער און קעגן יידישע בעלי־מלאכות. אונטער דער ווירקונג פון דעם היטלעריסטישן שכן און פון דירעקטע היטלער־אַגענטן, וועלכע האָבן פאַרפלייצט פוילן, איז פאָרגעקומען די פאַשיסטישע עוואָ־לוציע פון דעם פוילישן רעאַקציאָנערן לאַגער.

דער רעגירונג־לאַגער, וועלכער האָט שוין מיט יאָרן פריער אַרויס־געוויזן די טענדענץ זיך צוצופאַסן צו די אַנטיסעמיטישע לאָזונגען פון דער ענדעציע, איז איצט געגאַנגען אויף אירע וועגן בנוגע די יידן. די רעגירונג האָט כמעט נישט רעאַגירט אויף די גוואַלט־אַקטן פון דער פאַ־שיסטישער „נאַרא"־פאַרטיי און האָט אָפיציעל, דורך דעם מויל פון איר פרעמיער־מיניסטער גענעראַל סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקי דערקלערט פאַר גע־זעצלעך די עקאָנאָמישע באָיקאָט־קאַמפּאַניע קעגן יידן. אין אָט דער אַט־מאָספער האָבן זיך געמערט כוליגאַנישע עקסצעסן, פרואוון פון פאָגראָמען, אַוואַנטורעס אויף די העכערע לערן־אַנשטאַלטן. בשעת אָט די אַלע עקס־צעסן איז די יידישע באַפעלקערונג געווען אָנגעוויזן נאָר אויף איר איי־גענער שוץ. די הויפּט־ראָל פון אָט דער שוץ האָט איבערגענומען אויף זיך די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט געשאַפן אַ פעסט־אָרגאַני־זירטע אַרבעטער־זעלבסט־שוץ. די דאָזיקע זעלבסט־שוץ פלעגט זיך זייער אָפט צוזאַמענשטויסן מיט די „באָיוואָוקעס" פון דער „נאַרא". אַדאַנק אָט די זעלבסט־שוצן פון די יידישע אַרבעטער, וועלכע פלעגן אין ערנסטע פאַלן אונטערגעשטיצט ווערן פון פוילישע אַרבעטער, איז געלונגען צו ליקווידירן עטלעכע ערנסטע פרואוון צו מאַכן פאָגראָמען אין וואַרשע, לאָדזש, ביאַליסטאָק, לובלין און אין אַ ריי אַנדערע ערטער. אויב די יידישע זעלבסט־שוץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון בונד און פון די יידישע פראָפעסיאָנעלע פאַראייַנען, און איז געשטיצט געוואָרן פון די סאָציאַליסטישע פוילישע אַרבעטער, האָט געקאָנט מנצח זיין די כוליגאַ־נישע באַנדעס, איז עס אויך געווען צוליב דעם, וואָס די פאַשיסטישע „נאַרא"־באָיוואָוקעס זיינען כמעט אין אַלע פאַלן געווען פאַראייַנזאַמט

אין זייערע אַקציעס. אין אַזעלכע פֿאַלן איז זיי נישט געלונגען מיטצו־רייסן פּוילישע פּויערים אָדער פּוילישע אַרבעטער.

אין אַזאַ אַטמאָספֿער איז דעם 9 מערץ 1936 פֿאָרגעקומען אין דעם קליינעם שטעטל פּשיטיק עקסצעסן, וואָס זיינען באַצייכנט געוואָרן מיטן נאָמען דער „פּשיטיקער פּאָגראָם". די געשעענישן אין פּשיטיק זיינען געווען אַ דירעקטער רעזולטאַט פֿון דער באָיקאָט־אַקציע. נאָך מיט אַ צייט פֿריער האָט די „נאַרא" טעראָריזירט די פּויערים פֿון דער געגנט, אַז זיי זאָלן זייערע פּראָדוקטן נישט פֿירן קיין פּשיטיק, נאָר קיין ראַדאָם, כּדי נישט פֿאַרקויפֿן צו די פּשיטיקער יידן און נישט קויפֿן ביי זיי. אַזוי ווי נישט אַלע פּויערים האָבן זיך געלאָזט טעראָריזירן און זיינען פֿאָרט געקומען אויפֿן פּשיטיקער מאַרק, האָבן די „נאַרא"־באָיוואוקעס פּראָוואָצירט אַוואַנטורעס, וועלכע זיינען דעם 9 מערץ פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין עפּעס ענלעכעס צו אַ פּאָגראָם. פֿאַקטיש האָבן זיך דאָרט די יידן, בפֿרט די יידישע אַרבעטער, אַנטקעגנגעשטעלט די „נאַרא"־אָנפֿאַלער. די פּויערים זיינען זיך צעלאָפֿן פֿון מאַרק. ס'זיינען געווען פֿון ביידע זייטן קרבנות. דאָס איז געווען אַ פּרואוו פֿון אַ ברייט־פֿאַרמאָסטענעם פּאָגראָם. דעם 12 מערץ האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿון בונד באַשלאָסן צו רעאַגירן אויף די פּשיטיקער געשעענישן דורך פּראָקלאַמירן אויף דעם 17 מערץ אַ האַלב־טאָגיקן פּראָטעסט־שטרייק. דעם 13 מערץ איז פֿאָר־געקומען אַ ספּעציעלע זיצונג פֿון לאַנד־ראַט פֿון די יידישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען, וואָס האָט איינשטימיק באַשלאָסן צו אונטערשטיצן די איני־ציאַטיוו פֿון בונד און רופֿן די גאַנצע אַרבעטערשאַפֿט, אַז זי זאָל צושטיין צום פּראָטעסט־שטרייק. אין דעם רוף פֿון צענטראַל־קאָמיטעט פֿון בונד און פֿונם לאַנד־ראַט פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען איז געווען געזאָגט, אַז דאָס דאַרף זיין „אַ פּראָטעסט־שטרייק פֿון דער גאַנצער אַרבעטנדיקער יידישער באַפֿעלקערונג"... „קיין איין אַרבעטס־ווערקשטאַט, קיין איין האַנדלס־אונטערנעמונג טאָר נישט זיין טעטיק אין משך פֿון דעם שטרייק".

דער קאַמף־רוף פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָט אַנט־שפּראָכן דער שטימונג פֿון די ברייטסטע יידישע פֿאָלקס־מאַסן. פֿאַקטיש זיינען צום שטרייק צוגעשטאַנען נישט בלויז די יידישע אַרבעטער, בעלי־מלאָכות און האַנדלס־אָנגעשטעלטע, נאָר אויך די יידישע קרעמער. דער שטרייק פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ פּראָטעסט־אַקציע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דעם רוב מנין ובנין פֿון דער גאַנצער יידישער באַפֿעלקערונג אין לאַנד. ס'איז געווען אַן אַקטיווע אַרויסטרעטונג פֿון אַן אונטערדריקטער פֿאָלקס־מאַסע אין אַזאַ פֿאָרנעם, וואָס האָט ביז דעמאָלט נישט געהאַט צו זיך קיין גלייכן.

וועגן דעם באַשלוס צו רופֿן די יידישע אַרבעטער צו אַ גענעראַל־שטרייק האָט דער לאַנד־ראַט מודיע געווען דער צענטראַל־קאָמיסיע פֿון אַלע פּראָפֿעסיאָנעלע קלאַסן־פֿאַראיינען אין פּוילן און זי האָט אויסגעדריקט

איר פולע סאָלידאַריטעט פון פּוילישן אַרבעטער־קלאַס. גלייכצייטיק האָט די וואַרשעווער „ראַדע״ (ראַט) פון אַלע פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראייניגן אויף אַ ספּעציעלער זיצונג אָנגענומען אַ רעזאָלוציע פון פאָלגנדיקן אינהאַלט: „באַקענענדיק זיך מיטן באַשלוס פון לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן וועגן דער פּראָטעסט־אַקציע פון די יידישע אַרבעטער, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אויפן 17 מערץ און איז געצילט קעגן די לעצטע אַנטי־יידישע עקסצעסן, באַשליסט די וואַרשעווער ׳ראַדע׳ פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראייניגן: 1) איבערצושיקן די אויסדריקן פון סימפּאַטיע און סאָלידאַריטעט מיט די יידישע אַרבעטער, וואָס קעמפן קעגן צעיושעטן נאַציאָנאַליזם; 2) דערקלערן, אַז דער פּוילישער אַרבעטער־קלאַס זעט אין דער אַנטיסעמיטישער אַקציע אַ דיווערסיע פון די באַזיצנדיקע קלאַסן, וואָס איז געריכטעט קעגן דער גאַנצער פּראָלעטאַרישער קלאַסן־באַוועגונג און, אַז די ׳ראַדע׳ איז דעצידירט מיט דער גאַנצער ענערגיע צו באַקעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם״.

גלייכצייטיק האָט אַ פירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, זיגמונט זאַרעמבאַ, פאַרעפנטלעכט די פאָלגנדיקע דערקלערונג צו די יידישע אַרבעטער: „דער באַשלוס פון דער וואַרשעווער ׳ראַדע׳ וועגן סאָלידאַריטעט מיט אייער אַקציע, דריקט אויס אָן צווייפל די מיינונג פון אַלע פּוילישע אַרבעטער פון דער הויפּט־שטאָט, וואָס זיינען פּאָליטיש און פּראָפעסיאָנעל אָרגאַניזירט אויף דעם קלאַסן־באָדן. מיר, סאָציאַליסטן, וויסן אויסגעצייכנט, אַז דער אַנטיסעמיטיזם צילט כלומרשט בלויז אין יידן, אָבער טרעפט פאַקטיש אין דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס. איך בין איבערצייגט, אַז אייער פּראָטעסט־אַקציע וועט אַרויסרופן צווישן די פּראָלעטאַרישע מאַסן אין גאַנצן לאַנד אַ געפיל פון לעבעדיקסטער סימפּאַטיע און וועט מיטווירקן צו דער פאַרשטאַרקונג פונם געמיינזאַמען קאַמף פון דער גאַנצער אַרבעטס־וועלט אין פּוילן פאַר אונזער געמיינזאַמער באַפרייאונג״.

אין אַ צאָל פאַלן האָבן פּוילישע אַרבעטער זיך מיטבאַטייליקט אין דעם פּראָטעסט־שטרייק.

דער פּראָטעסט־שטרייק פון 17 מערץ 1936 איז פאַקטיש געוואָרן אַ ווענד־פּונקט אין די שטימונגען פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן. די איניציאַטאָרן פונם שטרייק האָבן געפילט די נויטווענדיקייט צו מאַכן אַ ווייטערדיקן טריט. די קאַמפס־שטימונגען פון די יידישע אַרבעטער האָבן געמוזט באַקומען אַ ווייטערדיקן אַקטיוון אויסדרוק. דער לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראייניגן און דער בונד האָבן דעריבער געפּלאַנט צו רופן אַ גרויסן אַלגעמיינעם אַרבעטער־קאָנגרעס צום קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם.

***

לכתחילה האָט זיך דער לאַנד־ראַט געווענדט צו דער צענטראַל־קאָמי־

ט״ע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין פּוילן, אַז זי זאָל רופן אַן אַלגעמיינעם קאָנגרעס, צו וועלכן עס זאָלן צוגעלאָזן ווערן דעלעגאַטן פון אַרבעטער, סיי פון אָרגאַניזירטע אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, סיי פון נישט־אָרגאַניזירטע. די צענטראַל־קאָמיסיע האָט דערקלערט, אַז זי קען רופן אַ קאָנגרעס בלויז פון די אָנגעשלאָסענע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אָבער נישט פון נישט־אָרגאַניזירטע מאַסן, זי וועט אָבער מיט אַלע כוחות אונטערשטיצן אַזאַ אַלגעמיינעם קאָנגרעס קעגן אַנטיסעמיטיזם, וואָס דער לאַנד־ראַט וועט רופן. דער לאַנד־ראַט האָט דעמאָלט באַשלאָסן צו רופן אַ גרויסן יידישן אַרבעטער־קאָנגרעס, צו וועלכן עס זאָלן קענען שיקן דעלעגאַטן אַלע אָן אויסנאַם יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, גרופּעס און אינסטיטוציעס, ווי אויך נישט־אָרגאַניזירטע יידישע מאַסן אין די שטעט און שטעטלעך. דער לאַנד־ראַט פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָט פאַרעפנטלעכט אַ ווענדונג צו אַלע אָן אויסנאַם יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען און צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, אַז זיי זאָלן אַריינטרעטן אינעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון קאָנגרעס. דער לאַנד־ראַט האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ פּרינציפּן־דעקלאַראַציע. אין דער דאָזיקער דעקלאַראַציע זיינען געקומען צום אויסדרוק דריי גרונט־פּרינציפּן פון קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם: 1) דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם קען געפירט ווערן נאָר אויפן באָדן פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט פון אַלע אַרבעטנדיקע; 2) דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם קען געפירט ווערן נאָר דעמאָלט, ווען ער איז פאַרבונדן מיטן קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם; 3) דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם מוז זיך שטיצן אויף דער איבערצייגונג, אַז די יידישע מאַסן אין פּוילן זיינען פאַרבונדן מיט פּוילן און אַז זייער גורל איז אוממיטלבאַר פאַראייניקט מיטן גורל פון דער פּוילישער אַרבעטנדיקער מאַסע.

ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ הויפּט־קאָמיטעט צו אָרגאַניזירן דעם קאָנגרעס, אין וועלכן עס זיינען אַריין 31 צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס — פּאָליטישע, פּראָפעסיאָנעלע, קולטורעלע, פון דער אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ, יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, פרויען־אָרגאַניזאַציעס, האַנטווערקער־אָרגאַניזאַציעס אאַז״וו. דער הויפּט־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן דעם 13 יוני 1936 אַלס טערמין פונם קאָנגרעס און ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ מאַניפעסט וועגן דעם דאָזיקן קאָנגרעס. דער מאַניפעסט האָט ברייט אַרומגערעדט די סיבות און פאַקטן פון דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג און האָט קלאָר געבראַכט צום אויסדרוק דעם ענערגישן פּראָטעסט פון די יידישע פאָלקס־מאַסן און זייער שטאַרקן ווילן צו פירן דעם קאַמף פאַר זייערע רעכט. דער מאַניפעסט האָט פאַראורטיילט אַלע פאָרמען פון אַנטיסעמיטיזם, ער האָט אויך פאַראורטיילט אַלע כלומרשטע „יידנפריינט״ פון פּוילישן בירגערטום, וואָס ווילן קומען צו הילף די יידן דורך איבערפירן זיי אין אַן אַנדער לאַנד. דער מאַניפעסט האָט זיך אויך אַרויסגעזאָגט קעגן דער

עמיגראַציאָניסטישער אַגיטאַציע און בהלה־שטימונגען מצד דעם ציוניס־
טישן לאַגער, ווייל זיי שפּיזן די פּאַסיוויקייט פון די יידישע מאַסן און
זיינען וואַסער אויף דער מיל פון אַנטיסעמיטיזם. און דער מאַניפעסט
האָט לסוף פּראָקלאַמירט, אַז „די יידישע פאָלקס־מאַסן פון פּוילן באַ־
טראַכטן זיך פאַר אייגנגעוואָרצלטע און פולבארעכטיקטע בירגער פון לאַנד
און אַז זייער גורל איז אוממיטלבאַר פאַרבונדן מיט דעם גורל פון די
אַרבעטנדיקע מאַסן פון פּוילן".

גלייכצייטיק מיט דעם מאַניפעסט האָט דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פאַר־
עפנטלעכט דעם וואַל־רעגולאַמין צו דעם קאָנגרעס. לויט דעם וואַל־רע־
גולאַמין, האָבן געקאָנט ווילן דעלעגאַטן נישט בלויז די מיטגלידער פון
די אָרגאַניזאַציעס, נאָר אויך יעדע 200 מענטשן אין יעדן שטעטל, וועלכע
האָבן אויסגעקויפט אַ 5 גראָשנדיקן סימבאָלישן וואַל־צייכן און האָבן אויף
אַ ווילער־פאַרזאַמלונג אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז זיי זיינען מסכים
מיט די פּרינציפּן פונם קאָנגרעס. לויט דעם רעגולאַמין האָט די וואַל־
קאַמפּאַניע צום קאָנגרעס געדאַרפט פאַרקומען ביז דעם 23 מאַי און די
וואַלן פון דעלעגאַטן האָבן געדאַרפט פאַרקומען צווישן דעם 23 מאַי און
דעם 6 יוני. אין דער דאָזיקער צייט איז פאַרגעקומען אַ גרויסע פאָלקס־
קאַמפּאַניע איבערן לאַנד. לויט די פּראָטאָקאָלן, וואָס זיינען אָנגעקומען
צום אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, זיינען פאַרגעקומען 600 מאַסן־מיטינגען מיט
איבער 300 טויזנט אָנטיילנעמער. צו דער דאָזיקער קאַמפּאַניע זיינען
דערשינען 2 אויסגאַבעס — איינע אין פּויליש און אַ צווייטע אין יידיש
אונטערן נאָמען: אַרבעטער־קאָנגרעס צום קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם.
אין די דאָזיקע אויסגאַבעס זיינען געווען אַרטיקלען פון די
פּוילישע סאָציאַליסטישע פירער מיעטשיסלאַוו ניעדזשאַלקאָווסקי, קאַ־
זשימיעזש פּוזשאַק און יאַן קוואַפּינסקי, ווי אויך אַ באַגריסונג פון שפּאַ־
נישן סאָציאַליסטישן פירער לאַרגאָ קאַבאַליעראָ. אַחוץ דעם זיינען געווען
אַרטיקלען פון יידישע אַרבעטער־טוער: וו. אַלטער, ש. מענדעלסאָן, ז.
אַרטור, א. קליינער, ת. ש. קאַזדאַן, ש. זאַגאַן, ש. וואָלפסאָן, נ. בוקס־
בוים, מ. אָזשעך און י. גראָס. די דאָזיקע אויסגאַבע איז פאַרקויפט געוואָרן
אין יידיש אין אַ צאָל פון 120 טויזנט עקזעמפּלאַרן און אין פּויליש אין
אַ צאָל פון 45 טויזנט עקזעמפּלאַרן. (אין דער פּוילישער אויסגאַבע זיינען
נאָך געווען באַגריסונגען פון די סאָציאַליסטישע פירער פּיעטראָ נעני
(איטאַליע), אַלעקסאַנדער בראַק, שאַרל ראַפּאָפּאָרט, י. זשיראָמסקי (פון
פראַנקרייך), ב. וולאַדעק (אַמעריקע). ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז
די אויסגאַבע איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין 500 שטעט און שטעטלעך פון
פּוילן. (בכלל האָט פּוילן פאַרמאָגט 630 שטעט און שטעטלעך, צווישן זיי
170 אין די מערב־געביטן, וואו ס'האָבן געוואוינט זייער ווייניק יידן).

די דאָזיקע אייגנאַרטיקע און גרויסע פאָלקס־קאַמפּאַניע, אין וועל־
כער עס איז געקומען צום אויסדרוק דער אַקטיווער קאַמף־ווילן פון די

בריטסטע יידישע פאָלקס־מאַסן פאַר זייערע רעכט, האָט געהאַט אויסצו־שטיין זייער פיל שיקאַנעס מצד דער פוילישער פאָליציי. אין פיל ערטער האָט די פאָליציי פאַרבאָטן די פּאַרוואַל־מיטינגען און אויך די וואַל־פאַר־זאַמלונגען, וואָס האָבן געדאַרפט ווילן דעלעגאַטן.

די יידישע בירגערלעכע פּאַרטייען האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן די גרויסע השפּעה פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דער דאַזיקער אַקציע. זיי האָבן אויך נישט געוואָלט מסכים זיין אויף די אַנטי־קאַפּיטאַ־ליסטישע און אַנטי־עמיגראַציאָניסטישע גרונט־פּרינציפּן פון דעם גע־פּלאַנטן קאָנגרעס. זיי האָבן דעריבער אין זייער פּרעסע געפירט אַ פאַר־זיכטיקע קאַמפּאַניע קעגן דעם קאָנגרעס. די איינציקע אַרבעטער־ריכטונג, וועלכע איז אויך צום קאָנגרעס נישט צוגעשטאַנען, איז געווען די פּאַרטיי פּועלי־ציון רעכטע. אין איר פּרעסע איז זי אַרויסגעטרעטן קעגן דעם קאָנגרעס באַלד נאָך דעם, ווי ער איז פּראָקלאַמירט געוואָרן און נאָך אײדער עס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די גרונט־פּרינציפּן פונם קאָנגרעס.

נישט געקוקט אויף אַלע שטערונגען איז די קאָנגרעס־קאַמפּאַניע גע־ווען אַזוי גרויס און אימפּאָזאַנט, אַז זי האָט פאַנאַנדערגעטרייסלט די יידישע פאָלקס־מאַסן אין פוילן ביזן גרונט. ביז דעם 10 יוני זיינען שוין צו דעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט געווען צוגעשיקט וואַל־פּראָטאָקאָלן פון 300 שטעט, אין וועלכע עס זיינען געוויילט געוואָרן 1800 דעלעגאַטן. לויט דעם קאָמ־בינירטן וואַל־מאָדוס (פאַר צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס 1 דעלעגאַט אויף יעדע 1000 מיטגלידער, פאַר נישט־אָרגאַניזירטע וויילער אין די שטעטלעך — 1 דעלעגאַט אויף יעדע 200, אָבער אַ מינימום פון 100 האָבן שוין געקענט ווילן אַ דעלעגאַט), איז אויסגעקומען, אַז די 1800 דעלעגאַטן האָבן רעפּרעזענטירט איבער 400 טויזנט וויילער. פון דער דאַזיקער צאָל דע־לעגאַטן האָבן 500 רעפּרעזענטירט די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזירטע אַר־בעטערשאַפט, 250 האָבן רעפּרעזענטירט דעם קולטור־סעקטאָר (די 250 דעלעגאַטן פון די קולטור־אינסטיטוציעס זיינען געוויילט געוואָרן אין 143 שטעט), 730 האָבן רעפּרעזענטירט נישט־אָרגאַניזירטע וויילער אין שטעט און שטעטלעך, 120 זיינען געווען סאָציאַליסטישע ראַטמענער פון די שטאָט־ראַטן, וועמען דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט האָט געגעבן דאָס רעכט פון דעלעגאַטן צום קאָנגרעס. אַחוץ די אויסגערעכנטע יידישע דעלעגאַטן איז צום אָרגאַניזיר־קאָמיטעט אָנגעקומען אַ גרויסע צאָל פּראָטאָקאָלן פון פוילישע אַרבעטער, וועלכע האָבן, לויט אייגענער איניציאַטיוו, געוויילט ביי זיך אויף די פאַבריקן דעלעגאַטן צום קאָנגרעס קעגן אַנטיסעמיטיזם. דעלעגאַטן פון נישט־יידישע אָרגאַניזאַציעס (פוילישע, אוקראַינישע און דייטשע) האָבן געזאָלט קומען פון העכער 50 שטעט.

אָבער דער קאָנגרעס גופא איז נישט פאָרגעקומען. די אַנטשפּרעכנדיקע רעגירונג־אָרגאַנען האָבן אַ שטיקל צייט אָפּגעשלעפּט און נישט געענט־פערט אויף דער מעלדונג פון לאַנד־ראַט פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע

פֿאַראײנען אַז ער רופֿט דעם קאָנגרעס. אָבער פּלוצלונג, אין די סאַמע לעצטע טעג פֿאַרן קאָנגרעס, האָט דער װאַרשעװער רעגירונגס־קאָמיסאַריאַט געמאָלדן דעם לאַנד־ראַט, אַז ער פֿאַרװערט אָפּצוהאַלטן דעם קאָנגרעס. אַ דעלעגאַציע פֿונם לאַנד־ראַט — װיקטאָר אַלטער און הענריק ערליך — איז אַװעק אין אינערן־מיניסטעריום אינטערװענירן װעגן דעם ענין. דאָרט האָט מען געמאָלדן דער דעלעגאַציע, אַז ס׳איז אָנגעקומען נאָך אַ מעלדונג װעגן נאָך אַזאַ קאָנגרעס פֿון די פּועלי־ציון רעכטע אויף דעם זעלביקן טאָג. צװײ קאָנגרעסן װעגן זעלבן ענין קען מען נישט דערלויבן, אַחוץ דעם איז דער מאָמענט פֿאַר אַזעלכע מין אַרויסטרעטונגען „אַ נישט פּאַסיקער". ס׳איז געװען קלאָר, אַז דער אמתער מאָטיװ איז נישט דער טערמין און אַז די פּלוצלונגדיקע צװײטע מעלדונג װעגן נאָך אַ קאָנקורענץ־קאָנגרעס האָט פֿאַרלײכטערט דער רעגירונג־מאַכט אַזאַ קאָנגרעס צו פֿאַרװערן.

רעכענענדיק זיך מיט דעם פֿאָרמעלן מאָטיװ, האָט דער לאַנד־ראַט תּיכּף אָנגעגעבן אַ מעלדונג, אַז ער װיל רופֿן אַ קאָנגרעס אויפֿן 27טן יוני, שוין ניט קײן אַלגעמײנעם, נאָר בלויז פֿון זײנע אָרגאַניזאַציעס, אָבער אויך אַזאַ קאָנגרעס איז פֿאַרבאָטן געװאָרן.

דער קאָנגרעס איז נישט פֿאָרגעקומען, אָבער דעם ציל, װאָס ער האָט געװאָלט דערגרײכן, האָט ער אין אַ געװיסער מאָס דערגרײכט. אַ לאַנגע צײט שפּעטער איז געבליבן די װירקונג פֿון דער גרויסער אַקטיװער קאַמפּאַניע און מען האָט גערעדט װעגן דעם „שטומען קאָנגרעס". די פּאָליצײאישע צענזור האָט קאָנפֿיסקירט אַ ספּעציעלע אויסגאַבע פֿונם „שטומען קאָנגרעס", װאָס האָט געזאָלט פֿאַרשפּרײט װערן אין אַ האַלבן מיליאָן עקזעמפּלאַרן. ערשט אין אויגוסט 1936 האָט זיך אײַנגעגעבן צו פֿאַרעפֿנטלעכן און פֿאַרשפּרײטן אין אַ גרויסער צאָל עקזעמפּלאַרן אַן אײנטאָגיקע אויסגאַבע מיטן נאָמען „קעגן אַנטיסעמיטיזם". די דאָזיקע אויסגאַבע האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז „דער געפּלאַנטער קאָנגרעס האָט נישט געקענט פֿאָרקומען, אָבער דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם דויערט װײטער. מיר זײַנען זיכער, אַז די שטים, װאָס מיר הויבן דאָ אויף אין נאָמען פֿון די יידישע אַרבעטער־ און פֿאָלקס־מאַסן, װעט געפֿינען אַ הילכיקן אָפּקלאַנג אין די הערצער פֿון הונדערטער טויזנטער יידישע אַרבעטס־מענטשן און װעט זײ װעקן צום קאַמף, רופֿן צום טאַט".

אויך די צענטראַל־קאָמיסיע פֿון די פּוילישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראײנען האָט גלײך נאָכן פֿאַרבאָטן דעם קאָנגרעס אײנשטימיק אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אין װעלכער זי האָט אויפֿגעפֿאָדערט אַלע פּוילישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראײנען און זײערע מיטגלידער מיט דער גאַנצער ענערגיע זיך אַנטקעגנשטעלן דער אַנטיסעמיטישער העצע און דער כװאַליע פֿון אַנטי־יידישע עקסצעסן.

אין לאַנד האָט זיך דערװײַל אַלץ מער און מער פֿאַנאַנדערגעװיגט

דער קאַמף פון געזעלשאַפטלעכע כוחות אַרום די אַנטיסעמיטישע לאָזונגען. ביידע רעאַקציאָנערע לאַגערן — די אָפּאָזיציאָנעלע ענדעציע און דער הערשנדיקער לאַגער (די סאַנאַציע) — האָבן אין זייער קעגנזייטיקן קאַמף פאַר דער מאַכט, באַנוצט דעם אַנטיסעמיטיזם אַלס שפּרינגברעט. די רעאַקציאָנערע פּאַרטייען האָבן אַלץ חוצפּהדיקער און אָפענער אָרגאַניזירט זייערע אַרויסטרעטונגען קעגן יידן און פון דער אַנדערער זייט איז אין דער פּוילישער געזעלשאַפט גופא געוואַקסן די אַקטיוויטעט קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם מצד דעם פּראָגרעסיוון טייל פון דער פּוילישער באַפעל־קערונג.

די צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ שאַרפער דעקלאַראַציע קעגן דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג. די דעקלאַראַציע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם 9 יוני 1937 און איז זייער ברייט פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די פּוילישע אַרבעטער. אין דער דעקלאַראַציע שטעלט די צענטראַל־קאָמיסיע פעסט, אַז „די איצ־טיקע אַנטיסעמיטישע באַוועגונג, וואָס קומט צום אויסדרוק אין ווילדע אָנפאַלן און פּאָגראָמען קעגן דער יידישער באַפעלקערונג, שאַפט אַן ערנ־סטע געפאַר נישט בלויז פאַר דער מענטשלעכער מאָראַל און עטיק, נאָר אויך פאַר דער פּוילישער מלוכה און פאַר די אינטערעסן פון פּוילישן אַרבעטער־קלאַס"... „פאַראַנטוואָרטלעכע ... ייאַמיר..." ... „פאַראַורטיילנדיק ווי אַמשאַרפסטן יעדע אַנטיסעמי־טישע אַגיטאַציע און שטעמפּלענדיק די צעווילדעוועטקייט פון די פּאָגראָ־מען און אָנפאַלן אויף דער יידישער באַפעלקערונג, וואָרנט די צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין פּוילן דעם גאַנצן אַרבע־טער־קלאַס פאַר דער דאָזיקער דראָענדיקער געפאַר"... „די צענטראַל־קאָמיסיע האַלט פאַר איר פליכט עפנטלעך אָפּצושלאָגן די פאַרוואורפן און פאַרדאַכטן, וואָס זיינען געווענדט ספּעציעל קעגן דעם יידישן אַרבע־טער־קלאַס, וואָס איז אָרגאַניזירט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ווי אויך אין בונד, אַז ער זאָל כלומרשט פירדיקן דעם קאַמף קעגן קאַפּיטאַ־ליזם אין פּוילן, דערפאַר, ווייל ער וויל אַראָפּרייסן דעם אָנזען און שעדיקן די אינטערעסן פון דער פּוילישער מלוכה"... „די צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען דערקלערט איר פולשטענדיקע סאָלידאַריטעט מיטן יידישן אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן און שטעלט פעסט, אַז אין דער שטרעבונג צו באַפרייען זיך פון די קייטן פון קאַפּיטאַליזם, טרעט דער פּוילישער אַרבעטער־קלאַס אַרויס סאָלידאַריש מיט אַלע אַרבעטער פון פּוילן אָן אונטערשייד פון נאַציע און גלויבן".

די דאָזיקע דעקלאַראַציע איז אָנגענומען געוואָרן נאָך דעם ווילדן פּאָגראָם, וואָס איז אין די אויגן פון דער פּאָליציי געמאַכט געוואָרן אויף די יידישע קראָמען און הייזער אין בריסק דעם 23 מאַי 1937, נאָך דעם ווי אַ יידישער קצב האָט בעת אַ סכסוך צעשטאָכן אַ פּוילישן פּאָליציאַנט.

# 6. באַרג אַרויף

במשך די יאָרן פון ווירטשאַפטלעכן קריזיס און אַרבעטלאָזיקייט, פון אינערלעכן קריזיס און שפּאַלטונגען, וואָס האָבן גורם געווען דאָס פאַלן פון דער צאָל אָרגאַניזירטע מיטגלידער אין אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, האָבן די פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער תחילת מיט גרויסע אָנ־שטרענגונגען אָפּגעשטעלט די פאַרקלענערונג פון דער מיטגלידער־צאָל און שפּעטער ביסלעכוויז צוריק אָנגעהויבן צו פאַרגרעסערן די מיט־גלידערשאַפט. אין די יאָרן 1935 — 1936, ווען אונטער דער ווירקונג פונם היטלעריזם האָבן די רעאַקציאָנערע פּאַרטייען אין פּוילן אומגעהויער פאַרשטאַרקט זייער טעטיקייט, האָט זיך אויך פאַרגרעסערט די אַקטיווי־טעט פון דער אַרבעטערשאַפט. די צאָל מיטגלידער אין די אַלגעמיינע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָט ביסלעכוויז אָנגעהויבן צוריק צו וואַקסן. דער אָנגריף פון יענע גרופּעס, וועלכע האָבן געפּרוּווט שאַפן פאַראיינען אונטער דער קאָנטראָל און אָנפירונג פונם רעגירונג־לאַגער, האָט פאַר־לוירן זיין אימפּעט. וואָס שייך די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, האָט זייער אַקטיווקייט אויף די געביטן פון פּראָפעסיאָנעלן און פּאָליטישן קאַמף פאַרשטאַרקט זייער אויטאָריטעט און צוציאונג־קראַפט. ס׳האָט זיך אָנ־געהויבן אַ שנעלער באַרג אַרויף און די צאָל מיטגלידער פון די פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען איז געוואַקסן.

מיר האָבן פריער געזען, אַז נאָך דער אַנטשטייאונג פונם אומאָפּהענ־גיקן פּוילן, האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער פאַרמאָגט אַרום 50 טויזנט מיטגלידער. זיי האָבן קיין מאָל פריער זיך נישט דערהויבן קיין סך איבער דער דערמאָנטער ציפער און זיי פלעגן אין די קריזיס־יאָרן פאַלן אונטער דער דאָזיקער ציפער. צום 6טן קאָנגרעס פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס איז פאַר־געקומען דעם 9 און 10 יאַנואַר 1937, האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער שוין געציילט קרוב 72 טויזנט מיטגלידער. זינט 1937 איז דער באַרג־אַרויף געגאַנגען נאָך שטאַרקער. ס׳איז געלונ־גען צו ליקווידירן די אָפּשפּליטערונגען, וואָס זיינען פאַרגעקומען אין די יאָרן פון קאָמוניסטישן שפּאַלטונגס־אָנגריף. ס׳זיינען צוריק צוגעצויגן געוואָרן צו די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען יענע אַרבעטער־שיכטן, וועלכע זיינען צוליב די שפּאַלטונגען און ברודער־קאַמפן בכלל געוואָרן אַפּאַטיש און זיינען אָפּגעפאַלן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. מיט צוויי יאָר

שפּעטער, אין 1939, בשעת עס איז פאָרגעקומען דער 7טער קאָנגרעס פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, האָבן זיי שוין געציילט קנאַפּע 100 טויזנט מיטגלידער (גענוי 98,810).

אָט איז אַ פאַרגלייך־טאַבעלע וועגן דער צאָל מיטגלידער אין די פאַראיינען אין די יאָרן 1937 — 1939 לויט יעדן פאַראיין באַזונדער:

| | נאָמען פון פאַראיין | 1 יאַנואַר 1937 | | 1 יאַנואַר 1939 | |
|---|---|---|---|---|---|
| | | צאָל אָפּטייל. | צאָל מיטגל. | צאָל אָפּטייל. | צאָל מיטגל. |
| 1 | באַקלייד־פאַראיין | 128 | 17,359 | 93 | 16,960 |
| | לעדער־פאַראיין | 42 | 7,200 | 52 | 6,030 |
| | האַנדל־און ביוראָ־אָנגעשטעלטע | 22 | 12,150 | 27 | 12,514 |
| | רעפּרעזענטאַנץ פון לערער־פאַראיינען | | | 56 | 2,842 |
| 2 | טעקסטיל־פאַראיין | 10 | 7,000 | 11 | 12,500 |
| | דערנערונג־פאַראיין | 20 | 5,000 | 27 | 6,500 |
| | בוי־פאַראיין | 14 | 2,000 | 19 | 5,000 |
| | טראַנספּאָרט־פאַראיין | 39 | 2,454 | 35 | 5,641 |
| | פאַראיינען: פון עפנטלעכן גע־ברויך, כעמישער פאַראיין, הויז־ווירטשאַפט, פוילישער מעטאַל־פאַראיין | 10 | 900 | 13 | 6,700 |
| | פריזירער־פאַראיין | 10 | 4,000 | 18 | 4,750 |
| 3 | דרוקער־פאַראיין | 10 | 1,647 | 11 | 1,741 |
| | מעטאַל־פאַראיין | 5 | 2,675 | 9 | 4,185 |
| | צייטונגס־פאַרשפּרייטער | 4 | 283 | 5 | 307 |
| | האַנטווערקער־פאַראיין | 52 | 6,200 | 110 | 11,550 |
| 4 | קלענערע לאָקאַלע: בינע־אָנגעשטעלטע, פאָטאָגראַפיסטן, לערער, מיטל מעדיצין און אַנד. | 10 | 1,000 | 12 | 1,590 |
| | פאַראיינען פון לינקע פּ. צ. נאָך ניט אָנגעשלאָסענע אין די אַלגעמיינע פאַראיינען | 8 | 2,000 | | |
| | צוזאַמען — | 384 | 71,868 | 498 | 98,810 |

צו דער דאָזיקער טאַבעלע איז נייטיק די פאָלגנדיקע אויפקלערונג: די פאַראיינען פון דער גרופּע 1 זיינען צענטראַלע פאַראיינען מיט אַ יידי־שער מערהייט, די פאַראיינען פון דער גרופּע 2 זיינען צענטראַלע פאַראיינען מיט אַ נישט־יידישער מערהייט. אין ביידע די דאָזיקע גרופּעס האָבן

מיר אין דער טאַבעלע געבראַכט די צאָל יידישע אָפּטיילונגען און צאָל יידישע מיטגלידער פון די פאַראייגען. אין דער גרופּע 3 זיינען ריין יידישע פאַראיינען, וואָס זיינען ניט פאַראייניקט מיט קיין אַנטשפּרעכנ־דיקע פּוילישע פאַראיין־צענטראַלעס. אין דער גרופּע 4 זיינען לאָקאַלע פאַראיינען אין פאַרשיידענע שטעט פון אַזעלכע צווייגן, אין וועלכע עס עקזיסטירן נישט קיין צענטראַלעס און וועלכע זיינען אין דער אַלגעמיי־נער באַוועגונג אָנגעשלאָסן דורך דעם, וואָס זיי געהערן צו די אָרטיקע צענטראַל־ראַטן.

די קנאַפּע 100 טויזנט מיטגלידער זיינען געווען פאַרטיילט לויט די שטעט אויף פאָלגנדיקן אופן:

| שטאָט | צאָל מיטגלידער אין ייד. אָפּטייל. | צאָל יידישע מיטגלידער אין נאַציאָנאַל געמישטע אָפּטייל. | צוזאַמען |
|---|---|---|---|
| וואַרשע | 36,567 | 1,700 | 38,267 |
| לאָדזש | 15,142 | 3,500 | 18,642 |
| ווילנע | 2,639 | 905 | 3,544 |
| ביאַליסטאָק | 1,608 | 1,910 | 3,518 |
| קראָקע | 1,632 | 1,871 | 3,503 |
| לעמבערג | 1,786 | 1,324 | 3,110 |
| לובלין | 2,982 | 76 | 3,058 |
| טאַרנאָוו | 1,940 | 330 | 2,270 |
| טשענסטאָכאָוו | 1,052 | 690 | 1,742 |
| ראַדאָם | 1,095 | 200 | 1,295 |
| גראָדנע | 915 | 350 | 1,265 |
| מעזריטש | 751 | — | 751 |
| פּיעטריקאָוו | 533 | — | 533 |
| 144 שטעט מיט ווייניקער צו 500 מיטגלידער | 15,158 | 2,154 | 17,312 |
| צוזאַמען — | 83,800 | 15,010 | 98,810 |

צוזאַמען מיטן אָרגאַניזאַציאָנעלן וואוקס פון דער צאָל מיטגלידער האָט זיך אויך אויסגעברייטערט דאָס פעלד פון פּראַקטישער טעטיקייט. אַזוי, למשל, האָט דער לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען דעם 17 יאַנואַר 1938 באַשלאָסן אויסצוברייטערן זיין טעטיקייט אויפן געביט פון פאַך־בילדונג און איבערשיכטונג. ער האָט פאַר דעם דאָזיקן צוועק אויסגעטיילט אַ ספּעציעלן צענטראַלן קאָמיטעט און אָרטיקע קאָמיטעטן

ביי די שטאַטישע צענטראַל־ראַטן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. דער צענטראַלער קאָמיטעט פאַר פאַך־בילדונג און איבערשיכטונג ביים לאַנד־ראַט האָט אויסגעאַרבעט אַ רעגולאַמין פאַר דעם דאָזיקן געביט פון טע־טיקייט. די געשטעלטע אויפגאַבע איז געווען צו פאַרגרעסערן די אַר־בעטס־מעגלעכקייטן פון יידישע אַרבעטער, אָנגעשטעלטע, כאַלופּניקעס און נישט־פאַרמעגלעכע האַנטווערקער דורך דערגאַנצן די פאַך־בילדונג פון די יידישע אַרבעטער און אַנדערע פּלאַנמעסיקע אָנשטרענגונגען. דער צענטראַל־קאָמיטעט פאַר פאַך־בילדונג און איבערשיכטונג האָט געעפנט פאַך־קורסן אין וואַרשע, לאָדזש, ווילנע, לובלין, ביאַליסטאָק, מעזריטש און אַנדערע שטעט. אין וואַרשע זיינען געווען 3 קורסן פון שניידער־פאַכן, איין קורס פון הידראַליקער ביים מעטאַל־פאַראיין, 2 קוואַליפיקאַציע־קורסן פאַר ביוראָ־אָנגעשטעלטע, 2 קורסן פאַר דאַמען־ און מענער־פרי־זירער, 2 קורסן פאַר די לעדער־אַרבעטער. צווישן די יינגערע טראַנס־פּאָרט־אַרבעטער איז געפירט געוואָרן אַ ספּעציעלע איבערשיכטונג־אַרבעט דורך אויסלערנען אַרום 150 יונגע טרעגער צו ווערן שאָפערן. אין לאָדזש איז געפירט געוואָרן אַן איבערשיכטונגס־אַרבעט דורך אויסלערנען די האַנט־וועבער אַרבעטן אויף מעכאַנישע וועב־שטולן. עטלעכע הונדערט אַרבעטער האָט מען אויסגעלערנט און אַריינגעפירט אין מעכאַנישע פאַבריקן. ביי די האַנדלס־אָנגעשטעלטע איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ דערגאַנצונג־קורס פאַר קרוב 100 בוכהאַלטערן. אינם ערשטן יאָר זיינען אין סך־הכל געווען 13 קורסן מיט 600 אָנטיילנעמער און 26 קורסן פאַר 750 אָנטיילנעמער האָבן אין סוף יאָר געהאַלטן אין אָרגאַניזירט ווערן. אין 1939 האָבן פונקציאָנירט פאַך־דערגאַנצונגס־קורסן ביי די פאַראיינען מיט איבער 1000 אָנטיילנעמער.

דער קאָמיטעט פאַר פאַך־בילדונג און איבערשיכטונג ביים לאַנד־ראַט האָט געפירט זיין טעטיקייט איינגאַנצן זעלבשטענדיק און אויף אייגענע קאָסטן. שפּעטער האָט ער געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער געזעלשאַפט „אָרט" וועגן קאָאָרדינירן די טעטיקייט פון ביידע אינסטיטוציעס אויפן געביט פון פאַך־בילדונג פאַר די מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אַחוץ דעם איז ביים לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען זינט 1937 אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר סאָ־ציאַלער זעלבסטהילף, וואָס האָט אַרומגענומען: מעדיצינישע הילף, יורי־דישע הילף, יוגנט־שוץ, סאָציאַלע שוץ, אָפּטיילונג פאַר פערזענלעכע דאָ־קומענטן, אורלויבן (העלפן די אַרבעטער צו קאָנען אויסנוצן די אורלויבן, וואָס די פאַראיינען האָבן פאַר זיי אויסגעקעמפט). אַ גרויסער טייל פון דער דאָזיקער טעטיקייט איז אויך אין די פריערדיקע יאָרן געטון געוואָרן דורך די פאַראיינען, ווי למשל יורידישע הילף און אַנדערע. איצט אָבער איז די דאָזיקע טעטיקייט איבעראָרגאַניזירט און צענטראַליזירט געוואָרן און זי האָט זיך אַנטוויקלט אויף אַ פיל ברייטערן מאַסשטאַב. אין משך

פון 1938 האָט די דאָזיקע אָפּטיילונג בלויז אין וואַרשע באַדינט אויף אַ קאָנקרעטן אופן 37,673 מיטגלידער פון די פאַראייניגן. בלויז אין חודש פעברואַר פון 1939 האָט די אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער זעלבסט־הילף באַדינט אין וואַרשע, לאָדזש, טאַרנאָוו, פּיעטריקאָוו, לובלין, גראָדנע, טשענסטאָכאָוו, מלאַווע, ווענגראָוו 5,000 מיטגלידער.

די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן פון די יידישע אַרבעטער האָבן אויך געפירט אַ גרויסע און פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט. אַחוץ די ספעציעלע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, ווי די צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע (ציש״אָ) און קולטור־ליגע, אין וועלכע די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג האָט געהאַט אַ גרויסן חלק, האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן נאָך געפירט אַ באַזונדערע גרויסע קולטור־ און אויפקלערונגס־אַרבעט. די יוגנט־סעקציעס ביי די פאַראייניגן, געפירט דורך דער צענטראַלער יוגנט־אָפּטיילונג ביים לאַנד־ראַט, האָבן פאַרמאָגט אין פאַרלויף פון פיל יאָרן אָוונט־שולן פאַר עלעמענטאַרער בילדונג. די וואַרשעווער אָוונט־שולן האָבן אין די יאָרן 1936 — 1938 געהאַט 500 שילער. אַחוץ דעם האָבן די יוגנט־סעקציעס צוזאַמען מיט דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע — דעם יוגנט־בונד צוקונפט אין פּוילן — אָרגאַניזירט סיסטעמאַטיש זומער־ און ווינטער־לאַגערן, פון וועלכע עס פלעגן געניסן טויזנטער יוגנטלעכע יידישע אַרבעטער.

אין די אָרטיקע אָפּטיילונגען פון די פאַראייניגן פלעגן סיסטעמאַטיש פאָרקומען פאָרלעזונגען און לעקציעס. דער לאַנד־ראַט האָט אַחוץ דעם עטלעכע מאָל איינגעאָרדנט אַן ערנסטן קורס פאַר פּראָפעסיאָנעלע טוער, אויף וועלכן עס פלעגן זיך באַטייליקן צווישן 50 און 70 טוער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן.

פאַר זיין טעטיקייט האָט דער לאַנד־ראַט זיך באַנוצט מיט דער טעגלעכער בונדישער פאָלקס־צייטונג, וואָס די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג האָט געהאַט אין איר רשות פאַר אינפאָרמאַציע און פּראָפּאַגאַנדע. אַחוץ דעם האָט דער לאַנד־ראַט מיט געוויסע הפסקות אַרויסגעגעבן זיין אייגענעם פּראָפעסיאָנעלן אָרגאַן. אין די יאָרן 1923 — 1924 פלעגט דערשיינען מאָנאַטלעך דער זשורנאַל די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג. זינט 1925 האָט דער מאָנאַטלעכער זשורנאַל פונם לאַנד־ראַט געטראָגן דעם נאָמען אַרבעטער־פראַגן, וואָס איז מיט הפסקות דערשינען ביזן סוף 1929. זינט 1938 האָט דער לאַנד־ראַט אַרויסגעגעבן זיין אָרגאַן אונטערן נאָמען דער רוף, וואָס איז פאַרשפרייט געוואָרן אין 70 טויזנט עקזעמפּלאַרן.

אַחוץ דעם אָרגאַן פון לאַנד־ראַט זיינען דערשינען די צייטשריפטן פון די באַזונדערע פאַראייניגן: דער דרוקער־אַרבעטער, דער אָנגעשטעלטער, ווי שטענדיקע אויסגאַבן. פון צייט צו צייט זיינען אויך דערשינען צייטשריפטן פון עטלעכע אַנדערע פאַראייניגן.

אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן האָבן אַרויסגעוויזן אַ ספעציעלע זאָרג

פאַר די אַרבעטלאָזע מיטגלידער, וואָס האָבן אין פיל פאַלן באַקומען ממשותדיקע הילף.

אויף אַ פעסט־אָרגאַניזירטן אופן פאַר אַלע אַרבעטלאָזע האָבן אין וואַרשע די דאָזיקע הילף אָרגאַניזירט בלויז 3 פאַראיינען: פון דרוקער, פריזירער און בעקער. דער דרוקער־פאַראיין פלעגט שטיצן זיינע אַר־בעטלאָזע מיטגלידער סיי מיט אַ וועכנטלעכער געלט־סומע, סיי מיט טעג אַרבעט. אין 1937 האָט דער דאָזיקער פאַראיין אויסגעגעבן אויף שטיצע פאַר זיינע אַרבעטלאָזע מיטגלידער 55 טויזנט זלאָטעס, אין 1938 67 טויזנט זלאָטעס. אַחוץ דעם האָט ער אין דער זעלבער צייט געשטיצט די אַרבעטלאָזע מיטגלידער מיט טעג אַרבעט, וואָס האָבן באַטראָפן 110 טויזנט זלאָטעס. דער פריזירער־פאַראיין פלעגט שטיצן זיינע אַרבעט־לאָזע נאָר אין דער פאָרם פון געבן זיי טעג. אין יאָר 1938 האָט דער פאַראיין פאַרטיילט אַזעלכע 9,000 טעג אַרבעט, וואָס האָבן באַטראָפן 44 טויזנט זלאָטעס.

דער וואַרשעווער בעקער־פאַראיין האָט צווישן זיינע 400 אַרבעטלאָזע מיטגלידער אין פאַרלויף פון יאָר 1938 פאַרטיילט דורכשניטלעך אין אַ וואָך צו 900 טעג אַרבעט, וואָס האָבן דורכן יאָר באַטראָפן 400 טויזנט זלאָטעס.

*****

אויך אין די יאָרן פון אָרגאַניזאַציאָנעלן באַרג־אַרויף און פון פאַר־שטאַרקטער אַלגעמיינער אַקטיווקייט אין קאַמף קעגן דער אַלץ וואַקסנ־דיקער רעאַקציע אין פוילן האָט די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער נישט איבערגעלעבט קיין איבערלעכע אידיליע. אויך אין די דאָזיקע יאָרן איז געווען אַ פּרואוו צו באַשאַפן באַזונדערע קאָנקו־רענץ־פאַראיינען ביי דער זייט פון דער גרויסער מאַסן־באַוועגונג. דאָס מאָל זיינען זיי געמאַכט געוואָרן דורך די פועלי־ציון רעכטע, וואָס האָט פאַר יעדן פּרייז געוואָלט האָבן אַן אייגענע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אַרום אירע סערטיפיקאַטן־ און הכשרה־טעטיקייטן. זיי האָבן אָבער צו קיין מאַסן־באַוועגונג מיט אַ ממשותדיקער באַדייטונג ניט געקאָנט אויס־וואַקסן, הגם זיי האָבן געהאַט די אונטערשטיצונג פון דער גאַנצער ציו־ניסטישער באַוועגונג. די גאַנצע פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־באַוועגונג — די צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין פוילן, שטאָטישע „ראַדעס" און אַ ריי צענטראַלע פאַרוואַלטונגען פון די באַזונדערע פאַר־איינען אין לאַנד — האָבן פאַראורטיילט די דאָזיקע שפּליטער־פאַראיינען מיט זייער אָנפירונג, אַלס אַ שעדלעכן פּרואוו צו ברעכן די איינהייטלעכ־קייט און גאַנצקייט פון דער פּראָפעסיאָנעלער קלאַסן־באַוועגונג.

צו די שטערונגען פון וואוקס אין די דאָזיקע יאָרן דאַרפן אויך צוגערעכנט ווערן די פּאָליציייאישע רעפּרעסיעס, פון וועלכע די פאַראיינען

האָבן געליטן. אַחוץ דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטלעכער רעאַקציע, האָבן די פאַראיינען געהאַט צו ליידן פון ספּעציעלע רדיפות. אין 1938 האָט מען פלוצלונג פאַרמאַכט דעם גאַנצן סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין מיט אַלע זיינע אָפּטיילונגען. במשך חדשים האָט ער געדאַרפט קעמפן, כדי צוריק צו באַקומען זיין רעכט אויף לעגאַלער עקזיסטענץ. מען האָט פאַרמאַכט אָפּטיילונגען פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די אַרבעטער אין די אינדוסטריעס פון לעדער, באַקלייד, דרוקער, ווי אויך פון פאַראיין פון האַנדל־ און ביוראָ־אַנגעשטעלטע. מ׳האָט אויך אַ צאָל פאַראיין־טוער אַרעסטירט און אַ טייל פון זיי פאַרשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע.

דאָס אַלץ האָט אָבער ניט אָפּגעשטעלט דעם וואוקס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אויך ניט דעם אימפּעט פון זייער טעטיקייט. די יידישע אַרבעטער־באַפעלקערונג אין פוילן האָט אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, אין די יאָרן פון שטיקנדיקן אַנטיסעמיטיזם און רעאַקציע, פאַרמאָגט אַ שטאַרקן קאַמפס־פעאיקן און סאָלידאַריש געשלאָסענעם כוח. דינענדיק ווי אַ בריק צווישן איר און די פוילישע אַרבעטער, זיינען די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען געווען אַן אָנשפּאַר און געגעבן אַן אויסזיכט אין דעם שווערן קאַמף פאַר די פּאָליטישע אוןווירטשאַפטלעכע רעכט.

# אינהאַלט:

# 1. די יידישע אַרבעטער אין פּוילן

די יידישע באַפעלקערונג האָט געשפּילט אַן אַנגעזעענע און וויכטיקע ראָל אין דער עקאָנאָמיע פון פּוילן. נישט אין אַלע ווירטשאַפטלעכע צווייגן האָבן יידן פאַרנומען אַ באַדייטנדיק אָרט. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון היסטאָרישע אַנטוויקלונגען און פון די ספּעציעלע גזירות און דיס־קרימינאַציעס, וואָס די פריערדיקע אַקופּאַנטישע רעגירונגען און שפּע־טער אויך די פּוילישע רעגירונג האָבן באַנוצט לגבי יידן.

אין דער ערשטער צייט פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקער מלוכה איז די ווירטשאַפט געווען שטאַרק צערודערט צוליב די מלחמה־יאָרן (די ערשטע וועלט־מלחמה און נאָך דעם די פּויליש־סאָוועטישע מלחמה) און צוליבן איבערשניידן די פאַרבינדונגען מיט די דריי גרויסע מלוכות, אין וועלכע די פּוילישע פּראָווינצן זיינען פריער געווען איינגעגלידערט. ס'זיינען מער נישט געווען די ווייטע, גרויסע מערק פון די דריי אימפּע־ריעס (רוסלאַנד, עסטרייך־אונגאַרן, דייטשלאַנד). אָט די ראַדיקאַלע ענ־דערונגען האָבן אויך נעגאַטיוו באַווירקט די ווירטשאַפטלעכע טעטיקייטן און הכנסה־קוואַלן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

ווי דאָס גאַנצע לאַנד, האָט אויך דער יידישער טייל עקאָנאָמיש זיך סטאַביליזירט און זיך צוגעפּאַסט צו די ניי־געשאַפענע באַדינגונגען. דער גרויסער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט אויך איצט, אַזוי ווי פריער, געצויגן חיונה פון מלאכה און האַנדל. אין די דאָזיקע צוויי צווייגן פון דער ווירטשאַפט האָבן יידן פאַרנומען דאָמינירנדיקע פּאָזיציעס.

לויט דער ערשטער ציילונג פון דער באַפעלקערונג אין דער אומאָפּ־הענגיקער פּוילישער מלוכה (אין יאָר 1921) האָבן יידן געציילט 2,755,054 נפשות. חיונה האָבן יידן געצויגן: פון האַנדל און טראַנספּאָרט — 1,229,988; פון אינדוסטריע און מלאכה — 937,073; פון לאַנדווירט־שאַפט — 159,147; באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפעסיעס — 114,555; דינער, דינסטן, שוואַרץ־אַרבעטער — 63,824; אַנדערע און אָן באַשעפ־טיקונג — 250,467.

פון זיי זיינען געווען עקאָנאָמיש אַקטיווע — 924,028. לויט־נעמער זיינען געווען 252,464 — אַרבעטער 205,104 און אַנגעשטעלטע 47,360.

לגבי דער גאַנצער באַפעלקערונג אין לאַנד האָבן יידן באַטראָפן 10.4 פּראָצענט. אין דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס פון פּוילן האָבן די יידישע אַרבעטער באַטראָפן 14.6 פּראָצענט [1].

די צווייטע פאָלקס־ציילונג מיט 10 יאָר שפּעטער (1931) האָט אָנט־פּלעקט אַזאַ בילד: די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געשטיגן צו דער ציפער 3,113,900, אָבער זי האָט זיך פּראָצענטועל פאַרקלענערט און באַטראָפן 9.8 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל נפשות אין לאַנד.

אין יאָר 1931 האָט דער יידישער אָנטייל אין דער ווירטשאַפט פון לאַנד פּראָפּאָרציאָנעל אַזוי אויסגעזען: אין אינדוסטריע און מלאכה — 21.3 פּראָצענט, אין האַנדל — 58.7 פּראָצענט; אין קאָמוניקאַציע — 12.1 פּראָצענט, אין שול־וועזן און אַנדערע קולטור־טעטיקייטן — 21.5 פּראָצענט, אין הויז־דינסט — 5.1 פּראָצענט, אין לאַנדווירטשאַפט — 0.7 פּראָצענט, אין אַנדערע באַשעפטיקונגען — 11.9 פּראָצענט.

ווי מיר זעען, זיינען יידן אין אַלע קאַטעגאָריעס פון ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט, אַחוץ אין צוויי, געווען שטאַרקער באַטייליקט, ווי זיי זיינען געווען פּראָצענטועל אין דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. זיי זיינען געווען מער ווי טאָפּלט שטאַרק באַטייליקט אין אינדוסטריע און מלאכה, קרוב זעקס מאָל שטאַרק אין האַנדל, און קוים־קוים — אין דער לאַנד־ווירטשאַפט, וואָס האָט בכלל פאַרנומען אַ גרויס אָרט אין דער עקאָנאָמיע פון פּוילן.

בלויז 7 און אַ האַלבער פּראָצענט פון די יידן האָבן אין זייערע אונטערנעמונגען באַשעפטיקט אַרבעטער און אַנגעשטעלטע; קרוב 60 פּראָצענט, הגם זיי האָבן געהאַט אייגענע ווערקשטאַטן אָדער געשעפטן, האָבן נישט באַשעפטיקט קיין אַרבעטער אָדער אַנגעשטעלטע; קרוב 28 פּראָצענט זיינען געווען פיזישע אַרבעטער, גייסטיקע אַרבעטער און כאַ־לופּניקעס (היים־אַרבעטער).

אַן ענלעכע סאָציאַלע סטרוקטור, מיט געוויסע פּראָצענטועלע אונ־טערשיידן, איז אויך געווען ביי די פּאָליאַקן; 5.8 פּראָצענט האָבן אין זייערע אונטערנעמונגען באַשעפטיקט לוין־אַרבעטער און אַנגעשטעלטע; 48.3 פּראָצענט — זעלבשטענדיק באַשעפטיקטע אָן לוין־אַרבעטער; 40.7 פּראָצענט זיינען געווען פיזישע אַרבעטער, גייסטיקע אַרבעטער און כאַ־לופּניקעס [2]).

דער גרונט־אונטערשייד צווישן די יידן און פּאָליאַקן אין דער קאַ־טעגאָריע פון די זעלבשטענדיקע אונטערנעמער אָן פרעמדער אַרבעטס־קראַפט איז געווען אַזאַ: די יידן האָבן געוואוינט אין די שטעט און זייער באַשעפטיקונג איז געווען אין מלאכה און האַנדל, בעת די פּאָליאַקן פון דער קאַטעגאָריע האָבן בעיקר געוואוינט אין די דערפער און זייער באַשעפטיקונג איז געווען אין דער אַגריקולטור־ווירטשאַפט.

יידישע אַרבעטער, אַנגעשטעלטע און באַאַמטע זיינען נישט אַריינגע־לאָזט געוואָרן אין פאַבריקן, אונטערנעמונגען און אַמטן פון דער פּוי־לישער מלוכה און שטאָטישע מוניציפּאַליטעטן (ס'זיינען בלויז געווען זעלטענע אויסנאַמען). זיי האָבן אויך נישט געקענט אַריבערטרעטן די

שוועל פון נישט־יידישע פּריוואַטע פאַבריקן און אַנדערע אונטערנעמונגען. אָבער אויך נישט אַלע יידישע באַלעבאַטים האָבן געוואָלט באַשעפטיקן יידישע אַרבעטער. אַ גאַנץ היפּשע צאָל יידישע פאַבריקאַנטן און אונטערנעמער האָבן אויך אָנגעווענדט דיסקרימינאַציע און באָיקאָט לגבי יידישע אַרבעטער. אַ פאָרשער פון דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן מצב ביי יידן האָט וועגן דעם געשריבן:

„דער באָיקאָט פון יידישער אַרבעט קומט אויך שטאַרק צום אויסדרוק אין די פּריוואַטע אונטערנעמונגען אי אין נישט־יידישע, אי אין יידישע. דער נישטיקער פּראָצענט פון יידישע אַרבעטער אין די וויכטיקסטע צווייגן פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע, וואָס עס האָט געוויזן די פאָלקס־ציילונג פון יאָר 1921, איז דער בולטסטער סימן פון דאָזיקן באָיקאָט אין די אַלגעמיינע אונטערנעמונגען. אין אַ שנעלן טעמפּ פאַרקלענערט זיך דער פּראָצענט פון יידן־אַרבעטער אין יידישע אונטערנעמינגען מיטן שטייגן פון זייער גרויס"... „דער יידישער האַנטווערקער אָדער קליינער פאַבריקאַנט באַשעפטיקט דעם יידישן אַרבעטער, די יידישע גרויס־אינדוסטריע וויל אים שוין צו דער אַרבעט נישט צונעמען"... „דער אַנטייל פון יידישן קאַפּיטאַל איז גאַנץ באַדייטנדיק אין אַלע אָן אויסנאַם פּראָדוקציע־צווייגן, דערגייענדיק דאָ און דאָרט אַפילו"... „צו אַ פּשוט אימפּאָנירנדיקער גרויס. דאַקעגן מאַכט אויס דער אַנטייל פון די יידישע אַרבעטער אין כמעט אַלע פאַלן, אַחוץ אַ צוויי אָדער דריי טיפּיש האַנטווערקערישע פּראָדוקציע־צווייגן (באַקלייד, באַאַרבעטונג פון איידעלע מעטאַלן, לעדער, טיילווייז דרוקעריי און שפּייז), מער אָדער ווייניקער אַ קלענער פּראָצענט לגבי דעם יידישן קאַפּיטאַל און ווערט דערפירט צו אַ מינימום אין די וויכטיקסטע צווייגן פון דער אינדוסטריע".

„נישט געקוקט אויף די גאָר שווערע לעבנס־באַדינגונגען, וואָס איז אין זייער כּיל פאַלן דירעקט משפּיע אויפן גראַד פון באַוואוסטזיין און אָרגאַניזירונג פון אַרבעטער, איז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט נישט בלויז נישט געבליבן הינטערשטעליק לגבי דעם אַרבעטער־קלאַס פון די אַנדערע פעלקער אין פוילן, נאָר פאַרקערט, ער פאַרנעמט איינס פון די פאָדערשטע ערטער אין אַלגעמיינעם פּראָצעס פון אַרבעטער־אָרגאַניזירטקייט, סיי אויפן געביט פון פּאָליטישער, סיי אויפן געביט פון פּראָפעסיאָנעלער און קאָאָפּעראַטיווער אָרגאַניזירטקייט, ווי אויך אויפן געביט פון קולטורעלער טעטיקייט, האָט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין פוילן דערגרייכט באַדייטנדיקע דערפאָלגן, וואָס האָבן אין פיל פאַלן געהאַמעוועט דעם פּראָצעס פון זיין וויטערדיקער פאַראָרימקייט, לכל הדעות האָט עס פאַרהיטן די ירידה פון זיין סאָציאַלן ווערט"... „דער דאָזיקער שטאַרקער פּראָצעס פון אָרגאַניזירטקייט פון יידישן אַרבעטער אין פוילן איז אַ רעזולטאַט סיי פון זיין אַלגעמיין־העכערן קולטורעלן מצב אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע טיילן פון פּראָלעטאַריאַט אין לאַנד, ווי אויך

פון די צענטליקער יאָרן אויפקלערערישער אַרבעט, וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן אין די ערשטע ניינציקער יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערטס און דויערט כמעט אָן הפסקה ביזן היינטיקן טאָג״ ׳).

די באַגרענעצטע מעגלעכקייטן פון אַרבעט און די נישט־זיכערקייט פון די אַרבעט־פּלעצער, וואָס זיינען געווען אַ פּועל־יוצא פון דעם אַלגעמיינעם שלעכטן ווירטשאַפטלעכן מצב אין לאַנד און פון די ספּעציעלע אַנטי־יידישע דיסקרימינאַציעס, האָבן גורם געווען, אַז דער לעבנס־סטאַנדאַרד פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, אַחוץ געוויסע אויסנאַמען, איז געווען אַ גאָר נידעריקער. די יידישע אַרבעטערשאַפט האָט געמוזט כסדר קעמפן נישט בלויז פאַר פאַרבעסערן איר עקאָנאָמישן מצב, נאָר אויך פאַר נישט לאָזן זיך אַרונטערשטופן אויף אַ נאָך נידעריקערן שטאַפּל.

די יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע האָבן שוין געהאַט היסטאָרישע דערפאַרונגען אויף דעם געביט. במשך די פריערדיקע צוויי־דריי יאָרצענטליקער האָבן זיי ביי גאָר שווערע, אומלעגאַלע באַדינגונגען אונטער דער רוסיש־צאַרישער ממשלה און ביי לייכטערע באַדינגונגען אונטער עסטרייכישער ממשלה געבוים זייערע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן אַרומגענומען אין פאַרשיידענע פאַכן אַ קלענערן אָדער אַ גרעסערן טייל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זיינען קיינמאָל נישט געווען אַליין און האָבן קיינמאָל נישט עקזיסטירט בלויז לשם די פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן פון דער מיטגלידערשאַפט. תמיד זיינען זיי געווען ענג פאַרבונדן מיט די פּאָליטישע אַרבעטער־פּאַרטייען און זיינען געווען באַהויכט מיטן סאָציאַליסטישן אידעאַל.

דאָס איז געווען די אידייאישע ירושה, וואָס דער נייער דור יידישע אַרבעטער האָט באַקומען פון די פריערדיקע צייטן. און געירשנט פון פריער האָט מען אויך סקעלעטן פון אָרגאַניזאַציעס און אַפילו פאַראיינען מיט אַ היפּשער מיטגלידערשאַפט, וואָס זיינען אין רוסיש־פּוילן אַנטשטאַנען פריער.

די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע זיינען געווען דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס. די אָנפירונגען זיינען געווען געוויילטע און זיינען באַשטאַנען פון די אַרבעטער גופא. וויכטיקע באַשלוסן זיינען אָנגענומען געוואָרן אויף אַלגעמיינע מיטגלידער־פאַרזאַמלונגען.

פּראָפעסיאָנעלע ענינים — לוין־פאָדערונגען, לוין־אַקציעס, שטרייקן, בכלל פאַרבעסערטע אַרבעט־באַדינגונגען — זיינען געווען דער הויפּט־טייל פון דער טעטיקייט, אָבער די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייגען זיינען געווען מער פון דעם. זיי האָבן אויך געפירט אַ קולטור־אַרבעט און זיך באַטייליקט אין פּאָליטישע קאַמפּאַניעס. די לאָקאַלן פון די פאַראיינען זיינען אָפט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קלובן פאַר די מיטגלידער.




דער כאָר בײַם בונדישן גראָסער-קלוב אין וואַרשע.

# 2. פאַראייניקונג פון די יידישע אַרבעטער־פאַראיינען

ווען אין נאָוועמבער 1918 איז אַנטשטאַנען די אומאָפּהענגיקע פּויליש מלוכה, איז די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג געווען שטאַרק צעשפּליטערט. זי איז געווען צעטיילט אויף פאַרשיידענע אופנים: פּאַרטייאיש, נאַציאָנאַל, רעגיאָנאַל, לאָקאַל און לויט באַזונדערע פאַכן. כדי די אַרבעטער זאָלן קענען פירן דערפאָלגרייך זייער קאַמף פאַר העכערע לוינען, אַ קורצערן אַרבעטס־טאָג און בכלל בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען, איז קודם־כל נייטיק געווען אָפּצושאַפן די צעשפּליטערונג. הגם ס'איז נישט אָנגעקומען לייכט צו באַזייטיקן די שטערונגען און שוועריקייטן, האָט דאָך די פאַראייניקונג זיך אָנגעהויבן.

די פירער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, סיי ביי יידן סיי ביי פּאָליאַקן, זיינען גלייכצייטיק געווען טוער פון די פּאָליטישע אַרבעטער־פּאַרטייען. יעדע פּאַרטיי האָט באַטראַכט די פאַראיינען ווי אַ פעלד פון איר השפּעה. איז דעריבער די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג לכתחילה צעשפּליטערט געוואָרן נישט בלויז לויט די באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן, נאָר אויך לויט באַזונדערע פּאַרטייען. ביי יידן איז דער בונד געווען די שטאַרקסטע אַרבעטער־פּאַרטיי סיי אויף די שטחים, וואָס זיינען פריער געווען אונטער רוסישער ממשלה, סיי אין גאַליציע, וואָס איז פריער געווען אַ טייל פון עסטרייך. במילא האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אונטער בונדישער אָנפירונג לויט דער צאָל פאַכן און מיטגלידערשאַפט ווייט איבערגעשטיגן די פאַראיינען פון די אַנדערע יידישע אַרבעטער־גרופּירונגען.

אין ערשטן יאָר פון דער אומאָפּהענגיקער מלוכה, אין 1919, האָבן די 14 פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען (אַזוי האָבן דעמאָלט געהייסן די פאַראיינען אונטער בונדישער אָנפירונג — דוד מייער איז געווען פאָרזיצער און יוסף יאַנקעלעוויטש סעקרעטאַר) בלויז אין וואַרשע געציילט 20,519 מיטגלידער. אין דער זעלבער צייט האָבן די פאַראיינען אונטער דער אָנפירונג פון די פּועלי־ציון אין גאַנצן לאַנד געציילט 6,354 מיטגלידער און אין די פאַראיינען אונטער דער אָנפירונג פון די פאַראייניקטע (פריער ס. ס.) זיינען אין גאַנצן לאַנד געווען 5,965 מיטגלידער [4].

די פאַראיינען האָבן באַדאַרפט זיין לעבנס־פעאיקע,ווירקנדיקע אָר־גאַניזאַציעס. זיי זיינען עס געוואָרן דורך אַן אינטענסיווער, אָרגאַניזאַציאָ־נעלער אויפבוי־אַרבעט און דורך ממשותדיקער טעטיקייט לטובת די מיטגלידער. מ׳האָט געדאַרפט איינשטעלן די אַרבעטס־באַדינגונגען און די לוינען, וואָס האָבן זיך אָפט געביטן צוליב דער נישט־סטאַבילקייט פון דער געלט־וואַליוטע.

די ערשטע גרויסע אַרבעט איז געווען: אַריינציען די אַרבעטער אין די פאַראיינען, שאַפן פאַראיינען אין די שטעט און שטעטלעך, וואו זיי זיינען נישט געווען; לסוף, צונויפבינדן די אָרטיקע פאַראיינען אין לאַנד־אָרגאַניזאַציע — שאַפן אין יעדער אינדוסטריע אַ צענטראַלן לאַנד־פאַראיין מיט אָרטיקע אָפטיילונגען. די בונדישע פאַראיינען האָבן עס אָנגעהויבן צו טון באַלד אין 1919. אין דעם יאָר זיינען שוין פאָרגעקומען עטלעכע לאַנד־צוזאַמענפאָרן פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין באַזונ־דערע אינדוסטריעס. און ס׳איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע קערפערשאַפט, וואָס זאָל רעפּרעזענטירן אַלע אָרגאַניזירטע פאַכן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין לאַנד.

די בונדישע טוער, וואָס זיינען געשטאַנען בראש פון דער טעטיקייט, האָבן נישט געהאַלטן פאַר נאָרמאַל די צעשפּליטערטקייט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. זיי האָבן נישט בלויז געהאַלטן אָפן די טירן פון די פאַראיינען פאַר אַלע — פּאַרטייאישע אַזוי גוט ווי אומפּאַרטייאישע — אַרבעטער, נאָר אויך כסדר פּראָפּאַגירט דעם געדאַנק פון פאַראייניקונג. זיי האָבן פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט, אַז אומאָפּהענגיק פון פּאַרטיי־אישן און נאַציאָנאַלן צוזאַמענשטעל פון די מיטגלידער, דאַרפן זיי גע־הערן צו איין אַלגעמיינער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אַרומ־נעמען די גאַנצע אַרבעטערשאַפט פון לאַנד. זיי האָבן אויך פּראַקטיש געאַרבעט, כדי צו רעאַליזירן אָט דעם ציל.

אין די טעג פון 14 — 16 יוני 1919 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען אַ פאַר־קאָנפערענץ, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע אַרומצורעדן אַ ריי אַקטועלע פראַגן, ווי אויך באַשליסן וועגן שאַפן אַ צענטראַלע פאַראיי־ניקונג פון אַלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער אין פוילן. צו דער פאַר־קאָנפערענץ זיינען געקומען 12 דעלעגאַטן פון די שטעט: וואַרשע, לאָדזש, לובלין, שעדלעץ, וולאָצלאַוועק, מעזריטש. די אָרגאַני־זיר־קאָמיסיע איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַני־זאַציעס אין 41 שטעט. אין 31 שטעט, וואָס זיינען געשטאַנען אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע, האָבן זיך געפונען 40,786 מיטגלידער, צווישן זיי אין וואַרשע 21,332. די פאַר־קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן ווי צום גיכסטן רופן אַ לאַנד־צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן ס׳זאָל געשאַפן ווערן די צענטראַלע אָנפירונג פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער אין פוילן. אַחוץ דעם האָט די פאַר־קאָנפערענץ

אויסגעהערט באריכטן, האט באהאנדלט די פראבלעמען פון פאראייני־קונג, וועגן סטאטוס, וועגן די פאראיינען אין די קלענערע ערטער, וועגן שאפן יוגנט־סעקציעס און פרעסע פון די פראפעסיאנעלע פאראיינען [*]).

„ווי צום גיכסטן" רופן א לאנד־צוזאמענפאר און שאפן די צענטראלע אנפירונג האט זיך נישט איינגעגעבן צוליב די מלחמה־געשעענישן. די פויליש־סאוועטישע מלחמה איז געווארן אינטענסיווער און האט אין יאר 1920 זיך אריבערגעטראגן אויף די צענטראלע שטחים פון פוילן גופא. די פאראיינען האבן געליטן אי פון רעפרעסיעס מצד דער פוילישער רעגירונג, אי מצד דער פאראיבערגייענדיקער סאוועטישער אקופאציע־מאכט, וואס האט אין פארנומענע שטעט פשוט פאנאנדערגעלאזט די אנ־פירונגען פון די פאראיינען און געשטעלט בראש אייגענע מענטשן — ארטיקע קאמוניסטן אדער געקומענע קאמיסארן. ערשט נאכן סוף פון דער פויליש־סאוועטישער מלחמה איז געווארן מעגלעך צו רעאליזירן דעם באשלוס.

אין די טעג פון 26 און 27 אפריל 1921 איז אין ווארשע פארגעקו־מען דער געפלאנטער לאנד־צוזאמענפאר פון די יידישע ארבעטער אין פוילן, וואס האט געשאפן די צענטראלע פאראייניקונג. אנטייל גענומען האבן דעלעגאטן פון די 12 שטעט: ווארשע, לאדזש, לעמבערג, לובלין, פיעטריקאוו, שעדלעץ, ראדאם, כעלם, מעזריטש, טשענסטאכאוו, גראדנע און ביאליסטאק. די דעלעגאטן פון די שטעט האבן רעפרעזענטירט די ארטיקע צענטראל־ראטן, וואס האבן ארומגענומען די פראפעסיאנעלע פאראיינען פון די יידישע ארבעטער. די 12 שטעט האבן אין זייערע פאראיינען געהאט 35,479 ארגאניזירטע מיטגלידער.

אחוץ דעם זיינען געווען דעלעגאטן פון צענטראלע לאנד־פאראיינען פון א צאל פאכן און פון אזעלכע פאכן, וואו ס'זיינען געמאכט געווארן צוגרייטונגען צו שאפן צענטראלע לאנד־פאראיינען. 8 צענטראליזירטע פאראיינען האבן געהאט קרוב 30 טויזנט מיטגלידער. ס'זיינען געווען פארטרעטן די פאכן פון באקלייד, לעדער, טעקסטיל, מעטאל, האלץ, דרוקער, פאפיר, בעקער, דערנערונג, פליישער, הויז־דינערשאפט און פא־טאגראפיסטן ווי אויך פארשטייער פון דער ארגאניזיר־קאמיסיע — צו־זאמען 39 דעלעגאטן.

דער צוזאמענפאר האט בעיקר זיך פארנומען מיט ארגאניזאציאנעלע ענינים און האט געשאפן די פאראייניקונג פון די פראפעסיאנעלע קלאסן־פאראיינען פון די יידישע ארבעטער אין פוילן. ס'איז אויסגעוויילט געווארן א לאנד־ראט אנצופירן מיט דער טעטיקייט. אויף זיין ערשטער זיצונג האט דער לאנד־ראט אויסגעטיילט אן עקזעקוטיוו פון 5 מיטגלי־דער צו דערליידיקן די לויפנדיקע ענינים. פארזיצער פון דער קער־פערשאפט איז געווארן וויקטאר אלטער, סעקרעטאר — שרה שווע־בער [*]).

**
*

צו דעם צווייטן צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 12 — 13 מאַי 1922 אין וואַרשע, איז דער לאַנד־ראַט שוין געקומען מיט אַ באַריכט פון ממשותדיקע טעטיקייטן און דערגרייכונגען. די 38 דעלעגאַטן האָבן פאַרטרעטן 14 צענטראַלע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. לויטן פּאַרטיי־אישן צוזאַמענשטעל האָבן זיי זיך אַזוי געטיילט: 28 האָבן געהערט צום בונד, 5 צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און קאָמבונד, 4 — פּועלי־ציון און 1 פאַראייניקטער.

אַלס פּאָרזיצער פון דעם צוזאַמענפאָר איז איינשטימיק אויסגעווײלט געוואָרן דער חבר נח (לאַנג־יאָריקער פירער פון בונד, יקותיאל פּאָרט־נעי).

שרה שוועבער האָט אין באַריכט איבערגעגעבן, אַז פון 25 אַפּריל 1921 ביז דעם 1 מאַי 1922 האָט דער לאַנד־ראַט מיטגעווירקט צו עפענען אין דער פּראָווינץ 118 אָפּטיילונגען פון די אָנגעשלאָסענע צענטראַלע פאַראיינען און אויך געעפנט אין 15 שטעט אָרטיקע צענטראַל־ראַטן, וואָס נעמען אַרום די פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין די דאָ־זיקע שטעט. צענטראַלע פאַריינען אָדער אַזעלכע, וואָס געפינען זיך אין דעם פּראָצעס פון צענטראַליזאַציע, זיינען פאַראַן 12 און זיי זיינען אָנגע־שלאָסן אין לאַנד־ראַט. זייערע צאָלנדיקע מיטגלידער באַטרעפן 47,500. חוץ דעם זיינען פאַראַן 24 שטאָטישע צענטראַל־ראַטן. צו זיי געהערן אויך פאַראיינען, וואָס זיינען נישט קיין אָפּטיילונגען אין צענטראַליזירטע פאַראיינען.

אין לאַנד־ראַט זיינען דעמאָלט נאָך נישט געווען אָנגעשלאָסן אייניקע טיילן פון לאַנד, ווי גאַליציע, גראָדנער ראַיאָן, ווילנער ראַיאָן און אַנדערע. אָבער דער לאַנד־ראַט האָט מיט זיי אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט.

אין באַריכט־פּעריאָד זיינען ליקווידירט געוואָרן די צוויי באַזונדערע צענטראַלעס, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון פּועלי־ציון און פאַראייניקטע. אין לאַנד־ראַט זיינען מחמת דעם געווען פאַר־טרעטן אַלע ריכטונגען, וואָס האָבן געווירקט צווישן די יידישע אַרבעטער. ער האָט רעפּרעזענטירט די גאַנצע פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט.

אַ וויכטיקע געשעעניש איז אויך געווען די פאַרשטענדיקונג, וואָס איז נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען דערגרייכט געוואָרן וועגן פאַראייניקן די יידישע און פּוילישע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג.

אַחוץ דער פאַראייניקונג־אַרבעט, וואָס איז מיט דערפאָלג געפירט געוואָרן אויף אַלע שטאַפּלען (אין די פאַכן, אין די שטעט, צווישן־פּאַר־טייאיש און אינטערנאַציאָנאַל אין די ראַמען פון לאַנד), האָט דער לאַנד־ראַט אויך דערליידיקט אַ ריי לויפנדיקע ענינים פאַר די באַזונדערע פאַר־

איינען און אינטערוועניִרט ביי די מאַכט־אָרגאַנען וועגן רדיפות און אַנ־דערע שוועריקייטן.

דער צוזאַמענפאָר האָט גענומען צו קענטעניש דעם באַריכט. די פועלי־ציון האָבן אַריינגעטראָגן אַן אייגענע רעזאָלוציע, אָבער מער ווי 2 שטימען האָט זי נישט באַקומען. ס'איז אויך געווען אַ באַזונדערע רעזאָ־לוציע פון די קאָמוניסטן און קאָמבונדיסטן. צוליב דער אויסגעלאָסענער שפּראַך פון דער קאָמוניסטישער רעזאָלוציע, האָט דער צוזאַמענפאָר מיט אַלע שטימען קעגן 3 באַשלאָסן זי נישט צו שטימען, נאָר אַריבערגיין צו דער טאָג־אָרדנונג איבער איר.

די קאָמוניסטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַן אָפּענסיווע צו באַהערשן די פאַראיינען, האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום מיטל אַבי צו דערגרייכן זייער ציל. אויף די פאַרזאַמלונגען פון די מיטגלידער האָבן זיי אַרויסגערופן אַוואַנטורעס, געמאַכט סקאַנדאַלן און אין טייל ער־טער דערפירט צו געשלעגן. אין זייערע רעדעס האָבן זיי זיך באַנוצט מיט ווערטער, וואָס האָבן באַצוועקט צו באַליידיקן און פאַרמיאוסן זייערע פּאָליטישע קעגנער. דער צוזאַמענפאָר פון לאַנד־ראַט האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע קעגן די דיסציפּלין־ברוכן מצד די קאָמוניסטן אין די פאַר־איינען. „אונטער דעם מאַנטל פון אידייאישן קאַמף, ברענגען זיי אַריין דעמאָראַליזאַציע און שטעלן אין סכנה די פאַראיינען. מ'דאַרף די סכנה באַקעמפן אין הסכם מיט די סטאַטוטן פון די אָרגאַניזאַציעס", האָט גע־זאָגט די רעזאָלוציע.

אַ וויכטיק אָרט אויף דעם צווייטן לאַנד־צוזאַמענפאָר האָט פאַר־נומען די פראַגע וועגן פאַראייניקן זיך מיט די פּוילישע פאַראיינען. אין זיין רעפעראַט האָט וויקטאָר אַלטער איבערגעגעבן דעם גאַנג פון די לאַנגע אונטערהאַנדלונגען. נאָך אין 1920 האָט דער צענטראַל־ראַט פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין וואַרשע אויסגעאַרבעט אַ פּראָ־יעקט פון פאַראייניקונג. ער האָט דעם פּראָיעקט איבערגעשיקט אי צו דער אָנפירונג פון די קאָמוניסטישע פאַראיינען, אי צו דער צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען, בראש פון וועלכער ס'זיינען געשטאַנען פּעפּעסאָווצעס. די ערשטע האָט קיין שום ענטפער נישט געגעבן, די צענטראַל־קאָמיסיע האָט געענטפערט, אַז דער פּראָיעקט קען זיין אַ יסוד פאַר אונטערהאַנדלונגען, אָבער נאָר דעמאָלט, ווען ס'וועט נישט זיין דער פּונקט וועגן דער יידישער שפּראַך און קולטור־טעטיקייט אין די אַלגעמיינע פאַראיינען.

ביים באַגרינדן דעם שטאַנדפּונקט פון לאַנד־ראַט האָט דער רעפע־רענט געזאָגט: „אונזערע יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן אַ ספּעציעלן כאַראַקטער, וואָס שיידן זיי אָפּ פון די פּוילישע קלאַסן־פאַר־איינען און פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון מערב־אייראָפּע. זיי זיינען נישט בלויז אַנטשטאַנען צו דערליידיקן די פּראָפעסיאָנעלע ענינים

פון די ייִדישע אַרבעטער. זיי זיינען אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט אַרבעטער־הײמען — אַנשטאַלטן, וואו דער אַרבעטער ווערט געזעלשאַפטלעך דערצויגן, באַקומט אַ פּראָלעטאַרישע וועלט־אַנשויאונג, ווערט אַריינגעצויגן אין ברייטן געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פאַרטרעט פאַר דעם ייִדישן אַרבעטער אַ קלוב, אַ ביבליאָטעק. דאָרט פאַרברענגט ער אין אַלגעמיין זיין פרייע צייט. דאָרט ווערט ער אַ פּראָלעטאַרישער קעמפער. די ייִדישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זיינען נישט בלויז ביוראָען, וואו מ׳קומט איינצאָלן מיטגליד־שטייער און באַקומען שטיצע אין צייט פון אַ שטרייק אָדער אַרבעטלאָזיקייט. זיי זיינען פּראָלעטאַרישע געזעלשאַפטלעך־דערציערישע קולטור־אַנשטאַלטן אין ברייטן זין פון וואָרט. דעם דאָזיקן כאַראַקטער פון אונזער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג מוזן מיר איינהאַלטן. מיר דאַרפן ווירקן, כדי אויפצוהייבן צו דער דאָזיקער מדרגה די פּוילישע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג״... „כדי איינצוהאַלטן דעם ספּעציעלן כאַראַקטער פון זייער באַוועגונג, מוזן די ייִדישע אַרבעטער אויף דעם געביט זיין זעלבשטענדיק. זיי מוזן האָבן די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זייער גאַנצע זעלבסט־אַקטיוויטעט״.

נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען האָט די צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין פּוילן אָנגענומען אַ מאָדיפיצירטן פּראָיעקט, וואָס עס האָט אויסגעאַרבעט דער לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די ייִדישע אַרבעטער. פאַרן סוף 1921 האָט מצד דער צענטראַל־קאָמיסיע דעם אָפּמאַך אונטערגעשריבן זיגמונט זשולאַווסקי, מצד דעם לאַנד־ראַט — דוד מייער און וויקטאָר אַלטער.

דער אָפּמאַך האָט פעסטגעשטעלט די דאָזיקע פּרינציפּיעלע כּללים: „א) די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען דאַרפן זיין געבויט לויטן פּרינציפּ פון צענטראַלע אינדוסטריעלע לאַנד־פאַראיינען, וואָס נעמען אַרום אַלע אַרבעטער פון אַנטשפּרעכנדיקן אינדוסטריע־צווייג, אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט און רעליגיע; ב) די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס נעמען אַרום אַלע אַרבעטער פון געגעבענעם אינדוסטריע־צווייג, דאַרפן אויף אַלע געביטן פון זייער פאַראיין־טעטיקייט באַפרידיקן אין אַ גלייכער מאָס די באַדערפענישן פון זייערע מיטגלידער״. ווייטער קומען די פּראַקטישע אויספירן פון די צוויי כּללים (זע דעם אַרטיקל פון שמואל מרדכי (אַרטור) זיגעלבוים, (זייט 187).

די פריערדיקע מיינונג פון בונד איז געווען, אַז די אָפּטיילונגען פון די צענטראַלע פאַראיינען דאַרפן זיין נאַציאָנאַל געמישטע, מיט שפּראַכלעכע רעכט פון די ייִדישע אַרבעטער.

פאַרן אָנהייב פון די אונטערהאַנדלונגען האָט דער בונד אָנגעצייכנט די גרונט־יסודות פון דער פאַראייניקונג. דער פּאַרטיי־ראַט פון בונד, וואָס האָט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען דעם 13 און 14 פעברואַר 1920, האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואָס זאָגט: „אונזערע פּאַרטיי־מיטגלידער

דאַרפן מיטווירקן, אַז ס׳זאָל וואָס גיכער פאַרקומען אַ פאַראייניקונג פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אויף פאָלגנדיקע יסודות: די באַזונדערע פאַראיינען פון איין אינדוסטריע־צווייג גיסן זיך צונויף אין איין אינ־דוסטריע־פאַראיין פון לאַנד. עס מוז גענומען ווערן אין אַכט די באַ־זונדערע קולטורעלע אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער און אָנער־קענט ווערן זייער שפּראַך־רעכט. די וואַלן פון די אָנפירנדיקע איינ־ריכטונגען דאַרפן, צוליב די באַדינגונגען, וואָס עקזיסטירן איצט אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, פאָרקומען לויט דעם פּראָפּאָרציאָנעלן סיסטעם".

ביי די הערשנדיקע באַדינגונגען און שטימונגען איז נישט געווען מעגלעך דורכצופירן די פאַראייניקונג אויף דער דערמאָנטער באַזע. מ׳האָט דעריבער זיך פאַרשטענדיקט, אַז די פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער זאָלן עקזיסטירן ווי יידישע פיליעס פון די אַלגעמיינע פאַראיינען.

דער צווייטער לאַנד־צוזאַמענפאָר פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען האָט באַשטעטיקט דעם אָפּמאַך מיט דער אָנפירונג פון די פּוילישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. די אָנגענומענע רעזאָלוציע האָט דערקלערט: „דער צוזאַמענפאָר נעמט מיט צופרידנקייט צו קענטעניש, אַז דער פאַר־אייניקונגס־אָפּמאַך גאַראַנטירט פאַר די פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזירטע יידי־שע אַרבעטער די מעגלעכקייט פון אַ ברייטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און די אָנערקענונג פון די רעכט פון דער יידישער שפּראַך אין פאַראיינס לעבן"... „דער צוזאַמענפאָר גיט זיך אָפּ אַ רעכענונג, אַז די איצטיקע פאַראייניקונג־פאָרמען זיינען נאָר דער ערשטער שריט אויפן וועג פון פולשטענדיקן צונויפגיסן זיך פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. מיר האַלטן, אַז די בעסטע פאָרם פון פאַראייניקן זיך וואָלט געווען דאָס פולשטענדיקע צונויפגיסן זיך פון די באַזונדערע פאַראיינען, מיטן תנאי, אַז די שפּראַך־רעכט פון די יידישע מיטגלידער זאָל זיין פולשטענדיק געזיכערט, און אַז די קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אויפקלערונג־אַר־בעט צווישן די יידישע אַרבעטער זאָל געפירט ווערן דורך אויטאָנאָמע אָרגאַנען, וואָס ווערן באַשטימט דורך די יידישע אַרבעטער גופא. כדי איינצוהאַלטן דעם מאַסן־כאַראַקטער פון דער באַוועגונג, האַלט דער צו־זאַמענפאָר פאַר אומבאַדינגט נויטיק, אַז ביי יעדער פאָרם פון פאַראיי־ניקונג זאָל פאַרזיכערט ווערן די מעגלעכקייט פון אַ געמיינזאַמער און צענטראַליזירטער אַרבעט אויף דעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן געביט פון אַלע יידישע אַרבעטער. ביז וואַנען די פאַראייניקונג־פראַגע וועט נישט ווערן אינגאַנצן געלייזט, דאַרף די אָנפירונג מיט אַלע פאַראייניקונג־ענינים ליגן אין די הענט פון דער פּראָפעסיאָנעלער צענטראַלע פאַר די יידישע קולטור־ענינים".

ביי דער פראַגע האָט דער צוזאַמענפאָר פאַראורטיילט די האַנדלונג פון די קאָמוניסטן, וועלכע האָבן געבראָכן די באַשלוסן פון דעם ערשטן

לאַנד־צוזאַמענפאָר, וואָס האָט פעסטגעשטעלט די פּרינציפּן פון פאַראייני־קונג מיט די פּוילישע פאַראײַנען. געהאַנדלט האָט זיך וועגן צענטראַלן פאַראיין פון יידישע לעדער־אַרבעטער. דער פאַראיין האָט אויף זיינס אַ לאַנד־צוזאַמענפאָר געהאַט אַנגענומען אַ באַשלוס אין הסכם מיט דער שטעלונג פון לאַנד־ראַט פון אַלע יידישע אַרבעטער־פאַראיינען. אין צווישנצייט זיינען אָבער איניקע מיטגלידער פון דער צענטראַל־פאַר־וואַלטונג אַריבער אין קאָמוניסטישן לאַגער (קאָמבונד). די נייע מער־הייט האָט געהאַנדלט לויט די אָנווייזונגען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ביים פאַראייניקן זיך מיט די פּוילישע לעדער־אַרבעטער האָט זי מוותר געווען אויפן פּרינציפּ פון אויטאָנאָמיזם פאַר די יידישע אַר־בעטער. צוליב דעם האָט דער צווייטער לאַנד־צוזאַמענפאָר פון די יידישע אַרבעטער־פאַראיינען אָנגענומען די רעזאָלוציע: „דער צוזאַמענ־פאָר פאַראורטיילט די האַנדלונג פון דער לעדער־צענטראַלע, וואָס האָט געבראָכן די באַשלוסן פון צוזאַמענפאָר פון לעדער־אַרבעטער, פון וועלכן זי איז אויסגעוויילט געוואָרן און פון לאַנד־פאַרבאַנד, פון וועלכן זי איז אַ טייל". די רעזאָלוציע שטעלט פעסט, אַז די פאַראייניקונג־באַדינגונגען, וואָס די לעדער־צענטראַלע האָט אָנגענומען, איז אין בפירושער סתירה צו דער פּלאַטפאָרם, וואָס ס'האָט אויסגעאַרבעט דער לאַנד־ראַט אין הסכם מיט די דירעקטיוון פון דעם גרינדונג־צוזאַמענפאָר אין יאָר 1921.

דער צווייטער לאַנד־צוזאַמענפאָר האָט באַטראַכט נאָך אַנדערע ענינים. ער האָט אָנגענומען אַ רעגולאַמין פאַר די באַזונדערע פאַראיינען און אויך באַשלאָסן צו שאַפן אין די פאַראיינען יוגנט־סעקציעס פאַר די יוגנטלעכע אַרבעטער, וואָס קענען לויט די סטאַטוטן נאָך נישט זיין קיין פולע פאַראיין־מיטגלידער.

לסוף האָט דער צווייטער לאַנד־צוזאַמענפאָר, לויט פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן, אויסגעוויילט די אָנפירונג — דעם לאַנד־ראַט. די בונדישע ליסטע האָט באַקומען 27 שטימען און 10 ערטער אין לאַנד־ראַט, די קאָמוניסטן און קאָמבונדיסטן — 5 שטימען און 2 ערטער, די פּועלי־ציון — 3 שטימען און 1 אָרט [1]).

***

דער דריטער לאַנד־צוזאַמענפאָר פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער איז פאָרגעקומען דעם 11 און 12 אַפּריל 1925 אין וואַרשע. 45 דעלעגאַטן האָבן פאַרטרעטן 7 צענטראַלע פאַראיינען און 15 קולטור־אַמטן — צענטראַל־ראַטן פון פאַרשיידענע פאַראיינען אין די גרעסערע שטעט (אין לאַנד זיינען דעמאָלט געווען 17 אַזעלכע קול־טור־אַמטן). צוזאַמען מיט די, וואָס האָבן געהאַט נאָר באַראַטונג־רעכט, זיינען געווען 57 דעלעגאַטן. פון זיי זיינען 46 געווען בונדיסטן, 4 פּועלי־ציוניסטן, 3 אומפּאַרטייאישע, 2 קאָמוניסטן, 1 אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסט

און 1 פּעפּעסאָוועץ (דער פאַרשטייער פון דער צענטראַל־קאָמיסיע, ביי־באַוער. די קאָמוניסטן האָבן געדופן צו באָיקאָטירן דעם צוזאַמענפאָר, דעריבער האָבן אַ פּאָר זייערע פאַראיינען זיך נישט באַטייליקט). דאָס איז געווען דער ערשטער צוזאַמענפאָר נאָך דעם, ווי די יידישע אַרבע־טער־פאַראיינען זיינען געוואָרן אַ באַשטאַנד־טייל פון דער אַלגעמיינער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין לאַנד. אין הסכם מיטן פריער־אָנגענו־מענעם סטאַטוט, איז דער אָפיציעלער נאָמען פון דער אויטאָנאָמער פאַר־אייניקונג פון די יידישע אַרבעטער־פאַראיינען געוואָרן צענטראַלער יידי־שער קולטור־אַמט.

דעם באַריכט פון דער אָנפירונג האָט אָפּגעגעבן דער סעקרעטאַר שמואל מרדכי (אַרטור) זיגעלבוים. אין זיין באַריכט האָט ער איבערגעגעבן וועגן די באַמיאונגען דורכצופירן, אַחוץ אין אַלגעמיינעם לאַנד־מאַסשטאַב, אויך די פאַראייניקונג פון די יידישע און פוילישע פאַראיינען אין די באַזונ־דערע פאַכן און אינדוסטריע־צווייגן. ער האָט געזאָגט: „אין פיל פאַלן האָבן די פוילישע פאַראיינען נישט געהאַט קיין גרויסן חשק די פאַר־אייניקונג אַדורכצופירן. דאָך איז שוין היינט די פאַראייניקונג אַ געשעע־נער פאַקט. איצט האַלט שוין אויך ביי אַ פאַראייניקונג אין די לעצטע צוויי אינדוסטריע־צווייגן — מעטאַל און דרוקער". שווערער גייט עס צו וועגן פאַראייניקן די יידישע לאָקאַלע צענטראַל־ראַטן (קולטור־אַמטן) מיט די פוילישע „ראַדעס" (אָרטיקע צענטראַל־ראַטן), ווייל די פּ. פּ. ס. וויל נישט אין זיי פאַרשטאַרקן די אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטן. די קאָ־מוניסטן פירן דורך שפּאַלטונגען און ווירקן דעמאָראַליזירנדיק.

אַ ווי כטיקן אָרט אויף דעם צוזאַמענפאָר האָט פאַרנומען דער רע־פעראַט, וואָס עס האָט געהאַלטן דער פאָרזיצער פון צענטראַלן יידישן קולטור־אַמט, וויקטאָר אַלטער, וועגן דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע פון די יידישע אַרבעטער און זייער רעכט אויף אַרבעט. דער עקאָנאָמישער קריזיס צווישן די יידישע אַרבעטער, האָט ער געזאָגט, איז נישט בלויז אַ רעזולטאַט פון אַלגעמיינעם קריזיס, נאָר אויך פון די ספּעציפישע באַ־דינגונגען, אין וועלכע עס געפינען זיך די יידישע אַרבעטער: זיי ווערן אַרויסגעשטויסן פון לאַנגאָניקע אַרבעט־פּאָזיציעס. זיי האָבן קלענערע אויסזיכטן אויף אַרבעט אין דער בוי־אינדוסטריע. זיי זיינען אַרויסגע־שטויסן געוואָרן פון דער טאַבאַק־אינדוסטריע, נאָך דעם ווי די רעגירונג האָט איינגעפירט דעם מאָנאָפּאָל אויף טאַבאַק־אויסאַרבעטונגען. אין דער לעדער־אינדוסטריע גיט די מלוכה באַשטעלונגען נאָר פוילישע פירמעס. אויב אַ יידישע פירמע באַקומט אַ באַשטעלונג, פאָדערט די רעגירונג, אַז זי זאָל באַשעפטיקן פוילישע אַרבעטער. אין טראַנספּאָרט באַגרענעצט מען קאָנצעסיעס פאַר יידן. די רעגירונג אַליין באַשעפטיקט אין אירע אַמטן און אינסטיטוציעס 10 פּראָצענט פון דער דערוואַקסענער באַפעל־קערונג — די צאָל יידן צווישן זיי איז אַ מינימאַלע. די יידישע אַר־

בעטער ווערן נישט צוגעלאָזט אין דער גרויס־אינדוסטריע. דער קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט איז פאַר די יידישע אַרבעטער די ברענענדיקסטע לאָזונג.

דער דריטער לאַנד־צוזאַמענפאָר האָט צו דעם פונקט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער עס איז געזאָגט געוואָרן: „דער צוזאַמענפאָר שטעלט־פעסט, אַז סיי דער יידישער אַרבעטערשאַפט, סיי די טיילן פון דעם יידישן קליינבירגערטום, וואָס ווערן פּראָלעטאַריזירט דורך דעם עקאָנאָמישן קריזיס, שטייט פאַר די סכנה פון פאַרלירן די מעגלעכקייט צו באַקומען אַרבעט". נאָכן כאַראַקטעריזירן די אַלגעמיינע סיבות, זאָגט ווייטער די רעזאָלוציע, אַז „די וויכטיקסטע סיבה פון דער געשאַפענער טראַגישער לאַגע פון די יידישע אַרבעטער שטעקט אין דער באַוואוסט־זיניקער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון דער פּוילישער רעגירונג מיט אַלע אירע מאַכט־אָרגאַנען און פון די אָרגאַנען פון דער שטאַטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג. די וויכטיקסטע סיבה שטעקט אין דער פּאָליטיק, וואָס לאָזט נישט צו די יידישע אַרבעטער צו אַ ריי וויכטיקע אינדוס־טריע־צווייגן (מלוכהשע פאַבריקן, גרויס־אינדוסטריע אאַז"וו) און שליסט גלייכצייטיק אויס מיט אַלע מיטלען די יידישע אַרבעטער פון די גע־ביטן, וואו זיי זיינען פריער געווען באַשעפטיקט. די יידישע בירגער־לעכע עלעמענטן שטעלן זיך נישט אַנטקעגן דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון דער רעגירונג. נאָך מער: אָפט העלפן זיי מיט צו פאַרטרייבן די יידישע אַרבעטער פון זייערע אַרבעט־פּלעצער. דער צוזאַמענפאָר פאָ־דערט אויף אַלע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, אַז זיי זאָלן אַוועקשטעלן אין פאָדערגרונט פון זייערע אַקטועלע אויפגאַבן די רעכט אויף אַרבעט פאַר די יידישע אַרבעטער". נאָך דעם זיינען אָנגעמערקט געוואָרן עטלעכע קאָנקרעטע אויפגאַבן.

שרה שוועבער האָט רעפערירט וועגן די אָרגאַניזאַטאָרישע און ווירט־שאַפטלעכע אויפגאַבן פון די פאַראייניגן; נאַטאַן שאַפּראַן — וועגן די קולטור־טעטיקייטן; גרשון זיבערט — וועגן אַרבעטער־עמיגראַציע; אַבראַשע וויינער — וועגן דער אַרבעט צווישן דער יוגנט. אַ גרויסע צאָל דעלעגאַטן האָבן זיך באַטייליקט אין די דעבאַטן אַרום די באַהאַנדלטע ענינים. וויקטאָר אַלטער האָט רעפערירט וועגן דער פאַראייניקונג פון די פּראָפעסיאָנעלע אינטערנאַציאָנאַלן — דעם סאָציאַליסטיש־אָריענטירטן אין אַמסטערדאַם מיט דעם קאָמוניסטיש־געפירטן אין מאָסקווע. ער האָט פאָרגעלייגט זיך אַרויסזאָגן פאַר דער פאַראייניקונג און זיין פאָרשלאָג איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

אין צענטראַלן יידישן קולטור־אַמט זיינען געוויילט געוואָרן: וויקטאָר אַלטער, שמואל מרדכי (אַרטור) זיגעלבוים, מאיר וואַסער, שרה שוועבער, הערשל הימעלפאַרב, מרדכי פייגמאַן, עמנואל נאָוואָגרודסקי, איסר גאָלד־בערג, יצחק לעוו (פּועלי־ציון) — אַלע פון וואַרשע; שמואל מילמאַן,

אפרים לוזער זעלמאַנאָוויטש — ביידע פון לאָדזש, עמנואל שערער — פון לעמבערג, לייזער שאַבפיש — פון ביאַליסטאָק, שלמה דיקער (קאָמוניסט), משה לעדערמאַן — פון טשענסטאָכאָוו [6]. פון די 15 מיטגלידער זענען 13 געווען בונדיסטן.

**

דעם 21טן און 22טן אָקטאָבער 1929 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען דער פערטער לאַנד־צוזאַמענפאָר פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער. די 53 דעלעגאַטן האָבן פאַרטרעטן 10 צענטראַלע לאַנד־פאַראיינען און 11 אָרטיקע קולטור־אַמטן (שטאָטישע צענטראַל־ראַטן). בכלל זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין לאַנד־ראַט 20 יידישע קולטור־אַמטן, אָבער אַ טייל האָבן צוליב פאַרשיידענע סיבות, על פי רוב פינאַנציעלע, קיין דעלעגאַטן נישט געשיקט (אַ צענטראַל־ראַט האָט געקענט געשאַפן ווערן נאָר אין די שטעט, וואו עס זיינען געווען לכל־הפחות 3 פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון באַזונדערע אינדוסטריע־צווייגן). 50 דעלעגאַטן זיינען געווען בונדיסטן, 3 — קאָמוניסטן.

דעם באַריכט האָט אָפּגעגעבן דער סעקרעטאַר פון לאַנד־ראַט, ש. מ. (אַרטור) זיגעלבוים. ער האָט אויסגערעכנט די אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייטן און געשילדערט די פּאָליטישע אַקציעס, וואָס דער לאַנד־ראַט האָט געפירט. די 20 אָנגעשלאָסענע יידישע קולטור־אַמטן האָבן דעמאָלט געציילט 22,353 מיטגלידער. אחוץ זיי האָט דער לאַנד־ראַט פאַרטרעטן די יידישע אָפּטיילונגען פון די צענטראַלע פאַראיינען אין די אינדוסטריעס פון באַקלייד, לעדער, דערנערונג, טעקסטיל, טראַנספּאָרט, ווי אויך די צענטראַלע פאַראיינען פון יידישע דרוקער, האָלץ, האַנדל־ און ביראָ־אָנגעשטעלטע, ציטונג־פאַרשפּרייטער, אַרטיסטן.

נאָטאַן שאַפּראַן האָט באַריכטעט וועגן קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט פאַר יידישע אַרבעטער. ס'איז אויך געווען אַ באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון עמיגראַציע־ביוראָ.

מיט אַלע שטימען קעגן 3 האָט דער צוזאַמענפאָר גענומען צו קענטעניש די באַריכטן און אויסגעדריקט צוטרוי דעם לאַנד־ראַט. דער פאָרזיצער פון לאַנד־ראַט, וויקטאָר אַלטער, האָט רעפערירט וועגן דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע און די אויפגאַבן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. ש. מ. (אַרטור) זיגעלבוים האָט רעפערירט וועגן אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים.

אין די דעבאַטן אַרום די רעפעראַטן האָבן זיך באַטייליקט אַ גרעסערע צאָל דעלעגאַטן. זיי האָבן באַלויכטן און דערגענצט געוויסע פּונקטן, בפרט די צעשטערערישע און שפּאַלטונג־פּאָליטיק פון די קאָמוניסטן.

די אָנגענומענע פּאָליטישע רעזאָלוציע האָט קריטיקירט די אַנטי־דעמאָקראַטישע האַנדלונגען פון דער רעגירונג, האָט פּראָטעסטירט קעגן די רדיפות און געפאָדערט אַמנעסטיע פאַר אַרעסטירטע פּאָליטישע קעג־

נער. אַ צווייטע אַנגענומענע רעזאָלוציע האָט גערופן די אַרבעטערשאַפט זיך צו שטעלן אין שוץ פון די פאַראייגען קעגן דער צעשטערערישער און שפּאַלטונג־אַרבעט פון די קאָמוניסטן, און צו שטעלן אַן אַקטיוון ווי־דערשטאַנד קעגן די קאָמוניסטישע אָנפאַלן. די רעזאָלוציע האָט אויך פאַראורטיילט די שפּאַלטונגען און אָנפאַלן מצד די „פראַקעס" (אָפּגע־שפּאָלטענע אָרגאַניזאַציע פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי).

דער צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן צו ענדערן דעם נאָמען פון לאַנד־ראַט. דער נייער נאָמען איז געווען: „פאַרבאַנד פון פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראייגען — יידישע אָפּטיילונג ביי דער צענטראַל־קאָמיסיע" (פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייגען אין פוילן).

דער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אַ קורצע צייט נאָך די פּאָגראָמען אויף יידן אין פּאַלעסטינע. וועגן די דאָזיקע טראַגישע געשעענישן האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער ס'איז צווישן אַנדערן געזאָגט: „אויסדריקנדיק זיין מיטלייד מיט אַלע געליטענע פון די טראַגישע געשעענישן אין פּאַלעסטינע, האַלט דער 4טער צוזאַ־מענפאָר פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראייגען פאַר נויטיק צו באַטאָ־נען: די אומצווייפלהאַפטע שולד פון דער אָקופּאַציע־מאַכט און פון דעם ווילדן פאַנאַטיזם פון די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן טאָר נישט פאַר־שטעלן פאַר אונז די שווערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דעם ציוניזם. דער וויכטיקסטער תנאי פאַר אַ פרידלעכן צוזאַמענלעבן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין פּאַלעסטינע איז דער אָפּזאָג פון די ציוניסטישע פּלע־נער צו רעגירן אין לאַנד קעגן דעם ווילן פון דער מערהייט פון דער באַפעלקערונג".

אין אַ רעזאָלוציע קעגן די רדיפות אויף די יידיש־וועלטלעכע שולן איז געזאָגט געוואָרן: „דאָס יידישע שול־וועזן איז אַ וויכטיקע דער־גרייכונג פון די יידישע אַרבעטער אין זייער קאַמף קעגן דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. דער צוזאַמענפאָר פּראָטעסטירט צום שאַרפסטן קעגן די אַלץ וואַקסנדיקע רדיפות פון די מאַכט־אָרגאַנען אויפן יידישן שול־וועזן. דער צוזאַמענפאָר שטעמפּלט און פאַראורטיילט די אויסגעלאַסענע קאַמפּאַניע און העצע פון דער יידישער בורזשואַזיע אונטער דער אָנ־פירונג פון ציוניסטישן אָרגאַן 'היינט' קעגן די יידישע פאָלקס־שולן און רופט די אַרבעטער פון פוילן זיך צו שטעלן אין שוץ פון דער יידישער שול און צו פאַרשטאַרקן דעם קאַמף פאַר אַ מלוכהשער שול אין דער מוטער־שפּראַך פון קינד".

די 3 קאָמוניסטישע דעלעגאַטן האָבן געשטימט קעגן אַלע אָן אויס־נאַם רעזאָלוציעס. לסוף האָט דער צוזאַמענפאָר אויסגעוויילט אַ נייע צענטראַלע אָנפירונג, אין וועלכער ס'זיינען אַריין: וויקטאָר אַלטער, מאיר וואַסער, ש. מ. (אַרטור) זיגעלבוים, שרה שוועבער, מרדכי פייגמאַן, נאַטאַן שאַפּראַן, זלמן ליכטענשטיין, ד"ר עמנואל שערער, איסר גאָלדבערג

— אַלע פון װאַרשע. יאַנקל זשעלעזניקאָװ (װילנע), שמואל מילמאַן (לאָדזש), דוד באַטיסט (טאַרנאָװ), משה װײַסמאַן (לובלין), אברהם סטרוש־אַמבער (לעמבערג), סאַלאָ פישגרונד (קראָקע) [9]. אַלע — בונדיסטן.

⁂

דער 5טער לאַנד־צוזאַמענפאָר פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראײניגן פון די ייִדישע אַרבעטער איז שוין פאָרגעקומען אין אַ שטאַרק געענדערטער אַטמאָספער. אויב אויף די פריערדיקע פיר צוזאַמענפאָרן איז די פּאָליטישע קריטיק געװען געװענדעט קעגן די אײגענע רעאַקציאָנערע פּױלישע רעזשימען, האָט איצט אויפן באַװאוסטזײַן פון די דעלעגאַטן געלאַסטעט די קאַטאַסטראָפאַלע ענדערונג, װאָס איז אין זעלבן יאָר פאָרגעקומען אין שכנישן דײַטשלאַנד. דער היטלעריזם, װאָס איז געקומען צו דער מאַכט, האָט אָנגעהויבן פּאַטאַל זיך אויסצואװירקן אויך מחוץ די גרענעצן פון זײַן אײגענעם לאַנד.

דער 5טער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען דעם 27טן און 28טן אָקטאָבער 1933 אין װאַרשע. באַטײליקט האָבן זיך אין אים 63 דעלעגאַטן מיט באַשטימונג־רעכט און 29 מיט באַראַטונג־רעכט. אַחוץ 2 קאָמוניסטן, זײַנען אַלע דעלעגאַטן געװען בונדיסטן. די דעלעגאַטן זײַנען געקומען פון די דאָזיקע שטעט: װאַרשע, לאָדזש, לובלין, װילנע, ביאַליסטאָק, קראָקע, טאַרנאָװ, לעמבערג, טשענסטאָכאָװ, סלאָנים, באַראַנאָװיטש, קוטנע, נאָװידװאָר, װענגראָװ, קאַלושין. נישט געקוקט אויף דער גרויסער אַרבעטלאָזיקײט, װאָס האָט שוין אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר און גורם געװען דאָס פאַלן פון דער צאָל מיטגלידער אין אַלע פאַראײנען, האָבן די דעלעגאַטן דאָך רעפּרעזענטירט עטלעכע און דרײַסיק טויזנט פאַראײנס־מיטגלידער.

די פּראָבלעמען, װאָס זײַנען רעפערירט געװאָרן, האָבן די דעלעגאַטן אויספירלעך דעבאַטירט. בלויז אין דער דעבאַטע איבערן באַריכט פון לאַנד־ראַט האָבן זיך באַטײליקט 21 דעלעגאַטן. אויך אין דער דיסקוסיע אַרום די רעפעראַטן װעגן דער װירטשאַפטלעכער לאַגע און די אויפגאַבן און װעגן פון קאַמף פאַרן אַרבעטער־קלאַס פאַר רעכט אויף אַרבעט, װעגן דער טעטיקײט צװישן דער יוגנט און װעגן אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים האָבן זיך באַטײליקט אַ סך דעלעגאַטן.

אַלע פאָרגעלײגטע רעזאָלוציעס זײַנען אָנגענומען געװאָרן מיט אַלע שטימען קעגן 2 פון די קאָמוניסטן. די צװײ קאָמוניסטישע דעלעגאַטן האָבן אַרײַנגעטראָגן אײגענע רעזאָלוציעס, װאָס זײַנען געװען פול מיט אַן אויסגעלאַסענער שפּראַך, בילבולים און סתם אומזיניקײטן. למשל, די באָיקאָט־אַקציע פון בונד און פּראָפעסיאָנעלע פאַראײניגן קעגן היטלער־דײַטשלאַנד איז אין דער קאָמוניסטישער רעזאָלוציע באַצײכנט געװאָרן, װי אַ „באָיקאָט־העצע, װאָס איז אײנע פון די פאָרמען פון קאָנקורענץ צװישן דײַטשן און פּױלישן אימפּעריאַליזם". אָדער אַ צװײטער בײַשפּיל:

„די אַנטי־סאָוועטישע העצע אין מערב־אוקראַינע, וואָס ווערט אונטער־געהאַלטן דורכן ‚בונד׳ און די טראָצקיסטן, איז אַ באַווייז ווי שאַרף־אַקטועל ס׳איז די אינטערווענץ־געפאַר״ (קעגן סאָוועט־רוסלאַנד)...

דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען אַ גרעסערע רעזאָלוציע, אין וועל־כער די אַרבעטערשאַפט איז גערופן געוואָרן צום קאַמף קעגן פאַשיזם. צווישן אַנדערן איז אין איר געזאָגט געוואָרן, אַז „פאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן איז געבליבן דער איינציקער אויסוועג: דערדריקט און דערשטיקט צו ווערן דורכן פאַשיזם אָדער אָנצוהייבן דעם דירעקטן קאַמף פאַרן סאָציאַליזם״. די רעזאָלוציע האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ רעגירונג פון אַרבעטער און פויערים — פאַר „אַ דיקטאַטור פון אַרבעטער־קלאַס און רעוואָלוציאָנערן פויערטום, אָן וועלכער ס׳איז נישט מעגלעך קיין אמתע דעמאָקראַטיע, וואָס זאָל זיין געשטיצט אויף אַלגעמיינער פרייהייט און גלייכהייט״. דער־ביי דאַרף אָפּגעהיט ווערן די „פּראָלעטאַרישע דעמאָקראַטיע אַלס די איינציקע גאַראַנטיע, אַז די דיקטאַטור פון די רעוואָלוציאָנערע קלאַסן וועט זיך נישט פאַרוואַנדלען אין אַ דיקטאַטור איבער די אַרבעטער און פויערים״. די רעזאָלוציע האָט אויך אָנגעוויזן, אַז די יידישע בורזשואַזיע, די אָרטאָדאָקסישע „אגודה״ און די ציוניסטן שטיצן זיך אַלץ מער אויפן „רעגירנדיקן סיסטעם און זיינען שוין היינט זיינע אָפענע אַגענטן אין קאַמף קעגן יידישן אַרבעטער־קלאַס״.

אין דער רעזאָלוציע וועגן אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים איז צווישן אַנ־דערן פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער לאַנג־דויערנדיקער ווירטשאַפט־לעכער קריזיס „האָט צעשטויבט די פּראָדוקציע אין די פאַכן פון די יידישע אַרבעטער און האָט באַדייטנדיק פאַרגרעסערט די צאָל היים־אַרבעטער. בלייבנדיק אָן שום קאָנטראָל פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיי־נען, דריקן זיי אַראָפּ אומגעהויער די אַרבעט־לוינען. דער צוזאַמענפאָר האַלט פאַר נויטיק, אַז די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זאָלן אַריינציען די היים־אַרבעטער אין געמיינזאַמען קאַמף, וואָס עס פירן די מיטגלידער פון די פאַראיינען״. די רעזאָלוציע האָט פאַראורטיילט „די לוין־דריקע־רישע און שטרייק־ברעכערישע ראָל פון די ציוניסטישע הכשרות, זייערע שעפער און פאַרטיידיקער מיט די רעכטע פועלי־ציון בראש״.

איינע פון די אָנגענומענע רעזאָלוציעס האָט גערופן צו פירן אַ באָיקאָט קעגן היטלער־דייטשלאַנד און אויסברייטערן די טעטיקייט פון די אַנטי־היטלער קאָמיטעטן. נאָך אַ רעזאָלוציע האָט פאַראורטיילט די צעשטערערישע און שפּאַלטונג־אַרבעט פון די קאָמוניסטן. באַזונדערס שאַרף האָט זי געשטעמפּלט „די בלוטיקע קאַמף־מעטאָדן פון די קאָמו־ניסטן, זייער מערדעריי אין די אַרבעטער־רייען, וואָס האָט געבראַכט צו דעם, אַז אויסער צענטליקער פאַרוואונדעטע אַרבעטער, זיינען אין רעזול־טאַט פון זייערע בלוטיקע אָנפאַלן דערמאָרדעט געוואָרן צוויי מיטגלידער

פון אונזערע קלאַסן־פאַראײנען. די חברים אברהם נויערמאַן און ישראל מאיר (מאַניעק) שײנאָוויטש״.

דער צוזאַמענפאָר האָט נאָך אָנגענומען רעזאָלוציעס וועגן די ווירט־שאַפטלעכע פראַגן, קעגן דער רעגירונג־פּאָליטיק בנוגע די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, קעגן די רדיפות אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועגן רעכט אויף אַרבעט און אַנדערע אַקטועלע ענינים.

לסוף האָבן די דעלעגאַטן אויסגעוויילט אַ נײַעם לאַנד־ראַט אין דעם צוזאַמענשטעל: וויקטאָר אַלטער, מאיר וואַסער, שמואל מרדכי (אַרטור) זיגעלבוים, ד״ר עמנואל שערער, איסר גאָלדבערג, יאָשקע אַפּמאַן, יוסף ליפּשיץ — אַלע פון וואַרשע; דוד באַטיסט — טאַרנאָוו, שאול גאָלד־מאַן — ביאַליסטאָק, שמואל מילמאַן — לאָדזש, יאַנקל זשעלעזניקאָוו — ווילנע, לייביש לערער — לובלין [10]. אַלע — בונדיסטן.

**

דער זעקסטער לאַנד־צוזאַמענפאָר פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראײנען פון די יידישע אַרבעטער איז פאָרגעקומען דעם 9טן און 10טן יאַנואַר 1937 אין וואַרשע. די צאָל מיטגלידער אין די פאַראײנען האָט זיך באַדײַטנדיק פאַרגרעסערט במשך פון די איבער 3 יאָר זינט דעם 5טן צוזאַמענפאָר. פאַר דער צײַט זײַנען אויך צוגעקומען די פאַראײנען, וואָס זײַנען געווען אונטער דער השפעה פון די לינקע פּועלי־ציון. אויך די קאָמוניסטן, וואָס האָבן דעמאָלט געהאַט געביטן דעם טאָן און טאַקטיק לגבי דער נישט־קאָמוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, זײַנען געווען שטאַר־קער פאַרטרעטן.

די 253 דעלעגאַטן (מיט שטים־רעכט) האָבן רעפּרעזענטירט 71,868 מיטגלידער. 191 דעלעגאַטן זײַנען געווען בונדיסטן, 51 קאָמוניסטן, 9 לינקע פּועלי־ציוניסטן און 2 אומפּאַרטייאישע. ס׳זײַנען אויך געווען 40 דעלעגאַטן מיט באַראַטונג־רעכט. די דעלעגאַטן זײַנען געקומען פון 40 שטעט. אין דער פייערלעכער עפענונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין גרויסן זאַל פון טעאַטער נאָוואָשטשי, האָבן זיך באַטייליקט 2 טויזנט פּערזאָן. בכלל האָט דער צוזאַמענפאָר געטראָגן אַ בפירוש דעמאָנסטראַטיוון כאַ־ראַקטער.

געעפנט דעם צוזאַמענפאָר האָט מיט אַן אויספירלעכער פּאָליטישער רעדע דער פאָרזיצער פון לאַנד־ראַט, וויקטאָר אַלטער. אין פּרעזידיום זײַנען געוויילט געוואָרן: שמואל מרדכי (אַרטור) זיגעלבוים, מאיר וואַ־סער, וויקטאָר אַלטער, הערשל הימעלפאַרב, שמואל מילמאַן (לאָדזש), שאול גאָלדמאַן (ביאַליסטאָק), קאַץ (לעמבערג), הענריק אַלטמאַן (קאָמו־ניסט), שכנא זאַגאַן (לינקע פּועלי־ציון), אַנטאָני שטשערקאָווסקי (פאָר־שטייער פון דער צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראײנען אין פּוילן).

נאָכן אויסהערן אַ ריי באַגריסונגען האָט דער פאָרשטייער פון בונד, ה. ערליך, געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן דער לאַגע פון די יידישע אַר־בעטנדיקע שיכטן. נאָכן רעפעראַט האָט דער צוזאַמענפאָר איינשטימיק אָנגענומען אַ דעקלאַראַציע, וואָס ער האָט פאָרגעשלאָגן אין נאָמען פון לאַנד־ראַט.

נאָכן שילדערן די אַלגעמיינע וועלט־לאַגע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורכן עקאָנאָמישן קריזיס, דעם דייטשן נאַציזם, דעם איטאַליענישן פאַ־שיזם און שפּאַנישן בירגער־קריג, האָט ערליך זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם מצב אין פוילן בכלל און אויף דער סיטואַציע פון דער יידישער באַ־פעלקערונג. ער האָט געזאָגט: „ווען עס וואָלט קיין שפּור פון אַנטי־סעמיטיזם אין פוילן נישט געווען, וואָלטן די יידישע אַרבעטנדיקע שיכטן, צוליב זייער אָרט אין דער ווירטשאַפט, אויך געווען באַזונדערס שאַרף געטראָפן פונם קריזיס. אָבער די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק דער־פירט די יידישע באַפעלקערונג צו אַ פולשטענדיקן רואין. יידישע אַרבעט ווערט באָיקאָטירט. די האַנטווערקער לעבן אונטער דער לאַסט פון צעכן־געזעץ. דער ציל פון שחיטה־געזעץ איז אויך געווען אַרויסצושטויסן אַ געוויסע צאָל יידן פון זייערע פּאָזיציעס. נישט לייכטער איז די לאַגע פון דער יידישער אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ. די ענדעקעס האָבן גע־קעמפט פאַר אַ נומערוס־קלאַוזוס אין די הויכשולן — זיי האָבן דאָס דערגרייכט מיט אַן עודף. דער יידישער מיטלשטאַנד האָט אויפגעהערט צו שיקן זיינע קינדער אין די הויכשולן, ווייל עס זיינען נישטאָ קיין אויסזיכטן, אַז זיי זאָלן קענען מאַכן אַ געברויך פון זייערע דיפּלאָמען. די לאַגע פון אונטערוואַקסנדיקן דור — אַרבעטער און אומפאַרמעגלעכע אינטעליגענץ — איז אַ פאַרצווייפלטע. צו דעם קומט נאָך צו די פאַר־סמטע געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער און די עקסצעסן. מיר טאָרן אויף אַ דעם צוזאַמענפאָר נישט פאַרגעסן וועגן דעם טייל פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט, וואָס עס טראָגט פאַר אַט דעם אַלעמען דאָס יידישע בירגערטום, וואָס האָט געטון אַלץ, כדי איינצושפּאַנען די יידישע מאַסן אינם רייט־וואָגן פון דער רעגירנדיקער פּאַרטיי — פון דער סאַנאַציע. דאָס יידישע בירגערטום האָט עס געהאָלפן אַריינפירן אין פּאַרלאַמענט די אַנטיסע־מיטישע בודזינסקיס. און דאָס האָבן געטון אַלע יידישע בירגערלעכע פּאַרטייען אָן אויסנאַם".

ווייטער האָט ער געזאָגט: „נישט די גאַנצע פּוילישע געזעלשאַפט איז פאַרכאַפּט פון מענטשן־האַס. דאָ האָבן אייך באַגריסט פאָרשטייער פון פּוילישן אַרבעטער־קלאַס. מיר טרעפן זיך מיט זיי נישט בלויז ביי פייערלעכקייטן. מיר האָבן הינטער זיך יאָרן פון געמיינזאַמען קאַמף. דעם 17טן מערץ 1936 איז צוזאַמען מיט אונז אַרויס אין קאַמף אַ באַ־דייטנדיקע צאָל פּוילישע אַרבעטער (אין גרויסן יידישן פּראָטעסט־שטרייק, וואָס דער בונד און לאַנד־ראַט האָבן פּראָקלאַמירט). צום געפלאַנטן קאָנ־

גרעס פאַרן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם האָבן זיך געמאָלדן ברייטע שיכטן פוילישע אַרבעטער. די דאָזיקע שיכטן זיינען גרייט צו קעמפן צוזאַמען מיט אונז קעגן דער הידרע פון אַנטיסעמיטיזם. צוזאַמען מיט דער צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראייניגן אין פוילן, מיט דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן מיר אויסגעאַרבעט אַ פּראָגראַם פאַר אונזער נאָנטסטער און ווייטערער אַרבעט״.

די דעקלאַראַציע, פאַר וועלכער אַלע דעלעגאַטן אָן אויסנאַם האָבן געשטימט, האָט נאָכן שילדערן די געשפּאַנטע און דראַנגדיקע לאַגע אין דער וועלט זיך פאַרנומען מיטן מצב אין פוילן. אין אַט דעם טייל פון דער דעקלאַראַציע איז געווען געזאָגט: „די גרויסע קאַמפן, וועלכע דער אַרבעטער־קלאַס האָט לעצטנס אַדורכגעפירט אין פוילן, באַווייזן, אַז אַפּהענטיקייט און אַפּאַטיע פון דער אַרבעטערשאַפט געהערן צו דער פאַרגאַנגענהייט. עס וואַקסט די מחנה פון די אַרבעטנדיקע, וואָס זיינען גרייט צו קעמפן פאַר די צוויי גרויסע לאָזונגען פון סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט — פאַר אַן אַרבעטער און פּויערים־רעגירונג, פאַר אַ סאָציאַליסטישן איבערבוי פון דער געזעלשאַפט. דער 6טער קאָנגרעס פון לאַנד־ראַט דערקלערט זיין פולן הסכם מיט דעם פּראָגראַם פון דעם סאָציאַליסטישן איבערבוי, וואָס עס האָט אָנגענומען די גאַנצע פּראָלעטאַרישע באַוועגונג אין פוילן״... „אַרום דעם קאַמף פאַר דער מאַכט און דעם פּראָגראַם פון איבערבוי קאָנען און דאַרפן זיך גרופּירן אַלע אַנטי־פאַשיסטישע כוחות אין לאַנד, וואָס זיינען גלייכצייטיק קעגן דעם קאַ־פּיטאַליסטישןווירטשאַפט־סיסטעם. וואָס גרעסער עס וועט זיין דער כוח פון אַרבעטער־קלאַס, אַלץ שנעלער וועלן זיך אַנשליסן אין זיין קאַמף אַלע איבעריקע עקספּלואַטירטע שיכטן פון שטאָט און דאָרף. און כדי דער כוח פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג זאָל וואַקסן, איז נויטיק אַ וואָס ענגערע אינערלעכע איינהייט פון אַלע אַרבעטער אויף דער פּלאַטפאָרם פון סאָציאַליסטישן איבערבוי פון דער געזעלשאַפט, פון קעגנזייטיקער לאָיאַלקייט, פון פרייהייט פון געדאַנק און דיסציפּלין פון טאַט״.

נאָכן אויסרעכענען אַ ריי אַקטועלע פאָדערונגען און לאָזונגען זאָגט די דעקלאַראַציע, אַז „דאָס פאַנאַנדערבלאָזן די נאַציאָנאַלע קעגנזאַצן און די נאַציאָנאַליסטישע העצע, וואָס ווערט געטריבן אין דער ערשטער ריי דורך די ענדעקעס, איז אַ פּלאַנמעסיקע אַקציע, אויסגערעכנט צו שטערן די אַרבעטנדיקע זיך צו מאָבילזירן אַרום זייערע אייגענע צילן. דאָס איז אַ דיווערסיע־אַרבעט, וואו די אַנטיסעמיטישע העצע דאַרף פאַרבייטן דעם קאַמף קעגן די באַזיצנדיקע און אַזוי אַרום דערמעגלעכן דאָס קומען צו דער מאַכט דער ענדעקיש־פאַשיסטישער רעאַקציע. די קלאַסן־באַוועגונג רופט דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס, אָן אונטערשייד פון נאַציע, זיך ענער־גיש אַנטקעגנצושטעלן דעם נאַציאָנאַליזם און אַנטיסעמיטיזם, פאָדערט

אויף צו געמיינזאַמען ברידערלעכן קאַמף פון אַלע אונטערדריקטע קעגן די אויסנוצער פון אַלע נאַציעס. נאָר דער געמיינזאַמער סאָלידאַרישער קאַמף פון די אַרבעטנדיקע פון אַלע פעלקער קעגן אַלע אומגלייכהייטן, קעגן יעדער אונטערדריקונג, סיי נאַציאָנאַלער, סיי סאָציאַלער, איז מסוגל צו לייזן די גרויסע אויפגאַבע פון פולשטענדיקער פאָלקס־באַפרייאונג".

די דעקלאַראַציע רופט צו באַקעמפן נישט בלויז די פוילישע רעאַק־ציע, נאָר אויך די יידישע בורזשואַזיע: „סיי די פוילישע אַנטיסעמיטן, סיי די יידישע נאַציאָנאַליסטן באַטראַכטן אייך, יידישע אַרבעט־מענטשן פון פוילן, ווי פרעמדע אין דעם לאַנד. זיי ווילן אייך איינריידן, אַז אייער איינציקער אויסוועג איז אויסוואַנדערונג. ענטפערט זיי שטאָלץ און מוטיק: דאָ זיינען מיר געבוירן, דאָ אַרבעטן מיר און קעמפן, דאָ איז אונזער היימלאַנד. קיין שום פאַרפאָלגונגען מצד דער רעאַקציע זיינען נישט אימשטאַנד אָפּצושאַפן דעם פאַקט און דעם באַוואוסטזיין, אַז מיר זיינען דאָ איינגעוואָרצלטע בירגער, וואָס טראָגן זייערע פליכטן צוגלייך מיט אַנדערע און מאָנען זייערע רעכט צוגלייך מיט אַנדערע.

אין נאָמען פון די יידישע פאָלקס־מאַסן ווענדט זיך דער קאָנגרעס צו די פוילישע אַרבעטער, פויערים און אַרבעט־מענטשן מיטן רוף: ס'איז נישט אמת, אַז צווישן אונז און אייך דאַרף הערשן שנאה און קאַמף; ס'איז נישט אמת, אַז צווישן אונז און אייך זיינען פאַראַן קעגנזאַצן פון אינטערעסן: פאַרקערט — מיר זיינען פונקט, ווי איר, בלוטיק פאַראינ־טערעסירט, עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערן אין פוילן די עקספלואָטאַציע פון אַרבעט־מענטש דורכן קאַפיטאַל — דורך די באַנקירן, פאַבריקאַנטן, גרוי־סע סוחרים און פריצים, צו וועלכן פאָלק אָדער רעליגיע זיי זאָלן נישט געהערן. מיר דערקלערן, אַז דער קאַמף פון די אַרבעטנדיקע מאַסן פון פוילן פאַר זייער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרייאונג, פאַר אַ וועלט פון יושר און גערעכטיקייט, פאַר אַ סאָציאַליסטיש פוילן איז אויך אונ־זער קאַמף. מיר האָבן מיט אייך געמיינזאַמע פיין, געמיינזאַמע שונאים און אַ געמיינזאַמען ציל. געמיינזאַם דאַרף דעריבער זיין אונזער קאַמף פאַר אונזער געמיינזאַמער אויסלייזונג. דעריבער רופן מיר: נידער מיט דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס טיילט פאַנאַנדער די אַרבעט־מענטשן, כדי צו באַפעסטיקן די הערשאַפט פון זייערע שונאים. זאָל לעבן דער סאָציאַליזם, וואָס באַדייט אַ פריי, גליקלעך און ברידערלעך לעבן פאַר אַלע אַרבעטנ־דיקע און דעם אונטערגאַנג פון יעדער עקספלואָטאַציע פון מענטש דורך מענטש און פון יעדער שנאה פון מענטש צו מענטש".

שרה שוועבער האָט אָפּגעגעבן דעם טעטיקייט־באַריכט פון לאַנד־ראַט, וויקטאָר אַלטער האָט רעפערירט וועגן די ריכטליניעס פון דער וויטערדיקער טעטיקייט. מאָוריצי אָזשעך — וועגן די כאַלופניקעס (היים־אַרבעטער). אין די דעבאַטן אַרום די דריי רעפעראַטן האָבן זיך באַ־

טייליקט קרוב 40 רעדנער. די רעזאָלוציעס זיינען אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק אָדער מיט אַן איבערוועגנדיקער מערהייט.

אין דער רעזאָלוציע וועגן די פּאָליטישע ריכטליניעס איז צווישן אַנדערן געוואָגן געזאָגט: „די גרונטלעכע טעטיקייט פון אונזער באַוועגונג דאַרף טראָגן אין יעדן מאָמענט אַן אויסגעשפּראָכן סאָציאַליסטישן כאַראַקטער. די פאָדערונג פון סאָציאַלן איבערבוי דאַרף שטענדיק אַרויסגערוקט ווערן אויפן ערשטן פּלאַן"... „די פּאָליטיק פון סיסטעמאַטישער צוזאַמענאַרבעט מיט בירגערלעכע פּאַרטייען אויף דעם באָדן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג (פּאָלקס־פראָנט) געפינט זיך אין אַ סתירה מיט די אויבנדערמאָנטע דירעקטיוון. די מיטאַרבעט מיט רעאַקציאָנערע און קלעריקאַלע עלעמענטן איז שעדלעך אַפילו, ווען זי שטעלט זיך כלומרשט די אויפגאַבע צו קעמפן קעגן אַנטיסעמיטיזם, מלחמה אד"גל" (די קאָמוניסטן האָבן דעמאָלט געפּרעדיקט די טאַקטיק פון „פּאָלקס־פראָנט").

די רעזאָלוציע וועגן פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע האָט פעסטגעשטעלט דעם כלל, אַז אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען „דאַרף הערשן דיסציפּלין פון טאַט און פרייהייט פון געדאַנק"... „דער צוזאַמענפאָר באַדויערט, וואָס אַ טייל מיטגלידער פון אונזער באַוועגונג האָט געהאַלטן פאַר מעגלעך אָנצוהייבן אַ קאַמפּאַניע פון שנאה אין די פאַראיינען קעגן זייערע געוועזענע אידייען־חברים בלויז צוליב דעם, וואָס די לעצטע האָבן זיך אַנטוישט אין זייערע פריערדיקע פּאָליטישע אָנשויאונגען". די קאָמוניסטן האָבן דעמאָלט געפירט אַ העץ־קאַמפּאַניע קעגן זייערע פריערדיקע חברים, וואָס האָבן אין היפשע צאָלן איבערגעריסן מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

ווייטער האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגענומען רעזאָלוציעס וועגן די טאַקטישע אויפגאַבן פון די פאַראיינען, וועגן אָרגאַניזאַציאָנעלע פּראָבלעמען, יוגנט, יידיש־וועלטלעכע שולן, קעגן אַנטיסעמיטיזם אין די הויכשולן און בפרט קעגן די פּרוּוון צו איזאָלירן די יידישע סטודענטן און זיי צווינגען צו זיצן אויף „געטאָ־בענק". ס'זיינען אויך אָנגענומען געוואָרן רעזאָלוציעס וועגן אַ צאָל אַנדערע אַקטועלע ענינים, צווישן זיי קעגן די עטלעכע קליינע פאַראיינען פון די רעכטע פּועלי־ציון, וואָס האָבן עקזיסטירט אָפּגעזונדערט פון דער אַלגעמיינער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. די צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען האָט זיי אויפגעפאָדערט צו ליקווידירן זייער באַזונדערע עקזיסטענץ און זיך איינגלידערן אין די אַלגעמיינע פאַראיינען פון די אַנטשפּרעכנדיקע פאַכן [11].

***

נאָכן 6טן צוזאַמענפאָר איז די צאָל מיטגלידער, אי פּוילישע, אי יידישע, באַדייטנדיק געשטיגן. צום 1טן יאַנואַר 1939 זיינען אין די פאַראיינען פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזירטע אַרבעטער, וואָס דער לאַנד־ראַט האָט רעפּרעזענטירט, שוין געווען 98,810 מיטגלידער.

די פאַראיינען, וואָס זיינען געווען פאַרטרעטן אין דעם לאַנד־ראַט, זיינען געווען: די צוויי צענטראַלע פאַראיינען פון באַקלייד און לעדער, וואָס האָבן געהאַט אַ יידישע מערהייט; דער צענטראַלער פאַראיין פון האַנדל־ און ביוראָ־אַנגעשטעלטע (יידישע), די רעפּרעזענטאַנץ פון די יידישע לערער־פאַראיינען; פון די צענטראַלע פאַראיינען, וואָס האָבן געהאַט אַ גישט־יידישע מערהייט, האָבן צום לאַנד־ראַט געהערט זייערע יידישע אָפּטיילונגען — דאָס זיינען געווען די יידישע לאָקאַלן אין די אינדוסטריעס פון טעקסטיל, דערנערונג, בוי, כעמישע אויסאַרבעטונגען, טראַנספּאָרט, קאָמונאַלע אַנגעשטעלטע, פריזירער; צענטראַלע פאַראיינען פון יידישע אַרבעטער — דרוקער און מעטאַליסטן (לויט אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די פוילישע און יידישע פאַראיינען פוןביידע אינדוסטריע־צווייגן, איז דאָ קיין פאַראייניקונג נישט דורכגעפירט געוואָרן); דער סאָציאַליסטישער האַנטווערקער־פאַראיין און דער פאַראיין פון צייטונג־פאַרשפרייטער. לסוף קומט אַ צאָל קלענערע לאָקאַלע פאַראיינען. אַזעלכע פאַראיינען זיינען רעפּרעזענטירט געוואָרן אין לאַנד־ראַט דורך די שטאָטישע צענטראַל־ראַטן אָדער יידישע קולטור־אַמטן, ווי מ׳האָט זיי אין די לעצטע יאָרן גערופן. די יידישע אָרטיקע צענטראַל־ראַטן זיינען אַריינגעגאַנגען ווי באַשטאַנד־טיילן אין די קרייז־קאָמיסיעס פון די אַלגעמיינע פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען [11]).

די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער האָבן געהערט צו די דאָזיקע צענטראַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1) | באַקלייד־פאַראיין | | 17,056 |
| 2) | האַנדלס און ביוראָ־אַנגעשטעלטע־פאַראיין | | 13,665 |
| 3) | האַנטווערקער־פאַראיין | (קרוב) | 12,000 |
| 4) | טעקסטיל־פאַראיין | | 10,610 |
| 5) | לעדער־פאַראיין | | 7,280 |
| 6) | דערנערונג־פאַראיין | (קרוב) | 6,000 |
| 7) | טראַנספּאָרט־פאַראיין | (איבער) | 5,000 |
| 8) | בוי־פאַראיין | (איבער) | 5,000 |
| 9) | מעטאַל־פאַראיין | (איבער) | 4,000 |
| 10) | לעדער־פאַראיין | (איבער) | 3,000 |
| 11) | כעמישער פאַראיין | (ביי) | 3,000 |
| 12) | דרוקער־פאַראיין | | 1,899 |
| 13) | אין די קלענערע פאַראיינען, ווי פריזירער, פאָטאָגראַפן וועכטער, הויז־דינערס און אַנדערע | | 3,800 |

צוזאַמען — 92,300 [12]).

זומער 1938 האָבן אין 160 שטעט פון פוילן געלעבט די 92,300 יידישע

אַרבעטער, וואָס זיינען געווען מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען. אין איר מערהייט איז די יידישע אַרבעטערשאַפט געווען אָר־גאַניזירט אין פאַראיינס־אָפּטיילונגען פון בלויז יידישע מיטגלידער. אַ באַ־דייטנדיקער טייל האָט געהערט צו אָפּטיילונגען פון אַרבעטער פון פאַר־שיידענע נאַציאָנאַליטעטן, בילדנדיק אין טייל ערטער אַ מערהייט און אין טייל אָפּטיילונגען אַ מינדערהייט. אין די גרעסטע שטעט — וואַרשע און לאָדזש — האָבן געהערט איבער אַ העלפט פון אַלע פּראָפעסיאָנעלע אָר־גאַניזירטע יידישע אַרבעטער.

דעם 11טן און 12טן אַפּריל 1939 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען דער 7טער צוזאַמענפאָר פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען פון די יידי־שע אַרבעטער אין פּוילן. דאָס איז שוין געווען דער לעצטער צוזאַמענ־פאָר פון די פאָרשטייער פון די פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזירטע יידישע אַר־בעטער — דער שאָטן פון דער אָנקומענדיקער צווייטער וועלט־מלחמה האָט שוין געהויערט איבערן לאַנד און האָט אויך באַווירקט די געדאַנ־קען פון די דעלעגאַטן. די 225 דעלעגאַטן, וואָס זיינען געקומען פון די וויכטיקסטע שטעט, האָבן רעפּרעזענטירט 99 טויזנט יידישע אַרבעטער.

אין זיין עפענונג־רעדע האָט דער פאָרזיצער פון לאַנד־ראָט, וויקטאָר אַלטער, דערקלערט די גרייטקייט פון די יידישע אַרבעטער צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד קעגן דער היטלערישער סכנה. ער האָט געזאָגט: „אונזער לאַנד איז באַדראָט נישט בלויז פון אינערלעכן פאַשיזם, וועלכער וויל דאָ איינפירן ענלעכע באַדינגונגען ווי אין אַנדערע לענדער, נאָר אויך דורך דעם פאַשיזם פון דרויסן — דורכן היטלעריזם. מיר דערקלערן דעריבער, אַז מיר וועלן פאַר דער אומאָפּהענגיקייט און פרייהייט פון אונזער לאַנד קעמפן און גרייט זיין צו ברענגען די גרעסטע קרבנות. דער דאָזיקער קאַמף איז אין פולסטן הסכם מיט אונזערע סאָציאַליסטישע פּרינציפּן און איינשטעלונג".

כאָטש דער צוזאַמענפאָר האָט זיך פאַרנומען מיט אַ צאָל אָרגאַניזאַ־ציאָנעלע, פּראָפעסיאָנעלע און ווירטשאַפטלעכע ענינים, האָט דאָך די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט געצויגן אויף זיך די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע, וועגן וועלכער עס האָט רעפערירט ה. ערליך. ריידנדיק וועגן דער מילי־טערישער קראַפט פון דייטשלאַנד, האָט ערליך געזאָגט: „מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז אין די הענט פון דייטשלאַנדס קעגנער בלייבט נאָך אַלץ דאָס מעכטיקע געווער פון ווירטשאַפטלעכער בלאָקאַדע — היטלער אַליין האָט דאָס מודה געווען, בעת ער האָט געוואָרפן זיין געפליגלט וואָרט: 'עקספּאָרטירן אָדער שטאַרבן'. דעריבער איז עס באמת אומבאַגרייפלעך פאַרוואָס סאָוועט־רוסלאַנד האָט גראָד אין אַזאַ מאָמענט געהאַלטן פאַר נייטיק צו פאַרפעסטיקן די ווירטשאַפטלעכע באַציאונגען מיט דייטשלאַנד און אַזוי אַרום אַרויסהעלפן איר פון דער קלעם. דער דאָזיקער שריט, פונקט ווי מאַנכע צווייטייטיקע זאַצן אין סטאַלינס לעצטער רעדע, מוזן

אַרויסרופֿן די גרויסע שטויבונג דווקא ביי די, וואָס טרעטן אַרויס קעגן די פּרוּוון צו עלימינירן דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד פֿון דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק. די נייע אינטערנאַציאָנאַלע סיטואַציע פֿאָדערט אַן ענדערונג פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק פֿונם אַרבעטער־קלאַס. אַמאָל איז אונזער שטאַנדפּונקט געווען — קאַמף מיט אַלע מיטלען קעגן מלחמה פֿאַר איר אויסברוך און אַ פּאָליטיק פֿון נישט אַנגאַזשירן זיך אין איר פּאָליטיש נאָך דעם, ווי זי ברעכט אויס. איצט איז די לאַגע אַן אַנדערע. געוויס, אויך דאָס מאָל וועלן אויף ביידע זייטן פֿון פֿראָנט זיך געפֿינען אימפּעריאַליסטישע כּוחות. אָבער די פֿאַשיסטישע מלוכות זיינען נישט בלויז אימפּעריאַליסטיש — זיי זיינען די פֿאַרקערפּערונג פֿון דער רעאַקציע קעגן די פֿרייהייט־באַוועגונגען פֿון נאָך דער מלחמה, זיי זיינען די טרעגער פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנטר־רעוואָלוציע. דעריבער קאָן דער אויסגאַנג פֿון אַזאַ געראַנגל נישט זיין גלייכגילטיק פֿאַר דעם אַרבעטער־קלאַס, דעריבער מוז זיין לאָזונג זיין — קאַמף אויף לעבן און טויט קעגן דעם פֿאַשיסטישן בלאָק"... „ביי זיין גאַנצן אַקטיווז, קרבנות־פּולן אַנטייל אין דער לאַנד־פֿאַרטיידיקונג, מוז דער אַרבעטער־קלאַס איינהאַלטן זיין פֿולע פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט".

מ. אָזשעך האָט רעפֿערירט וועגן דער ווירטשאַפֿטלעכער לאַגע אויף דער וועלט.

בכלל האָט אויפֿן צוזאַמענפֿאָר געהערשט אַן איינשטימיקייט, הגם געוויסע חילוקי־דעות זיינען אין אַ מילדער פֿאָרם אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין די דיסקוסיעס אַרום באַזונדערע פּונקטן פֿון דער טאָג־אָרדענונג. איינשטימיק איז גענומען געוואָרן צו קענטעניש דער באַריכט פֿון לאַנד־ראַט און אַזוי אויך עטלעכע רעזאָלוציעס. די פּאָליטישע רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַלע שטימען קעגן זעקס. צווישן די איינשטימיק־אָנגענומענע רעזאָלוציעס איז אויך געווען איינע, וואָס האָט גערופֿן צו צייכענען די לופֿט־פֿלי־הלוואה, וואָס די פּוילישע מלוכה האָט דעמאָלט אַדורכגעפֿירט. אין דעם איז געקומען צום אויסדרוק די טאָטאַל געענדערטע שטעלונג פֿון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפֿט צום פּראָבלעם פֿון לאַנד־פֿאַרטיידיקונג. פּנים אל פּנים מיט דער סכּנה פֿון אַנפֿאַל מצד היטלער־דייטשלאַנד איז זי פֿון אַ פּאָזיציע פֿון אַבסאָלוטער קעגנערשאַפֿט צו מלחמה איבערגעגאַנגען צו אַ שטעלונג פֿון לאַנד־פֿאַרטיידיקונג, וואָס זי פֿלעגט פֿריער אַנטשיידן באַקעמפֿן.

אין דער פּאָליטישער רעזאָלוציע, וואָס דער 7טער צוזאַמענפֿאָר האָט אָנגענומען, קומט דאָס בולט צום אויסדרוק. אין איר ווערט געזאָגט:

„די געפֿאַר פֿון היטלעריסטישער אַגרעסיע אויף אונזער לאַנד איז געוואָרן ערנסט און נאָענט. אין דער דאָזיקער סיטואַציע איז די פֿרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פֿון אונזער לאַנד היסטאָריש ענג צונויפֿגעבונדן מיטן זיג איבער די אַלע כּוחות, וואָס זיינען פֿאַרכאַפּעריש און אַגרעסיוו

— מיט דעם זיג איבערן אינטערנאַציאָנאַלן פאַשיזם און זיין הויפּט־טרעגער, דעם היטלעריזם"... „דער קאָנגרעס פון די פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, סאָלידאַריזירנדיק זיך מיט דער לעצטער רעזאָלוציע פון צענטראַל־קאָמיטעט פון 'בונד', דער־קלערט: דער יידישער אַרבעטער־קלאַס האָט קיינמאָל נישט געקאַרגט קיין כוחות און מי אין קאַמף קעגן רעאַקציע און שקלאַפעריי, פאַר פריי־הייט און רעכט. דער יידישער אַרבעטער־קלאַס איז גרייט צו ברענגען אַלע קרבנות אין קאַמף פאַר פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן, וואָס איז איצט באַדראָט דורך דעם היטלעריסטישן אימפּעריאַליזם. דער קאָנגרעס שטעלט פעסט: די פּאָליטיק פון נאַציאָנאַליזם און באַזונדערס פון אַנטיסעמיטיזם איז נישט בלויז אַ גרויסע עוולה לגבי די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן בכלל און דער יידישער באַפעלקערונג בפרט. מער, ווי ווען עס איז פריער, איז זי אויך קעגן די אינטערעסן פון אַלע אַרבעטנדיקע אין פּוילן. די יידישע אַרבעטערשאַפט וועט אויך ווייטער מיט דער גאַנ־צער ענערגיע און אַנטשיידנקייט אַרויסטרעטן קעגן אַלע מינים פון אַנטי־סעמיטיזם, קעגן אַלע אַטענטאַטן אויף די רעכט פון די יידישע מאַסן, קעגן דער עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק לגבי זיי און פאַר דער פולער גלייכ־באַרעכטיקונג פון אַלע בירגער פון לאַנד אויפן ווירטשאַפטלעכן און קול־טורעלן געביט, זייענדיק פעסט איבערצייגט, אַז דערמיט פאַרטיידיקט זי סיי אירע אייגענע אינטערעסן, סיי די ריכטיק־פאַרשטאַנענע אינטע־רעסן און צוקונפט פון אונזער לאַנד".

אויפן צוזאַמענפאָר איז געווען אַנוועזנדיק אַ גרעסערע דעלעגאַציע פון פּוילישע אַרבעטער־טוער, וועלכע האָבן אין די באַגריסונגס־רעדעס אין נאָמען פון זייערע פאַראיינען אונטערגעשטראָכן די סאָלידאַריטעט פון אַלע אַרבעטער אַן אונטערשייד פון נאַציע אין קאַמף קעגן פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם.

***

אין לאַנד־ראַט האָבן עקזיסטירט און געפירט אַ גרויסע טעטיקייט עטלעכע אָפּטיילונגען פאַר ספּעציעלע אויפגאַבעס: פאַר יוגנט, סאָציאַ־לער זעלבסט־הילף, פאַך־בילדונג און איבערשיכטונג, אַן אַרבעטער־עמי־גראַציע־ביוראָ און אַ ביוראָ פאַר רעכט אויף אַרבעט.

דעם 14טן נאָוועמבער 1937 האָט די צענטראַלע יוגנט־אָפּטיילונג גע־רופן אַ לאַנד־באַראַטונג פון יוגנט־טוער אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַ־וועגונג. זיי האָבן רעפּרעזענטירט יוגנט־סעקציעס פון די פאַראיינען און אָרטיקע יוגנט־אָפּטיילונגען פון די שטאָטישע צענטראַל־ראַטן אין 28 שטעט. די צענטראַלע יוגנט־אָפּטיילונג האָט זיך פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן יוגנט־לעכע אין די פאַראיינען, זאָרגן פאַר די ספּעציעלע פּראָבלעמען פון דער אַרבעטער־יוגנט, ווי יוגנט־שוץ, פאַך־אויסבילדונג, קולטור־טעטיקייט און אַנדערע ענינים פון די יוגנטלעכע אַרבעטער.

אַ גרויסע טעטיקייט האָט געפירט די אַרבעטער עמיגראַציע־ביוראָ. צענטליקער טויזנטער יידישע אַרבעטער און פאַלקס־מענטשן האָבן גע־נוצט די ממשותדיקע הילף, וואָס די עמיגראַציע־ביוראָ האָט זיי געגעבן ביים אויסוואַנדערן פון לאַנד.

אַן אינטענסיווע טעטיקייט האָט געפירט די ביוראָ פאַר רעכט אויף אַרבעט. די יידישע אַרבעטער האָבן צום שטאַרקסטן געליטן פון עקאָ־נאָמישן באָיקאָט. פון די הערשנדיקע אַנטיסעמיטישע שטימונגען אין לאַנד און אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון דער רעגירונג און מוניציפּאַליטעטן האָט געליטן כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, אָבער אין דער פּראַקטישער באָיקאָטיסטישער אויסווירקונג האָט קיין שום שיכט נישט געליטן אַזוי טאָטאַל, ווי דער יידישער אַרבעטער. די יידישע הויז־באַזיצער, פינאַנסיסטן, פאַבריקאַנטן און הורט־סוחרים האָבן בכלל דעם באָיקאָט נישט געפילט. דער גרויסער שיכט פון יידישע קלענערע סוחרים, קרעמער און הענדלער, וועלכע האָבן גע־האָט אויסצושטיין אַ שרייענדיקע באָיקאָט־העצע, האָבן בלויז טיילווייז פון דעם געליטן, ווייל סוף־כל־סוף איז דער האַנדל געלעגן בעיקר אין יידישע הענט און דער פוילישער קונה האָט געמוזט צו זיי אָנקומען. בלויז די יידישע אַרבעטער, אָנגעשטעלטע, אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ און טיילווייז זעלבסטשטענדיקע יידישע בעלי־מלאכות האָבן טאָטאַל געליטן פון ווירטשאַפטלעכן באָיקאָט. די רעגירונג און די מוניציפּאַליטעטן האָבן נישט געוואָלט זיי אָנגאַזשירן אויף די אַמטן און באַשעפטיקן אין זייערע פאַבריקן און אונטערנעמונגען. די פּוילישע פאַבריקאַנטן האָבן נישט אַריינגעלאָזט קיין יידישע אַרבעטער. דאָס זעלבע האָבן געטאָן פיל יידישע אייגנטימער פון גרעסערע פאַבריקן.

אין 1924 האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד זיך פאַרנומען מיט דעם פּראָבלעם און איז געקומען צום אויספיר, אַז מ׳טאָר נישט בלייבן פּאַסיוו. ער האָט באַשלאָסן, אַז מ׳דאַרף פירן אַן אַקציע פאַר רעכט אויף אַרבעט. צו דעם צוועק איז געשאַפן געוואָרן ביים לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער אַ ספּעציעלע ביוראָ פאַר רעכט אויף אַרבעט. די דאָזיקע ביוראָ, וואָס איר אָנפירער איז געווען נאַטאַן שאַפראַן (אַ צייט זיינען דאָרט אויך געווען טעטיק גרשון זיבערט און שמואל מרדכי זיגעלבוים), האָט געטון אַ גרויסע אַרבעט אויף דעם געביט. אַחוץ אַן אויפקלערונג־אַרבעט, האָט די ביוראָ אויך אַדורכגעפירט פיל אינטערווענצן ביי דער רעגירונג, מוניציפּאַליטעטן און אין פאַר־שיידענע פּריוואַטע אונטערנעמונגען, וואו יידישע אַרבעטער און אָנגע־שטעלטע זיינען געוואָרן באָיקאָטירט אָדער זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון זייערע אַרבעט־פּלעצער.

אַ וויכטיק געשעעניש איז געווען דער קאָנגרעס פאַר רעכט אויף אַרבעט, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע דעם 1טן אַפּריל 1926. אַרום

דעם קאָנגרעס איז געפירט געוואָרן אַ ברייטע אויפקלערונג־קאַמפּאַניע. אין 93 שטעט האָט מען געוויילט 635 דעלעגאַטן — אַלע יידישע אַרבע־טער־גרופּירונגען זיינען אין דער אַקציע געווען באַטייליקט. הגם די קאָ־מוניסטן האָבן זיך באַמיט אַרונטערצורייסן די אידייע פון קאָנגרעס, האָבן זיי דאָך אים נישט באָיקאָטירט. פון די אויסגעוויילטע דעלעגאַטן זיינען געקומען פון 84 שטעט 589. פון זיי זיינען 422 געווען בונדיסטן, 96 לינקע פּועלי־ציון, 39 קאָמוניסטן, 15 רעכטע פּועלי־ציון, 9 אומפּאַרטייאישע און 8 אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן (פריער פּאַראייניקטע און פּוילישע סאָציאַליסטן). ס'זיינען אויך געווען עטלעכע צענטליק דעלעגאַטן, פאָר־שטייער פון פּאַרטייען און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, מיט באַראַטונג־רעכט.

צוליב זיין מאַניפעסטאַציע־כאַראַקטער, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ער זאָל נישט דויערן לענגער ווי איין טאָג. ער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין זאַל פון קאַמינסקיס טעאַטער אויף אַבאַזשנע גאַס. געעפנט דעם קאָנגרעס האָט ש. מ. (אַרטור) זיגעלבוים און יקותיאל פּאָרטנוי (נח) האָט איבערגענומען דעם פּאָרזיץ. אין פּרעזידיום זיינען געזעסן די פאָר־שטייער פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען — יידישע און נישט־יידישע. באַגריסונג־רעדעס האָבן געהאַלטן: וואַצלאַוו פּרייס אין נאָמען פון דער צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין פּוילן און פון דער וואַרשעווער „ראַדאַ" (צענטראַל־ראַט), אַנטאָני שטשערקאָווסקי — אין נאָמען פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּוילישער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.), יוזעף גאַנערקאָ — פּאַראיין פון מוניציפּאַלע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, יעזשי סאָכאַצקי אין נאָמען פון די קאָמו־ניסטישע סיים־דעפּוטאַטן, עמיל צערבע — פון דער דייטשער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי אין פּוילן, טאָמאַש קאַפּיטולקאַ — פון דער אומאָפּהענ־גיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די פאָרשטייער פון די נישט־יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען און פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן אין זייערע רעדעס צוגעזאָגט די שטיצע פון זייערע אָרגאַניזאַציעס אין גערעכטן קאַמף פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. כדי איינצושפּאָרן צייט, איז פריער באַשלאָסן געוואָרן, אַז די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס זאָלן זיך באַגרענעצן מיט שריפטלעכע באַגריסונגען.

וועגן פּראָבלעם רעכט אויף אַרבעט און די אויפגאַבן פון קאָנגרעס האָבן געהאַלטן רעפעראַטן ב. מיכאַלעוויטש, ה. ערליך, וו. אַלטער, ב. שאַפּראַן און ב. בוקסבוים (פּ. צ.). אין דער דעבאַטע האָבן זיך באַטייליקט פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען און אַ צאָל דעלעגאַטן, וועלכע האָבן נישט בלויז באַלויכטן דעם פּראָבלעם פון רעכט אויף אַרבעט, נאָר אויך אַרויס־געבראַכט דעם פּראָטעסט קעגן דער גרויסער עוולה, וואָס ווערט באַ־גאַנגען לגבי דעם יידישן אַרבעטס־מענטש — אַן עוולה, וואָס עס באַ־גייען נישט בלויז די פּוילישע מלוכה, די שטאָטישע מאַגיסטראַטן, די פּוילישע פאַבריקאַנטן, נאָר אויך פיל יידישע פאַבריקאַנטן און אונטער־

נעמער. דער קאָנגרעס האָט לסוף אָנגענומען אַ צאָל רעזאָלוציעס.

די הויפּט־רעזאָלוציע, וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען וועגן רעכט אויף אַרבעט, האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער יידישער אַרבעטער־קלאַס ליידט פון דער אַרבעטלאָזיקייט־פּלאָג צוגלייך מיט אַלע אַנדערע פּראָלעטאַריער. אָבער, זאָגט ווייטער די רעזאָלוציע: „אַ דאַנק די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען, וואָס הערשן היינט ביי אונז אין לאַנד, האָט דער יידישער אַרבעטער און אָנגעשטעלטער אויסצושטיין גאָר באַזונדערע יסורים. די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון די הערשנדיקע קלאַסן, וואָס נעמט אָפּט אָן די פאָרם פון ברוטאַלער אויסראָטונג־פּאָליטיק לגבי דער יידישער באַפעלקערונג, לייגט זיך מיט איר הויפּט־לאַסט אויף די יידישע אַרבעטנדיקע שיכטן".

נאָכן ווייזן ווי אַזוי די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק ווערט דורכגעפירט אין לעבן, זאָגט די רעזאָלוציע, אַז „דער קאָנגרעס טראָגט אַרויס זיין פלאַמיקן פּראָטעסט קעגן דער דאָזיקער פּאָליטיק, וואָס דראָט דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס מיט פיזישער פאַרניכטונג". די דאָזיקע פּאָליטיק — זאָגט די רעזאָלוציע — ווערט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס פאַרלייכטערט צוליב די שטימונגען, וואָס הערשן נאָך צווישן די אָפּגעשטאַנענע שיכטן פון די פוילישע מאַסן. די פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ווערן גערופן מיט געהעריקער ענערגיע צו באַקעמפן די דאָזיקע שטימונגען. די רעזאָלוציע קריטיקירט דאָס יידישע בירגערטום, וואָס פירט אַ שאַכער־מאַכער־פּאָליטיק מיט דער הערשנדיקער רעאַקציע. מ'קען דעריבער נישט רעכענען אויף זיין אונטערשטיצונג אין קאַמף. אַנשטאָרן קען מען זיך בלויז אויפן באַוואוסטזיניקן טייל פון פוילישן סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט און פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. די רעזאָלוציע שטעלט אַרויס די פאָדערונג פון רעכט אויף אַרבעט און רופט די יידישע אַרבעטער צו קעמפן פאַר דער פאָדערונג [11].

דער לאַנד־ראַט האָט אַרויסגעגעבן אַן אייגענעם אָרגאַן. צוליב מאַטעריעלע שוועריקייטן און רדיפות מצד דער רעגירונג־מאַכט, זיינען געווען גרעסערע הפסקות אין זיין דערשיינען. די נעמען האָט מען געמוזט עטלעכע מאָל בייטן:

דאָס פּראָפעסיאָנעלע לעבן, וועכנטלעכער אָרגאַן, 1 אויגוסט — 28 נאָוועמבער 1919; 17 נומערן.

די פּראָפעסיאָנעלע בעוועגונג, 23 יאַנואַר — 25 יוני 1920; 15 נומערן. 1924 אויך אַרויס די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג.

אַרבעטער פּראַגן, אָנגעהויבן דערשיינען 15טן יולי 1924, ווי אַ מאָנאַטלעכע צייטשריפט, נאָך אַ לענגערער הפסקה, אָנגעהויבן ווידער דערשיינען דעם 1טן יאַנואַר 1928; ביז יולי 1929 דערשינען 16 נומערן.

דער רוף, דעצעמבער 1936 — זומער 1939. אַלע צייטשריפטן זיינען דערשינען אין וואַרשע.

## 3. צענטראַליזאַציע

די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זיינען געשאַפן געוואָרן פון די אינ־טערעסירטע אַרבעטער גופא אויף די ערטער, כאָטש די איניציאַטיוו און די השפעה איז על פי רוב געקומען פון די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס. די אַרבעטער האָבן זיך אָרגאַניזירט לויט די באַזונדערע פאַכן אָדער אינ־דוסטריעס. אין אָנהייב זיינען דאָס געווען בלויז לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס. ס'איז באַלד קלאָר געוואָרן, אַז פון די אָפּגעזונדערטע גלידער איז נייטיק צו שאַפן אַ גאַנצן קערפּער. אין יעדער אינדוסטריע דאַרף געשאַפן ווערן אַ צענטראַלער פאַראיין, וואָס זאָל האָבן אין אויג די אַרבעטס־באַדינגונגען און אַרבעטס־לוינען אין גאַנצן לאַנד.

די צוויי גרעסטע צענטראַלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער זיינען געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1919. לאָקאַלע און פאַך־פאַראיינען זיי־נען געוואָרן צונויפגעבונדן אין צענטראַלע, אָפּגעטיילטע לאַנד־פאַראיינען, וואָס האָבן אַרומגענומען אַלע פאַכן פון דער געגעבענער אינדוסטריע.

די באַקלייד (נאָדל)־אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן זייער פאַראייניקונג־אַרבעט מיט אַ לאַנד־באַראַטונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אין די טעג פון 6טן און 7טן יוני 1919. 10 דעלעגאַטן פון 7 שטעט האָבן רעפּ־רעזענטירט ביז צען טויזנט אָרגאַניזירטע אַרבעטער. 8 דעלעגאַטן האָבן געהערט צום בונד און 2 צו די פּועלי־ציון. די פראַגע פון פאַראייניקונג פון די פאַכן און אָפּשאַפן די צעשפּליטערטקייט לויט פּאַרטייען און נאַ־ציעס האָט רעפערירט דער פאָרזיצער פון דער באַראַטונג, דער שניי־דער־אַרבעטער און בונדישער טוער מרדכי פייגמאַן. דער אויספיר פון דער אָנגענומענער רעזאָלוציע איז געווען: „די באַראַטונג באַשליסט אָנ־צונעמען אַלע מעגלעכע מיטלען, כדי צו שאַפן אַ לאַנד־פאַראיין פון נאָדל־אַרבעטער אין פּוילן. די נייטיקע אויפקלערונג־אַרבעט אין דער אומגאַנג־שפּראַך פון די מיטגלידער דאַרפן פירן נאַציאָנאַלע סעקציעס ביים לאַנד־פאַראיין״. די באַראַטונג האָט באַשלאָסן צו רופן אַ לאַנד־צוזאַמענפאָר, וואָס זאָל אַזאַ פאַראיין גרינדן.

אין די דריי טעג פון 15טן — 17טן נאָוועמבער 1919 איז אין וואַר־שע אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון צענטראַלן פאַר־איין פון באַקלייד־אַרבעטער אין פּוילן. ס'זיינען געקומען 94 דעלעגאַטן פון 40 שטעט. פון זיי זיינען 72 געווען בונדיסטן, 20 פּועלי־ציוניסטן, 1 קאָמוניסט און 1 אומפּאַרטייאישער.

אין נאָמען פון אָרגאַניזיר־קאָמיטעט האָט דעם צוזאַמענפאָר געעפנט בנימין טייטעלבוים (אַ היטלמאַכער, שפּעטער באַקאַנט ווי דער שרייבער ב. דעמבלין). דעם באַריכט האָט אָפּגעגעבן דער סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע, מרדכי פייגמאַן.

וועגן די אויפגאַבן פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג האָט רע־פערירט הערשל הימעלפאַרב. ער האָט באַגרינדעט דעם געדאַנק, אַז די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען דאַרפן זיין רעוואָלוציאָנערע מאַסן־אָרגאַ־ניזאַציעס. זיי דאַרפן נישט גיין אויף די וועגן פון ענגן טרעיד־יוניאָניזם, ווי אין אַמעריקע און ענגלאַנד, און אויך נישט נאָכטון דעם ביישפּיל פון דער סינדיקאַליסטישער ריכטונג אין פראַנקרייך. די פאַראיינען דאַרפן פוןביידע מוסטערן נעמען דאָס פּאָזיטיווע, וואָס איז אין זיי פאַראַן און אויסאַרבעטן אייגענע פאָרמען און אינהאַלטן. זיי דאַרפן פירן דעם טאָג־טעגלעכן עקאָנאָמישן קאַמף פאַר באַלדיקע פאַרבעסערונגען ווי אַ מיטל צום סאָציאַליסטישן ציל און דאַרפן אויך זיך מיטבאַטייליקן אין פּאָליטישן קאַמף.

אַ קאָר־רעפעראַט האָט געהאַלטן דער פאָרשטייער פון די פּועלי־ציון, נחום ניר־ראַפאַלקעס. ער איז אַרויסגעטרעטן קעגן שטאַנדפּונקט פון בונד, אַז די פאַראיינען דאַרפן זיין געבויט לויט גאַנצע אינדוסטריעס און נישט לויט באַזונדערע פאַכן פון די זעלבע אינדוסטריעס. אויך הימעלפאַרב האָט געהאַלטן, אַז אין די ראַמען פון די אינדוסטריע־פאַראיינען קענען זיין פאַך־סעקציעס, אויב ס'איז נייטיק, ער איז אָבער אַנטשידן אַרויס־געטרעטן קעגן דעם, אַז יעדער פאַך פון אַן אינדוסטריע זאָל זיך שאַפן אַ באַזונדערן פאַראיין. דאָס איז געווען אַן אַלגעמיינע שטעלונג פון בונד און אויך פון די פּוילישע סאָציאַליסטן און פּראָפעסיאָנעלע טוער. די פּועלי־ציון האָבן אָבער געהאַט אַ פּאַרטייאישן אינטערעס אין דער עק־זיסטענץ פון פאַך־פאַראיינען. ווי אַ מינדערהייט צווישן די יידישע אַר־בעטער, האָבן זיי נישט געהאַט קיין שאַנסן צו זיין אַ מערהייט אין קיין שום אינדוסטריע, אָבער אין באַשטימטע אָפּגעזונדערטע פאַכן וואָלט דאָס געקאָנט מעגלעך זיין. ניר־ראַפאַלקעס האָט אויך פאַרלאַנגט, אַז די פאַר־איינען זאָלן זיך פאַרנעמען מיט רעגולירן די עמיגראַציע קיין פּאַלעס־טינע.

מרדכי פייגמאַן האָט רעפערירט די פראַגע פון שאַפן איין פאַראיין פון אַלע נאָדל־אַרבעטער. אַ קאָר־רעפעראַט האָט געהאַלטן דער פאָר־שטייער פון די פּועלי־ציון, יצחק לעוו. פייגמאַן האָט אָנגעוויזן אויף דער אומבאַדינגטער נייטיקייט צו שאַפן אין דעם אַלגעמיינעם פאַראיין נאַ־ציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמע סעקציעס פון די נאַציאָנאַליטעטן. לעוו האָט געהאַלטן, אַז ס'דאַרפן זיין נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע סעקציעס.

מאַקס שפּייזער האָט רעפערירט וועגן דער פראַגע פון שטיק־אַרבעט און וואָכן־לוין. שטיק־אַרבעט איז נאָך געווען שטאַרק פאַרשפּרייט.

אין די אַלע ענינים, וואו ס׳זיינען געווען חלוקי־דעות, האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגענומען די פאָרמולירונג פון די בונדישע רעפערענטן. די אָנגענומענע רעזאָלוציעס האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר שאַפן אַ צענטראַ־ליזירטן פאַראיין לויטן אינדוסטריע־פּרינציפּ, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע מינים נאָדל־פאַכן. צום פאַראיין דאַרפן געהערן אַלע אַרבעטער אָן אונ־טערשייד פון פּאַרטיי און נאַציאָנאַליטעט. אומעטום זאָל מען אָפּשאַפן שטיק־אַרבעט און איבערגייען צו וואָכן־לוין. די רעזאָלוציעס האָבן זיך אויך אַרויסגעזאָגט וועגן אַ ריי אַקטועלע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע ענינים און פאָדערונגען, וועגן די אויפגאַבן פון די אַרבעטער־ראַטן און אַז דער פאַראיין דאַרף זיין „ענג פאַרבונדן מיט דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג". די פאַך־פאַראיינען זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרן זיך צו ליקווידירן און אַריינטרעטן אין אַלגעמיינעם צענטראַלן פאַראיין.

נאָכן אָננעמען אַ סטאַטוט פון פאַראיין האָט דער צוזאַמענפאָר אויס־געוויילט אַ צענטראַל־פאַרוואַלטונג, אין וועלכער ס׳זיינען אַריין פאָרשטייער פון די אָפּטיילונגען אין וואַרשע, לאָדזש, לובלין, ראַדאָם, וולאָצלאַוועק, טשענסטאָכאָוו. פון וואַרשע זיינען אַריין 5 מיטגלידער — די בונדיסטן מרדכי פייגמאַן, מנחם ראָזענבוים, ישראל בריסק, בנימין טייטעלבוים און זלמן וואוילאַנד — און זיי האָבן געבילדעט דעם עקזעקוטיוו, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט און געשפּילט די הויפּט־ראָל ביים באַשטימען די ריכט־ליניעס פון דער אַלגעמיינער טעטיקייט. די פּועלי־ציון האָבן פאַרלאַנגט, אַז די פּאַרטייען זאָלן דעלעגירן זייערע פאָרשטייער צו דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג. דער צוזאַמענפאָר האָט זייער פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן [15]).

**
*

די יידישע לעדער־אַרבעטער האָבן אויך אָנגעהויבן זייער פאַראייני־קונג־טעטיקייט מיט אַ לאַנד־באַראַטונג. זי האָט זיך געעפנט דעם 17טן אַפּריל 1919 אין וואַרשע. אין נאָמען פון דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע האָט די באַראַטונג געעפנט שעיה זעמבראָווסקי און אַלס פאָרזיצער האָבן די 18 דעלעגאַטן פון 14 שטעט אויסגעקליבן דעם שוסטער־אַרבעטער משה דינער. די דעלעגאַטן — 14 בונדיסטן, 2 פּועלי־ציוניסטן, 1 פאַראייניקטער און 1 אומפּאַרטייאישער — האָבן רעפּרעזענטירט איבער 5 טויזנט אַרבע־טער, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אין 5 פאַכן פון דער לעדער־אינדוסטריע.

וועגן דער נייטיקייט צו פאַראייניקן אַלע פאַכן און שאַפן אַ צענטראַלן לאַנד־פאַראיין פון דער לעדער־אינדוסטריע האָט רעפערירט שעיה זעמ־בראָווסקי. די באַראַטונג האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואָס האָט דער־קלערט די נייטיקייט פון אַ „פולשטענדיקער פאַראייניקונג פון אַלע פראַ־

פעסיאָנעלע פאַראייגען, וואָס שטייען אויפן באָדן פון קלאַסן־קאַמף, אין אײן צענטראַלער אָרגאַניזאַציע פון דער לעדער־אינדוסטריע אין גאַנצן לאַנד". די רעזאָלוציע האָט זיך אַרויסגעזאָגט אַנטשידן קעגן דער „עק־זיסטענץ פון באַזונדערע פאַראייגען און פאַרטייאישע פאַראייגען". דער געשאַפענער צענטראַלער פאַראיין פון די יידישע לעדער־אַרבעטער דאַרף אָנהייבן אונטערהאַנדלונגען מיט די פּוילישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייגען פון דער לעדער־אינדוסטריע וועגן פאַראייניקונג און דערביי זאָל „גאַ־ראַנטירט ווערן די קולטורעלע און שפּראַכלעכע רעכט פון די יידישע אַרבעטער אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג". ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו רופן דעם ערשטן לאַנד־צוזאַמענפאָר נאָך אין זעלבן יאָר און אויף אים זאָל געגרינדעט ווערן דער צענטראַלער פאַראיין פון די יידישע לעדער־אַרבעטער.

אין די טעג פון 12 — 14 אָקטאָבער 1919 איז שוין פאָרגעקומען דער ערשטער לאַנד־צוזאַמענפאָר. געעפנט האָט אים דער פאָרזיצער פון דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע, חנינא קראַמאַרסקי. 73 דעלעגאַטן פון 39 שטעט — 48 בונדיסטן, 18 פּועלי־ציוניסטן, 3 פאַראייניקטע און 4 אומ־פּאַרטייאישע — האָבן רעפּרעזענטירט 7,109 אָרגאַניזירטע מיטגלידער און 1,333 נישט־אָרגאַניזירטע. צוזאַמען 8,442 קאַמאַשנמאַכער, שוסטער, גאַר־בער, וואַלקער און אַנדערע לעדער־פאַכן.

יחיאל ניימאַן האָט אָפּגעגעבן דעם באַריכט פון דער פּראָוויזאָרישער צענטראַל־פאַרוואַלטונג, וואָס די לאַנד־באַראַטונג האָט אויסגעוויילט. די פּועלי־ציון האָבן קריטיקירט דעם באַריכט, אָבער דער צוזאַמענפאָר האָט מיט אַלע שטימען קעגן 10 אויסגעדריקט צוטרוי דער פּראָוויזאָרישער צענטראַל־פאַרוואַלטונג.

חנינא קראַמאַרסקי האָט רעפערירט וועגן די אויפגאַבן פון דער פּראָ־פעסיאָנעלער באַוועגונג; שעיה זעמבראָווסקי האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן פאַראייניקונג פון די לעדער־אַרבעטער, וואָס זיינען אָרגאַניזירט באַ־זונדער לויט פאַכן, נאַציאָנאַליטעט און פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט. יחיאל ניימאַן האָט רעפערירט וועגן די לוינען און אַרבעט־באַדינגונגען אין דער לע־דער־אינדוסטריע, וואָס זיינען נישט געווען איינהייטלעך.

אין די דעבאַטן וועגן די רעפעראַטן האָבן פּועלי־ציוניסטישע פאַר־שטייער אַרגומענטירט, אַז ס'איז וויניק צו פאַרזיכערן די רעכט פון דער יידישער שפּראַך און קולטור אין געפּלאַנטן בשותפותדיקן פאַראיין מיט די פּוילישע אַרבעטער. מ'דאַרף בילדן נאַציאָנאַלע סעקציעס, וואָס זאָלן זיך פאַרנעמען אויך מיט אַנדערע ענינים. זיי האָבן אויך פאַרלאַנגט, אַז פאָרשטייער פון די פּאָליטישע פאַרטייען זאָלן צוגעלאָזט ווערן צו די זיצונגען פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג און זיי זאָלן האָבן וועטאָ־רעכט.

דער צוזאַמענפאָר האָט אָפּגעוואָרפן די פּועלי־ציוניסטישע פאַרלאַנגען.

דעם בונדישן שטאַנדפּונקט האָבן אויך אונטערגעשטיצט די פּאַראײניקטע און אומפּאַרטײאישע. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די פּאַך־פּאַראײנען דאַרפן זיך פאַראײניקן אין איין צענטראַלן אינדוסטריע־פּאַראײן און אַז מ'זאָל צוטרעטן אונטערהאַנדלען וועגן פאַראײניקן זיך מיט די פּוילישע אַרבעטער. דערבײ זאָלן באַוואָרנט ווערן די רעכט זיך צו באַנוצן מיט דער יידישער שפּראַך און די מעגלעכקײטן פון אַ יידישער קולטור־טעטיקײט.

דער לאַנד־צוזאַמענפאָר האָט אויסגעוויילט אַ צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון 11 פערזאָן — 9 בונדיסטן און 2 פון די אַנדערע ריכטונגען. די צענטראַל־פאַרוואַלטונג האָט אויסגעוויילט אַ פּרעזידיום אין דעם צוזאַמענשטעל: חנינא קראַמאַרסקי — פאָרזיצער, שעיה זעמבראַווסקי — וויצע־פאָרזיצער, יחיאל ניימאַן — סעקרעטאַר, משה טירמאַן — קאַסירער [16].

***

אויך אין אַנדערע פאַכן האָבן די יידישע אַרבעטער זיך אָרגאַניזירט און געשאַפן צענטראַלע לאַנד־פאַראײנען.

אין די טעג פון 17 — 19 אַפּריל 1919 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען אַ לאַנד־צוזאַמענפאָר פון בעקער־אַרבעטער. 40 דעלעגאַטן האָבן רעפּרעזענטירט אָרגאַניזאַציעס אין 31 שטעט מיט 2,229 מיטגלידער.

אין נאָמען פון דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע האָט געעפנט דעם צוזאַמענפאָר דער בעקער־אַרבעטער מלך ציגעלמאַן. אין די דרײ טעג האָט מען באַהאַנדלט די דאָזיקע פּונקטן פון טאָג־אָרדענונג: באַריכט, סטאַטוט פון צענטראַלן פאַראײן, נאַכט־אַרבעט, מוניציפּאַליזירונג פון די בעקערײען, שבת־ אָדער זונטאָג־רו, קראַנקן־קאַסע, פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַן, פאַראײניקונג מיט די פּוילישע אַרבעטער. רעפערירט די פּונקטן האָבן די בעקער־אַרבעטער אליהו שטריגלער און שמאי ראַטשילד. וועגן „שבת אָדער זונטאָג־רו?" האָט רעפערירט דער פאָרשטײער פון בונד, ב. מיכאַלעוויטש. אין הסכם מיט די אויספירונגען פון רעפערענט, האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגענומען די דאָזיקע רעזאָלוציע: „בײ די איצטיקע אומשטענדן איז נאָך דערווײל אוממעגלעך פעסטצושטעלן אַ באַשטימטן רו־טאָג פאַר אַלע קאַטעגאָריעס בעקער־אַרבעטער. די מלוכהשע און שטאָטישע אינסטיטוציעס מוזן גאַראַנטירן די אַרבעטער אַ רו־צײט פון 42 שעה אַ וואָך, איבערלאָזנדיק יעדער גרופּע בעקער־אַרבעטער צו באַשטימען פאַר זיך דעם רו־טאָג לויט איר אײגענע און אַרבעט־מעגלעכקײט".

צווישן די אַנדערע אָנגענומענע רעזאָלוציעס איז געווען אַ באַשלוס וועגן פאַראײניקן די יידישע און פּוילישע בעקער־אַרבעטער. אין צענטראַלן פאַראײן דאַרפן זײן נאַציאָנאַל־קולטורעלע סעקציעס. ס'איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע וועגן אָפּשאַפן נאַכט־אַרבעט. ס'איז

אויסגעוויילט געוואָרן אַ צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון 9 מיטגלידער: 5 פון וואַרשע — מלך ציגעלמאַן, אליהו שטריגלער, שמאי ראָטשילד, ישראל בראַט און משה ליפּשיץ; פון לאָדזש — אברהם הערשקאָוויטש, פון לובלין — ל. פערשטאַנד, פון טשענסטאָכאָוו — ציגע אָזשעך, פון קראָקע — קאָרנבלום [17]).

**

די פּויליש־סאָוועטישע מלחמה האָט געצוואונגען אויף אַ צייט אי־בערצורייסן די טעטיקייט פון שאַפן צענטראַליזירטע לאַנד־פאַראיינען. אין יאָר 1921 איז די טעטיקייט באַנייט געוואָרן.

אין די טעג פון 11טן און 12טן יוני 1921 איז אין לאָדזש פאָרגע־קומען דער ערשטער לאַנד־צוזאַמענפאָר פון די טעקסטיל־פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער. 14 דעלעגאַטן זיינען געווען פון לאָדזש, וואַרשע, אַלעקסאַנדער, טאָמאַשאָוו מאַז., זדונסקאַ וואָליאַ, אָזאָרקאָוו, פּאַביאַניץ. זיי האָבן רעפּרעזענטירט: אין לאָדזש — 4,503 אָרגאַניזירטע מיטגלידער, וואַרשע — 2,218; אַלעקסאַנדער — 179, טאָמאַשאָוו — 350.

אין נאָמען פון דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע האָט דעם צוזאַמענפאָר גע־עפנט יוסף מאָרגענטאַלער. די דעלעגאַטן האָבן אָפּגעגעבן באַריכטן פון די ערטער און באַהאַנדלט דעם מצב אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע. אַ באַזונדער אָרט האָט פאַרנומען די פראַגע פון רעכט אויף אַרבעט. ביי דעם פּונקט איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן דער טרויעריקער פאַקט, וואָס אַפילו אַ טייל יידישע פאַבריקאַנטן ווילן נישט באַשעפטיקן קיין יידישע אַרבעטער.

ביים באַשטימען די טאָג־אָרדענונג האָט דער איינציקער קאָמוניס־טישער דעלעגאַט פאָרגעלייגט, אַז מ'זאָל דעם פּונקט רעכט אויף אַרבעט נישט באַטראַכטן, אַנשטאָט דעם זאָל מען אַריינשטעלן אַ פּונקט וועגן אַנשליסן זיך אין רויטן (קאָמוניסטישן) פּראָפעסיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל. מיט אַלע שטימען קעגן דער שטים פון קאָמוניסטישן דעלעגאַט איז זיין פאָרשלאַג אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

דער צוזאַמענפאָר האָט אויך באַהאַנדלט וועגן פאַראייניקן זיך מיטן פאַראיין פון די פּוילישע טעקסטיל־אַרבעטער, וועגן שאַפן יוגנט־סעקציעס און אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער זיץ־אָרט פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג זאָל זיין לאָדזש. די פּונקטן פון טאָג־אָרדענונג האָבן רעפערירט יוסף מאָרגענטאַלער, פּנחס (אַלעק־סאַנדער) מינץ (ביידע פון לאָדזש), אַבא פלוג (פון וואַרשע) און אַנדערע. לסוף איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון 9 מיטגלי־דער: 4 פון לאָדזש, 3 פון וואַרשע, 1 פון טאָמאַשאָוו מאַז., און 1 אָרט איז איבערגעלאָזט געוואָרן פאַרן טעקסטיל־פאַראיין אין ביאַליסטאָק, מיט וועלכן מ'איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט [18]).



בונדישע יוגנט מאַרשירט אויף וואַרשעווער גאַסן.






אויפן לאַנד־צוזאַמענפלי פון בונדישער יוגנט אין וואַרשע (1932).
דער סעקרעטאַר פון די פּראָפ. קלאַסן־פאַראיינען אין פוילן, זיגמונט זשולאַווסקי, באַגריסט.

פּרעזידיום פון אַ פאַרזאַמלונג פון יידישער און פּוילישער סאָציאַליסטישער יוגנט אין וואַרשע.



**
*

אין די טעג פון 29טן און 30טן אַפּריל 1921 איז אין וואַרשע פאָרגע־קומען דער ערשטער לאַנד־צוזאַמענפאָר פון די יידישע האָלץ־אַרבעטער. אויף אים זיינען געווען פאַרטרעטן פאַראיינען פון 11 שטעט מיט 1,610 מיטגלידער. צום סוף פון זעלבן יאָר 1921 האָט דער ניי־געשאַפענער צענטראַלער פאַראיין שוין געציילט 25 אָרטיקע אָפּטיילונגען. בלויז די וואַרשעווער אָפּטיילונג האָט דעמאָלט געהאַט 1,500 מיטגלידער.

די דעלעגאַטן האָבן פאַרטרעטן אָרגאַניזירטע האָלץ־אַרבעטער אין וואַרשע, לאָדזש, לובלין, טשענסטאָכאָוו, שעדלעץ, ראַדאָם, קעלץ, וולאָצ־לאַוועק, פּלאָנסק, פּולטוסק, סעראַצק. זיי האָבן באַהאַנדלט אַ ריי אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע ענינים און באַשלאָסן דורכצופירן אַן אָרגאַניזיר־קאַמפּאַניע אין אַ צאָל אַנדערע שטעט פון לאַנד. ס'איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַ־שלוס אַריינצוטרעטן אין פאַרבאַנד פון די קלאַסן־פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער אין פּוילן. לסוף איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ צענטראַל־פאַר־וואַלטונג פון 5 מיטגלידער פון וואַרשע, לאָדזש, לובלין. די פּועלי־ציו־ניסטישע דעלעגאַטן האָבן אינמיטן פאַרלאָזט דעם צוזאַמענפאָר[19].

**
*

אין זעלבן יאָר 1921 האָבן אויך געמאַכט צוגרייטונגען צו אַ לאַנד־קאָנפערענץ די פאַראיינען פון הויז־דינערשאַפט מיט 9 אָפּטיילונגען אין פאַרשיידענע שטעט, דערנערונג — מיט 8 אָפּטיילונגען, פּאַפּיר — מיט 3 אָפּטיילונגען.

דעם 13טן אָקטאָבער 1923 האָט אין צענטער פון דער בערשטער־אינדוסטריע, אין מעזריטש, זיך אָנגעהויבן אַ צוזאַמענפאָר פון די פּראָ־פעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס פון די בערשטער־אַרבעטער. דעלעגאַטן זיי־נען געקומען פון 11 שטעט. די צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין פּוילן און איר יידישע אָפּטיילונג — דער לאַנד־ראַט — האָבן געשיקט אַלס זייער פאַרטרעטער דוד מייער. ס'איז גע־שאַפן געוואָרן אַ צענטראַלער פאַראיין פון בערשטער־אַרבעטער. די צאָל מיטגלידער אין די אָפּטיילונגען האָט באַטראָפן בערך 2 טויזנט. אַחוץ אין מעזריטש זיינען געווען בערשטער־פאַראיינען אין ביאַליסטאָק, טרעס־טינע, לאָדזש און אַנדערע ערטער. אין די 20ער יאָרן זיינען פאָרגעקומען עטלעכע צוזאַמענפאָרן און אָנהייב די 30ער יאָרן איז דער בערשטער־פאַראיין אַריינגעטרעטן אין צענטראַלן פאַראיין פון לעדער־אַרבעטער. מאָטל אייזענשטיין איז געווען דער פאָרזיצער פון בערשטער־פאַראיין און בערל ווערניצקי — דער סעקרעטאַר[20].

**
*

דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון יידישע דרוקער־אַרבעטער אין

ווארשע האָט פון יאָר 1920 זיך פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן און העלפן די יידישע דרוקער־אַרבעטער אין דער פּראָווינץ. אין אַפּריל 1925 איז פאָרגעקומען דער ערשטער לאַנד־צוזאַמענפאָר און ס'איז אויסגעווילט געוואָרן אַ צענטראַל־פאַרוואַלטונג. דער ניי־געשאַפענער צענטראַלער פאַראיין האָט געהאַט 8 אָפּטיילונגען מיט איבער 800 מיטגלידער [11].

***

נישט געקוקט אויף די אומגעהויערע שוועריקייטן — רעפּרעסיעס מצד דער רעגירונג־מאַכט, אָרימקייט פון די מיטגלידער, אַרבעטלאָזיקייט, עמיגראַציע און אינערלעכע שטערונגען מצד די קאָמוניסטן — איז דאָך געלונגען אויפצובויען און פאַנאַנדערבויען די צענטראַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער.

די גרעסטע פון זיי זיינען געווען פון די באַקלייד־פאַכן און פון די לעדער־פאַכן. ביידע זיינען אין די צוואַנציקער יאָרן פאַראייניקט געוואָרן מיט די אַנטשפּרעכנדיקע קלאַסן־פאַראיינען פון פּוילישע אַרבעטער, אָבער בראָש פון ביידע אינטערנאַציאָנאַלע פאַראיינען זיינען געשטאַנען יידישע אַרבעטער־טוער — בונדיסטן.

דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון באַקלייד־אַרבעטער איז פאָרגעקומען אין ווארשע אין די טעג פון 15טן — 17טן יולי 1921. 106 דעלעגאַטן פון 44 שטעט האָבן רעפּרעזענטירט קרוב 11 טויזנט מיטגלידער. 72 דעלעגאַטן זיינען געווען בונדיסטן, 31 פּועלי־ציוניסטן, 2 קאָמוניסטן און 1 אומפּאַרטייאישער. צווישן די אָנגענומענע רעזאָלוציעס איז אויך געווען אַ באַשלוס אַריינצוטרעטן אין אינטערנאַציאָנאַל פון די באַקלייד־פאַראיינען, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן פּראָפעסיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל פון די נישט־קאָמוניסטישע אַרבעטער־פאַראיינען. די פּועלי־ציוניסטישע דעלעגאַטן האָבן פאָרגעשלאָגן אַריינצוטרעטן אין פּראָפאינטערן, וואָס האָט אַרומגענומען די קאָמוניסטישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. די מערהייט האָט דעם פּועלי־ציוניסטישן פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן.

דער פאַראיין איז נאָך אין זעלבן יאָר באַדייטנדיק געשטיגן. ביים סוף 1921 האָט ער געציילט 80 אָפּטיילונגען מיט 16 טויזנט מיטגלידער, פון זיי בלויז אין ווארשע 6 טויזנט. אין סעפּטעמבער 1922 איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג מיטן פאַראיין פון די פּוילישע אַרבעטער. די דעלעגאַטן פון ווארשעווער פּוילישן שניידער־פאַראיין האָבן פאַרלאָזט דעם פאַראייניקונג־צוזאַמענפאָר, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט אָנערקענען די גלייכבאַרעכטיקונג פון דער יידישער שפּראַך. מיט זיי האָבן זיך אויך סאָלידאַריזירט עטלעכע פּוילישע אָפּטיילונגען פון אַנדערע שטעט. די צענטראַל־קאָמיסיע פון די אַלגעמיינע פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין פּוילן האָט זיי דערפאַר אויסגעשלאָסן און געשטעלט מחוץ למחנה.

נאָך אַ יאָר אָפּגעזונדערטקייט זיינען די ווידערשפּעניקע פּוילישע אָפּטיי־לונגען צוריקגעקומען. צום פּערטן צוזאַמענפאָר, סוף אָקטאָבער 1935, האָט דער צענטראַלער באַקלייד־פאַראיין געציילט קרוב 20 טויזנט מיט־גלידער.

דער באַקלייד־פאַראיין האָט שטאַרק געליטן פון פאַרפאָלגונגען. בלויז אין יאָר 1937 האָבן די מאַכט־אָרגאַנען אָפּגעשטעלט די טעטיקייט פון 39 אָפּטיילונגען און אַ טייל ליקווידירט, אין 1938 — 10. אין פיל שטעט האָט די אָרטיקע מאַכט נישט געוואָלט געבן קיין דערלויבענישן צו עפענען אָפּ־טיילונגען פון פאַראיין. „דאָס מאַסנהאַפטע פאַרמאַכן אָפּטיילונגען — דערציילט אַ באַריכט — איז באַגלייט געוואָרן מיט רעוויזיעס און אַרעסטן פון פאַראיין־מיטגלידער און פאַראיין־טוער, אַ טייל פון וועלכע מ׳האָט אויך אַרויסגעשיקט פון זייערע שטעט... (דאָס מיינט, אַז מ׳האָט זיי פאַר־שפּאַרט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פון קאַרטוז־בערעזע). די אָנגעווענדעטע רעפּרעסיעס האָבן זיך געמוזט אָפּרופן אויפן אָרגאַניזאַציאָנעלן צושטאַנד פון פאַראיין. די צאָל טעטיקע אָפּטיילונגען איז באַדייטנדיק געפאַלן (פון 128 אין דעצעמבער 1936 אויף 93 סוף 1938). נישט געקוקט אויף דעם איז די צאָל מיטגלידער געבליבן כמעט די זעלבע און באַטרעפט איצט ביי 17 טויזנט" [22]). די גרויסע מערהייט פון פאַראיין איז באַשטאַנען פון יידישע אַרבעטער. די הויפּט־טוער פון דעם צענטראַלן פאַראיין און פון דער גרעסטער אָפּטיילונג (אין וואַרשע) זיינען געווען: מרדכי פייגמאַן, הערשל הימעלפאַרב, שרה שוועבער, מנחם ראָזענבוים, זלמן וואַוילאַנד, לייב פּיעקאַזש און אַנדערע.

***

דער צווייטער לאַנד־צוזאַמענפאָר פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די יידישע לעדער־אַרבעטער איז פאָרגעקומען אין וואַרשע, אין די טעג פון 19טן — 22טן אָקטאָבער 1921. די 89 דעלעגאַטן האָבן רעפּרעזענטירט 40 אָפּטיילונגען. 65 דעלעגאַטן זיינען געווען בונדיסטן, 12 קאָמוניסטן, 8 פּועלי־ציוניסטן, 3 אומפּאַרטייאישע, 1 פאַראייניקטער.

דער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט פון פאַראייניקונג מיטן פאַראיין פון די פּוילישע לעדער־אַרבעטער. און אין יוני 1922 איז טאַקע די פאַראייניקונג פאָרגעקומען. די פאַראייניקונג איז אָבער נישט פאָרגעקומען אויף די יסודות, וואָס די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער האָט געהאַלטן פאַר אומבאַדינגט נויטיק. דאָס איז געשען דערפאַר, ווייל אין דער צענטראַלע פון פאַראיין פון יידישע לע־דער־אַרבעטער איז פאָרגעקומען אַ פּאָליטישע ענדערונג. עטלעכע בונ־דיסטן זיינען אין 1922 אַריבער צום קאָמבונד און געמאַכט יד־אחת מיט די קאָמוניסטן.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פון כאַאָס און שפּאַלטונגען, וואָס

האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר. די שפּאַלטונגען זיינען געווען לויט פאַכן, נאַציאָנאַליטעטן און פּאַרטייען. לסוף איז אין די לעצטע טעג פון אַפּריל 1926 פאָרגעקומען אַ פאַראייניקונג־צוזאַמענפאָר פון די צעשפּאָלטענע פאַראיינען. בעת דער פאַראייניקונג זיינען געווען 102 אָפּטיילונגען אין 96 שטעט: 83 יידישע, 8 פּוילישע און 11 פון געמישטע נאַציאָנאַליטעטן. אויף דעם צוזאַמענפאָר האָט מען פעסטגעשטעלט, אַז די יידן און די גאַרבער האָבן רעכט צו האָבן אייגענע פיליעס. אין דער פאַראייניקטער אָרגאַניזאַציע האָבן צוזאַמענגעאַרבעט בונדיסטן, קאָמוניסטן און פּעפּעסאָווצעס. במשך פון 13 יאָר איז דער פאָרזיצער פון צענטראַלן פאַראיין געווען דער בונדישער טוער שמואל מרדכי (אַרטור) זיגעלבוים; דער קאָמוניסט עדוואַרד מאַרגאַליס און ל. שוועבעל — אַ פּעפּעסישער טוער, וואָס האָט רעפּרעזענטירט די גאַרבער — זיינען געווען וויצע־פאָרזיצער. דער סעקרעטאַר איז תמיד געווען אַ בונדיסט — פריער זלמן ליכטענשטיין און שפּעטער יוסף גוטגאָלד.

אָבער אויך דער פאַראייניקטער פאַראיין האָט נישט אַרומגענומען אַלע פּוילישע אַרבעטער. אין דער צווייטער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן האָט עקזיסטירט אַ פאַראַלעלער פאַראיין מיט 3 טויזנט פּוילישע אַרבעטער. אין די טעג פון 15טן און 16טן אַפּריל 1939 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען אַ פאַראייניקונג פון ביידע פאַראיינען. דער גרעסערער פאַראיין איז געקומען צום פאַראייניקונג־צוזאַמענפאָר מיט 140 דעלעגאַטן פון 45 שטעט, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט איבער 11 טויזנט מיטגלידער אין 84 אָפּטיילונגען. די מערהייט איז באַשטאַנען פון יידן — 6,030; פּאָליאַקן — 4,695; אוקראַאינער — 250; די רעשט 75 זיינען געווען טאָטערן און פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. אויף דעם פאַראייניקונג־צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן ס׳זיינען געווען בערך 200 דעלעגאַטן, האָט זיגעלבוים געמאָלדן, אַז צוליב דעם, וואָס ער לעבט און איז טעטיק די לעצטע צייט אין לאָדזש, וועט ער מער נישט קענען אָננעמען דעם אַמט פון פאַראיין־פאָרזיצער, וואָס פאָדערט טאָג־טעגלעך צו זיין אין זיץ־אָרט פון דער צענטראַלע — אין וואַרשע.

דער פאַראיין, וואָס האָט געהערט צום אינטערנאַציאָנאַל פון לעדער־אַרבעטער, איז אַליין געווען אַ קליינער אינטערנאַציאָנאַל. „מיר האָבן באַוויזן — האָט דערציילט אַ באַריכט — טראָץ די אַנטיסעמיטישע שטימונגען אין לאַנד צו פאַרגרעסערן די צאָל פּוילישע מיטגלידער. די העצע קעגן אונזער פאַראיין אַלס אַ יידישן האָט אַ קנאַפּע ווירקונג" [22]).

***

צו די גרעסטע פאַראיינען פון יידישע לוין־נעמער האָט אויך געהערט דער אַלגעמיינער פראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון האַנדל, ביוראָ און אינדוסטריע־אָנגעשטעלטע אין פּוילן.

נאָך אין די צאַרישע צייטן האָבן אין וואַרשע, לאָדזש, ווילנע און אַנדערע ערטער עקזיסטירט לעגאַליזירטע פאַראיינען פון האַנדל־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע. בעת די צאַרישע מאַכט האָט ברוטאַל אונטער־געדריקט אַרבעטער־פאַראיינען, האָט זי זיך באַצויגן מיט אַ ביסל מער טאָלעראַנץ צו די פאַראיינען פון האַנדלס־פּראָלעטאַריאַט. דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס אַזעלכע פאַראיינען האָבן נישט געהאַט דעם אויס־געשפּראָכענעם רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער, ווי די אַרבעטער־פאַראיינען. בראש פון זיי זיינען דאָ און דאָרט געשטאַנען דירעקטאָרן און הויכע אָנגעשטעלטע פון גרעסערע פירמעס און זיי האָבן געהיט, אַז די אָרגאַ־ניזאַציעס זאָלן נישט האָבן קיין מגע־ומשא מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אין אַלטן וואַרשעווער קאָמי־פאַראיין האָבן די הויפּט־דעה געהאַט אַסימילירטע עלעמענטן, צווישן וועלכע אייניקע האָבן אויך גע־הערט צו די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען (פּ. פּ. ס. און ס. ד. ק. פּ. ל.). די יידישע שפּראַך האָט מען אין דעם פאַראיין נישט טאָלערירט, די גרויסע מאַסן אָנגעשטעלטע האָט מען נישט געוואָלט אריינגעמען אַלס מיטגלידער — מיט גרינגשעצונג האָבן די דעה־זאָגער און טאָן־געבער זיך באַצויגן צו די „קאָפּאָטשאַזשעס" (די גרויסע מאַסע אָנגעשטעלטע, וואָס איז געווען טראַדיציאָנעל־יידיש געקליידט) און מ'האָט פאַר זיי פאַרמאַכט די טירן פון פאַראיין. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין וואַר־שע געשאַפן געוואָרן אַ גרויסער פאַראיין פון מאַנופאַקטור־אָנגעשטעלטע. הגם די גרויסע מערהייט איז באַשטאַנען פון אַ יידיש־פאָלקסטימלעכן עלעמענט, האָבן אויך אין אים, אין די ערשטע יאָרן, די הויפּט־ראָל געשפּילט דירעקטאָרן און הויכע אָנגעשטעלטע. אין די דאָזיקע פאַר־איינען איז אָבער כסדר אָנגעגאַנגען אַ שטרייט — די מער ראַדיקאַלע עלעמענטן און אָנהענגער פון די יידישע סאָציאַליסטישע גרופּירונגען האָבן געקעמפט קעגן דער קאָנסערוואַטיווער פּאָליטיק פון דער אָנפירונג.

אין אומאָפּהענגיקן פוילן זיינען אין פאַרשיידענע שטעט געשאַפן געוואָרן אָרטיקע פאַראיינען פון האַנדל־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע, אָבער אין וואַרשע זיינען געווען אָרגאַניזירט נישט מער ווי אַ 10 פּראָצענט פון די אָנגעשטעלטע, אויך אין די אַנדערע שטעט איז נישט געווען בעסער. אין די אַלע פאַראיינען האָבן די בונדיסטן געאַרבעט פאַר דעם, אַז ס'זאָל געשאַפן ווערן איין גרויסער צענטראַלער פאַראיין. דאָס האָט אָנגעטראָפן אויף אַ ווידערשטאַנד סיי פון די קאָמוניסטן, סיי פון די פּועלי־ציוניסטן, וואָס האָבן געהאַט אַ השפּעה אין אַ טייל עקזיסטירנדיקע פאַראיינען. די גרויסע מערהייט אָנגעשטעלטע איז נישט געווען אָר־גאַניזירט. די בונדיסטן האָבן זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו שאַפן אַ צענטראַלן פאַראיין, וואָס זאָל אַרומנעמען די עקזיסטירנדיקע לאָקאַלע פאַראיינען און וואָס זאָל זיך שטעלן די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן די נישט־אָרגאַניזירטע.

סוף 1927 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען אַ לאַנד־קאָנפערענץ, וואָס האָט באַשלאָסן צו שאַפן אַ צענטראַלן פאַראיין. דער ערשטער לאַנד־צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אין וואַרשע דעם 22טן און 23טן מאַי 1931. 42 דעלעגאַטן האָבן רעפּרעזענטירט 27 אָפּטיילונגען מיט 8 טויזנט מיט־גלידער. דער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעוויילט אַ צענטראַל־פאַרוואַלטונג, אין וועלכער ס'זיינען אַריין: זדזשיסלאַוו מושקאַט, מאיר וואַסער, ד״ר עמנואל שערער, ניסן בוימגאַרטן, דוד וואַסערמאַן, הערש גוטגעשטאַלט — (אַלע פון וואַרשע), חיים וואַלט (ווילנע), לייזער שאַבפּיש (ביאַליסטאָק), הערש רובינשטיין (לאָדזש).

דער פאַראיין האָט געהאַט אויסצושטיין פאַרפאָלגונגען מצד די פּויִלישע מאַכט־אָרגאַנען. „אין משך פון די יאָרן 1937 און 1938 — דער־ציילט אַ באַריכט — זיינען געשלאָסן געוואָרן דורך דער מאַכט 6 אָפּ־טיילונגען: אין קראָקע, לעמבערג, ראַדאָם, בוטשאַטש, קאַטאָוויץ און לסוף אין וואַרשע. פיל מי און אָנשטרענגונגען האָט געקאָסט דעם פאַר־איין דאָס לעגאַליזירן נייע אָפּטיילונגען אין די אַלע ערטער, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. און דאָך האָבן מיר געשלאָסן דאָס יאָר 1938 מיט דער צאָל פון 12,500 מיטגלידער און 27 אָפּטיילונגען"... „אונזער פאַראיין איז די איינציקע קלאַסן־אָרגאַניזאַציע פון האַנדל־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע פון פּוילן, וואָס געהערט צום אינטערנאַציאָנאַלן בונד פון פּריוואַט־אָנגעשטעלטע". פאָרשטייער פון פאַר־איין האָבן זיך באַטייליקט אין די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן. דער פאַראיין האָט אַרומגענומען „כמעט אויסשליסלעך יידישע אָנגעשטעלטע, כאָטש אין פּרינציפּ איז ער געווען אָפן פאַר אַלע באַשעפטיקטע אין ביוראָ־וועזן". די פּוילישע אָנגעשטעלטע זיינען געווען אָרגאַניזירט אין דער אוניע פון גייסטיקע אָנגעשטעלטע. דער פאַראיין פון די יידישע אָנגעשטעלטע איז געווען די איינציקע רעפּרעזענטאַנץ פון אָנגעשטעלטע אין דער אַלגעמיינער צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין פּוילן.

דער פאָרזיצער פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג איז געווען דער אַלטער בונדישער טוער זדזשיסלאַוו מושקאַט און דער סעקרעטאַר — ד״ר עמנואל שערער. צווישן די פאַרדינסטפולע אָרגאַניזאַטאָרן און טוער זיי־נען געווען דער סעקרעטאַר פון דער וואַרשעווער אָפּטיילונג דוד וואַסער־מאַן און איר פאָרזיצער מאיר וואַסער. דער פאַראיין האָט געהאַט אַן אייגענעם אָרגאַן דער אָנגעשטעלטער **).



דער צענטראַלער פאַראיין פון יידישע מעטאַל־אַרבעטער האָט אַרומ־גענומען 9 אָפּטיילונגען אין לאַנד. סוף 1938 האָט ער געציילט 4,185 מיטגלידער. אַ צאָל יידישע מעטאַל־אַרבעטער פון אונטערנעמונגען מיט

אַ גרויסער מערהייט פּוילישע אַרבעטער האָבן געהערט צום פּוילישן פאַר־אײן, און אַ צאָל פּוילישע אַרבעטער אין אונטערנעמונגען מיט אַ גרויסער מערהייט יידישע אַרבעטער האָבן געהערט צום יידישן פאַראיין. ביידע קלאַסן־פאַראיינען האָבן זיך פאַרשטענדיקט צו בלייבן באַזונדער עקזיס־טירן. דאָס איז בעיקר געשען, ווייל די אָנפירונג פון פּוילישן פאַראיין האָט געהאַלטן, אַז צוליב די עקזיסטירנדיקע שטימונגען קען אַ פאַראיי־ניקונג מיט די יידישע אַרבעטער אויסגענוצט ווערן פון די קאָנקורירנ־דיקע פּוילישע נאַציאָנאַליסטיש־אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציעס אויף אָפּ־צורייסן מיטגלידער.

די וואַרשעווער אָפּטיילונג איז געווען די עלטסטע (געגרינדעט אומ־לעגאַל אין 1897) און די גרעסטע (אין 1938 געהאַט 1,665 עלטערע און 700 יוגנטלעכע מיטגלידער). אירע הויפּט־טוער אין וואַרשע זיינען גע־ווען לייביש טוכמאַכער, יצחק צינאַ, ישראל הערמאַנשטאַט, לייבל בלאַנק, העניך היינסדאָרף, דער סעקרעטאַר איסר גאָלדבערג און אַנדערע **).

***

אַ קליינע אָבער גוט־אָרגאַניזירטע אָרגאַניזאַציע איז געווען דער יידישער דרוקער־פאַראיין. אויך דאָ איז לויט אַ פאַרשטענדיקונג מיטן פּוילישן דרוקער־פאַראיין נישט פאָרגעקומען קיין פאַראייניקונג צוליב דער זעלבער סיבה, ווי ביים מעטאַל־פאַראיין.

צו זיין פּערטן צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע דעם 8טן און 9טן אַפּריל 1939, האָט דער פאַראיין געציילט 11 אָפּטיילונגען אין לאַנד מיט 1,741 מיטגלידער (דרוקער און איינבינדער). פון זיי זיי־נען 1,389 געווען באַשעפטיקטע און 352 אַרבעטלאָזע. די גרויסע אַרבעט־לאָזיקייט איז בעיקר געווען אַ רעזולטאַט פון באָיקאָט — יידישע דרו־קערייען האָבן על פּי כלל נישט באַקומען קיין באַשטעלונגען פון די מלוכהשע אינסטיטוציעס און פון די מוניציפּאַליטעטן. אויב אַ קליינע צאָל יידישע דרוקערייען האָבן יאָ געטאָן אַרבעט פאַר זיי, איז עס געווען געהיים. עטלעכע אָפּטיילונגען האָט די רעגירונג־מאַכט געשלאָסן. בערך 75 פּראָצענט פון די יידישע דרוקער און איינבינדער זיינען געווען אָרגאַ־ניזירט אין פאַראיין.

פון סעפּטעמבער 1926 האָט דער פאַראיין אַרויסגעגעבן אַן אָרגאַן — דער דרוקער אַרבעטער, וואָס איז טעכניש געווען קינסטלעריש צונויפ־געשטעלט. דער פאָרזיצער פון צענטראַלן פאַראיין, ווי פון דער וואַרשע־ווער אָפּטיילונג (מיט 1,035 מיטגלידער) איז געווען דער זעצער לוזער קלאָג. די סעקרעטאַרן זיינען אין פאַרשיידענע צייטן געווען: אברהם שמויש, זלמן ליכטענשטיין, בינם וואַרשאַווסקי און רפאל פעדערמאַן. פון די אַנדערע פאַראיין־טוער ווען מיר דאָ דערמאָנען די מאַרטירער — משה שקלאַר, וועמען די דייטשע נאַציס האָבן געפּייניקט און דערשאָסן

אויף דער גאַס אין וואַרשע, פרילינג 1942, נאָכן אַרעסטירן אים אין שייכות מיט דרוקן אונטערערדישע פרעסע, און יאָסל לערוך, וועמען די דייטשע נאַציס האָבן צוזאַמען מיט זיין זון אין דער נאַכט פון 17טן אַפּריל 1942 אַרויסגענומען פון שטוב און גלייך דערשאָסן פאַרן הויז, אויך אין וואַרשע [26]).

***

די יידישע אַרבעטער פון דער דערנערונג־אינדוסטריע זיינען געווען אָרגאַניזירט אין פאַראיינען פון בעקער, פלייִשער (שעכטהויז־אַרבעטער און קצבים) און אָפּטיילונגען, וואָס האָבן אַרומגענומען אַלע אַנדערע דערנערונג־פאַכן. אין יאָר 1923 האָבן זיי זיך פאַראייניקט מיט דעם צענטראַלן פּוילישן פאַראיין און באַקומען די רעכט צו עקזיסטירן, ווי יידישע אויטאָנאָמע פיליעס.

אין יאָר 1923 איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג פון די פּוילישע און יידישע טעקסטיל־אַרבעטער. אַ פאַראייניקונג איז אין זעלבן יאָר אויך דורכגעפירט געוואָרן פון די פּוילישע און יידישע האָלץ־אַרבעטער־פאַראיינען. אין ביידע פאַלן איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די יידישע פאַראיינען ווערן איינגעהאַלטן ווי אויטאָנאָמע פיליעס.

***

אין יאָר 1926 האָט דער לאַנד־ראַט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די יידישע טראַנספּאָרט־אַרבעטער און ס'איז געלונגען אויפצובויען אַ שטאַרקן פאַראיין. אין 1928 איז געשאַפן געוואָרן אַ פאַראייניקטער טראַנספּאָרט־פאַראיין פון פּוילישע און יידישע אַרבעטער. אין געמיינזאַמען פאַראיין האָבן די יידן געבילדעט אַ ספּעציעלע סעקציע פון טרעגער, פורמאַנעס און דראָזשקאַזשעס. די פּאָליאַקן זיינען געווען קאָנצענטרירט אין די סעקציעס פון אויטאָמאָבילן און שיף־פאַרקער (די באַן־אַרבעטער האָבן געהאַט אַ באַזונדערן פאַראיין).

אין צענטראַלן טראַנספּאָרט־פאַראיין זיינען אין יאָר 1939 בכלל געווען אָרגאַניזירט 5,641 יידישע אַרבעטער, פון זיי זיינען 5,041 געווען אין 32 אָרטיקע יידישע אָפּטיילונגען און 600, בעיקר שאָפערן, זיינען געווען אין נאַציאָנאַל־געמישטע אָפּטיילונגען.

אויפן פינפטן צוזאַמענפאָר פון טראַנספּאָרט־פאַראיין, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע סוף אָקטאָבער 1938, זיינען פון די 157 דעלעגאַטן געווען 58 יידן. די גרויסע מערהייט איז באַשטאַנען פון פעפעסאָווצעס. פון די יידן האָבן 37 געהערט צום בונד, 10 צו די רעכטע און 8 צו די לינקע פועלי־ציון, 3 זיינען געווען אומפּאַרטייאישע.

הגם די טראַנספּאָרט־אַרבעטער זיינען באַשטאַנען פון פיזיש־שטאַרקע און רויע עלעמענטן, האָט דאָך אין דעם געמיינזאַמען פאַראיין געהערשט

אַ גוטע באַציאונג צווישןביידע נאַציאָנאַליטעטן. פאַר די יידישע מיט־גלידער האָט די צענטראַלע פאַרוואַלטונג אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן אָרגאַן אין יידיש — דער טראַנספּאָרט־אַרבעטער. די יידישע טראַנס־פּאָרט־אַרבעטער האָבן אויך געליטן פון די ספּעציעלע אַנטיסעמיטישע באָיקאָט־אַקציעס און דער צענטראַלער פאַראיין האָט זיך אַקטיוו באַ־טייליקט — דורך אינטערווענצן און פאַרזאַמלונגען — קעגן אַנטיסעמיטיזם. בעת איינער אַזאַ אַרויסטרעטונג איז אַפילו געפאַלן אַ קרבן דער פּוילי־שער אַרבעטער קוביצקי, וועמען אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס האָבן דער־הרגעט אין דער שטאָט סקערניעוויץ.

דער הויפּט־טוער ביי די יידישע טראַנספּאָרט־אַרבעטער איז געווען דער סעקרעטאַר יוסף ליפּשיץ (געשטאָרבן אָדער דערשאָסן געוואָרן אין אַ סאָוועטישער תּפיסה בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה). דער פאָרזיצער פון דער גרעסטער אָפּטיילונג (אין וואַרשע) איז געווען דער טרעגער לייבל אָבערבערג (אַ פּרנס פון דער וואַרשעווער יידישער קהילה) [27].

***

אין 1926 איז געשאַפן געוואָרן דער סאָציאַליסטישער האַנטווערקער־פאַראיין. אין פּוילן האָבן עקזיסטירט עטלעכע פאַראיינען פון יידישע האַנט־ווערקער, וואָס זיינען געווען אונטער דער השפּעה פון די ציוניסטן און פאָלקיסטן. זיי האָבן אַרומגענומען אי רייכע האַנטווערקער, וואָס האָבן באַשעפטיקט אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער, אי אָרימע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן באַשעפטיקט איינעם אָדער עטלעכע לוין־אַרבעטער אָדער קיינעם נישט. די אָרימע בעלי־מלאכות, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען גע־וועזענע לוין־אַרבעטער און אָנהענגער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, האָבן זיך געפילט נישט באַקוועם אין די עקזיסטירנדיקע האַנטווערקער־פאַראיינען און זיינען געווען קעגן די אַלגעמיינע פּאָליטישע און אַנטי־פּראָלעטאַרישע איינשטעלונגען פון די אָרגאַניזאַציעס. אויפן באָדן פון דער אומצופרידנקייט איז געבוירן געוואָרן די אידייע פון שאַפן אַ באַזונ־דערע אָרגאַניזאַציע און ס׳איז אַנטשטאַנען דער סאָציאַליסטישער האַנט־ווערקער־פאַראיין, וואָס האָט אַרומגענומען קליינע בעלי־מלאכות און כאַ־לופּניקעס (היים־אַרבעטער). פון 1935 איז דער סאָציאַליסטישער האַנטווער־קער־פאַראיין געווען פאַרבונדן מיט דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעטער־באַ־וועגונג.

סוף 1928 האָט דער סאָציאַליסטישער האַנטווערקער־פאַראיין, בראש פון וועלכן ס׳זיינען געשטאַנען בונדיסטן, שוין געהאַט אָפּטיילונגען מיט 12 טויזנט מיטגלידער אין 86 שטעט — אַ העלפט פון זיי אין די 4 גרויסע שטעט: וואַרשע, לאָדזש, לובלין, גראָדנע. אין די ווייטערדיקע יאָרן האָט דער פאַראיין זיך אויסגעברייטערט אין נאָך אַ צאָל ערטער. איינער פון די פּרינציפּן, ביי וועלכע דער פאַראיין האָט זיך געהאַלטן, איז געווען נישט צו קעמפן קעגן די אַרבעטער, נאָר פאַרשטענדיקן זיך מיט זיי, ווען

ניטיק שאַפן מיט זיי אַן איינהייטלעכן פראָנט קעגן די גרעסערע אַרבעט־געבער.

צווישן דעם סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין און די אַנדערע האַנטווערקער־פאַראיינען איז נישט געווען קיין שלום־בית. די לעצטע האָבן אים שטאַרק באַקעמפט. לסוף איז זיי געקומען צו הילף די פוילישע רע־גירונג. אין אַ צאָל שטעט האָט זי נישט דערלויבט צו עפענען אָפּטיילונגען און ערב דעם דריטן צוזאַמענפאָר, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין דע־צעמבער 1938, האָט זי דעם פאַראיין פאַנאַנדערגעלאָזט און באַשטימט אים צו ליקווידירן. צווישן די אָפּיציעלע מאָטיוון פאַרוואָס מ'האָט דעם פאַר־איין פאַרבאָטן איז געווען דער באַשלוס פון יאָר 1935 צו ווערן אַ טייל פון דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעטער־באַוועגונג און דער פאַקט, וואָס דער פאַראיין איז געוואָרן אַ באַשטאַנד־טייל פון לאַנד־ראַט און פון דער צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין פוילן [28].

אין יאָר 1937 איז געשאַפן געוואָרן אַ רעפּרעזענטאַנץ פון יידישע לע־רער־פאַראיינען. זי האָט אַרומגענומען לערער־אָרגאַניזאַציעס פון אַלע מי־נים שולן — פּריוואַטע, געזעלשאַפטלעכע און מלוכהשע — וואו ס'האָבן זיך געלערנט יידישע קינדער און יוגנט און וואו ס'זיינען געווען באַשעפ־טיקט יידישע לערער. די רעפּרעזענטאַנץ האָט אָנהייב 1939 פאַרטרעטן 2,842 מיטגלידער אין 56 אָפּטיילונגען. די יידישע לערער פון די מלוכהשע אַלגעמיינע („פּאָווּשעכנע") שולן פאַר יידישע קינדער זיינען געווען אָרגאַ־ניזירט אין אַ באַזונדערן פאַראיין און די יידישע לערער פון די אַלע אַנ־דערע מינים יידישע שולן האָבן געהערט צו אַ צווייטן פאַראיין [29].

אין לאַנד־ראַט זיינען געווען אַנגעשלאָסן נאָך עטלעכע קלענערע פאַר־איינען. אין אים איז געווען פאַראייניקט כמעט די גאַנצע פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט אין פוילן.

***

פון וויכטיקער פּרינציפּיעלער און פּראַקטישער באַדייטונג איז געווען די פראַגע פון די אָרגאַניזאַציאָנעלע באַציאונגען און פאַרבינדונגען צווישן די יידישע און פוילישע פאַראיינען. ווי אַזוי זאָל זיין דער סטאַטוס פון די יידישע מינדערהייטן אין אַן אַלגעמיינעם צענטראַלן פאַראיין פון אַ באַ־שטימטער אינדוסטריע?

שוועריקייטן מצד דער אָנפירונג פון די פוילישע אַרבעטער־פאַראיינען זיינען דאָ נישט געווען. די צרות זיינען געקומען פון אַן אַנדערער זייט — מצד די קאָמוניסטן. די בונדיסטן האָבן געהאַלטן, אַז די פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער דאַרפן אָנערקענט ווערן ווי אויטאָנאָמע פיליעס פון אַלגעמיינעם פאַראיין. דאָס איז געווען נייטיק אי צוליב די אונטער־שיידן אין שפּראַך און קולטור, און צוליב די אַנדערשקייטן אין די אַר־בעטס־באַדינגונגען. אָפט האָבן יידישע אַרבעטער פון דער זעלבער אינדוסטריע געאַרבעט ביי אַנדערע פאַכן אָדער געהאַט צו טון מיט אַנ־

דערע פּראָבלעמען. ביי אַ פולשטענדיקער צונויפגיסונג וואָלטן די אינ־טערעסן פון די יידישע אַרבעטער געליטן.

די קאָמוניסטן, וואָס זיינען שטענדיק געווען מוכן ומזומן צו שפּאַלטן די פאַראיינען צוליב זייערע ענגע פּאַרטייאישע אינטערעסן, האָבן אונ־טערן אויסרייד פון כלומרשטן אינטערנאַציאָנאַליזם געשריגן — „איניקייט" און זיך קעגנגעשטעלט דעם פּרינציפּ פון אויטאָנאָמע יידישע פיליעס. כאָטש אין טייל אָפּטיילונגען, וואו זיי האָבן געהאַט די דעה, האָבן זיי אַליין, צוליב די רעאַלע באַדינגונגען, געמוזט איינהאַלטן יידישע פיליעס, האָט עס זיי פונדעסטוועגן נישט געשטערט צו אַגיטירן קעגן פּרינציפּ פון יידישע פיליעס, ווי עס איז געוואָרן פעסטגעשטעלט אין פאַראייניקונג־אָפּמאַך צווישן די פוילישע און יידישע פאַראיינען.

אין יאָר 1923 איז דער ענין איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַנטשידן גע־וואָרן. אויפן פאַרלאַנג פון לאַנד־ראַט פון די יידישע אַרבעטער־פאַראיינען האָט די אַלגעמיינע צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין פוילן אַנערקענט די רעכט פון די יידישע אַרבעטער צו האָבן אויטאָנאָמע פיליעס נישט בלויז, ווען דאָס פאַרלאַנגט די מערהייט יידישע אַרבעטער פון אַ באַשטימטן פאַך, נאָר אפילו ווען דאָס פאַר־לאַנגט אַ מינדערהייט. דאָס מוז זיין אָבליגאַטאָריש פאַר אַלע פאַראיינען אָן אויסנאַם, אַפילו ווען באַזונדערע פאַראייגען אָדער אַ מערהייט יידישע אַרבעטער פון דעם פאַך זיינען קעגן דעם. ס'איז אַ יסודותדיקע רעכט, וואָס מ'קען מיט אַ מערהייט שטימען נישט אָפּשאַפן, אויב אַ טייל יידי־שע אַרבעטער ווילן האָבן אויטאָנאָמע פיליעס. דער דאָזיקער באַשלוס, וואָס איז פאַקטיש דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן, איז געווען צוגעפּאַסט צו די לעבנס־רעאַליטעטן אין פוילן, דעריבער האָט די קאָמוניסטיש־דעמאַגאָגישע קעגן־אַגיטאַציע סוף־כל־סוף געפּלאַצט, ווי אַ זייפן־בלאָז[89].

***

אַ צאָל צענטראַלע פאַראיינען האָבן אַרויסגעגעבן — טייל רעגולער, אַ טייל נישט־רעגולער — אייגענע אָרגאַנען. זיי זיינען געווען:

דער דרוקער אַרבעטער דערשינען אין די יאָרן 1926 — 1939.

דער אָנגעשטעלטער, 1928 — 1939. 1918 — 1919 האָט דער פאַר־איין פון האַנדל־אָנגעשטעלטע אין לאָדזש אַרויסגעגעבן אַ צוויי־וואָכן זשורנאַל.

דער טראַנספּאָרט־אַרבעטער, 1936 — 1939.

דער סאָציאַליסטישער האַנטווערקער, פון 1929 (נישט רעגולער).

דער בעקער, 1919.

אַלע זיינען דערשינען אין וואַרשע. די פאַראיינען פון די באַקלייד־אַרבעטער און פון די לעדער־אַרבעטער האָבן פון צייט־צו־צייט אַרויס־געגעבן אָרגאַנען אין יידיש און פויליש. איינמאַליקע אויסגאַבעס זיינען דערשינען אויך פון אַנדערע פאַראיינען.

## 4. פֿאַראייניקונג מיט די פּוילישע פֿאַראיינען

אין יאָר 1919 האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פֿון פֿאַראייניקן די פּראָפֿעסיאָנעלע באַוועגונג אין פּוילן, וואָס איז געווען צעשפּליטערט פּאַרטייאיש און נאַציאָנאַל. נאָך געוויסע אָפּשלעפּענישן האָבן זיך פֿאַראייניקט אַלע פּראָפֿעסיאָנעלע קלאַסן־פֿאַראיינען. מחוץ דער פֿאַראייניקונג זיינען געבליבן יענע פֿאַראיינען, וואָס זיינען געגאַנגען אונטער דער פֿאָן פֿון נאַציאָנאַליזם און קלעריקאַליזם — די אָנהענגער פֿון דער פּוילישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פּאַרטיי און פֿון די קריסטלעכע דעמאָקראַטן און ענלעכע ריכטונגען.

אין די ערשטע פּאָר יאָר פֿון אומאָפּהענגיקן פּוילן איז די פֿאַראייניקונג פֿאָרגעקומען אויף צוויי ליניעס: קודם־כל האָבן זיך פֿאַראייניקט באַזונדער צווישן זיך די פּוילישע פֿאַראיינען און אַזוי אויך די יידישע פֿאַראיינען. ערשט נאָך דעם איז פֿאָרגעקומען די פֿאַראייניקונג צווישןביידע צענטראַלעס — דער פּוילישער און יידישער. אין אַ לאַנד, וואָס איז געווען פּאַרטייאיש און נאַציאָנאַל לײדנשאַפֿטלעך צעריסן און אַנטאַגאָניזירט, איז די פּראָפֿ. באַוועגונג פֿון דער קלאַסן־באַוואוסטזיניקער אַרבעטערשאַפֿט געווען אַן אָאַזע פֿון בשותּפֿותדיקע אָנשטרענגונגען און שטרעבונגען, הגם אויך דאָ איז קיין אידעאַלער שלום־בית נישט געווען.

די געבורט־ווייען פֿון דער פּויליש־יידישער פֿאַראייניקונג האָבן אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר, בעת די ריין־פּוילישע האָבן געדויערט פֿיל קורצער, כאָטש פּאָליטיש איז דער תּהום צווישן ביידע פֿליגלען פֿון דער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג געווען באַדייטנדיק טיפֿער, ווי צווישן זיי און דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. פּאָליטיש האָבן די יידישע פֿאַראיינען פֿאַרנומען אַ מיטל־פּאָזיציע צווישן ביידע עקסטרעמען — פּ. פּ. ס. און קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וואָס האָבן געהאַט די השפּעה אין די קלאַסן־פֿאַראיינען פֿון די פּוילישע אַרבעטער. דער נאַציאָנאַלער מאָמענט איז געווען אַ גרעסערע שטערונג פֿאַר דער פֿאַראייניקונג, ווי דער פּאָליטישער. די באַמיאונגען וועגן פֿאַרבינדן די יידישע און פּוילישע פֿאַראיינען האָבן זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1919 און דערגרייכט איז עס געוואָרן ערשט מיט צוויי און אַ האַלב יאָר שפּעטער, סוף נאָוועמבער 1921. די איניציאַטיוו איז געקומען פֿון דער יידישער זייט און די מניעה — פֿון דער פּוילישער. נישט געקוקט אויף די חלוקי־דעות און שאַרפֿן אַנטאַגאָניזם צווישן די פּעפּעסאָווצעס און קאָמוניסטן, האָבן זיי שוין אין

חודש יוני 1919 געשאַפן אַ געמיינזאַמע צענטראַלע קערפערשאַפט פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

פאַרוואָס האָבן די קאָמוניסטן זיך צוגעאיילט צו פאַראייניקן זיך מיט די פעפעסישע פאַראיינען, פון וועלכע זיי זיינען געווען פאָליטיש פיל ווייטער און טיפער אָפגעטיילט און נישט געהאַט קיין חשק צו פאַרבינדן זיך מיט די פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער? וויקטאָר אַלטער האָט וועגן דעם געשריבן: „ס'איז קיין סוד נישט, אַז די יידן־פראַגע איז אַ שוואַכער פונקט ביי די קאָמוניסטן. מיר זיינען זיי נישט חושד אין אַנטיסעמיטיזם, אָבער מיר מוזן אָנערקענען, אַז זיי פילן דעם אַנטיסעמיטיזם צווישן די פוילישע מאַסן און האָבן שטאַרק מורא פאַר אים. מיט דעם דערקלערט זיך פיל אומפאַרשטענדלעכע טריט אין זייער טעטיקייט" [13]).

אין דעם פאַל, ווי אין פיל אַנדערע פאַלן שפעטער, האָט די קאָמוניסטישע פאַרטיי געשפילט די אומאויפריכטיקע ראָל פון פאַראַדירן מיט איר פרינציפיעלער אויסגעהאַלטנקייט, כאָטש זי איז געגאַנגען אויף די ווייט־גייענדיקסטע פשרות, ווען ס'האָט זיך איר פראַקטיש געלוינט.

***

אין די טעג פון 14טן — 16טן מאַי 1920 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען דער ערשטער קאָנגרעס פון די פוילישע פראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין לאַנד. די 171 דעלעגאַטן האָבן רעפרעזענטירט 255 טויזנט אָרגאַניזירטע אַרבעטער.

אין נאָמען פון די יידישע פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָט דעם צוזאַמענפאָר באַגריסט ה' ערליך. אַחוץ וועגן די אַלגעמיינע ענינים האָט ער אויך גערעדט וועגן דער נייטיקייט, אַז די אַרבעטער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן אין דער פוילישער מלוכה זאָלן זיין פאַראייניקט. „אונזערע פאַראיינען, האָט געזאָגט ערליך, זיינען דורכגעדרונגען מיט רעוואָלוציאָנערן גייסט און שטרעבן מיט זייער גאַנצן ווילן צו זיין פאַראייניקט אין איין פראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע אַרבעטער אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט".

וועגן די צילן, טאַקטיק און די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן רעפערירט דער פאָרזיצער פון דער צענטראַל־קאָמיסיע זיגמונט זשולאַווסקי און דער סעקרעטאַר אַנטאָני זדאַנאָווסקי (אין די ווייטערדיקע יאָרן איז דער פאָרזיצער געווען יאַן קוואַפינסקי און סעקרעטאַר זיגמונט זשולאַווסקי, זדאַנאָווסקי איז געווען זיין געהילף). ביים באַהאַנדלען די דערמאָנטע פונקטן האָט ה. ערליך רעפערירט און באַגרינדעט דעם פאַראייניקונג־פראָיעקט, וואָס עס האָבן פאָרגעלייגט די פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער. זייער שטאַנדפונקט איז, האָט ער געזאָגט, „צענטראַליזירטע אינדוסטריע־פאַראיינען אָן אונטערשייד פון נאַציע און פאַרטיי־אָנגעהעריקייט", וועלכע דאַרפן אָבער

„באַפרידיקן די באַזונדערע שפּראַך־און קולטור־באַדערפעניש פון די אַרבעטער פון די אַנדערע נאַציעס"... „אַ לאַנגע צייט האָט מען אונז קיין ענטפער נישט געגעבן. ווען מ'איז זיך ענדלעך צוזאַמענגעקומען מיט אונז, האָט מען דערקלערט, אַז אַ פולשטענדיקע צוזאַמענגיסונג איז אין איצטיקן מאָמענט נישט מעגלעך צוליב דער אַנטיסעמיטישער שטימונג, וואָס הערשט צווישן אַ טייל פוילישע אַרבעטער. אונזער פּראָיעקט איז דעריבער אַ קאָמפּראָמיס". ער האָט לסוף פאַרגעשלאָגן, אַז דער צוזאַמענפאָר זאָל איבערגעבן דער צענטראַל־קאָמיסיע, אַז זי זאָל ווי צום גיכסטן „רעאַליזירן די פאַראייניקונג אויפן יסוד, אַז ס'זאָלן באמת קאָנען באַפרידיקט ווערן די באַזונדערע שפּראַך־און קולטור־באַדערפעניש פון די יידישע אַרבעטער".

דער צוזאַמענפאָר האָט איבערגעגעבן דער צענטראַל־קאָמיסיע, אַז זי זאָל זיך באַמיען צו פאַראייניקן אין די ראַמען פון איין אָרגאַניזאַציע אַלע פאַרשיידענע גרופּעס פון די נאַציאָנאַלע קלאַסן־פאַראיינען. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען דאַרפן אַרומנעמען אַלע אַרבעטער אָן אונטערשייד פון נאַציע און פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט. דערביי זאָלן גענומען ווערן אין אַכט די קולטור־און אַגיטאַציע־באַדערפעניש פון יעדער נאַציאָנאַלער גרופּע.

אויפן קאָנגרעס זיינען פאָרגעקומען שאַרפע צוזאַמענשטויסן צווישן דער פּעפּעסישער מערהייט און קאָמוניסטישער מינדערהייט. אין דער פראַגע פון פאַראייניקונג האָבן די פאָרשטייער פון דער קאָמוניסטישער פראַקציע זיך אַרויסגעזאָגט קעגן באַוואָרענען די נאַציאָנאַלע רעכט פון די יידישע אַרבעטער. דער רעפערענט פון דער קאָמוניסטישער פראַקציע האָט געזאָגט, אַז מ'טאָר בכלל נישט ריידן וועגן נאַציאָנאַלע ענינים אין אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. אַזוי ווי אַ ראָק גראָבט אונטער דעם אָרגאַניזם, אַזוי פאַרפּעסטעט און פאַרניכטעט דאָס וואָרט „נאַציאָנאַל" די אַרבעטער־באַוועגונג — נישטאָ קיין נאַציאָנאַלעס אין אַרבעטער־קאַמף, ער איז דעריבער אַנטשידן קעגן דעם פּונקט פון דער רעזאָלוציע, וואָס זאָגט זיך אַרויס פאַר „אַלגעמיינע, צענטראַליזירטע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אָן אונטערשייד פון נאַציע און פּאָליטישע אָנשויאונגען"[32].

מיט אַ כלומרשט רעוואָלוציאָנערער פראַזעאָלאָגיע האָבן די קאָמוניסטן געוואָלט פאַרדעקן זייער ניהיליסטישע באַציאונג צו די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען און פאַרשרייען די נאַציאָנאַל־קולטורעלע פאָדערונגען פון די יידישע אַרבעטער.



אויפן צווייטן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין די טעג פון 25טן — 28טן מאַי 1922 אין קראָקע, זיינען די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען שוין געווען פאַרטרעטן, ווי אַ טייל פון דער אַלגעמיינער פאַראייניקטער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע. די 227 דעלעגאַטן האָבן

רעפּרעזענטירט קרוב אַ האַלבן מיליאָן מיטגלידער, צווישן זיי בערך 50 טויזנט יידישע, וואָס זיינען געווען רעפּרעזענטירט דורך 29 דעלעגאַטן. די גרויסע מערהייט — 160 דעלעגאַטן איז באַשטאַנען פון מיטגלידער און אָנהענגער פון פּ. פּ. ס., 39 זיינען געווען קאָמוניסטן, 25 בונדיסטן און 3 פּועלי־ציוניסטן (אין דער קאָמוניסטישער פראַקציע זיינען געווען דריי יידן). אין פּרעזידיום פון צוזאַמענפאָר זיינען די יידישע דעלעגאַטן געווען רעפּרעזענטירט דורך דוד מייער.

אין דער דעבאַטע איבערן באַריכט האָט וויקטאָר אַלטער קריטיקירט די אַלגעמיינע פּאָליטיק פון דער אָנפירונג (צענטראַל־קאָמיסיע). וועגן דער פּאַראַייניקונג האָט ער געזאָגט: „די צענטראַל־קאָמיסיע האָט גע־דאַרפט בויען צענטראַליזירטע פּאַראַיינען פון אַלע אַרבעטער, אָן אונ־טערשייד פון נאַציאָנאַליטעט אָדער פּאַטריאָטישער איבערצייגונג. זי האָט געפּרואווט לייזן דעם ערשטן טייל פון דער דאָזיקער אויפגאַבע דורך דעם אָפּמאַך מיט די יידישע פּאַראַיינען. די איבערוועגנדיקע מערהייט פון די יידישע אַרבעטער האָט אָנערקענט דעם אָפּמאַך אַלס אַ וויכטיקן שריט פאָרויס, אָבער גלייכצייטיק שטעלן זיך פאַר די יידישע אַרבעטער די ענדגילטיקע פּאַראַייניקונג אין דער פאָרם פון איינהייטלעכע פּאַראַיי־נען, מיט אויטאָנאָמע, פריי־געוויילטע קולטור־קאָמיטעטן פאַר די יידישע אַרבעטער". אין די דעבאַטן האָט מצד די בונדישע דעלעגאַטן אויך זיך באַטייליקט שמואל מילמאַן פון לאָדזש.

ביי די הערשנדיקע אַנטיסעמיטישע שטימונגען אין לאַנד, האָבן די פּוילישע פירער געהאַט מורא, אַז אויפן קאָנגרעס קען אפשר קומען צום אויסדרוק אַ קעגנערשאַפט צו דער פּאַראַייניקונג מיט יידישע אַר־בעטער אָדער עטלעכע פּוילישע דעלעגאַטן זאָלן מיט נישט־פּאַסיקע ווערטער ריידן וועגן דעם ענין. זיי האָבן זיך דעריבער באַמיט פאַרצו־שטעלן דעם פּאַראַייניקונג־אָפּמאַך מיט די פּאַראַיינען פון די יידישע אַר־בעטער אין בעסטן ליכט. מיט אַ גרויסער מערהייט האָט דער קאָנגרעס דעם פּאַראַייניקונג־אָפּמאַך ראַטיפיצירט. געשטימט קעגן האָבן — די קאָ־מוניסטישע דעלעגאַטן.

אָפּשאַצנדיק דעם אַקט פון דער פּאַראַייניקונג, האָט דער צענטראַל־אָרגאַן פון בונד געשריבן: „מיר האָבן קיינמאָל נישט געמאַכט קיין סוד פון דעם, אַז דער אָפּמאַך שטעלט אונז נישט צופרידן אין אַלע פּרטים, אַז מיר האַלטן אים נישט פאַר קיין אידעאַל פון אַ פּאַראַייניקונג־אָפּמאַך. אָבער יעדער באַוואוסטזיניקער און פאַראַנטוואָרטלעכער יידישער אַרבע־טער וועט צוזאַמען מיט אונז, צוזאַמען מיט דער איבערוועגנדיקער מער־הייט פון דער לעצטער לאַנד־קאָנפערענץ פון די יידישע פּאַראַיינען און מיט דער דערדריקנדיקער מערהייט פון דער דעלעגאַציע פון לאַנד־ראַט צום קאָנגרעס, מוזן אָנערקענען, אַז דער אָפּמאַך שטעלט מיט זיך פאַר דעם מאַקסימום פון דעם, וואָס ס'איז ביי די איצטיקע באַדינגונגען געווען

מעגלעך צו דערגרייכן און אז ער קאן דינען אלס אויסגאנגפונקט פאר אן ענגערער פאראייניקונג פון דער פראפעסיאנעלער באוועגונג ביי אונז אין לאנד". לסוף ווערט קריטיקירט די קאמוניסטישע פראקציע, וואס האט געשטימט קעגן אפמאך.

צווישן די רעפעראטן, וואס זיינען געהאלטן געווארן אויפן קאנגרעס וועגן די אקטועלע פאליטישע און עקאנאמישע פראבלעמען, איז אויך געווען א רעפעראט פון ה. ערליך וועגן שאפן אן איינהייטלעכן ארבעטער־פראנט פון אלע ריכטונגען אין דער ארבעטער־באוועגונג. ער האט באגרינדעט דעם בונדישן שטאנדפונקט וועגן דער נייטיקייט פון אן איינהייטלעכן פראנט. די פ. פ. ס. איז נישט געווען גרייט צו דעם און די קאמוניסטן מיט זייער ווילדער טאקטיק און שפראך האבן נאך שווערער געמאכט צו רעאליזירן אט די אויפגאבע.

אין דער ניי־געוויילטער העכסטער אנפירונג — אין דער צענטראל־קאמיסיע זיינען אריין 16 פעפעסאווצעס, 2 בונדיסטן, 2 קאמוניסטן און איין אומפארטייאישער. די צוויי בונדיסטן זיינען געווען וויקטאר אלטער און מרדכי פייגמאן [33]).

מ'האט נאך געדארפט פעסטשטעלן ווי אזוי ס'זאל זיין די איינ־גלידערונג פון די יידישע פאראיינען און די צוזאמענארבעט מיט זיי. דעם 24טן נאוועמבער 1922 האט די צענטראל־קאמיסיע אנגענומען א רע־גולאמין מיט א ריי כללים, ווי אזוי די פאראייניקונג זאל רעאליזירט ווערן:

אין די ראמען פון דער פאראייניקטער באוועגונג ווערט געשאפן א צענטראלער יידישער קולטור־אמט פון 13 פערזאן, וואס ווערן אויסגע־וויילט אויף א לאנד־קאנפערענץ פון די ארטיקע יידישע קולטור־אמטן און באשטעטיקט דורך דער צענטראל־קאמיסיע. דער ציל פון צענט־ראלן יידישן קולטור־אמט איז צו באפרידיקן אלע קולטורעלע באדערפע־נישן פון די ארגאניזירטע יידישע ארבעטער און צו פירן צווישן זיי אן ארגאניזיר־און אגיטאציע־ארבעט (אין דער פראקטיק האט דער צענט־ראלער יידישער קולטור־אמט געפירט א פיל ברייטערע טעטיקייט — א פאליטישע, פראפעסיאנעלע און קולטורעלע — ווי ס'איז געווען פאר אים אנגעצייכנט אין רעגולאמין). די הוצאות פונם צענטראלן יידישן קול־טור־אמט דעקט די צענטראל־קאמיסיע, אחוץ דעם קען ער אויך פאר גע־וויסע הוצאות באשטימען א באזונדערן אפצאל פון יידישע ארבעטער. די ארטיקע יידישע קולטור־אמטן ווערן אויסגעוויילט פון די ארגאניזירטע יידישע ארבעטער אויף די ערטער און פירן זייער טעטיקייט אונטער דער אנפירונג פון צענטראלן יידישן קולטור־אמט [34]).

**
*

אין די טעג פון 11טן — 14טן יוני 1925 איז אין זאל פון וואר־

שעווער שטאָט־ראַט פאַרגעקומען דער דריטער קאָנגרעס פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין פּוילן. אויך דאָס מאָל האָט די פּעפּעסישע ריכטונג געהאַט אַן אַבסאָלוטע מערהייט. פון די 173 דעלעגאַטן זיינען 139 געווען פּעפּעסאָווצעס; 19 בונדיסטן, 11 קאָמוניסטן, 3 פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און 1 פּועלי־ציוניסט. די יידישע אַרבעטער־דעלעגאַטן זיינען אין פּרעזידיום געווען פאַרטרעטן דורך גרשון זיבערט. צווישן די באַגריסער איז אויך געווען ה. ערליך — אין נאָמען פון בונד. נאָכן אַרומריידן די פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע ענינים, האָט ערליך אין זיין רעדע געזאָגט: אַ באַזונדערע סיבה צו באַגריסן דעם קאָנגרעס האָבן די יידישע אַרבעטער. אין זייער איזאָלירונג איז דאָס דער איינציקער טרעף־פּונקט מיטן פּוילישן אַרבעטער. פּוילן איז אַ מין קליינער אינטערנאַציאָנאַל. דאָ האָט איר פּוילישע, יידישע, דייטשע, אוקראַינישע, ווייסרוסישע אַרבעטער. וואָלטן מיר געהאַט אַזאַ אָרגאַניזירטן קליינעם אינטערנאַציאָנאַל, וואָלטן מיר פיל לייכטער געקענט אָפּשטויסן די אָנגריפן פון דער רעאַקציע.

ביים באַהאַנדלען די פאַרשיידענע פּונקטן פון טאָג־אָרדענונג האָבן די דעלעגאַטן וויקטאָר אַלטער, הענריק ערליך, שמואל מרדכי (אַרטור) זיגעלבוים און גרשון זיבערט פיל מאָל גערעדט און פאַרטיידיקט דעם בונדישן שטאַנדפּונקט. אין געוויסע פראַגן האָבן זיי זאַכלעך קריטיקירט די האַנדלונגען אָדער אומטעטיקייט פון דער צענטראַלער אָנפירונג אָדער אַנטקעגנגעשטעלט אייגענע פאָרשלאַגן צו די, וואָס עס האָבן פאָרגעשלאָגן די צענטראַל־קאָמיסיע און אירע וואָרט־זאָגער. דאָס האָט געהאַט אַ שייכות נישט בלויז צו דער אַלגעמיינער פּאָליטיק און טאַקטיק, נאָר אויך צו ענינים, וואָס האָבן געהאַט ספּעציעל אַ שייכות צו די יידישע אַרבעטער.

בעת די דעבאַטן וועגן דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע און אַרום דעם פּונקט וועגן אָרגאַניזאַציע און טאַקטיק האָט ערליך אויך גערעדט וועגן רעכט אויף אַרבעט פאַר יידישע אַרבעטער. ער האָט עס אילוסטרירט מיט פאַקטן פון נישט צונעמען יידישע אַרבעטער און אַפילו אַרויסשטויסן זיי פון אַרבעטס־פּלעצער, וואו זיי זיינען פריער יאָ געווען באַשעפטיקט. נישט בלויז פּוילישע פאַבריקאַנטן, די מלוכהשע און קאָמונאַלע אינסטיטוציעס טוען עס, נאָר אויך יידישע פאַבריקאַנטן, וועלכע זאָגן אָפּ יידישע אַרבעטער און נעמען צו אויף זייער אָרט כאַדעקעס (קריסטלעכע דעמאָקראַטן), וועלכע נעמען קלענערע לוינען און לאָזן זיך לייכטער עקספּלואַטירן. אַלטער און ערליך האָבן אויך פאַרטיידיקט די פּרואוון פון פאַראייניקן די ביידע פּראָפעסיאָנעלע אינטערנאַציאָנאַלן און די מעגלעכע צוזאַמענאַרבעט מיט די קאָמוניסטן אויפן געביט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, הגם זיי האָבן אַנטשידן קריטיקירט די קאָמוניסטישע צעשטערערישע טאַקטיק. ביים פּונקט אַרבעטער־גרזעצגעבונג האָט זיגעלבוים גערעדט וועגן די עוולות, וואָס ווערן באַגאַנגען לגבי יידישע אַרבעטער און

געפאָדערט אויך זיי אָרונטערנעמען אונטערן שוץ פון די אַרבעטס־געזעצן. זיבערט האָט געקעדט וועגן שוץ און הילף פאַר אַרבעטער־עמיגראַנטן.

די בונדישע דעלעגאַטן האָבן אַרייגעטראָגן אַ צאָל פאָרשלאָגן און רעזאָלוציעס. עטלעכע, וואָס האָבן קריטיקירט די פּאָליטיק פון דער צענטראַל־קאָמיסיע אָדער האָבן אַנטהאַלטן אויספירן, וואָס זיינען נישט געווען אין הסכם מיט דער פּאָליטיק פון פּ. פּ. ס., האָט דער קאָנגרעס נישט אָנגענומען. ער האָט אָבער יאָ אָנגענומען איינשטימיק פיר רע־זאָלוציעס, וואָס די בונדישע דעלעגאַציע האָט אַרייגעטראָגן.

איינע פון די איינשטימיק אָנגענומענע רעזאָלוציעס איז געווען וועגן רעכט אויף אַרבעט. דער אָנגענומענער טעקסט זאָגט: „דער קאָנגרעס פאָדערט די פולשטענדיקע אַדורכפירונג פונם פּרינציפּ, וואָס איז אויסגע־דריקט אין דער פּוילישער קאָנסטיטוציע און וואָס פאַרזיכערט אַלע ביר־גער פון פּוילן אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט און רעליגיע די גלייכ־באַרעכטיקונג אויף אַרבעט. דער קאָנגרעס פּראָטעסטירט קעגן ברעכן דעם דאָזיקן פּרינציפּ הן מצד די פּריוואַטע אונטערנעמער, הן מצד די קאָמונאַלע און מלוכהשע אָרגאַנען. באַזונדערס פּראָטעסטירט דער קאָנ־גרעס קעגן דער באָיקאָט־פּאָליטיק, וואָס ווערט אָנגעווענדט לגבי די יידי־שע אַרבעטער מצד די קאָמונאַלע און מלוכהשע אינסטיטוציעס. דער קאָנ־גרעס פאָדערט אויף די צענטראַל־קאָמיסיע אָנצוהייבן אַן ענערגישע אַקציע איינצופירן אין לעבן די גלייכבאַרעכטיקונג פון אַרבעט פאַר אַלע אַר־בעטער אין לאַנד“.

אַ צווייטע רעזאָלוציע איז געווען וועגן די שולן און שפּראַכן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. די אָנגענומענע רעזאָלוציע זאָגט: „די אַרבעטנדיקע מאַסן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן — אוקראַינער, ווייס־רוסן, יידן, דייטשן און ליטווינער — האָבן רעכט אויסצוהאַלטן אויפן חשבון פון דער מלוכה שולן אין דער מוטער־שפּראַך. גלייכצייטיק פאָ־דערט דער קאָנגרעס, אַז ס׳זאָלן גלייכבאַרעכטיקט ווערן אין דער אַדמי־ניסטראַציע און אין די געריכטן די אוקראַינישע, ווייס־רוסישע, יידישע, דייטשע און ליטווישע שפּראַכן“.

די אַנדערע צוויי רעזאָלוציעס, וואָס די בונדישע דעלעגאַציע האָט אַרייגעטראָגן און דער קאָנגרעס האָט איינשטימיק אָנגענומען, זיינען געווען וועגן שוץ און הילף פאַר אַרבעטער־עמיגראַנטן און פּראָטעסט קעגן די רעפּרעסיעס אויף אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און אַרבעטער־טוער.

אויפן קאָנגרעס איז אויך געווען אַ שאַרפער אינצידענט אויפן אַנטי־יידישן באָדן. בעת דער דעבאַטע איבערן באַריכט האָט איין דעלע־גאַט, דער ווילנער באַן־אַרבעטער פּראַנצישעק סטאַנזשאַווסקי, גערעדט אין אַ באַליידיקנדיקן טאָן וועגן די יידישע אַרבעטער און גענוצט אַרגומענטן פון אַנטיסעמיטישן אַרסענאַל. די יידישע דעלעגאַטן האָבן בכסדר פּראָטעס־טירט און שפּעטער אין זייערע רעדעס געטאַדלט דעם רעדנער און אויך

דעם פאַרזיצער פון דער זיצונג — דעם פירער פון די באַן־אַרבעטער, אַדאַם קורילאָוויטש — פאַר נישט אָפּשטעלן דעם רעדנער. זיי האָבן נאָך דעם אַריינגעטראָגן אַ שריפטלעכן פּראָטעסט, וואָס עס האָבן אויך אונטערגעשריבן אַ טייל פּוילישע דעלעגאַטן. אין זיין שלוס־וואָרט האָט דער באַריכט־אָפּגעבער, דער סעקרעטאַר פון דער צענטראַל־קאָמיסיע, זיגמונט זשולאַווסקי, זיך אויך אָפּגעגרענעצט פון רעדנער און דערקלערט, אַז דער פאַרזיצער האָט נישט ריכטיק געהאַנדלט, וואָס ער האָט נישט רעאַגירט אויף דער רעדע[35]. (אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט סטאַנישאַווסקי געענדערט זיין באַציאונג און פריינטלעך צוזאַמענגעאַרבעט מיט יידישע אַרבעטער־טוער אין ווילנע). פון די יידישע פאַראיינען זיינען אַריין אין דער צענטראַל־קאָמיסיע וויקטאָר אַלטער און שרה שוועבער.

***

אין די טעג פון 30טן מאַי — 2טן יוני 1929 איז אין וואַרשע פאַרגעקומען דער פערטער קאָנגרעס פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען. פון די 185 דעלעגאַטן זיינען 20 געווען בונדיסטן, 2 קאָמוניסטן, עטלעכע פאַרטרעטער פון דייטשע און אוקראַאינישע אַרבעטער. אויך דאָס מאָל איז די גרויסע מערהייט באַשטאַנען פון פּעפּעסאָווצעס, וועלכע האָבן דעצידירט אין אַלע פראַגן. די באַדייטנדיקע פאַרקלענערונג פון דער צאָל קאָמוניסטישע דעלעגאַטן האָט בולט מאַניפעסטירט די ירידה פון דער קאָמוניסטישער השפּעה אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. אין אַ גרויסער מאָס איז עס געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון אַן אומזיניקער טאַקטיק און ברידער־קריג, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט געפירט אין די אַרבעטער־רייען. דאָס מאָל זיינען קיין פּועלי־ציוניסטן לגמרי נישט געווען.

אין פּרעזידיום פון קאָנגרעס איז מצד די יידישע אַרבעטער געווען מאיר וואַסער. אין נאָמען פון בונד האָט געהאַלטן אַ באַגריסונג־רעדע ה. ערליך. אין דער דיסקוסיע איבערן באַריכט, וואָס עס האָט אָפּגעגעבן דער סעקרעטאַר זיגמונט זשולאַווסקי, האָבן זיך באַטייליקט פון די יידישע דעלעגאַטן שמואל מרדכי (אַרטור) זיגעלבוים, מאיר וואַסער, זלמן ליכטענשטיין און נאַטאַן שאַפראַן. זאַכלעך האָבן זיי קריטיקירט דעם באַריכט, בפרט די פּאָליטישע איינשטעלונגען פון דער צענטראַל־קאָמיסיע. די בונדישע דעלעגאַטן האָבן אָנטייל גענומען אין די דעבאַטן אַרום אַלע פּונקטן פון טאָג־אָרדענונג. ביי די פּונקטן ווירטשאַפט־דעמאָקראַטיע, אַרבעטער־געזעצגעבונג, אָרגאַניזאַציאָנעלע און טאַקטישע ענינים האָבן זיך באַטייליקט די בונדישע דעלעגאַטן הענריק ערליך, נאַטאַן שאַפראַן, ד״ר עמנואל שערער, איסר גאָלדבערג, שרה שוועבער און גרשון זיבערט.

צו עטלעכע פּונקטן האָבן די בונדישע דעלעגאַטן אַריינגעטראָגן אייגענע רעזאָלוציעס. אָנגענומען האָבן געקענט ווערן נאָר יענע, פאַר וועל־

כע די פּעפּעסישע מערהייט האָט מסכּים געווען צו שטימען. דער קאָנ־גרעס האָט אָנגענומען 4 רעזאָלוציעס, וואָס די בונדישע דעלעגאַטן האָבן אַריינגעטראָגן און די רעזאָלוציע־קאָמיסיע האָט אונטערגעשטיצט: וועגן דער פּאָליטישער לאַגע, וועגן עקאָנאָמישן מצב, וועגן רעכט אויף אַרבעט, וועגן רעכט פון דער יידישער אַרבעטער־יוגנט צו באַקומען פּראָפעסיאָנעלע בילדונג אין דער יידישער שפּראַך. די פּ. פּ. ס. איז דעמאָלט געווען איינגעשטעלט שאַרף אָפּאָזיציאָנעל צום הערשנדיקן סאַנאַציע־רעזשים, אָנ־געפירט פון מאַרשאַל יוזעף פּילסודסקי און דאָס האָט מעגלעך געמאַכט, אַז אירע מיטגלידער, די אָנפירער פון דער פּוילישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, זאָל שטימען פאַר די בונדישע רעזאָלוציע־פּראָיעקטן וועגן דער פּאָליטישער און ווירטשאַפטלעכער לאַגע אין לאַנד.

די צוויי קאָמוניסטישע דעלעגאַטן האָבן געשטימט קעגן אַלע אָן אויסנאַם רעזאָלוציעס, אַפילו קעגן יענע, וואו ס׳האָט נישט געקענט געמאָלט זיין קיין חלוקי־דעות. אַזוי, למשל, האָבן זיי געשטימט קעגן אַ רעזאָלוציע, וואָס האָט פאַרלאַנגט צו פאַרקירצן דעם אַרבעט־טאָג. די קאָמוניסטן זיינען דעמאָלט נישט געווען קיין זעלבשטענדיק־דענקענ־דיקע מענטשן, נאָר ראָבאָטן, וואָס פירן אויס געדאַנקענלאָז באַפעלן פון סטאַלינס מאָסקווע.

אין דער ביי־געווילטער צענטראַל־קאָמיסיע זיינען אַריין 4 בונ־דיסטן: וויקטאָר אַלטער, שרה שוועבער, שמואל מרדכי (אַרטור) זיגעל־בוים, מאיר וואַסער.

מאַכנדיק אַ סך־הכל פון פערטן קאָנגרעס, האָט דער בונדישער צענטראַל־אָרגאַן געשריבן: „דער פערטער קאָנגרעס פון די קלאַסן־פאַר־איינען האָט באַוויזן, אַז די פאַרשטייער פון דער פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַני־זירטער יידישער אַרבעטערשאַפט זיינען סיי אין זייער איגענעם באַוואוסט־זיין, סיי אין באַוואוסטזיין פון די פּוילישע דעלעגאַטן אַריינגעוואַקסן אין דער אַלגעמיינער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין לאַנד, ווי אַן אָרגאַנישער און לעבעדיקער טייל. אויב בעת די פריערדיקע קאָנגרעסן פלעגן זיך נאָך פילן אַ מאָל נאַציאָנאַליסטישע גרילצן, אויב בעת דעם דריטן קאָנגרעס איז נאָך געקומען צו אַ שאַרפן אינצידענט, ווען ס׳איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן רעכט אויף אַרבעט, איז פון דעם אויפן איצטיקן קאָנ־גרעס קיין זכר נישט געווען. אַחוץ דער יידישער, זיינען אויף דעם קאָנ־גרעס געווען אויך אַ דייטשע און צום ערשטן מאָל — אַן אוקראַאינישע דעלעגאַציע. אָבער קיין איין מאָל האָט זיך אין די באַציאונגען צווישן די דעלעגאַטן קיין שפּור פון נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען נישט גע־שפּירט“ [36].

*****

אין די טעג פון 29טן און 30טן אָקטאָבער 1933 איז פאָרגעקומען אין וואַרשע דער פינפטער קאָנגרעס פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־

פאַראיינען אין פּוילן. פון די 150 דעלעגאַטן זיינען 27 געווען פון די יידישע אַרבעטער־פאַראיינען: 26 בונדיסטן און 1 קאָמוניסט. די יידישע דעלעגאַטן האָט פאַרטרעטן אין פּרעזידיום שרה שווּעבער. אין נאָמען פון בונד האָט דעם קאָנגרעס באַגריסט ה. ערליך.

דער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אין אַ צייט פון גרויסן עקאָנאָמישן קריזיס אין דער וועלט און שטאַרקן וואוקס פון פאַשיזם, נאָכן קומען פון היטלערן צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד. די צווי וויכטיקע פאַקטאָרן האָבן געלייגט זייער שטעמפּל אויף די באַריכטן, רעפעראַטן און דע־באַטן. פון באַריכט, וואָס דער סעקרעטאַר פון דער צענטראַל־קאָמיסיע, זיגמונט זשולאַווסקי, האָט אָפּגעגעבן, איז געווען צו זען, אַז אַ מערהייט פון די אַרבעטער אין פּוילן — 60 פּראָצענט! — איז אַרבעטסלאָז. מחמת דעם איז די צאָל ווירקלעכע מיטגלידער אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיי־נען באַדייטנדיק געפאַלן. צו יענער צייט האָבן זיי געציילט נישט מער, ווי 215 טויזנט מיטגלידער, פון זיי 35 טויזנט יידישע.

אין דער דיסקוסיע איבערן באַריכט האָט פון די יידישע דעלעגאַטן גערעדט שמואל מרדכי (אַרטור) זיגעלבוים. אין נאָמען פון די בונדישע דעלעגאַטן האָט ער אַריינגעטראָגן אַ רעזאָלוציע, וואָס האָט בעיקר קריטי־קירט די פּאָליטישע איינשטעלונגען פון דער צענטראַל־קאָמיסיע. די מערהייט פון קאָנגרעס איז געווען קעגן דער רעזאָלוציע. אין די דע־באַטן וועגן די סאָציאַל־פּאָליטישע פאָדערונגען האָבן זיך אויך באַטייליקט די בונדישע דעלעגאַטן נאַטאַן שאַפּראַן און ד״ר עמנואל שערער. די רע־זאָלוציעס צו די פּונקטן זיינען איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

וועגן קאַמף קעגן פאַשיזם זיינען געווען צוויי רעפעראַטן — איינעם האָט געהאַלטן דער געהילף־סעקרעטאַר פון דער צענטראַל־קאָמיסיע, אַנטאָני זדאַנאָווסקי, דעם צווייטן — וויקטאָר אַלטער. אין דער דיסקוסיע וועגן קאַמף מיטן פאַשיזם האָבן זיך באַטייליקט די בונדישע דעלעגאַטן מאיר וואַסער און ד״ר עמנואל שערער. אין דער דיסקוסיע האָט אויך אָנטייל גענומען דער פאָרשטייער פון דער דייטשער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין פּוילן, עמיל צערבע. ער האָט געזאָגט: „דאָס דייטשע ביר־גערטום, וואָס לעבט אין פּוילן, איז שטאַרק היטלעריזירט. זייער פאַשיזם איז שוין נישט איינמאָל געקומען צום אויסדרוק. עס איז גענוג צו דער־מאָנען די אַנטי־יידישע עקסצעסן אין לאָדזש און אַנדערע ערטער. דאָס איז געווען די אַרבעט פון די דייטשע היטלעריסטן אין פּוילן״. צו דעם פּונקט זיינען געווען צוויי רעזאָלוציעס. די מערהייט האָט געשטימט פאַר דער רעזאָלוציע, וואָס זדאַנאָווסקי האָט אַריינגעטראָגן אין נאָמען פון דער צענטראַל־קאָמיסיע. די בונדישע דעלעגאַטן, ווי אויך אַ צאָל פּעפּעסישע, צווישן זיי פאָרשטייער פון עטלעכע גרויסע פאַראיינען, האָבן געשטימט פאַר דער רעזאָלוציע, וואָס עס האָט אין נאָמען פון לאַנד־ראַט פון די יידישע אַרבעטער־פאַראיינען אַריינגעטראָגן וויקטאָר אַלטער. אין פאַקט, וואָס אַ

צאַל פּעפּעסישע טוער האָבן געשטימט פאַר דער בונדישער רעזאָלוציע, איז געקומען צום אויסדרוק די אומצופרידנקייט ביי טיילן פון דער פּוי־לישער אַרבעטערשאַפט מיט דער מער מעסיקער פּאָליטיק פון פּ. פּ. ס. און צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

איינשטימיק האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען אַ רעזאָלוציע צו באָי־קאָטירן דייטשע סחורות און אַ רעזאָלוציע צו באַקעמפן דעם אַנטיסע־מיטיזם. אין אויסנאָם איז געווען — דער איינציקער קאָמוניסטישער דעלע־גאַט האָט אויך אין די פראַגן געשטימט קעגן די רעזאָלוציעס. נאָכן כאַראַקטעריזירן און פאַראורטיילן דעם אַנטיסעמיטיזם, זאָגט די אָנגע־נומענע רעזאָלוציע: „דער נצחון פון היטלעריזם אין דייטשלאַנד האָט געגעבן אַ שטויס פאַרויס די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע אין פּוילן"... נאָכן אויסרעכענען אַ ריי אַנטי־יידישע עקסצעסן און אַנדערע בלוטיקע געשעענישן אין אַ צאָל שטעט, זאָגט די רעזאָלוציע: „אין הסכם מיט די באַשלוסן פון די פריערדיקע קאָנגרעסן, פאָדערט אויף דער 5טער קאָנ־גרעס אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען צו פירן דעם ענערגישסטן קאַמף קעגן רעאַקציאָנערן באָיקאָט־סיסטעם לגבי די יידישע אַרבעטער און שטרייכט באַזונדערס אונטער, אַז פּאַקטישע און פולע גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידישע פּראָלעטאַריער אויפן געביט פון אַרבעט איז איינער פון די ווירקזאַמסטע מיטלען צו באַקעמפן אַלע דערשיינונגען פון נאַציאָנאַליס־טישער פאַרווילדונג. דער קאָנגרעס שטעלט פעסט, אַז דער אַנטיסעמי־טיזם, ווי יעדער נאַציאָנאַליזם, איז אַ טויט־שונא פון גאַנצן פּראָלעטאַריאַט און פאָדערט דעריבער אויף די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג צו אַ וואַכזאַמען און פאַרשטאַרקטן קאַמף מיטן דאָזיקן שונא" [7].

מצד די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זיינען אַלס מיטגלידער פון דער צענטראַל־קאָמיסיע געווילט געוואָרן: וויקטאָר אַלטער, שרה שוועבער, מאיר וואַסער און ש. מ. (אַרטור) זיגעלבוים.

***

אין די טעג פון 23טן און 24טן אָקטאָבער 1937 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען דער זעקסטער קאָנגרעס פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין פּוילן.

אין די פיר יאָר, וואָס זיינען אַוועק פון פריערדיקן קאָנגרעס, זיי־נען אין די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען צוגעקומען אַרום הונ־דערט טויזנט מיטגלידער. צווישן די איבער 300 טויזנט צאָלנדיקע מיט־גלידער זיינען געווען 70 טויזנט אין די פאַראיינען פון די יידישע אַר־בעטער. פון די 139 דעלעגאַטן פון די פאַראיינען זיינען 28 געווען יידישע. צו דעם זיינען נאָך צוגעקומען 4 מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיסיע: סך־הכל זיינען געווען 32 יידישע דעלעגאַטן מיט שטים־רעכט — 27 בונדיסטן, 3 קאָמוניסטן, 1 פון די לינקע פּועלי־ציון און 1 אומפּאַרטיי־

אישער. אין פּרעזידיום פון קאָנגרעס איז מצד די יידישע פּאַראַיינען געוועזן מאיר וואַסער. צווישן די באַגריסונג־רעדעס איז אויך געווען די רעדע פון ה. ערליך אין נאָמען פון בונד.

אין דער דיסקוסיע איבערן באַריכט, וואָס עס האָט אָפּגעגעבן דער געהילף־סעקרעטאַר, אַנטאָני זדאַנאָווסקי, האָבן זיך אויך באַטייליקט די בונדישע דעלעגאַטן וויקטאָר אַלטער, שמואל מרדכי (אַרטור) זיגעלבוים און יוסף גוטגאָלד.

אין זיין רעדע וועגן טעטיקייט־באַריכט האָט אַלטער אויך גערעדט וועגן אַנטיסעמיטיזם און די אַנטי־יידישע אַקציעס פון דער רעגירונג און רעאַקציאָנערע גרופּירונגען. ער האָט געזאָגט: „די יידישע באַפעלקערונג ליידט דירעקט און צום מערסטן פון דער אַנטיסעמיטישער העצע און דערפאַר זיינען מיר אַרויס די ערשטע אין קאַמף. ביז איצט האָבן מיר געהאַט 3 עטאַפּן אין דאָזיקן קאַמף: גענעראַל־שטרייק פון 17טן מערץ 1936 קעגן די אָנפאַלן אויף יידן אין שטעטל פּזשיטיק, קאַמף קעגן דער כוליגאַנעריע אויף די גאַסן און דער לעצטער שטרייק קעגן ׳געטאָ׳ אין די אוניווערזיטעטן. ס׳איז אונזער שטאָלץ, וואָס אין די 2 פּראָטעסט־שטרייקן פון יידישן אַרבעטער־קלאַס האָבן מיטגעשטרייקט עטלעכע צענט־ליק טויזנט פּוילישע אַרבעטער. מיר קעמפן קעגן אַנטיסעמיטיזם אין דעם באַוואוסטזיין, אַז הינטער אונז שטייט דער גאַנצער אַרבעטער־קלאַס פון פּוילן!״.

גוטגאָלד האָט גערעדט וועגן די פּראָבלעמען פון די כאַלופּניקעס (היים־אַרבעטער) און וועגן דער נייטיקייט זיי איינצוגלידערן אין די רייען פון אַרבעטער־קלאַס. ער האָט אָנגעוויזן, אַז אין פּוילן זיינען פאַראַן 350 טויזנט הערקשטאַטן פון כאַלופּניקעס. פון זיי זיינען אין די פאַבן פון באַקלייד און שיך פאַראַן 140 טויזנט. ביי שוסטער זיינען אויף 100 טויזנט אַרבעטער פאַראַן קוים 3 טויזנט פאַבריק־אַרבעטער.

איינשטימיק — ביי עטלעכע צענטליק אָפּגעהאַלטענע שטימען — האָבן די דעלעגאַטן גענומען צו קענטניש דעם באַריכט און אויסגעדריקט צוטרוי צו דער צענטראַל־קאָמיסיע. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, אַז קיינער זאָל נישט שטימען קעגן צוטרוי. בכלל זיינען אויף דעם קאָנ־גרעס שוין נישט געווען די ליידנשאַפטן און טיפערע חלוקי־דעות, ווי אויף פריערדיקע קאָנגרעסן. סיי די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע, סיי דער פאַרערגערטער סאַנאַציע־רעזשים אין לאַנד האָבן גורם געווען אַ ראַדיקאַ־ליזאַציע פון די פּעפּעסישע טוער. אויך די קאָמוניסטן האָבן דעמאָלט פאַרוואָרפן פיל פון זייער אומזיניקער, פּראָוואָצירנדיקער טאַקטיק. דאָס האָט מעגלעך געמאַכט אַ מער רואיקע צוזאַמענאַרבעט און פאַרשטענדיקונג. אין די דעבאַטן וועגן די פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמען — פון די בונדישע דעלעגאַטן האָבן ביי די פּונקטן גערעדט אַלטער און זיגעלבוים — האָט דאָס געמיינזאַמע פאַרנומען אַ סך מער אָרט, ווי די

מיינונג־פאַרשיידנקייטן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות נישט צום עיקר, נאָר צו דער טאַקטיק. די פּעפּעסישע טוער האָבן נישט געוואָלט גיין צו ווייט אין זייער פאַרשאַרפטער אָפּאָזיציאָנעלער פּאָליטיק.

אין דער אָנגענומענער פּאָליטישער רעזאָלוציע ווערט צווישן אַנדערן געזאָגט: „דאָס באַזייטיקן די פריערים און דעם אַרבעטער־קלאַס פון אײנפלוס אויף דער מלוכה, די סיסטעמען פון עליטע־הערשאַפט, סאַנאַ־ציזם און ׳געפּירטע דעמאָקראַטיע׳ האָבן אין ערגעץ נישט באַוויזן צו לייזן די פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע שוועריקייטן, פּונקט ווי ס׳וועלן עס נישט באַווײַזן אויך די לאָזונגען פון ראַסן־האַס און אַנטיסעמיטיזם, וועלכע רופן במילא אַרויס בלויז אַ גרעסערן כאַאָס און גרעסערע עקס־פּלואַטאַציע, נויט און אומזיכערקייט מיטן מאָרגן"... „דער פּוילישער אַרבעטער־קלאַס שטעלט פעסט, אַז ס׳בינדן אים מיט דעם אַרבעטער־לאַגער פון דער גאַנצער וועלט פעדים פון ברודערשאַפט אין קאַמף קעגן פאַשיזם און נאַציאָנאַליזם; אַז ער שטייט אַנטשלאָסן אויף דער זייט פון דעמאָקראַטיע; אַז דעם עקזיסטירנדיקן בלאָק פון פאַשיסטישע מלו־כות מיט דייטשלאַנד, איטאַליע און יאַפּאַן בראש וויל ער אַנטקעגנשטעלן אַ בלאָק פון מלוכות, וואָס זײַנען אַנטשלאָסן אַ סוף מאַכן צו דער פּראָ־וואָקאַטאָרישער פּאָליטיק פון די דערמאָנטע מלחמה־העצער — דער פּוי־לישער אַרבעטער־קלאַס וויל, אַז פּוילן זאָל זיך באַטייליקן אין דאָזיקן בלאָק". די רעזאָלוציע האָט אויך אַנטהאַלטן אַ ריי אינערלעך־פּאָליטישע פאָדערונגען מיטן ציל צוריקצושטעלן די דעמאָקראַטישע רעכט און פריי־הייטן.

אין אַ ספּעציעלער רעזאָלוציע קעגן אַנטיסעמיטיזם האָט דער קאָנ־גרעס דערקלערט: „יעדע נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג און נאַציאָנאַליס־טישע אַגיטאַציע, וואָס וויל אָפּשאַפן די בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג און דערנידעריקן און רודפן וועמען נישט איז צוליב זיין אָפּשטאַם, ראַסע, נאַציאָנאַליטעט אָדער רעליגיע איז אין סתירה מיט דער גרונט־עטיק פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע שטעלט זיך אַלס ציל די פולע גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע אַרבעטס־מענטשן"... „דער זעקסטער קאָנ־גרעס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פאַראורטיילט יעדן נאַציאָנאַלן שאָוויניזם און אַנטיסעמיטיזם אַלס אַ שעדלעכן און פײַנטלעכן צו די אינ־טערעסן פון אַרבעטער־קלאַס, שטעמפּלענדיק אים אַלס אַן אויסדרוק פון רעאַקציע און אַלס אַ צוגרייטונג צו דערשטיקן די פרייהייטס־שטרעבונגען פון דער געזעלשאַפט. דער קאָנגרעס באַאויפטראָגט די צענטראַל־קאָמיסיע, אַז זי זאָל צוזאַמען מיט די ברידער־אָרגאַניזאַציעס פירן אַ ברייטע אויפ־קלערונגס־קאַמפּאַניע וועגן וועזן פון שאָוויניזם און אַנטיסעמיטיזם. דער קאָנגרעס שטעלט פעסט, אַז אין זיין שטרעבונג זיך צו באַפרייען פון די קאַפּיטאַליסטישע קייטן און אין זיין קאַמף פאַר אַ סאָציאַליסטיש פּוילן,

וועט דער פוילישער אַרבעטער־קלאַס גיין סאָלידאַר מיט אַלע אַרבעטער פון פוילן אָן אונטערשייד פון נאַציע און רעליגיע".

אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגען פון די יידישע אַרבעטער, אָנגע־שטעלטע און אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ האָבן געהערט צו דער צענט־ראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראייניגען אין פוילן. בלויז איין אויסנאַם איז געווען — עטלעכע קליינע פאַראייניגען אונטער דער אָנ־פירונג פון די רעכטע פּועלי־ציון. זיי האָבן זיך אָפּגעטיילט פון גאַנצן סאָציאַליסטישן אַרבעטער־כּלל. אין אַ רעזאָלוציע האָט דער קאָנגרעס פאַראורטיילט און דערקלערט פאַר שעדלעך „אַלע סעפּאַראַטיסטישע פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראייניגען פון פאַרטייאישן, נאַציאָנאַלן אָדער לאָקאַלן כאַ־ראַקטער" (ביי די פוילישע אַרבעטער זיינען דעמאָלט אויך געווען אָרגאַ־ניזאַציעס, אָפּגעשפּאָלטענע פון די קלאַסן־פאַראייניגן). מיט די אָפּגע־שפּאָלטענע פאַראייניגן האָבן אָנגעפירט געוויזענע פּעפּעסאָווצעס, וואָס האָבן קאָלאַבאָרירט מיט דער רעגירונג.

אין דער נייער צענטראַל־קאָמיסיע האָט דער קאָנגרעס אויך געווילט 5 פאָרשטייער פון די פאַראיינען, וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אין לאַנד־ראַט פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. זיי זיינען געווען: וויקטאָר אַלטער, שרה שוועבער, מאיר וואַסער, יוסף גוטגאָלד און הענריק אַלט־מאַן (די ערשטע פיר — בונדיסטן, דער לעצטער — אַ קאָמוניסט).

דער זעקסטער קאָנגרעס איז שוין געווען דער לעצטער פרייער קאָנ־גרעס, וואָס די פּראָפעסיאָנאַל־אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט פון פוילן האָט אָפּגעהאַלטן [28].

***

די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אין פוילן איז געווען פילפאַך צעטיילט: לויט די נאַציאָנאַליטעטן און די נאַציאָנאַליטעטן גופא — לויט די סימ־פּאַטיעס צו די פאַרשיידענע אידעאָלאָגיעס און פּאָליטישע פּאַרטייען. די טיילן, וואָס זיינען געשטאַנען אויף אַ פּראָלעטאַרישן קלאַסן־שטאַנדפּונקט, האָבן אָבער באַוויזן די געמיינזאַמע אַרבעטער־אינטערעסן צו שטעלן העכער פון די אידעאָלאָגישע און פּאָליטישע חילוקי־דעות און זיך פאַראיי־ניקן אין דער בשותּפותדיקער ראַם פון דער צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין פוילן און איבערגעלאָזט מחוץ איר די נאַציאָנאַליסטיש־שאָוויניסטישע און „געלע" פאַראיינען פון די קריסט־לעכע דעמאָקראַטן (כאַדעקעס), נאַציאָנאַלע אַרבעטער־פּאַרטיי (נ. פּ. ר.) סאַנאַטאָרישע אָנהענגער פון דער פּילסודסקי־רעגירונג און אַנדערע.

שלום־בית איז אין דער פאַראייניקטער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג קיינמאָל נישט געווען. בפרט האָבן דאָ שטאַרק געזינדיקט די קאָמוניסטן, וואָס האָבן אַלץ מער און מער פאַרלוירן זייער זעלבשטענדיקייט און גע־וואָרן בלינדע אויספירער פון די מאָסקווער צעשטערערישע דירעקטיוון.

אין דער פאַראייניקטער פּראָפעסיאָנעלער קלאַסן־באַוועגונג האָט דער בונד תמיד זיך באַמיט צו פאַרענטפערן די מיינונג־פאַרשידנקייטן אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן. ניש פאַרווישן די אונטערשידן, אָבער אויך נישט איבערטרייבן זיי. בעת ס'איז נישט געווען מעגלעך, צוליב די הערשנדיקע באַדינגונגען און שטימונגען אין לאַנד, ווי אויך צוליב די אידעאָלאָגישע פאַרשידנקייטן, צו שאַפן איין פּאָליטישע אַרבעטער־פּאַרטיי, איז די פאַראייניקטע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג געווען פון באַזונדערס וויכטיקער באַדייטונג, ווי דער אייציקער אַלגעמיינער צענטער פון די קלאַסן־באַוואוסטע אַרבעטער. דאָס פּאָזיטיווע פון דעם פאַקט האָט אַ סך איבערגעשטיגן די אָדער יענע חסרונות.

אַפילו אויף אַזאַ סענסיטיוון געביט, ווי ס'איז אין פוילן געווען דער אַנטיסעמיטיזם, האָט די פאַראייניקטע פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־באַוועגונג געהאַט אַ גוטע פעולה. וועגן דעם האָט געשריבן דער פאָרזיצער פון לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די ייִדישע אַרבעטער, וויקטאָר אַלטער:

„אַנטיסעמיטישע שטימונגען דערגרייכן אויך צו די פּוילישע אַרבעטנ־דיקע מאַסן, און אַ מאָל רייסן זיי זיך אַריין אויך אין די רייען פון קלאַסן־אָרגאַניזירטע פּוילישע אַרבעטער... און דאָך איז די קלאַסן־באַוועגונג הייַנט צו טאָג דער אייציקער כוח אין פוילן, וואָס שטעלט זיך קלאָר און דעצידירט אַנטקעגן דער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע. און דאָס איז נישט בלויז דערפאַר, וואָס דער סאָציאַליזם איז אין זיין תוך קעגן יעדער אונטערדריקונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, נאָר אויך דערפאַר, וואָס באַ־קעמפנדיק דעם אַנטיסעמיטיזם, קעמפן די פּוילישע סאָציאַליסטן גלייכ־צייטיק פאַר זייער אייגענער פרייהייט, פאַר זייער אייגענעם נצחון. זיי פאַרשטייען אויסגעצייכנט, אַז דער אַלגעמיינער זיג פון אַנטיסעמיטיזם וואָלט באַדייט נישט בלויז פאַרשטאַרקטע רדיפות אויף ייִדן, נאָר אויך, און אפשר קודם־כל, די פאַרניכטונג פון דער פּוילישער קלאַסן־באַווע־גונג. אַזוי איז געשען אין דייטשלאַנד, אַזוי קען אויך זיין אין פוילן. די גורל־געמיינשאַפט פון די ייִדישע און פּוילישע מאַסן איז אַ רעאַלע זאַך אויך פאַר די פּוילישע סאָציאַליסטן" [**]).

די פאַרשטייער פון דער סאָציאַליסטישער און פּראָפעסיאָנעלער באַ־וועגונג אין פוילן האָבן פאַרשטאַנען די געפערלעכקייט פון אַנטיסעמיטיזם נישט בלויז בנוגע די ייִדן, נאָר אויך בנוגע דעם אַרבעטער־קלאַס. דעם 3טן מאַי 1936 האָבן פאַרשטייער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.), בונד, דייטשער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי אין פוילן און צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אָפּ־געהאַלטן אַ קאָנפערענץ און אָנגענומען אַ דעקלאַראַציע וועגן די פּאָלי־טישע און ווירטשאַפטלעכע פאָסטולאַטן פון אַרבעטער־קלאַס. וועגן אַנטי־סעמיטיזם איז אין איר געווען געזאָגט:

„אינם פאַנאַנדערבלאָזן די נאַציאָנאַלע אַנטאַגאָניזמען און אין דער נאַציאָנאַליסטישער העצע, וועלכע ווערט געפירט אין דער ערשטער ריי דורך דער ענדעציע — זעט די קאָנפערענץ אַ פלאַנמעסיקע אַקציע, וועלכע איז געצילט קעגן דער צונויפזאַמלונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן אַרום זייערע אייגענע צילן. ס'איז אַ דיווערסיע־אַרבעט, וועלכע צילט דורך אַנטיסעמיטישער העצע צו פאַרבייטן דעם קאַמף קעגן די באַזיצנדיקע קלאַסן, כדי פריי צו מאַכן דעם וועג צו דער מאַכט פאַר דער ענדעקישער עקסטרעם־פאַשיסטישער רעאַקציע. די קאָנפערענץ רופט דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס אָן אונטערשייד פון נאַציע צום סאָלידאַרן און ענערגישן ווידערשטאַנד קעגן דעם נאַציאָנאַליזם און אַנטיסעמיטיזם און צו געמיינזאַמען ברידערלעכן קאַמף פון די עקספלואַטירטע קעגן די עקספלואַטאַטאָרס פון אַלע פעלקער. נאָר דער איינהייטלעכער קאַמף פון גאַנצן אַרבעטנדיקן פאָלק אָן אונטערשייד פון נאַציע קעגן יעדן אויסדרוק פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אומגלייכהייט און אונטערדריקונג — קאָן איינציק און אַליין ליזן די גרויסע אויפגאַבן פון פולשטענדיקער באַפרייאונג פון די פאָלקסמאַסן“[40].

די פראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען האָבן געהאָלפן די אַרבעטער ניט בלויז פאַרבעסערן זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען און העכערן זייער לעבנס־ניוואָ, נאָר האָבן אויך זיי אַריינגעצויגן אין פאָליטישן קאַמף, געלייטערט קולטורעל און אין אַ גרויסער מאָס אימוניזירט קעגן דער שעדלעכער השפעה פון דער רעאַקציאָנערער און קלעריקאַלער סביבה. דערביי איז די ראָל פון די בונדישע פראָפעסיאָנעלע טוער, וועלכע האָבן תמיד, ביי אַלע אומשטענדן, געהאַט אין זין דאָס גוטס און די אינטערעסן פון דער אַרבעטערשאַפט, געווען אַן אומגעהויערע.

# מקורים און באַמערקונגען

1) **יעקב לעשצינסקי:** די אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק פאַר די לעצטע 100 יאָר (שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק. **ז. 36, 49, 53, בערלין, 1928).**

2) Mały Rocznik Statystyczny 1939, str. 31, 32 Warszawa 1939.

3) Dr. Arje Tartakower: Proletarjat Żydowski w Polsce (Żydzi w Polsce Odrodzonej XII, str. 578 - 580, 588, Warszawa 1933).

4) Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego Nr. 67, str. 159 Warszawa 1968.

5) **א. שמ—ש:** לעבענס־פראַגען **נומ. 129, 20 יוני 1919, וואַרשע.**
Głos Bundu, Nr. 14, 27-go czerwca 1919, Warszawa.

6) מאָרגנשטערן, **נומ. 17, 28 אַפּריל 1921, וואַרשע.** אַרבעטער־לוח **אויף דאָס יאָר 1922, וואַרשע 1922.**

7) פאָלקס־צייטונג, **נומ. 35, 36, 38; 16טן, 19טן, 26טן מאַי 1922. וואַרשע.** אַרבעטער־לוח **אויף דאָס יאָר 1922, וואַרשע 1922.** די פּראָפעסיאָנעלע בעוועגונג, **נומ. 7, 5 מערץ 1920, וואַרשע.**

8) אונזער פאָלקס־צייטונג, **נומ. 85 — 88; 12 — 17טן אַפּריל 1925, וואַרשע.**

9) נייע פאָלקס־צייטונג, **נומ. 246 — 249; 22 — 25 אָקטאָבער 1929, וואַרשע.**

10) **זע 9, נומ. 317, 320, 327, 332, 334; 27, 29, 31 אָקטאָבער, 5, 10, 12 נאָוועמבער 1933.**

11) **זע 9, נומ. 10, 11, 12, 15; 10, 11, 12, 15 יאַנואַר 1937.** דער רוף, **נומ. 3, פעברואַר, 1937, וואַרשע.** 2 יאָר טעטיקייט, **באַריכט פון לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע** קלאַסן־פאַראיינען אין פוילן, **אַפּריל 1939, וואַרשע.**

12) **זע 11,** 2 יאָר טעטיקייט...

13) דער רוף, **יוני 1938, וואַרשע.**

14) **זע 9, נומ. 104, 106, 107, 123; 12, 13, 14, 30 אַפּריל 1939, וואַרשע. זע 11:** 2 יאָר טעטיקייט, **ז. 125 — 141. זע 9, נומ. 61, 65, 69; 1 — 8, 13 אַפּריל, 1926.**

15) לעבענס־פראַגען, **נומ. 122, 249 — 253, 255, 12 יוני, 16 — 20, 23 נאָוועמבער 1919, וואַרשע.** דאָס פּראָפעסיאָנעלע לעבען, **נומ. 17, 28 נאָוועמבער 1919, וואַרשע.**

16) **זע 15, נומ. 83, 84, 223, 224; 24, 25 אַפּריל, 14, 15 אָקטאָבער 1919. א. ש. — מש:** דאָס פּראָפעסיאָנעלע לעבען, **נומ. 11 — 12, 13; 24, 31 אָקטאָבער 1919, וואַרשע.**

17) דער בעקער, **נומ. 1, 15 סעפּטעמבער 1919, וואַרשע.** לעבענס־פראַגען, **נומ. 83, 88; 24, 30 אַפּריל 1919, וואַרשע.**

18) לאָדזער וועקער, **נומ. 10, 23 יוני 1921. י. ש. הערץ:** די געשיכטע פון בונד אין לאָדזש, **ז. 297, ניו־יאָרק 1958.**

19) מאָרגנשטערן, נומ. 13, 13טן מאַי 1921, וואַרשאַ. אַרבעטער־לוח, אויף דאָס יאָר 1922, וואַרשע 1922.

20) אונזער פאָלקס־צײַטונג, נומ. 116, 12 אָקטאָבער 1923, וואַרשע. אינפאָרמאַציע פון בערל ווערגיצקי, מיאַמי, פלאָרידע.

21) ז. אַרטור: אַ יאָר פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג (אַרבעטער־לוח אויף דאָס יאָר 1926, וואַרשע, 1926).

22) זע 11, 2 יאָר טעטיקייט, זז. 81 — 90.

23) אַרבעטער־פראַגן, 15 סעפּטעמבער 1926, וואַרשע. נײַע פאָלקס־צײַטונג, נומ. 109 — 111; 16 — 18 אַפּריל 1939. זע 11, 2 יאָר טעטיקייט, זז. 97 — 105.

24) דער אָנגעשטעלטער, נומ. 6־7, יוני־יולי 1931; נומ. 1, יאַנואַר 1937, וואַרשע. זע 11, 2 יאָר טעטיקייט, זז. 91 — 96.

25) זע 11, 2 יאָר טעטיקייט, זז. 115 — 119.

26) דער דרוקער־אַרבעטער, 1 מאַי, 1939, וואַרשע. זע 11, 2 יאָר טעטיקייט, זז. 120 — 122.

27) דער רוף, נאָוועמבער 1938, וואַרשע. זע 11, 2 יאָר טעטיקייט, זז. 108 — 111.

28) זע 11, 2 יאָר טעטיקייט, זז. 112, 114.

29) זע 11, 2 יאָר טעטיקייט, זז. 106, 107.

30) ב. זעליקאָוויטש: אַרבעטער־לוח אויף דאָס יאָר 1924, וואַרשע.

31) ד. מ.: די פאַראייניקונג פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג (דאָס פּראָפעסיאָנעלע לעבען, נומ. 1, 1 אויגוסט 1919, וואַרשאַ) ו: אַרום דער פאַראייניקונג (דאָרט, נומ. 2, 8 אויגוסט, 1919).

32) די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, נומ. 13, 14, 28 מאַי, 18 יוני 1920, וואַרשאַ.

33) פאָלקס־צײַטונג, נומ. 38, 39, 40, 41, 42; 26, 30 מאַי, 1, 6, 9, יוני 1922, וואַרשע.

34) אַרבעטער־לוח אויף דאָס יאָר 1923, וואַרשע 1923.

35) אונזער פאָלקס־צײַטונג, נומ. 134 — 140; 12 — 19 יוני 1925. וואַרשע.

36) נײַע פאָלקס־צײַטונג, נומ. 125 — 128; 30, 31 מאַי, 2, 3 יוני 1929, וואַרשע.

37) זע 36, נומ. 321 — 328, 340; 30, 31 אָקטאָבער, 1 — 6, 17 נאָוועמבער 1933.

38) זע 36, נומ. 322 — 328, 330; 22 — 27, 29 אָקטאָבער 1937.

39) וויקטאָר אַלטער: צו דער יידן־פראַגע אין פּוילן, זז. 19, 20, וואַרשע 1937.

40) זע 39, ז. 142.

# אינהאַלט:

## ערשטע אָפּטיילונג



## צווייטע אָפּטיילונג



## דריטע אָפּטיילונג

## ערשטע אָפּטיילונג

# 1. ערב דעם אויפבוי פון ציש״אָ

אין דעצעמבער 1914 האָט די דייטשע אַרמיי, אין ערשטן וועלט־קריג, פאַרנומען לאָדזש, און אין אויגוסט 1915 האָט זי פאַרנומען וואַרשע. פאַר דער יידישער באַפעלקערונג פון פוילן, באַזונדערס פאַר די יידישע אַרבעטער, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה. אינם שווערן קאַמף פאַר עקזיסטענץ, האָט זיך גלייכצייטיק אויפגעוועקט אין די יידישע פאָלקס־מאַסן אַ נייע שטימונג, האָט זיך געשאַפן אַ נייע געזעלשאַפטלעכע סיטואַ־ציע מיט נייע פּאָליטישע, סאָציאַלע און קולטור־פּראָבלעמען. און ראשית־כל האָבן זיך פאַר די יידישע מאַסן געשטעלט די פראַגן וועגן דערנערן און אויפהאַלטן די קינדער.[1]

די יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געזאַמלט אַרום די ניי־אויפ־געלעבטע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און די האַלב־לעגאַלע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, האָבן געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו דערציען און לערנען די קינדער. דעם 21 אָקטאָבער 1915 האָט אַ גרופּע חברים פון בונדישן „רויטן קרייץ״, מיטן הסכם פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד, גע־עפנט די גראָסער־קינדער־היים. די דאָזיקע גרופּע איז באַשטאַנען פון סאַבינאַ אינגבערמאַן, בעלאַ צייטאַג, איקאַ טאַץ, עסטושע שטאַבזיב, אַל־בערט בערנשטאַק, מאַניע גלאַזער, מאַניע מעיעראָוויטש, פעלאַ סאָלאָמאָן, ד״ר אַנאַ ברוידע־העלער, יאַנעק יאַנקעלעוויטש, דוד מייער, יוסף באָסאַק (ליפשיץ). די אָפיציעלע עפענונג פון דער קינדער־היים איז פאָרגעקומען דעם 29טן אָקטאָבער 1915, און די קינדער־היים האָט באַקומען דעם נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם בונדישן פירער בראָניסלאַוו גראָסער. אָנגע־הויבן מיט 40 קינדער, איז די צאָל אינגיכן געוואַקסן ביז 80 און אין יולי 1916, אין אַ נייעם גרעסערן לאָקאַל, איז דאָ שוין געווען 160 קינדער. צוביסלעך איז די קינדער־היים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נאָר־מאַלער פאָלקס־שול, פון וועלכער דער ערשטער קלאַס איז געעפנט גע־וואָרן אין יאָר 1917 — 1918 און אַ יאָר שפּעטער האָט מען געעפנט אַ צווייטן קלאַס. די זעלביקע בונדישע שול־טוער האָבן געעפנט אין 1917 — 1918 אַ נייע קינדער־היים מיט צוויי פרעבעליסטינס, און אַ יאָר שפּעטער נאָך אַ קינדער־היים מיט דריי פרעבעליסטינס. אויך די צוויי קינדער־היימען האָבן זיך אין גיכן פאַרוואַנדלט אין נאָרמאַלע שולן. אין 1920 — 1921 האָבן די בונדישע טוער שוין געפירט אין וואַרשע 4 קינדער־היימען און 3 שולן מיט 9 קלאַסן — סך־הכל 500 קינדער. אויך

אין דער פּראָווינץ זיינען אויסגעוואַקסן שולן און קינדער־היימען פון זעלבן גראַסער־טיפּ (לאָדזש, ביאַליסטאָק, בריסק, פּינסק, פּיעטריקאָוו, שעדלעץ א.א.וו.).

אין צענטער פון אָט דער שול־און דערציאונג־אַרבעט איז געשטאַנען וולאַדימיר מעדעם, וואָס איז אָקאָרשט באַפרייט געוואָרן פון תּפיסה (1915). מעדעם האָט אַוועקגעשטעלט די שול־פּראָבלעם פּאָליטיש, אידייאיש־געזעלשאַפטלעך און צוביסלעך אויך פּראַקטיש. די בונדישע פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַ שול אין דער יידישער שפּראַך, אין דער מוטער־שפּראַך פון די קינדער, האָט זיך באַלד אָנגעשטויסן אויף אַ שאַרפער אָפּאָזיציע מצד די ציוניסטישע און העברעאיסטישע קרייזן. אויף אַן אַלגעמיינער באַראַטונג וועגן די שול־פּראָבלעמען, אין אויגוסט 1915, איז מעדעם אַרויסגעטרעטן (אונטער אַ פרעמדן נאָמען) צום שוץ פון די בונדישע שול־לאָזונגען. ער האָט גערעדט קעגן יעטוועדער פּשרה אין דער ריכטונג פון צוויי־שפּראַכיקייט, ער האָט הייס פאַרטיידיקט דעם פּרינציפּ פון מוטער־שפּראַך און פון וועלטלעכקייט.

אין גיכן האָט זיך אין וואַרשע און לאָדזש אַנטוויקלט אַ געזעלשאַפטלעכע קאַמפּאַניע פאַר דער יידישער שול. צענטליקער טויזנטער אונטערשריפטן זיינען געזאַמלט געוואָרן אונטער פּעטיציעס, וואָס מע האָט דערלאַנגט דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט. אין דער בונדישער וואָכן־צייטונג לעבנס־פראַגען האָט מעדעם כסדר געלאָזט הערן זיין אויטאָריטעטע שטים פאַר דער נייער שול. צום אָנהייב רעדט ער פּאָזיטיווע און באַשיידן וועגן עפּעס מוסטער־שולן, שפּעטער אָבער — וועגן דער שול ווי אַ מאַסן־דערשיינונג. אויך אַנדערע בונדישע טוער האָבן געשריבן און גערעדט אין זעלבן גייסט.

צווישן די בונדיסטן זיינען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך באַצויגן סקעפּטיש צום געדאַנק וועגן בויען לערן־און דערציאונג־אַנשטאַלטן מיט די אָרימע מיטלען פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. די דאָזיקע פראַגע איז ניט אין מאָל באַהאַנדלט געוואָרן אויף פאַרטייאישע קאָנפערענצן: זאָל זיך די יידישע שול אַנטוויקלען אין דער ברייט צי אין דער טיף? זאָל מען שאַפן וואָס מער שולן אָדער באַמיען זיך צו שאַפן נאָר אַ פּאָר מוסטער־שולן, וואָס וועלן זיין אַן אויסגעצייכנטע פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער אידייע פון אַ שול מיט יידישער לערן־שפּראַך. די דאָזיקע אָנהענגער האָבן אויך געלייגט דעם טראָפּ מער אויף דער באַשפּייזונג און באַקליידונג פון די קינדער. אָבער געזיגט האָבן די אָנהענגער פון דער אידייע — וואָס מער שולן: די שול פאַר זיך שפּילט אַ גרויסע דערציערישע און נאַציאָנאַליזירנדיקע ראָל; מע דאַרף וואָס מער קינדער אַריינציען אין דער אַרביטע פון דער מאָדערנער יידישער שול; וואָס גרעסער די צאָל שולן, אַלץ מער וועט מען קענען דערגרייכן אויך קוואַליטאַטיוו.

דער בונד האָט פּאַנאַנדערגעוויקלט אַן אַקציע פון עפנטלעכן פּאָליטישן קאַמף פאַר אַ מאָדערנעם שול־וועזן אין דער יידישער שפּראַך. שבת דעם 23טן סעפּטעמבער 1916 זיינען געווען גערופן גרויסע מאַסן־מי־טינגען אין וואַרשע, אויף וועלכע ס'איז אָנגענומען געוואָרן די ווייטערדי־קע רעזאָלוציע:

„אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז די יידישע פאָלקס־שול דאַרף זיין אַ נאַציאָנאַלע, ד״ה אַז דער אונטעריכט דאַרף זיין אויף דער מוטער־שפּראַך פון די שילער; אַז דער לערן־פּראָגראַם און די אונ־טעריכט־מעטאָדן דאַרפן זיין צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון דער נאַציאָנאַלער סביבה, און אַז די שול דאַרף זיך געפינען אין רשות פון פאָלק אַליין; און רעכענענדיק זיך דערמיט, אַז די דריי־הונדערט־טויזנטדיקע יידישע באַפעלקערונג פון וואַרשע בילדעט אַ באַזונדערע נאַציאָנאַלע גרופּע, — דערקלערט די פאַרזאַמלונג, אַז די קולטורעלע אינטערעסן פון דער גרעסטער מערהייט פון דער דאָזיקער באַפעלקערונג קאָנען באַ־פרידיקט ווערן נאָר דורך אַ יידישער שול; די אונטעריכט־שפּראַך דאַרף זיין יידיש, און די פּוילישע שפּראַך אַלס שפּראַך פון דער מערהייט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג דאַרף פאַרנעמען אין דער שול דעם גע־העריקן אָרט אַלס לערן־קעגנשטאַנד. די שול דאַרף זיין אַ וועלטלעכע, אַבליגאַטאָרישע און אומזיסטע.

נעמענדיק אין באַטראַכט אַז די עקזיסטירנדיקע יידישע חדרים, לויט זייער אינהאַלט און גייסט, געפינען זיך אין אַ שאַרפן אומפאַרמיידלעכן ווידערשפּרוך מיט די באַדערפענישן פון דעם מאָדערנעם געזעלשאַפטלעכן לעבן און מיט די עלעמענטאַרע פאָדערונגען פון דער ראַציאָנעלער פּעדאַ־גאָגיק, און אַז זיי, שטעלנדיק זיך בלויז ריין־רעליגיעזע אויפגאַבן, דינען ניט די אינטערעסן פון פאָלקס־בילדונג, — דערקלערט די פאַרזאַמלונג, אַז מען מוז באַשאַפן אויפסניי אַ נעץ פון יידישע פאָלקס־שולן.

די פאַרזאַמלונג פאָדערט דעריבער, אַז דער שטאָט־ראַט זאָל גרינדן אַ יידישן שול־ראַט, וואָס זאָל געוויילט ווערן פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג, וועמען עס דאַרף איבערגעגעבן ווערן די פונקציע צו שאַפן די יידישע פאָלקס־שולן און פאַרוואַלטן מיט זיי.

דער יידישער גמינע (קהילה), אַלס אַן אַנטי־דעמאָקראַטישער איינ־ריכטונג, וועלכער עס זיינען לחלוטין פרעמד די קולטור־באַדערפענישן פון די יידישע מאַסן און שטעלט בשום אופן ניט פאָר זייערע אינטערעסן, קאָן אַזאַ אַרבעט ניט אָנפאַרטרויט ווערן; דעם יידישן שול־ראַט דאַרף איבערגעגעבן ווערן אַן אַנטשפּרעכנדיקער טייל פון די געלט־מיטלען וואָס דער שטאָט־ראַט האָט אַסיגנירט אויף פאָלקס־שולן" [2]).

דער באַריכט־שרייבער אין לעבנס־פראַגען פון 27טן סעפּטעמבער 1916 דערציילט, אַז „צוליב דעם וואָס די איינגנטימער פון די צוויי גרוי־סע זאַלן אין וואַרשע, פון פילהאַרמאָניע און פאַלע דע גלאַס, אַנטזאָגן זיך

אָפּצוגעבן זיי אויף איינצואָרדענען פֿאַרזאַמלונגען אין דער יידישער שפּראַך", זיינען די שול־מיטינגען פֿאָרגעקומען אין דריי באַזונדערע פּלעצער, וואָס זיינען געווען איבערפֿילט און אַ גרויסער טייל פֿונם עולם איז געשטאַנען. דער גרעסטער פֿון די מיטינגען איז געווען אין זאַל ספּאָרט. פֿאָרזיצער איז געווען דוד מייער, די רעדנער — וולאַדימיר מעדעם, מאַוריצי אָזשעך און יוסף ליפּשיץ (באָסאַק). אין זאַל אַנגעלסקי האָבן גערעדט: נאָטאַן שאַפּראַן, מרדכי פּייגמאַן און אליעזר העלער, אונטער דעם פֿאָרזיץ פֿון ס. לעווינער (סעמיאַן). דער דריטער מיטינג איז פֿאָרגעקומען אין פּראַגער זאַל עראַ אונטער דעם פֿאָרזיץ פֿון אברהם ראַטשפּאַן; די רעדנער זיינען געווען גרשון זיבערט און וויקטאָר שולמאַן.

אין 1917 האָט מען אין וואַרשע דורכגעפֿירט אַ שול־וואָך, במשך פֿון וועלכער עס זיינען פֿאָרגעקומען 10 שול־פֿאַרזאַמלונגען אין געפּאַקטע זאַלן, ביי אַ באַגייסטערטן ענטוזיאַזם פֿון גרויסן עולם צוהערער. די בונדישע טוער האָבן דערזען: די שול איז אַ נייער כוח, זי האָט אַרום זיך אַ פֿעסטע וואַנט פֿון אָנהענגער, אונטערשטיצערס. די נייע שול ווערט אַן ענין פֿון די ברייטע יידישע מאַסן, בעיקר פֿון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפֿט. מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער ווערט אָרגאַניזירט דער קאָמיטעט פֿון וולאַדימיר מעדעם, יעקב דינעזאָן און ישראל רייכמאַן (שפּעטער באַקאַנט ווי דער דינעזאָן־קאָמיטעט). די צאָל שולן וואַקסט, די אַרבעט ווערט אַלץ מער פֿאַרצווייגט, מעדעם נעמט אָנטייל אין אַלע צווייגן פֿון דער דאָזיקער אַרבעט. אין 1919 גרייט שוין צו דער דינעזאָן־קאָמיטעט אַ שול־אויסשטעלונג, ער עפֿנט לערער־קורסן מיט 150 צוהערער. מעדעם עפֿנט די קורסן מיט גרויס באַגייסטערונג, ער איז אַקטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע און אין דעם פֿאַרלויף פֿון די קורסן. מעדעם, אַ צעשטראַלטער, רופֿט אויס: „עפּעס גרויסעס שאַפֿט זיך, מיר וואַקסן". זינט דער אויבנדערמאָנטער באַראַטונג פֿון 1915, אויף וועלכער עס איז אָנגענומען געוואָרן מעדעמס רעזאָלוציע (פֿיר און פֿערציק שטימען קעגן 35), זינט יענער צייט האָט די שול־אידייע שטאַרק פּראָגרעסירט און עס האָט זיך געשטעלט דער פּראָבלעם וועגן שאַפֿן אַ צענטראַלע פֿאַראייניקונג פֿון אַלע שולן, די בונדישע שול־טוער ווידער האָבן געטראַכט וועגן אַ צענטראַלע פֿאַר די בונדישע שולן איבערן לאַנד.

אָנהייב זומער 1919 האָבן די בונדישע שול־טוער אָנגעגעבן צו דער פּוילישער מאַכט אַ סטאַטוט אויף צו לעגאַליזירן אַ צענטראַלע אַרבעטער־געזעלשאַפֿט אונטערן נאָמען אונזערע קינדער. אין מאַי 1920 איז פֿאָרגעקומען די עפֿנטלעכע גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג פֿון דער דאָזיקער לעגאַליזירטער בונדישער שול־געזעלשאַפֿט. אין דער ערשטער צייטווייליקער פֿאַרוואַלטונג פֿון אונזערע קינדער זיינען אויסגעוויילט געוואָרן: וולאַדימיר מעדעם, דוד מייער, ד"ר אנא ברוידע־העלער, פּעליציע פֿאָרטנוי (פֿרוי פֿון ח' נח), אסתר טאָץ (איקא), יעקב קלעפּפֿיש, ד"ר ישעיה ליפּאָווסקי, ליאָווע

ניישטאַט, דינה (סאָניע בלאַנד), יצחק צינאַי, לייביש טוכמאַכער, לוזער קלאָג; אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע זיינען אויסגעקליבן געוואָרן: מאַר־קוס לעוו, אסתר איווינסקאַ, מאַוריצי אַזשעך.

די דערעפענונגס־רעדע אויף דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג פון אונזערע קינדער האָט געהאַלטן וולאַדימיר מעדעם. עס האָט שוין דעמאָלט גע־רייפט אין אים דער געדאַנק, אַז די שול־אַרבעט פאָדערט אַ „פאַראייניקטן פראָנט" פון אַלע יידישיסטישע עלעמענטן. דעם דאָזיקן געדאַנק האָט וולאַדימיר מעדעם אין זיין רעדע אַזוי פאָרמולירט:

מיר מוזן שאַפן אַ נייעם טיפ פון דער יידישער וועלטלעכער שול מיט אַ סאָציאַליסטישן קאָליר; מיר מוזן אויסאַרבעטן די אַנטשפּרעכנדיקע לערן־פּראָגראַמען און לערן־מעטאָדן. מיר מוזן צוגרייטן דעם נייטיקן פּעדאַגאָגישן פּערסאָנאַל און דערצו זיינען נייטיק לערער־קורסן, אַ לערער־סעמינאַר... ביי דער גרויסער אָרימקייט פון קולטורעלע כוחות, קען די אַרבעט אויסגעפירט ווערן אין אַן אמת ברייטן מאַסשטאַב נאָר דעמאָלט, ווען מען וועט צונויפזאַמלען די אַלע, וואָס קענען זיך צונויפקומען אויף אַ געמיינזאַמער פּלאַטפאָרם.

מעדעם האָט געהאַלטן, אַז „מיר זיינען נישט קיין קלויז און נישט קיין קרייזל; מוזן מיר זיך טאַקע פירן אַזוי ווי עס פאָדערן די באַדער־פענישן פון אַ ברייטער מאַסן־אַרבעט, ווי עס פאָדערט די קאָלאָסאַלע אויפ־גאַבע, וואָס שטייט פאַר אונז און וואַרט אויף איר לייזונג" [3].

דעם זעלבן געדאַנק האָט וולאַדימיר מעדעם געבראַכט צום אויס־דרוק אין זיין גרויסער אַרבעט „די אַלוועלטלעכע יידישע נאַציע", וועלכע ער פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „ביי דער אָרימקייט פון יידישן קולטור־לעבן, ביי דעם כראָנישן קריזיס, וואָס זי לעבט איבער, ביי דער מאַסע מניעות, וואָס איר קומט אויס צו באַקעמפן, קאָן מען קלערן וועגן אַ דער־פאָלג נאָר דעמאָלט, ווען אַלע כוחות פון דער קולטור־באַוועגונג וועלן פאַר־אייניקט ווערן אין איין אויפגאַבע; עס איז נויטיק אַ קאָנצענטראַציע פון אויפמערקזאַמקייט, אַ מאַקסימום פון איינשפאַרן זיך" [4].

סוף 1920 האָט מעדעם פאַרלאָזט פוילן און עמיגרירט קיין אַמעריקע. מיט גרויס באַפרידיקונג האָט ער געקענט זען, אַז זיין שטעלונג אין דער שול־פראַגע זיגט. עס איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע צאָל בונדישע שול־טוער, סיי אין וואַרשע, סיי אין דער פראָווינץ. די שול איז געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און אין בונד. מעדעמס קורצער אָנטייל אין דער בויאונג פון דער יידיש־וועלט־לעכער שול האָט געטראָגן אויף זיך אַלע סימנים פון זיין גרויס־אָדלע־רישקייט און גייסטיקער שיינקייט. ער האָט פאָרויסגעפילט די פאַראַנט־וואָרטלעכע און היסטאָרישע מיסיע, וועלכע די נייע שול האָט געהאַט אויסצופירן פאַר די גאַנצע דורות.

אין גיכן איז געקומען די גרינדונג פון דער צענטראַלער יידישער

שול־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אַרומגענומען אַלע שולן, וואָס זיינען גע־ווען געבויט אויפן פּרינציפּ פון יידיש און וועלטלעכקייט. דאָס איז געווען, ווי עס דריקט זיך אויס דער לאַנג־יאָריקער סעקרעטאַר פון צ. ק. פון בונד אין פּוילן, עמנואל נאָוואָגרודסקי, „אַ פּאַקטישער קאָמפּראָמיס מיט דער דאָזיקער שטעלונג פון וולאַדימיר מעדעם",[5]) וועגן וועלכער מיר האָבן פריער דערציילט.

די שול־באַוועגונג און די שול־בויאונג האָט זיך אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. אין יוני 1921 האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע און־זערע קינדער אין וואַרשע געהאַט 2 קינדער־היימען, 6 פאָלקס־שולן און איין אָוונט־שול. אין די אַנדערע פּוילישע געגנטן האָבן צוליב פּאָליציי־אישע טעמים די בונדישע שולן און קינדער־היימען נישט געטראָגן די פירמע אונזערע קינדער, זיי האָבן פיגורירט אונטער פאַרשיידענע נעמען. אומעטום זיינען די בונדיסטן געווען טעטיק און געהאַט אַ גרויסן איינפלוס.

אַזוי, למשל, איז געווען אין פּרוזשאַנע, בריסק (צווי שולן מיט ניין אָפּטיילונגען א"ב פון אונזערע קינדער), וויסאָקע־ליטעווסק, ביאַליסטאָק, קאַליש, שעדליעץ, כעלם, קאַלושין, סקערניעוויץ, וולאָצלאַוועק, זשעלעכאָוו, גאָמבין, פּיעטריקאָוו, טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, פּינסק, קראָקע, לעמבערג, ראַדאָם, קאָלאָמיי, זלאָטשעוו, סטאַניסלאַוואָוו, זדונסקאַ־וואָליאַ, קאָנסק, קוטנע, סאָסנאָוויץ, לובלין און אַנדערע ערטער.

די געזעלשאַפט „אונזערע קינדער" האָט זיך גוט אַנטוויקלט. סוף 1921 האָט די וואַרשעווער אָפּטיילונג פון „אונזערע קינדער" געציילט 850 מיטגלידער. זי האָט געהאַט איבערן לאַנד אָפּטיילונגען אין 27 שטעט — מיט 15 טאָג־שולן און 2,335 קינדער. אָבער אין גיכן האָט די פּוילישע רעגירונג גענומען רודפן די געזעלשאַפט אונזערע קינדער, און סוף שול־יאָר 1922 — 1923 איז לויט אַ באַפעל פונם אינערן־מיניסטער געשלאָסן געוואָרן די אָרגאַניזאַציע מיט אַלע אירע אָפּטיילונגען אין דער פּראָ־ווינץ[6]).

פּונקט ווי אין וואַרשע, איז אויך אין לאָדזש דער פאַרלויף פון דער שול־בויאונג און שול־באַוועגונג געווען זייער אַ שטורמישער און אינ־טערעסאַנטער. שוין אין די ערשטע חדשים פון דער דייטשער אָקופּאַציע, זומער 1915, זיינען אין לאָדזש געמאַכט געוואָרן איניקע פּרוואון אויפן געביט פון יידישן שול־וועזן. לויט דער איניציאַטיוו פון ישראל ליכ־טענשטיין ווערט כיף 1915 געעפנט אַ קינדער־היים אויף שענקעוויטש גאַס 22. דאָס איז געווען די ערשטע קינדער־היים אין לאָדזש אויף יידיש. די געזעלשאַפט הארפע, אַן עקספּאָזיטור פון דעם בונדס קולטור־אַרבעט, האָט איינגעאָרדנט אַן עפנטלעכע פאַרלעזונג וועגן דער פאָלקס־שול און איר לימוד־שפּראַך. עס איז געווען די ערשטע פאַרלעזונג פון דעם מין, דער רעפערענט איז געווען ישראל ליכטענשטיין. אַ גרויסער עפנטלעכער מיטינג איז פאָרגעקומען סוכות 1915, אַ 1000־קעפּיקער עולם נעמט

אויף מיטן גרעסטן ענטוזיאַזם די אויספירונגען פון די רעדנער וועגן איינפירן יידיש אַלס לימוד־שפּראַך אין די פאָלקס־שולן. דער דאָזיקער מיטינג איז געווען אַ ווענדפּונקט אין דער לאָדזשער באַוועגונג פאַר דער שול. באַלד איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אַ פּעטיציע־קאַמפּאַניע און מ׳האָט צונויפגעקליבן 30,000 אונטערשריפטן אונטער דער פּעטיציע צו דער דייטשער מאַכט. עס איז אויך לעגאַליזירט געוואָרן דער יידישער שול־און פאָלק־בילדונג־פאַראיין. דער פאַראיין האָט געשאַפן אין 1916 די ערשטע שול (צו איר צען־יאָריקן יובל אין 1926 האָט זי באַקומען דעם נאָמען מעדעם־שול). געעפנט האָט מען אַ פאַרבאַרייט־קלאַס און אַן ערשטן קלאַס. פאַרשריבן האָבן זיך צוויי הונדערט אַכציק קינדער, אָבער אָנגע־נומען האָט מען נאָר 72. גאָר גיך איז זיך די שול צעוואַקסן און איז אַריבער אין אַ נייעם לאָקאַל. דאָ איז די שול פאַרבליבן במשך לאַנגע יאָרן. דער אָנגערופענער בילדונג־פאַראיין האָט געהאַט זיין גרינדונגס־פאַרזאַמלונג דעם 22טן אַפּריל 1916 און גאָר בקרוב האָט ער שוין פאַר־מאָגט 12 הונדערט מיטגלידער. אין דער ערשטער פאַרוואַלטונג פון פאַר־איין איז געווען אַ מערהייט בונדיסטן: ישראל ליכטענשטיין, ח. ל. פּאָז־נאַנסקי, א. ל. זעלמאַנאָוויטש, שלמה ראַווין, י. פּיפּיקאָוו, ד. שוואַרצמאַן, פאַרן פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג איז אויסגעקליבן געוואָרן ליכ־טענשטיין. אין 1917 ווערט אין לאָדזש געקליבן דער ערשטער שטאָט־ראָט. ישראל ליכטענשטיין איז דער ערשטער בונדישער ראַטמאַן אין לאָדזש. ער טרעט כסדר אַרויס אין שטאָט־ראָט מיט פאָדערונגען בנוגע דער יידישער שפּראַך און שול. מיט 2 יאָר שפּעטער, אין 1919, אין נייעם דעמאָקראַטיש־געוויילטן שטאָט־ראַט, געלינגט אויסצוקעמפן די ערשטע סובסידיע פאַר דער איינציקער קינדער־היים אין יידיש. זי איז געגעבן געוואָרן פון בודזשעט פון סאָציאַלער שוץ.

## 2. צוגרייטונגען צום שול־צוזאַמענפֿאָר

אין 1919 ווערן געמאַכט די ערשטע שריט אויף צו אָרגאַניזירן די פֿאַראייניקונג און פֿאַראייניקונג פֿונם גאַנצן יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן אין לאַנד. דעם 14—16 אָקטאָבער קומט זיך צונויף אין וואַרשע די ערשטע באַראַטונג פֿאַרן אָנגערופֿענעם צוועק. 22 פֿאַרטרעטער מיט שטים־רעכט און אַ צאָל מיט באַראַטונג־רעכט פֿון וואַרשע, ווילנע, ביאַליסטאָק, לאָדזש, שעדלעץ. אין דער דאָזיקער באַראַטונג האָט דער בונד קיין אָפֿיציעלע דעלעגאַציע ניט געהאַט, אָבער אין דער באַראַטונג זיינען געווען באַטייליקט 6 בונדיסטן — לערער און שול־טוער. פֿון וואַרשע — בערנאַרד נאָוואָגרודסקי, יעקב קלעפּפֿיש, ליאָווע ניישטאַט; פֿון לאָדזש — י. ראַווין; פֿון ווילנע — ברוך כהן (ווירגילי); פֿון ביאַליסטאָק — י. פֿראַנקפֿורט. אַחוץ זיי האָבן זיך אויך באַטייליקט צוויי פֿאַרטרעטער פֿון בונדישן צענטראַל־אָרגאַן לעבענס־פֿראַגען — וויקטאָר שולמאַן און יצחק צימערמאַן־מאַיסקי. זיי האָבן מיטגעאַרבעט אין דער קאָמיסיע פֿאַר דער אָרטאָגראַפֿיע פֿון דער יידישער שפּראַך. אין דער פֿראַגע האָבן זיי אויך געערעדט אויפֿן פּלענום. אין פּרעזידיום זיינען געווען 2 בונדיסטן — ב. כהן און י. ראַווין. די באַראַטונג האָט געשלאָסן מיט אַ רעדע ב. כהן.

די וואָרטזאָגער פֿון דער באַראַטונג זיינען געווען די ווילנער שול־טוער, די פֿאָרשטייער פֿון דער פֿאָלקס־פּאַרטיי און פֿון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אין דער אָפֿיציעלער רעזאָלוציע ווערט די באַראַטונג באַצייכנט ווי אַ באַראַטונג פֿון „די פֿאַרשטייער פֿון די לערער און קולטור־טוער אין ליטע און פּוילן". עס ווערט דאָ געזאָגט: „די באַראַטונג אָנערקענט, אַז ביים בויען די יידישע שול קען זיך דער לערער שטיצן דער עיקר אויף דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפֿט און דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ". די באַראַטונג האָט באַשלאָסן צונויפֿצורופֿן אין וואַרשע ניט שפּעטער פֿון פּסח 1920 אַ „קאָנפֿערענץ פֿון לערער און פֿאָרשטייער פֿון קולטור־און בילדונג־געזעלשאַפֿטן, וואָס העלפֿן דירעקט דאָס בויען די יידיש־וועלטלעכע שול"; די דאָזיקע אויפֿגאַבע איז איבערגעגעבן געוואָרן דער ספּעציעל אויסגעקליבענער „אָרגאַניזאַציע־ביוראָ".

דעם 11טן און 12טן אַפּריל 1920 איז זיך צונויפֿגעקומען די „צווייטע שול־באַראַטונג". אויך אין דער צווייטער שול־באַראַטונג זיינען בונדיסטן געווען אַקטיוו. אין אָרגאַניזיר־ביוראָ פֿון 4 זיינען געווען 2 בונדיסטן, אַזוי אויך אין פּרעזידיום פֿון דער באַראַטונג. פֿון וואַרשע זיינען געווען 5 בונ־

דישע דעלעגאַטן — בערנאַרד נאָוואָגרודסקי, יעקב קלעפּפיש, ליאָווע ניי־שטאַט, העניש פאַנאַבעריע, צלובה קרישטאַל. פון ווילנע — ברוך כהן (ווירגילי); פון ביאַליסטאָק — יעקב וואַקס. אַן אָפיציעלע דעלעגאַציע איז איצט אויך נישט געווען, ווייל אין דער זעלבער צייט איז פאָרגעקומען אין קראָקע אַ לאַנד־צוזאַמענפאָר פון בונד.

די באַראַטונג האָט זיך דער עיקר באַשעפטיקט מיט דער פראַגע שול־צוזאַמענפאָר און עס איז טאַקע באַשלאָסן געוואָרן צו רופן אַזאַ צו־זאַמענפאָר. זיין נאָמען זאָל זיין: — „ערשטער יידישער שול־צוזאַמענ־פאָר פון פוילן, ליטע און ווייס־רוסלאַנד". די אָנטיילנעמער פון דער באַראַטונג האָבן פאַרשטאַנען, אַז אָן דער פולשטענדיקער אונטערשטי־צונג פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און דער עיקר פון בונד, וועט די ניי־געשאַפענע אָרגאַניזאַציע זיין אַ טויט־געבוירן קינד. אין דער אָנגע־נומענער רעזאָלוציע „וועגן דער באַציאונג פון די פאַרטייען" ווערט גע־זאָגט: „די באַראַטונג קאָנסטאַטירט, אַז אין משך פון פאַרלאָפענעם האַלבן יאָר האָבן די יידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען... ניט אַרויסגעוויזן דעם נייטיקן אינטערעס צו די וויכטיקע אויפגאַבן וואָס אונזער אָרגאַניזאַציע האָט גענומען דורכפירן. די דאָזיקע גלייכגילטיקע באַציאונג איז נאָך מער פּאַרדראָסיק, ווייל די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן זיינען בלוטיק פאַראינ־טערעסירט אין דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שול... אויב די באַציאונג פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען וועט זיך ניט אומ־בייטן, קען אונזער אַרבעט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט ווערן. דעריבער פאָדערט די באַראַטונג אויף אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען צו נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אונזער וויכטיקער אַרבעט: באַטייליקן זיך אין אַלע אונזערע באַראַטונגען, אָפּגעבן אַ געהעריקן אָרט אין דער פּאַרטיי־פּרעסע פאַר אַלע פּראַגן פון שול־געביט".

די הויפּט־וואָרטזאָגער פון די ביידע באַראַטונגען זיינען געווען די ווילנער לערער און שול־טוער. דער ווילנער כאַראַקטער פון די ניי־גע־בויטע יידיש־וועלטלעכע שולן (1838 תלמידים) איז געווען אַן אומפּאַר־טייאישער, דאָס רוב לערער און טוערס זיינען געווען אומפּאַרטייאישע, אָבער עס האָבן נישט געפעלט צווישן זיי קיין בונדיסטן. דער ווילנער יידיש־וועלטלעכער שול־וועזן איז געווען גוט אָרגאַניזירט און פאַרמאָגט אַ סך פּעדאַגאָגיש־דערפאַרענע לערער. אין 1919 איז אין ווילנע געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פאַרן ווילנער יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן — דער צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט (צ. ב. ק.) האָט זיך שפּעטער אָנגעשלאָסן אין דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע (ציש"אָ). 1920 האָט שוין דער צ. ב. ק. פאַרמאָגט 28 אַנשטאַלטן.

די באַציאונג פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען צום נייעם שול־וועזן אין לאַנד האָט זיך רעגולירט. דער בונד איז געוואָרן אַקטיוו אין די צוגרייטונגען צו דעם שול־צוזאַמענפאָר. אַזוי אַרום האָט זיך דער צענטר

פון דער גאַנצער שול־אַרבעט און שול־באַוועגונג פּאָליטיש־געזעלשאַפט־לעך אַריבערגעטראָגן פון ווילנע קיין וואַרשע.

חול־המועד פּסח (26 — 27 אַפּריל) 1921 איז אין וואַרשע פאַרגע־קומען אַ פאַרבאַראַטונג, און זי האָט ענדגילטיק זיכער געמאַכט און פעסט־געשטעלט דעם כאַראַקטער פון קינפטיקן ערשטן שול־צוזאַמענפאַר פון גאַנץ פּוילן, וועלכער זאָל אויך שאַפן דעם צענטראַלן אַפּאַראַט פאַר דער גאַנצער אַרבעט. עס ווערט אויסגעבילדעט אַן אָרגאַניזיר־ביוראָ אויף צו רופן דעם לאַנד־צוזאַמענפאָר פון די שולן. אין דער פאַרבאַראַטונג האָבן זיך באַטייליקט 34 דעלעגאַטן. אין פּרעזידיום פון דער באַראַטונג זיינען אויסגעקליבן געוואָרן פון בונד ב. מיכאַלעוויטש, ב. כהן־ווירגילי, י. פּאַט, י. רייכמאַן (פּ. צ.), און ש. מענדעלסאָן (אומאָפּהענגיקע). אין דער באַ־ראַטונג זיינען שוין געווען אַקטיוו די אַריבערגעקומענע פון קיעוו „קולטור־ליגיסטן" מ. זילבערפאַרב, ח. ש. קאַזדאַן און ש. גאָלדמאַן (ביאַליסטאָקער קולטור־ליגע). ביים באַהאַנדלען די פראַגע צי דאַרף מען אַ שול־צו־זאַמענפאָר אָדער אַ קולטור־צוזאַמענפאָר, צי זאָל דאָס זיין אַ סאָציאַ־ליסטישער שול־צוזאַמענפאָר, אָדער אַ יידיש־וועלטלעכער, האָט ב. מיכאַ־לעוויטש פאָרמולירט דעם בונדישן שטאַנדפּונקט. פּונקט ווי וולאַדימיר מעדעם אין די פאַריקע יאָרן, האָלט אויך ב. מיכאַלעוויטש, אַז „מיר מוזן אָננעמען אַ פּרינציפּ, אַז אַלע שולן וואָס זיינען יידיש־וועלטלעך, באַטיי־ליקן זיך אין צוזאַמענפאָר און בילדן דעם צענטראַלן אָרגאַן. די אינע־וויניקסטע פראַגן פון דער שול ווערן איבערגעלאָזן צום באַשליסן יעדער שול באַזונדער, אויב עס וועט ניט געפונען ווערן קיין איינהייטלעכער שול־מאָדוס פון אַ מינימום־פּראָגראַם". די רעזאָלוציע „וועגן כאַראַקטער און קאָמפּעטענץ פון שול־צוזאַמענפאָר" האָט רעקאָמענדירט: „שאַפן אַ צענטראַלע שול־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל פאַראייניקן אָרגאַניזאַציאָנעל און געזעלשאַפטלעך אַלע עקזיסטירנדיקע יידיש־וועלטלעכע שולן און דערציע־רישע אַנשטאַלטן"... „אויסאַרבעטן און פעסטשטעלן די מינימאַלע פּע־דאַגאָגיש־געזעלשאַפטלעכע פאָדערונגען, וואָס דאַרפן דינען אַלס יסוד פאַר אַ נאָרמאַלן טיפּ פון דער מאָדערנער יידישער שול". די באַראַטונג האָט אויסגעטיילט אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט אויף צו רופן, אָרגאַניזירן און דורכ־פירן דעם שול־צוזאַמענפאָר. פון בונד זיינען אַריין אין אָרגאַניזיר־קאָמי־טעט ב. מיכאַלעוויטש, י. לעשטשינסקי, ב. כהן־ווירגילי, י. פּאַט, נ. מירער.

אַזוי איז פאַרענדיקט געוואָרן דער בראשית־פּעריאָד פון יידיש־וועלט־לעכן שול־וועזן אין פּוילן. די 5 פאַרגאַנגענע יאָרן זיינען גענוג געווען, אַז די נייע שול זאָל זיך טיף איינוואָרצלען אין יידישן לעבן, זי זאָל געפי־נען אירע אייגענע וועגן און פאָרמען, זי זאָל זאַמלען אַרום זיך גרויסע מאַסן אידייאישע אָנהענגער און יידישע עלטערן, און זי זאָל געפינען אין זיך גענוג כוחות צו שאַפן די צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע, די ציש"אָ.

# 3. דער ערשטער שול־צוזאַמענפאָר און דער ניי־געשאַפענער אַפּאַראַט

דעם 15טן יוני 1921 איז אין וואַרשע מיט גרויס פייערלעכקייט געעפנט געוואָרן דער ערשטער שול־צוזאַמענפאָר, געקומען זיינען 400 דעלעגאַטן פון קאָנגרעס־פוילן, ליטע, גאַליציע און וואָלין. שטים־רעכט האָבן באַקומען 376 דעלעגאַטן, די גרעסטע פראַקציע האָט געהאַט דער בונד — 133 שטימען. די בונדישע פראַקציע האָט געקענט איצט מיט גרויס באַפרידיקונג איבערחזרן די ווערטער פון וולאַדימיר מעדעם, וואָס מיר האָבן אויבן ציטירט: „עפּעס גרויסעס שאַפט זיך, מיר וואַקסן"..
אין פּרעזידיום פון דער עפענונגס־זיצונג פון צוזאַמענפאָר זיינען געזעסן 5 בונדיסטן: ב. מיכאַלעוויטש, יוסף לעשטשינסקי, ב. כהן (ווירגילי), י. פּאַט, נ. מירער. דעם פּאַרדינסטפולן לערער און שול־טוער פון ווילנע, גרשון פּלודערמאַכער, האָט מען געגעבן דעם כבוד צו האַלטן די ערשטע עפענונגס־רעדע. אין זיין עפענונגס־רעדע האָט ב. מיכאַלעוויטש אונטער־געשטראָכן דעם פאַקט, אַז „דער יידישער לערער האָט אין די שווערסטע מאָמענטן אויסגעטראָגן די יידישע שול אויף זיינע פּלייצעס. די סימפּאַ־טיע האָט ער געפונען ביי די אַרבעטס־מאַסן. אונזערע ווייטערדיקע ביל־דונגס־אַרבעט גייט אין קאָנטאַקט מיט דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־שאַפט"... „מיר פילן אויף זיך די גרויסע התחייבות לגבי דער ווייטער־דיקער עקזיסטענץ פון אונזערע אַנשטאַלטן".

דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגן דער רעכט־לעכער לאַגע פון די שולן און אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פון אָנער־קענען די יידיש־וועלטלעכע שול און איינשליסן זי אין מלוכה־נעץ פון די אַלגעמיינע שולן; די רעזאָלוציע האָט אונטערגעשטראָכן, אַז יידישע שול מיינט די שול מיט דער יידישער אונטעריכט־שפּראַך.

ה. ערליך האָט אַזוי פאָרמולירט די אויפגאַבן פונם קאַמף פאַר דער שול און אירע פאָדערונגען: „אַ באַזונדער שווערע אויפגאַבע האָט פאַר זיך דער יידישער אַרבעטער־קלאַס אין זיין קאַמף פאַר אַ שול, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן זיינע אינטערעסן"... „די גאַנצע לאַסט פון בויען אַ שול פאַר די ברייטסטע יידישע פאָלקס־מאַסן פאַלט הויפּטזאַכלעך אויף זיינע פּלייצעס"... „ווען מיר דערקלערן, אַז די יידישע פאָלקס־שול איז פאַר די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן אַ לעבנס־פראַגע, איז דאָס ניט קיין

פראַזע״... „ווען די מלוכה וועט דעם שול־צוואַנג דורכפירן אין לעבן, וועט דאָס באַטייטן אַן אומגעהייערע סכנה פאַר אונזער שול, ווי באַלד גלייכצייטיק וועט די יידישע שפּראַך ניט אָנערקענט ווערן אָפיציעל אַלס איינע פון די אונטעריכט־שפּראַכן און די יידישע פאָלקס־שול וועט ניט איינגעשלאָסן ווערן אין דער אַלגעמיינער נעץ פון די מלוכה־שולן״... „דער פּראָבלעם פון דער יידישער שול איז אַן אויסגעשפּראָכן פּאָליטישער פּראָבלעם. דער קאַמף פאַר אַ יידישער שול וועט מוזן אויסגעקעמפט ווערן הויפּטזאַכלעך אויפן פּאָליטישן געביט״... אויך דער צווייטער פירער פון בונד ב. מיכאַלעוויטש האָט אַנטוויקלט די זעלבע געדאַנקען און געזאָגט: „צוליב דער אָנערקענונג איז פיל לייכטער צו קעמפן פאַר אַ זאַך, וואָס איז שוין דאָ, וואָס עקזיסטירט אין לעבן, איידער פאַר אַן אַבסטראַקטער אידייע. די מלוכה מוז געשטעלט ווערן פאַר געשעענע פאַקטן. די נייע שול מוז ווערן אויסגעבויט און אויסגעהאַלטן אין יעדער שטאָט און יעדן שטעטל, און דעמאָלט וועט אונז דער קאַמף פאַר זייער קיום פיל גרינגער זיין. די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, די פּראָפעסיאָנעלע, קאָאָפּעראַטיווע און קולטורעלע, מוזן אַריינגעמען אין זייערע בודזשעטן אויך די הוצאות אויף די שולן. זיי מוזן דעקן זייערע בודזשעטן, מוזן זיכערן זייער עקזיסטענץ״.

דער צוגאַנג פון דער בונדישער פראַקציע צו די שול־פּראָבלעמען האָט זיך שאַרף אונטערגעשיידט פון דער באַציאונג פון די אַנדערע צוויי סאָציאַליסטישע פראַקציעס — לינקע פועלי־ציון און פאַראייניקטע.

אין דער פּלאַטפאָרם פון דער בונדישער פראַקציע איז געווען געזאָגט: „די יידיש־וועלטלעכע שול מוז גיין אויף דעם באַטירלעכן וועג פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַן אַרבעטס־שול, אין אַ שול פון סאָציאַליסטישער דערציאונג״... „דער אַוואַנגאַרד אין קאַמף פאַר דער נייער אַרבעטס־שול איז דער יידישער אַרבעטער־קלאַס. אין איר קיום זיינען פאַראינטערעסירט די ברייטסטע מאַסן. דער אַרבעטער־קלאַס קאָנצענטרירט אַרום זיך די אַלע כוחות, וועלכע זיינען מסוגל מיטצואווירקן אין דעם דאָזיקן קאַמף״.

די שול־לאָזונגען זיינען געווען דיקטירט פון דער אַלגעמיינער פאַרטיי־ליניע פון בונד. די וואַכזאַמקייט פון די פּאָליטישע פירער פון בונד, זייער אחריות פאַר דער שול און פאַר דער יידיש־וועלטלעכער קולטור־באַוועגונג, האָט געווירקט, אַז די רעזאָלוציע פון צוזאַמענפאַר וועגן דער רעכטלעכער לאַגע פון דער נייער שול און וועגן אירע רעכטלעך־פּאָליטישע פאָדערונגען צו דער מלוכה, זאָל פאָרמולירט ווערן געמעסיקט און רעאַליסטיש. אויך די רעזאָלוציע וועגן די יסודות פון דער שול איז געווען דורכגעדרונגען מיט געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער און פּעדאַגאָגישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

דער צוזאַמענפאָר, וואָס האָט זיך געשלאָסן דעם 21 יוני 1921, האָט געוויזן, וואָס פאַר אַ געזונטן באָדן די נייע שול־באַוועגונג האָט אין יידיש־פוילישן לעבן. דער צוזאַמענפאָר האָט פּראָקלאַמירט, אַז פון היינט אָן זיינען אַלע שולן איבערן לאַנד אָרגאַניזאַציאָנעל געבונדן און צעמענטירט, און באַגייסטערט מיט איין ציל און אויפגאַבע. „אין די ראַמען פון דער נאָך עקזיסטירנדיקער אָרדנונג, האָט געזאָגט יוסף לעשטשינסקי, לאָזט זיך ניט גאָר אַ סך דערגרייכן אין דעם זינען — סאָציאַליזם מוז אָבער זיין דער רעגולאַטאָר, דער פּרינציפּ, די פּערספּעקטיוו, וועלכע דאַרף דורכדרינגען און באַפרוכפּערן די גאַנצע אַרבעט".

די בונדישע פּראַקציע האָט אַריינגעטראָגן אין דער שול־אידעאָלאָגיע סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן פּאַטאָס, זי איז געווען אַ סינטעז פון נאַציאָנאַל און סאָציאַל. די בונדישע פירער האָבן זיך געשטעלט בראָש פון דער נייער שול־באַוועגונג — דאָס האָט געהאַט אַ גרויסן פּאָזיטיוון ווערט. וואָס ווייטער האָט זיך די דאָזיקע ראָל פון בונד אין דער שול־באַוועגונג אַלץ מער געפילט. דער אָנטייל פון בונד און זיין אַקטיווקייט אין דער שול־באַוועגונג איז כסדר געוואַקסן.

אין דעם פייערלעכן אויפרוף, וועלכן די ציש"אָ האָט אַרויסגעלאָזן נאָכן צוזאַמענפאָר, האָט מען די דאָזיקע געזונטע טענדענצן בולט געזען. דער דאָזיקער אויפרוף, וואָס איר מחבר איז געווען י. לעשטשינסקי און איז געווען געווענדט „צו דער יידישער אַרבעטערשאַפט און צו אַלע פריינד פון דער נייער יידישער שול", האָט גערופן: „חברים יידישע אַרבעטער! די נייע יידישע שול איז אייער זאַך! נאָר אין איר קאָנט איר דערציען אייערע קינדער אין גייסט פון אייערע אידעאַלן פאַר לעבנספעאיקע און אַרבעטספעאיקע אַקטיווע בויער און קעמפער"... „די ניי־געשאַפענע שול־אָרגאַניזאַציע וואַרט און האָפט אויף אייער אַקטיווער הילף און שטיצע! די שול־אָרגאַניזאַציע רעכנט אויס אויף אייער שטענדיקער אינטענסיווער מיטווירקונג"... „זאָל אין יעדן פאַרוואָרפנסטן ווינקעלע אַריינדרינגען דער געדאַנק, אַז די יידישע מאַסן מוזן האָבן זייער פאָלקס־שול, און זיי מוזן אַליין העלפן בויען און שאַפן אָט די שול. יעדע אַנדערע שול — סיי די רעליגיעז־העבראַיסטישע, סיי די פרעמדע אַסימילאַטאָרישע — איז אַ געוואַלט־טאַט איבער דער נשמה פונם יידישן קינד און אַ שטיין אויפן אַנטוויקלונגס־וועג פון די ברייטע יידישע מאַסן. אין פולן גלויבן, אַז די ברייטסטע יידישע מאַסן וועלן אונזער רוף פאַרנעמען, אָרגאַניזירן מיר אונזער אַרבעט".

אונטער די זעלבע לאָזונגען האָט די ציש"אָ אויסגערופן אויף דעם חודש אָקטאָבער 1921 אַ שול־חודש. אין אויפרופן און אַגיטאַציע־בראָשורן איז דורכגעפירט געוואָרן אַ קאָלאָסאַלע קאַמפּאַניע. מיטינגען זיינען געווען אין 21 שטעט. קאָנפערענצן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און דער לאַנד־ראַט פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן גערופן צו שטיצן

דעם שול־חודש. דער דאָזיקער שול־חודש האָט מאָביליזירט די סימפּאַ־טיעס פֿאַר דער יידישער שול, ער האָט דערנענטערט און פֿאַרבונדן די יידישע מאַסן מיט זייערע שולן. אַזעלכע קאַמפּאַניעס, פּרעסע־קאָנפֿערענצן, שול־אויסשטעלונגען האָבן זיך שפּעטער איבערגעחזרט יאָר־איין יאָר־אויס. דאָס איז געווען דער ענטפֿער אויף די רדיפֿות מצד דער פּוילישער מאַכט, וואָס האָבן זיך געשאָטן אויף דער שול אומברחמנותדיק.

דעם 17טן אַפּריל 1922 עפֿנט זיך דער ערשטער עלטערן־צוזאַמענפֿאָר אין אָנוועזנהייט פֿון 124 דעלעגאַטן פֿון 48 שטעט. די ציש״אָ און איר שול־וועזן גייען ניט אַראָפּ פֿון סדר־היום פֿון דער יידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט אין פּוילן.

אין אַלע קאַמפּאַניעס האָבן די בונדישע רעדנער און אָרגאַניזאַטאָרן מיט ברען אויסגעפֿירט די נויטיקע אַרבעט. די טעגלעכע בונדישע פֿאָלקס־צייטונג איז געווען פֿול מיט אַרטיקלען, וואָס האָבן רעאַגירט אויף די חוצפּהדיקע האַנדלונגען פֿון די שול־און רעגירונגס־אָרגאַנען. די צייטונג האָט אויך רעאַגירט אויף די האַנדלונגען פֿון די יידישע קאָמוניסטן, וועל־כע האָבן באַקעמפֿט די שול־אָרגאַניזאַציע אויף אַלע אופֿנים און האָבן דורך פֿאַרשיידענע בילבולים באַשמוצט די ציש״אָ. זיי האָבן גערופֿן זייערע אָנהענגער ניט צו געבן קיין אונטערשריפֿטן אויף די פּראָטעסט־בויגנס קעגן דער רעגירונג, זיי האָבן באַקעמפֿט אַלע געלט־און רעטונגס־אַקציעס פֿון דער ציש״אָ, זיי האָבן אויפֿגעפֿאָדערט זייערע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראייניגונגען „ניט צו מישן זיך״ אין די שול־פֿראַגן, זיי האָבן געהעצט זייערע יוגנט־לעכע און יענע האָבן געוואָרפֿן שטיינער אין די פֿענצטער פֿון די אָרימע שולן, און זיי האָבן ניט איין קינד פֿון די ציש״אָ־שולן ביי פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן צעשלאָגן. זיי האָבן געפֿירט אַן אַקציע קעגן דעם דעלעגאַט פֿון דער שול־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, דעם פֿאָרזיצער פֿון ציש״אָ, ב. מיכאַלעוויטש. אַזוי האָבן זיי זיך נוקם געווען אין בונד און „זיינע״ שולן.

דער אַפּאַראַט פֿון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע האָט פֿאַר די ערשטע פֿאַר יאָר דורכגעמאַכט געוויסע צופֿאַסונגס־פּראָצעסן. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַזאַ געבוי: פּלענום, עקזעקוטיוו, אויספֿיר־ביוראָ. צום פּלענום האָבן געהערט פֿון בונד: ב. מיכאַלעוויטש (פֿאָרזיצער), י. פּאַט, ב. איסוראָוויטש, ש. גילינסקי, ש. גאָלדמאַן, ב. כהן־ווירגילי, נ. מירער, י. לעשטשינסקי. צום עקזעקוטיוו האָט דער בונד דעלעגירט: ב. מיכאַלעוויטש, י. פּאַט, י. לעשטשינסקי, ב. איסוראָוויטש, ש. גילינסקי. צום אויספֿיר־ביוראָ האָבן געהערט: נ. בוקסבוים (פּ. צ.), ש. גילינסקי, י. פּאַט, (ביידע פֿון בונד), ש. מענדעלסאָן, ח. ש. קאַזדאַן (ביידע פֿון דער „אומאָפּהענגיקער פֿראַקציע״).

## 4. דער צווייטער שול־צוזאַמענפאָר און די פירערשאַפט פון ציש״אָ

דעם 19טן אַפּריל 1925 האָט זיך אין וואַרשע געעפנט דער צווייטער שול־צוזאַמענפאָר. פאַר די פיר יאָר זינט עס איז געשאַפן געוואָרן די ציש״אָ, איז זי געוואָרן אַ וויכטיקער געזעלשאַפטלעכער פאַקטאָר אין לאַנד. דער יידיש־וועלטלעכער שול־וועזן האָט זיך דערוואָרבן אָנערקענונג אין די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע פּוילישע קרייזן. אויף דער טריבונע זיינען דאָס מאָל געזעסן פאָרשטייער פון פּ. פּ. ס., פון אוקראַאינישן סיים־קלוב, פון ווייסרוסישן סיים־קלוב, פון דער אומאָפּהענגיקער פּויערים־פּאַרטיי, פון דער אומאָפּהענגיקער סאָצ. אַרבעטס־פּאַרטיי, — געפעלט האָט נאָר די יידישע קאָלאָ (פאַראייניקונג פון יידישע דעפּוטאַטן) אין וועלכער די ציוניסטן זיינען געווען די באַלעבאַטים. דער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעהערט באַגריסונגען פון דער יידישער פאָלקס־פּאַרטיי (נח פּרילוצקי), פון אָרט, פון ווילנער יידישן דעמאָקראַטישן קלוב, פון צענטראַלן האַנטווערקער־ראַט, פון די יידישע אַקאַדעמישע פאַראיינען אין וואַרשע און ווילנע. אַ גרויסע צאָל באַגריסונגען איז געקומען פון יידישע שרייבער און געלערנטע. דער צווייטער צוזאַמענפאָר האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסע מאַניפעסטאַציע פאַרן יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן. דער צוזאַמענפאָר איז געווען אַ דעמאָנסטראַציע פון דער שעפערישקייט פון דער שול, פון אירע אינערלעכע כוחות.

אויפן פאַראייניקונג־צוזאַמענפאָר פון בונד, אַפּריל 1920, איז געשטאַנען אַן אַלגעמיינער פּונקט וועגן דער קולטור־טעטיקייט פון בונד. אין דער דיסקוסיע אַרום דעם פּונקט זיינען געווען דריי ריכטונגען: איין שטאַנדפּונקט איז געווען פאַר יידיש־וועלטלעכער קולטור פון די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן ביז די פאָלקיסטן; אַ צווייטער שטאַנדפּונקט — פאַר שאַפן די קולטור־אינסטיטוציעס נאָר צוזאַמען מיט אַנדערע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען; אַ דריטע ריכטונג האָט געהאַלטן, אַז דער בונד דאַרף די דאָזיקע אַרבעט טאָן זעלבשטענדיק, שאַפן זיינע אייגענע אינסטיטוציעס. דער צוזאַמענפאָר האָט זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט פון דער צווייטער ריכטונג, דערמאָנענדיק דערביי וועגן דעם חוב „צו פירן תמיד און אומעטום אַן אומאויפהערלעכן און ענערגישן קאַמף“... „פאַר די רעכט פון דער יידישער שפּראַך און יידישער קולטור“. נאָך מער,

נאָכן צוזאַמענפאָר פון בונד אין 1924 און אין פאַרבינדונג מיטן צוזאַמענפאָר פון ציש״אָ אין 1925, פאַרשטאַרקט זיך די ראָל פון בונד אין דער שול־באַוועגונג, חברים פון בונד נעמען אַקטיוון אָנטייל אין אַלע צווייגן פון דער שול־בויאונג און שול־קאַמף, ער ברענגט אַריין איניציאַטיוו, קאַמפּס־לוסט און זאָרג וועגן דער שול און איר אַרבעט. דאָס טראָגט אַריין אַ סך מונטערקייט און גלויבן אין די רייען פון די שול־טוער, עלטערן און לערער.

די בונדישע פראַקציע איז, אין פאַרגלייך מיטן ערשטן צוזאַמענפאָר, שטאַרק אויסגעוואַקסן. אויפן ערשטן צוזאַמענפאָר האָט זי געהאַט 35.5 פּראָצענט שטימען, אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר שוין 42 פּראָצענט (111 שטימען). אויך די אומאָפּהענגיקע שול־פראַקציע״ *) איז פאַר דער צייט פאַרשטאַרקט געוואָרן: פון 16.5 פּראָצענט אויפן ערשטן צוזאַמענפאָר, איז זי דערגאַנגען צו 20.5 פּראָצענט אויפן צווייטן שול־צוזאַמענפאָר (54 שטימען). דער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעקליבן אַ נייע הויפּט־פאַרוואַלטונג פון ציש״אָ. פון בונד זיינען אַריין 9 חברים: ב. מיכאַלעוויטש, ב. ווירגילי־כהן, י. פּאַט, י. לעשטשינסקי (כמורנער), ש. גאָלדמאַן, י. ליכטענשטיין, ל. האָדעס, ב. איסוראָוויטש, ה. פּאַנאַבעריע.

דעם בונדס ווירקונג און דעה אין דער שול־באַוועגונג איז כסדר געוואַקסן, גלייכצייטיק האָט זיך אין דער בונדישער פראַקציע געמערקט אַ גרעסערע טענדענץ אויסצוברייטערן די באַזע פון דער ציש״אָ, צו פאַרוואַנדלען די ציש״אָ־שול מער אין אַ פאָלקס־שול, ווי אין אַ סאָציאַליסטישער אַרבעטס־שול. דאָס האָט אויך געפירט אין בונד צו אַ דערנענטערונג און ענגערער מיטאַרבעט מיט דער אומאָפּהענגיקער שול־פראַקציע. כאַראַקטעריסטיש איז געווען די רעדע פון ב. מיכאַלעוויטש אויפן צווייטן שול־צוזאַמענפאָר בעת דער דיסקוסיע וועגן „טיפּ, בוי און כאַראַקטער פון דער שול״: „ס׳איז אַ טראַגעדיע פאַר אונז, האָט געזאָגט ב. מיכאַלעוויטש, וואָס מיר אַליין בויען די שולן, וועלכע ס׳האָבן געדאַרפט בויען דווקא די דעמאָקראַטישע עלעמענטן, וואָס שרייען, אַז מיר ווילן זיי נישט צולאָזן צו דער אַרבעט. די געשיכטע האָט אונז איבערגעגעבן צו בויען די יידישע שול. קיין אַנדערע זיינען ניטאָ. ס׳איז אמת, אַז עס זיינען געווען ווייסע קראָען צווישן די דעמאָקראַטישע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך געוואָרפן מיט ברען אין קאַמף פאַר דער יידישער שול, אָבער דאָס זיינען געווען איינציקע ווייסע קראָען, די גאַנצע יידישע קולטור איז געווען ביז נישט לאַנג דורכגעדרונגען מיט רעליגיעזע מאָמענטן, און דאָס האָט פאַרשווערט דעם קאַמף פאַר דער יידיש־וועלטלעכער שול״. די שטעלונג

*) אין דער „אומאָפּהענגיקער פראַקציע״ האָבן זיך אָנגעשלאָסן בונדיסטן און אַנדערע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן נישט געהערט צו אַ פּאַרטיי, אויך פאָלקיסטן און טוער פון די אָרטיקע קולטור־ליגעס אין וואָלין און ווייסרוסלאַנד.

פון ב. מיכאַלעוויטש איז געווען אין פּולן קעגנזאַץ צום שטאַנדפּונקט פון די פּועלי־ציון, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז די ציש״אָ־שול דאַרף זיין אַ פּראָלעטאַרישע סיי לויטן באַשטאַנד פון די עלטערן, סיי לויטן פּראָגראַם און לערן־מעטאָדן.

דער צוזאַמענפּאַר האָט אָנגענומען די מערהייט־רעזאָלוציע, אין וועלכער די וויכטיקע פּונקטן זיינען געווען: „...דער יידישער אַרבעטער־קלאַס איז פאַרבליבן ביז איצט דער איינציק־אָרגאַניזירטער כוח אין יידישן לעבן, וואָס קעמפּט די גאַנצע צייט קאָנסעקווענט און אומדערמידלעך פאַר די רעכט פון יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן. אין דעם דאָזיקן קאַמף, ווי בכלל אין דער גאַנצער שול־אויפבוי־אַרבעט, דאַרפן אַריינגעצויגן ווערן די ברייטע פאָלקס־מאַסן, וועלכע זיינען סאָציאַל און קולטורעל פאַראינטערעסירט אין דער אַנטוויקלונג פון אונזער יידיש־וועלטלעכער שול, פון דער יידישער שפּראַך און פון דער נייער יידישער קולטור"... „מיטגלידער פון דער שול־אָרגאַניזאַציע קאָנען זיין אַלע, וואָס אַנערקענען יידיש אַלס אונטעריכט־שפּראַך, וועלטלעכקייט פון דער שול, און וואַרפן זיך אונטער די באַשלוסן פון דער שול־אָרגאַניזאַציע"... „דאָס פאַרוואַלטן מיט די שולן אויף די ערטער געהערט צו די אָרטיקע אָפּטיילונגען פון דער שול־אָרגאַניזאַציע".

דער ערשטער פאָרזיצער פון דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע איז געווען בייניש מיכאַלעוויטש (יוסף איזביצקי). זייער שווער איז געווען די ראָל פון פאָרזיצער אין ציש״אָ אין די וויטערדיקע יאָרן, קאָמפּליצירט און פאַראַנטוואָרטלעך זיינען געווען זיינע אויפגאַבן. פיר פראַקציעס זיינען געזעסן אין ציש״אָ, דער בונד אַליין האָט ניט געהאַט קיין מערהייט, אָבער ער איז געווען — די ערשטע און די גרעסטע פראַקציע. די פאַרטייבאַציאונגען זיינען געווען ליידנשאַפטלעך פאַרשאַרפט. דער פאָרזיצער האָט געדאַרפט אָפּהיטן די גאַנצקייט פון דער אָרגאַניזאַציע און גלייכצייטיק שיצן די אינטערעסן און דעם כבוד פון דער אייגענער פאַרטיי. די ציש״אָ איז געשטאַנען פאַר שווערע מלוכהש־פּאָליטישע פראַגן, פּרינציפּיעלע און טאַקטישע. עס האָט זיך געפאָדערט אַן אויטאָריטעט, וועלכער זאָל פירן די אָרגאַניזאַציע מיטן ווירדיקן וועג. בייניש מיכאַלעוויטש פאַרבליבט דער פאָרזיצער פון ציש״אָ ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן (30טער אָקטאָבער 1928). צו דער 10טער יאָרצייט פון בייניש מיכאַלעוויטש האָט דער „כמורנער־פאָנד ביי דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן" אַרויסגעגעבן אַ בוך פון 258 זייטן אונטערן נאָמען „ליטעראַטור און קאַמף — אַ זאַמלונג פון אַרטיקלען פאַר שול און יוגנט" — געקליבענע עסייען און אָפּהאַנדלונגען פון ב. מיכאַלעוויטש, מיט אַ גרעסערער ביאָגראַפיע געשריבן דורכן שרייבער פון די שורות. די ציש״אָ האָט אויסגעבויט שולן און קינדער־היימען אויפן נאָמען פון ב. מיכאַלעוויטש אין וואַרשע, לאָדזש,

ביאַליסטאָק און אַנדערע ערטער. עס איז געווען דער דענקמאָל פון צישאָ פאַר ב. מיכאַלעוויטש.

נאָכן טויט פון ב. מיכאַלעוויטש, האָט דעם אַמט פון פאָרזיצער אין דער צישאָ איבערגענומען יוסף לעשטשינסקי (י. כמורנער). מיט גרויס אחריות, מיט ליבע צו דער שול, מיט איבערגעגעבנקייט צו דער יידיש־וועלטלעכער קולטור האָט יוסף לעשטשינסקי געטראָגן דעם טיטל פון צישאָ־פאָרזיצער. ער האָט געוואונען די אַכטונג און אויטאָריטעט סיי ביי דער לערערשאַפט, סיי ביי די באַזונדערע פאַרטיי־פאַרטרעטונגען און ריכ־טונגען אין די רייען פון דער שול־אָרגאַניזאַציע. אים איז באַשערט געווען איבערצולעבן אין דער שול־אָרגאַניזאַציע דעם שווערן פעריאָד פון ווירט־שאַפטלעכן קריזיס אין לאַנד, וועלכער האָט זיך אָפּגערופן אויף דעם מצב פון די שולן. חוץ דעם האָבן די שולן געליטן פון פאַרשיידענע מינים רעפּרעסיעס, און ניט איינע פון זיי איז געפאַלן אונטער אַט דער טאָפּלטער לאַסט. יוסף לעשטשינסקי־כמורנער איז געשטאַנען אויף דער וואַך, האָט געמונטערט, אויפגעפאָדערט צו נאָך גרעסערע קרבנות און אָנשטרענגונגען, ער האָט פאַר אַלעמען געדינט אַלס מוסטער. דעם 30טן יולי 1935 איז ער, אין עלטער פון 51 יאָר, אויסגעגאַנגען נאָך אַ שווערער קראַנקייט.

אויף דער 20טער סעסיע פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער צישאָ, דעם 4טן, 5טן יאַנואַר 1936, איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון דער צישאָ ח. ש. קאַזדאַן.

אין די יאָרן נאָכן ערשטן שול־צוזאַמענפאָר האָט זיך ש. מענדעלסאָן דערנענטערט צום בונד, און אין 1928 איז ער אַריינגעטרעטן אין בונד. (פריער געהערט צו דער פאָלקס־פאַרטיי). ש. מענדעלסאָן טיילט זיין אומ־דערמידלעכע ענערגיע און זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן, זיין פעדער און רעדנער־טאַלאַנט צווישן צישאָ און בונד.

פון בונד און בונדיזם האָט די צישאָ געשעפּט איר קאַמפּס־לוסטיקייט, איר אַנטשיידענע אויסגעהאַלטנקייט. די אַמטן פון פאָרזיצער און סעק־רעטאַר פון דער צישאָ זיינען שטענדיק געווען באַזעצט דורך פאַרשטייער פון בונד. אין פוילן האָט מען אידענטיפיצירט די צישאָ מיטן בונד.

# 5. אין קאַמף פאַר רעכט און עקזיסטענץ פון די שולן

באַלד נאָכן צווייטן שול־צוזאַמענפאָר רוקן זיך אָן שווערע צייטן און גרויסע סכנות פאַר דעם יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן. שוין אויפן צוזאַמענפאָר האָט ה. ערליך, אין זיין רעדע וועגן דער פּאָליטיש־רעכטלעכער לאַגע געוואָרנט וועגן אָט די סכנות: „די קנאַפּע פיר יאָר (1921 — 1925) האָט ער געזאָגט, האָבן אין דעם פּרט כמעט ווי קיין שום ענדערונגען ניט געבראַכט. די געשיכטע פון אונזער שול־אַרבעט איז איין גרויסע מאַרטיראָלאָגיע"... „ס'איז באמת אַ שאָד וואָס די פאַרשטייער פון דער פּויליזער דעמאָקראַטיע, וואָס האָבן אונז באַגריסט, האָבן נישט געהערט די אַלע שרעקלעכע מעשיות, וועגן וועלכע מ'האָט דאָ דערציילט אין די באַריכטן. אַדמיניסטראַטיווע הפקרות — דאָס איז דער איינציקער 'רעכט־לעכער' יסוד פון דער עקזיסטענץ פון דער יידיש־וועלטלעכער שול. אָבער דער הייַנטיקער צוזאַמענפאָר איז אַ גלענצנדיקע דעמאָנסטראַציע פון אונזער לעבנס־פעאיקייט; ער באַווייזט, אַז עס איז ניטאָ אַזאַ כוח, וואָס זאָל קענען אונזער שול אונטערברעכן"... „היינט זיינען די פאַרשטייער פון דער פּוילישער סאָצ. פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.) און פון דער פויערים־פּאַרטיי וויזוואָלעניע געקומען אונז באַגריסן. מיר מאַכן זיך נישט קיין אילוזיעס. מיר ווייסן, אַז דאָס באַטייט נאָך נישט קיין נייע ערע אין זייער באַציאונג צו אונז, אַז נאָך האָבן מיר זיי פאַר אונזערע פאָדערונגען ניט געוואונען"... „אָבער מיר זיינען זיכער, אַז דאָס מוז קומען, ווייל מיר ווייסן, אַז דאָס פאַר וואָס מיר קעמפן, ליגט אויך אין די אינטערעסן פון די פּוילישע אַרבעטנדיקע מאַסן".

די רעפּרעסיעס קעגן דער שול־אָרגאַניזאַציע, די דיסקרימינאַציעס קעגן באַזונדערע שולן האָבן אייגנטלעך זיך געצויגן פונם אָנהייב אָן. אַ לאַנגע צייט איז די שול־אָרגאַניזאַציע אַליין נישט געווען לעגאַליזירט. אַ ביטערן קאַמף זיינען אויסגעשטאַנען די צישאָ־שולן פון ווילין; אַ סך לערער ווערן נישט באַשטעטיקט, ווייל זיי זיינען כלומרשט נישט קיין בירגער; לאָקאַלן פון די שולן ווערן געפּסלט, ווייל זיי זיינען כלומרשט נישט־היגיעניש: אין ווילנער פּראָווינץ, פּונקט ווי אויף וואָלין פאָדערט מען, אַז די אַלגעמיינע קעגנשטאַנדן, וואָס מען לערנט אין שול זאָל מען בהדרגה אַריבערפירן אויף פּויליש; אונטער פאַרשידענע אויסריידן רעק־

ווּזירט מען לאָקאַלן פון דער יידישער שול. עס קומט אַ באַפעל צו שליסן אַלע שולן פון דער בונדישער געזעלשאַפט „אונזערע קינדער“ — פּאָליציי קומט און פאַרחתמעט די לאָקאַלן פון די פיר וואַרשעווער שולן.

ה. ערליך טראָגט אויס אויף זיך, צוזאַמען מיט ש. מענדעלסאָן, די שווערע אָפּוועראַרבעט קעגן די אויסגערעכנטע נגישות. עס באַווייזט זיך אַ שאַרפער אַרטיקל אין דער פּ. פּ.ס.ישער טאָג־צייטונג ראָבאָטניק און עס ווערן אָרגאַניזירט צוויי דעלעגאַציעס מצד פאַרשטייער פון בונד און פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי צו דער מאַכט: איין דעלעגאַציע פון י. קוואַפּינסקי און ה. ערליך צום וויצע־מיניסטער לאַפּושאַנסקי, אַ צווייטע דעלעגאַציע פון ה. ערליך און ז. זשולאַווסקי צום מיניסטער קומאַנ־ביעצקי. עס ווערט אויך מאָביליזירט די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט און עס ווערט פאַרעפנטלעכט אַ פּראָטעסט־דערקלערונג פון די יידישע שריפט־שטעלער, 68 אין צאָל — אַ פּראָטעסט קעגן דעם, „וואָס עס ווערן צע־טרעטן מיט די פיס אונזערע עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע און נאַציאָנאַ־לע רעכט“. עס ווערט געפאָדערט די שולן זאָלן צוריק געעפנט ווערן און בכלל אַריינגענומען ווערן אין מלוכהשן שול־נעץ.

אין 1922 פאַרעפנטלעכט דער קלוב פון די יידישע דעפּוטאַטן אין סיים (די יידישע קאָלאָ) אַ געזעץ־פּראָיעקט וועגן עפנטלעכע פאָלקס־שולן פאַר נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע מינדערהייטן. דער עקזעקוטיוו פון ציש״אָ האָט אויסגעבילדעט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס זאָל באַטראַכטן דעם געזעץ־פּראָיעקט און אַרויסזאָגן איר שטעלונג בנוגע אים. אין דער קאָ־מיסיע זיינען געווען: ה. ערליך, אסתר איווינסקאַ, ש. מענדעלסאָן, י. שיפּער, י. קרוק, ח. ש. קאַזדאַן און י. פּאַט. דער רעפערענט איבער דעם געזעץ־פּראָיעקט איז געווען ה. ערליך. די שול־אָרגאַניזאַציע איז אַרויס אין דער עפנטלעכקייט קעגן דעם געזעץ־פּראָיעקט פון דער יידישער קאָלאָ און באַפולמעכטיקט איר קאָמיסיע צוצוגרייטן אַן אייגענעם געזעץ־פּראָיעקט וועגן די שולן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

אַזאַ פּראָיעקט איז טאַקע אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך דעם בונדישן פירער ה. ערליך, ער ווערט פאַרעפנטלעכט און אַרום אים פירט די ציש״אָ אַ גרויסע קאַמפּאַניע. די רעגירונג האָט אָבער דאָס אַלץ איגנאָרירט און אין יולי 1924 האָט זי אַריינגעטראָגן אין סיים איר געזעץ־פּראָיעקט וועגן שול־וועזן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. איינם דאָזיקן פּראָיעקט ווערט לחלוטין פאַרשוויגן די יידישע שפּראַך און די שול־פאָדערונגען פון דער ציש״אָ. די שול־אָרגאַניזאַציע הייבט אויף אַרום דעם אַ שאַרפע קאַמפּאַניע: זי שיקט אַרויס אַ מעמאָראַנדום צו אַלע סיים־דעפּוטאַטן און סענאַטאָרן. דורך דעם לאַנד־ראַט פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען ווערט אַריינגעצויגן די צענטראַל־קאָמיסיע פון אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין לאַנד, עס ווערן גערופן גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען. די רעכטלעכע דיסקרימינאַציעס הערן נישט אויף: די גימנאַזיעס פון דער ציש״אָ באַקומען

נישט קיין רעכט, קיין פינאַנציעלע אונטערשטיצונג פאַר די ציש״אָ שולן קומט נישט, בלויז די אָרטיקע שטאָטישע זעלבסטפאַרוואַלטונגען, וואָס זיינען געווילט געוואָרן אויפן דעמאָקראַטישן שטייגער און וואו די יידן צוזאַמען מיט די סאָציאַליסטן האָבן געהאַט אַ מערהייט, האָבן אָנגעהויבן צו ביסלעך סובסידירן די ציש״אָ־שולן, אַזעלכע מוניציפּאַליטעטן זיינען געווען 35 אין יאָר 1927 — 1928.

דער רעזשים אין לאַנד האָט זיך געקייקלט באַרג־אַראָפּ, די פּאָלי־טישע רעאַקציע און דער אַנטיסעמיטיזם האָבן זיך געשטאַרקט. עס האָט זיך אָנגעהויבן פאַר די ציש״אָ־שולן אַ תקופה פון ווילקירלעכע, סאַדיסטישע רדיפות און נגישות, אין צענטער און אויף די ערטער. די רעגירונג האָט נישט געקענט פאַרטראָגן דעם פרייען פּעדאַגאָגישן גייסט פון דער ציש״אָ־שול, אירע שול־אויסשטעלונגען און מאַניפעסטאַציעס. די שרויף פון פאַר־פאָלגונגען אויף דער יידישער שול איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ שאַרפער און שטאַרקער. די פּוילישע בילדונגס־מאַכט האָט זיך באַמיט אַרויפצווינגען אויף די שולן דאָס לערנען פּוילישע געשיכטע און געאָגראַ־פיע אין דער פּוילישער שפּראַך; זי האָט פּראַקטיצירט פּעדאַגאָגישן קאָנטראָל איבער די שולן דורך די מלוכהשע שול־אינספּעקטאָרן; זי האָט געוואָלט אַרויפצווינגען אויף דער יידישער שול אירע פּאַטריאָטישע אידייען; די שול־מאַכט האָט כסדר באַזייטיקט „אומגעוואונטשטע" לע־רער פון דער שול־אַרבעט. עס איז געווען אַ ברייט־פאַרמאָסטענער קאַמף קעגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, קעגן בונד, קעגן דער ציש״אָ, קעגן די לערער־און דערציאונג־מעטאָדן פון דער נייער יידישער שול. אָפּשלאָגן אָט די נגישות קעגן דער שול האָט מען נישט געקענט מיט שתדלנות און „לאָקאַלע" מיטלען. אַוודאי האָבן אַ סך געהאָלפן די פּוי־לישע סאָציאַליסטן אין די מוניציפּאַליטעטן און זיי האָבן זיך וואַרעם אָפּגערופן אויף די פּראָטעסט־רעדעס פון די בונדיסטן און פריינט פון ציש״אָ. די בונדישע פירער ה. ערליך און וו. אַלטער האָבן דורך זייערע פאַרבינדונגען אין דער פּוילישער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט אָפט אויס־געפּועלט געוויסע הנחות און פאַרלייכטערונגען. דער עיקר איז אָבער געווען דער מוטיקער רעוואָלוציאָנערער קאַמף, וואָס דער בונד האָט גע־פירט אין וואַרשע און לאָדזש און אין קלענערע שטעט.

אין יאַנואַר 1936 באַשליסט די הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער ציש״אָ צו רופן אַ שול־קאָנגרעס, אין וועלכן עס האָבן געזאָלט אָנטייל נעמען נישט בלויז לערער און שול־טוער, נאָר אויך די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און פאַרטרעטער פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. אָבער שוין ביי די ערשטע טריט אויף צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן פון אַ שול־קאָנגרעס איז געקומען די וואָרנונג, אַז קיין דערלויבעניש אויף אַזאַ אונטערנעמונג וועט מען בשום אופן נישט באַקומען. אַ האַלב יאָר שפּעטער, אויפן 13טן

יוני 1936, ווערט גערופן אַן „אַרבעטער־קאָנגרעס צום קאַמף מיטן אַנטיסע־מיטיזם". די צישאָ האָט זיך פֿאַרשטענדיקט מיטן לאַנד־ראַט פון די פּראָפע־סיאָנעלע פאַראייגען פון די יידישע אַרבעטער, וואָס איז געווען דער איניציאַ־טאָר פון קאָנגרעס, און עס איז געוואָרן פּלאַנירט, אַז די צישאָ זאָל אָרגאַ־ניזירן אויפן קאָנגרעס אַ קולטור־סעקטאָר און עס זאָל אָפּגעגעבן ווערן אַ גאַנצער טאָג דער יידישער שפּראַך, דער יידיש־וועלטלעכער שול און קולטור. דער דאָזיקער טאָג האָט געדאַרפט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע פאַר דער שפּראַך און קולטור פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. לויט דער ווענדונג פון דער צישאָ זיינען שוין געווען אויס־געווילט 223 דעלעגאַטן צום קולטור־סעקטאָר, אַ פאַרטרעטערשאַפט פון 143 שטעט. אָבער די פּוילישע רעגירונג האָט דעם קאָנגרעס פאַרבאָטן. אַ טאָג פאַרן עפענען דעם קאָנגרעס, דעם 10טן יוני האָט דער לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייגען פון די יידישע אַרבעטער, וואָס אין זיין נאָמען איז גערופן געוואָרן דער קאָנגרעס, באַקומען אַ מעלדונג פון וואַרשעווער רעגירונגס־קאָמיסאַריאַט, אַז דער קאָנגרעס ווערט פאַרבאָטן.

מעלדנדיק וועגן דעם דער עפנטלעכקייט, האָט דער הויפּט־קאָמיטעט פון געפּלאַנטן קאָנגרעס צום קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם, גלייכצייטיק פאַרעפנטלעכט אַ ספּעציעלע אויסגאַבע אונטערן נאָמען צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. די דאָזיקע אויסגאַבע (3 יולי 1936) איז תיכף קאָנ־פיסקירט געוואָרן. אין איר איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דער מאַניפעסט פון שטומען קאָנגרעס און איז געווענדט צו אַלע אַרבעטנדיקע. ביים סוף זאָגט דער מאַניפעסט:

„יידישע אַרבעטס־מענטשן פון פּוילן, ווייזט אַרויס מוט און גלויבן אין אייער קאַמף! סיי די פּוילישע אַנטיסעמיטן, סיי די יידישע נאַציאָ־נאַליסטן באַטראַכטן אייך ווי פרעמדע אין דעם לאַנד. זיי ווילן אייך איינרעדן, אַז אייער איינציקער אויסוועג איז אייער אויסוואַנדערונג פון פּוילן. ענטפערט זיי שטאָלץ און מוטיק: דאָ זיינען מיר געבוירן, דאָ אַרבעטן און קעמפן מיר, דאָ לעבן מיר מיט אונזער פּיין און פרייד, דאָ איז אונזער היימלאַנד. קיין שום פאַרפאָלגונגען פון דער רעאַקציע זיינען נישט אימשטאַנד אָפּצושאַפן דעם פאַקט און דעם באַוואוסטזיין, אַז מיר זיינען דאָ איינגעוואָרצלטע בירגער, וואָס טראָגן זייערע פליכטן גלייך מיט אַנדערע און וואָס מאָנען זייער רעכט צוגלייך מיט אַנדערע".

אין דער אויסגאַבע פונעם הויפּט־קאָמיטעט זיינען אויך פאַרעפנט־לעכט דריי לאַנגע רעזאָלוציעס, וואָס דער אַרבעטער־קאָנגרעס האָט געזאָלט אָננעמען: 1. פּאָליטישע רעזאָלוציע, 2. ווירטשאַפטלעכע רעזאָ־לוציע, 3. רעזאָלוציע וועגן די שול־ און קולטור־פּראָבלעמען פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן. דאָס זיינען היסטאָרישע דאָקומענטן, געשריבן מיט ווירדע און מוט. די רעזאָלוציע וועגן שול און קולטור פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער:

„דער קאָנגרעס פּראָטעסטירט אין נאָמען פון די מיליאָניקע יידישע מאַסן אין פּוילן קעגן דער רעכטלאָזיקייט פון דער יידישער שפּראַך, פון דער יידיש-וועלטלעכער שול, פון דער יידישער ליטעראַטור און פון יידישן טעאַטער. דער פאַקט, וואָס ביי דער פאָלקסציילונג אין 1931 האָבן אָנגעגעבן אַלס זייער מוטער-שפּראַך יידיש — אין וואַרשע 94 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג, אין ווילנע 99 פּראָצענט, אין פּאָליעסער וואָיעוואָודשאַפט 99 פּראָצ. און אין דער וואַרשעווער וואָיעוואָודשאַפט 98 פּראָצענט, — איז דאָס דער בעסטער באַווייז, אַז פאַר דער פייערלעכער פאָדערונג פון קאָנגרעס צו געבן פולע גלייכבארעכטיקונג דער יידישער שפּראַך און קולטור שטייען די ריזיקע מאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן. מיר רופן אויס — אַ סוף מוז נעמען צו דער רעכטלאָזיקייט פון דער יידיש-וועלטלעכער שול, אַ סוף מוז נעמען צו דעם באַרויבן די עלעמענטאַרסטע רעכט פון יידיש אַלס שפּראַך. אַ סוף מוז נעמען צו דעם באַהאַנדלען די יידישע ליטעראַטור און דאָס יידישע טעאַטער ווי שטיפקינדער, וואָס ווערן געררודפט.

דער קאָנגרעס פּראָטעסטירט קעגן די יידישע קהילות, וועלכע דערלויבן זיך צו פירן פאָלקס-שולן נישט אין דער יידישער שפּראַך; וועלכע דערלויבן זיך צו באַלעבאַטעווען מיט די געלטער פון די יידישע מאַסן אויף אַן אומדערהערטן אופן און אויספירנדיק געטריי זייער מה-יפית-ראָל אין יידישן לעבן, שטיצן זיי נישט די וויכטיקסטע פּאָזיציעס פון דער יידיש-וועלטלעכער קולטור — די יידיש-וועלטלעכע שול. דער קאָנגרעס רופט אַלע יידישע אַרבעטנדיקע מענטשן צו שטיצן די יידיש-וועלטלעכע שול און איר רעפּרעזענטאַנץ די צישאָ.

דער קאָנגרעס פאָדערט אַ פאָלקס-שול, אויסגעהאַלטן פון דער מלוכה, אין דער מוטער-שפּראַך פון די קינדער, פאַר די יידישע קינדער אין יידיש. דער קאָנגרעס פאָדערט צו שאַפן אַ נעץ פון אָונט-שולן, פאַך- און מיטלשולן פאַר די יידישן מאַסן-קינדער אין זייער שפּראַך. דער קאָנגרעס פאָדערט אַז די מלוכה זאָל אויסהאַלטן ביבליאָטעקן, פאָלקס-אוניווערזיטעטן פאַר די יידישע מאַסן. דער קאָנגרעס פאָדערט אָנערקענונג פון יידיש אין דער מלוכה, אין דער עפנטלעכקייט. דער קאָנגרעס פאָדערט מלוכה-געזעצלעכע זעלבסטפאַרוואַלטונגען פאַר די קולטור-נויטן פון די יידישע מאַסן!"

***

די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער האָבן זיך נישט באַגרענעצט מיט אָננעמען רעזאָלוציעס און זיך באַטייליקן אין פּראָטעסט-פאַרזאַמלונגען. די פאַראיינען האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך גוטע שול-טוער, בעיקר פון יענע מיטגלידער, וואָס האָבן געהאַט קינדער אין די צישאָ-שולן. די לעצטע יאָרן פאַרן קריג האָבן די פאַראיינען געשאַפן ביי זיך שול-קאָ-

מיטעטן און זיי האָבן איבערגענומען די אַפּוטרופּסות איבער באַשטימטע שולן אין וואַרשע: באַקלייד־פאַראיין (מיכאַלעוויטש־שול), דרוקער־פאַראיין, מעטאַל־פאַראיין און אַנדערע. די דאָזיקע שול־קאָמיטעטן האָבן איינגעשטעלט וואָכן־שטייער פון יעדן פאַראיינס־מיטגליד, און דאָס איז איינגעצאָלט געוואָרן יעדע וואָך צוזאַמען מיטן אָפּצאָל פאַרן פאַראיין. אָט די אָרגאַניזאַציע־פאָרם האָט אַריינגעטראָגן אַ סך אַקטיוויקייט אין די רייען פון די עלטערן און שול־סימפּאַטיקער, זי האָט דערנענטערט די לערער מיט די עלטערן און שול־טוער. די אָרטיקע שול־קאָמיטעטן האָבן איינגעאָרדנט שול־אָוונטן מיט איינגעלאַדענע רעדנער, מיטן אָנטייל פון די קינדער, וואָס האָבן אויסגעפירט פּראָגראַמען פון געזאַנג און רעציטאַציעס, אַמאָל גאַנצע פאָרשטעלונגען. זיי האָבן דערנענטערט עלטערן מיט די קינדער, מיט די איצטיקע תלמידים און מיט די, וואָס האָבן געענדיקט די שולן מיט אַ פּאָר יאָר פריער.

„אויף אַ זיצונג פונעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד, — דערציילט מנחם ראָזענבוים, מיטגליד פון פּרעזידיום פון באַקלייד־פאַראיין (2500 מיטגלידער) — האָט דער סעקרעטאַר פון דער וואַרשעווער שול־אָרגאַניזאַציע, שלמה זוסמאַן, אויפגעשטעלט די פראַגע וועגן דער שווערער לאַגע פון די וואַרשעווער צישאָ־שולן: שוין חדשים לאַנג ווי עס איז ניטאָ קיין געלט צו צאָלן די לערער — זיי הונגערן ממש. מ׳צאָלט ניט פאַר די שול־לאָקאַלן — עס דראָט אַ קאַטאַסטראָפע. זיין באַריכט האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף אַלע קאָמיטעט־מיטגלידער. דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד האָט אָנגענומען אַ באַשלוס זיך צו ווענדן צו די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אַז זיי זאָלן אָנהייבן אַ קאַמפּאַניע צווישן זייערע מיטגלידער און זיך באַטייליקן אין דער אַלגעמיינער אַקציע צו העלפן די שולן מאַטעריעל. די צוויי אָנוועזנדיקע אָנפירער פון באַקלייד־פאַראיין האָבן געמאָלדן, אַז זיי וועלן אַוועקשטעלן די שול־פראַגע אויף אַ זיצונג פון זייער פאַרוואַלטונג. די פראַגע איז טאַקע באַטראַכט געוואָרן אויף אַ באַנטער זיצונג און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַשטייערן יעדן מיטגליד פון פאַראיין מיט פינף גראָשן אַ וואָך פאַר הילף צו די שולן. גלייכצייטיק איז באַשלאָסן געוואָרן אַז דער באַקלייד־פאַראיין וועט דער אַפּיטרופּוס איבער דער מיכאַלעוויטש־שול אויף מילע 51. דער באַשלוס איז שפּעטער באַשטעטיקט געוואָרן אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער פון פאַראיין. עס האָט זיך איינגעשטעלט אַזאַ אָרדענונג: בעת דער מיטגליד האָט געצאָלט זיין מיטגלידס־אָפּצאָל צום פאַראיין, האָט ער אויך גלייך איינגעצאָלט די באַשלאָסענע 5 גראָשן און עס איז אים איינגעשריבן געוואָרן ביים קוויטירן — 5 גראָשן פאַר דער מיכאַלעוויטש־שול.

ביים פאַראיין איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער שול־קאָמיטעט, צוזאַמענגעשטעלט פון אַלע פאַכן, וואָס זיינען געווען אָרגאַניזירט אין פאַראיין. די אויפגאַבע פונעם שול־קאָמיטעט איז געווען צו פּאָפּולאַריזירן די

לאַזונג — הילף פאַר אונזערע שולן. אין לאָקאַל פון דער שול פלעגט דער קאָמיטעט אין אַ שבת־צונאַכט אָרגאַניזירן פאַמיליע־אָוונטן מיט דער באַטייליקונג פון פאַראיינס־מיטגלידער, אין די אָוונטן האָבן זיך אויך באַטייליקט די לערער, זיי האָבן גערעדט וועגן די אויפגאַבן און פּראָבלעמען פון אונזערע שולן. אין די צוזאַמענקומען האָבן זיך אויך באַטייליקט קינדער פון די עלטערע קלאַסן. זיי האָבן געזונגען און פאַרגעלייענט פון דער יידישער ליטעראַטור. ס'איז געווען אַ נחת צו קוקן ווי עס האָט זיך איינגעשטעלט אַן אינטימע פאַרבינדונג צווישן קינד, טאַטע־מאַמע און לערער.

די געהאַלטן פאַר די פאַראיינס־אָנגעשטעלטע האָט מען אויסגעצאָלט יעדן פרייטיק אין אָוונט אין דער פאַראיינס־ביוראָ. געוויינטלעך אין דער צייט האָט דאָ זיך געפונען דער פּרעזידיום פון פאַראיין, און אין זיין אָנוועזנהייט האָט דער קאַסירער לייב פּיעקאַזש אויסגעצאָלט דעם פאַרשטייער פון די שולן שלמה זוסמאַן די סומע, וואָס איז אַריינגעקומען פון די 5־גראָשנדיקע איינצאָלונגען פאַר דער שול. אַזוי האָט זיך איינגעשטעלט דער מנהג, אַז שלמה זוסמאַן איז געקומען אין פאַראיינס־קאַנצעלאַריע צוגלייך מיט די אָנגעשטעלטע פון פאַראיין. ביים באַקומען זיין טייל פאַר דער שול פלעגט ח' זוסמאַן אַ שמייכלדיקער דאָך זאָגן צו די חברים: „איר דאַרפט מער טאָן פאַר דער שול"...

אויך די אַנדערע פאַראיינען וואָס זיינען געווען אָרגאַניזירט ביים צענטראַל־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין וואַרשע, האָבן געפירט אַ שטענדיקע הילפס־אַרבעט פאַר די שולן. קלענערע פאַראיינען פלעגן זיך פאַרבינדן און נעמען איין שול צו העלפן אין איר נויט.

אַזוי איז אָנגעגאַנגען די הילפס־אַרבעט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון וואַרשע און אַזוי איז אויך געווען אין די אַנדערע גרעסערע שטעט פון לאַנד. אַזוי, למשל, לייענען מיר אין אַ ווענדונג פונעם לאָדזשער „קוראַטאָריום פון די שולן און קינדערהיימען אויפן נאָמען פון וו. מעדעם" — צו די לאַנדסלייט אין אַמעריקע (מאַי 1936), זיי זאָלן קומען צוהילף דער מעדעם־שול, וועלכער עס דראָט די געפאַר צו ווערן עקסמיטירט פון איר לאָקאַל — לויטן פּסק־דין פון געריכט: „מיר טוען דאָ אויפן אָרט אַלץ, וואָס עס איז באַר מעגלעך צו ראַטעווען די שול: די עלטערן פון דער שול באַשטייערן זיך, די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען באַשטייערן זייערע מיטגלידער; אַרבעטער, אַרבעטער־פרויען, פאַבריקן און וואַרשטאַטן, טראָגן זייערע לעצטע גראָשנס כדי צו ראַטעווען די שול, אָבער ביי די הערשנדיקע באַדינגונגען אין לאַנד, ביי דער גרויסער אַרבעטסלאָזיקייט צווישן די לאָדזשער יידישע אַרבעטער וועלן מיר ביי דער גרעסטער אָנשטרענגונג קענען שאַפן בלויז אַ טייל פון די נויטיקע 8,000 זלאָטעס".

# 6. די בונדישע לערערשאַפט

די בונדישע לערערשאַפט איז געווען אַ גאָר וויכטיקער זייל אין בנין פון דעם צישאַ־שול־וועזן. זי האָט אַריינגעטראָגן אידעאַליזם און ווילן צו פעדאַגאָגישער שעפערישקייט. זי האָט געזוכט נייע מעטאָדן פון דערציאונג, זי האָט באַלויכטן איר אַרבעט מיט די אידעאַלן פון יידישער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרייאונג. די בונדישע לערער האָבן באַטראַכט זייער שול־אַרבעט ווי אַ דינסט און אַ חוב צו דער פאָלקס־מאַסע, ווי אַ טייל פון דער גרויסער אַרבעטער־באַוועגונג. דורכגעדרונגען מיט אויפ־ריכטיקער ליבע צום יידישן קינד, האָבן זיי באַוואונדערט די טאַלאַנטן און פעאיקייטן פון יידישן קינד, זיין אויפנאַמס־פעאיקייט פאַר די שיינע אידעאַלן פון דער מענטשהייט, זיין צונויפגעבונדנקייט מיטן יידישן לעבעדיקן וואָרט.

די גאַנצע לערערשאַפט פון צישאַ־שול־וועזן איז געווען אַ גרויסער האַר־ציקער לערער־קאָלעקטיוו. עס האָבן זיך אַרויסגערוקט יונגע טאַלענטיר־טע כוחות. אַן אידעאישער אומרו האָט באַהערשט אָט די לערער־מאַסע. זיי האָבן אין שול און קינדער־גאָרטן באַוויזן וואונדער. וואָלטן די מאַטעריע־לע באַדינגונגען פונעם לערער און פון דער שול געווען אַנדערש ווי זיי זיינען געוועזן, וואָלט דער לערער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול געוואָרן אַ מוסטער פאַר גאַנץ אייראָפע.

די בונדישע לערער זיינען געווען די נשמה פון דער שול, דער מוח און דער גייסט אירער. די לערערשאַפט האָט כסדר עקספערימענטירט, געשפונען נייע אידעען, געזוכט נייע מעטאָדן. בונדישע לערער האָבן די סאָציאַליסטישע אידעאַלן טאָג־טעגלעך געשמידט און פאַרווירקלעכט אין דער פראַקטיק פון דער שול, געגרייט בירגער פאַר דער צוקונפט, געגרייט דעם נייעם טיפ ייד און פאָלקס־אינטעליגענט. די גאַנצע לערערשאַפט פון דער צישאָ איז געווען יונג, דרייסט אין איר פאַרנעם, אין אירע טרוימען, זי האָט פאַרמאָגט ברען און אימפעט. זי איז געווען אַ קינד פון דער נייער יידיש־סאָציאַליסטישער לעבנס־פילאָזאָפיע, וואָס האָט אין די לעצטע צענטליקער יאָרן באַהערשט די מוחות פון דער יידישער אינטעליגענץ. זי איז געשטאַנען אין לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט דער עלטערן־מאַסע, און זי האָט די עלטערן פאַרבונדן מיט דער גרויסער וועלט.

די בונדישע לערערשאַפט, אַזוי ווי דער גאַנצער לערער־קאָלעקטיוו, איז באמת געווען אַ וואונדערבאַרער דור. זיי האָבן אַריינגעגאָסן אין זייער

אַרבעט אַ כוואַליע פון פּאַלקסטימלעכקייט און טיפסטער איבערגעגעבנקייט צו דער יידישער שפּראַך און צו אַלע פאָרמען פון דער נייער יידישער וועלטלעכער קולטור. די לערערשאַפט איז געווען דורכגעדרונגען מיט קעג־נערשאַפט צו דער אַלטער שול און צו דער יידישלעכער פילאַנטראָפּיש־פּאַרבירגערלעכטער שול. אַ באַגייסטערטע ליבע צו דער שול אין דער מוטער־שפּראַך פונם קינד האָט באַהערשט די ענטוזיאַסטישע יידישע לערער. ווען ניט אַט דער אידעאַליזם פונם לערער, וואָלט די שול ניט אויסגעהאַלטן די פּאָליציייִשע רדיפות, די יעזואיטישקייט פון די שול־אינספּעקטאָרן, און דער עיקר — די מאַטעריעלע נויט.

נישט אַלע לערער זיינען געווען בונדיסטן, איך האָב אָנגעציילט אין חעם „לערער־יזכור־בוך" און אין דריי בענד „דורות בונדיסטן" — 250 נאַצי־אומגעבראַכטע בונדישע לערער. זיי זיינען געווען דער רוקנביין פון דער ציש״אָ־שול. אָבער אויך די לערער פון די אַנדערע פּאַרטייען און די פּאָליטיש־נייטראַלע פון דער פּראָווינץ האָבן פון זייער זייט פאַרמאָגט אַ סך נאַציאָנאַלע ווירדע און עקשנות. זיי האָבן זיך אין שול אויסגעלעבט נאַציאָנאַל, קולטורעל, גייסטיק.

וואָרשעווער לערער האָבן אַריינגעטראָגן אין דער שול־באַוועגונג ברען, ענטוזיאַזם, פּאָליטישן שוואונג און קאָמפּסלוסטיקייט. ווילנער לערער האָבן אַריינגעטראָגן אין דער ציש״אָ־שול אויסדויער און לערערישע דערפאַרונג, זיכערקייט און גלויבן. די שטילע נאַיווע פּראָווינץ האָט אַריינגעבראַכט פּאָלקסטימלעכע איבערגעגעבנקייט און עקזיסטענץ־דערפינדערישקייט. אין דער שול האָט זי אַריינגעטראָגן איר גאַנצע האַרץ און נשמה.

די ציש״אָ האָט דורכגעפירט צענטליקער לערער־קורסן און קאָנפערענצן. צוזאַמען מיטן 2־יאָריקן לערער־סעמינאַר אין וואַרשע און מיט דעם 5־יאָריקן מעדעם־סעמינאַר אין ווילנע, האָט זיך דאָ געשמידט דער פּרצוף פון דער לערערשאַפט. דער אימפּעט און די אַקטיוויקייט פון דער לערערשאַפט האָט געשטויסן צו די אַלע אונטערנעמונגען. עס איז געווען דער אויסדרוק פון דעם פּעדאַגאָגישן אומרו פון די לערער, פון זייער אומאויפהערלעכן זוכן די וועגן צו זייער אידעאַל פון דערציאונג. מיט דער הילף פון די קאָנפערענצן, קורסן און סעמינאַרן האָט די לערערשאַפט געפורעמט דעם גייסטיקן פּנים פון דער יידיש־וועלטלעכער שול.

**
*

פּונקט ווי די פּוילישע רעגירונג, אַזוי האָבן אויך די אינעווייניקסטע יידישע רעאַקציאָנערע קרייזן קעגנער פון ציש״אָ שטענדיק אידענטיפיצירט ציש״אָ מיט בונד, זיי האָבן אונטערגעשטראָכן: די ציש״אָ־לערער זיינען אַלע בונדיסטן.

אין דער שענדלעכער העצע־קאַמפּאַניע קעגן די ציש״אָ־שולן אין אויגוסט 1929 האָט טאַקע די ציוניסטישע פּרעסע זיך קאָנצענטרירט אויפן דאָזיקן פּונקט: די ציש״אָ — דאָס איז דער בונד. די הויפּט־אַטאַקע האָט

געפירט אין דער פרעסע א. גאָלדבערג, רעדאַקטאָר פון דער ציוניסטישער טאָג־צייטונג היינט אין וואַרשע... „אין עטלעכע יאָר אַרום וועלן מיר האָבן פון די צישאָ־שולן אַ מחנה פון צענטליקער טויזנטער שונאי־ישראל און שונאי־ציון“... „מיר ווילן אויפדעקן דעם פּסעוודאָנים פון צישאָ און זאָגן, אַז דאָס איז דער בונד“ — שרייבט אַ צווייטער ציוניסטישער טוער. א. גאָלדבערג רופט אויס: „צישאָ איז די וויכטיקסטע פּאָזיציע פון בונד און די געפערלעכסטע פאַר יידן“. די יידישע געזעלשאַפט מוז די בונדישע צישאָ אומברענגען! די שטעלונג איז אַ געבאָט פאַר יעדן ציוניסט, פאַר יעדן נאַציאָנאַלן ייד... פאַר אונז זיינען פּריוואַטע חדרים, פּריוואַטע יידישע שולן און די מאָדערנע תלמוד־תורות אָן אַ פאַרגלייך בעסער ווי די בונדישע צישאָ־שולן! (היינט).

אויך דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי, די ציוניסטישע בלעטער, איז נישט אָפּגעשטאַנען אין דאָזיקן קאַמף און העצע. מיר לייענען דאָרט: „די אויפגאַבע פון נאַציאָנאַלן יידנטום ביי אונז אין פוילן איז איבערצוגיין צום שאַרפסטן קאַמף קעגן דער בונדישער פּאַרטיי און קעגן אַלע אירע אינסטיטוציעס“... „דער אָנגריף מצד דער פּרעסע קעגן די צישאָ־שולן איז נאָר אַ פאָרשפּיל צום קאַמף, וואָס דאַרף זיך אָנהייבן“...

אין איר מאַניפעסט „צו די יידישע מאַסן“ האָט די צישאָ רעאַגירט אויף דער העצע־קאַמפּאַניע: „אַרום אונז שטייט ווי אַ מעכטיקער שוצמויער די גאַנצע באַוואוסטזיניקע אַרבעטערשאַפט, אַלע פּראָגרעסיווע כוחות, די גרויסע מחנה, די צענטליקער טויזנטער קינדער, וואָס האָבן געענדיקט און די וואָס לערנען איצט אין אונזערע שולן. עס איז ניטאָ דער כוח, וואָס זאָל זיי קענען אומברענגען!“ עס ווערט פאַרעפנטלעכט אַ פּראָטעסט־אויפרוף קעגן היינט און פאַר די יידיש־וועלטלעכע שולן — אונטערן נאָמען מיר וועלן שיצן. 60 יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן זיינען אונטערגעשריבן אונטער דעם פּראָטעסט־אויפרוף. אָבער דער ציוניסטישער צענטראַל־קאָמי־טעט טוט ווייטער זיין שענדלעכע אַרבעט: אין אַ געהיימען צירקולאַר רעקאָמענדירט דער ציוניסטישער צענטראַל־קאָמיטעט אַלע ציוניסטן אין שטאָט־ראָטן און קהילות — נישט צו דערלאָזן קיינע סובסידיעס פאַר די צישאָ־שולן. אויך די אַגודת־הרבנים האָט אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף קעגן די שולן, דער קוטנער רב האָט אַרויסגעלאָזט אַ באַזונדער חרם־אויפרוף און געוואָרנט די עלטערן: „ראַטעוועט אייערע קינדער פון שמד און אונטערגאַנג“. [8]

וואונדערבאַר האָבן זיך געהאַלטן די לערער פון די צישאָ־שולן במשך פון אָט די פיינלעכע העצעס. אויך די עלטערן און שול־טוער זיינען גע־שטאַנען פעסט אויף זייערע פּאָזיציעס. די שול־אָרגאַניזאַציע האָט ווייטער געקעמפט מיט זיכערקייט בויען אויף דער געטריישאַפט פון די אַרבעטער,

עלטערן, גראַדואירטע שילער, בפרט וואָס זיינען שוין געווען אָנגעשלאָסן אין יוגנט־בונד־צוקונפט, און מער פון אַלץ אויף דער לערערשאַפט. דער וואָס האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט אַריינצוקוקן אין דעם אינהאַלט פון דער אַרבעט פון די ציש״אָ־שולן אין די גרעסערע שטעט, פון דער רעאַל־גימנאַזיע און מעדעם־סאַנאַטאָריע, האָט געזען בחוש: דאָ דערציט די לערער־שאַפט אַ דור פון נייער גייסטיקער אינטעליגענץ, בויער פון יידישן לעבן, אַ יוגנט וואָס וועט זיך אַריינגיסן אין יידישע אינסטיטוציעס פון פאַרשידענע טיפן און זיי אויפהייבן אויף אַ הויכער מדרגה. די יונגע לערערשאַפט האָט געשעפט באַגייסטערונג פון דער בונדישער אידעאָלאָגיע, און די שול איז ווייטער געגאַנגען באַרג אַרויף.

***

עס איז געוויס דער חוב פון דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג צו פאַראייביקן די נעמען פון די בונדישע לערער, וואָס זיינען געפאַלן אונטער דער האַק פון די נאַציס. טיילווייז איז עס געטאָן געוואָרן אין „לערער־יזכור־בוך״, אויך אין די דריי בענד „דורות בונדיסטן״. דאָ וועלן מיר אַרויסברענגען נאָר אַ קליינע צאָל פון יענער בונדישער לערער־מחנה מיט זייערע ביאָגראַפישע הויפּט־שטריכן און כאַראַקטעריסטיקעס. די דאָזיקע לערער דינען ווי אַ מוסטער פון דעם טיפּ ציש״אָ־לערער, פון זייערע פאַרמעסטן און דערגרייכונ־גען.

**הערשל גרינבוים** — געענדיקט דעם לערער־סעמינאַר און געאַרבעט אַלס לערער אין בערעזע, פּרוזשאַנע, שפּעטער אין די וואַרשעווער ציש״אָ־שולן, אויך אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. אַן אַקטיווער בונדיסט, האָט ער די לעצטע יאָרן מיטגעאַרבעט אין אַרכיוו פון צ. ק. פון בונד. גענומען אָנטייל אין פאַרשידענע לערער־קאָנפערענצן און אָפּגעדרוקט עטלעכע וויכטיקע און ערנסטע אָפּהאַנדלונגען אינעם אָרגאַן פון ציש״אָ „שולוועגן״.

**מאָטל גילינסקי** (באַטקע) — געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאַר, אַ קורצע צייט געאַרבעט אין ציש״אָ־שולן אויף דער פּראָווינץ, שפּעטער לאַנגע יאָרן אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. איינער פון די פירנדיקע לערער־פּעדאַגאָגן אין דער סאַנאַטאָריע. ער האָט אָנגעפילט די סאַנאַטאָריע מיט קינדערשער פרייד און גליק דורך די וועכנטלעכע קאָנצערטן און די גרויסע פאַרוויילונגען. אין זיין פּעדאַגאָגיש־קינסטלערישער אַרבעט איז ער געווען אויסערגעוויינטלעך שעפעריש און דערפינדעריש. געווען אַן איבערגעגעבע־נער בונדיסט און ניט אין מאָל אַרויסגעוויזן זיין געטריישאַפט צו דער פּאַרטיי.

**ליזע האָלצמאַן** — געאַרבעט אין לאָדזשער ציש״אָ־שול אויפן נאָמען פון וו. מעדעם. אַ טאָכטער פון רייכע עלטערן, האָט ליזע באַקומען אַ זייער גרינטלעכע בילדונג, און באַזוכט די פּאַריזער עקאָל דע פּאַרי. לויט איר

איניציאַטיוו זיינען פאַרגעקומען 2 אויסשטעלונגען פון קינדער־אַרבעטן פון די ציש״אָ־שולן, אין דער שווייץ (לאָקאַרנאָ) און אין פּאַריז. ווען אין 1928 ווערט געשאַפן אין לאָדזש די צווייטע בונדישע שול אין האַרץ פון אָרימען קוואַרטאַל (מיכאַלעוויטש־שול), האָט ליזע האַלצמאַן זיך גלייך געשטעלט דאָ צו דער אַרבעט אַלס פאַרוואַלטערין און לערערין פון דער שול. די מיכאַלעוויטש־שול האָט זיך גוט אַנטוויקלט, און דאָס איז געווען דער פאַר־דינסט און די דערגרייכונג פון ליזע האַלצמאַן.

יוליאַן וועליקאָווסקי — בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך אַנגעשלאָסן אין דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע צוקונפט און ער איז געוואָרן איינער פון אירע ערשטע טוער און רעפּערענטן. זיין אייגנט־לעכע היים איז געווען די מיכאַלעוויטש־שול אויף מילע 51. ווען, אין וועלכער שעה נאָר, מען איז אַריינגעקומען, האָט מען דאָ געטראָפן יוליאַנען. נאָך אַ טאָג לערער־אַרבעט, ביז צוויי אַזייגער ב״מ, האָט זיך אָנגעהויבן זיין אַרבעט אין קינדער־קלוב, אין אַ סקיף־קרייז אָדער צוקונפט־קרייז.

יאַנקל טרופּיאַנסקי — געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאַר. געווען טעטיק אין די ציש״אָ־שולן אין וואַרשע און אין מעדעם־סאַנאַטאָריע. געלערנט נאַטור־וויסנשאַפט, גימנאַסטיק, געזאַנג, מוזיק. ער איז אַ קוואַל פון פרייד פאַר די קינדער. ער שאַפט אַן אָרקעסטער פון יונגע, קליינע קינדער, ער פירט אַן מיטן קינדער־כאָר, און טרעט אויף מיט זיי אויף גרויסע שול־אונטערנעמונגען. ער שאַפט מוזיק צו אַ ריי לידער — זיי ווערן געזונגען אין שול און מעדעם־סאַנאַטאָריע. ער דערנעענטערט זיך צום בונד און ווערט אַקטיוו אין דער בונדישער קינדער־אָרגאַניזאַציע (סקיף). „לעבנסלוסטיק, מוטיק, האָפערדיק, אָפּטימיסטיש, שטורמיש איז ער געווען״ — אַזוי כאַ־ראַקטעריזירט אים ש. מענדעלסאָן.

סאָניע נאָוואָגרודסקי — נאָך גאָר אין די יונגע יאָרן האָט זי זיך פאַרבונדן מיט דער בונדישער באַוועגונג. אין אומאָפּהענגיקן פוילן ווידמעט זי אַלע אירע כוחות דער שול־באַוועגונג. זי ווערט אַ לערערין אין די יידיש־וועלטלעכע שולן, זי איז איינע פון די בעסטע לערערינס, זי איז אַקטיוו ביים אָרגאַניזירן און אָנפירן מיט די עלטערן־קאָמיטעטן, זי גיט אַוועק אַ סך כוחות אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אַרום דער שול.

יצחק מאַן — אין 1928 האָט ער געענדיקט דעם לערער־סעמינאַר, געווען לערער אין די ציש״אָ־שולן אין פּרוזשאַנע, וויסאָקע, בריסק, קוטנע. צוליב זיין בונדישער טעטיקייט אין וויסאָקע איז ער אויסגעשטאַנען אומ־געהויערע רדיפות מצד דער פּוילישער מאַכט, און צום סוף איז ביי אים אין גאַנצן אָפּגענומען געוואָרן דאָס רעכט צו זיין לערער. אַ ביסל שפּעטער האָט דאָס שול־קוראַטאָריום באַזייטיקט פון דער וויסאָקער שול אַלע לערער. צוויי לערער האָט מען אַרעסטירט, געשמידט אין קייטן און אַוועקגעפירט

קיין בריסק. אין 1938 איז י. מאַן געוואָרן דערציִער אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. ער איז גאַר גיך געוואָרן איינער פון אירע הויפּט־קרעפטן.

**זונדל מאַנדעלבריט** — אין 1931 פאַרענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאַר, און נאָך אַ פּאָר יאָר לערעריי אין דער פּראָווינץ, באַקומט ער אַרבעט אין די וואַרשעווער ציש״אָ־שולן. ער לערנט נאַטור־וויסנשאַפט, יידישע געשיכטע, ער פירט אָן מיט די קינדער־קלובן; ער אַרבעט אויף זומער־קאָלאָניעס און אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. אַ ברייט פעלד צו פאַרווירקלעכן זיינע שטרעבונגען און אַנצואווענדן זיינע פעאיקייטן, האָט ער געפונען אין די גרויסע אויסשטעלונגען פון דער ציש״אָ. וואָכנלאַנג האָט ער געאַרבעט ביי יעדער אויסשטעלונג און באַזונדערס אויף דער אויס־שטעלונג „יידן אין פּוילן", וועלכע די פּוילישע רעגירונג האָט פאַרבאָטן. זיין גאַנץ לעבן איז ער געווען אַ געטרייער בונדיסט.

**נחום און לאה מירער** — נחום איז געווען אַן אַבסאָלווענט פון ווילנער לערער־אינסטיטוט, אַלס יוגנטלעכע האָבן ביידע אָנגעהויבן זייער פּעדאַגאָ־גישע אַרבעט אין לוצק. אָנהייב די 20ער יאָרן קומט נחום קיין וואַרשע און ער פאַרנעמט דאָ גלייך אַן אָנגעזעען אָרט אין ציש״אָ־שול־וועזן. ער ווערט פאַרוואַלטער אין דער פאָלקס־שול אויף מילע 49, שפּעטער אויף מילע 51. אויפן סמך פון זיין לאַנגיאָריקער פּראַקטיק האָט ער צוגעגרייט און מיט דער הילף פון ציש״אָ אַרויסגעגעבן אַ לערן־בוך פון געשיכטע אין דריי טיילן. אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין די ציש״אָ־זשורנאַלן „די נייע שול" און „שולוועגן". דאָס גאַנצע לעבן פון די מירערס איז געווען אויסגעפילט מיט דערהויבנקייט, ליבשאַפט און שעפערישקייט.

**צביה פּאַט** — אין 1915־16 ווערט זי אַ לערערין אין דער דבורה־קופּערשטיין־שול אין ווילנע, אין דער זעלבער צייט האָט זי אַליין געלערנט אין ווילנער אוניווערזיטעט. ווען די ציש״אָ עפנט אין ביאַליסטאָק אַ יידישע גימנאַזיע, ווערט זי לערערין אין דער גימנאַזיע. דער בונד איז ביי איר געווען אַן ענין פון טיפן גלויבן און געטריישאַפט.

**רבקה פּאַט** — די לעצטע 20 יאָר פון איר לעבן זיינען געווען יאָרן פון טרייהייט און איבערגעגעבנקייט צום בונד. זי האָט געפירט דעם לימוד פון האַנט־אַרבעט אין די וואַרשעווער ציש״אָ־שולן, די יידיש־וועלטלעכע שול איז פאַר איר געווען אַן אַרבעט־שול, אַ מוסטער פון דער צוקונפטיקער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. זי איז יאָרנלאַנג געווען אַ מיטגליד פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון דער בונדישער קינדער־אָרגאַניזאַציע סקיף.

**שלמה מעלמאַן** — ער און זיין פרוי **איטקע לאַזאַר** האָבן געאַרבעט פון 1925 ביז 1928 אין טשענסטאָכאָווער פּרץ־שול. ביידע האָבן פאַר־ענדיקט דעם לערער־סעמינאַר פון ציש״אָ אין וואַרשע. ביידע האָבן געהערט

צום בונד און אַנגעפירט מיט סקיף־אַרבעט. אַ סך יאָרן געאַרבעט אין די מעדעם־ און מיכאַלעוויטש־שולן אין לאָדזש. אויפן ערשטן לאַנד־צוזאַמענפאָר פון סקיף, אָקטאָבער 1936, האָט מעלמאַן געהאַלטן אַ רעפעראַט אונטערן נאָמען די אַרבעט פון סקיף אין אונזערע שולן און צווישן די שילער פון אונזערע שולן. „די שילער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול, האָט ער געזאָגט, זיינען אַ גאָר וויכטיקער עלעמענט אין דער סקיף־באַוועגונג"... „ס'מוז זיין אַ באַזונדער קאָנטאַקט צווישן שול און סקיף. ס'מוז זיין ווי ווייט מעגלעך אַ צוזאַמענאַרבעט"...

**יוסף קאַץ** — אין 1921 טרעט ער אַריין אין מעדעם־סעמינאַר אין ווילנע. ער אַרבעט זייער אַ סך איבער זיך, ער איז איינער פון די בעסטע סעמינאַר־אַבסאָלווענטן. זיין ערשטע לערער־אַרבעט איז אין ביאַליסטאָק אין דער גראָסער־שול, נאָך דעם באַקומט ער אַרבעט אין ווילנע, וואו ער קומט אָן אויפן אוניווערזיטעט. גלייכצייטיק גיט ער אָפּ צייט דער בונדישער פּאַרטיי־אַרבעט. ער קומט אָפּט קיין וואַרשע און פירט אויס פּאַרשידענע פּאַרטיי־אויפגאַבן. ברייטערע מעגלעכקייטן פון צוזאַמענלעבן מיט די קינדער האָט ער געפונען אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע, אין וועלכער ער האָט געאַרבעט אין איר בעסטן בליאונגס־פּעריאָד. י. קאַץ האָט דאָ פונאַנדער־געוויקלט אַלע זיינע טאַלאַנטן ווי אַ דערציער און פירער פון דער יוגנט.

**לייב שיפּרעס** — פאַרענדיקט דעם לערער־סעמינאַר, האָט ער געאַרבעט אַלס יידיש־לערער אין דער קאָברינער שול און שפּעטער אין לוצק. אַ דאַנק זיין געטריישאַפט און ענערגיע, צעוואַקסט זיך די לוצקער שול אין משך פון אַ קורצער צייט. אין 1931 ווערט ער אַנגאַזשירט אַלס פאַרוואַלטער פון דער ציש״אָ־שול אין גראָדנע. ער אַרבעט דאָ 8 יאָר. שיפּרעס איז זייער אַקטיוו אין דער בונדישער פּאַרטיי־אַרבעט, ער ווערט אויסגעקליבן אין דער גראָדנער קהילה און איז ראַטמאַן פון גראָדנער שטאָט־ראַט. ער פירט אָן מיט דער אַרבעט פונעם יוגנט־בונד־צוקונפט, ער אָרגאַניזירט אַ סקיף ביי דער שול און פירט אָן מיט די בונדישע זומער־לאַגערן.

***

גרויס איז געווען די ראָל פון דער בונדישער לערערשאַפט אין דער ציש״אָ־באַוועגונג. די לערער זיינען געווען די גרינדער און איניציאַטאָרן פון די שולן, זיי האָבן אַליין געבראַכט גרויסע קרבנות אויפן מזבח פון די שולן און געפאָדערט אַזעלכע קרבנות פון דער יידישער געזעלשאַפט. די בונדישע לערערשאַפט האָט זיך באַטראַכט ווי די טרעגערין פון גרויסע נאַציאָנאַלע עובדות און אידעאַלן. די לערערשאַפט איז געווען דער אוואַנ־גאַרד פון דער מחנה קעמפער פאַר דער יידישער שפּראַך און יידיש־וועלט־לעכער קולטור. די בונדישע לערער האָבן געשאַפן אַ נייעם סאָציאַליסטישן און קולטור־נאַציאָנאַלן סטיל אין לעבן פון דער יידישער אינטעליגענץ און יוגנט.

# 7. די עלטערן און שול־טוער

די עלטערנשאַפט פון די ציש"אָ־שולן איז באַשטאַנען פון צוויי עלעמענטן: אַ פּאַרטייאיש־באַוואוסטזיניקער און אַ פּאָליטיש־נייטראַלער. דעם צווייטן טיפּ עלטערן האָט עס געצויגן צו דער שול סטיכיש. זיי האָבן געפילט, עס איז זייער שול. זיי האָבן געזען בחוש וויפל פרייד און גליק די שול פאַרשאַפט זייערע קינדער. זיי האָבן געלערנט צוזאַמען מיט די קינדער, געוואַקסן צוזאַמען מיט זיי און צוזאַמען מיט זיי „פאַרענדיקט" די שול. די מעדעם־סאַנאַטאָריע האָבן זיי באַטראַכט ווי זייער אייגענע היים, און די יום־טובים פון דער שול און פון דער סאַנאַטאָריע זיינען געווען זייערע יום־טובים.

י. ראָטנבערג, וועלכער איז יאָרנלאַנג געווען לערער און פאַרוואַלטער פון ציש"אָ־שולן, האָט פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג אונטערן נאָמען שולטוער און עלטערן־קאָמיטעטן ביי די יידישע פאָלקשולן אין פוילן.[*] ער האָט געגעבן אַן אויסשעפּנדיקע כאַראַקטעריסטיק פון דעם דאָזיקן טיפּ עלטערן, דער עיקר בונדיסטן־עלטערן און בונדישע סימפּאַטיקערס, וואָס זיינען געווען טעטיק אין דער שול־אַרבעט אין וואַרשע און אויף דער פּראָווינץ. „יעדער שול — דערציילט י. ראָטנבערג — האָט זיך געהאַט איר עלטערן־קאָמיטעט און אין יעדן עלטערן־קאָמיטעט זיינען שטענדיק געווען אַזוי גערופענע שול־וועטעראַנען, וואָס זיינען יאָר־איין יאָר־אויס געקליבן געוואָרן אין די עלטערן־קאָמיטעטן פון שול. זיי האָבן דאָ אָנגעהויבן די אַרבעט מיט זייערע אייגענע קינדער און שפּעטער שוין געהאַט דאָרט אַפילו אייניקלעך. אָט פאַר די שול־וועטעראַנען איז די שול געוואָרן דער תוך פון זייער לעבן. שול־פאַרוואַלטערס האָבן זיך געטוישט, לערער זיינען אַוועק און עס זיינען געקומען פרישע לערער, הונדערטער קינדער האָבן גראַדויִרט און מיט דער צייט אפילו געוואָרן שול־טוער און די דאָזיקע שול־וועטעראַנען זיינען ניט אָפּגעטראָטן פון זייער שול. זיי האָבן מדריך געווען די ניי־צוגעקומענע עלטערן, שול־טוער, אַריינגעפירט זיי אין דער שול־אַרבעט, אָנגעשטעקט זיי מיט זייער ליבשאַפט און ענטוזיאַזם"... „אַזעלכע נעמען ווי ב. מענדעלסונד, א. שריי, י. בערנצווייג, מ. שיפּמאַן, י. לערוך זיינען געווען אַזוי פּאָפּולער צווישן דער לערערשאַפט ווי די אָנגעזעענע פירער פון די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס אָדער פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען". אָט די אויסגערעכנטע נעמען זיינען פון באַקאַנטע וואַרשעווער בונדיסטן, אָבער פונקט אַזוי איז עס געווען אויך אין דער פּראָווינץ.

אין די יאָרן 1937־1938 האָט זיך זייער פאַרשטאַרקט די קאָנטראָל פון די פוילישע אַנטיסעמיטישע שול־אינספּעקטאָרן, זיי האָבן וויזיטירט אונזערע שולן און געוואָלט כאַפּן ביי שרעקלעכע עבירות. ביי איינעם אַזאַ וויזיט אין אַ וואַרשעווער ציש״אָ־שול האָט דער אינספּעקטאָר באַמערקט דעם שול־טוער י. בערנצווייג און אַ זאָג געטאָן, אַז ווען ער קומט אין שול טרעפט ער אים. אויף דעם האָט אים י. בערנצווייג רואיק און מיט איראָניע אָפּגעענטפערט: „און איך האָב שוין דאָ אַ סך אינספּעקטאָרן געזען פאַר איך און וועל נאָך, האָפנטלעך, טרעפן נאָך איך".

„פונקט ווי יעדער קלאַס האָט געהאַט זיין לערער דערציער — דער־ציילט וויטער י. ראָטנבערג — אַזוי האָט ער אויך געהאַט אַ מיטגליד פון עלטערן־קאָמיטעט אַלס משגיח, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט די עניינים פון געגעבענעם קלאַס. ביידע — דער לערער־דערציער און דער טאַטע־משגיח — האָבן געמיינזאַם געפירט די געזעלשאַפטלעך־דערציערישע אַרבעט אין קלאַס, אָרגאַניזירט דעם קאָנטאַקט מיט די עלטערן, קלאַסן־פאַרזאַמלונגען א״א... עס איז אָפט מאָל אויסגעקומען ממש צו באַ־וואונדערן די פאַרשטענדעניש פון אַזעלכע עלטערן שול־טוער פאַר פאַר־שידענע סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע סיטואַציעס, וואָס האָבן נישט זעלטן קאָמ־פּליצירט די דערציאונגס־אַרבעט פון דער שול"...

זייער אַ סך האָבן די וואַרשעווער עלטערן־קאָמיטעטן פון די ציש״אָ־שולן געטאָן אויף צו העלפן די אָרימסטע און שוואַכסטע קינדער. אַחוץ דער גאַנץ־יאָריקער באַשפּייזונג פאַר די אָרימסטע קינדער, האָבן די עלטערן־קאָמיטעטן געמאַכט די גרעסטע באַמיאונגען און אָנשטרענגונגען, אַז די פיזיש־שוואַכע קינדער זאָלן אין דער צייט פון די צוויי־חדשימדיקע זומער־וואַקאַציעס קענען פאַרברענגען אויף דער פרישער לופט, צווישן וועלדער און פעלדער, און באַקומען אַ גוטע דערנערונג. „במשך פון די צוויי חדשים זומער־וואַקאַציעס פלעגן אַרויסגעשיקט ווערן אויף די קאָלאָניעס ביז 300 קינדער, וואָס זיינען קוואַליפיצירט געוואָרן דורך די שול־דאָק־טוירים אַלס די שוואַכסטע און דורך די עלטערן־קאָמיטעטן — אַלס די אָרימסטע". פון יאָר צו יאָר האָט מען „פאַרבעסערט אין די קאָלאָניעס די באַשפּייזונג, פאַרגרעסערט די שלאָף־צימערן, פערפעקציאָנירט די היגיע־נישע און ריינקייט־באַדינגונגען אונטער דער השגחה פון דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטערס. עס זיינען אַנגאַזשירט געוואָרן דערפאַרנסטע לערער פון די יידישע שולן, וואָס האָבן אָנגעפירט אַן אינטערעסאַנטע דערציאונגס־אַרבעט צווישן די קינדער".

לויט דער איניציאַטיוו פון די וואַרשעווער עלטערן־קאָמיטעטן איז געשאַפן געוואָרן אַ פּעדאַגאָגישער זשורנאַל פאַר עלטערן אונטערן נאָמען עלטערן־טריבונע. דער זשורנאַל האָט באַהאַנדלט לרוב פּראַקטישע טאָג־טעגלעכע דערציאונגס־פּראָבלעמען און עס האָבן אין אים מיטגעאַרבעט לערער און עלטערן. אין דער אָפּטיילונג „פראַגעס און ענטפערס" האָבן זיך

אפגעשפיגלט די פאַרשיידענע ספקות און שוועריקייטן, מיט וועלכע די עלטערן טרעפן זיך אַן אין זייער טאָג־טעגלעכן צוזאַמענלעבן מיט די קינדער. פון די קאַדרען פון די עלטערן־קאָמיטעטן, בפרט פון די בונדישע סימפּאַטיקער, האָבן זיך מיט דער צייט אויסגעבילדעט אָנגעזעענע קול־טוער־געזעלשאַפטלעכע טוער. ווען זייערע קינדער האָבן גראַדואירט, האָבן זיי ווייטער ממשיך געווען זייער אַזוי נוצלעכע שול־ און קולטור־אַרבעט. דאָס איז געווען דער טיפּ עלטערן־שול־טוער אין די גרויסע שטעט, ווי וואַרשע, לאָדזש, ביאַליסטאָק, ווילנע א״א. און דאָס זיינען געווען אויך די שול־טוערס אין די קליינע פּראָווינץ־שטעט וואו דאָס עפענען אַ שול, זי אויס־האַלטן און באַשיצן פאַרן בייזן אויג פון אינספּעקטאָר האָט געפאָדערט אומ־געהייערע אָנשטרענגונגען און מסירת־נפש.

אַן אַנקעטע פון דער צישאָ אין 1937־1938 האָט געוויזן, אַז דער רוב מנין פון צישאָ־שול־וועזן, באַשטייט פון קינדער פון אַרבעטנדיקע שיכטן און מאַכט אויס פון 66 ביז 85 פּראָצענט. אין די וואַרשעווער שולן איז געווען: 30.7 פּראָצענט קינדער פון פאַבריק־ און ווערקשטאַט־אַרבעטער; 11.3 פּראָצ. האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע און פרייע פּראָפעסיעס; 37 פּראָצ. כאַלופּניקעס; צוזאַמען 79 פּראָצענט. אין אַזאַ קליין שטעטל ווי פּרוזשאַ־נע, למשל, איז דער פּראָצענט עלטערן געווען: לוין־אַרבעטער און בעלי־מלאָכות — 59 פּראָצענט, בעלי־עגלות 12 פּראָצ., קרעמער און הענדלער 12 פּראָצ., פרייע פּראָפעסיעס 5 פּראָצ., אַנדערע: 12 פּראָצענט. דער דאָזיקער באַשטאַנד איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די עלטערן פון די צישאָ־שולן אין די גרעסערע שטעטלעך. קינדער פון אַרבעטנדיקע עלטערן האָבן אין די צישאָ־שולן דאָמינירט. די 85 פּראָצענט עלטערן פון אַ לאָדזש און אַ לובלין — דאָס זיינען געווען די „קליענטן״ פון דער בונדישער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג. דאָס איז געווען אַן אייגנאַרטיקער טיפּ עלטערן. מאַמעס האָבן געהערט צו סאָציאַליסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציעס (יאַף) א. אַ., טאַטעס האָבן געהערט צום בונד און צו די פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען, אָדער צום סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין. די קינדער און יוגנטלעכע האָבן געהערט צום סקיף און יוגנט בונד צוקונפט. אַ גרויסער טייל לערער זיינען געווען מיטגלידער פון בונד.

די צישאָ און די יידיש־וועלטלעכע שול־באַוועגונג איז געווען אויס־געמישט מיטן קאַמף פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט פאַר אירע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אידעאַלן.

**

אַ סך פון די עלטערן־שול־טוער זיינען פּאַראיביקט אין די בענדער דורות בונדיסטן. איך וועל דאָ נאָר אָנווייזן, אין וועלכן באַנד געפינען זיך זייערע ביאָגראַפיעס און כאַראַקטעריסטיקס.

זייער אַקטיוו אין ווילנער שול־וועזן איז געווען דער גוט־באַקאַנטער

בונדיסט יאַנקל זשעלעזניקאָוו. זיין ביאָגראַפיע און כאַראַקטעריסטיק געפינט זיך אין באַנד 1 דורות בונדיסטן.

אַ סך ענערגיע, איניציאַטיוו און איבערגעגעבנקייט האָט אָפּגעגעבן פאַר דער נאָווידוואָרער שול פון ציש"אָ דער פּאָפּולערער און באַליבטער בונדיסט חיים רודאַווסקי (דורות בונדיסטן ב. 2).

אַהרן יודל שליאַקמאַן, וועלכער איז געווען יאָרנלאַנג פאָרזיצער פון פּינסקער קאָמיטעט פון בונד, ראַטמאַן פון שטאָט־ראַט און איניקע יאָר אויך לאַווניק פון מאַגיסטראַט, איז געווען אַ מוסטער פון געטריישאַפט און צוגעבונדנקייט צו דער בונדישער שול אין פּינסק (דורות בונדיסטן ב, 2).

זייער אַן אָריגינעלער, ליבער און סימפּאַטישער טוער פון די וואַרשעווער יידיש־וועלטלעכע שולן איז געווען בנימין מענדעלסונד. אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון פאַראיין פון דערנערונגס־אַרבעטער, האָט ער געטיילט זיין צייט, זיינע כוחות און איניציאַטיוו מיט די ציש"אָשולן אין וואַרשע (דורות בונדיסטן ב, 3).

נחום וואַפּנער, פון פאַך אַ בוכהאַלטער, איז געווען אַן אַלטער אַקטיווער בונדישער טוער אין ווילנע. באַזונדערס טעטיק איז ער געווען אין דער שול־באַוועגונג און געווען פאָרזיצער פון עלטערן־קאָמיטעט ביים צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט צ. ב. ק. (דורות בונדיסטן ב, 2).

יצחק גאָרנשטיין, אַן איבערגעגעבענער און אַקטיווער בונדיסט אין ראַוונע, בונדישער פאָרשטייער אין שטאָט־ראַט, קהילה און אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, איז ער געווען באַזונדערס אַקטיוו אין דער טעטיקייט פון דער ציש"אָ־אָפּטיילונג אין ראַוונע. ער האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם אָנגריף פון די פּוילישע רעאַקציאָנערע מאַכט־אָרגאַנען אויף די דאָרטיקע שולן (דורות בונדיסטן ב, 3).

מערקווירדיק איז די גאַלעריע בונדישע שול־טוער אין וואַרשע, ביאַליסטאָק, ווילנע, לאָדזש און אַנדערע שטעט און שטעטלעך. פּאָליטישע סאָציאַליסטישע טעטיקייט — און שול־אַרבעט זיינען ביי זיי געווען גלייך אָנגעזעזן. בונד און ציש"אָ — דאָס איז געווען זייער פאָלקס־אוניווערזיטעט, דאָ האָבן זיי זיך גייסטיק אויסגעלעבט, אַרויסגעוויזן אַ סך אָרגאַניזאַציאָנעלע פעאיקייטן און פאַרשטענדעניש פאַר געזעלשאַפטלעכער אחריות. אָט זיינען עטלעכע פאָלקסטימלעכע טיפּן פון בונדישע שול־טוער.

**ביאַליסטאָק:**

שלמה וואַרהאַפטיק: איינער פון די אינטעליגענטסטע פאָלקס־מענטשן אין בונד, פון די ערשטע טוער פון דער אָרטיקער יידישער שול־באַוועגונג, גרינדער פון די וועלטלעכע שולן גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווען די באַזונדערע שול־פאַרוואַלטונגען זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן און ס'איז געשאַפן געוואָרן די פאַרוואַלטונג פון דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין ביאַליסטאָק, איז וואַרהאַפטיק געוואָרן איינער פון די אַקטיווסטע

מענטשן אין דער שול־אָרגאַניזאַציע. פון פאַך אַ שניידער פון מיליטער־מלבושים, האָט ער קיין מאָל נישט פאַרפעלט קיין זיצונג פון דער „יישאָ״ און אירע שול־קאָמיסיעס, און אָנטייל גענומען אין די פאַרשידענע דעלע־גאַציעס אירע. ווען אין ביאַליסטאָק איז לויטן באַשלוס פון קאָמיטעט פון בונד געגרינדעט געוואָרן אַן אָפּטייל פון דער קולטור־ליגע, איז וואָרהאַפּ־טיק געוואָרן דער פאָרזיצער פון דער קולטור־ליגע און דער שטענדיקער פאָרזיצער פון אירע עפנטלעכע קולטור־אונטערנעמונגען, לעקציעס און קאָנצערטן.

ראובקע כאַיאַט: פון זיינע ייִנגסטע יאָרן אַ בונדיסט, און ווען זיינע צוויי קינדער ווערן תלמידים אין דער גראָסער־שול, ווערט ר. כאַיאַט פאַר־אינטערעסירט אין דער שול־אַרבעט. אַ טעקסטיל־אַרבעטער, באַזוכט ער אָפּט די גראָסער־שול, זיך צו דערוויסן וואָס הערט זיך בייעס, און שמועסן מיטן פאַרוואַלטער בנימין פלאַמענבוים. אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ר. כאַיאַט אויסגעקליבן געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג פון דער יישאָ אין ביאַליסטאָק. ס׳איז נישט געווען קיין גרעסערער יום־טוב פאַר אים, ווי בייצווינען אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פון דער יישאָ, אָדער קומען אין זיין גראָסער־שול.

פיניע פייגין, אַקטיווסטער טוער פון טעקסטיל־פאַראיין און לאַנגע יאָרן דער פאָרזיצער פון זיין פאַרוואַלטונג, איז ער אָבער אויך געווען אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע און שטענדיק געקומען צו אירע זיצונגען. ביי אַרויסטרעטונגען אויף וואַל־פאַרזאַמלונגען האָט פיניע נישט פאַרפעלט צו פאָדערן רעכט פאַר די יידישע שולן, סובסידיעס פון דער שטאָט־קאַסע און אַוודאי פון דער יידישער קהילה.

**וויסאָקע־ליטעווסק:**

אָדאַנק דער ענערגיע פון די געטרייסטע טוערס פון דער ציש״אָ־שול, די ח״ח י. גינזבורג און דוד גרינשפּאַן, איז אויסגעבויט געוואָרן דער איי־גענער בנין פאַר דער דאָרטיקער פּרעכטיקער ציש״אָ־שול. אָבער די זעלבע חברים זיינען געווען בונדישע ראַטמענער אין שטאָט־ראַט, און די פאַר־שטייער פון דער רעגירונג אין וויסאָקע האָבן באַשלאָסן זיך נוקם זיין אין דער שול פאַר די אָפּאָזיציאָנעלע רעדעס און האַנדלונגען פון די בונדיסטן. אין שול איז אַראָפּגעקומען אַ פאָרשטייער פון דער מאַכט, מען האָט די שילער פשוט אַרויסגעטריבן און דעם בנין פאַרחתמעט. דער שול־בנין איז געווען די דערגרייכונג פון די פאָלקס־מענטשן און טוער אַרום דער שול. דוד גרינשפּאַן, אַ באַלעבאָס פון אַ קליינער בעקעריי און דער פאָרזיצער פון דער שול־פאַרוואַלטונג, האָט באַוואויגן אַלע בעלי־מלאָכות פון שטעטל צו אַרבעטן עטלעכע שעה אַ טאָג בחינם ביים בויען די געביידע. נאָך צוויי יאָר איז די געביידע פאַרטיק געוואָרן, די זיכערהייטס־ און שול־מאַכט

האָבן געזוכט אַלע שפּיצלעך צו פּסלענען דעם שיינעם געמויערטן בנין. האָט די זיכערהייט־מאַכט אַרויסגערופן גרינשפּאַנען און אים געמאָלדן אַז זי גיט אים 24 שעה צייט זיך איבערצולייגן: אָדער ער זאָל נישט עפענען די שול, אָדער מע וועט שליסן זיין בעקעריי. זיין תשובה איז געווען אַ קורצע: „איך גיב איך שוין מיין באַשלוס — טוט מיט דער בעקעריי וואָס איר ווילט". די בעקעריי איז אַ האַלב יאָר געווען פאַרמאַכט. גרינשפּאַן האָט שווער געהונגערט. די שול איז אָבער געווען ווייטער טעטיק.

**וואַרשע:**

איינער פון די קאָלירפולסטע שול־מענטשן אין וואַרשע איז געווען דער פאָרזיצער פון פאַראיין פון די יידישע דרוקעריי־אַרבעטער לאַזער קלאַג. זיין ספּעציעלע מצווה פאַר דער שול איז געווען פאַרמען יעדן יאָר די זומער־קאָלאָניע־צייטונג פון די וואַרשעווער צישאָ־שולן. נאָך דעם ווי ער האָט פאַרענדיקט זיין אַרבעט אַלס מעטראַנפּאַזש אין דער דרוקעריי פון דער צייטונג דער מאָמענט, דריי אַזייגער ביינאַכט, פלעגט ער זיך נעמען צו דער אַרבעט אַרום דער קאָלאָניע־צייטונג. מיט אַ ליבן וואַרעמען שמייכל פלעגט ער זאָגן: „ביז איצט האָב איך געאַרבעט פאַר מיין קערפּער, איצט אַרבעט איך פאַר מיין נשמה"... „זאָל זיין מיין קליינער צושטייער פאַר אונזערע קליינע קינדערלעך"...

אַן אינטערעסאַנטער טיפּ איז געווען דער פאָרזיצער פון עלטערן־קאָמיטעט ביי דער מיכאַלעוויטש־שול אין וואַרשע, א. שריי, אַ טובער־קולאָזער לעדער־אַרבעטער. ער האָט אויסגעפירט זיינע פונקציעס מיט אַחריות און געטריישאַפט. צום אָנהייב שול־יאָר האָט ער געעפנט די עלטערן־פאַרזאַמלונג מיט אַזעלכע פשוטע און פאַטעטישע ווערטער: „איך וואָלט אייך זיכער נישט געדאַרפט אַגיטירן אַ סך, אַז איר זאָלט אַרבעטן פאַר אונזער שול, ווען איר זאָלט פילן און איבערלעבן דאָס, וואָס איך לעב איבער ביי דער אַרבעט אין שול. זי איז געוואָרן מיין שבת און יום־טוב אין דער וואָכן, מיין אַפרו און פרייד, אַפילו אין מיין קראַנקייט האָב איך פאַרגעסן. וואָס האָבן מיר אַרבעטער מער אין לעבן, ווי די האָפענונג, אַז אונזערע קינדער וועלן מאַכן אַ בעסער לעבן. אָט אין דער שול, אין דער דאָזיקער וואַרעמער היים האָבן אונזערע קינדער שוין אָנגעהויבן זייער בעסער לעבן".

אין אָט איז אַ פאָלקסטימלעכער טיפּ פון אַ שול־אַרבעטער אין וואַרשע: איטשע ערדער איז נישט געווען קיין גרויסער פאַרדינער, זיין שוואַכע פרוי קען נישט אַרבעטן. זייערע קינדער גייען אין די צישאָ־שולן, די עלטסטע טאָכטער איז פון די בעסטע שילערינס. ער איז אַ געטרייער פאַראיינס־מיטגליד און בונדיסט. ער אַרבעט זייער אַ סך פאַר דער שול, וואו זיין טאָכטער לערנט. ער איז איינער פון די אַקטיווסטע אין שול־קאָמיטעט פונעם פאַראיין פון באַקלייד־אַרבעטער. נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט גייט ער אַ הונגעריקער אויף זיצונגען, פאַרזאַמלונגען. זיין דירה געפינט זיך

אויף ביזקע גאַס, און אַריינקומען אין איר מוז מען דורך אַ לייטער צוגע־שטעלט צום פענצטער פון קעלער, ווייל די שטיגן זיינען צעבראָכן. גע־טראָפן זיינע קינדער בעת זיי מאַכן זייערע היים־אַרבעטן פאַר דער שול ביי אַ נאַפט־לעמפל, שיינט זיין פנים אויף, צומאָרגנס טיילט ער זיך מיט די אַנדערע חברים פון פאַראיין מיט זיין גרויסן נחת פון די קינדער.

קאַרטוז־בערעזע:

געווען דאָ עטלעכע טוער, וואָס האָבן זייערע כוחות און ענערגיע אַוועקגעגעבן דער שול, פון אָנהייב פון איר גרינדונג ביזן סאַמע סוף, ביז צום אומגליקלעכן חורבן. די הויפּט־טוער זיינען אַלע געווען געטרייע בונדיסטן, וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער אָרטיקער בונדישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט:

שלומקע וויינשטיין — אַ טיפּישער ווייסרוסישער פאָלקס־ייד מיט אַ שאַרפן קלוגן פּנים און אַ שטענדיקן שמייכל. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין שול ווי אין זיין היים, ווי דער טאַטע פון אַלע קינדער, און שטענדיק געזאָרגט עס זאָל חלילה דער שול עפּעס נישט פעלן און אַז אַלע לערער זאָלן זיין גוט איינגעאָרדנט. ער איז געווען דער פאָרזיצער פון דער שול־פאַרוואַלטונג און שטענדיק אָנגעפירט מיט די עלטערן־פאַרזאַמלונגען: מיר האָבן צוויי הימען — פלעגט ער אָפט איבערחזרן — אַ טאָג־טעגלעכע, אַ וואָכעדיקע, און אַ יומטובדיקע. די שול איז די יומטובדיקע היים פאַר אונז און פאַר אונזערע קינדער. ווי אַזוי וואָלט אויסגעזען אונזער לעבן דאָ, אין דעם פאַרוואָרפענעם העק, אָן דער שול, אָן די פרימאָרגנס, ווען אונזערע קינדער גייען אין דער שול און פילן אָן די גאַסן מיט זייער פריילעכן טומל, אָן דעם פריילעכן גערויש און געזאַנג, וואָס פראַלט אַרויס פון די שול־פענצטער.

דער שול־טוער־וועטעראַן אין קאַרטוז־בערעזע איז געווען גאָדל פּיאַסעצקי, דער גרינדער פון דער שול און דער ערן־פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג. ער איז שוין געווען אין די עלטערע יאָרן און האָט נישט געקענט אַקטיוו זיך באַטייליקן אין דער שול־אַרבעט, אָבער די שול איז אַלץ געווען דער הויפּט־אינטערעס פון זיין לעבן. ער איז געווען דער עלטסטער בונדיסט אין בערעזע, אַ פערזענלעכער פריינד פון ביינוש מיכאַלעוויטש, מיט וועמען ער האָט נאָך מיטגעאַרבעט אין בריסק. ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער ליב געהאַט צו דערציילן וועגן יענע צייטן, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר די ליכטיקסטע אין זיין לעבן. מיין אַרבעט אין שול און פאַר דער שול — פלעגט ער זאָגן — פאַרבינדט מיך דורך אומזעבאַרע פעדים מיט מיין גרויסן פריינד מיכאַלעוויטש. ווען מיכאַלעוויטש וואָלט געלעבט און געקענט זען אונזער שול, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט אַזוי פיל געטרייע און איבערגעגעבענע בונדיסטן, וואָלט עס געווען פאַר אים אַ גרויסער פאַרגעניגן און נחת רוח. ער וואָלט איינגעזען, אַז זיין לעבנס־

אַרבעט, זיינע לײדן און אָפּטמאָל שווערע איבערלעבונגען — זיינען ניט געווען בחינם.

גאָדל פּיאַסעצקי איז זייער אָפּט אַריינגעקומען אין שול בעת די לעקציעס, אַוועקגעזעצט זיך אין אַן עלטערן קלאַס אויף אַ לעקציע פון ליטעראַטור אָדער געשיכטע און זיך צוהערן. פאַר די לערער און קינדער איז עס געוואָרן אַ נאָרמאַלע זאַך און ער פלעגט זיך וויצלען: אויב די פאַרוואַלטונג וועט באַשטימען, וועט ער אויך צאָלן שכר־לימוד... די פאַרוואַלטונג האָט עס נישט געדאַרפט באַשטימען, ווייל ווען נאָר עס איז געווען ענגלעך מיט געלט, מען האָט ניט געהאַט גענוג אויסצוצאָלן די לערער פאַר וואַקאַציעס, האָט שוין גאָדל באַצאָלט זיין שכר־לימוד.

**ווילנע:**

די אָנפירערשאַפט מיטן ווילנער שול־וועזן איז געלעגן אין די הענט פון צ.ב.ק. (צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט). בונדיסטן זיינען געווען שטאַרק פאַרטראָטן אין צ.ב.ק., בראש מיט אַנע ראָזענטאַל און ב. כהן (ווירגילי). ביים צ.ב.ק. איז געווען טעטיק אַ צאָל עלטערן־קאָמיטעטן, וועלכע זיינען געווען פאַראייניקט אין „צעק" (צענטראַלער עלטערן־קאָמיטעט). אַן אַקטיווע ראָל אין די אַלע קערפּערשאַפטן האָבן געשפּילט די בונדיסטן: בערל ווידמאַן (שלום עליכם־שול), מרדכי יעווזעראָוו (רעאַל גימנאַזיע), נחום וואַפנער, יאַנקל זשעלעזניקאָוו. יעווזעראָוו איז געווען אויך אַן אַקטיווער מיטגליד פון צ.ב.ק. דער צענטראַלער עלטערן־קאָמיטעט האָט אָפּגעגעבן אַ סך אויפמערקזאַמקייט און ענערגישע אַרבעט דער זומער־קאָלאָניע פאַר שוואַכע קינדער פון די צ.ב.ק.־שולן. אָן דער דאָזיקער אַרבעט פון די עלטערן־קאָמיטעטן וואָלט קיין קינדער־קאָלאָניע ניט געווען. די עלטערן־קאָמיטעטן האָבן געשאַפן די געלט־מיטלען פאַר דער קאָלאָניע און געהאַט אַ נאָענטע השגחה אויף דער עקזיסטענץ און אַרבעט פון דער קאָלאָניע. די ווילנער שולן זיינען געווען אין שטענדיקער מאַטעריעלער נויט, און די עלטערן־קאָמיטעטן האָבן געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָל אין לעבן פון די שולן.

„געווען אַ צייט ווען דער ווילנער צענטראַלער עלטערן־קאָמיטעט (צעק) האָט אַרויסגעגעבן אַ סך פלוג־בלעטער און האָט זיך פאַרמאָסטן אויף אַ רעגולערן מאָנאַטלעכן זשורנאַל 'שול און היים', עס זיינען דערשינען 5 נומערן. דער זשורנאַל, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט די עלטערן גופא, איז געווען זייער פּאָפּולער, אָבער ער האָט זיך געמוזט שליסן צוליב געלט־מאַנגל"... „דער ווילנער צעק האָט אין יאָר 1922 גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צונויפצורופן אַן עלטערן־צוזאַמענפאָר אין וואַרשע. (דער צוזאַמענפאָר איז טאַקע פאָרגעקומען, איך דערצייל וועגן אים אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל — ח.ש.ק.). דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען וויכטיקע באַשלוסן, ער האָט געשיקט אַ דעלעגאַציע צום בילדונגס־מיניסטער

מיט דער פּאָדערונג צו געבן רעכט די יידישע שולן״... „בכלל גענומען האָבן די עלטערן אַריינגעשריבן אין דער געשיכטע פון דער ווילנער שול־באַוועגונג נישט איין שיינעם בלאַט״... „פון די רייען פון די עלטערן האָבן זיך אויסגעאַרבעט אַגיטאַטאָרן, וועלכע פלעגן שטורמען דעם ווילנער שול־הויף און אָפט אַרויסטרעטן אין די בתי־מדרשים קעגן די קלעריקאַלע דרשנים, וועלכע פלעגן אונזערע שולן אין חרם אַריינלייגן״.[10]

אַזוי איז געווען די עלטערנשאַפט פון די ציש״אָ־שולן אין וואַרשע, ווילנע, לאָדזש, ביאַליסטאָק און אַנדערע שטעט און שטעטלעך. די בונדיסטן אין דער מחנה עלטערן און שול־טוער האָבן געשפּילט די הויפּטראָל. די בונדישע עלטערן און די בונדישע לערער — איין גרויסע אידעאַליסטישע משפּחה.

## 8. די מעדעם־סאַנאַטאָריע

די אָפיציעלע עפענונג פונם אַנשטאַלט איז פאָרגעקומען זומער 1924, אָבער ערשט דעם 18טן יאַנואַר 1926 ווערן איינגעאָרדנט אין סאַנאַטאָריע די ערשטע 14 קינדער. נאָך אין די יאָרן ערב דער אַנטשטייאונג פון דער צישאָ, האָבן די וואַרשעווער שולן געשאַפן זומער־קאָלאָניעס פאַר די קינדער, במשך פון אַ זומער פלעגן דורכגיין דורך יעדער קאָלאָניע אַ הונדערט — צוויי הונדערט קינדער. דער פיזישער צושטאַנד פון די קינדער אין די שולן — מלחמה־קינדער, וואָס האָבן דורכגעמאַכט הונגער, וואַנדערונגען — איז געווען שרעקלעך. אַ סך קינדער זיינען געווען אָנגעשטעקט מיט התחלות פון טובערקולאָז און אַנדערע קראַנקייטן. אַ וויכטיקער פּרואוו פון אָר־גאַניזירטער הילף פאַר די קינדער איז געווען די ספּעציעלע קאָלאָניע אין אָטוואָצק, געשאַפן דורך דעם דזשוינט־קאָמיטעט (זומער 1921). די רעזול־טאַטן פון דער קאָלאָניע־אַרבעט זיינען געווען אויסערגעוויינלעך גוטע. די דאָקטוירים האָבן געהאַלטן, אַז מען מוז די קינדער לענגער האַלטן, כדי צו פאַרפעסטיקן זייער געזונט.

צו יענער צייט איז וולאַדימיר מעדעם שוין געווען אין אַמעריקע. מעדעם האָט געוואוסט ווי נויטיק עס איז צו פאַרוואַנדלען אָט די זומער־קאָלאָניע אין אַ שטענדיקן אַנשטאַלט און ער האָט געשאַפן דאָ אין אַמעריקע עטלעכע טויזנט דאָלאַר פאַר דעם צוועק. דאָס געלט איז צוגעשיקט געוואָרן דער צישאָ און מ׳האָט געקויפט פאַרן געלט אַ ווילע אין דעם זומער־פּלאַץ מעדזעשין הינטער וואַרשע. גלייך פון די ערשטע טריט האָט די סאַנאַטאָריע גענומען וואַקסן. מען האָט געשאַפן און לעגאַליזירט אַ זעלבשטענדיקע סאַ־נאַטאָריע־געזעלשאַפט מיט אַ פאַרוואַלטונג. פינאַנציעל איז די סאַנאַטאָריע געוואָרן זעלבשטענדיק, אָבער פּעדאַגאָגיש האָט זי ווייטער אָנגעהאַלטן די ענגסטע פאַרבינדונג מיט דער צישאָ און אירע אָנפירער. אידעאָלאָגיש איז די סאַנאַטאָריע געווען אַ בונדישע אינסטיטוציע. די פאַרוואַלטונג: ש. גילינסקי, יצחק גיטערמאַן, ש. מענדעלסאָן, מנחם ראָזענבוים, י. ברומ־בערג, אסתר איווינסקאַ, ל. האַניגוויל, פּ. גוטמאַן, י. פּאַט, א. שמויש, ל. ניישטאַט, ד״ר א. ברוידאָ־העלער, ז. מושקאַט, שרה שוועבער, פאָרזיצער פון דער סאַנאַטאָריע־פאַרוואַלטונג איז געווען יקותיאל פּאָרטנוי, (פירער פון בונד, באַוואוסט אונטערן פּסעוודאָנים נח). [11]

פאַרוואַלטער און אָנפירער פון דער סאַנאַטאָריע איז געווען ש. גי־

לינסקי. זײַנע פּאַרדינסטן, אָרגאַניזאַטאָרישע און פּעדאַגאָגישע, פֿאַר דער עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג פֿונעם אַנשטאַלט, זײַנען זייער גרויס. די פֿאַר־וואַלטונג האָט ניט געקאַרגט קיין מיטלען אויף אויסצובעסערן די באַדינ־גונגען פֿון דער אַרבעט און דערציאונג אין דער סאַנאַטאָריע, און גאָר באַ־זונדערע אויפֿמערקזאַמקייט האָט זי געשענקט די געזונט־פּראָבלעמען פֿון די קינדער. פֿאַר די יאָרן 1926—1939 זײַנען דורך דער סאַנאַטאָריע אַדורכ־געגאַנגען העכער צען טויזנט קינדער. די קינדער האָבן דאָ געהאַט אַ גן־עדן: פֿרישע לופֿט, אײַנגעטונקט אין סאָסנע־וועלדער, רחבותדיקע שלאָף־צימערן, גוטע דערנערונג, שטענדיקע אויפֿזיכט פֿון דאָקטוירים, פֿרײַע שפּילן און שפּאַצירן, אויסערגעוויינטלעכע ריינקייט און ציכטיקייט אין אַלע צימערן, און איבער אַלץ אַ פֿרײַע דערציערישע אַטמאָספֿער, לערער — חברים און פֿרײַנט פֿון די קינדער. פֿרייד און שעפֿערישקייט האָבן אָנגעפֿילט דאָס לעבן פֿון די קינדער, די יידישע שפּראַך האָט דאָרט געקלונגען לעבעדיק און נאַטירלעך, ניט בלויז די לערער זײַנען דאָ געווען שעפֿעריש און דערפֿינדעריש, נאָר אויך די קינדער גופֿא: זיי האָבן געשאַפֿן אייגענע לידלעך פֿון סאַנאַטאָריע־לעבן, ווערטלעך און וויצן וועגן לערער און קינ־דער — רייכער סאַנאַטאָריע־פֿאָלקלאָר. די לערער האָבן פּאַרווירקלעכט צענטליקער קינסטלערישע, נאַטורוויסנשאַפֿטלעכע און דערציערישע עקס־פּערימענטן און אידייען.

די סאַנאַטאָריע איז געווען אַ מוסטער פֿון אַ סאָציאַליסטישן אַנשטאַלט, וואו עס הערשט פֿרייהייט, גלייכקייט, ברידערלעכקייט; וואו יעדער זאָרגט פֿאַר אַלעמען און אַלע פֿאַר איינעם. אַזוי איז געווען און פֿאַרבליבן די סאַנאַטאָריע אין באַוואוסטזיין און אין געפֿיל פֿון די קינדער, עלטערן, לערער און געזעלשאַפֿטלעכע טוער. די סאָציאַליסטישקייט פֿון דער סאַ־נאַטאָריע־דערציאונג איז נישט געווען פֿאָרמולירט אין קיין שום קאָדעקס, אָבער זי האָט פּאַקטיש עקזיסטירט אינם גאַנצן לעבן און אין אַלע טע־טיקייטן פֿונם אַנשטאַלט, זי האָט זיך אויסגעדריקט אין פֿאַרשידענע פֿאָרמען.

די סאַנאַטאָריע איז געווען אַ טייל פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַווע־גונג, און דאָס האָט אָפּגעקלייגט אַ טיפֿן חותם אויפֿן גאַנצן גייסטיקן פּרצוף פֿונם אַנשטאַלט. די סאַנאַטאָריע איז געווען אין שטענדיקן לעבע־דיקן קאָנטאַקט נישט בלויז מיט דער ציש״אָ און דער שול־באַוועגונג, נאָר אויך מיט דער גאַנצער בונדישער באַוועגונג און מיט דער יידישער פּראָ־פֿעסיאָנעלער באַוועגונג.

אין סאַנאַטאָריע האָבן פֿונקציאָנירט קרייזן פֿון סקיף (סאָציאַליסטישער קינדער־פֿאַרבאַנד), וואו מען האָט די קינדער געלערנט און דערצויגן אין בונדישן גייסט. אָבער די דאָזיקע אַרבעט האָבן געטאָן נישט די לערער, נאָר העלעגירטע פֿאָרשטייער פֿון סקיף. פֿאַר די קינדער איז דער סקיף־קרייז נישט געווען קיין פֿליכט, נאָר אַ פּריווילעקיט. די אַלגעמיינע סאָציאַליס־

טישע דערציאונג האָט אויף אַ נאַטירלעכן אופן אַרומגענומען אַלע קינדער אָן אויסנאָם, פון קליין ביז גרויס.

אין דעם זעלבן גייסט איז פּראָדוצירט געוואָרן דער קלאַנג־פילם פון דער סאַנאַטאָריע „מיר קומען אָן". צענטליקער קינדער האָבן זיך באַטייליקט אינם פילם און אָנטפּלעקט זייערע וואונדערלעכע טאַלאַנטן. עס איז געווען אַ גרויסער געזאַנג־ און קאַמפּס־פּאַראַמעסט פון די קינדער וועגן די קינדער און זייערע היימען. דאָ איז געווען פאַרקערפּערט דער גרויסער טרוים פון אַ נייער צוקונפט־וועלט. דער רוף צו פרייהייט און גערעכטיקייט איז געקומען צום אויסדרוק אין יעדער סצענע און אין יעדן ליד. די רעאַקציאָנערע פּוילישע רעגירונג האָט דעם פילם פאַרבאָטן, זי האָט ניט געקענט פאַרטראָגן די קלאַנגען פון „אינטערנאַציאָנאַל" און פון דער בונדישער „שבועה", וואָס זיינען געווען איינגעפלאָכטן אין דער מוזיק; דאָס אַנטפּלעקן פאַר דער וועלט די נאַקעטע אָרימקייט אויף דער יידישער גאַס; די פאַרבינדונג מיט דער ציש״אָ־שול און אירע ראַדיקאַלע דערציאונגס־מעטאָדן. נאָך מער האָט דער רעגירונג פאַרדראָסן, וואָס באַלד ביים אָנהייב פון פילם באַווייזט זיך דער פאָרזיצער פון דער סאַנאַטאָריע־פאַרוואַלטונג און אויך דער פאָרזיצער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד — יקותיאל פּאָרטנוי (נח). אין סך־הכל איז דער פילם, וואָס האָט אָפּגעקאָסט דער סאַנאַטאָריע אַזוי פיל געלט און אַרבעט, פאַרבאָטן געוואָרן און אין פוילן האָט מען אים נישט געקענט באַווייזן. אָבער עס האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצושמוגלען דעם פילם קיין אויסלאַנד און דאָ מאַכן פון אים עטלעכע קאָפּיעס. אין די יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט מלחמה און אויך שפּעטער נאָכן קריג האָט מען דעם פילם אַ סך מאָל געוויזן אין ניו־יאָרק, פּאַריז, לאָנדאָן, בריסל.

עס איז געווען אַ גרויסער כבוד פאַרן אַנשטאַלט, וואָס ער איז באַקרוינט געוואָרן מיט דעם נאָמען פון וולאַדימיר מעדעם. די סאַנאַטאָריע איז געבליבן דער שענסטער מאָנומענט פאַרן אָנדענק און כבוד פון וולאַדימיר מעדעם. און עס איז געווען סימבאָליש, וואָס בראש פון דעם סאַנאַטאָריע־אַנשטאַלט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער ח׳ נח, אַ געוועזענער לערער. גראַדואַנט פון מלוכהשן ווילנער לערער־אינסטיטוט, איז ער געווען גאָר אויפמערקזאָם און נאָענט צום קינד. ער האָט זיך צוגעבונדן צו דער מעדעם־סאַנאַטאָריע און איז אַריינגעדרונגען אין אַלע אירע פּראָבלעמען און פּראָיעקטן, געטראָגן דעם עול פון זאָרג פאַר דער סאַנאַטאָריע מיט געדולד און ליבשאַפט. ער איז געווען פאַר די קינדער, פאַר די לערער און דעם גאַנצן פּערסאָנאַל אַ לעבעדיקער מוסטער פון די אידייען פון דער סאַנאַטאָריע.

די לעגענדע מעדעם פון איין זייט און דער לעבעדיקער חבר נח פון דער צווייטער זייט — האָבן באַלויכטן און באַשיינט דעם גאַנצן וועג פון דער סאַנאַטאָריע. די סאַנאַטאָריע איז געוואָרן די קרוין פון די בונדישע טעטיקייטן אויפן שול־ און דערציאונג־געביט.

## צווייטע אָפּטיילונג

# 1. די קולטור־ליגע אין ערשטן פעריאָד

אין מאַי 1918 איז אין קיעוו געשאַפן געוואָרן די קולטור־ליגע. סוף 1918 האָט זי שוין געהאַט אין לאַנד 120 אָפּטיילונגען און אַ גרויסע נעץ פון שול־ און קולטור־אַנשטאַלטן. די קולטור־ליגע אין אוקראַינע איז געווען געבויט אויף דער באַזע פון צווישנפּאַרטייאישקייט, דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קולטור־ליגע איז באַשטאַנען פון 9 פּאַראייניקטע, 7 בונדיסטן, 2 פּועלי־ציון, 3 פֿאָלקס־פּאַרטיי.

לויטן געזעץ פון דער נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין דער ניי־געשאַפענער זעלבשטענדיקער אוקראַינישער רעפּובליק (1917) איז געשאַפן געוואָרן אַ יידיש מיניסטעריום. משה זילבערפאַרב איז געווען דער יידישער מיניסטער. דעם 8טן יולי 1918 איז געקומען די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע איבערקערעניש פון העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי. דאָס יידישע מיניס־טעריום איז ליקווידירט געוואָרן — און דעמאָלט האָט די קולטור־ליגע זיך פאַרמאָסטן צו ווערן דער המשך פון דער שול־ און קולטור־אַרבעט פון יידישן מיניסטעריום. די קולטור־ליגע האָט געאַרבעט אַ פּאָר יאָר אונטער די שווערסטע באַדינגונגען פון בירגער־קריג. ווען עס איז געקומען די קאָמוניסטישע איבערקערעניש אין אוקראַינע, און די קולטור־ליגע איז „נאַציאָנאַליזירט" געוואָרן, האָט דאָס אויספיר־ביוראָ פון דער קולטור־ליגע באַשלאָסן צו פאַרלאָזן אוקראַינע, אַריבערטראָגן זיך קיין פּוילן און דאָ פאָרזעצן די אַרבעט אין גייסט און מיט די מעטאָדן פון דער אוקראַינער קולטור־ליגע. די אויספיר־ביוראָ איז באַשטאַנען פון מ. זילבערפאַרב, א. ליטוואַק, יוסף לעשטשינסקי, זעליק מלמד, נחמן מייזיל, און ח. ש. קאַזדאַן.

געקומען קיין וואַרשע איז די גרופּע אין יאַנואַר 1921. אָבער די באַדינגונגען אין וואַרשע האָבן זיך ראַדיקאַל אונטערשיידט פון די באַדינ־גונגען אין קיעוו. די פאָלקס־פּאַרטיי איז דאָ געווען אַ שוואַכע אָר־גאַניזאַציע. די „פאַראייניקטע" זיינען געווען אין צושטאַנד פון פּאַרטייאי־שער ירידה. די פּועלי־ציון האָבן זיך אָקאָרשט געשפּאָלטן און געבילדעט צוויי פּאַרטייען — רעכטע און לינקע פּועלי־ציון, און זייערע באַציאונגען מיטן בונד, וועלכער איז געווען אַ גרויסער כוח אויף דער יידישער גאַס, זיינען געווען זייער פאַרשאַרפט.

אין 1919 זיינען געפירט געוואָרן אונטערהאַנדלונגען צווישן די פּאַר־

שטייער פון בונד, פועלי־ציון און פּאַרטייניקטע וועגן שאַפן אַ קולטור־ליגע אין פּוילן. צו קיין הסכם איז מען נישט געקומען. ווען די פירער פון דער קולטור־ליגע אין אוקראַינע זיינען געקומען קיין וואַרשע, האָבן זיי די אונטערהאַנדלונגען באַנייט וועגן שאַפן אַ קולטור־ליגע לויטן אוקראַינישן מוסטער, אָבער צו קיין הסכם איז מען ווידער נישט געקומען, עס זיינען געווען חלוקי־דעות וועגן כאַראַקטער און געבוי פון דער געפּלאַנטער קולטור־ליגע.

די קולטור־ליגע־גרופּע פון אוקראַינע האָט געהאַט אַ גרויסן שאַנס: אין וואָלין האָט עקזיסטירט אַ היפּשע צאָל אָפּטיילונגען פון קולטור־ליגע, און איצט, ווען וואָלין איז אַריבער צו פּוילן, זיינען זיי געווען אָנהענגער פון באַנייען די קולטור־ליגע אין פּוילן. אויך אין ביאַליסטאָק און ראַיאָן איז געווען אַן ענלעכע לאַגע, די ביאַליסטאָקער קולטור־ליגע האָט זיך באַטראַכט ווי אַן אָפּצווייג פון דער אוקראַינער קולטור־ליגע. פרילינג 1921 האָט זי געהאַט אַ קאָנפערענץ מיט פאַרשטייער פון 17 שטעט און שטעטלעך.

ווען די אונטערהאַנדלונגען פון די קולטור־ליגיסטן מיטן בונד האָבן נישט געגעבן די געהעריקע רעזולטאַטן, איז די קיעווער גרופּע אַליין צוגעטראָטן צו דער אָרגאַניזיר־אַרבעט פון דער קולטור־ליגע. ערב פּסח 1921 האָט די גרופּע אַרויסגעלאָזט דעם ערשטן פון די זאַמלהעפטן „קולטור־ליגע”, שפּעטער אַ ביסל איז אַרויס דער צווייטער נומער. דעם 4טן אַפּריל איז צו שטאַנד געקומען אַ קאָנפערענץ פון דער קולטור־ליגע — מיט פאַרשטייער פון 30 פּונקטן. אויף דער קאָנפערענץ איז ביי־ניש מיכאַלעוויטש אַרויסגעטראָטן קעגן דעם, אַז די קאָנפערענץ זאָל אָננעמען אַן אידייאישע פּלאַטפאָרם און פּראָגראַם; ער האָט דאָס מאָטיווירט מיט דעם, וואָס עס גייען דאָך אָן אונטערהאַנדלונגען מיט די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, און אַזעלכע רעזאָלוציעס קענען שטערן דער ווייטערדיקער אַרבעט. נישט געקוקט אויף אָט דער קעגנערשאַפט פון בונד, האָט די קאָנפערענץ יאָ אָנגענומען און שפּעטער פאַרעפנטלעכט אירע רעזאָלוציעס וועגן די צילן און אויפגאַבן פון קולטור־ליגע. די קאָנפערענץ האָט אויסגעקליבן אַ צייטווייליקן צענטראַל־קאָמיטעט פון קולטור־ליגע און אויך באַשלאָסן צוטרעטן גלייך צו אָרגאַניזירן דעם פאַרלאַג און צענטראַלן ביכער־לאַגער, לויטן מוסטער פון דער קיעווער קולטור־ליגע. אין פאַרלויף פון עטלעכע חדשים איז דער פאַרלאַג געוואָרן אַן אָנערקענטע און פּאָפּולערע אינסטיטוציע; ביזן סוף 1921 האָט דער פאַרלאַג שוין אַרויסגעגעבן 70 פאַרשידענע אויסגאַבעס.

ס'איז געווען נאָך איין שטער אויפן וועג פון אויפבויען די קולטור־ליגע: מען איז געשטאַנען ערב אָרגאַניזירן די צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע, ערב דעם גרויסן שול־צוזאַמענפאָר, וואָס האָט געדאַרפט זיין די

מאַניפעסטאַציע פון דער שוין עקזיסטירנדיקער שול־נעץ. דאָס אַלץ האָט געפאָדערט אומגעהויערע אַרבעט, ענערגיע און איניציאַטיוו. ס'איז פּשוט פיזיש אוממעגלעך געווען, אַז מ'זאָל גלייכצייטיק אויפשטעלן צוויי בנינים — פאַר שול באַזונדער און פאַר קולטור־אַרבעט באַזונדער.

די דערמאָנטע קאָנפערענץ פון קולטור־ליגע האָט פאַרגעלייגט דעם צענטראַלן דינבורזאָן־שול־קאָמיטעט, ער זאָל קאָאָפּטירן דריי מיטגלידער פונם צייטווייליקן צ. ק. פון קולטור־ליגע, און דער דינבורזאָן־קאָמיטעט האָט טאַקע באַשלאָסן צוקאָאָפּטירן מ. זילבערפאַרב, יוסף לעשטשינסקי און ח. ש. קאַזדאַן. לעשטשינסקי האָט באַלד פאַרנומען דעם אַמט פון סעקרע־טאַר פון דינבורזאָן־קאָמיטעט און שפּעטער איז ער אַ לאַנגע צייט געווען סעק־רעטאַר פון ציש"אָ. ח. ש. קאַזדאַן איז געוואָרן פאַרוואַלטער פון דער רע־דאַקציע און פונם פּעדאַגאָגישן אַמט ביי „דינבורזאָן־קאָמיטעט", און שפּע־טער — אַ מיטגליד פון עקזעקוטיוו און אויספיר־ביוראָ פון דער ציש"אָ. דאָס אַלץ האָט געפירט צו דעם, אַז י. לעשטשינסקי און ח. ש. קאַזדאַן האָבן אָפּגעגעבן מער צייט און אויפמערקזאַמקייט נישט דער קולטור־ליגע, נאָר דער שול־באַוועגונג און אירע פּראָבלעמען. יוסף לעשטשינסקי האָט זיך אָנגעשלאָסן אין בונד און געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון דער טעגלעכער פאָלקס־צייטונג. נ. מייזיל און ז. מלמד האָבן זייער גאַנצע ענערגיע אָפּ־געגעבן דעם פאַרלאַג קולטור־ליגע.

דעם 26, 27 אַפּריל 1921 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען די „שול באַראַ־טונג" (צוגרייט־אַרבעט צום שול־צוזאַמענפאָר), וועגן וועלכער מיר דערציילן באריכות אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל. די קולטור־ליגע איז דאָ געווען פאַר־טרעטן דורך מ. זילבערפאַרב און ב. איסוראָוויטש, און זיי האָבן אויף דער באַראַטונג אויפגעהויבן די פראַגע וועגן קולטור־ליגע. די שול־באַראַטונג האָט אָנגענומען צו דעם פּונקט אַזאַ רעזאָלוציע: „1. די שול־באַראַטונג געפינט, אַז אין די אינטערעסן פון דער אַנטוויקלונג און וואוקס פון דער שול־אַרבעט, מוז אויפגעבויט ווערן אַ צענטראַלע פּראָלעטאַרישע אָרגאַ־ניזאַציע, וועלכע זאָל אַרומנעמען די אַרבעט אויף אַלע געביטן פון דער מאָדערנער יידישער קולטור. 2. די באַראַטונג באַגריסט דערפאַר די אונטערהאַנדלונגען פונעם צייטווייליקן צענטראַל־קאָמיטעט פון קולטור־ליגע מיט די סאָציאַליסטישע פאַרטייען מכוח אַ קולטור־ליגע אין פוילן. 3. די באַראַטונג רופט אַלע שול־טוער מיטצוהעלפן דעם אויפבוי פון קולטור־ליגעס אויף די ערטער". מיט דער דאָזיקער רעזאָלוציע האָט די שול־באַראַטונג דעצידירט, אַז אין סדר־היום פונעם שול־צוזאַמענפאָר, וואָס דאַרף באַלד פאָרקומען, זאָל נישט זיין קיין באַזונדערער פּונקט „קולטור־ליגע". אויף דער באַראַטונג איז די דיסקוסיע געגאַנגען אויף דער ליניע — צי דאַרף מען אַ שול־צוזאַמענפאָר אָדער אַ קולטור־צוזאַמענפאָר? זאָל דאָס זיין אַ סאָציאַליסטישער שול־צוזאַמענפאָר אָדער אַ יידיש־וועלטלעכער?

בייניש מיכאַלעוויטש האָט אויף דער באַראַטונג פֿאַרמולירט דעם בונדישן שטאַנדפּונקט: ..."ווען מען זאָל וועלן, אַז דער שול־צוזאַמענפֿאַר זאָל זײַן אַ ריין סאָציאַליסטישער, וואָלט דאָך זײַן אַ פֿראַגע צי די יידיש־דעמאָקראַטישע שולן קענען אָנטיילנעמען. מיר מוזן דעריבער אָננעמען אַ פּרינציפּ, אַז אַלע שולן, וואָס זײַנען יידיש־וועלטלעך, באַטייליקן זיך אין צוזאַמענפֿאַר און בילדן דעם צענטראַלן אָרגאַן".

און אָט איז געקומען דער שול־צוזאַמענפֿאַר גופֿא. אויף דער זיצונג, וואו ס'איז באַהאַנדלט געוואָרן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פּלאַן פֿון דער קאָמענדיקער ציש"אָ (רעפֿערענט ב. כהן־ווירגילי), האָבן די פֿאַרשטייער פֿון פּועלי־ציון און פֿאַראייניקטע געהאַלטן, אַז "דער אומבאַדינגטער תנאַי פֿון דערפֿאָלג פֿון דער שול איז איר אָרגאַנישער צוזאַמענבונד מיט דער אַרבעט אויף אַ ברייטן און אַלזײַטיקן קולטור־געביט, און דעריבער זאָל דער שול־צוזאַמענפֿאַר, ווי דער אויטאָריטעטסטער אָרגאַן, ברענגען צום לעבן די צענטראַלע קולטור־ליגע"... "דער שול־צוזאַמענפֿאַר זאָל דער ניי־אויסדערוויילטער צענטראַל־פֿאַרוואַלטונג איבערגעבן די אויפֿגאַבע אויסצובילדן די צענטראַלע קולטור־ליגע פֿאַר גאַנץ פּוילן".

ב. מיכאַלעוויטש האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס מען האָט די פֿראַגע קולטור־ליגע אַרויפֿגעבראַכט אויפֿן פֿאָרום פֿון צוזאַמענפֿאַר, הגם אין סדר־היום איז די דאָזיקע פֿראַגע, לויט אַ פֿריערדיקן צוזאַמענרייד, נישט אַרויסגעשטעלט געוואָרן. ער האָט געהאַלטן, אַז מען קען נישט פֿאַרוואַנדלען דעם שול־צוזאַמענפֿאַר אין אַ קולטור־צוזאַמענפֿאַר; די בונדישע פֿראַקציע אָנערקענט אויך די נייטיקייט צו שאַפֿן אַ צענטראַלן פּראָלעטאַרישן קולטור־צענטער, אָבער די בונדישע פֿראַקציע איז קאַטעגאָריש קעגן יעדן פּרוּוו צו פֿאַרוואַנדלען די שול־צענטראַלע אין אַ קולטור־צענטראַלע. "די בונדישע פֿראַקציע איז איבערצייגט, אַז דער פּראָלעטאַרישער קולטור־צענטער קען באַשאַפֿן ווערן נאָר מיטן פֿולן הסכם און מיטהילף פֿונם רעוואָלוציאָנערן יידישן פּראָלעטאַריאַט (געמיינט דעם בונד), און יעדער פּרוּוו אָנצוּוואַרפֿן אים אַ קולטור־צענטער קאָן נאָר שטערן און אָפּשלעפּן דאָס פֿאַרווירקלעכן דעם פּלאַן אין לעבן. אַרויסגייענדיק דערפֿון, דערקלערט די בונדישע פֿראַקציע, אַז זי וועט נישט נעמען קיין אָנטייל אינעם אָפּשטימען פֿונעם פֿאָרשלאַג און וועט ציִען דערפֿון אַלע קאָנסעקווענצן אין דער צוקונפֿט".
אויך ה. ערליך האָט גענומען אַ וואָרט אין דער פֿראַגע. ער האָט געוואָרנט דעם צוזאַמענפֿאַר, ער זאָל נישט אויסניצן די צופֿעליקע מערהייט און מ'זאָל נישט אַרויפֿצווינגען דעם בונד די באַשלוסן פֿון אָט דער מערהייט. דער צוזאַמענפֿאַר דאַרף, לויט ערליכס מיינונג, בלויז באַפֿולמעכטיקן די ניי־אויסגעוויילטע צענטראַל־פֿאַרוואַלטונג מיטצוּווירקן צו שאַפֿן די קולטור־ליגע.

צו דער אָפּשטימונג זײַנען געשטעלט געוואָרן צוויי רעזאָלוציעס:

1. פון דער בונדישער פראַקציע, 2. פון אַלע דריי איבעריקע פראַקציעס צוזאַמען. די בונדישע פראַקציע האָט זיך אין דער אָפּשטימונג נישט באַטייליקט. אַזוי אַרום איז די פּאַראייניקטע רעזאָלוציע פון די דריי פראַקציעס אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק. די אָנגענומענע רעזאָלוציע האָט איבערגעגעבן דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער ציש״אָ, „זי זאָל זיך גלייך נאָך דער קאָנסטיטואירונג פאַרנעמען מיט דער אַרבעט פון שאַפן אין משך פון צוויי חדשים אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פאַר דער קולטור־ליגע. אויב אירע באַמיאונגען צו שאַפן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פאַר דער קול־טור־ליגע וועלן אין משך פון צוויי חדשים צו קיין רעזולטאַטן נישט ברענ־גען, מוז די ניי־געווילטע צענטראַל־פאַרוואַלטונג דעם דאָזיקן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט אַליין שאַפן״.

די קולטור־ליגיסטן האָבן „געוואונען״ די אָפּשטימונג פון דער רעזאָ־לוציע, אָבער עס איז געווען קלאָר פאַר אַלעמען, אַז קעגן דעם ווילן פון דער שטאַרקסטער פאַרטיי פון די יידישע אַרבעטער וועט די קולטור־ליגע נישט קענען געשאַפן ווערן.

די ציש״אָ איז צוגעטרעטן רעאַליזירן דעם באַשלוס פון צוזאַמענפאָר וועגן שאַפן אַ קולטור־ליגע. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען איז בהסכם כולם אויסגעבילדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט, אין וועלכן ס׳זיינען געווען באַטייליקט אַלע צדדים. ווען דער קאָמיטעט איז צוגעטרעטן צו פראַקטישער טעטי־קייט, האָבן די פאָרשטייער פון דער אומאָפּהענגיקער פראַקציע און פון דער פאַרטיי פאַראייניקטע צוגעשיקט אַ דערקלערונג, אַז די באַשטימטע יסודות פון דער קולטור־ליגע גיבן נישט די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען אַ געהעריקע אַרבעט און דעריבער לאָזן זיי זיך פרייע הענט צו שאַפן אַ קולטור־ליגע אויף אַנדערע יסודות. דער שטרייט איז בעיקר געווען וועגן דעם: צי די הויפּט־באַזע פון דער קולטור־ליגע דאַרפן זיין די מיטגלי־דער פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און פון די סאָציאַליסטישע פאַר־טייען, ד. ה. געבן דער קולטור־ליגע אַ פּראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישן כאַ־ראַקטער, אָדער מער זיך אָריענטירן אויף אַנדערע עלעמענטן. די אָפּגע־שפּאָלטענע האָבן זיך געהאַלטן ביים צווייטן שטאַנדפּונקט.

די שול־באַוועגונג צוזאַמען מיט דער ציש״אָ איז אין די נאָענטע צוויי־דריי יאָר שטאַרק געוואַקסן, זי האָט פאַרנומען אַלץ אַ גרעסערן פּלאַץ אין דער יידישער עפנטלעכקייט. אָבער די קולטור־ליגע האָט אַזאַ גליק נישט געהאַט. דער פאַרלאַג קולטור־ליגע איז אומנאַטירלעך שנעל געוואַקסן. נישט האָבנדיק קיין אייגענע קאַפּיטאַלן, האָט ער זיך שנעל פאַרחובט און ער איז געשטאַנען אונטער דער סכנה פון באַנקראָט. דער אויסגעצייכנטער זשורנאַל פון קולטור־ליגע־פאַרלאַג, ביכער־וועלט, האָט זיך אין אָנהייב 1924 אָפּגעשטעלט. די קולטור־ליגע האָט זיך פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן ספּאָראַדישע מוזיקאַלישע און וואָקאַלישע אונטערנעמונגען. די קאָנצערטן

זיינען געווען מיט די בעסטע קרעפטן, מיט געשמאַק און קולטור, אָבער אויך דאָס זיינען געווען אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געבראַכט דעפיציט פאַר דער קאַסע. מלמד און מייזיל האָבן זיך צו ביסלעך דערנענטערט צום פאַרלאַג פון ב. קלעצקין אין ווילנע, און געטאָן אַלץ וויכטיקער אַרבעט פאַר דער קולטור־ליגע.

דעם שווערן קריזיס פון דעם קולטור־ליגע־פאַרלאַג האָט געראַטעוועט — דער בונד. בונדישע טוער האָבן אָנגעפירט אַן אַרבעטער־קרעדיט־צענט־ראַלע, בראש פון וועלכער עס איז געשטאַנען וויקטאָר אַלטער און ז. מושקאַט. וויקטאָר אַלטער האָט זיך מיט ענטוזיאַזם גענומען רעאָרגאַניזירן דעם פאַרלאַג קולטור־ליגע און אים איבערגענומען אין זיינע הענט, נאָך אַ געהעריקן אויסגלייך מיט די קרעדיטאָרן. שפּעטער איז די אָנפירערשאַפט מיטן פאַרלאַג קולטור־ליגע אָנגעטרויט געוואָרן דעם מיטגליד פון צ. ק. פון בונד, חיים וואַסער, און ער איז אויף דעם פּאָסטן געבליבן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אַזוי אַרום האָט דער בונד איבערגעגעבן די גאַנצע אַרבעט פון דעם קולטור־ליגע־פאַרלאַג אין רשות פון צוויי מיט־גלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד. דער באַנייטער און רעאָרגאַניזיר־טער פאַרלאַג קולטור־ליגע האָט אַנטוויקלט אַ גאָר גרויסע פאַרלעגערישע אַרבעט, ער האָט געוואונען דעם צוטרוי פון יידישן שרייבער און פון ברייטן עולם בוך־קויפער. שלום אַש האָט דעם פאַרלאַג איבערגעגעבן די אויסשליסלעכע רעכט צו דרוקן אַלע זיינע ווערק, אויך אַנדערע שרייבער האָבן אָנגעטרויט דעם פאַרלאַג זייערע אויסגאַבעס.

## 2. די טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט קולטור־ליגע

די קולטור־ליגע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסע בונדישע אָרגאַניזאַציע פאַר פאַרשפּרייטונג פון קולטור, וויסן און ליטעראַטור־קענטעניש צווישן די ברייטע מאַסן. במשך די יאָרן פון 1925 ביז 1934 איז דער סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט און אָרגאַניזאַטאָר פון די טעטיקייטן פון קולטור־ליגע געווען שלמה אַבראַמסאָן. דער עקזעקוטיוו פון קולטור־ליגע איז כמעט די אַלע יאָרן באַשטאַנען פון יקותיאל פּאָרטנּוי (נח), פאָרזיצער; מ. זילבערפאַרב, וויצע־פאָרזיצער; ש. מענדעלסאָן, וויקטאָר שולמאַן.

אין אַ שריפטלעכן באַריכט, ספּעציעל געשריבן פאַרן פערטן באַנד די געשיכטע פון בונד, גיט ש. אַבראַמסאָן אַ גענוי בילד פון דער אַרבעט פון קולטור־ליגע, איר פאַרנעם און חשיבות. הגם דער דאָזיקער באַריכט איז געשריבן פון זכרון, אָן די נויטיקע מאַטעריאַלן, איז ער דאָך גענוג אויסשעפּנדיק און פאַרלאָזלעך. ש. אַבראַמסאָן דערציילט:

אין 1925 איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן די אָנפירונג פון דער קולטור־ליגע. נאָך עטלעכע וואָכן האָבן מיר געדונגען דעם לאָקאַל פון פּינקעלס גימנאַזיע, לעשנאָ 14, אין וואַרשע, מיטן רעכט צו באַניצן יעדן אָוונט און שבת דעם גאַנצן טאָג — די גרויסע רעקרעאַציע־זאַלן און עטלעכע קלאַס־צימערן פון דער גימנאַזיע.

### פאָלקס־אוניווערזיטעט

גלייך פון אָנהייב איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ברייט־פאַרצווייגטע אַרבעט פון פאָלקס־אוניווערזיטעט. פאַר פרייטיקן, שבתים און זונטיק־אָוונטן האָבן מיר צוגעגרייט אַ סעריע רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע און קולטור־געזעלשאַפטלעכע אַקטועלע טעמעס. פאַר די איבערגעבליבענע וואָכעדיקע אָוונטן האָבן מיר אויסגעאַרבעט ציקלען פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע, ליטעראַרישע און שפּראַך־קורסן.

גלייך פון אָנהייב האָבן גענומען שטראָמען מאַסן צו די סוף־וואָך־אונטערנעמונגען, און כמעט אַלע ציקלען לעקציעס אין די מיטן־וואָך־אָוונטן האָבן געפונען אַ גענוגנדיקע צאָל באַזוכער. די צוהערער פון פאָלקס־אוניווערזיטעט זיינען געוואָרן געטרייע חסידים און גערן צוגעהאָלפן דער אָנפירונג ביי די טעכנישע איינאָרדענונגען. ס'איז נישט געווען קיין פראַגע

פון צוציען באַזוכער. פּאַרקערט, ביי די זייער פּאָפּולערע דיסקוסיע־אָוונטן האָבן מיר זיך מער געזאָרגט וואָס צו טאָן מיט די צענטליקער, וואָס קע־נען ניט אַריין אין זאַל, ווייל ער איז געווען אויסגעפּילט ביז צו די ברעגעס און אַריינגענומען אַרום דריי הונדערט מענטשן. הגם דער אָפּצאָל פאַר די לעקציעס איז געווען זייער אַ קליינער, האָבן מיר נישט בלויז געדעקט אַלע אונזערע הוצאות, נאָר נאָך אָפּגעצאָלט חובות פון די פריערדיקע צייטן.

אַ פּראָבלעם האָבן מיר געהאַט מיט לעקטאָרן. אין דער גרויסער יידישער וואַרשע, דעם קולטור־צענטער פון פּוילן, האָבן מיר אָפּט מאָל נישט געהאַט גענוג פּאַסיקע רעפערענטן פאַר דער אַזוי שטאַרק אויסגע־ברייטערטער אַרבעט. מיר האָבן אויסגענוצט וויפל מיר האָבן נאָר געקענט אַלע אונזערע נאָענטע שרייבער, קולטור־טוער און לערער: ש. מענדעלסאָן, ח. ש. קאַזדאַן, יעקב פּאַט, ב. שעפנער, י. י. טרונק, מלך ראַוויטש, וויקטאָר אַלטער, העגריק ערליך, לעאָ פינקעלשטיין, ה. ד. נאָמבערג, ד״ר מ. ווייַ־כערט, ד״ר מ. זילבערפאַרב, ד. ב. מאַלקין, איציק מאַנגער, יוסף לעשטשינ־סקי, וו. קאָסאָווסקי, יוסף יאַשונסקי א״אַ. מיר האָבן אויסגעניצט יעדן באַזוך אין וואַרשע פון שלום אַש, ז. שניאור און אַנדערע. נישט געווען קיין גאַסט־שרייבער פון אויסלאַנד, וואָס זאָל נישט ווערן איינגעלאַדן אויף אַ לעקציע אין פאָלקס־אוניווערזיטעט. קולטור־ליגע איז געוואָרן דער אַדרעס פאַר קינסטלער פון אויסלאַנד. צו די פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע קורסן האָבן מיר אויף אַלע געביטן צוגעצויגן געלערנטע, וואָס האָבן גע־רעדט אַ גוטן יידיש: ד״ר י. מילייקאָווסקי, א. אַ. מילייקאָווסקי, ד״ר ברוידאָ־העלער, ד״ר סימכאָוויטש, אינזשיניער לעוו, אינזשיניער אַבראַשע בלום, ד״ר ש. בערקאָוויטש און אַנדערע.

כדי צו מאַכן די וויסנשאַפטלעכע לעקציעס אינטערעסאַנטער און פאַרשטענדלעכער, האָבן מיר אָנגעהויבן דורכפירן אויספלוגן צו פאַרשיי־דענע אַנשטאַלטן, וועו עס איז נאָר געווען אַ שייכות צווישן די טעאָרעטישע לעקציעס און די פּראַקטישע אָנווענדונגען. אין אָנהייב האָבן מיר אָרגאַ־ניזירט אַזעלכע אויספלוגן בלויז אין וואַרשע אין די שבתים און זונטיקן. פון דעם איז שפּעטער אויסגעוואַקסן אונזער גרויסע טוריסטן־אָפּטיילונג. צווישן אַנדערע זיינען באַזוכט געוואָרן: די טעלעפאָן־סטאַציע, טעלעגראַף, ראַדיאָ, גאַז־אַנשטאַלט, עלעקטרישע סטאַציע, וואַסער־פילטערן, מעטעאָראָ־לאָגישע סטאַציע, אַסטראָנאָמישע אָבסערוואַטאָריע, קולטור־היסטאָרי־שע און קונסט־מוזעאומס, שפּיטעלער און שולן פאַר בלינדע, טויבע. צו־ליב די באַגרענעצטע צאָל אָנטיילנעמער, וואָס זיינען אונז דערלויבט געווען צו ברענגען, האָבן מיר איבערגעחזרט די אויספלוגן אַ סך מאָל.

## גראָסער־ביבליאָטעק

מיר האָבן איבערגענומען דאָס אָנפירן, אויסהאַלטן און דער עיקר אויסברייטערן פון דער בונדישער ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון בראָניסלאַוו

גראָסער. מיר האָבן פאַר דעם צוועק געדונגען אַ באַזונדערן לאָקאַל אויף לעשנאָ 13 און אָנגעשטעלט אַלס פאַרוואַלטער הערמאַן קרוק מיט דריי געהילפן. איינער פון זיי איז געווען דער פריערדיקער ביבליאָטעקאַר משה סופיט. מיר האָבן איינגעפירט מאָדערנע איינריכטונגען, פאַרדריי־פאַכט די צאָל ביכער, געענדערט די קאַטאַלאָגירונג־ און קלאַסיפיצירונג־סיסטעם. די גראָסער־ביבליאָטעק איז געוואָרן אַ פאָפולער־לעבעדיקע אינ־סטיטוציע מיט הונדערטער לייענער. די גראָסער־ביבליאָטעק איז געווען אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט די לייענער, געהאַט מיט זיי סיסטעמאַטישע באַגעגענישן און שמועסן אין דעם לייען־זאַל ביי דער ביבליאָטעק. זי האָט אויך געדרוקט ביולעטינען מיט אויפקלערונגען און אָנווייזונגען פאַר די לייענער. אַרום 80 פראָצענט ביכער פון דער גראָסער־ביבליאָטעק זיינען געווען אין יידיש, דאָס איבעריקע אין פויליש און אַ קליינער טייל אין אַנ־דערע שפּראַכן. אונזער שטרעבונג איז געווען אַז די ביבליאָטעק זאָל האָבן אַלץ, וואָס איז דערשינען אין יידיש.

אויך אין דער פּראָווינץ האָבן זיך געשאַפן אין די שטעטלעך הונ־דערטער ביבליאָטעקן. זיי האָבן מערסטנס נישט געהאַט די נויטיקע קענ־טעניש אין קאַטאַלאָגירן און אויסוואַל פון ביכער, טייל פון זיי האָט אויך געהאַט אויסצושטיין שווערקייטן מצד דער פּוילישער מאַכט. מיר האָבן דעריבער געהאַלטן פאַר נויטיק צו שאַפן אַ ביבליאָטעקן־צענטער.

## אַן אייגן ווינקל — קראָכמאַלנע 36

נאָך אַ פּאָר יאָר אין פינקעלס גימנאַזיע האָבן מיר זיך אַריינגעצויגן אין גרויסן לאָקאַל פון דער ציש״אָ־שול אויף קראָכמאַלנע 36. די געגנט איז געווען אין האַרץ פון דער יידישער אָרימקייט.

אינם נייעם פּלאַץ האָבן מיר זיך געפילט ווי אין אַן אייגענער היים. אויף קראָכמאַלנע האָבן מיר געפירט נאָר דעם פאָלקס־אוניווערזיטעט, עטלעכע צימערן האָבן מיר גענוצט פאַרן סעקרעטאַריאַט. פאַר די אי־בעריקע אַקטיוויטעטן האָבן מיר גלייך פּלאַנירט צו דינגען באַזונדערע דירות. אונזער סעקרעטאַריאַט האָט שוין דעמאָלט באַשעפטיקט מיט אַ פולן טאָג אַרבעט 3 מענטשן, אונזערע אויסרעכענונגען האָבן זיך ניט בלויז באַרעכטיקט, נאָר איבערגעשטיגן אונזערע אָפּטימיסטישע פאָרויס־זעאונגען.

דער באַזוך האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. אַזוי ווי מיר האָבן פאַר־נומען דעם צווייטן שטאָק און אויף די העכערע שטאָקן האָבן זיך געפונען אַ סך פּריוואַטע דירות, האָט זיך אין די סוף־וואָך־אָוונטן געשטעלט פאַר אונז אַ גאַנץ שווער פּראָבלעם: אַרום אַכט אין אָוונט איז דער זאַל און אַלע קאָרידאָרן שוין געווען פול געפּאַקט, און די וואָס האָבן נישט געקאָנט אַריינקומען, האָבן אָנגעפילט די שטיגן און נישט געוואָלט אַוועקגיין. דאָס

האָט אַרויסגערופן אָנקלאַגעס צו דער פּאָליציי מצד די איינוואוינער; ס׳האָט אונז געקאָסט אַ סך אָנשטרענגונג איבערצוצייגן דעם עולם, אַז זיי דאַרפן אָפּליידיקן די שטיגן.

חוץ די אַלגעמיינע פֿאַרלעזונגען און חוץ דער פּאַרגרעסערטער צאָל קורסן און סעמינאַרן, האָבן מיר אָנגעהויבן אָרגאַניזירן שבת אין דער פֿרי אַרטיסטישע פֿרימאָרגנס, רעציטאַציעס פֿון די בעסטע ווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור. מיר האָבן צו די פֿרימאָרגנס אָנגאַזשירט די שויישפּילער יעקב וויסליץ, יוסף קאַמען און מרים אָרלעסקאָ. שוין אין ערשטן יאָר זיינען דורכגעפֿירט געוואָרן עטלעכע און דרייסיק אַזעלכע פֿרימאָרגנס. אונזער זאַל האָט געקאָנט אַריינגעמען העכסטנס 300 מענטשן, און ס׳איז ניט געווען קיין איין שבת, אַז דער זאַל זאָל ניט זיין איבערגעפּילט.

אין 1929 איז דאָס ערשטע מאָל אויפגעטראָטן אין פּוילן הערץ גראָסבאַרד. די קולטור־ליגע איז געוואָרן זיין היים אין וואַרשע. די בונדישע פֿאָלקס־צייטונג און שפּעטער די וואָכנשריפֿט פֿאַר ליטעראַטור האָבן אים שטאַרק פּאָפּולאַריזירט, געדרוקט אַרטיקלען און אינפֿאָרמאַציעס וועגן דעם קינסטלער. אין דער קורצער צייט פֿון גראָסבאַרדס פֿאַרברענגען אין וואַרשע, האָט די קולטור־ליגע איינגעאָרדנט פֿאַר אים צענטליקער וואָרטקאָנצערטן, אין טעאַטער־זאַלן, אין זאַל פֿון שטאָט־ראָט, אין אונזער אייגענעם לאָקאַל, אין די קליינע זאַלן פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען. ה. גראָסבאַרד פֿלעגט בלייבן אין פּוילן אַ יאָר אָדער צוויי, אַוועקפֿאָרן אויף גאַסטראָלן קיין אויסלאַנד, און שפּעטער ווידער קומען קיין וואַרשע. די יידישע פֿאָלקס־מאַסן האָבן מיט באַגייסטערונג אויפגענומען זיינע קאָנצערטן, דער עולם האָט פֿון אונז פֿאַרלאַנגט נאָך און נאָך, און זייער אָפֿט האָבן מיר אויף אַ קאָנצערט געמוזט גלייך אַנאָנסירן די דאַטע פֿון קומענדיקן קאָנצערט. הערץ גראָסבאַרד האָט מיט זיין אינטערפּרעטאַציע ממש אָנטפּלעקט פֿאַר די צוהערער די יידישע ליטעראַטור.

אָנהייב די דרייסיקער יאָרן איז געקומען אויף אַ באַזוך קיין פּוילן חיהלע גראָבער מיט איר מאַן וולאַדימיר גראָסמאַן. מיר האָבן געהאַט גרויסע שוועריקייטן צו באַקומען פֿאַר זיי אַלס אויסלענדער אַ דערלויבעניש אויפֿצוטרעטן אין פּוילן. ס׳איז אונז לסוף געלונגען און מיר זיינען געוואָרן זייערע גאַסט־געבער. במשך פֿון צוויי חדשים האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ סך קאָנצערטן פֿון חיהלע גראָבער אין וואַרשע, קראָקע א״אַ שטעט. אויך איר האָט די וואָכנשריפֿט פֿאַר ליטעראַטור געדינט מיט אַרטיקלען, פֿאָטאָגראַפֿיעס און אינפֿאָרמאַציע־מאַטעריאַל.

ס׳איז שווער אויסצורעכענען אַלע אַרטיסטן, וואָס זיינען דורך דער קולטור־ליגע אויפגענומען געוואָרן. חוץ אין וואַרשע, האָבן מיר אין אַ סך פֿאַלן דורך קאָרעספּאָנדענץ געהאָלפֿן קינסטלער צו אָרגאַניזירן קאָנצערטן אין אַנדערע שטעט.

## טעאַטער־ און קינאָ־אונטערנעמונגען

מאַסן־באַזוכן אויף אַלע אונזערע אונטערנעמונגען האָבן אונז גע־שטויסן אויסצוברייטערן אונזערע אַקטיוויטעטן אויף אַנדערע געביטן: פאַרוואָס זאָלן מיר ניט אַריינגעמען אין אונזער פּראָגראַם גוטע פאָרשטע־לונגען פון יידישן דראַמאַטישן טעאַטער? מיר האָבן אָנגעהויבן קויפן גאַנצע פאָרשטעלונגען אין יידישן טעאַטער, און אַזוי אַרום מעגלעך גע־מאַכט פאַר די ברייטע שיכטן צו באַזוכן אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג פאַר ביליקע פּרייזן. ווען די טעמע פון דער פּיעסע איז געווען אַ ליטעראַריש־קאָמפּליצירטע, האָבן מיר פריער איינגעאָרדנט אַ פאָרלעזונג און אַ מאָל אַפילו עטלעכע פאָרלעזונגען, וואו די טעאַטער־פּיעסע איז פאַרן עולם אַל־זייטיק אויפגעקלערט און באַהאַנדלט געוואָרן.

זעענדיק דעם גרויסן דערפאָלג פון די קולטור־ליגע־אָוונטן, האָבן די טעאַטער־דירעקטאָרן אונז ממש פאַרשאָטן מיט פאָרשלאָגן. מיר האָבן אויך געהאָלפן די טעאַטערן צו מאַכן פרישע ווערטפולע אויפפירונגען, און געגעבן זיי אַלס אַוואַנס גרעסערע סומען. אַזוי, למשל, האָבן מיר יאָרנלאַנג קאָאָפּערירט מיט דער אַזוי גערופענער ווילנער טרופּע אונטער מאַזאָס דירעקציע.

זייער פאַרזיכטיק האָבן מיר אָנגעהויבן אַרבעטן מיט די פּוילישע דראַמאַטישע טעאַטערן — אַטענעאום און פּאָלסקי. אויך זיי פלעגן זיך ווענדן צו דער קולטור־ליגע אויסצובאָרגן זיי געלט על חשבון פון נייע אויפפירונגען. כדי טעכניש דורכצופירן די אויסגעברייטערטע אַרבעט, האָבן מיר געדונגען אַ באַזונדערן לאָקאַל פאַר די טעאַטער־ און קינאָ־אימפּרעזעס (דלוגע 50) און אָנגאַזשירט צו דער אַרבעט 4 אָנגעשטעלטע.

סוף די צוואַנציקער יאָרן זיינען אין פּוילן איינגעפירט געוואָרן די קלאַנג־פילמען. די קולטור־ליגע איז געווען די איינציקע אינסטיטוציע, וואָס האָט אָפּגעקויפט סעאַנסן אין די שבתדיקע פרימאָרגן־שעהען און מעגלעך געמאַכט דעם אַרבעטער־עולם צו באַזוכן די נייסטע פילמען פאַר אַ דריטל פון נאָרמאַלן פּרייז. די קינאָ־סעאַנסן האָבן געבראַכט און דערנענטערט צו דער קולטור־ליגע נייע שיכטן פון דער יידישער באַ־פעלקערונג. דער באַזוך אויף די קינאָ־פאָרשטעלונגען אין צווי טעאַטערן איז דערגאַנגען ביז 5,000 מענטשן.

## טעאַטער־סטודיעס

אַ קאָנסעקווענטער שריט ווייטער איז געווען דאָס גרינדן ביי דער קולטור־ליגע אַ דראַמאַטישע סטודיע — מיטן ציל צוצוגרייטן קאַדרען מאָדערן־אויסגעשולטע יידישע אַקטיאָרן. עס איז איינגעלאַדן געוואָרן אַלס דירעקטאָר ד״ר מיכאל וויכערט און אַלס לערער די בעסטע פּאָכ־מענישע כוחות, וואָס מען האָט געקאָנט געפינען (צווישן אַנדערע א. מאָ־

רעווסקי, ח. ש. קאַזדאַן און דער באַרימטער פּוילישער טעאַטער־רעזשיסער לעאָן שילער). די סטודיע האָט עקזיסטירט ביי דער קולטור־ליגע קנאַפּע דריי יאָר, מיט אַ בודזשעט פון אַרום 5,000 זלאָטעס אַ יאָר. יעדער לעקטאָר האָט געמוזט באַשטעטיקט ווערן דורך דעם עקזעקוטיוו פון קולטור־ליגע. דער עקזעקוטיוו האָט אַקטיוו מיטגעאַרבעט און געווען באַטייליקט אין דער גאַנצער אַרבעט פון דער סטודיע. זייער אַ סך געהאָלפן אין דער אַרבעט האָט ש. מענדעלסאָן.

אין 1922 האָט די קולטור־ליגע געהאַט אַ דראַמאַטישע סטודיע מיט אַ צוויי־יאָריקן פּראָגראַם; מיט עטלעכע יאָר שפּעטער — די צווייטע סטודיע מיט אַ דריי־יאָריקן פּראָגראַם. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט די קולטור־ליגע שטאַרק אויסגענוצט איר קרובהשאַפט מיט דער ציש״אָ; די לעצטע האָט געגעבן דער סטודיע אַ מעגלעכקייט צו פירן איר אַרבעט (לעקציעס, פּראָבן, טאַנץ־איבונגען וכ״ד) אין דער ציש״אָ־שול אויף קראָכמאַלנע 36 — אין אַ גרויסן קלאַס־צימער און אויך אין גרויסן גימנאַסטיק־זאַל.

„אין שפּיץ פון דער סטודיע, ווי איר אָנפירער, איז געשטאַנען ד״ר מ. וויכערט. דער פּראָגראַם פון דער שול איז ניט אָפּגעשטאַנען פון רענאָמירטע מלוכהשע דראַמאַטישע לערן־אַנשטאַלטן. די קולטור־ליגע האָט גענומען אַ וועכנטלעכן אָפּצאָל פון די שילער. די וואָס זיינען ניט געווען בכוח צו צאָלן די פולע סומע, האָבן באַקומען הנחות. עטלעכע שילער האָבן געהאַט סטיפּענדיעס און זיי זיינען געווען אין גאַנצן באַפרייט פון אָפּצאָל. דאָס זיינען געווען שילערינס וואָס האָבן געענדיקט די ציש״אָ־שולן און האָבן דאָרטן אַרויסגעוויזן שוישפּילערישע פעאיקייטן. די מערסטע שילער האָבן געשטאַמט פון אַרבעטער־היימען און זיינען געווען באַשעפטיקט ביי פאַרשיידענע מלאכות. נאָכן שווערן טאָג אַרבעט איז מען געלאָפן אין דער סטודיע. די לעקציעס זיינען פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון דער ציש״אָ־שול אויף קראָכמאַלנע 36״[12]).

די דראַמאַטישע סטודיע איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סטאַבילן טעאַטער אונטערן נאָמען יונג־טעאַטער. ש. אַבראַמסאָן, ש. מענדעלסאָן און ח. ש. קאַזדאַן האָבן פאַרטיידיקט אין דעם עקזעקוטיוו פון קולטור־ליגע די צוועקמאָסיקייט און באַרעכטיקונג פון אַזאַ „יונג־טעאַטער״, אָבער דער עקזעקוטיוו האָט זיין אַפּראָבאַטע דערויף נישט געגעבן. און דעריבער איז די נייע אונטערנעמונג געוואָרן די זאַך פון מ. וויכערט און דעם אַרטיסטן־קאָלעקטיוו. דער „יונג־טעאַטער״ האָט זיך גוט אַנטוויקלט און זיין קינסטלערישער דערפאָלג איז געווען זייער גרויס.

הגם דער עקזעקוטיוו פון קולטור־ליגע האָט נישט געהאַט די פאָרמעלע שייכות צום יונג־טעאַטער, איז אָבער די פאַרבינדונג צווישן ביידע געבליבן ווייטער. די קולטור־ליגע האָט נישט בלויז צעצאָלט זיך מיט

די לעקטאָרן, זי האָט אויך געדעקט ביז צו אַ גראָשן די הוצאות פאַר קאָסטיומען און דעקאָראַציעס פון דער ערשטער אויפפירונג.

גרויסע הילף און אָנערקענונג מצד די טוער פון קולטור־ליגע האָט דער אַנסאַמבל פון יונג־טעאַטער באַקומען גראָד אין יאָר פון זיינע גרעס־טע שוועריקייטן מצד דער פוילישער מאַכט. אין 1937 ווען דער בונד האָט געפייערט זיין 40־יאָריקן יובל, האָט ער צוגעטיילט דעם יונג־טעאַטער אַ פרעמיע. „ביים צוטיילן די פרעמיע איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן דער הויכער קינסטלערישער ניוואָ פון יונג־טעאַטער און זיין אחריותדיקע געזעלשאַפטלעכע שליחות... די פרעמיע איז געוואָרן צו־געטיילט אויף אַ פייערונג אין טעאַטער נאָוואָשטשי, דעם 15טן נאָוועמבער 1937. איבער 2,000 מענטשן זיינען בייגעווען אויף דעם יום־טוב. ביים באַרעכטיקן די פרעמיע האָט סאָפיע דובנאָוו־ערליך, די פאָרזיצערין פון דער טעאַטער־זשורי, געזאָגט צווישן אַנדערס: „טראַגיש איז די לאַגע פון יידישן טעאַטער, וואו עס באַווייזט זעלטן אַ טרופע מיט גוטע אַק־טיאָרן צו פאַרפעסטיקן זיך אויף אַ לענגערער צייט. די זשורי האָט ברייט אַרומגערעדט די ראָל פון אַקטיאָר און אַנסאַמבל אין לעבן פון טעאַטער און באַשלאָסן אויסצוצייכענען דעם יונג־טעאַטער, וואָס איז געקניפּט און געבונדן מיט דער מאַסע, פון וועלכער ער שטאַמט און פאַר וועלכער ער שאַפט. ער איז דער איינציקער, וואָס האָט געאַרבעט לויט אַ פּלאַן, און זיינע מיטגלידער האָבן אָפּגעגעבן זייער גאַנצע פרייע צייט אויף בויען אַ נייעם גוטן יידישן טעאַטער. דער טעאַטער איז צום באַדויערן היינט ניט טעטיק און ניט צוליב זיין שולד. דאָך האָבן מיר באַשלאָסן צו באַשטימען די פרעמיע פאַר דעם אַנסאַמבל פון יונג־טעאַטער" [13]).

## דראַמאַטישע קרייזן

מ. פערענסאָן האָט אין דעם זאַמל־בוך יידישער טעאַטער אין אייראָפּע אָפּגעדרוקט אַ גרינטלעכע אָפּהאַנדלונג אונטערן נאָמען דראַמאַטישע קרייזן און טעאַטער־סטודיעס. ער גיט דאָ אַ בילד פון דער גרויסער אַרבעט פון די דאָזיקע סטודיעס און קרייזן אין גאַנצן לאַנד:

שוין אין 1919 האָט זיך געגרינדעט אַ דראַמאַטישער קרייז ביי דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע צוקונפט. דער רעזשיסער און אָנפירער פון קרייז איז געווען איציק קאַדיסאָן, דער זון פון באַגעזעענעם רעזשיסער און שוישפילער פון דער ווילנער טרופּע, לייב קאַדיסאָן. סוף 1919 פירט דער קרייז אַדורך אַ גרעסערע פאָרשטעלונג אין צענטראַל־טעאַטער אין וואַרשע. אין פּראָגראַם זיינען געווען צוויי זאַכן פון ש. אַנסקי: אין אַ קאָנספּיראַטיווער דירה און פאָטער און זון. שפּעטער פירט אויף דער צוקונפט־קרייז י. ל. פרצעס אַמאָל איז געווען אַ מלך, אונטער דער רעזשי פון פ. דינער.

אויך אין אַלע גרעסערע און קלענערע שטעטלעך פון פּוילן גייט אָן אין די אַלע יאָרן ביזן טראַגישן סוף אַן אינטענסיווע אַרבעט אין דראַמאַטישע קרייזן. ניט בלויז בונדיסטן האָבן געטאָן אַזאַ אַרבעט, אויך אַנדערע קרייזן פון דער יוגנט האָבן געפירט פאַרצווייגטע דראַמאַטישע אַרבעט. מיר וועלן דאָ פאַרצייכענען לויט מ. פּערענסאָנס באַריכט די בונדישע דראַמאַטישע קרייזן פון עטלעכע שטעט און שטעטלעך.

וולאָצלאַוועק. אין די יאָרן 1916 — 1919 רעזשיסירט דאָ און שפּילט יעקב ווייסליץ שלום אַשס מיטן שטראָם. אין שטאָט איז אויך טעטיק די אַרבעטער־קולטור־געזעלשאַפט צוקונפט און איר דראַמאַטישע גרופּע. זי פירט אויף צווישן אַנדערע אַנסקיס פאַטער און זון און א. רייזענס גוטע ברידער, ווי אויך די נבלה פון פּרץ הירשביין. אין קאַלאַ איז אין די צוואַנציקער יאָרן טעטיק די דראַמאַטישע סעקציע ביי דער געזעלשאַפט קולטור־ליגע, זי פירט אויף דער בלינדער מאַלער, אַפּערעטע אין דריי אַקטן מיט אַן עפּילאָג. אין מעזריטש איז טעטיק די אַמאַטאָרן־גרופּע ווי אויך אַ דראַמאַטישער קונסט־קרייז, זייער רעפּערטואַר איז פון אַ הויכן קינסטלערישן ווערט. אין יאָר 1927 פירט אויף דער דראַמאַטישער קרייז ביי דער יידישער פאָלקס־שול מענדעלעס דער פריזיוו. אין גראָדנע, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, טרעפן מיר אַ פאַרשטעלונג לטובת דער קראַנקן־קאַסע פון די אַרבעטער פון שערעשעווסקיס פּאַפּיראָסן־פאַבריק; עס ווערט געשפּילט דאָס אייביקע ליד פון מאַרק אַרנשטיין. אַ צווייטע דראַמאַטישע סטודיע פירט אויף פ. בימקאָס גנבים און שלום אַשס פאַר אונזער גלויבן. אין קאַלושין איז דער דראַמאַטישער קרייז פון צוקונפט געוואָרן דער אָפיציעלער דראַמקרייז פון דער בונדישער באַוועגונג אין שטאָט. דער דאָזיקער קרייז האָט געגעבן אַ צאָל גוטע אויפפירונגען (פּיעסן פון פּרץ הירשביין, י. ל. פּרץ, דוד פּינסקי, שלום עליכם א״א).

אין וואַרשע איז טעטיק אַ דראַמאַטישער קרייז ביים פאַראיין פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע. אין 1924 ווענדט זיך די בונדישע קולטור־ליגע צו אַלע דראַמאַטישע קרייזן איבערן לאַנד — אַריינצושיקן גענויע איבּפאָרמאַציעס וועגן זייער אַרבעט. עס איז אָנגעקומען אַ גרויסע צאָל ענטפערס. „דעמאָלט ווערט צייטיק — שרייבט מ. פּערענסאָן — און אַקטועל דאָס שאַפן אַ צענטראַלן פּונקט, אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע באַזע, וואָס זאָל אַנטקעגן קומען די באַדערפענישן פון די צעוואָרפענע דראַמאַטישע קרייזן איבער פּוילן. עס האָט זיך געהאַנדלט אין דעם, אַז די ליבהאָבער־טעאַטער־גרופּעס זאָלן אויפהערן קאָפּירן און נאָכמאַכן דעם פּראָפעסיאָנעלן טעאַטער, נאָר זוכן און געפינען אַן אייגענעם וועג, צוגעפּאַסט צום כאַראַקטער פון די אַמאַטאָרישע דראַמקרייזן... דעם 22 פעברואַר 1925 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון פאָרשטייער פון די וואַרשעווער געזעלשאַפטלעכע דראַמאַטישע קרייזן. אויף דער טאָג־אָרדנונג

איז געשטאַנען די פראַגע וועגן גרינדן אַ צענטראַלן פאַרבאַנד פון אַלע דראַמאַטישע קרייזן"[14].

דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון געשאַפענעם פאַרבאַנד האָט אין די ווייטערדיקע יאָרן אַנטוויקלט אַ היפשע אַרבעט.

אויך די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע צוקונפט האָט געפירט אַ גרויסע אַרבעט אויף דעם געביט. אויף די קורץ־טערמיניקע קורסן פאַר די אָנפירער פון דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג — די אַזוי גערופענע רעפערענטן־שולן — איז שטענדיק געווען אַ פונקט וועגן די דראַמאַטישע קרייזן. אונטער דער אָנפירונג פון מ. פערענסאָן האָט אויך עקזיסטירט אַ באַראַטונגס־שטעל פאַר די דראַמאַטישע קרייזן ביים יוגנט־בונד־צוקונפט. דראַמאַטישע קרייזן זיינען געווען איינגעשטעלט אין צענטליקער צוקונפט־אָרגאַניזאַציעס[15]). מ. פערענסאָן איז געווען דער רעזשיסער פון דער דראַמאַטישער סטודיע ביים יוגנט־בונד־צוקונפט אין וואַרשע, ער האָט אויך געשריבן אויף טעאַטער־טעמעס אין דער בונדישער פרעסע. אויפגעקומען אין יאָר 1926, ווי אַ באַשיידענער דראַמאַטישער קרייז ביי די אָוונט־קורסן פאַר דער יידישער אַרבעטער־יוגנט אין וואַרשע, איז די דראַמאַטישע סטודיע ביי דער צוקונפט געגאַנגען ראַשיק פאָרויס און געוואַקסן אין איר אַרבעט. פון אירע ערשטע אויפפירונגען איז כדאַי צו דערמאָנען: די וואַנט פון ז. סעגאַלאָוויטש, דאָס קראַנקע יינגעל פון י. ל. פרץ, מאָטל פייסי דעם חזנס פון שלום עליכם א"אַ. אין איר ווייטערדיקער אַרבעט האָט די צוקונפט־סטודיע אויפגעפירט אַקטן פון שלום אַשס קוילן, ה. לייוויקס שמאַטעס און קייטן, ערנעסט טאָלערס האָפּליאַ, מיר לעבן א"אַ. אַ סך אויפמערקזאַמקייט האָט די סטודיע געשענקט די כאָראַל־פלאַסטישע מאַסן־אויפפירונגען: אין 1930 — דוד איינהאָרנס רעקוויעם, אין 1937 דוד איינהאָרנס הענט, אין 1937 אַ כאָראַלע טרויער־קאָמפאָזיציע ביניש מיכאַלעוויטש.

אַ גרויסע מאַסן־שפיל האָט די סטודיע געשטעלט דעם 11טן יוני 1932 אין וואַרשעווער צירק, אויף דער שלוס־אַקאַדעמיע פונם לאַנד־צוזאַמענפלי פון יוגנט־בונד־צוקונפט אין פוילן. מיטן צוקונפט־כאָר האָט אָנגעפירט יעקב גלאַטשטיין, מיט דער כאָרעאָגראַפיע — רענע שפאַצענקאָפ, אַ טאַלאַנטפולע לערערין פון ריטמיק און פלאַסטיק. די צוקונפט־סטודיע האָט אויך געמאַכט אַ פרואוו צו געבן פאָליטיש־סאַטירישע רעוויוען, לויטן מוסטער פון די ווינער סאָציאַליסטן, וואָס האָבן געהאַט זייערע „פאָליטישע קאַבאַרעטן". די דאָזיקע רעוויוען האָבן שטאַרק געליטן פון די פאָליציייאישע פאַרפאָלגונגען און צענזור פון די טעקסטן.

אַן אינטערעסאַנטער פרואוו פון דער סטודיע איז אויך געווען דאָס אָרגאַניזירן רעציטאַציע־אָוונטן אין די לאָקאַלן פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. איינער אַזאַ פראָגראַם איז געווען: „דער בונד אין דער יידישער פאָעזיע", וואָס מ'האָט איבערגעחזרט אַ סך מאָל. אין די פראָגראַמען

פון די רעציטאַציע־אָונטן און פרימאַרגנס זיינען געווען: קייטן פון ה. לייוויק, צעשפיל זיך קאַטערינקע פון איזי כאַריק, הומאָרעסקעס פון מ. זאַשטשענקאָ א״אַ. עס איז אויך געווען אַן אינסצעניזאַציע „יידישע אַרבע־טער־באַוועגונג אין ליד״, אַ לידער־מאָנטאַזש, וואָס די צוקונפט־סטודיע האָט דורכגעפירט בשותפות מיטן יוגנט־כאָר פון יוגנט־בונד צוקונפט אין וואַרשע.

## אָונט־קורסן פאַר אַרבעטער

אין וואַרשע איז נישט געווען קיין אין יידישע אינסטיטוציע, וואָס זאָל געבן אַ מעגלעכקייט אַן אַרבעטער, וואָס האָט נישט באַקומען אין זיינע יוגנט־יאָרן קיין עלעמענטאַרע בילדונג, צו לערנען אַלגעמיינע לימודים בכלל און יידישע שפּראַך און ליטעראַטור בפרט. די קולטור־ליגע האָט געגרינדעט אַזעלכע אָונט־קורסן אין צוויי געגנטן פון וואַרשע. פאַר אַ מינימאַלן אָפּצאָל האָבן דריי מאָל אַ וואָך אַרבעטער באַקומען אַ סיסטע־מאַטישע עלעמענטאַרע אויסבילדונג. דער אייגנטלעכער אָרגאַניזאַטאָר און פירער פון די אָונט־שולן פאַר יוגנטלעכע איז געווען די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע צוקונפט. אָפיציעל, פאַר דער מלוכה־מאַכט, האָט די קורסן געפירט אַ לעגאַליזירטע בילדונגס־געזעלשאַפט וועקער. אין דער אַרבעט — פעדאַגאָגיש און אידייאיש — האָט געהאַט אַ גרויסן חלק סיי די ציש״אָ און סיי די קולטור־ליגע. בערנאַרד גאָלדשטיין דערציילט, אַז ביז 1926 האָבן עקזיסטירט אין וואַרשע 5 אַזעלכע אָונט־שולן מיט עטלעכע הונ־דערט שילער. „די צוויי גרעסטע און סטאַבילסטע אָונט־שולן פון דער צוקונפט זיינען געווען אויף נאָוואָליפּקי 68 און אויף מילע 51. די דאָזיקע אָונט־שולן זיינען געווען זייער פּאָפּולער ביי דער וואַרשעווער יידישער אַרבעטער־יוגנט״... „זיי האָבן דאָרטן געגאָסן נישט בלויז פון אַלגעמיינער בילדונג, נאָר אויך פון אַ ברייטערער קולטור־טעטיקייט; און דער עיקר — זיי האָבן דאָרט געהאַט אַ וואַרעמע חברישע אַטמאָספער. פון די אָונט־שולן זיינען אַרויסגעוואָקסן״... דער צוקונפט־כאָר און די דראַמאַטישע סטודיע... „הונדערטער יוגנטלעכע זיינען דורך די אָונט־שולן געקומען צו דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע״ [16].

אַן אינטערעסאַנטער עקספּערימענט אין דאָזיקן אַרבעט־פעלד פון קולטור־ליגע איז געווען דער סעמינאַר פאַר יידישער ליטעראַטור און שפּראַך, מיט וועלכן עס האָבן אָנגעפירט ש. מענדעלסאָן און ה. ש. קאַזדאַן. אַ געוועזענער סטודענט פון אָט דעם סעמינאַר, משה לאָקעטש, איצט אַן אָנגעזעענער יידישער פּאָעט, וועלכער לעבט אין בראַזיל, דערציילט אין זיינע זכרונות: „אַלע אונטערנעמונגען פון קולטור־ליגע זיינען געווען צו־געפּאַסט צום ניוואָ פון פּאָפּולערן צוהערער; דער סעמינאַר פאַר יידי־שיסטיק ביים פאָלקס־אוניווערזיטעט איז געווען פאַרטראַכט פאַר אַ מער אינטעליגענטן אַרבעטער. אויפן קורס האָבן זיך פאַרשריבן נאָר 12

מענטשן"... „ליטעראַטור און ליטעראַטור־טעאָריע זיינען געווען די צווי טעמעס פונם קורס. געדענקט זיך מיר ווי היינט, ווי דאָס קליינע צימערל פון דער ציש"אָ־שול אויף נאָוואָליפּקי 68 פלעגט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ לעגענדאַרן כישוף־שטיבל, וואו ס'האָבן איינער נאָכן אַנדערן אויפגעטויכט די מאָלערישע בילדער און געשטאַלטן פון די יידישע קלאַסיקער"... „אַ הייליקער ערנסט איז געלעגן אינם אופן, ווי מען האָט אין אונז איינגעפלאַנצט די ליבע צו דער יידישער ליטעראַטור"... „יעדער איינער פון אָט די ציקלען איז געווען פאַר אונז אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון וויסן. נאָך צווי יאָר אַרבעט האָבן מיר, די שילער, אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל בלעטער פונם סעמינאַר פאַר יידישיסטיק ביים פאָלקס־אוניווערזיטעט „קולטור־ליגע". דער זשורנאַל האָט געהאַט 128 זייטן און איז געווען אַ סך־הכל פון דער צוויי־יאָריקער לערן־טעטיקייט. 64 זייטן האָט פאַרנומען דער אָפּטייל יידישע ליטעראַטור, די אַנדערע 64 — טעאָריע פון יידישער ליטעראַטור. יעדער שילער האָט געדאַרפט שרייבן אויף פיר טעמעס מינימום, צווישן זיי איינע פאַרפליכטנדיק פאַר אַלע — וועגן תמצית פון דער יידישער ליטעראַטור"... „אין יענער צייט איז אַרויס די ליטעראַרישע טריבונע, אַ קאָמוניסטישע אויסגאַבע. זי האָט אונז אַטאַקירט פאַר נישט אָננעמען די אמתע מאַרקסיסטישע טעאָריע וועגן אָביעקטיווקייט און סוביעקטיווקייט פונם קינסטלער צו זיין ווערק"... „די קולטור־ליגע גיט אויס שווערע געלטער אויף צו פאַרסמען די מוחות פון יונגע אַרבעטער"... „ס'איז געווען, שרייבט מ. לאָקעטש וועגן דעם סעמינאַר, אַ ישיבה, וואו מען האָט געלערנט מיט התמדה, אַ לאַבאָראַטאָריע, וואו מ'האָט אַנאַליטיש פאַנאַנדערגענומען יעדעס ווערק מיטן סוזשעט און אַקציע פון די פערסאָנאַזשן. מיר האָבן נישט דערוואַרט קיין שום אָפיציעלע דיפּלאָמען, ס'האָט קיינער נישט פּרעטענדירט צו ווערן אַ שרייבער, הגם אויפן קורס האָט זיך באַטייליקט דער דעמאָלט שוין באַקאַנטער דיכטער פון די מקום־לידער י. ל. קאָהן" [37].

## טוריסטיק

„אַ גאַנץ באַזונדער קאַפּיטל, דערציילט ש. אַבראַמסאָן, שטעלט מיט זיך פאָר די טוריסטישע טעטיקייט פון דער קולטור־ליגע. מיר זיינען אין דעם פּרט געווען די פּיאָנערן נישט בלויז ביי דער יידישער באַפעלקערונג. פון דער פריערדיקער פּראַקטיק מיט די אויספלוגן צו די פאַרשיידענע אַנשטאַלטן אין וואַרשע, וואָס מיר האָבן ווייטער געפירט אין אַ ברייטן מאַסשטאַב, זיינען מיר איבערגעגאַנגען צו אָרגאַניזירן אויספלוגן צוערשט אין לאַנד און שפּעטער אויך קיין אויסלאַנד.

די אינלענדישע אויספלוגן האָבן געהאַט פאַר אַ ציל צו באַקענען די יידישע פאָלקס־מענטשן מיט די פּראַכטפולע בערג־געגנטן פון פוילן, מיט די פוילישע ים־ברעגעס, מיט די סאָסנע־וועלדער, מיט די מינעראַלע

אוצרות, וואָס דאָס לאַנד האָט פאַרמאָגט. מיר האָבן באַזוכט די קוילן־גרובנס, די זאַלץ־גרובנס, די נאַפט־קוואַלן, די שטאָל־גיסערייען אין שלעזיע. די אַנדערע יידישע און פוילישע טוריסטן־געזעלשאַפטן, וואָס האָבן דעמאָלט עקזיסטירט, האָבן זיך נישט געקענט פאַרגלייכן מיטן פאַרנעם פון אונזער אַרבעט, הגם דאָס איז ביי אונז געווען נאָר אַ קליינער טייל פון אונזער טעטיקייט.

דערמוטיקט פון דערפאָלג פון אונזערע לאַנד־אויספלוגן, האָבן מיר אָנגעהויבן פלאַנירן עקסקורסיעס קיין אויסלאַנד. מיר האָבן דערביי זיך געמוזט רעכענען דערמיט, וואָס דער יידישער אַרבעטער און אַנדערע פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט זיך באַטייליקן אין די עקסקורסיעס, זיינען געווען קליינע פאַרדינער. מיר האָבן געמוזט שאַפן פאַר זיי די מעג־לעכקייטן אויסצוצאָלן דעם באַטרעף אין לאַנגטערמיניקע חודשלעכע ראַטעס. במשך די וויטערדיקע יאָרן זיינען אַרגאַניזירט געוואָרן דורך אונז עקסקורסיעס קיין פראַנקרייך, דייטשלאַנד, טשעכיע, איטאַליע, שפּאַניע. טייל עקסקורסיעס זיינען געווען מיט שיפן צו די לענדער פון מיטל־לענדישן ים".

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אויספלוג איבער אייראָפּע האָט ד"ר ישראל ביבער פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל א"נ „מיט דער קולטור־ליגע איבער אייראָפּע". י. ביבער גיט דאָ אַ באַשרייבונג וועגן דער עקסקורסיע, וואָס די קולטור־ליגע האָט אין דעצעמבער 1930 — יאַנואַר 1931 דורכגעפירט אין אַ צאָל אייראָפּעאישע שטעט: ווין, ווענעדיק, מילאַן, פּאַריז, בערלין, און ביי דער ריוויעראַ. „אַזאַ רייזע, שרייבט ד"ר ביבער, דאָס איז אַ חודש־שול, אין וועלכער מען קען פיל לערנען — דאָס איז די אמתע לעבנסשול"... „ביי 60 מענטשן פון פאַרשיידענע באַרופן האָבן אין אַ קאָלעקטיוו געריזט אַ רעלאַטיוו לאַנגע צייט, און אומאָפּהענגיק פון די פאַרשיידענע לעבנס־אינטערעסן, געמיינזאַם שטודירט דאָס לעבן פון פעלקער און לענדער. דער שטודיום אויף דער רייזע איז אַמוזירנדיק לייכט. דיר דאַכט זיך, אַז דו אונטערהאַלטסט זיך, און פילסט נישט, אַז אַחוץ ניי־געריקייט איז עס וויסן־דראַנג, וואָס באַהערשט דיך. שיינקייט און האַר־מאָניע פון די קונסט־זאַמלונגען אין די גרעסערע אייראָפּעאישע צענט־רען, ווירקן ווי אַ וויזיע, וועלכע קריצט זיך איין אויף לאַנג אין דיין נשמה [18].

## זומער־קאָלאָניעס

יידישע אַרבעטער פלעגן פאַרברענגען זייערע פאַר וואָכן וואַקאַציע אין וואַרשע. אַרויספאָרן אין אַ זומער־פלאַץ־האָטעל איז געווען צו טייער, און די סביבה אין די האָטעלן — מערסטנס אַ פרעמדע. די קולטור־ליגע האָט דעריבער גענומען שאַפן זומער־קאָלאָניעס פאַר די אַרבעטער־קרייזן — די ערשטע קאָלאָניע איז געווען אין קוזמיר — און ביסלעכווייז

דערפירט ביז 6 קאָלאָניעס יעדן זומער. די קאָלאָניעס זיינען געווען צע־
וואָרפן איבערן גאַנצן לאַנד: אין זאַקאָפּאַנע, מיקוליטשין, קראָשטשענקאָ
— אַלע דריי אין די בערג (גאַליציע); אין די סאָסנע־וועלדער פון דרוס־
קעניק, אין קאַרוויע ביים ים, ווי אויך אין די טאַטרען־בערג אין טשע־
כאָסלאָוואַקיע. די קולטור־ליגע האָט זיך באַמיט צו געבן די געסט פון די
זומער־קאָלאָניעס אַן אָפּרו אין אַ גוטן קלימאַט, אין אַן אייגענער סביבה
און מיט אַ געהעריק צוגעגרייטן פּראָגראַם פון קולטור־אונטערנעמונגען.
„אויף די זומער־קאָלאָניעס, דערציילט בערנאַרד גאָלדשטיין, וואָס די קול־
טור־ליגע האָט איינגעאָרדנט אין די שענסטע געגנטן פון לאַנד, האָבן אַר־
בעטער און אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ פאַר אַ ביליקן פּריז געקענט פאַר־
ברענגען זייער וואַקאַציע־צייט אין אַ געגנט, וואָס פּריוואַט וואָלטן זיי דאָס
נישט געקענט דערגרייכן. אַחוץ וועגן פיזישן אָפּרו האָט די קולטור־ליגע
אויך געזאָרגט וועגן אַ פיינער קולטור־אַטמאָספער אויף די אָפּרו־קאָלאָ־
ניעס" [19]...

די קאָלאָניעס פון קולטור־ליגע האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג. די
צאָל באַטייליקטע האָט דערגרייכט ביז 8 — 9 הונדערט אַ זומער. אין
אַ קליינעם מאַסשטאַב האָט די קולטור־ליגע צוויי מאָל אויך אָרגאַניזירט
אַ ווינטער־קאָלאָניע. די קולטור־ליגע האָט אין איר טוריסטישער און קאָ־
לאָניע־טעטיקייטן, אין דער צאָל אונטערנעמונגען און באַטייליקטע, איבער־
געשטיגן אַלע אַנדערע יידישע און פוילישע טוריסטיק־געזעלשאַפטן.

## ביבליאָטעקן־צענטער

אין די פּראָווינץ־שטעטלעך האָבן זיך געשאַפן הונדערטער קליינע
ביבליאָטעקן. זיי האָבן נישט געהאַט די נויטיקע קענטעניש אין קאַטאַלאָ־
גירן און אין אויסוואַל פון ביכער. טייל פון זיי האָט אויך געהאַט אויסצו־
שטיין שוועריקייטן מצד דער פוילישער מאַכט. די קולטור־ליגע האָט
דעריבער געהאַלטן פאַר נויטיק צו שאַפן אַ ביבליאָטעקן־צענטער אויף
צו העלפן די אָרטיקע יידישע ביבליאָטעקן. די גראָסער־ביבליאָטעק אין
וואַרשע, וועגן וועלכער מיר האָבן אויבן דערציילט, איז אונטער דער
אַנפירונג פון הערמאַן קרוק געוואָרן אַ מוסטער־אינסטיטוציע, וואָס איז
געשטאַנען אויף אַ גאַר הויכער מדרגה.

אין נומער 1 און 2 וואָכנשריפט איז אָפּגעדרוקט אַ באַריכט וועגן
די טעטיקייטן פון דער געזעלשאַפט „קולטור־ליגע". דערציילנדיק
וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער גראָסער־ביבליאָטעק, זאָגט דער באַריכט:
„אין משך פון די דריי חדשים (1931) פון אונזער באַריכט איז געטווישט
געוואָרן ביכער אין דער צאָל פון 6,847: בעלעטריסטיק 5,857, וויסנ־
שאַפטלעכע 990. לייענער זיינען פאַראַן ביים איצטיקן מאָמענט 965,
אין משך פון די דריי מאָנאַטן זיינען צוגעקומען 255 אַבאָנענטן". אין אַ

צווייט אָרט ווערט געמאָלדן, אַז די טוריסטיק־אָפּטיילונג פון „קולטור־ליגע" גרייט אויפן חודש אַפּריל אַ ניק־טאָגיקן אויספלוג קיין פּאַריז און אומגעגנט.

אַרום 1930 איז די ביבליאָטעק איבערגעגאַנגען אין רשות פון דער געזעלשאַפט „קולטור־ליגע", און ה. קרוק האָט איבערגענומען די פירונג פון דער ביבליאָטעק. „פון דעם מאָמענטן אָן, דערציילט מ. קליגסבערג, האָט די ביבליאָטעק אָנגעהויבן וואַקסן און זיך אַנטוויקלען מיט אַ געוואַלדיקער גיכקייט. אין משך פון עטלעכע יאָר איז די גראָסער־ביבליאָטעק געוואָרן די גרעסטע און פּאָפּולערסטע יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק אין וואַרשע. די ביבליאָטעק איז אויסגעוואָקסן צו אַ פאַרנעם פון אַ דרייסיק טויזנט ביכער"... „זי איז אויך אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויף מאָדערנע ראַציאָנאַלע יסודות; עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קאָמיסיע פון פּאַכלייט־ביבליאָטעקאַרן (צווישן זיי דער ביבליאָטעקאַר פון דער יודאַאיסטישער ביבליאָטעק ווייסבערג), וואָס האָט איבערגעאַרבעט דעם קאַטאַלאָג לויטן דעצימאַלן סיסטעם, באַאַרבעט אַ סך אינפאָרמאַטיווע און ביבליאָגראַפישע אָנווייזונגען פאַר די לייענערס; איינגעשטעלט דעם אַמט פון עצה־געבערס פאַר די לייענערס מיט באַזונדערע דיזשורן אין די שעהען פון טוישן ביכער"... „יעדן אויפדערנאַכט זיינען די צימערן פון דער ביבליאָטעק געווען איבערגעפּראָפּט מיט דער פּרעכטיקער יידישער יוגנט"... „אַחוץ דער גראָסער־ביבליאָטעק האָט הערמאַן קרוק אויך אָנגעפירט מיטן ביבליאָטעקן־צענטער ביי דער קולטור־ליגע. ער האָט אומדערמידלעך פאַרשפּרייט וויסן וועגן מאָדערנער ביבליאָטעק־פירונג צווישן די פיר הונדערט יידישע ביבליאָטעקן אין די שטעט און שטעטלעך, וואָס זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין ביבליאָטעקן־צענטער. ה. קרוק האָט אַרויסגעגעבן אַ חודשלעכן ביולעטין פון ביבליאָטעקן־צענטער; אָנגעשריבן עטלעכע בראָשורן אין יידיש און פויליש וועגן מאָדערנער ביבליאָטעק־פירונג, געדרוקט אַ סך אַרטיקלען אין פאַכמענישע זשורנאַלן און אין אַלגעמיינע צייטשריפטן וועגן פּראָבלעמען פון יידישן בוך, ביבליאָטעק־פירונג, קולטור־פאַרשפּרייטונג אאַז"וו. ער איז געווען אומדערמידלעך אין זיין געטרייער דינסט אין פאַרשפּרייטונג פון וויסן און קולטור" [20].

צווישן אַלע פּראָווינץ־ביבליאָטעקן האָט זיך אויסגעטיילט מיט איר פאַרנעם די ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון שלום עליכם אין ביאַליסטאָק. יאָרנלאַנג איז דער פאָרזיצער פון דער ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג געווען ב. טאַבאַטשינסקי. אויך די שלום עליכם־ביבליאָטעק האָט אַרויסגעגעבן אירן אַן אייגענעם ביולעטין. פון אַ לעצטן ביולעטין איז צו זען, אַז צום 1טן יאַנואַר 1939 האָט די ביבליאָטעק געציילט פופציק טויזנט מיט הונדערט פינף און ניינציק בענדער. אין משך פון יאָר 1938 האָט די שלום עליכם־ביבליאָטעק אַרויסגעגעבן צום לייענען 154,161 ביכער, אין דורכשניט 515 טעגלעך.

דער ביבליאָטעקן־צענטער ביי דער קולטור־ליגע העלפט ביים עפענען נייע ביבליאָטעקן, גיט יורידישע עצות, העלפט איינשטעלן די אינערלעכע ביבליאָטעק־אַרבעט; שטעלט צונויף רעקאָמענדאַציע־רשימות פון ביכער איבער אַקטועלע פּראָבלעמען און איבער פאַרשיידענע טעמעס בכלל. דער ביבליאָטעקן־צענטער שיקט פאַנאַנדער קאָמוניקאַטן וועגן ניי־דערשינענע ביכער. דורכן ביבליאָטעקן־צענטער האָט מען געקענט באַקומען כלערליי הילף־מכשירים און דרוק־זאַכן פאַר דער ביבליאָטעק־אַרבעט: קאַטאַלאָג־קוויטלעך, לייען־קאַרטן, לעגיטימאַציעס וכ״ד. דער ביבליאָטעקן־צענטער האָט פאַרעפנטלעכט אַ ביבליאָטעקאַרישע אינסטרוקציע, ליסטעס פון רע־קאָמענדירטע ביכער, מוסטערן פון סטאַטוטן, אַלערליי פאָרמען פון ווענ־דונגען צו דער מאַכט.

די געזעלשאַפט קולטור־ליגע האָט אָפּגעדרוקט אַ מוסטער־קאַטאַלאָג פאַר יידישע ביבליאָטעקן — אונטערן נאָמען דאָס יידישע בוך. דער מחבר פון דער אויסגאַבע איז געווען ה. קרוק. ער דערציילט וועגן דאָזיקן קאַ־טאַלאָג:

„דאָס יידישע בוך דאַרף דינען אַלס מוסטער־קאַטאַלאָג פאַר פאָלקס־ביבליאָטעקן און ווי אַ האַנט־בוך פאַר ביבליאָטעקן און לייענער. קענענ־דיק די נויטן פונם יידישן אַרבעטער־לייענער, דאַרף מען פעסטשטעלן, אַז דער דערמאָנטער קאַטאַלאָג איז אַן אמתער אוצר פאַרן ביבליאָטעקאַר, ווי פאַר אונזערע לייענער.

וואָסער בוך ס׳איז גוט אָדער שלעכט, וועלכעס בוך איז געוואונטשע־נער און נויטיקער, וויזן די אינם קאַטאַלאָג איינגעפירטע סימנים: אַ שוואַרצער דריי־עק איז פאַר בעסערע און וויכטיקערע ביכער. אַ דריי־עק פון בלויז ליניעס איז פאַר ווייניקער וויכטיקע, אָבער דאָך גוטע און געוואונטשענע ביכער; איבגאַנצן אָן צייכן זיינען פאַרבליבן נאָר די ביכער, וואָס זיינען דערלאָזבאַר פאַר דער ביבליאָטעק, הגם זיי האָבן אַמאָל פאַר־שיידנאַרטיקע חסרונות. שעדלעכע אָדער סתם אומנוצלעכע ביכער זיי־נען אין קאַטאַלאָג נישט אַריין... דער מוסטער־קאַטאַלאָג איז אַ שטיק וועגווייזער פאַרן לייענער, ער וועט אים לערנען זוכן אַ גוטן בוך״.

דער ביבליאָטעקן־צענטער האָט אויך אינטערווענירט אין פאַלן פון פאַר־פאָלגונגען מצד דער מאַכט. דער ביבליאָטעקן־צענטער האָט אָנגעהאַלטן אַ נאָענטע צוזאַמענאַרבעט מיט לאָדזש און לובלין. ער האָט פּלאַנירט אַ לאַנד־צוזאַמענפאָר פון די ביבליאָטעק־פירער, אָבער דאָס איז צום באַ־דויערן נישט צושטאַנד געקומען.

**
*

די אַרבעט פון דער קולטור־ליגע האָט סוף די צוואַנציקער — אָנהייב דרייסיקער יאָרן באַקומען אַ גרויסן פאַרנעם. ווען העבריק ערליך האָט אין וואַרשעווער שטאָט־ראָט איבערגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער אַרבעט

פון דער קולטור־ליגע, אַ באַריכט, וואָס איז געווען באַזירט אויף די ראַ־יעלסטע ציפערן, האָבן די פּוילישע ראַטמענער אים פאַרגעוואָרפן, אַז דאָס זיינען אויסגעטראַכטע אַסטראָנאָמישע צאָלן. זיי האָבן דאָס נישט געקאָנט גלויבן, פאַרגלייכנדיק די דערגרייכונגען פון דער קולטור־ליגע מיט די גרעסערע פּוילישע פאָלקס־בילדונג־אינסטיטוציעס.

אין 1934 האָט ש. אַבראַמסאָן פאַרלאָזט די אַרבעט אין קולטור־ליגע, די טעטיקייט פון דער קולטור־ליגע איז ווייטער אָנגעגאַנגען אין זעלביקן נוסח, אָבער אין אַ קלענערן פאַרנעם. די לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די לעצטע דרייסיקער יאָרן איז געווען אַ דערדריקטע, טרויעריקע. דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און די אַנטיסעמיטישע אָר־גאַניזאַציעס האָט געפאָדערט אַ סך אַרבעט און קרבנות. די צייט איז געוואָרן אַלץ אומגינסטיקער פאַר אויסערשול־קולטור־אַרבעט. די אָרימ־קייט פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן אויף דער קולטור־ליגע. אירע פינאַנציעלע מיטלען זיינען געוואָרן איינגע־שרומפן, איינגעדאַרט. די פירונג פון דער קולטור־ליגע מיט איר פאַר־צווייגטער אַרבעט האָט איבערגענומען ה. קרוק, און דער אַדרעס פון דער קולטור־ליגע איז געוואָרן לעשנאָ 13, אין לאָקאַל פון דער גראָסער־ביבליאָטעק. דער פאָלקס־אוניווערזיטעט האָט נאָר ספּאָראַדיש איינגעאָרדנט פאַרלעזונגען. קיין קורסן אָדער סעמינאַרן זיינען נישט געווען. אין די לעצטע יאָרן זיינען פאַרגעקומען עטלעכע וואָרט־קאָנצערטן פון גראָסבאַרדן אין דעם זאַל פון דער יודאַאיסטישער ביבליאָטעק. די טוריסטיק איז כמעט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן. די טעאַטער־אָפּטיילונג האָט געאַרבעט פאַרהעלטניסמעסיק אַקטיוו. אַזוי אויך די גראָסער־ביבליאָטעק און דער ביבליאָטעקן־צענטר.

## לאָדזשער קולטור־ליגע

גאָר אַ גרויסע קולטור־אַרבעט האָט געטאָן די געזעלשאַפט קולטור־ליגע אין לאָדזש. זי איז געגרינדעט געוואָרן און האָט אָפּגעהאַלטן איר ערשטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג דעם 18טן מאַי 1930. שוין פאַר די ער־שטע צוויי יאָר האָט זי אָרגאַניזירט 18 פאַרלעזונגען מיט 3,806 צוהערער, 10 אָוונטן מיט 2,123 באַטייליקטע; 9 קינסטלערישע פרימאָרגנס מיט 6,205 באַטייליקטע, 5 אויספלוגן מיט 217 באַטייליקטע; צוזאַמען 42 אונ־טערנעמונגען מיט 12,351 אָנטיילנעמער. אַחוץ דעם האָט די קולטור־ליגע געהאַט עטלעכע שטענדיקע אינסטיטוציעס: אַ פאָלקס־אוניווערזיטעט (1,251 באַזוכער); אַ כאָר פון 53 מיטגלידער; אַ דראַמאַטישע סטודיע פון 12 מיטגלידער.

די אָנפירונג פון דער לאָדזשער קולטור־ליגע איז באַשטאַנען פון ד״ר יעקב אייכנער (פאָרזיצער), י. זעלוויאַנסקי, דוד כאָלאָדענקאָ, ד״ר

אברהם לאַנדקאָפּ א. א. דעם 18טן דעצעמבער 1935 איז אין זאַל פון שטאָט־ראָט פאַרגעקומען די 5־יאָריקע יובליי־פייערונג פון דער קולטור־ליגע. די לאָדזשער קולטור־ליגע איז געווען אין ענגן קאָנטאַקט מיט דער צענטראַלער קולטור־ליגע אין וואַרשע.

## סך־הכל פון די שול־ און קולטור־אַקטיוויטעטן פון בונד

מיר וועלן פאַרענדיקן דעם באַריכט וועגן דער שול־ און קולטור־אַרבעט פון בונד און בונדיסטן מיט די ווערטער פון עמנואל נאָוואָגרודסקי אין זיין בישט־פאַרעפנטלעכטן מאַנוסקריפּט וועגן דעם בונד אין פוילן: „אויף די קאָנפערענצן פון פוילישן בונד און אויף זיינע פאַרטיי־צוזאַמענפאָרן האָט מען פאַרהעלטניסמעסיק ווייניק דעבאַטירט וועגן דער יידישער וועלטלעכער קולטור, וועגן דער יידישער שפּראַך, שול און ליטעראַטור. דאָס איז אָבער דאָך געווען במשך פון דעם פערטל יאָרהונדערט פון פוילישן בונד אַ געביט, אויף וועלכן ס׳איז זייער פיל געוואָרן געטאָן און אויפגעטאָן"... „די פילפאַרביקע קולטור־טעטיקייט פון פוילישן בונד, וואָס האָט פאַנאַנדערגעבונדן די שעפערישע כוחות פון די יידישע פאָלקסמאַסן, האָט זיך אַזוי פאַנאַנדערגעוואַקסן און איז אַזוי פאַרצווייגט געוואָרן, אַז אויף אַ נאַטירלעכן אופן זיינען אַנטשטאַנען צענטראַלע קולטור־אינסטאַנצן, וואָס האָבן איר געגעבן נאָך אַ גרעסערן שוואונג און אָפּקלאַנג אין יידישן לעבן פון פוילן"... „דער פוילישער בונד האָט פאַקטיש געבויט און אויסגעבויט די וויכטיקסטע עלעמענטן פון אַ יידישער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע"... „דער יידיש־וועלטלעכער שול־וועזן, די לערער־סעמינאַרן און די שול־צוזאַמענפאָרן, די צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע און פיל אַנדערע קולטור־אַנשטאַלטן, וואָס זיינען געבויט געוואָרן דורך בונדיסטן... דאָס זיינען געווען פאַקטישע ביישפּילן פון שעפערישן, אויטאָנאָמען קולטור־לעבן. און דער אומגעהויערער ענטוזיאַזם, מיט וועלכן די יידישע אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג פון פוילן האָט אַרומגערינגלט די אַלע אַנשטאַלטן, איז געווען אַן אויסדרוק ניט נאָר פון אַ פאַרטיי־פאַטריאָטיזם, נאָר פון אַ באַרעכטיקטן נאַציאָנאַלן שטאָלץ און באַוואוסטזיין, אַז ס׳ווערן דערמיט געשאַפן עכטע נאַציאָנאַלע ווערטן. דער עקשנותדיקער קאַמף פאַר די רעכט פון דער יידישער שפּראַך, די אויטאָנאָמע יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און די אויטאָנאָמע יידישע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, האָבן אויך געווירקט און זיך אויסגעווירקט אין דער זעלביקער ריכטונג. די אויטאָנאָמיסטישע בונדישע פּראַקטיק האָט אַזוי אַרום רעאַליזירט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס די טעאָריע פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע — הגם די פוילישע מלוכה האָט עס ניט אַקצעפּטירט"[21].

## דריטע אָפּטיילונג

# די בונדישע פּרעסע

### לעבענס־פראַגען און פאָלקס־צייטונג

אין 1912 האָט דער בונד געמאַכט אַ פּרואוו אַרויסצוגעבן אַ וואָכן־צייטונג אין וואַרשע, אונטערן נאָמען לעבענס־פראַגען. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, דעם 4טן פעברואר 1916, זיינען די לעבענס־פראַגען צוריק באַניים געוואָרן. פון 6טן דעצעמבער 1918 דערשיינען די לעבענס־פראַגען ווי אַ טאָג־בלאַט. אָבער דעם 18טן יאַנואַר 1919 האָט די פּוילישע פּאָליציי פאַרחתמעט דעם לאָקאַל פון דער רעדאַקציע און אַלע אָנוועזנדיקע אַרעס־טירט. נאָך אַ קורצער הפסקה האָט די צייטונג ווידער אָנגעהויבן דערשיי־נען. דאָס וואַרשעווער קרייז־געריכט האָט שפּעטער פאַרווערט דאָס אַרויס־געבן די צייטונג, און דעם 23סטן מערץ 1920 האָבן די לעבענס־פראַגען אויפגעהערט צו דערשיינען. פאַר די יאָרן 1916—1920 זיינען אַרויס 526 נומערן פון דער אויסגאַבע.

די רעגירונג פונם אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט אָנגעהויבן אַ ביטערן קאַמף קעגן די לעבענס־פראַגען. „אויף דער צייטונג, וואָס האָט שאַרף קרי־טיקירט די רעגירונג, האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ מבול פון קאָנפיסקאַציעס. די אַלע פּרואוון אַרויסצוגעבן אַ טעגלעכע צייטונג אונטער פאַרשיידענע נעמען פלעגן זיך ענדיקן מיט אַן אַרעסט פון די רעדאַקטאָרן. נאָך שווע־רער איז געוואָרן די לאַגע אין דער צייט פונם פּויליש־סאָוועטישן קריג״ (סאָפיע דובנאָוו־ערליך — „דאָס לעבן פון וולאַדימיר מעדעם״).

נאָכן אָפּשטעלן די לעבענס־פראַגען איז די בונדישע טאָג־צייטונג דערשינען אונטער אַנדערע נעמען.

די שטים פון לעבענס־פראַגען האָט געקלונגען מונטער און מיט גלויבן, זי האָט געוועקט, געמוטיקט. די צייטונג האָט געבראַכט ידיעות פון דער וועלט, פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און פון די באַזונדערע אָקופּירטע געביטן פון פּוילן.

די צייטונג האָט זיך באַמיט אויפצוקלערן די פּראָבלעמען פון דער מלחמה און פון דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. מעדעם האָט באַ־האַנדלט די אויפגאַבן פון דער נייער יידישער פאָלק־שול און די רעכט פון דער יידישער שפּראַך אין דער מלוכהשער עפנטלעכקייט. די צייטונג איז געוואָרן אַן אָרגאַניזירנדיקער צענטער אין יידישן אַרבעטער־לעבן. זי האָט גערופן די אַרבעטער צו אַקטיווקייט און איניציאַטיוו אויף אַלע גע־

ביטן. אָן אַ שיעור פּראָבלעמען האָט די צייטונג אויפגעהויבן און קאָמענ־
טירט אויף די שפּאַלטן פון דער אויסגאַבע.

לעבענס־פראַגען איז אויך געוואָרן אַ ליטעראַרישער און קולטור־
צענטער. זי האָט געשטאַרקט דעם אַנזען און די חשיבות פון דער יידישער
שפּראַך און ליטעראַטור. וועגן דעם זאָגט עדות דער צעטל מיטאַרבע־
טער פון דער צייטשריפט. ניט נאָר בונדיסטן האָבן דאָ געבראַכט זייער
וואָרט נאָר אויך אומפּאַרטייאישע אינטעליגענטן און פּאָלקס־מענטשן. די
צייטונג איז שפּראַכלעך און ליטעראַריש געווען אַ מוסטער און אַ גרויסער
אויפטו און דערגרייכונג.

די טאָג־צייטונג פון בונד, די פאָלקס־צייטונג איז געווען מער ווי אַ
פּאַרטייאיש־פּאָליטישע אויסגאַבע. נישט אין קיין קלענערער מאָס איז זי
געווען אַ טריבונע פאַר יידישער ליטעראַטור, וועלטלעכער שול אין דער
יידישער שפּראַך, פאַרן יידישן טעאַטער און פאַר דער מאָדערנער יידיש־
וועלטלעכער קולטור בכלל. אַזאַ פאַרדינסט שם האָט די פאָלקס־צייטונג
געהאַט אויך אין די ניט־בונדישע ליטעראַרישע קרייזן. אַזוי, למשל, האָט
דער גייסטרייכער דיכטער ישראל שטערן אין זיין אַרטיקל צום דרייסיק־
יאָריקן יובל פון בונד אָפּגעשאַצט די ראָל און די פאַרדינסטן פון בונד
פאַר דער יידישער ליטעראַטור. דעם דיכטער אימפּאָנירט די באַציאונג
פון בונד צו ליטעראַטור, זיין „מאָגען און פאָדערן ביים שרייבער און דאָך
זיך פרייען מיט יעדן טאַלאַנט, זיין פאַרלאַנגען, אַז די דיכטונג זאָל דינען
דעם פּראָלעטאַריאַט און דאָך זי ליב האָבן אַזוי ווי זי איז"...

„און ווען מיר זעען, אַז אָט דאָס געפיל פון פאָדערן און גלייכצייטיק
ליב האָבן ליטעראַטור נעמט ביסלעכווייז אַריינדרינגען אין די צענטליקער
טויזנטער אָנהענגער פון בונד; אַז מיר זעען ווי די בונדישע פאָלקס־צייטונג
איז, טראָץ איר מאַטעריעלער אָרימקייט, די איינציקע טאָג־צייטונג אין
פוילן, וואָס באַמיט זיך אויפצוהאַלטן אַ וועכנטלעכע ביילאַגע פאַר לי־
טעראַטור; אַז זי איז פון די געציילטע צייטונגען אין פוילן, וואָס גיט
אָפּ אַזאַ ברייטן פלאַץ פאַר דער יידישער שול; אַז מיר הערן ווי זיינע
קעגנער פון רעכטס און לינקס וואַרפן אים פאָר, אַז יידיש איז ביי אים
אַ פעטיש — טראַכטן מיר זיך: אויב ס'איז אמת, אַז ביי יעדן בונדיסט
איז אַ הייליקייט אַ יידיש בוך, אַ יידישע שול, אַ יידיש טעאַטער, אויב
דאָס איז אמת — דאַן" — — —

„ווען אין משך פון זיין דרייסיק יאָריקער עקזיסטענץ וואָלט ער
אויפגעטאָן נישט מער ווי דאָס, האָט ער שוין אויך אַ סך אויפגעטאָן"...
„זאָל דער בונד זוכן דיכטונג אַלס מיטל, זאָל ער וועלן ליטעראַטור מיט
אַ 'תכלית', אָבער ער מיינט ערנסט מיט זיין וועלן ליטעראַטור, יידישע
ליטעראַטור" [22].

אין פּאָליטישן לייט־אַרטיקל און געזעלשאַפטלעכן פעליעטאָן — שטענ־
דיק איז געווען אין דער פאָלקס־צייטונג אָפּגעהיטקייט אין דער שפּראַך און

סטיל, אין יעדער שורה האָט זיך געפילט דרך־ארץ צו דער שפּראַך און ליטעראַטור, דער ווילן צו הייבן די מאַסן צו העכערן ליטעראַרישן געשמאַק. וולאַדימיר קאָסאָווסקי, וול. מעדעם, ה. ערליך, ב. מיכאַלעוויטש, י. כמורנער, ב. שעפנער, וויקטאָר אַלטער — זיי האָבן זיך באַמיט אַרויסצוברענגען זייערע געדאַנקען אין וואָס שענערע און פולקאָמענע פאָרמען שפּראַכלעך, סטיליסטיש. שעף־רעדאַקטאָר פון דער צייטונג איז געווען ה. ערליך, ער איז געווען איר טאָן־געבער און אויטאָריטעט. ער האָט פאַראייניקט אין זיין שרייבן פּאָליטישע קלוגשאַפט מיט פּובליציסטישן טאַלאַנט.

די פאָלקס־צייטונג איז געווען אַ גרויסער קולטור־ און ליטעראַטור־צענטער. אַ מחנה אינטעליגענץ און אַרבעטער האָבן געדינט מיט זייער פּען דער פּאַרטיי־צייטונג. זי איז במשך פון יאָרן געווען אַ באַליבטע פאָלקס־אויסגאַבע, זי האָט באַפרידיקט די פּאָליטישע, פּאַרטייאישע און קולטור־באַדערפענישן פון צענטליקער טויזנטער לייענער. פּנחס שוואַרץ גיט אין זיין גרויסער אַרבעט וועגן דער פאָלקס־צייטונג [23]) אַ רשימה פון די מיטאַרבעטער במשך די יאָרן 1922 — 1939, און זי נעמט אַרום קאַרגע הונדערט שטענדיקע מיטאַרבעטער, איבער 200 ספּאָראַדישע מיטאַרבעטער, עטלעכע הונדערט קאָרעספּאָנדענטן פון אויסלאַנד און פון פּוילן. ניט נאָר די מיטגלידער פון דער רעדאַקציע און שטענדיקע מיטאַרבעטער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע ליטעראַרישע קוואַליטעטן און אחריותן. אַזוי זיינען אויך געווען די צענטליקער דרויסנדיקע מיטאַרבעטער, וואָס פלעגן זיך באַווייזן אויף די שפּאַלטן פון דער פאָלקס־צייטונג **פון צייט צו צייט.**

די ציש״אָ (צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע) האָט באַדינט איר שול־באַוועגונג און אירע שול־אינסטיטוציעס מיט איר אייגענער פּרעסע: די נייע שול, שול און לעבן, שולוועגן, עלטערן־טריבונע. אָבער עס איז גאָרניט אָפּצושאַצן וואָס פאַר אַ באַטייט און ווערט עס האָט געהאַט די פאָלקס־צייטונג פאַר דער שול־באַוועגונג. לייט־אַרטיקלען און פּראָטעסט־רופן קעגן די רדיפות פון דער רעגירונג און שול־מאַכט; באַריכטן וועגן צוזאַמענפאָרן, קאָנפערענצן, קורסן, אויסשטעלונגען פון דער ציש״אָ; באַשרייבונגען פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע און אירע דערגרייכונגען; בילדער פון די פּראָווינץ־שולן און זייער שווערן קאַמף פאַר עקזיסטענץ; שאַרפע פּאָלעמיק מיט דער ציוניסטישער פּרעסע און אירע העצעס קעגן דער ציש״אָ, — די פאָלקס־צייטונג האָט אויף דעם אַלעמען אָפּגעגעבן זייער אַ סך פּלאַץ, אָפט געדרוקט ספּעציעלע שול־ און ציש״אָ־ביילאַגעס, אַפילו אילוסטרירטע ביילאַגעס. עס האָבן געשריבן וועגן שול־פּראָבלעמען ניט בלויז די מיטגלידער פון דער רעדאַקציע, נאָר אויך ציש״אָ־טוער און לערער, וואָס זיינען געווען נאָענטע פריינט פון דער פאָלקס־צייטונג, געטרייע מיטגלידער פון בונד און בונדישע קערפּערשאַפטן.

„אין הונדערטער און הונדערטער אַרטיקלען האָט די פֿאָלקס־צייטונג פּאָפּולאַריזירט די וואָג און דעם באַטייט פֿון אַ נאַציאָנאַלער שול פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון יידישן ישוב אין פּוילן. וואו עפּעס אַ צרה אין אַ יידישער שול, איז די פֿאָלקס־צייטונג געווען די ערשטע עס צו וויסן און די צרה צו באַקעמפֿן. שול־צוזאַמענפֿאָרן, לערער־סעמינאַרן, זומער־קורסן פֿאַר יידישע לערער — די פֿאָלקס־צייטונג איז געווען אין סאַמע צענטער פֿון די אַלע אָרגאַניזיר־אַרבעטן. די פֿאָלקס־צייטונג האָט אויסגעטראָגן אַ גרויסן טייל פֿון דעם שטרייט קעגן די אַסימילאַטאָרישע ווינטן, קעגן דעם פּראַקטיציזם אויפֿן געביט פֿון קינדער־דערציאונג („די פּוילישע רעגירונגס־שול איז פּראַקטישער") און קעגן דער טענדענץ פֿון די ציוניסטישע פּאָליטיקער צו שטעלן העברעאיש קעגן יידיש, קעגן מאַמע־לשון, ווי אַ צענטראַלע לאָזונג פֿאַר דער יידישער דערציאונג אין פּוילן" [24].

צוויי רעדאַקציע־מיטגלידער פֿון דער פֿאָלקס־צייטונג האָבן פֿאַרנומען לויט דער ריי דעם אַמט פֿון פֿאַרזיצער פֿון ציש"אָ: פֿריער ב. מיכאַלעוויטש (יוסף איזביצקי), שפּעטער י. כמורנער (יוסף לעשטשינסקי). די פֿאָלקס־צייטונג איז געווען אין די אויגן פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג די טריבונע פֿון דער יידיש־וועלטלעכער שול און פֿון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע.

יידישע ליטעראַטור איז אויך געווען אַ ליבלינג־קינד פֿון דער פֿאָלקס־צייטונג. קיין איינער פֿונם גאַנצן באַשטאַנד נאָנטע מיטאַרבעטער איז נישט געווען קיין בעלעטריסט אָדער פּאָעט, אָבער יעדערער פֿון זיי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט ליטעראַרישן געשמאַק און פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דער וואָרט־קונסט. אַלע זיינען זיי געווען דורכגענומען מיט פֿאַרערונג פֿאַר דער שיינער יידישער ליטעראַטור, און אייניקע פֿון זיי האָבן געשריבן קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן איינצלנע שרייבער און ווערק.

יאָרן־לאַנג האָט די פֿאָלקס־צייטונג געהאַט אַ ספּעציעלע ליטעראַטור־זייט, עס האָט זי געפֿירט מלך ראַוויטש. ער האָט דאָ אויך געפֿירט אַ סיסטעמאַטישן „לעקסיקאָן" וועגן יידישע און אייראָפּעאישע באַרימטע שרייבער. פֿאַר די לייענער פֿון פּראָווינץ, פֿאַר עלטערע און יינגערע אַרבעטער — איז דאָס געווען אַ קוואַל פֿון ליטעראַטור־וויסן און ליטעראַטור־געשיכטע. מ. ראַוויטש האָט געזוכט אויף פֿאַרשיידענע וועגן צו שמועסן און דערנענטערן די לייענערס, ער האָט געדרוקט אַנקעטעס, געענטפֿערט אויף ליטעראַרישע פֿראַגן. די ליטעראַטור־זייט פֿון דער פֿאָלקס־צייטונג איז פֿאַר טויזנטער לייענערס געוואָרן אַ שול פֿון ליטעראַריש־עסטעטישער דערציאונג.

יעדן פֿרייטיק, במשך יאָרן, האָט יוסף יאַשונסקי — אַליין אַ מאַטעמאַטיקער און נאַטור־וויסנשאַפֿטלער — געפֿירט אין דער פֿאָלקס־צייטונג זיינע וועכנטלעכע שמועסן וועגן נאַטור־וויסנשאַפֿט און טעכניק. פֿאַר די איבער 15 יאָר האָבן זיך אָנגעקליבן 700 אַזעלכע שמועסן. זיי זיינען

געווען באַליבט און פּאָפּולער ביים ברייטן עולם, פאַר וועלכן זיי זיינען געווען אַן אמתער פאָלקס־אוניווערזיטעט. פון אָט די שמועסן איז שפּע־טער אַרויסגעקומען די נאַטור־וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק א״נ „נאַטור און קולטור", וואָס דער בונדישער פאַרלאַג קולטור־ליגע האָט אַרויסגע־געבן אין די דרייסיקער יאָרן אונטער דער רעדאַקציע פון י. יאַשונסקי, אויך זיין בוך „נאַטור און מענטש" („אַלטע, נייע און נייעסטע דערגריי־כונגען אין נאַטור־וויסנשאַפט און טעכניק"), וואַרשע 1927, פאַרלאַג קול־טור־ליגע.

אָבער ניט נאָר וועגן ליטעראַטור האָט די פאָלקס־צייטונג געשריבן, זי האָט אויך געדרוקט כסדר שאַפונגען פון אָנערקענטע יידישע שרייבער, פון עלטערן און יינגערן דור. פּנחס שוואַרץ, אין זיין געשיכטלעכער אָפּ־האַנדלונג וועגן דער פאָלקס־צייטונג, האָט אויפגעקליבן די נעמען פון די שרייבער, וואָס האָבן במשך די 20 יאָר פון אומאָפּהענגיקן פּוילן געדרוקט אין פאָלקס־צייטונג פּראָזע און פּאָעזיע. ער האָט געגעבן אַ רשימה פון איבער 70 קינסטלער, שטענדיקע מיטאַרבעטער און געסט אין דער צייט־טונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. חוץ דעם האָט ער צוזאַמענ־געשטעלט אַ רשימה פון איבער 30 מחברים, וואָס האָבן געדרוקט אין די זעלבע יאָרן אַרטיקלען און קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן באַזונדערע ווערק און שריפטשטעלער פון דער יידישער און אַלגעמיינער ליטעראַטור, ווי אויך פון קונסט און טעאַטער.

אָט איז אַ טייל מחברים פון גרעסערע ווערק וואָס האָבן אין המשכים געדרוקט זייערע ווערק אין דער פאָלקס־צייטונג: י. אָפּאַטאָשו, ברוך גלאַזמאַן, ב. דעמבלין, ש. האָראָנטשיק, יהושע פּערלע, איציק מאַנגער („די לעבנס־באַשרייבונג פון שמואל אַבאַ אָבערוואַ", און די „נאָנטע גע־שטאַלטן"). מ. ראַוויטש האָט דאָ געדרוקט זיינע רייזע־באַשרייבונגען ווי אויך זיין בעלעטריסטישע סעריע „מענטשן רעדן צו מיר". וויקטאָר אַל־טער האָט דאָ פאַרעפנטלעכט אַ סעריע בריוו פון שפּאַנישן בירגער־קריג. שלום אַש האָט דאָ געדרוקט אין 1923 זיין „דער פאַרבאָרגענער בחור". אונטערן פּסעוודאָנים „אַנדרוגינוס" האָט דאָ דער הומאָריסט י. טונקעל געדרוקט פעליעטאָנען. דוד איינהאָרן האָט אַ סך געדרוקט סיי אין לעבנס־פראַגעו און אויך אין פאָלקס־צייטונג. דאָס זעלבע דוד קאַסעל.

די יידישע אַרבעטער האָבן געהאַט גרויס אינטערעס צו דעם, וואָס עס ווערט געשאַפן אין דער אייראָפּעאישער און אַמעריקאַנער ליטעראַטור, זייערע ליטעראַרישע פאַראינטערעסירונגען און געשמאַק זיינען שטאַרק אויסגעוואַקסן במשך די יאָרן. די פאָלקס־צייטונג האָט דעריבער געבראַכט דעם יידישן לייענער גרעסערע ראָמאַנען — אין איבערזעצונגען, געדרוקט אין המשכים: ווערק פון דער רוסישער סאָוועטישער ליטעראַטור, פון דייטשע, ענגלישע, שוועדישע, אַמעריקאַנער שרייבער. איינער פון די ערשטע ראָמאַנען איז געווען „די סיבה" פון דייטשן בעלעטריסט לעאָנאַרד

פראַנק, אין דער איבערזעצונג פון מ. ראַוויטש. עטלעכע איבערזעצער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער מיטאַרבעט, אָבער גאָר גרויסע פאַרדינסטן האָט ווי אַן איבערזעצערין די ח'טע דינה (סאָניע בלאַנד), וועלכע האָט פאַרעפנטלעכט אין דער פאָלקס־צייטונג במשך פון די יאָרן אַ פּאָר צענטליק ווערק פון דער אַלגעמיינער ליטעראַטור. אירע איבערזעצונגען האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ ריינער שפּראַך און צוגעפּאַסטן סטיל. איר אויסוואַל פון איבערזעצן די ווערק איז געווען פון די בעסטע מוסטערן פון דער וועלט־ליטעראַטור, מאָדערנע שאַפונגען פון גרויסע קינסטלערישע טאַלאַנטן. וואָך־איין וואָך־אויס, טאָג־איין טאָג־אויס, זיינען געגאַנגען אירע איבערזעצונגען, אינטעליגענטע לייענער און אַרבעטער האָבן געוואָרט מיט אומגעדולד אויף די המשכים, האָבן אויסגעשניטן און געקליבן די קאַפּיטלעך פון די ראָמאַנען [25]).

די אַלע איבערזעצונגען — דאָס איז אַ גאַנצע ביבליאָטעק פון בעסטע מאָדערנע ווערק. עס איז גאָר אַ גרויסער שאָד, וואָס די אַלע ווערק, אַחוץ אַ פּאָר אויסנאַמען, זיינען ניט דערשינען אין בוכפאָרם. ווי געזאָגט, ס. בלאַנד איז ניט געווען די איינציקע איבערזעצערין, אויך דוד איינהאָרן, מרדכי פאַרלערער, בונעם וואַרשאַווסקי, מאַרק ראַקאָווסקי, א. גראַדזענסקי האָבן אין דער בונדישער טאָג־צייטונג געדרוקט איבערזעצונגען פון גרעסערע ווערק.

די פאָלקס־צייטונג האָט אָנגעהויבן דערשיינען דעם ערשטן סעפּטעמבער 1922. דער לעצטער נומער — אין סעפּטעמבער 1939. אין פּנחס שוואַרצס אַרבעט און אויך אין דער ביבליאָגראַפיע פון דער אַרבעטער־פּרעסע איז אָפּגעדרוקט אַ רשימה פון מיטאַרבעטער פון דער צייטונג פאַר די אַלע יאָרן. סך־הכל זיינען פון דער פאָלקס־צייטונג דערשינען 4,546 נומערן [26]).

## לעבעדיקע פאָלקס־צייטונג

פון צייט צו צייט האָט די רעדאַקציע פון פאָלקס־צייטונג, אַמאָל אַליין, אַמאָל בשותפות מיט דער געזעלשאַפט קולטור־ליגע, איינגעאָרדנט צוזאַמענקומען מיט די לייענערס, אָדער ווי מען האָט עס גערופן — לעבעדיקע פאָלקס־צייטונג: מיטאַרבעטער פון דער צייטונג זיינען אויפגעטרעטן מיט פּאָליטישע אַרטיקלען, אָדער מיט אַ פעליעטאָן, צי גאָר מיט אַ ליטעראַרישן אַרטיקל וכד'. מען האָט זיך אויך באַמיט צו אַקטיוויזירן דעם עולם דורך פראַגן און ענטפערס. מען האָט צווישן עולם דורכגעפירט אַן אָפּשטימונג וועגן דעם בעסטן ליד, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער פאָלקס־צייטונג פאַר ליטעראַטור; דער פּלעביסציט האָט אַרומגענומען אַ צאָל יונגע דיכטער, און מיט דער גרעסטער צאָל שטימען איז אויסגעקליבן געוואָרן „דער דיכטער פון יאָר".

פון דעם זעלבן כאַראַקטער זיינען אויך געווען די אָוונטן לכבוד

אַמעריקאַנער געסט־מיטאַרבעטער פֿון דער פֿאָלקס־צייטונג. אַזעלכע אָוונטן האָבן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. אַן אָוונט איז געווען, למשל, לכבוד יוסף אָפּאַטאָשו (16טער מאַי 1931). דעם פֿאָרזיץ האָט געפֿירט י. כמורנער, אָפּשאַצונגען וועגן שרייבער האָבן געגעבן ב. שעפֿנער און ד. ב. מאַלקין. מיט אַ באַגריסונג פֿון דער רעדאַקציע פֿאָלקס־צייטונג האָט געשלאָסן דעם אָוונט ה. ערליך.

די בונדישע צייטונג האָט געטאָן אַלץ צו דערנענטערן זיך מיט די לייענער און צונויפֿברענגען די לעצטע מיט די שעפֿער פֿון דער יידישער ליטעראַטור.

## די קליינע פֿאָלקס־צייטונג

הגם די דאָזיקע ביילאַגע פֿאַר קינדער האָט פֿאַרנומען נאָר איין זייט, (אַ מאָל 8 זייטלעך אין פֿאָרם פֿון אַ העפֿט) אין דער פּרייטיקדיקער אויס־גאַבע פֿון דער פֿאָלקס־צייטונג, איז זי געוואָרן אַן אינסטיטוציע פֿאַר זיך. די יידישע טאָג־פּרעסע אין וואַרשע האָט נישט געהאַלטן פֿון אַזעלכע „נאַרישקייטן”, ווי אַ קינדער־צייטונג. נאָר דער גרויסער פּעדאַגאָג און שריפֿטשטעלער יאַנוש קאָרטשאַק האָט פֿאַרשטאַנען אַוועקצושטעלן אין פּויליש־יידישן נאַש פּשעגלאָנד אַ זייט פֿאַר קינדער, און געטאָן האָט ער עס אויף אינטערעסאַנטע דערציערישע יסודות.

די קליינע פֿאָלקס־צייטונג האָט געהאַט די אויפֿגאַבע אָריענטירן די קינדער אין די אינטערעסן פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און פֿון דער יידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט בכלל, זי איז געווען די טריבונע פֿון סקיף (סאָציאַליסטישער קינדער־פֿאַרבאַנד, געגרינדעט אין 1926). די קליינע פֿאָלקס־צייטונג האָט געוועקט אין דעם אונטערוואַקסנדיקן דור די חשיבות פֿון דער יידישער שפּראַך, דעם אינטערעס און באַוואוסטזיין פֿון אַ יידישער ליטעראַטור און קולטור. די תּלמידים פֿון די ציש"אָ־שולן אין וואַרשע, לאָדזש, ביאַליסטאָק און אַנדערע שטעט און שטעטלעך זיינען געווען די באַטירלעכע לייענער פֿון דער קליינער פֿאָלקס־צייטונג. אירע רע־דאַקטאָרן האָבן אויך געשטרעבט צו דעם, אַז די קינדער אַליין זאָלן ווערן די שרייבער און מיטאַרבעטער פֿון דער קינדער־אויסגאַבע, זיי זאָלן האָבן דאָ אַ פּלאַץ אויף צו אַנטוויקלען און פּראָדוצירן זייערע ליטעראַרישע פֿע־איקייטן און אינטערעסן.

די רעדאַקטאָרן פֿון דער קליינער פֿאָלקס־צייטונג זיינען געווען פּע־דאַגאָגן־לערער פֿון דער שול, שאַפֿער און פֿירער פֿון דער שול־באַוועגונג. דער ערשטער רעדאַקטאָר פֿון דער קליינער פֿאָלקס־צייטונג איז געווען יעקב פּאַט, אַ געוויסע צייט איז עס געווען ח. ש. קאַזדאַן און אַ לענגערע צייט איז עס געווען לייוויק האָדעס, פֿאַרוואַלטער פֿון אַ ציש"אָ־שול. אַלע דריי זיינען געווען טעטיק סיי אין דער פּאָליטישער אַרבעט פֿון בונד,

סיי אין דער צישאַ־באַוועגונג. ל. האָדעס איז דערצו געווען אַ פירער פון סקיף און אים געווידמעט אַ סך כוחות.

גאַנץ אָפט האָט די קליינע פאָלקס־צייטונג געדרוקט אַ דערציי־לונג פון אַ יידישן שרייבער אָדער אַ ליד פון אַ באַוואוסטן פּאָעט. זי האָט צוגעצויגן אַלס מיטאַרבעטער אַ סך פונם יונגן שרייבערישן דור: ל. אָליצקי, קלמן ליס, ברוך געלמאַן, לייב מאָרגענטוי, י. ל. קאַהן, מ. נאַטיש, מ. צאַנין, יוסף הערנהוט, מ. קנאַפּהייס א״אַ. זי האָט אָפט געגעבן אויך איבערזעצונגען פון פּויליש און רוסיש. פאַרשטייט זיך, דער גאַנצער מאַטעריאַל איז געווען צוגעפּאַסט צום עלטער און צו די אינטערעסן פון די קינדער.

די קליינע פאָלקס־צייטונג האָט אויך געדרוקט שריפטלעכע אַרבעטן פון די קינדער גופא. די רעדאַקציע האָט זיי דערמוטיקט צו דעם, געפירט מיט זיי אַ לעבעדיקע קאָרעספּאָנדענץ, פאַרגעבן זיי פאַרשיידענע אויפגאַבן. למשל, אינטערוויוען מיט געסט־שריפטשטעלער פון אַמעריקע און אַנדערע לענ־דער. קינדער האָבן געשריבן וועגן זייערע שולן און חברים, וועגן זייער משפחה און סביבה, וועגן ביכער וואָס זיי האָבן געלייענט, וועגן יום־טובים אין וועלכע זיי האָבן זיך באַטייליקט, וועגן דער סקיף־אָרגאַניזאַציע און וועגן זייער פאַרברענגען אין מעדעם־סאַנאַטאָריע. די קליינע פאָלקס־צייטונג איז געווען פאַר די קינדער אַ לאַבאָראַטאָריע פון שעפערישקייט. אַ סך קינדער האָבן דאָ אַנטפּלעקט פּעאיקייטן און טאַלאַנט. יאָסל מלאָטעק, עמנואל פּאָט זיינען געווען פון די ערשטע מיטאַרבעטער אין דער קליינער פאָלקס־צייטונג. אַ מאָל האָט אַפילו פאַרבלאָנדזשעט אַהער אַ שילער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן אין אַמעריקע. אַזוי, למשל, האָט דער תלמיד פון צוויטן קלאַס מיטל־שול אין ניו־יאָרק, דוד אַפּאַטאָשו (יוסף אַפּאַטאָשוס זון), אָפּגעדרוקט אין דער קליינער פאָלקס־צייטונג אַ דערציילונג „טויט" (19טער יוני 1931). די קליינע פאָלקס־צייטונג איז געווען באַשטימט פאַר קינדער פון פאָלק־שול־עלטער; די יוגנטלעכע פון דער בונדישער באַ־וועגונג האָבן געהאַט זייער זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע יוגנט־בונד־צוקונפט מיטן פיינעם זשורנאַל יוגנט־וועקער [27].

## די בונדישע פּרעסע אין די פּראָווינץ־שטעט פון פּוילן

אין די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות איז אין דער פּראָווינץ פון פּוילן דערשינען איבער 40 בונדישע פּרעסע־אויסגאַבעס. אַ סך פון די אויסגאַבעס זיינען געווען איינמאַליקע, אַ היפּשער טייל — וועכנטלעכע, די בונדישע בלעטער האָבן געליטן פון קאָנפיסקאַציעס, רעדאַקציע־מיט־גלידער זיינען אַרעסטירט געוואָרן. די פּוילישע צענזור האָט ווילקירלעך אָפּגעשטעלט די לעגאַלע אויסגאַבעס און די לאָקאַלן פון די רעדאַקציעס געשלאָסן. געווינלעך האָט די אָרטיקע בונדישע אָרגאַניזאַציע געהאַט אין זאַפּאַס אַ דערלויבעניש אויף אַ צייטונג מיט אַן אַנדער נאָמען. נאָכן דער־

שײַנען פֿון אַ פּאָר נומערן, האָט די מאַכט אויך די נײַע אויסגאַבע פֿאַר־באָטן.

ווײַטער געפֿינט זיך אַ רשימה פֿון די בונדישע פּראָווינץ־אויסגאַבעס. איך וועל זיך באַגרענעצן מיט כאַראַקטעריזירן די פּאָר גרעסערע צײַט־שריפֿטן.

## א) לאָדזשער וועקער

צווישן די פּראָווינץ־אויסגאַבעס פֿון בונד האָט פֿאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ דער לאָדזשער וועקער. דער ערשטער נומער פֿון דער אויסגאַבע איז אַרויס אין אָקטאָבער 1926, אָבער שוין ביז דעמאָלט איז ער דער־שינען אין די יאָרן 1921 — 1922. דער „לאָדזשער וועקער" איז געווען אַ וואָכנבלאַט און איז דערשינען ביז אַפּריל 1934, פֿאַר דער צײַט זײַנען אַרויס 377 נומערן. שפּעטער איז אין דער פֿאָלקס־צײַטונג, אין אַ ספּע־ציעלער אויסגאַבע, געווען יעדן טאָג אַ זײַט פֿאַר לאָדזש.

דאָס פּאָליטישע און יידיש־געזעלשאַפֿטלעכע לעבן אין לאָדזש, די אַרטיקע בונדישע און פּראָפֿעסיאָנעלע באַוועגונג — האָבן געפֿאָדערט ס'זאָל זײַן אַ לאָקאַלע צײַטונג, וואָס זאָל באַהאַנדלען אַלע אָרטיקע פּראָ־בלעמען. די בונדישע באַוועגונג אין לאָדזש איז געווען אַן אַקטיווע און קעמפֿערישע, נישט געקענט פֿאַרשווײַגן די מעשׂים און רייד פֿון די אָפּי־ציעלע הערשער און נישט־אָפּיציעלע פּוילישע אַנטיסעמיטן. די אָרימקייט אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס איז געווען שרעקלעך, מ'האָט געמוזט אָרגאַניזירן געזעלשאַפֿטלעכע הילף פֿאַר די נויטבאַדערפֿטיקע, אָבער די זעלבע הונגערנדיקע אַרבעטער האָבן געשטערעבט צו בילדונג און קול־טור אויף יידיש, געבויט יידיש־וועלטלעכע שולן פֿאַר זייערע קינדער. דער לאָדזשער וועקער איז געוואָרן דער טריבון און קעמפֿער פֿאַר די נאַ־ציאָנאַלע און בירגער־רעכט פֿון יידישן מענטש. ישראל ליכטענשטיין, דער רעדאַקטאָר פֿון לאָדזשער וועקער, האָט אין פּלאָמיקע ווערטער רעאַ־גירט אויף יעדער אומרעכט, זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר די פֿאָדערונגען און לאָזונגען פֿון דער בונדישער באַוועגונג. מיט דער זעלבער אַנט־שיידנקייט האָט ער באַקעמפֿט אַלע רעאַקציאָנערע ריכטונגען אויף דער יידישער גאַס.

די רעגירונגס־אָרגאַנען האָבן ביטער פֿאַרפֿאָלגט דעם לאָדזשער וועקער. אין דעצעמבער 1931 איז ער דרײַ מאָל קאָנפֿיסקירט געוואָרן; אין יאַ־נואַר 1932 זײַנען צוויי אַרטיקלען אין נומער 9 — קאָנפֿיסקירט געוואָרן; אין דער ערשטער העלפֿט אַפּריל 1932 האָט די מאַכט פֿאַרהאַלטן דאָס דערשײַנען פֿון צוויי נומערן; דער נומער 13 און דער נומער 16 זײַנען קאָנפֿיסקירט געוואָרן. אַזוי האָט זיך עס געצויגן יאָרן כסדר. ראָזע אײַכנער, וואָס איז געווען די „פֿאַראַנטוואָרטלעכע רעדאַקטאָרין" פֿון דער אויסגאַבע, האָט געהאַט אַ פּראָצעס פֿאַר פֿאַרשיידענע „חטאים" און איז

דעם 8טן דעצעמבער 1935 פאַרמשפּט געוואָרן דורכן געריכט אויף ניין חדשים אַרעסט.

ישראל ליכטענשטיין האָט אין יעדן נומער געהאַט עטלעכע אַרטיקלען. ער האָט באַקעמפט די רעאַקציאָנערע מעשים פון דער צענטראַלער און אָרטיקער מאַכט, ער האָט פּאָלעמיזירט מיט דער אָרטיקער יידישער ביר־גערלעכער פּרעסע, ער האָט אויך געשריבן אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור און טעאַטער. זיין קעמפערישער טאָן, זיין קלאָרע פאָלקסטימלעכע שפּראַך, זיין טיפע זאָרג און קענטעניש פון אָרטיקן אַרבעטער־לעבן און שטייגער; זיין טעמפּעראַמענטפול וואָרט וועגן יידיש־וועלטלעכער קולטור, וועגן דער נייער יידישער שול, וועגן דעם באַרג־אַרויף פון דער יידישער ליטעראַטור; זיין אידעלער כאַראַקטער און שיינע אידעאַליסטישע פּערזענלעכקייט — דאָס אַלץ האָט אים געמאַכט באַליבט און געאַכטעט צווישן די ברייטע מאַסן יידישע אַרבעטער און אינטעליגענץ. זיין אויטאָריטעט און אָנזען אין שטאָט איז געוועזן צו באַוואונדערן. דער ישראל ליכטענשטיין גדענקבוך, וואָס לאָדזשער חברים אין ניו־יאָרק האָבן אַרויסגעגעבן אין 1967, שפּיגלט אָפּ אָט די ליבשאַפט צום פירער און קעמפער פון לאָדזשער בונד. י. ליכטענשטיין איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק דעם 21סטן אַפּריל 1933, בעת זיין שליחות אין נאָמען פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פּוילן.

## ב) ביאַליסטאָקער וועקער

ביאַליסטאָק איז געוועזן די שטאָט פון יידישע וועבער, רייך מיט טראַ־דיציעס פון בונד און פון יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אַ מוטיקע רע־וואָלוציאָנער־געשטימטע אַרבעטערשאַפט, וואָס איז גרייט צו קעמפן פאַר רעכט און אַ בעסער לעבן. יידן האָבן אויסגעמאַכט אַ מערהייט פון דער באַפעלקערונג, אַ שטאָט פון יידישער אונטערנעמערישקייט, מיט אַ געפיל פון חשיבות פאַר דער יידישער שפּראַך. יידישלעך אָבער אָן פרומקייט. ביאַליסטאָק האָט פאַרמאָגט אַ סך היימישקייט, פאָלקסטימלעכקייט.

אַזוי איז אויך געוועזן דער ביאַליסטאָקער וועקער. ער איז טאַקע געוועזן אַן אמתער וועקער, אַ שטים וואָס וועקט צו קעמפערישקייט, צו אָרגאַניזאַציע און אַרבעטער־סאָלידאַרישקייט. הגם אין קאָפּ פון דער צייטונג איז נישט געוועזן דער נאָמען בונד וויסן אָבער אַלע, אַז דאָס איז דער אָרגאַן פון אָרטיקן בונד און פון בונדיזם. דער „ביאַליסטאָקער וועקער" ציט זיין יניקה פון דער וואַרשעווער פאָלקס־צייטונג, פונם צענט־ראַל־קאָמיטעט פון בונד און זיינע דירעקטיוון. דער „וועקער" שפּיגלט אָפּ דאָס לעבן און שטרעבונגען פונם יידישן האָרעפּאַשניק, עס איז זיין צײ־טונג, זיין טריבונע. די פּראָבלעמען וואָס די צייטונג באַהאַנדלט, זיינען נישט קיין אויסגעטראַכטע, טעאָרעטישע ענינים, דאָס זיינען בלוטיקע אינ־טערעסן פון די פאָלקס־מענטשן.

אַ קאַמפּאַניע קעגן די באַלעבאַטים פון שטאָט־ראָט, קעגן זיינע בוד־

זשעטן און פֿאָלקס־פּיינטלעכע פּראָיעקטן; וואָלן צום שטאָט־ראָט אָדער צו דער יידישער קהילה; דאָס פֿאָדערן גערעכטיקע באַהאַנדלונגען און איינשטעלונגען אין דער קראַנקן־קאַסע; פּראָטעסט קעגן די צעכן־גזירות, וואָס די רעאַקציאָנערע רעגירונג פֿירט איין מיט דער כּוונה אַרונטער־צורייסן די עקזיסטענץ פֿון יידישן בעל־מלאכה; אַ גרויסע אַקציע קעגן דעם וואַקסנדיקן יקרות און אַרבעטסלאָזיקייט, קעגן די געהעכערטע פּרייזן פֿאַר עלעקטריע; הילף און סימפּאַטיע פֿאַר די שטרייקנדיקע טעק־סטיל־אַרבעטער — דאָס אַלץ זיינען ענינים, וואָס זיינען נוגע די גאַנצע אַרבעטער־מאַסע, דעם האַנטווערקער, ווי דעם פּראָלעטאַריער, דאָס איז אַ טייל פֿון זייער לעבן. דערפֿאַר איז דער אָפּרוף פֿון די לייענער אויף די ווענדונגען און לאָזונגען פֿון דער אַרבעטער־צייטונג — הייס־גליענ־דיק. דער וועקער איז באמת אַ פֿאָלקס־צייטונג, ער אַפּעלירט דירעקט צו דער מאַסע, ער איז אַליין אַ טייל פֿון איר.

דער ביאַליסטאָקער וועקער ווידמעט אַ סך פּלאַץ צו ענינים פֿון קול־טור און בילדונג. די 7 יידיש־וועלטלעכע שולן, די שלום־עליכם־ביבליאָ־טעק, די אַקציעס פֿאַר אַ ציש"אָ־גימנאַזיע אין ביאַליסטאָק, די אַרבעט פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿריינט פֿון יידישער שול — דאָס אַלץ ווערט אין דער צייטונג באַהאַנדלט ווי זאַכן פֿון פֿאָלקס־לעבן, פֿאָלקס־אינטערעסן. דורך דער דאָזיקער טעמאַטיק דערציט די צייטונג אירע לייענער גייסטיק, זי דערהייבט זיי, פֿירט זיי אַריין אין העכערע פּראָבלעמען. דער וועקער איז אַ מין פֿאָלקס־אוניווערזיטעט.

דער ביאַליסטאָקער וועקער שפּיגלט אָפּ דאָס לעבן פֿון די שכנישע שטעטלעך: קרינעק, סלאָנים, סאָקאָלקי, וואָלקאָוויסק, יאַשינאָווקע און אַנ־דערע. מען דרוקט קאָרעספּאָנדענצן פֿון די שטעטלעך, מ'גיט אַרטיקלען וועגן זייערע ענינים. דאָס מאַכט די אויסגאַבע פֿון בונד נאָך מער היימיש, פֿאָלקסטימלעך, משפּחהדיק.

אין שטאָט גייען אַרויס אויך בירגערלעכע יידישע צייטונגען. דער וועקער איז אין שטענדיקער פּאָלעמיק מיט זיי. ער שוינט ניט די ציוי־ניסטישע, רעוויזיאָניסטישע און די פֿרום־אָרטאָדאָקסישע פֿירער פֿון שטאָט. ער רעדט שאַרף וועגן דער דעמאַגאָגיע פֿון די קאָמוניסטן.

די שרייבער פֿון וועקער שטאָלצירן מיט דער פֿאַרגאַנגענהייט פֿון דער בונדישער באַוועגונג אין זייער שטאָט. אַ סך זכרונות פֿון אָרטיקע בונדיסטן וועגן די לעגענדאַרע טעג פֿון 1905 און וועגן דער בונדישער זעלבסטשוץ ווערן געדרוקט אין דעם וואָכנבלאַט. דער קאַמף מיט דער הייניקער רעאַקציאָנערער רעגירונג־מאַכט ווערט באַלויכטן מיט שטימונ־גען און ביישפּילן פֿון אַמאָל.

במשך פֿון יאָרן האָט די בונדישע צייטונג, אין שטענדיקן קאַמף מיט דער צענזור און דרוק פֿון דער אַדמיניסטראַציע, מוטיק אויסגעפֿירט איר סאָציאַליסטישע און בונדישע שליחות.

## ג) לובלינער שטימע

דאָס איז געווען אַ לעבעדיקע, רירעוודיקע צייטונג, געהאַלטן אויף אַ ליטעראַרישן ניוואָ, מיט גרויסשטאָטישן פּאַרנעם, מיט דערפאַרענע רע־דאַקציע־מיטגלידער, און אויך מיט אַנאַנסן. די גאַנצע יידישע שטאָט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט יחוס פון היסטאָרישע טראַדיציעס, און אַזוי איז אויך די לובלינער יידישע אַרבעטער־באַוועגונג און איר צייטונג געווען ערנסט, איינגעהאַלטן, זאַכלעך און טראַדיציאָנעל בונדיש.

די לובלינער שטימע פירט אַ כסדרדיקע פּאָלעמיק מיט דעם לובלינער פּאַגבלאַט און מיט די פירער פון דער ציוניסטיש־קלעריקאַלער קהילה. אָבער די טוער פון בונד זיינען אַקטיוו באַטייליקט אין דער קהילה און אין שטאָט־ראַט. די צייטונג שטייט אויף דער וואַך פון די פאָלקס־נויטן און באַדערפענישן פון דער אַרימשאַפט. זי פירט אַקציעס צו פאַרקלענערן דאָס דירה־געלט, זי רעאַגירט אויף געשעענע עוולות; די צייטונג איז אין קאָנטאַקט מיט די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, מיט דער אָרטיקער „קולטור־ליגע", מיט דער אָפּטיילונג פון ציש"אָ, מיט איר שול און קינ־דער־היים, און מיט איר אַקציע אויפצובויען אַן אייגן פרץ־הויז.

די בונדישע צייטונג געדענקט אויך שטענדיק וועגן דער נויטיקייט צו הייבן די מאַסן צו קולטור און וועלטלעכקייט; זי זאָרגט וועגן דער־פּאָלג פון די לעקציעס און פּאָליטישע מיטינגען, צו וועלכע עס קומען די באַקאַנטע חברים פון וואַרשע. די צייטונג דרוקט אַרטיקלען איבער ליטעראַטור און טעאַטער, איר שפּראַך און סטיל איז זייער אָפּגעהיט.

די צייטונג רופט זיך אָפּ אויף די פּאָליטישע געשעענישן אין לאַנד. זי ווערט זיך קעגן דער צענזור, זי רעאַגירט אויף אַלץ מוטיק און קעמ־פעריש. די לובלינער שטימע איז געווען פּאָלקסטימלעך און זייער פּאָפּו־לער. ווי אַ פאַראַנטוואָרטלעכער בונדישער אָרגאַן, פּראָפּאַגאַנדירט זי אי־דייען פון סאָציאַליזם, באַקענט אירע לייענער מיט פּראָבלעמען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג.

די לובלינער שטימע האָט במשך פון יאָרן דערגרייכט דעם נומער 600. אַ סך ענערגיע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פעאיקייטן, אַ סך טאַקט און אחריות האָבן אַרויסגעוויזן די לובלינער חברים.

לאָדזשער וועקער, ביאַליסטאָקער וועקער, לובלינער שטימע — זיינען געווען אַ מוסטער און אַ גלענצנדער ביישפּיל פאַר די בונדישע אָרגאַניזאַ־ציעס איבער דער גאַנצער פּוילישער פּראָווינץ.

## רשימה פון די בונדישע פראָווינץ־אויסגאַבעס צווישן ביידע וועלט־מלחמות

אונזער שטימע, ווילנע, 1918 — 1919.

אונזער שטימע, לעמבערג, 1919 — 1920.

אייניקייט, טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, 1925.

אַרבעטער אינפאָרמאַטאָר, מעזריטש, 1927 — 1928.

אַרבעטער וואָכנבלאַט, ווילנע, 1927 — 1928.

אַרבעטער צייטונג, טשענסטאָכאָוו, 1923, 1927, 1937.

אַרבעטער שטימע, לעמבערג, 1924, 1927, 1932.

אַרבעטער שטימע, מעזריטש, 1933.

ביאַליסטאָקער אַרבעטער שטימע, ביאַליסטאָק, 1921.

ביאַליסטאָקער וועקער, ביאַליסטאָק, 1928 — 1932, דערשינען 57 נומערן.

בריסקער אַרבעטער וועקער, בריסק, 1927.

בריסקער אַרבעטער פריינד, בריסק, 1927.

בריסקער פאָלקס־צייטונג, בריסק, 1926.

גראָדנער שטימע, גראָדנע, 1927 — 1931, 205 נומערן.

וואָלקאָווויסקער וועקער, וואָלקאָוויסק, 1927.

וולאָצלאַווקער וועקער, וולאָצלאַוועק, 1939.

וועקער, קראָקע, 1930.

טשענסטאָכאָווער וועקער, טשענסטאָכאָוו, 1938.

לאָמזשער וועקער, לאָמזשע, 1938, 1939.

לובלינער אַרבעטער וועקער, לובלין, 1927.

לובלינער שטימע, לובלין 1928 — 1939, וואָכנבלאַט, דערשינען 600 נומערן.

מעזריטשער אַרבעטער שטימע, מעזריטש, 1930 — 1931, דערשינען 32 נומערן, צווייוואָכנבלאַט, רעדאַקטאָר ב. ווערניצקי.

נייע אַרבעטער שטימע, לעמבערג, 1921, וואָכנבלאַט, דערשינען פיר נומערן, די צייטונג פאַרווערט.

פיעטריקאָווער וועקער, 1925. עטלעכע מאָל געטוישט דעם טיטל און דעם רעדאַקטאָר. דערשינען ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה 1939.

דאָס פרייע וואָרט, ווילנע 1920 — 1921, דערשינען 39 נומערן, פון נומער 11 איז די צייטונג אַריבער צום „בונד", סוף סעפטעמבער 1921 פאַרווערט.

צייטפראַגן, איינמאָליקע אויסגאַבע, ווילנע 1922.

קאַלישער וועקער, קאַליש 1931, וואָכנבלאַט, דערשינען 4 נומערן.

וולאָצלאַווקער צוקונפט־שטימע, 1930, איינמאָליקע אויסגאַבע.

יוגנטגעדאַנק, ווילנע 1923, קאָנפיסקירט.

לאָדזשער יוגנטשטימע, 1924, איינמאָליקע אויסגאַבע, רעדאַקטאָר ס. גוטקעוויטש.

פאַר דער יוגנט, ווילנע 1924, קאָנפיסקירט, איינמאָליקע אויסגאַבע.

די צוקונפט, לובלין 1939, איינמאָליקע אויסגאַבע.

קוטנער סאָציאַליסטישע יוגנט שטימע, 1929, איינמאָליקע אויסגאַבע.

וואָלקאַ (פויליש), קראָקע 1924 — 1928, רעדאַקטאָר: עמנואל שערער. אויגוסט 1928 איז דער זשורנאַל אַריבער קיין וואַרשע און געענדערט דעם טיטל אויף „נאַשאַ וואָלקאַ".

## ביכערוועלט

דעם ערשטן אַפּריל 1928 איז אַרויס דער ערשטער נומער פון קריטיש־ביבליאָגראַפישן חודש־זשורנאַל ביכערוועלט. דער אַרויסגעבער: פאַרלאַג קולטור־ליגע. די רעדאַקציע: מ. זילבערפאַרב, י. כמורנער, ח. ש. קאַזדאַן. דער זשורנאַל דערשיינט אין גרויסן פאָרמאַט, יעדער נומער אין 80 זייטן. מעלדנדיק וועגן דער נייער אויסגאַבע, שרייבט די רעדאַקציע: „ביכערוועלט וועט זיך באַמיען צו געבן אויסשעפּנדיקע אינפאָרמאַציע וועגן אַלץ, וואָס דערשיינט אויף יידיש. זי וועט אונטערשטרייכן און אָקצענטירן — דאָס וויכטיקסטע, דאָס ווערטפולסטע. זי וועט אויסשיילן די טענדענצן און אידייען פון יעדן מין שאַפונג און זייערע מחברים, און זי וועט באַקעמפן אַלץ, וואָס שאַט דער אַנטוויקלונג פון אונזער מאַסן־קולטור, אַלץ וואָס איז קעגן אירע אינטערעסן און אידעאַלן. די ביכערוועלט וועט אַריינפירן דעם לעזער אין קרייז פון די פּראָבלעמען, וואָס ווערן דערוועקט אין דער ליטעראַטור... זי וועט זיי שאַצן און אויפקלערן, איינע פון זיי שטיצן, די אַנדערע אָפּוואַרפן... ביכערוועלט וועט זיין אַ טריבונע פאַר די, וואָס האָבן באמת וואָס צו זאָגן וועגן דערשיינענדיקע ווערק. דאָס יידישע געדרוקטע וואָרט טאָר ניט בלייבן קיין ענין פון צעקראָכענע מהיכה־תיתאניקעס און אויך־מיר־קריטיקער".

פון דעם נומער 5, 1929, גייט אַריבער דער זשורנאַל אויף 4 בויגן (64 זייטן). די רעדאַקציע מעלדעט, אַז זי „האָט בדעה צו רעפאָרמירן אונזער אויסגאַבע ראַדיקאַל, באַרייכערן זי מיט נייעם אינהאַלט און נייער פאָרם". די רעדאַקציע ווערט אויסגעברייטערט און אין באַשטאַנד פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע ווערן איינגעלאַדן נאָך צוויי חברים — ד. ב. מאַלקין און א. קאַציזנע. אין זעלבן נומער 5 מעלדעט די רעדאַקציע וועגן איר „ערשטן פּלעביסציט צווישן די לעזער פון ביכערוועלט", די טעמע איז: „די בעסטע און די ערגסטע איבערזעצונג אויף יידיש אין די יאָרן 1927, 1928".

אָבער די אַלע רעפאָרמען זיינען ניט געווען בכוח צו פאַרלייכטערן די פינאַנציעלע שוועריקייטן, מיט וועלכע די אויסגאַבע איז געווען פאַר־

בונדן, און דער נומער 8, אויגוסט 1929, איז געווען דער לעצטער אין לעבן פון ביכערוועלט. עס האָבן זיך אָנגערוקט שווערע צייטן אויף דער יידי־שער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג, סיי עקאָנאָמיש סיי פּאָליטיש. יידישע אַרבעטער האָבן ניט געקענט אויסהאַלטן אַזאַ קאָסטבאַרע אויסגאַבע.

אין די 16 נומערן ביכערוועלט, 1928 און 1929, זיינען אַחוץ די מיט־גלידער פון רעדאַקציע באַטייליקט: י. אָפּאַטאָשו, י. ד. בערקאָוויטש, בן אַדיר, ב. גלאַזמאַן, ב. וויניג, ז. וויינפּער, ד. טשאַרני, א. טשעריקאָווער, י. יאַשונסקי, מאַקס עריק, ל. פינקעלשטיין, י. צינבערג, פּנחס קאָן, מ. קול־באַק, מ. ראַוויטש, א. א. ראָבאַק, י. ראַפּאָפּאָרט, מ. שאַליט, ישראל שטערן, ד״ר י. שיפּער, א. גאָלאָמב, מאַקס געלער, ס. דובנאָוו־ערליך, פאַלק האַל־פּערין, ש. מענדעלסאָן, ש. ניגער, י. פּאַט, מ. ראַקאָווסקי, ש. באַסטאָמסקי, י. באָטאָשאַנסקי, ש. ל. שניידערמאַן, גריגאָרי אַראָנסאָן, ש. אַש, יעקב לעש־טשינסקי, ד״ר מילייקאָווסקי, י. ראָטנבערג, ל. בלומענפעלד, יחיאל האַל־פּערן, מ. ניידין.

מיר קענען נישט, פאַרשטייט זיך, אויסרעכענען די גרעסערע און וויכטיקערע אָפּהאַנדלונגען, וואָס זיינען געווען געדרוקט פאַר די 27 חדשים, און אַוודאי ניט די קלענערע אַרבעטן און פּאָלעמישע אַרטיקלען, וואָס די רעדאַקציע האָט געפירט אין דער שטענדיקער אָפּטיילונג „נאָ־טיצן״. אָבער די אויסגערעכנטע רשימה פון דער גרויסער צאָל מיטאַרבע־טער רעדט גענוג פאַר זיך און באַווייזט דעם העכערן ניוואָ פונם זשור־נאַל.

## וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור

מיט דער צייט איז געוואַקסן די נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ באַ־זונדערע בונדישע אויסגאַבע געווידמעט ליטעראַטור, קולטור און קונסט. צו דעם צוועק האָט גענומען דערשיינען אין פאָרמאַט פון דער פאָלקס־צייטונג גופא, דער זשורנאַל וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור, אונטער דער רעדאַקציע פון י. פּאַט און ח. ש. קאַזדאַן. די וואָכנשריפט האָט זיך גע־דרוקט אין דער זעלבער דרוקעריי. מיט די פינאַנצן און דער פאַרשפּריי־טונג פון וואָכנשריפט האָט זיך פאַרנומען די אַדמיניסטראַציע פון פאָלקס־צייטונג. נאָך דעם ווי די ביכערוועלט האָט אויפגעהערט צו דערשיינען איז די באַדערפעניש אין אַזאַ בונדישער ליטעראַרישער טריבונע געווען זייער גרויס.

דער ערשטער נומער וואָכנשריפט איז דערשינען דעם 23סטן יאַנואַר 1931 אונטער דער רעדאַקציע פון ד. ב. מאַלקין און ח. ש. קאַזדאַן. די ערשטע עטלעכע וואָכן האָט די וואָכנשריפט זיך געדרוקט אין טאַבלאָיד־פאָרמאַט, שפּעטער איז זי אַריבער אויפן פאָרמאַט פון דער פאָלקס־צייטונג (ס׳רוב — אַכט זייטן) און די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון י. פּאַט און ח. ש. קאַזדאַן.

עפענענדיק דעם ערשטן נומער, האָט די רעדאַקציע זיך פאָרגעשטעלט פאַר די לייענער אין אַ לייט־אַרטיקל, פון וועלכן מיר געמען אַרויס די ווייטערדיקע עטלעכע פּאַראַגראַפן: „אונזער וואָכנשריפט וויל ניט זיין סתם אַ נייע ליטעראַרישע טריבונע. זי וויל ניט זיין סתם אַ פלאַץ פאַר ניי־אַלטע דרשות, זי וויל זיין אַ טריבונע פאַר דער שעפערישער יידיש־וועלטלעכער מאַסן־קולטור. די יידיש־וועלטלעכע מאַסן־קולטור איז געוואָרן אַן אימפּאָנירנדיקער פאַקטאָר אין אונזער לעבן, זי איז געוואָרן אַן אָרגאַניזירנדיקע קראַפט. זי שמידט נייעם לעבנס־שטייגער, נייע ווערטן. די דאָזיקע פילזייטיקע קולטור־אַרבעט רוקט אַרויס פאַרשיידענע פּראָבלעמען און אויפגאַבן, זי וועקט נייע באַפרוכפּערנדיקע איניציאַטיוו. עס מוז קומען די פאַרסכהכלונג און סינטעזירונג פון דער גאַנצער אַרבעט. איבער דעם זאַכלעך „מאַטעריעלן" בנין פון דער קולטור־אַרבעט מוז קומען אַן אידעאָלאָגישער איבערשטאַק. אונזער וואָכנשריפט וויל זיין די פאָלקס־בינע פאַר אָט דער אַרבעט"... „פאַר דער וואָכנשריפט וועט סאָציאַליזם דינען ווי אַ לייכט־טורעם. מיר ווילן ניט אויפבויען קיין פּאַרטייאישן אָרגאַן, מיר ווילן זיך ניט לאָזן באַהערשן פון ענגער דאָקטרינע. מיר וועלן שטרעבן צו ווייט־גרעסטער טאָלעראַנץ פאַר קולטור־שטרעמונגען און ליטעראַרישע ריכטונגען. אָבער מיר ווילן גיין אונטערן צייכן פון מאָדערנער אַרבעטער־קולטור־באַוועגונג. מיר ווילן דינען דער אַרבעטנדיקער מאַסע".

אין נומער 11, 1931 מעלדעט די רעדאַקציע וועגן דער אויסערלעכער ענדערונג אין פאָרמאַט פון דער וואָכנשריפט. „ביז אַהער האָבן אַרויסגעגעבן די וואָכנשריפט די געזעלשאַפט קולטור־ליגע און דער פאַרלאַג קולטור־ליגע — איצט טרעט אויך צו דער פאַרלאַג די וועלט, און מיט געמיינזאַמע כוחות ווילן מיר דורכפירן די נייע פאַרגרעסערונגען. צוזאַמען מיט דער אויסערלעכער פאָרם פאַרגרעסערן מיר אויך און באַרייכערן דעם אינהאַלט פון דער וואָכנשריפט. ביז אַהער איז די וואָכנשריפט געווען אַן אָרגאַן פון ליטעראַרישער קריטיק, קונסט און קולטור. דאָס בלייבט אויך ווייטער, אָבער צוזאַמען דערמיט וועלן מיר איצט אָנהייבן געבן שיינע ליטעראַטור, מיר ווילן זי באמת פאַרוואַנדלען אין אַ וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור, אין אַ צענטער פון שיינעם וואָרט, פון נייער קינסטלערישער פּראָלעטאַרישער און רעוואָלוציאָנערער שאַפונג. וואָכנשריפט וועט זאַמלען אַרום זיך אַלע יונגע, דרייסטע כוחות אין דער יידישער פּאָעזיע און פּראָזע".

די וואָכנשריפט האָט געגעבן אַ סך אינפאָרמאַטיוון מאַטעריאַל וועגן דער סאָוועטישער, אייראָפּעאישער און אַמעריקאַנער ליטעראַטור; זי האָט געהאַלטן די לייענער אין קורס פון דער וועלט־ליטעראַטור, געגעבן אָפּהאַנדלונגען וועגן ביכער און שרייבער. און אוודאי האָט זי דאָס זעלבע געטאָן וועגן דער יידישער ליטעראַטור.

די וואָכנשריפט האָט צוגעצויגן אַ סך שרייבער פון דער יידישער ליטעראַטור פון גאָר דער וועלט, זי האָט געדרוקט זייערע דערציילונגען און לידער, קריטיק־אָפּהאַנדלונגען וועגן ניי־דערשינענע יידישע ביכער, געדרוקט אַרטיקלען איבער פּראָבלעמען פון דער יידישער ליטעראַטור און קולטור, אינטערוויוען מיט שריפטשטעלער — באַזונדערס מיט געסט, וואָס האָבן באַזוכט וואַרשע. אַלע אָפּהאַנדלונגען און דערציילונגען זיינען געווען מיט פּאַרנעם און ערנסטן כאַראַקטער. במשך פון די יאָרן האָבן אויף די בלעטער פון דער וואָכנשריפט פיגורירט די נעמען פון רחל אויערבאַך, י. באַטאַשאַנסקי, ב. גלאַזמאַן, י. ראַפּאַפּאָרט, משה גראָסמאַן, יחיאל האַל־פּערן, דניאל טשאַרני, א. מאַרעווסקי, בינעם העלער, מאַקס געלער, אברהם רייזען, י. אָפּאַטאָשו, ישראל שטערן, ב. שנאפּער, יעקב גלאַנץ, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, ד. ב. מאַלקין, מ. צאַנין, מ. וויכערט, מ. נאַטיש, מ. טייכמאַן, י. ל. קאהן, י. ראָטענבערג, מלך ראַוויטש. אויך פון דער נאָענטער סביבה פון בונד האָבן אָפּט דאָ געגומען אַ וואָרט: י. כמורנער, א. ליטוואַק, סאָפיע דובנאָוו־ערליך, מ. פערענסאָן, ל. פינקעלשטייק, ש. מענדעלסאָן, ב. שעפנער און אַנדערע. די רעדאַקטאָרן פון דער וואָכנשריפט האָבן געדרוקט ליטע־ראַרישע לייט־אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען אויף פאַרשיידענע טעמעס. אַ סך פּלאַץ און אויפמערקזאַמקייט האָט די וואָכנשריפט געווידמעט די יונגע אונטערוואַקסנדיקע ליטעראַרישע כוחות. אַ סך יונגע, שפּעטערדיקע אָנערקענטע פּראָזאַאיקער און דיכטער, האָבן דעביוטירט אויף די זייטן פון וואָכנשריפט. די רעדאַקציע האָט זיי דערמוטיקט פּריוואַט אויף ספּע־ציעלע קאָנפערענצן און אויך עפנטלעך געזעלשאַפטלעך; זי האָט געשטעלט פאַר זיי פּראָבלעמען ליטעראַרישע, קינסטלערישע, קולטור־געזעלשאַפט־לעכע. הגם אויף דער וואָכנשריפט איז ניט געווען אָנגעגעבן, אַז דאָס איז אַן אויסגאַבע פון בונד, האָבן אָבער אַלע זי באַטראַכט ווי אַזעלכע. די רעדאַקטאָרן האָבן באַהאַנדלט די אויפגאַבן פון דער יידישער ליטע־ראַטור — סאָציאַליסטיש, געזעלשאַפטלעך. זיי האָבן אָפּגעוואָרפן די באַ־נאַלע און מאָדע־געוואָרענע רייד וועגן „פּראָלעטאַרישער קולטור", אָבער זיי האָבן גערופן די יונגע אַרויסצוברענגען טעמעס פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, פון לעבן און שטייגער פון די אַרבעטנדיקע עלע־מענטן, אַריינצוברענגען אין זייערע ליטעראַרישע שאַפונגען מוטיקע טע־נער פון קאַמף און אַקטיוון אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. די רע־דאַקציע האָט גערופן די יונגע צו שאַפן נייע פאָרמען און אויסדרוקן פון קונסט און קינסטלערישער שאַפונג. די רעדאַקציע האָט אויסגערופן עטלעכע מאָל קאָנקורסן, געשטעלט פראַגן און געדרוקט ענטפערס פון די מיטאַרבעטער און פון דער רעדאַקציע; זי האָט אויך גערופן די לייע־נער צו ברענגען זייערע מיינונגען און שטימונגען. אַזוי אַרום איז דער זשורנאַל געוואָרן אַ צענטר פון ליטעראַרישע אינטערעסן און עקספּע־רימענטירונגען, פון שעפערישע פּאַראינטערעסירונגען. די לאָזונג פון

דער וואָכנשריפט איז געווען: נישט קונסט לשם קונסט, נאָר קונסט לשם דער אַנטוויקלונג און דערהייבונג פון דער יידישער ליטעראַטור, קונסט לשם די קולטור־אינטערעסן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, קונסט ווי אַן אויסדרוק פון פאָלקס־טרוימען און גלויבן.

סוף דעצעמבער 1933 איז ח. ש. קאַזדאַן דעלעגירט געוואָרן דורך דער ציש״אָ דורכצופירן אַ גרעסערן קאַמפּיין אין אַמעריקע לטובת די יידיש־וועלטלעכע שולן. אין אַ האַלב יאָר אַרום האָט זיך די וואָכנשריפט צו־ליב פינאַנציעלע שוועריקייטן געשלאָסן. דער ערשטער נומער וואָכנשריפט איז אַרויס דעם 23סטן יאַנואַר 1931, דער לעצטער נומער — 4טער יולי 1934, די צאָל דערשינענע נומערן איז געווען 206.

## פּ אָ ר ו י ס

ערשט אין 1937 ווערט צוריק אויפגעבויט אַ נייע בונדישע ליטע־ראַרישע אויסגאַבע, אונטערן נאָמען פּאָרויס. די רעדאַקציע פון פּאָרויס איז באַשטאַנען פון ש. מענדעלסאָן, ח. ש. קאַזדאַן, ל. האַדעס, איציק מאַנגער און לעאָ פינקעלשטיין. דער פאָרמאַט פון זשורנאַל איז געווען טאַבלאָיד, די אַרטיקלען — קורצע. דער כאַראַקטער פון דער אויסגאַבע איז אין אַלגעמיין געווען דער זעלביקער אַזוי ווי וואָכנשריפט. דער פּאָרויס האָט געקעמפט קעגן העברעאיזם, קעגן די אָפּאָרטוניסטישע טענדענצן אין דער יידיש־אַמעריקאַנער פרעסע און זשורנאַליסטיק — בנוגע יידיש־וועלטלעכקייט אין די שולן, בנוגע צוויי־שפּראַכיקייט אין יידישער ליטע־ראַטור און יידישער עפנטלעכקייט, אין פרט פון אומגלויבן אין דער „גויאישער״ וועלט און געזעגענען זיך מיט איר, „אַ גוטע נאַכט״, לויטן אויסדרוק פון באַקאַנטן ליד פון יעקב גלאַטשטיין. ש. ניגער האָט געשריבן וועגן פּאָרויס: „עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז מען האָט אונז אַזש פון יענער זייט ים אָנגעהויבן צו מוסרן און צו וואָרענען... ׳די יידישע אינטעליגענץ אין אַמעריקע איז פאַרלוירן׳, ׳די יידישע אינטעליגענץ אין אַמעריקע איז צע־בראָכן׳ — האָט דער האַלב־ אָדער גאַנץ־בונדיסטישער פּאָרויס גענומען שרעקן זיך פאַר אונזער גיין צוריק... אַזעלכע אומקאָמפּראָמיסלעכע פירער ווי די חברים קאַזדאַן און מענדעלסאָן... איך האָב געלייענט זייערע פּראָטעסטן קעגן ה. לייוויק און אַנדערע, וואָס האָבן געוואַגט צו רעדן וועגן אַ דערנענטערונג צווישן יידיש און העברעאיש; איך האָב געזען, אַז זיי קענען ניט פאַרטראָגן קיין שום אָפּאָרטוניזם... ח. ש. קאַזדאַן קלאָגט זיך נעבעך אויף דער רעאַקציאָנערישקייט פון דער אַמעריקאַנער אינטעליגענץ״ [28]). אין די דאָזיקע ווערטער פון ש. ניגער איז געווען אַ סך בייזקייט און פאַרביטערטקייט. זיי זיינען געווען עדות פון די גרויסע אי־דעאָלאָגישע חלוקי־דעות צווישן וואַרשע און ניו־יאָרק — פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע.

עס איז געווען דאָס יאָר 1938, דער שטורעם איבער דייטשלאַנד

האָט געבושעוועט, זיינע אָפּקלאַנגען האָבן זיך געטראָגן אַלץ נענטער צו וואַרשע... פּאַרויס איז געווען אַן אויסדרוק און אַ פּועל־יוצא פון די שטימונגען פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. פּאַרויס האָט געמוטיקט, געמונטערט, זיך אַנטקעגנגעשטעלט קעגן די שטימונגען פון „היסטערישן נאַציאָנאַליזם" און „פּאַרלוירנקייט" פון אַ געוויסן טייל אינטעליגענץ...

דער ערשטער נומער פּאַרויס איז אַרויס דעם 10טן דעצעמבער 1937, דער לעצטער נומער — דעם 23סטן יוני 1939, סך־הכל אַרויס 42 נומערן.

## אונזער צייט

אַ פּאָר יאָר האָט די פּאַרטיי געהאַט אַ חודש־זשורנאַל אונזער צייט. איר ערשטער נומער איז אַרויס אין אָקטאָבער 1927, דער לעצטער אין מאַי 1932, סך־הכל 22 נומערן. דער נומער 3 פון יאָר 1927 איז דורך דער פּוילישער רעגירונג קאָנפיסקירט געוואָרן. אונזער צייט איז געווען דער טעאָרעטישער אָרגאַן פון בונד. דאָ זיינען באַהאַנדלט געוואָרן די פּראָבלעמען פון סאָציאַליזם און בונדיזם — מיט פּאַרטיפּטקייט און ערנסט. אויך אונזער צייט האָט אָפּגעגעבן פּלאַץ פאַר פראַגן און דערשיינונגען פון ליטעראַטור און קונסט. אונזער צייט איז געווען די טריבונע פאַרן סאָציאַליסטישן און בונדישן געדאַנק, אין טראַדיציע פון די גרויסע אייראָפּע־אישע זשורנאַלן פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען. די רעדאַקציע פון אונזער צייט איז באַשטאַנען פון יוסף לעשטשינסקי, בייניש מיכאַלע־וויטש (ביז זיין טויט, האַרבסט 1928) און ה. ערליך. אַ סך אינערלעכע רעדאַקציע־אַרבעט האָט אויסגעפירט דער רעדאַקציע־סעקרעטאַר ד"ר ש. בערקאָוויטש. געדרוקט האָט זיך דער זשורנאַל, פּונקט ווי די פאָלקס־צייטונג און וואָכנשריפט אין דער דרוקעריי פון בונד נאָוואָליפּיע 7.

פאַר די יאָרן פון איר דערשיינונג, האָבן אין אונזער צייט געהאַט אַרטיקלען, אַחוץ די רעדאַקטאָרן, די וויטערדיקע מיטאַרבעטער: וו. אַלטער, יעזשי גליקסמאַן, מאַקס געלער, סאָפּיע דובנאָוו־ערליך, יחיאל האַלפּערן, ליבמאַן הערש, ח. ווילטשינסקי, מ. זילבערפאַרב, י. יאַשונסקי, ל. האָדעס, ד"ר י. ליפּאָווסקי, ע. מוס (עמנואל נאָוואָגרודסקי), ח. ש. קאַזדאַן, וולאַדימיר קאָסאָווסקי, פראַנץ קורסקי און אַנדערע.

לאָמיר דאָ פאַרצייכענען כאָטש אַ קליינעם טייל פון די גרעסערע אַרטיקלען, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אונזער צייט: ה. ערליך — דרייסיק יאָר בונד; מ. זילבערפאַרב — פּראָבלעם פון סאָציאַלער אי־בערשיכטונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין מזרח־אייראָפּע; ב. מי־כאַלעוויטש — אונזער נאַציאָנאַלע פּראָגראַם אין ליכט פון פּראַקטיק; יעקב לעשטשינסקי — סאָציאַלע פּראָצעסן אין יידישן לעבן; ד"ר י. ליפּאָווסקי — סאָציאַלע סטרוקטור און לוין־אַרבעט ביי יידן אין פּוילן; פּראָפ' ל. הערש — די נאַטירלעכע באַוועגונג פון דער פּאַלעסטינער באַ־

פעלקערונג אין 1926; וולאַדימיר קאָסאָווסקי — די קאָמוניסטישע באַוועגונג פון די באַבואוויסטן; פראַנץ קורסקי — די פּאַראַורטיילן פון אונזערע רוסישע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן קעגן יידן; מאַקס אַדלער — געזעלשאַפט־אָרדענונג און צוואַנג־אָרדענונג. עס זיינען אויך געווען אַרטיקלען געווידמעט דער יידישער ליטעראַטור.

אַרבעטער און אינטעליגענטן האָבן שטודירט אין די העפטן פון אונזער צייט די פּראָבלעמען פון דער יידישער און אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אַלע האָבן שטאַרק באַדויערט, וואָס די פּאַרטיי איז געווען געצוואונגען איבערצורייסן דאָס דערשיינען פון אונזער צייט.

## דער בונד און די ליטעראַרישע סביבה

עס איז געווען אין דער טראַדיציע פון בונד, אונטערן צאַרישן רעזשים, און פון דער אומלעגאַלער אַרביטער שטימע — אָנהאַלטן פּאַרבינדונגען מיט באַקאַנטע יידישע שרייבער. יידישע שרייבער האָבן זיך געטוליעט צום בונד, און ניט דווקא בונדיסטן לויט זייער איבערצייגונג. גענוג צו דערמאָנען ש. אַנ—סקי, וועלכער האָט געשאַפן די שבועה פון בונד און אין זאַלציגען ים. די זעלבע באַציאונגען האָבן אָנגעהאַלטן אויך אין דער תקופה פון בונד אין פּוילן. צענטליקער נעמען פון יידישע פּראָזאַיקער און פּאָעטן, עסייאיסטן און קריטיקער האָבן פיגורירט אויף די שפּאַלטן פון פאָלקס־צייטונג פאַר ליטעראַטור, פון וואָכנשריפט און פּאָרויס. אין דער לעגאַלער טעגלעכער פּרעסע פון בונד אין די יאָרן 1906 — 1907 און שפּעטער, נאָכן ליקווידירן די טאָג־צייטונגען, אין די בונדישע זאַמלביכער אונטער פאַרשיידענע נעמען, זיינען געדרוקט אַ סך זאַכן פון י. ל. פּרץ, ש. פרוג, דוד פרישמאַן, א. רייזען, שלום אַש, ה. ד. נאָמבערג, ד. פּינסקי, ז. שניאור, פּרץ הירשביין, ד״ר מוקדוני און אַנדערע. אין צווייטן באַנד פון בונדישן ליטעראַרישן זאַמלבוך די וועלט איז אָפּגעדרוקט פּרצעס גאָלדענע קייט.

שרייבנדיק זיין אַנאַליטישן אַרטיקל אין ניו־יאָרקער אונזער צייט, צום 50־יאָריקן יובל פון בונד (1947) האָט ב. י. ביאַלאָסטאָצקי אויסגערעכנט אַ צאָל נעמען פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס זיינען אין זייער יוגנט געווען פאַרבונדן אָדער נאָענט צום בונד: ה. לייוויק, י. קיסין, זישע לאַנדוי (אין פּלאָצק און ווילנע), א. ליעסין, א. רייזען, ל. שאַפּיראָ, יונה ראָזענפעלד, דוד קאָסעל, משה טייטש, ד. איינהאָרן, א. וויטער, א. מענעס. און ביאַלאָסטאָצקי פאַרענדיקט זיין אַרטיקל מיט די ווערטער: „אין דעם אויפקום און וווּקס פון אונזער יידישער ליטעראַטור האָט געהאַט די גרעסטע ווירקונג, אַ סך מער פון ציוניסטיש־העברעאיסטיש־נאַציאָנאַלן איינשטעל, דער סאָציאַלער רוף. דער בונד, ווי דער הויפּט־טרעגער פון דעם סאָציאַלן מאָטיוו און סאָציאַלער איינשטעלונג ביי יידישע מאַסן, האָט געמוזט געוואַלטיק משפּיע זיין סיי אויף דער טענדענץ פון דער ליטעראַטור

און סיי אויף דער מאַסע — אַז זי זאָל זיך ווי אַ שיצערין שטעלן אַרום דער יידישער ליטעראַטור און אַרום דער יידישער שפּראַך. איך שרייב דעם דאָזיקן אַרטיקל צום 50־יאָריקן יובל פון בונד. אויף אונזער גאַס הערשט איצט אַ צו־נאַציאָנאַליסטישער גייסט. פאָלקסטימלעכקייט ווערט פאַרשטופּט אין אַ זייט. שטאַרקט זיך דעריבער אין מיר די דאַנקבאַרקייט און פאַרערונג צו אַן אידייען־גאַנג אין אונזער לעבן, וואָס שיצט יידיש און די יידישע ליטעראַטור עד היום הזה".

אויך אין פּוילן, צווישן ביידע וועלט־מלחמות, איז געווען דאָס זעלבע: וואָס שטאַרקער עס איז געוואָקסן די פּאַרטיי און איר אָנהענגערשאַפט, וואָס גרעסער עס איז געשטיגן דער אָנזען פון בונד אין פּאָליטישן לעבן פון פּוילן און אין יידישן פאָלקס־לעבן, אַלץ מער האָבן זיך צו אים געצויגן די מענטשן פון דער יידישער ליטעראַטור.

„אין די גאָר לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלטקריג, איז די השפּעה פון בונד אויף דעם יידישן ליטעראַרישן לעבן אין פּוילן געווען אַזוי שטאַרק, אַז פיל אָנגעזעענע יידישע שרייבער האָבן פאָרמעל און פּאַקטיש געמאָלדן זייער צוטריט צום בונד. צוזאַמען מיט אַלע אַלטע מיטאַרבעטער פון דער פאָלקס־צייטונג און פון די אַנדערע בונדישע פּרעסע־אָרגאַנען, האָבן זיי יאָר־יערלעך זיך באַטייליקט אין די גרויסע בונדישע מײַ־דעמאָנסטראַציעס. די 'ליטעראַרישע קאָלאָנע' אין די גרויסע גאַסן־דעמאָנסטראַציעס פון בונד אין וואַרשע — איז געווען איינע פון די סענסאַציעס פון דער יידישער ליטעראַרישער וועלט אין פּוילן אין די לעצטע יאָרן פאַרן היטלער־חורבן"[29]).

יענע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן וואָס האָבן געפעלט אין בונדישן מײַ־צוג, האָבן זיך אין די עטלעכע שעה פון דער מײַ־דעמאָנסטראַציע געזאַמלט אין לאָקאַל פון טלאָמאַצקע 13, — ווי „באַאָבאַכטער" פון דער הויך פון באַלקאָן. „...דעם ערשטן מײַ — דערציילט בער י. ראָזען — איז דער באַלקאָן געווען די 'עסטראַדע', פון וועלכער 'טלאָמאַצקע' האָט אָבסערווירט די יידישע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס, דעם אויפמאַרש פון בונד און דעם שלוס־מיטינג זייערע אונטערן פרייען הימל אויפן פּשעיאַזד־פּלאַץ אַנטקעגן־איבער. פאַרביי־מאַרשירנדיק דעם באַלקאָן פון 'טלאָמאַצקע', האָבן יידישע אַרבעטער געוואָרפן פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע לאָזונגען אויפן אַדרעס פון דער יידישער שרייבער־וועלט[30]).

מיט דער צייט האָבן זיך אין די ראַמען פון ליטעראַטן־פאַראיין אויסגעבילדעט צוויי נייע אָרגאַניזאַציעס: די יידישע סעקציע פון אַלגעמיינעם וואַרשעווער זשורנאַליסטן סינדיקאַט (נאָר פאַר שטענדיקע מיטאַרבעטער פון דער יידישער טאָג־פּרעסע) און דער יידישער פּען־קלוב. הגם בונדיסטן זיינען אין צאָל געווען נאָר אַן ערך 25 פּראָצענט פון דער מיטגלידערשאַפט פון ליטעראַטן־פאַראיין, איז אָבער זייער ווירקונג און אויטאָריטעט דאָ געווען אַ סך גרעסער. איבערהויפּט האָט מען דאָס אָנגעזען אין מאַ־

מענטן, ווען מ׳האָט אויפן סדר־היום געהאַט פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע פראַגן, אין וועלכע דער ליטעראַטן־פאַראיין האָט געוואָלט און געמוזט נעמען אַ וואָרט. אין די קערפּערשאַפטן פון פאַראיין זיינען געווען פאַר־טרעטן די בונדיסטן: וויקטאָר שולמאַן, ד. ניימאַרק (אריה), ב. שעפנער, פנחס שוואַרץ (וויצע־פּאָרזיצער פון סינדיקאַט), בער ראָזען (סעקרעטאַר פון סינדיקאַט), ש. מענדעלסאָן. די לעצטע דריי־פיר יאָר פאַרן קריג איז ב. שעפנער געווען פאָרזיצער פון ליטעראַטן־פאַראיין, און י. י. טרונק — פּאָרזיצער פון פּען־קלוב.

צווישן די מיטגלידער פון פאַראיין זיינען געווען ציוניסטן, לינקע פועלי־ציון, קאָמוניסטן, בונדיסטן און נייטראַלע אומפּאַרטייאישע. יעדערער פון זיי האָט געהיט דעם פּרעסטיזש און די אינטערעסן פון זיין פּאַרטיי, יעדערער האָט געוואָלט אויסניצן דעם ליטעראַטן־פאַראיין לטובת דער פּאָליטישער ליניע פון זיין פּאַרטיי. יעדערער האָט אַרויפגעבראַכט יידישע און אַלגעמיין פּאָליטישע טאָג־פּראָבלעמען אויפן סדר־היום פון די זיצונ־גען פון דער פאַרוואַלטונג און אויף די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען. די רע־גירונג און די פּאָליציי האָט געהאַט אַ וואַך אויג איבערן לי־טעראַטן־פאַראיין. זי האָט געוואוסט, אַז פאַר די קאָמוניסטן, וועלכע זיי־נען געווען אַן אומלעגאַלע פּאַרטיי, איז דער ליטעראַטן־פאַראיין אַן עפנט־לעכע טריבונע און אויך אַ צענטראַלער פּונקט פאַר זייערע באַגעגענישן און טרעפענישן. די שווערד פון דער פּאָליטישער פּאָליציי איז העריבער געהאָנגען איבערן פאַראיין און געדראָט אים צו ליקווידירן. פון דער אַנדערער זייט האָט מען געמוזט אָפּהיטן דעם צווישן־פּאַרטייאישן כאַ־ראַקטער פון פאַראיין, אָנהאַלטן אַ געוויסע נייטראַלקייט און קאָלעגיאַ־לישקייט צווישן די מיטגלידער גופא און באַהאַנדלען אַלע גלייך. די פאַרוואַלטונג האָט געמוזט זיין אויפמערקזאַם צו די מאַטעריעלע זאָרגן פון יחידים, אָננעמען זיך פאַר זייערע פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן און פאָדערונגען, שיצן זיי פאַר איבערלעכע און אויסערלעכע רדיפות.

די רעגירונג איז געוואָרן אַלץ רעאַקציאָנערער און שאַרפער אין איר קאַמף מיט די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און זייער פּרעסע, די לאַגע פון דער פאַרוואַלטונג פון פאַראיין איז געוואָרן אַלץ שווערער. גע־ווען נאָך איין אינערלעכע שוועריקייט: אינם אויבן־דערמאָנטן סינדיקאַט איז די ערשטע יאָרן געווען אַ טענדענץ זיך צו איזאָלירן פון די אַלגע־מיינע אינטערעסן און פּראָבלעמען פון פאַראיין, זיך קאָנצענטרירן אויף רייך־פּראָפעסיאָנעלע פראַגן, זיך טוליען בענטער צום אַלגעמיין־פּוילישן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט, ניט שטעכן צופיל די אויגן מיט נאַציאָנאַלן קאַמף. דאָס לעבן אָבער האָט געצוואונגען דעם פאַראיין צו נעמען אַ וואָרט יעדעס מאָל ווען די רעגירונג האָט געהאַנדלט אַנטיסעמיטיש און אַנטי־דעמאָ־קראַטיש לגבי דער יידישער באַפעלקערונג, לגבי דער יידישער פּרעסע בכלל און אירע מיטאַרבעטער בפרט. דער פאַראיין האָט אויך געמוזט

פון צייט צו צייט רעאַגירן אויף די מעשים פון געוויסע יידישע פּאַרטייען און זייערע פירער, וואָס האָבן געהאַנדלט קעגן די אינטערעסן פון די יידישע מאַסן און קעגן דער חשיבות פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור. אַזעלכע האַנדלונגען האָבן דאָך געלייגט שטיינער אין קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע רעכט און גלייכבאַרעכטיקונג. די בונדישע מיטגלידער פון פאַראיין און פון זיין פאַרוואַלטונג האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט די שאָוויניסטישע און די העברעאיסטישע טענדענצן, די אָפּאָרטוניסטישע שטעלונגען פון געוויסע גרופּירונגען, ווי אויך קעגן לינקיסטישע פאַרשאַרפונגען. ביי די אָנגעשפּיצטע באַציאונגען צווישן בונד און ציוניסטן, צווישן בונד און די לינקע פּועלי־ציון, צווישן בונד און יידישע קאָמוניסטן, — האָבן די חברים בונדיסטן אין פאַראיין און אין זיין פאַרוואַלטונג געדאַרפט היטן זייער אויסגעהאַלטענע פּאָליטישע און קולטור־נאַציאָנאַלע ליניע, פון דער אַנדערער זייט היטן די גאַנצקייט פון פאַראיין און זיין עקזיסטענץ. מיט זייער טאַקטיק האָבן די בונדישע פאַראיינס־טוער געוואונען דעם אויטאָריטעט און דרך־ארץ פון אַלע מיטגלידער, אַפילו מצד אויסגעשפּראָכענע וואָרטזאָגער פון די אַנדערע ריכטונגען. אונזערע חברים זיינען אָפּט געשטאַנען פאַר אַזעלכע דעליקאַטע פאַקטן, אַז זיי האָבן געמוזט אַפילו ראַטעווען קאָמוניסטישע מיטגלידער פון ערנסטע סכנות.

די פוילישע רעגירונג האָט כסדר געפאָדערט מען זאָל אויסשליסן פון פאַראיין אַלע קאָמוניסטן. פאַרשטייט זיך, וועגן אַזאַ אַקט האָט נים געקאָנט זיין קיין רייד, האָט מען געדאַרפט ראַטעווען דעם פאַראיין גופא און זיין עקזיסטענץ. חבר ה. ערליך און אַנדערע יידישע פערזענלעכקייטן האָבן געמאַכט די געהעריקע ווענדונגען צו דער מאַכט, אַפּעלירט אין נאָמען פון דער גאַנצער יידישער פּרעסע און פון דער יידישער עפנטלעכקייט. די אינטערווענצן האָבן געווירקט. די סכנה איז באַזייטיקט געוואָרן.

ווען אָבער עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פּרינציפּיעלער אידייאישער פראַגע איבערלעך אין פאַראיין, זיינען די בונדישע פאַרשטייער געווען גרייט אויפן שאַרפסטן קאַמף. אַזוי איז געווען אין יאָר 1936, ווען עס איז גערופן געוואָרן אין פאַריז דער כלומרשט פאָלקס־פראָנטישער „קאָנגרעס פון יידישער קולטור”. אין ליטעראַטן־פאַראיין האָט זיך די קאָמוניסטן און זייערע מיטלויפערס איינגעגעבן צו שאַפן די געהעריקע שטימונג און עס האָט געהאַלטן דערביי, אַז דער ליטעראַטן־פאַראיין זאָל יאָ אָנטיילנעמען אין פאַריזער קאָנגרעס און שיקן אַהין זיינס אַ דעלעגאַציע. ב. שעפנער, פאַרזיצער פון פאַראיין, און י. י. טרונק, פאַרזיצער פון פען־קלוב, האָבן דעמאָלט אָפּגעדרוקט אין פאָלקס־צייטונג אַן אָפענעם בריוו מיט זייער מעלדונג, אַז זיי זאָגן זיך אָפּ פון זייערע אַמטן אַלס פאַרזיצערס. אויך די ציש״אָ האָט אָנגענומען אַ באַשלוס קעגן אָנטייל אין קולטור־קאָנגרעס. אין גיכן האָט די פאַרוואַלטונג פון ליטעראַטן־פאַראיין צוריקגעצויגן דעם

באַשלוס, און קיין שום דעלעגאַט איז פון פּאַראיין ניט געקומען קיין פּאַריז.

גאָר אַ שווערע אַקציע איז געווען דער אָרגאַניזירטער פּראָטעסט פון אַלע יידישע צייטונגען אַרום דעם ענין פּזשיטיק און מעשה־כאַסקעלעוויטש. פּנחס שוואַרץ אין זיין ציטירטער אַרבעט, דערציילט באריכות וועגן דעם פּראָטעסט־אויסדרוק און איינהייטלעכער אַרויסטרעטונג פון אַלע וואַר־שעווער יידישע צייטונגען צו מאַרגנס נאָכן ברוטאַלן פּסק־דין איבערן אומגליקלעכן כאַסקעלעוויטש. כדי אָפּצוהיטן די לעגאַלקייט פון דער יידישער זשורנאַליסטן־אָרגאַניזאַציע (סעקציע פון אַלגעמיין־פּוילישן זשור־נאַליסטן־סינדיקאַט), האָט מען די דעקלאַראַציע פאַרעפנטלעכט אונטער אַ פיקטיווער אונטערשריפט „פאַראייניקונג פון יידישע זשורנאַליסטן אין פּוילן". די פּוילישע רעגירונג האָט דעם פּראָטעסט אָראָפּגעשלונגען און די יידישע פּרעסע איז געבליבן אומגעשטראָפט. די מחברים פון אָט דער היסטאָרישער פּראָטעסט־דעקלאַראַציע זיינען געווען: בערנאַרד זינגער, נח פּרילוצקי און ברוך שעפנער.

אין ענלעכן אידייאיש־געלעגנהייטלעכן קאַמף האָט אויסגעטראָגן י. י. טרונק ווי דער פאָרזיצער פון פּען־קלוב. אין זיין קאַפּיטאַלן ווערק פּוילן דערציילט י. י. טרונק וועגן דעם עפּיזאָד אַרום שלום אַשס גרינגשעציקן אויסדרוק קעגן דער יידישער שפּראַך, ווען ער האָט באַזוכט ארץ־ישראל. שלום אַש איז דעמאָלט געווען דער ערן־פאָרזיצער פון יידישן פּען־קלוב, און די פאַרוואַלטונג פון פּען־קלוב האָט געהאַלטן פאַר ניט דערלאָזבאַר, „אַז דער ערן־פאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציע פון יידישע שריפטשטעלער זאָל עפנטלעך רעדן מיט ביטול קעגן יידיש. מיר האָבן אָנגעשריבן, דער־ציילט י. י. טרונק, אַ קאָמוניקאַט, אין וועלכן מיר זעצן אַראָפּ שלום אַשן פון ערן־פאָרזיצער־אַמט. אונזער טאַט האָבן מיר דערקלערט מיט די גע־העריקע מאָטיוון. דעם קאָמוניקאַט האָבן מיר אָפּגעדרוקט אין דער פאָלקס־צייטונג". ביי דער געלעגנהייט רעדט י. י. טרונק וועגן דער באַ־ציאונג פון בונד צום פּען־קלוב: „דער בונד אין פּוילן איז ניט געבליבן גלייכגילטיק צו די בולטע טענדענצן פון דער פירונג פון פּען־קלוב. אויף די שפּאַלטן פון דער פאָלקס־צייטונג — און איר השפּעה אין פּוילן איז געווען אומגעווייינטלעך גרויס — האָט מען אָנגעהויבן פּאָפּולער צו מאַכן צווישן די יידישע מאַסן די אינסטיטוציע פון יידישע שריפטשטעלער. מען האָט זי פאָרגעשטעלט ווי אַ וויכטיקן מאָראַלישן כוח. עס האָט אוי־סערגעוויינלעך מיטגעווירקט אויפצוהייבן דעם באַטייט פון פּען־קלוב און פון די יידישע שריפטשטעלער ווי אַן אויפבויענדיקער כוח"[31]).

אַ גאָר גרויסע מאַניפעסטאַציע פון דער קרובהשאַפט צווישן בונד און דער יידישער ליטעראַטור איז געווען די פייערלעכע אַקאַדעמיע פון בונד (15טער נאָוועמבער 1937), ביי וועלכער דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט פאַרטיילט אַ צאָל פּרעמיעס־אויסצייכענונגען פאַר די שע־

פערס פון יידישער ליטעראַטור, טעאַטער, סאָציאַלער וויסנשאַפט און פון שול־ און קולטור־געביטן. דער בונד האָט אין יענע טעג געפייערט דעם 40־יאָריקן יובל פון דער פּאַרטיי, און איינע פון די פייערונגען איז געווען אָפּגעגעבן אויף צו פּרעמירן די אויסגערעכנטע צווייגן פון דער יידיש־וועלטלעכער קולטור. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אויסגעטיילט אַ זשורי, וואָס האָט דורך אירע באַזונדערע קאָמיסיעס באַשטימט וועמען צו געבן די אויסצייכענונגען פון בונד. די זשורי איז באַשטאַנען פון ס. דובנאָוו־ערליך, ל. האָדעס, חיים וואַסער, מ. וויינרייך, ש. מענדעלסאָן, עמנואל נאָוואָגרודסקי, ל. פינקעלשטיין, ח. ש. קאַזדאַן און ב. שעפנער. פאַרזיצער פון זשורי און פון דער אַקאַדעמיע איז געווען ש. מענדעלסאָן.

ב. שעפנער, דער פאַרזיצער פון דער ליטעראַטור־קאָמיסיע פון זשורי, האָט ביי דער פייערונג דערציילט: „ווען מיר האָבן זיך פאַרטראַכט וועמען געבן די פּרעמיע, איז ביי אונז אַלעמען געלעגן אויף די ליפּן דער נאָמען פון דעם שניידער־יונג, וואָס האָט זיך פאַרברודערט מיט ווינט און מיט שטורעם... און איז דער ליכטיקער אָנזאָג אין דער בייער יידישער ליטעראַטור — דאָס איז איציק מאַנגער".

ס. דובנאָוו־ערליך, די פאַרזיצערין פון דער טעאַטער־קאָמיסיע, באַגרינדעט דעם באַשלוס וועגן דער טעאַטער־פּרעמיע. „די זשורי, דערציילט זי, האָט באַשלאָסן אויסצוצייכענען דעם אַנסאַמבל, וואָס איז געקנופּט און געבונדן מיט דער מאַסע, פון וועלכער זי שטאַמט און פאַר וועלכער זי שאַפט — דעם געוועזענעם „יונג־טעאַטער". גאָר באַזונדערס שטעלט זי זיך אָפּ אויף דער פּרעכטיקער פאַרשטעלונג פון „טרופּע טאַנענצאַפּ", וועלכע די קאָמיסיע האָט באַזונדערס אויסגעטיילט.

ח. ש. קאַזדאַן, פאַרזיצער פון דער שול־ און קולטור־קאָמיסיע, דערציילט: „די קאָמיסיע האָט באַשלאָסן צו געבן די פּרעמיע דעם פאַרלאַג ‚קינדער־פריינד', וואָס האָט שוין באַוויזן אַרויסצוגעבן 60 גוטע קינדער־ביכער אין 120 טויזנט עקזעמפּלאַרן און דעם זשורנאַל קינדער פריינד אין 90 טויזנט עקזעמפּלאַרן. דעם צווייטן טייל פון דער פּרעמיע האָט די זשורי באַשטימט דעם ד"ר י. ביבער, דעם דירעקטאָר פון געוועזענעם לערער־סעמינאַר און שעפער פון לערנביכער פון אַנאַטאָמיע, פיזיאָלאָגיע און זאָאָלאָגיע.

עמנואל נאָוואָגרודסקי, פאַרזיצער פון דער קאָמיסיע פאַר סאָציאַלע וויסנשאַפטן, האָט באַריכטעט, אַז די זשורי האָט געקענט פּרעמירן נאָר צוויי ביכער: דער וועג צו דער יוגנט פון ד"ר מ. וויינרייך און דער בערש־טער און גאַרבער בונד פון סאָפיע דובנאָוו־ערליך, אָבער ביידע מחברים זיינען געווען מיטגלידער פון זשורי און דעריבער איז די היי־יאָריקע פּרעמיע געשטעלט געוואָרן אין רשות פון דער זשורי און זי וועט איבער אַ יאָר קענען זיין אַ טאָפּלטע.

אונטער אַפּלאָדיסמענטן ענטפערט איציק מאַנגער אויף דער פּרעמיע,

וואָס איז אים צוגעטיילט געוואָרן: „עס אימפּאָנירט מיר נישט די סומע, וואָס איך באַקום, נאָר די הויכע אָנערקענונג פון אַלגעמיינעם יידישן אַר־בעטער־בונד. איר זענט תמיד געשטאַנען אויף דער וואַך און געקעמפט פאַר אונזער וואונדערלעכער פאָלקס־שפּראַך. נישט קיין סקאַרבאָוון דאַנק וויל איך אייך געבן פאַר אייער אויסצייכענען אונזער וואונדערלעכסטע בלום — די יידישע פאָלקס־שפּראַך, נאָר איך זאָג: ליבע חברים! ערנדיק די יידישע ליטעראַטור, ערט איר זיך אַליין".

לעאָ פינקעלשטיין האָט באַגריסט די אַקאַדעמיע אין נאָמען פון פּען־קלוב: „דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון פּאָליטישע פּאַרטייען, איז געקומען אַ פּאַרטיי, בפרט איצט ווען זי פייערט איר גרויסן יום־טוב פון 40־יאָריקן יובל, און אויסגעדריקט איר וואַרעמען געפיל צו דער גרויסער שרייבער־משפחה. עס איז פאַר אונז אַ גרויסער פאַרגעניגן, ווען מיר קענען איצט קומען און אָפן פּראָקלאַמירן: עס איז דאָ אין לעבן אַ באַוועגונג, וואָס פאַרבינדט איר פּאָליטישן קאַמף מיטן קאַמף פאַר דער יידישער ליטעראַטור און קולטור — דאָס איז דער בונד!".

די אַקאַדעמיע האָט אויסגעהערט אַ באַגריסונג פונם יידישן וויסנ־שאַפטלעכן אינסטיטוט. די שריפטלעכע באַגריסונג איז געווענדט צום צענטראַלן קאָמיטעט פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד אין פּוילן, אונטערגעשריבן פאַר דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג פון ייוואָ: מ. ווייַנרייך, ז. רייזען, ז. קאַלמאַנאָוויטש. „צוזאַמען מיטן קאַמף, זאָגט די באַגריסונג, פאַר דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער דערהויבונג פון יידישן אַרבעטער־קלאַס, האָט דער בונד מיטגעהאָלפן אויך דעם אויפבוי פון דער יידישער ליטעראַטור, פון דער יידישער שול, פון די התחלות פון אַ יידי־שער וויסנשאַפט. דאָס איז געשען נישט בלויז דורך דעם, וואָס די אָר־גאַניזאַציע האָט געוועקט אין אירע מיטגלידער דעם פאַרלאַנג נאָך קול־טור און ממילא נאָך אַן אייגענער נאַציאָנאַלער קולטור, — אַזוי אַז די אָרגאַניזירטע מיטגלידער פון בונד און זייַן געזעלשאַפטלעכע פּעריפעריע זייַנען געוואָרן אַ נאַטירלעכע סביבה, וואָס אין איר ווערט געשאַפן מאָדערנע יידישע קולטור. אָפטמאָל איז אויך די דירעקטע אַקציע פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס, צענטראַלע און אָרטיקע, גאָר אַ שטאַרקער אָנהאַלט פאַר די יידישע קולטורעלע אויפטוען".

יהושע פּערלע האָט אין אַ בריוו אין רעדאַקציע פאָלקס־צייטונג אויס־געדריקט זייַן „טיפן דאַנק דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד ווי אויך די מיטגלידער פון זשורי פאַר דעם כבוד, וואָס מען האָט מיר צוגעטיילט מיטן אָנערקענען מייַן בוך יידן פון אַ גאַנץ יאָר פאַר דעם בעסטן פּראָזאַ־אישן ווערק, וואָס איז דערשינען אין פּוילן אין פאַרלויף פון די לעצטע דריי יאָר".

ווי הויך עס איז געשטיגן דער אויטאָריטעט און אָנזען פון בונד צווישן די יידישע ליטעראַטן, זשורנאַליסטן, שוישפּילערס און מאָלערס, האָט גע־

וויזן דער אויפרוף פון 5טן דעצעמבער 1938, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן צו די שטאָטראַט־וואַלן אין וואַרשע. דער אויפרוף האָט געגעבן אַן אָפּשאַצונג פון דער פּאָליטישער לאַגע אין לאַנד, געשילדערט די ראָל פון אָרגאַניזירטן יידישן אַרבעטער־קלאַס און זיין „העראָאישן קאַמף פאַר דער מאָדערנער יידיש־וועלטלעכער קולטור און קעגן דער צעשטערערישער אַסימילאַציע; ער האָט דער ערשטער אַריינגעפירט אין יידיש־געזעל־שאַפטלעכן לעבן — די יידישע שפּראַך ווי אַ באַדייטנדיקן קולטור־פאַקטאָר, אָרגאַניזירט גרויסע קולטור־אינסטיטוציעס, פאַרלייגט אַ נעץ פון יידיש־וועלטלעכע שולן און פאָלקס־אוניווערזיטעטן, געגרינדעט געזעלשאַפטלעכע פאַרלאַגן און ביבליאָטעקן, אַנטוויקלט אַ פּראָגרעסיווע פּאָליטישע און לי־טעראַרישע פּרעסע און געשטאַלטיקט דאָס יידישע קולטור־לעבן בכלל".

דעם דאָזיקן אויפרוף, וואָס האָט אַפּעלירט צו אַלע פריינט פון דער יידישער קולטור זיי זאָלן שטימען פאַר דער קאַנדידאַטן־ליסטע פון בונד און פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראייגען, האָבן אונטערגעשריבן צוויי און פערציק ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, פיר און פערציק שוישפּילערס, פערצן מאָלערס. דער דאָזיקער אויפרוף איז רעפּראָדוצירט אין דעם „היסטאָרישן זאַמלבוך", וואָס בונדיסטן האָבן אַרויסגעגעבן אין וואַרשע אין 1948. צום מאָמענט ווען דער זאַמלבוך איז דערשינען, זיינען שוין די בונדישע אָר־גאַניזאַציעס אין פּוילן ליקווידירט געוואָרן דורך דער הערשנדיקער קאָמו־ניסטישער מאַכט, און דער זאַמלבוך גופא איז דורך איר קאָנפיסקירט געוואָרן [32]).

## די בונדישע פאַרלאַגן

### די וועלט

דער בונד אין פּוילן האָט אָנגעהויבן אַ פאַרלאַג־טעטיקייט נאָך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. דער נאָמען פון פאַרלאַג איז געווען לעבענס־פראַגען. ער האָט אַרויסגעגעבן בערך 2 צענטליק אויסגאַבעס. פון 1921 האָט מען אָנגעהויבן נוצן דעם אַלטן נאָמען פון בונדישן פאַרלאַג אין די צאַרישע צייטן — די וועלט. דער פאַרלאַג די וועלט האָט פאַרעפנטלעכט אַ סך וואָגיקע ווערק — גרעסערע און קלענערע ביכער און בראָשורן פון ש. דיקשטיין, ק. מאַרקס, ק. קאַוטס־קי, ג. עקשטיין, א. באַוער, פ. ענגעלס, י. באָרכאַרד, א. ליטוואַק, מ. טער־מאַן, א. נעמאַנסקי, א. לונאַטשאַרסקי. דער פאַרלאַג האָט אויך אַרויסגעגעבן דריי בענד פון ב. מיכאַלעוויטש — זכרונות פון אַ יידישן סאָציאַליסט, מ. בראָדערזאָן — דער רויטער רייטער (פאַרשטעלונג), וו. מעדעם — פון מיין לעבן, דריי בענד (1929, פּרעמיע צו דער פאָלקס־צייטונג), י. פּאַט — אויף קידוש השם, צוויי בענד, וו. שולמאַן — בלעטלעך געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, מ. טערמאַן — קולטור און דער אַרבעטער־

קלאַס, י. ל. פּרץ — וועבער ליבע, ד. אײנהאָרן — שוואַרץ־רויט (געדאַנקען און בילדער), ה. קונאָוו — די אַנטשטײאונג פון רעליגיע און גלויבן, וו. בעלשע — די ליבע אין דער נאַטור, צוויי בענד, ע. טאָלער — מאַסע מענטש (דראַמע), אַפּטאָן סינקלער — הונדערט פּראָצענט, עד גאָלסוואָרטי — קאַמף (דראַמע), מ. בעער — געשיכטע פון סאָציאַליזם, 5 טײלן, וו. אַלטער — סאָציאַליזם אין קאַמף און צו דער יידן־פּראַגע אין פּוילן, עמנואל שערער — דער יידישער אַרבעטער־קלאַס אין יאָר 1936 און אַנדערע.

אַ וויכטיקער אויפטו פון פאַרלאַג די וועלט איז געווען דער יערלעכער „אַרבעטער לוח", וואָס איז דערשינען אין די יאָרן 1920 — 1926. דער לוח האָט געגעבן דעם פאָלקס־לײענער אַ סך אינפאָרמאַציעס און אַרטיקלען פון יידישן לעבן, פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, פון דער יידישער ליטעראַטור, פון מלוכה־לעבן אין פּוילן, אויך פון נאַטור־וויסנשאַפטלעכע געביטן. דער פאַרלאַג האָט אויך אַרויסגעגעבן אײנמאָליקע זאַמלביכער 25 יאָר בונד, קאַרל מאַרקס זאַמלבוך, דער בונד אין דער רעוואָלוציע פון 1905 — 1906 און אַנדערע.

## פאַרלאַג קולטור־ליגע

מיט דער אַנטשטײאונג און אַנטוויקלונג פון פאַרלאַג קולטור־ליגע, איז די טעטיקייט פון די וועלט געוואָרן אָפּגעשוואַכט און דערפירט צו אַ מינימום. דער פאַרלאַג קולטור־ליגע, ווי דערציילט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל, איז אַריבער אין רשות פון בונד און געוואָרן אַ גרויסע זעלבּ־שטענדיקע אונטערנעמונג. די פירער פון בונד האָבן געשטרעבט צו פאַר־וואַנדלען דעם פאַרלאַג קולטור־ליגע און זײַן צענטראַלן ביכער־לאַגער — אין אַ געזעלשאַפטלעכע קערפּערשאַפט, מיט אינדיווידועלער מיטגלידער־שאַפט און אויך מיט קאָלעקטיווע מיטגלידער (פאַראײנען, בונדישע אינ־סטיטוציעס). פון צייט צו צייט האָט מען גערופן אַלגעמײנע מיטגלידער־פאַרזאַמלונגען פון פאַרלאַג און געוויילט אַ ראַט פון פאַרלאַג ווי אויך אַ פאַרוואַלטונג.

אין ביכער־וועלט פון מאַי 1929 איז אָפּגעדרוקט אַ באַריכט פון אַזאַ אַלגעמײנער פאַרזאַמלונג פון פאַרלאַג און ער גיט אונז אַ בילד פון די אויפטוען און דערגרייכונגען פון פאַרלאַג, ווי אויך זײַנע פּראָבלעמען. צוויי עניינים האָבן באַשעפטיקט די פירערשאַפט פון פאַרלאַג: פּלאַנמעסיקע פאַרלעגערישע טעטיקייט און בעסערע פאַרשפּרייטונג פון יידישן בוך. „דאָס פאַרגאַנגענע יאָר, דערציילט דער באַריכט, האָט באַוויזן, אַז אין ברייטע קרייזן פרייענט פון יידישן בוך אין דער גאַנצער וועלט וואַקסט אַלץ מער דער צוטרוי צום פאַרלאַג קולטור־ליגע. דער צענטראַלער ביכער־לאַגער שטייט אין פאַרבינדונג מיט טויזנטער קונים, סיי בוכהענדלער

און ביבליאָטעקן, סיי פּריוואַטע פּערזאָנען. זיינע פאַרבינדונגען דערגרייכן אַלע יידישע גרעסערע צענטרען און קליינע קיבוצים אין דער גאַנצער וועלט"... „אין פאַרגלייך מיט די פריערדיקע יאָרן איז זיין אָפּזאַץ פאַרטאָפּלט געוואָרן, און אין פאַרגלייך מיט 1927 איז ער געשטיגן אויף 30 פּראָצענט. דער פאַרלאַג האָט אין 1928 אַרויסגעגעבן מיט 30 פּראָצענט מער ביכער, ווי אין 1927. אין 1928 האָט מען אַרויסגעגעבן איבער 900 בויגן דרוק"... „עס ווערט אַרויסגעגעבן דער חודש־זשורנאַל ביכער־וועלט, די ביבליאָטעק נאַטור און קולטור, און עס ווערט אויך צוגעגרייט די אויסגאַבע פון אַ סאָציאַליסטישער ביבליאָטעק. די פאַרזאַמלונג האָט געוויילט אַ ראַט פון 9 פּערזאָן און דריי קאַנדידאַטן. אין דעם נייעם ראַט גייען אַריין: שלום אַש, ד"ר מ. זילבערפאַרב, וו. אַלטער, י. פּאַט, ש. מענדעלסאָן, ח. ש. קאַזדאַן, ש. זיגעלבוים, א. קאַסטעלאַנסקי, ש. גילינסקי, ל. אַלער, א. סטאָלאַר, ח. פּיזשיץ".

די ציש"אָ האָט אין די ערשטע יאָרן פון איר טעטיקייט אויך געהאַט אַן אייגענעם פאַרלאַג, אונטערן נאָמען שול און לעבן, וואָס האָט פאַרעפנטלעכט אַ היפּשע צאָל לערן־ביכער און אַלגעמיינע ווערק. אין 1925 — 1926 באַשליסט די ציש"אָ צו ליקווידירן איר פאַרלאַג און איבערגעבן זיינע פונקציעס דעם פאַרלאַג קולטור־ליגע. דער לעצטער באַקומט פון דער ציש"אָ באַשטעלונגען, פּלענער און רעקאָמענדאַציעס, וואָס נעמען אַריין לערן־ביכער פאַר דער שול און אויך לייען־ביכער פאַר די תלמידים. דער פאַרלאַג קולטור־ליגע גיט אַרויס 12 לערן־ביכער און פּעדאַגאָגישע ווערק פאַר לערער, ווי אויך אַ ספּעציעלע שול־ביבליאָטעק — עטלעכע צענטליק ביכלעך פון יידישע און ניט־יידישע שרייבער, צוגעפּאַסט פאַר דער שול־אַרבעט, מיט דער כוונה זיי זאָלן פאַרטרעטן די לערן־כרעסטאָמאַטיעס. נאָכן טויט פון פאַרזיצער פון ציש"אָ, יוסף לעשטשינסקי (30טער יולי 1935), שאַפט די ציש"אָ אַ כמורנער־פאָנד אויף אַרויסצוגעבן קינדער־ און לערן־ליטעראַטור פאַר די שולן. פאַר די 4 יאָר ביזן נאַצי־קריג האָט דער כמורנער־פאָנד אַרויסגעגעבן 22 ביכער — אַלע זיינען דערשינען אין פאַרלאַג קולטור־ליגע.

אויך דער ייוואָ האָט די ערשטע עטלעכע יאָר פון זיין אַרבעט אַרויסגעגעבן זיינע וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבעס דורך דעם פאַרלאַג קולטור־ליגע: היסטאָרישער זאַמלבוך, עקאָנאָמישער זאַמלבוך, ביבליאָגראַפישע יאָרביכער.

אַזוי אַרום איז אויסגעוואַקסן די פאַרצווייגטע אַרבעט פון פאַרלאַג קולטור־ליגע. אין נומער 2 ביכערוועלט פון 1929 לייענען מיר: „ווי אַ דאָרן אין אויג איז געווען דער פאַרלאַג קולטור־ליגע פאַר די פּריוואַטע קאָנקורענטן זיינע. מיט פאַרשיידענע סוחרישע שפּיצלעך און היטערפּיסלעך האָבן זיי אים געפּרואווט די לעצטע יאָרן אַוועקליי גן, מיט אמת סוחרישער 'עטיק' איז מען פאַרלאָפן אַלע וועגן,

געלאָזן אין גאַנג געווער פון כלומרשטער אומפּאַרטייאישקייט — אומזיסט אַלע באַמיאונגען. דער פאַרלאַג קולטור־ליגע שטייט פעסט, זיינע טויער מעגן שטאָלץ זיין״... „דער פאַרלאַג קולטור־ליגע איז איצט אַ געזעל־שאַפטלעכע אינסטיטוציע, אַנגעשלאָסן אין די קאָאָפּעראַטיוון פון דער קרעדיט־צענטראַלע. קולטור־ליגע איז איצט אַ פּראָלעטאַרישער אַנשטאַלט, ריין און ציכטיק, אידייאיש און געזעלשאַפטלעך פאַראַנטוואָרטלעך״.

די הויפּט־זאָרג פון פאַרלאַג איז געווען דאָס פאַרקויפן די ביכער, און ניט בלויז זיינע אייגענע אויסגאַבעס, נאָר אויך פון אַנדערע פאַרלאַגן. אויך פון ניט־אָנגעשלאָסענע. די ביכער־פאַרשפּרייטונג איז אַזוי אַרום צענטראַליזירט געוואָרן. דער אַלגעמיינער קאַטאַלאָג פון דעם פּאַראיי־ניקטן צענטראַלן ביכער־לאַגער איז אַליין פאַר זיך געווען אַ גרויס געשעעניש.

**
*

זייער גרויס איז די פולע רשימה־ביכער, וואָס דער פאַרלאַג קולטור־ליגע האָט אַרויסגעגעבן פאַר די יאָרן פון זיין עקזיסטענץ. איך וועל זיך באַמיען צו פאַרצייכענען דאָ די בעמען פון די מחברים, פון וועלכע דער פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן אַ גרעסערע צי אַ קלענערע צאָל ווערק. פאַר־שטייט זיך, אַז דאָס וועט ניט זיין קיין אויסשעפּנדיקע און ביבליאָגראַפישע רעגיסטראַציע.

בעלעטריסטיק: שלום אַש (20 בענד); ש. האָראָנטשיק (3 בענד); ה. ד. נאָמבערג (9 בענד); י. י. טרונק (3 בענד); ד. מיצמאַכער, ב. גלאַזמאַן, י. אָפּאַטאָשו, י. פּערלע, מ. ל. האַלפּערן, מ. קולבאַק, מנחם, ח. זשיטניצקי, ד. איינהאָרן, י. רייזפעדער, ב. שעפנער, פּ. הירשביין, ל. אַליצקי, עוזר וואַרשאַווסקי.

איבערזעצונגען: איליאַ ערענבורג (2 בענד); ראָמען ראָלאַן (3 בענד); א. טשעכאָוו (2 בענד); מ. גאָרקי, ב. קעלערמאַן, ס. לאַגערלעף, ל. סיי־פולינאַ, מ. מעטערלינק, קנוט האַמסון, נאַטאַן אַש, פעליקס האַלענדער, ג. דע מאָפּאַסאַן, אַלעקסיי טאָלסטאָי, פעליקס סאַלטען, וו. פריטשע — געשיכטע פון דער מערב־אייראָפּעאישער ליטעראַטור (יידיש: ד. ב. מאַלקין).

יידישע געשיכטע און ליטעראַטור: ש. דובנאָוו (6 בענד); ח. וויל־טשינסקי, י. שיפּער, מאַקס עריק, מ. גידעמאַן, ז. רייזען — היסטאָרישע שריפטן (ייוואָ), שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק (ייוואָ).

לערנביכער: ש. אַבראַמסאָן (געאָגראַפיע פון פוילן); ש. גיליגסקי (אַריטמעטישער רעכנבוך, 4 ב׳); ח. ש. קאַזדאַן און י. פּאַט (יידיש פאַרן צווייטן לערנריאָר); ד״ר ר. מאהלער און ע. רינגעלבלום (מקורים צו דער געשיכטע פון יידן אין מזרח־אייראָפּע); ב. באַטש, א. גאָלאָמב (פּראַקטישע אַרבעט אויפן נאַטור־לימוד); י. ביבער (פרילינג, פאַרן 5טן קלאַס); ל.

אַליצקי, מ. טייכמאַן, נ. מירער — (יידיש, 4טער קלאַס); ל. האַלפּערן און י. ראַטענבערג (יידיש 5טער קלאַס); י. ראַטענבערג, נ. מירער, ח. ברוידע (מענטש און אַרבעט, 6טער קלאַס, 7טער קלאַס); נ. מירער (די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע); י. מעלאַמדאָוויטש (רעכנביכער, 2טער קלאַס, 3טער קלאַס, 5טער קלאַס); נ. מירער (געשיכטע, דריטער טייל); ג. פּלודערמאַכער (יידישע געשיכטע אין ליטעראַרישע מוסטערן); ח. ש. קאַזדאַן (מעטאָדיק פון דער יידישער שפּראַך); ח. אפרתי (געשיכטע פון יידן אין מזרח־אייראָפּע); י. רובין (פּעסטאַלאָצי).

סאָציאַלע פראַגן: ס. דובנאָוו־ערליך (גאַרבער־בונד און בערשטער־בונד); ל. נ. טאָלסטאָי (אין ליכט פון מאַרקסיזם, זאַמלבוך); מ. קליגס־בערג (יוגנט־פּסיכאָלאָגיע און סאָציאַליסטישע דערציאונג); אויגוסט בע־בעל (די פרוי און סאָציאַליזם); ק. מאַרקס און פ. ענגעלס (קאָמוניסטישער מאַניפעסט, איבערזעצט י. כמורנער, באַגלייט מיט אַ צאָל גרעסערע אַר־טיקלען); ב. שפּינאָזאַ (די עטיק); ה. בערגסאָן (אַריינפיר אין דער מעטאַ־פיזיק).

נאַטורוויסנשאַפט: ה. שמידט — דאָס וועלט־בילד לויט דער טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט; י. יאַשונסקי — נאַטור און מענטש; גרויסע מענטשן, גרויסע מעשים; פאָפולער־וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק נאַטור און קולטור אונטער דער רעדאַקציע פון י. יאַשונסקי, 18 ביכער, איבערזעצונגען; א. סטראַטאָנאָוו, ג. ג. שטעכער, ב. וויזנער, י. לעמאַן, ס. פאראר עדיסאָן, א. א. נעמילאָוו און אַנדערע.

# מקורים און באמערקונגען

1) דער גאַנצער פאַקטן־מאַטעריאַל פון דער אָפּטיילונג וועגן צישאַ און איר שול־וועזן איז באַזירט אויף מיין גרויסער אָפּהאַנדלונג „די צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע און איר שולוועזן" — אין מיין בוך „די געשיכטע פון יידישן שולוועזן אין אומאָפּהענגיקן פוילן", מעקסיקע 1947, אַרויסגעגעבן דורך „קולטור און הילף".

2) לעבענס־פראַגען, נומ. 35, 27 סעפטעמבער 1916, וואַרשע.

3) גרשון פּלודערמאַכער: אַ פאַרגעסענע צוואה, ליטעראַרישע בלעטער, נומ. 4, 1931.

4) וו. מעדעם: זכרונות און אַרטיקלען, פאַרלאַג יודיש, וואַרשע 1918, ז. 107.

5) עמנואל נאָוואָגרודסקי: יידישע שפּראַך, קולטור און אויטאָנאָמיזם, אין אונזער צייט, אויגוסט־סעפּטעמבער 1968, ניו־יאָרק.

6) דוד מייער: די אַרבעטער־געזעלשאַפט „אונזערע קינדער" און צו דער געשיכטע פון דעם יידיש־וועלטלעכן שולוועזן אין פוילן, ביילאַגע צום זשורנאַל פון צישאָ — שולוועגן, נומ. 4־5 1938, וואַרשע.

7) היסטאָרישער זאַמלבוך, מאַטעריאַלן און דאָקומענטן, צושטייער צו דער געשיכטע פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד זז. 73 — 78, וואַרשע 1948.

8) די פולע באַשרייבונג פון דער ציוניסטישער העצע און פון דער צישאָ־קעגן־קאַמפּאַניע איז געגעבן אין דער אַרבעט פון ה. גרינבוים „די קאַמפּאַניע פון 'היינט' קעגן די יידיש־וועלטלעכע שולן אין פוילן" — שולוועגן אָקטאָבער 1938, דעצעמבער 1938 און יוני 1939 — ביילאַגע צו די שולוועגן: צו דער געשיכטע פון דעם יידיש־וועלטלעכן שולוועזן אין פוילן.

9) פּאַריס, יאַנואַר 1958, מעקסיקע.

10) ג. פּלודערמאַכער: דער מאָדערנער יידישער שול־וועזן אין ווילנע אין שולוועגן נומ. 4 — 5 1938 (זאַמלבוך זז. 16 — 32), וואַרשע.

11) אין 1971 איז דערשינען דאָס „מעדעם־סאַנאַטאָריע־בוך". אין גרעסערע אָפּהאַנדלונגען איז דאָ געגעבן די פולע געשיכטע פון דער סאַנאַטאָריע, איר אַנטוויקלונג, אירע פּעדאַגאָגישע יסודות און דערציערישע דערגרייכונגען, און איר טראַגישע פאַרניכטונג דורך די נאַציס. אין איצטיקן קאַפּיטל פאַרצייכענען מיר נאָר די הויפּט־מאָמענטן אין דער געשיכטע פון דער סאַנאַטאָריע.

12) יוסף גליקסאָן: יונג־טעאַטער אין יידישער טעאַטער אין אייראָפּע צווישן ביידע וועלט־מלחמות, ז. 129, ניו־יאָרק 1968.

13) זע 12, זז. 144—145.

14) מ. פערענסאָן: דראַמאַטישע קרייזן און טעאַטער־סטודיעס, זע 12, ז. 315.

15) י. ש. הערץ: די געשיכטע פון אַ יוגנט, זז. 286—287, ניו־יאָרק 1946.

16) בערנאַרד גאָלדשטיין: 20 יאָר אין וואַרשעווער „בונד", ז. 159, ניו־יאָרק 1960.

17) דער נומער 2 „בלעטער פון קורס פון יידישיסטיק" ביים פאָלקס־אוניווערזיטעט קולטור־ליגע — האָט געהאַט אַרבעטן פון די צוהערער: דיטערמאַן, ראַפּאָפּאָרט, דימאנט, קאָן, חווה זאַלצמאַן, יוסף זאַלצמאַן, גרינפּאַס, לאָקעטש, מילבערג, אייכענבוים.

18) וואַכנשריפט, 6 פעברואַר 1931, וואַרשע.

19) זע 16, ז. 155.

20) אונזער צייט, מערץ 1945, ניו־יאָרק. דאָס זעלבע דערציילט ה. קרוקס ברו־דער, פנחס שוואַרץ, אין דער ביאָגראַפישער אָפּהאַנדלונג אין ה. קרוקס טאָגבוך פון ווילנער געטאָ, ייוואָ, 1961, ניו־יאָרק.

21) פון עמנואל נאָוואָגרודסקיס כתב־יד. אויך אונזער צייט, אויגוסט־סעפּטעמבער 1968, ניו־יאָרק.

22) ליטעראַרישע בלעטער, 11 נאָוועמבער 1927, וואַרשע.

23) פון נאָענטן עבר, באַנד 2, ניו־יאָרק 1956.

24) זע 23, ז. 406.

25) די רשימה פון ס. בלאָנדס ראָמאַנען־איבערזעצונגען גיבן אונז אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם אינטערעס און געשמאַק פון די יידישע לייענער, באַזונדערס פון די יונגע אונטערגעוואַקסענע דורות: אייפּטאָן סינקלער — הונדערט פּראָצענט; הענריק שענקע־וויטש — יאַנקאָ מוזיקאַנט; רענע טעוונענס — טיגיאל און זיין וואַלפיש; ק. פעדין — שטעט און יאָרן; וו. וויניטשענקאָ — הונגער; ב. קעלערמאַן — די ברידער שעלענבערג (געדרוקט אין העפטן ווי אַ פּרעמיע צו דער פאָלקס־צייטונג, אין 1929 אַרויס ווי אַ באַזונדערע אויסגאַבע); קאָולס — דער טויט פון אַ מיליאָנער; אַלעקסיי טאָלסטאָי — די רויטע שטראַלן (באַזונדערע אויסגאַבע אין 1929); פלאָהערטיס — די נאַכט פון פּאַראַט; ראָמאַנאָוו — ליבע; מאיעס — אַ קרבן פון זיין פאַך; ביעליך און פאַנטעלעיעוו — די רעפּובליק שקיד; גלעזער — יאָרגאַנג 1902; י. ראָט — איוב; דאָלארד — אָריענט עקספּרעס; ברידזש — אַ מיליאָנער אויף צען טעג; וואטעל — דער פאַרפיומען קעניג; פ. רייט — דער אונטערגאַנג פון פּראָג; לאַרעטאַ — דאָן ראַמיראָ; ב. פּילניאַק — אַ מענטש ווערט געבוירן; גלאַדקאָוו — ליובאַשעס טראַגעדיע; גרעטש — מיר זוכן אַ לאַנד; הערמינע צור מיהלען — אונזערע טעכטער די נאַציס; יאַקאָבי — קעגן די קריגס־הערן; פּיטער מאַי — דאָס אַמע־ריקאַנער מיידל; סינקלער — וויליאַם פאַקס; ניומאַן — באַצאָלט מיטן לעבן; ראָטה — ווידוי פון אַ מערדער; הארוואס — אַ קינד פון אונזער צייט; קאַטשער — איקאָנגע שטאַרבט ניט; שיקאור — דער ערשטער מאַן; קווין — נאָך האַלבער נאַכט; עריקא מאַן — פינף מיליאָן קינדער; ריינער — מאַניע; חערעסאַיעוו — שוועסטער; ווערא געטשינסקא — נאטקא מיטשורין.

26) ביבליאָגראַפיע פון אויסגאַבעס אַרויסגעגעבן דורך די אַרבעטער פאַרטייען אין פּוילן אין די יאָרן 1918 — 1939, צונויפגעשטעלט און באַאַרבעט פון ישראל שיין, וואַרשע 1963.

27) זע 15, ז. 347 א. וו.

28) ש. ניגער: בלעטער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, זז. 353 — 360 (די ציטירטע אַרטיקלען זיינען בשעתו געווען געדרוקט אין ניו־יאָרקער זשורנאַל די צוקונפט).

29) זע 23, ז. 359.

30) בער י. ראָזען: טלאָמאַצקע 13, ז. 23, בוענאָס איירעס 1950.

31) י. י. טרונק: פּוילן, באַנד 7, זז. 197 — 198, ניו־יאָרק 1953.

32) דער פולער נאָמען פון דער אויסגאַבע איז: היסטאָרישער זאַמלבוך — מאַטעריאַלן און דאָקומענטן צושטייער צו דער געשיכטע פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד, וואַרשע 1948, פאַרלאַג רינגען, 196 זייטן פון גרעסערן פאָרמאַט.

# צעטל ווכ

## 1. נעמען פון מענטשן

### א.



### ב.

## ה.



## ו.



## ז.

## מ.



## נ.

**ש.**



## 2. נעמען פון שטעט

**א.**



**ב.**

# פאַרלאַג „אונזער צייט"

י. י. טרונק — פוילן ב' I, 252 זייטן (אויספאַרקויפט) — — $2.00

י. י. טרונק — פוילן ב' II, 318 זייטן — — — — — — — — 2.50

י. י. טרונק — פוילן ב' III, 288 זייטן (אויספאַרקויפט) — 2.50

י. י. טרונק — פוילן ב' IV, 304 זייטן טעקסט,

8 זייטן בילדער (אויספאַרקויפט) — — — — — 3.00

י. י. טרונק — פוילן ב' V, 308 זייטן (אויספאַרקויפט) — — 3.00

י. י. טרונק — פוילן ב' VI, 244 זייטן טעקסט,

4 זייטן בילדער — — — — — — — — — — 3.00

י. י. טרונק — פוילן ב' VII, 280 זייטן טעקסט,

5 זייטן בילדער — — — — — — — — — — 3.00

י. י. טרונק — קוואַלן און ביימער, 472 זייטן — — — — — — 4.00

י. ש. הערץ — די געשיכטע פון אַ יוגנט, 592 זייטן טעקסט,

48 זייטן בילדער — — — — — — — — — 3.50

י. ש. הערץ — די יידן אין אוקראַינע, 262 זייטן — — — — — 3.00

י. ש. הערץ — הירש לעקערט, 132 ז' טעקסט, 8 ז' בילדער — 1.50

י. ש. הערץ — די געשיכטע פון בונד אין לאָדזש, 504 ז' טעקסט

32 ז' בילדער — — — — — — — — — — 4.00

לייבעטשקע בערמאַן — אין לויף פון יאָרן, 386 ז' טעקסט

38 בילדער — — — — — — — — — 2.50

זיגעלבוים־בוך — 408 זייטן טעקסט, 9 זייטן בילדער — — —

(אויספאַרקויפט) — 3.00

בערנאַרד גאָלדשטיין — 5 יאָר אין וואַרשעווער געטאָ,

500 זייטן טעקסט, 24 זייטן בילדער — 3.50